# אהרן ראָזמאַרין׳ס תנ״כ-ענציקלאָפּעדיע

## פּערזענליכקייטן

לויט תלמוד, מדרש, אגדה, זהר,
קבלה ליטעראַטור, ראשונים און אחרונים

# ספרים און ביכער
## פון
## אהרן ראָזמאַרין

**אברהם אבינו'ס לעבן און שאַפונג**

לויט תלמוד, מדרש, אגדה, זהר, קבלה ליטעראַטור, ראשונים און אחרונים [אין אידיש], פרייז .................. $ 5.00

**משה רבינו'ס לעבן און שאַפונג**

לויט תלמוד, מדרש, אגדה, זהר, קבלה ליטעראַטור, ראשונים און אחרונים [אין אידיש], פרייז .................. $ 5.00

**אהרן ראָזמאַרין'ס תנ"כ ענציקלאָפעדיע, פערזענליכקייטן פראַגעס און ענטפערס**

לויט תלמוד, מדרש, אגדה, זהר, קבלה ליטעראַטור, ראשונים און אחרונים [אין אידיש], צוויי בענדער, פרייז: אַ באַנד $ 10.00

**געדאַנק און חכמה**

געדאַנקען אויף אַלע סדרות [אין אידיש], פרייז ...... $ 6.00

**לכבוד שבת**

דרשות אויף אַלע סדרות [אין אידיש], פרייז ....... $ 6.00

**דער סאַטמאַרער רבי נר"ו** ......................... $ 5.00

**אַן ענטפער**

צו דער פאָלעמיק אַרום דעם אידישען טעאָלאָגישן סעמינאַר [אין אידיש], פרייז ........................... $ 1.00

**פרום אידנטום, שטעה אויף פון דיין היהנער־פלעט שלאָף** $ 1.00

**די שעהנקייט פון אידענטום**

[אין אידיש], פרייז ............................. $ 2.25

**GOLDEN RULES**

**אינהאַלט דער זעלבער ווי אין „די שעהנקייט פון אידענטום"**

[אין ענגליש], פרייז ............................ $ 2.50

**DO YOU KNOW THIS ONE?**

פראַגעס און ענטפערס פאַר אַלט און יונג [אין ענגליש], פרייז ........................................ $ 1.00

**MOSES IM LICHTE DER AGADA**

אַ פולשטענדיקע ביאָגראַפיע פון משה רבינו לויט תלמוד, מדרש, אגדה, זהר, קבלה ליטעראַטור, ראשונים און אחרונים [אין דייטש], פרייז ............................ $ 3.00

**דער תנ"כ דערצעהלט**

[אין אידיש] נייע אויפלאַגע אין דרוק

OM PUBLISHING CO.
22 Ludlow St., New York 2, N. Y.
Tel.: ALgonquin 4-6087

# אהרן ראָזמאַרין'ס




# ענציקלאָפעדיע

## פערזענליכקייטן

### פראגעס און ענטפערס

לויט תלמוד, מדרש, אגדה, זהר,
קבלה ליטעראַטור, ראשונים און אחרונים

צווייטער באַנד



אום פּאַבלישינג קאָ.
ניו יאָרק, נ. י.
תשכ"ז




# PERSONALITIES

## QUESTIONS AND ANSWERS

In the Light of

TALMUD, MIDRASH, AGADAH,
ZOHAR, KABALAH LITERATURE
and
SEQUENT RABBINIC LITERATURE

Volume II



OM PUBLISHING COMPANY
New York, N. Y.
1967

# מאמרי חז"ל,[א]

קוצותיו תלתלים (שיר השירים ה, יא) ...מלמד שיש לדרוש על כל קוץ וקוץ תילי תילים של הלכות. (עירובין כא, ב׳

אל יהי המשל הזה קל בעיניך שעל ידי המשל הזה אדם יכול לעמוד בדברי תורה.
(שיר השירים רבה, פרשה א)

# דרוש וקבל שכר

(סוטה מד, א; סנהדרין עא, א; זבחים מה, א)

לשעבר כשהיתה הפרוטה מצויה, היתה נפש האדם מתאוה לשמוע דבר הלכה, ועכשיו שאין הפרוטה מצויה, נפש האדם מתאוה לשמוע דבר אגדה. (סופרים פרק טז)

רצונך שתכיר מי שאמר והיה העולם, למוד הגדה שמתוך כך אתה מכיר את הקדוש ברוך הוא ומדבק בדרכיו.
(ספרי עקב, פיסקא מט)

---

א) חכמינו זכרונם לברכה.

# אינהאַלט



## אדם הראשון, דער סאַמע ערשטער מענטש
## איין לייטונג צו דעם מענטש בעשאַף



## דער ערשטער טאָג

## דער צווייטער טאָג



## דער דריטער טאָג



## דער פערטער טאָג



## דער פיפטער טאָג



## דער זעקסטער טאָג



* * *

## בעשאַפונגען נישט רעקאָרדירט אין דער תורה

# אין קורצן



## אדם הראשון, דער סאַמע ערשטער מענטש
### איין לייטונג צו דעם מענטש בעשאַף

# דער ערשטער טאָג

זייט

„תוהו ובוהו״, וויסטקייט און לעהרקייט 197

**פינצטערניש** .................... 198

וועלכעס איז געוואָרן בעשאַפן פריער, ליכט צי פינצטערניש. פון וואַנען [וואַנעט] אורשפּרונגט פינצטערניש. וועלכעס איז געוואָרן בעשאַפן פריער, פינצטערניש צי די וועלט. פון וואַנען האָט ער געבראַכט דאָס פינצטערניש אויף מצרים?

**רוח, גייסט, לופט, ווינט** .......... 201

וואָס מיינט רוח. וויפל סאָרטן רוח, רוחות זיינען דאָ. ווען איז רוח געוואָרן בעשאַפן?

**ליכט** ............................ 201

פאַר וואָס איז נישט געוועזן ליכטיקייט. וועלכעס איז געוואָרן בעשאַפן פריער, ליכט צי די וועלט. ווען איז דאָס ליכט געוואָרן בעשאַפן, ווי אַזוי איז עס געקומען צו שטאַנד, ווי שטאַרק איז עס געווען, ווי לאַנג האָט עס געדויערט, וואָס איז געוואָרן פון דעם, וואו האָט דער בעשאַפער בעהאַלטן עס, פאַר וואָס האָט ער בעהאַלטן עס. האָבן די פיר אַלף׳ן פון „ויאמר אלקים יהי אור ויהי אור״,

זייט

און פון „וירא אלקים את האור כי טוב״ עפּיס ספּעציעלע באַדייטונגען?

**טאָג און נאַכט** .................. 206

פאַר וואָס האָט ער גערופן ליכטיקייט „טאָג״ און פינצטערניש „נאַכט״. פאַר וואָס זאָגט דער פסוק „ויהי ערב ויהי בוקר יום אחד״, און סע איז געווען אָוונט, און סע איז געווען פרי מאָרגן איין טאָג, און נישט ויהי בוקר ויהי ערב... ביי די אַנדערע טעג פון דעם וועלט בעשאַף שטעהט יום שני, יום שלישי, דער צווייטער טאָג, דער דריטער טאָג... פאַר וואָס זשע שטעהט ביי דעם ערשטן טאָג „יום אחד״, איין טאָג, און נישט יום ראשון ערשטער טאָג. דער וועלט בעשאַפער איז אַ שומר שבת, לייגט תפילין, האָט ער געבויעט אויך אַ סוכה פאַר זיך. וואָס פאַר אַן איין דרוק האָבן די בעשאַפונגען פון דעם ערשטן טאָג געמאַכט אויף דעם בעשאַפער. וועלן אַלע בעשאַפונגען פון דעם ערשטן טאָג עקזיסטירן אייביק. זיינען אַלע זעקס טעג פון דעם וועלט בעשאַף גלייך וויכטיק. האָבן די פסוקים וועלכע דערצעהלן וועגן ערשטן וועלט בעשאַף טאָג אַן אַלעגאָרישן אויס טייטש?

## דער צווייטער טאָג

**דער הימל פאַר שפּרייט** .......... 210

דער בעשאַפער האָט געזאָגט „יהי רקיע״, דער הימל איז דאָך שוין געוואָרן בעשאַפן דעם ערשטן טאָג. וואָס מיינט „יהי רקיע ׳בתוך׳ המים״. דער בעל התהילים און חז״ל האָבן שוין געוויסט אַז סע איז פאַראַן וואַסער אויבן. ווי אַזוי האָבן די וואַסערן רעאַגירט אויף דעם בעשאַפערס באַפעהל זיי זאָלן טיילן זיך אויף צוויי העלפטן, איין טייל זאָל שטייגן אַרויף, דער צווייטער זאָל נידערן אַראָפּ. אויף וואָס האַלטן זיך די אייבערשטע וואַסערן. איז פאַראַן אַן אונטער שייד צווישן די אייבערשטע און די אונטערשטע וואַסערן. צו וואָס זאָגט דער פסוק „ויהי כן״. וואָס געפינט זיך אין דעם צווייטן הימל. וואָס מיינט „יום שני״. פאַר וואָס שטעהט נישט „כי טוב״ ביי דעם צווייטן טאָג, אַזוי ווי סע שטעהט ביי די אַנדערע טעג?

**גיהנם** .......................... 215

וואָס איז געוואָרן בעשאַפן פריער, גיהנם צי גן עדן. פאַר וואָס איז געוואָרן בעשאַפן דער גיהנם. פאַר וועמען איז דער גיהנם. ווי לאַנג ווערן רשעים גע׳משפט אין גיהנם. קאָן אַ רשע אַ מאָל אַרויס פון דעם

# פאַרשידענע מלאכים

## דער דריטער טאָג



וואָס פאַר אַן אַרבעט האָט ער אָן געהויבן דעם דריטן טאָג. ווען האָט ער באַפֿעהלט די וואַסערן צו איין זאַמלען זיך. ווער האָט געלויבט אים איידער די וואַסערן האָבן געטון עס. וואָס איז געווען די וואַסערס לויב. וואָס פאַר איין איינדרוק האָט דאָס לויבן פון די וואַסערן געמאַכט אויף דעם בעשאַפער. וואָס מיינט „יקוו המים". פון וואַנען זיינען די וואַסערן געוואָרן אויס געליידיגט און וואוהין. ווי הויך זיינען זיי געווען. ווי אַזוי איז צו געגאַנגען די וואַסער איין זאַמלונג. פון וואַנען האָבן די וואַסערן געוויסט וואוהין צו פערזאַמלען זיך. דער גאַנצער אוניווערס איז דאָך געווען „וואַסער אין וואַסער", וואָס זשע מיינט דער פסוק „זיי זאָלן איין זאַמלען זיך אין איין אָרט". ווער אָדער וואָס האָט איין געזאַמלט זיי. וואָס איז געווען אויף דעם וואַסערלאָזן אָרט. האָט די טריקעניש אַ נאָמען. פאַר וואָס האָט ער גערופן די טריקעניש ארץ. האָט די וואַסער איין זאַמלונג געהאַט אַ נאָמען. ווי אַזוי איז געוואָרן בעשאַפן דער ים. פאַר וואָס געהט דער ים נישט אַרויס פון זיינע ברעגעס. ווי אַזוי האָט דער בעשאַפער בעטראַכט זיין איין אָרדענען דאָס וואַסער און די ערד. וואָס איז דער אונטער שייד פון דשא און עשב. וואָס מיינט „מזריע זרע", „עץ פרי עושה פרי למינו". האָבן די ביימער געהאַט דעם זעלבן טעם ווי די פרוכט. ווי אַזוי האָט דער בעשאַפער רעאַגירט אויף דער ערדס נישט פאָלגן צו פראָדוצירן ביימער וועלאַכע זאָלן האָבן דעם זעלבן טעם ווי די פרוכטן. וואָס מיינט „זרעו בו". פאַר וואָס שטעהט נישט „למינו" ביי די גראָזן. איז פאַראַן אַן אָן ווינק, אַז יעדער גרעזעלע האָט אַ מזל אין הימל. ווען האָבן די ערד און די ביימער אָן געהויבן צו פראָדוצירן. פאַר וואָס שטעהט צוויי מאָל „כי טוב" ביי דעם דריטן טאָג. זיינען געוואָרן בעשאַפן דעם דריטן טאָג זאַכן וועלאַכע זיינען נישט רעקאָרדירט אין דער תורה? יאָ: דער גן עדן, איילבירט בוימל, דער ים, אייזן.

## דער פערטער טאָג



פאַר וואָס שטעהט „אור" ביי דעם ערשטן טאָג און „מאור" ביי דעם פערטן טאָג. אין וואָס פאַר אַ צייט האָט דער בעשאַפער געזאָגט „יהי מאורות". ליכט איז דאָך געוואָרן בעשאַפן דעם ערשטן טאָג, פאַר וואָס זשע האָט ער באַפוילן דעם פערטן טאָג „יהי מאורות" סע זאָלן זיין ליכטער. פאַר וואָס שטעהט „מארת" אָהן אַ „ו". צו וואָס זיינען געוואָרן בעשאַפן די ליכטער. פאַר וואָס טייטשט רש"י ז"ל „להאיר על הארץ, **לעולם** די וועלט. פאַר וואָס שיינט נישט די זון ביי נאַכט. זיינען די זון און די לבנה געווען גלייך. איז פאַראַן אַן ענליכער אויסדרוק ווי „אין שני מלכים ..." פאַר וואָס איז די לבנה געוואָרן פאַרקלענערט, ער האָט דאָך געקאָנט פאַרגרעסערן די זון. וואָס האָט געטון די זון, ווען די לבנה האָט באַקלאָגט זיך. אין וועמענס זכות זיינען זון און לבנה גע־

וועו האָט געדופן איס מן. וואָס מיינט מן. האָט דער מן נאָך באַצייכענונגען. אין וועמענס זכות האָט „גערעגנט" אַראָפּ מן. פאַר וואָס האָט די תורה אויס געקליבן צו דערצעהלן וועגן אברהם אבינו'ס גאַסט פריינדליכקייט גרוד דאָ. ווי גרויס איז די זינד פון נישט מקיים זיין די מצוה פון הכנסת אורחים, באַזאָרגן אָרימע לייט מיט עסן און אַ געלעגער. וואָס האָבן די אידן געעסן פון זייער פאַרלאָזן מצרים ביז דעם מן. וויפל מאָלצייטן האָבן די אידן געעסן פון דעם געטריקנטן געבעקס וואָס זיי האָבן מיט גענומען פון מצרים. וואָס פאַר אַ טעם האָט געהאַט דאָס געטריקנטע געבעקס. „ממטיר" איז דאָך די טייטש „רעגענען", און דער מן איז דאָך נישט געווען אַ פליסיקייט. פאַר וואָס גרוד צוועלף קוואַלן און זיבעציק טייטל ביימער. געוויינטלאַך נידערט ראַסע, טוי, אַראָפּ, און ברויט, תבואה, וואַקסן אַרויף; און ביי דעם מן איז דאָך געווען פאַרקעהרט „ממטיר... לחם", סע האָט „גערעגנט" אַראָפּ ברויט, „ותעל שכבת הטל", און טוי האָט אויף געהויבן זיך. „הנני ממטיר... לחם", סע האָט דאָך גענידערט אַראָפּ מן נישט ברויט. וואָס מיינט: דער מן איז געפאַלן אַראָפּ „יום ביומו", „למען אנסנו הילך בתורתי...", ווי אַזוי האָט דער בעשאַפער געקאָנט פריוון דורך דעם מן צי די אידן וועלן היטן אָפּ די תורה. פאַר וואָס איז די תורה געוואָרן געגיבן גרוד „לאוכלי המן", צו די מן עסערס. אויף איין אָרט זאָגט די תורה „ותעל שכבת הטל" סע האָט אויף געהויבן זיך אַ טוי שיכט, און אויף אַן אַנדער אָרט שטעהט „וברדת הטל", דער טוי האָט גענידערט אַראָפּ, ווי ערקלעהרט דאָס זיך. וואָס מיינט „דק מחספס". וואָס מיינט „דק ככפור". ווען האָט דער מן אָן געהויבן צו נידערן אַראָפּ. אין וואָס פאַר אַ טאָג אין



דער וואָך האָט ער אָן געהויבן צו פאַלן אַראָפּ. האָט ער גענידערט אַראָפּ אין שבת, ימים טובים. וואָס מיינט „ברכו במן וקדשו במן". אין וואָס פאַר אַ צייט פון טאָג האָט ער גענידערט אַראָפּ. פאַר וואָס האָט ער נישט גענידערט אַראָפּ בלויז איין מאָל אַ יאָר. וואו האָט דער מן נישט גענידערט אַראָפּ. פאַר וואָס איז ער געפאַלן אַראָפּ אין אָלוש. איז ער געפאַלן אַראָפּ אין דער גאַנצער מדבר. איז ער געפאַלן אויף דער גאָלער ערד. אין וואָס פאַר אַ שטימונג איז דער מן געוואָרן געגיבן די אידן. ווי הויך איז ער געפאַלן. וויפל שפּייז האָט ענטהאַלטן דער טעגליכער מן אַראָפּ פאַל. ווי אַזוי האָט ער גענידערט אַראָפּ. וואָס מיינט ער איז געווען „כזרע גד לבן". פאַר וואָס ווערט ער באַצייכנט מיט גד. זייבען די זערנעלאַך געווען גלייך יעדער טאָג. האָט ער געהאַט עפּיס אַ ריח, אַ דופט. האָט ער גענידערט אַראָפּ וואַרם צי קאַלט. איז ער געווען פאַרטיק צום עסן. איז ער געפאַלן אַראָפּ געמאָלן פאַר אַלע אידן. איז ער בעשטאַנען פון בלויז שפּייז. ווען האָבן די אידן געקליבן דעם מן. וויפל מן האָט יעדער אינער געקליבן. ווי אַזוי איז צו געגאַנגען דאָס קלויבן דעם מן. האָבן די אידן געעסן דעם מן וואַרעם צי קאַלט. איז דער מן געווען די זעלבע שפּייז פאַר אַלע קלאַסן מענטשן. איז ער געווען די זעלבע שפּייז פאַר יעדער עלטער. ווי אַזוי האָבן די אידן געעסן פערציק יאָר נאָך אַנאַנד די זעלבע שפּייז. וואָס האָבן זיי געטון ווען סע האָט פאַרגליסט זיך געבאַקנס, געקאָכטס, געפרייגלטס, געברוטנס. וואָס מיינט: דער מן האָט געהאַט דעם טעם „כצפיחית בדבש". ווי זיס איז ער געווען. וואָס מיינט זיין טעם איז געווען ווי „לשד השמן". האָבן די אידן געפילט אַ מאָל דעם טעם פון מן פאַר זייער עסן דעם מן אין דער מדבר. זייבען פאַראַן שפּיזן וועלאַכענס

זייט

טעם זיי האָבן נישט געפילט. פאַר וואָס האָבן זיי נישט געפילט דעם טעם פון אוגערקעס, בערקיס, קרויט, ציבעלעס, קנאָבל. ווי האָט געווירקט דער מן אויף זייערע קערפּערס. האָבן די אידן געפּאָלגט משה'ן צו נישט איבער לאָזן מן אויף מאָרגען. ווער האָט איבער געלאָזט פון דעם מן אויף מאָרגן. וואָס איז געוואָרן פון דעם טעגליכן איבער געלאָזענעם מן. ווי אַזוי האָבן די אַנדערע פעלקער געקוקט אויף דעם צעגאַנגענעם מן. וואָס איז געשען ווען אַ נישט איד האָט גענומען אַ ביסל מן. ווען משה איז געגאַנגען אַרויף אויף דעם באַרג צו נעמען די לוחות, איז יהושע מיט געגאַנגען, און האָט געוואַרט אונטן ביי דעם באַרג ביז משה'ס צוריק קומען, וואו האָט יהושע גענומען מן. וואו האָט יתרו גענומען מן. ווי לאַנג האָבן זיי געעסן מן. ווען האָבן זיי אויף געהערט

זייט

עסן מן. איז אמת אַז די אידן האָבן געאָפּפערט פון דעם מן צו דער עבודה זרה. דער מן איז געווען שפּייז, וואו האָבן זיי גענומען געטראַנקען אין דער מדבר. משה האָט געהייסן אהרן'ען בעהאַלטן אַ קרוג מיט מן פאַר די שפּעטערדיקע דורות, פון וואָס פאַר אַ מאַטעריאַל איז געווען דער קרוג. וואו איז אַהין געקומען דער קרוג?

והמטה, און משה רבינו'ס שטעקן .... 379
פון וואָס פאַר אַ מאַטעריאַל איז ער געווען. ווי אַזוי האָט ער אויס געזען. וואו האָט משה רבינו גענומען אים. וואו איז ער אַהין געקומען. ווייסט מען איינצלהייטן וועגן אים און וועגן זיינע וואַנדערונגען? והשמיר, און דאָס ווערימל וואָס האָט געשפּאַלטן שטיינער; הכתב; והמכתב, זעט די נאָטן. זעט וועגן נאָך בעשאַפונגען נישט רעקאָרדירט אין תורה, אין באַנד ג.



## ביאָגראַפיעדיגע וועגן מחברים וועמענס ספרים
## סע ווערן דערמאַנט אין דעם דאָזיקן באַנד





### זעט פאָלגענדיגע זיבן און פופציק ביאָגראַפיעס אין באַנד א', זייטן מט—קד

# ביאָגראַפיעדיגס וועגן מחברים וועמענס ספרים
# סע ווערן דערמאַנט אין דעם דאָזיקן באַנד



## אלפס

**ר׳** יצחק בר׳ יעקב הכהן איז געוואָרן געבאָרן אין דעם דערפל קאלא אבן חמד, נעבען דער שטאָט פאַס אין מאָראָקאָ, אין דעם יאָר 1013, זיבן און צוואָנציק יאָר פאַר רש״י׳ס ז״ל געבורט. ער איז באַקאַנט אַלס **אלפאסי**, אויף דעם נאָמען פון דער שטאָט **פאַס**, אויך אַלס אלפס, רי״ף, ריא״ף.

אין זיין איגנט האָט ער געלערנט אין די ישיבות אין קירואַן [קאַמירוואַן] ביי ר׳ נסים בן יעקב און ביי ר׳ חננאל בן חושיאל. נאָך זייער פטירה איז ער געוואָרן דער תורה הויפּט פון די אידן אין אַפריקע. ער איז דער ערשטער פון די פוסקים וועלכע ווערן באַצייכנט אַלס **ראשונים**. ער איז געווען דער ערשטער, וועלכער האָט מסדר געווען, געבראַכט אין אָרדנונג, געגיבן אַ צורה דער הלכה ליטעראַטור.

אין זיין ספר „הלכות״, וועלכער איז געוואָרן, און איז אַנערקענט און אָן גענומען ביי די לומדים [למדנים] פון דער גאָרער וועלט, ווערן בעהאַנדלט אַלע פאַזן פון דער תלמוד ליטעראַטור מיט אויסער געוויינלאַכער קלאָרקייט. דער דאָזיקער ספר האָט געגיבן פאָרם, צורה דעם גייסטיקן לעבן פון די אידן אין אַפריקע. סע האָט געמאַכט קלאָר די הלכה, צעמענטירט דעם תורה פונדאַמענט, און סע איז געוואָרן דער וויכטיקסטער הלכה ספר ביז דעם רמב״מ׳ס „משנה תורה״ [יד החזקה], וועלכער איז בעקאַנט מעהר אַלס **רמב״ם**.

דער פעריאָד פון די ערשטע פוסקים אין מאָראָקאָ האָט געצויגן זיך אַ לאַנגע צייט. נאָך דעם „גאונים״ פעריאָד זיינען די ישיבות געוואָרן דער תורה צענטער פון דעם דאָרטיקן אידישן לעבן.

נאָך זיין ערווערבן זיך פילע תלמידים, און דאָס ערשיינען פון זיין ספר **הלכות** וועלכער ענטהאַלט דעם תמצית, דעם עסענץ פון תלמוד בבלי, איז זיין נאָמען געוואָרן בעקאַנט, און אַפילו באַרימט ווייט און ברייט.

דער ספר **הלכות**, וועלכער איז בעקאַנט אַלס **אלפס**, ריף, **ריאף**, צייכנט אויס זיך מיט דעם וואָס ער לאָזט אויס די שקלא וטריא׳ס, די אַרגומענטאַציעס און אַלץ וואָס איז נישט אַבסאָלוט נייטיק צו באַשטימען די הלכה. און דערצו ערקלעהרט ער קלאָר וואָס די הלכה איז, לויט ווי ער האָט געלערנט עס פון זיינע רביים, לעהרערס.

דער ספר איז געבויעט מיט מייסטערהאַפטער אַרכיטעקטאָנישער פעאיקייט און בעגאַבקייט. סאַי די געבראַכטע הלכות פון תלמוד, סאַי די געקירצטע אגדות וועלכע האָבן אַ שייכות צו דער הלכה און די פאַרשידענע דינים, זיינען געאָרדנט לויט אַ גוט געפּלאַנטן סיסטעם, און פעדאַגאָגישן מעטאָד.

ער בעהאַנדלט בלויז די הלכות, וועלכע זיינען נוגע, געהען אָן אונזער אַלטעגלאַך לעבן. הלכות וועלכע האָבן צו טון צום ביי שפּיל מיט קרבנות און עהנליכע, באַ־

רירט ער נישט. זיין מעטאָד אין פסק׳ענען איז צו באַזירן זיין פסק אויף די הלכות פון די גאונים, וועלכע זיינען געוואָרן פערפאַסט הונדערטער יאָרן פאַר אים. דאָרט ווי די גאונים׳ס פסק איז געגען דער גמרא, נעמט ער נישט אָן זייער פסק. אָבער דאָרט וואו די גמרא דערקלערט נישט ווי צו פסק׳ענען, ברייגנט ער די גאונים׳ס ווערטער.

אַזוי אַרום איז דער **אלפס** געוואָרן אַ פונדאַמענטאַל ווערק אויף דעם געביט פון הלכה. אַ היבש ביסל האָט זיין קלאָרער תלמודישער סטיל צו געהאָלפן דער פּאָפּוּ־ליאַריטעט פון דעם ספר, וועלכער איז גע־וואָרן באַצייכנט אין זיין צייט מיט **תלמוד קטן**, דער קליינער תלמוד. און כאָטש דאָס וואָס אויף דעם אָרט פון שווימען אין דעם **ים התלמוד** [אָדער אפשר גאָר דוקא דערפאַר], האָט מען געלערנט פיל דעם **אלפס**, האָט עס דאָך געפירט צו מחלוקת, קריגע־ראַי מיט פאַרשידענע פוסקים און לומדים אין שפּאַניע.

און דאָרט וואו סע איז דאָ זון, איז פאַראַן אויך שאָטן. אַ מסירה האָט געצוואונגען אים צו פאַרלאָזן זיין געבורטלאַנד אין דעם יאָר 1088. ער איז געקומען קיין קאָרדאָוואָ, שפּאַניע. דער נשיא ר׳ יוסף בן מאיר אבן שרתמיקש [מיגאַש] האָט אויף גענומען אים שעהן. פון דאָרט האָט ער געצויגן קיין [לו־סינא]. אין 1089 איז ער געוואָרן דער ממלא מקום, דער נאָך פאָלגער, פון זיין געגנער ר׳ יצחק אבן גיאת. ער האָט געגרינדעט דאָרט אַ גרויסע ישיבה, וועלכע האָט צו געצויגן פילע תלמידים, ביז ער איז געשטאָרבן דאָרט.

די אורזאַך פאַר דעם מחלוקת צווישן דעם אלפס און זיינע געגנערס די צוויי גדולי הדור ר׳ יצחק אבן אלבאליא און ר׳ יצחק אבן גיאת איז נישט אין גאַנצן קלאָר. סע איז מעגלאַך אַז דאָס איז געווען אַ פועל יוצא, דער רעזולטאַט פון זייער מורא אַז די פּאָפּוּליאַריטעט פון זיין „תלמוד קטן״ קאָן נאָך פאַרמינערן דאָס לערנען דעם תלמוד גופא. אָבער מיט דעם אַלעם, ווען אבן אלבאליא איז געוואָרן קראַנק, האָט ער אָן געזאָגט זיין זון ברוך, אַז נאָך זיין טויט זאָל ער געהן צו דעם אלפס, און זאָגן אים אַז זיין פאָטער האָט מוחל געווען אים, און ער האָט געבעטן אים אַז ער זאָל האַלטן אָן אויג אויף זיין זון. הערענדיק די ווערטער פון זיין געגנער, האָט ער אַדאָפּטירט ברוך׳ן אַלס זון, און ער האָט געלערנט תורה מיט אים.

אלפס האָט געווידמעט זיין גאַנצע צייט צו לערנען תלמוד און די תשובות פון די גאונים. זיין וועג ווייזער אין לערנען זיינען געווען די ווערק פון זיין רבי׳ן רבינו חננאל. ער האָט באַנוצט זיך זעהר פיל מיט דעם תלמוד ירושלמי. זיין מעטאָד איז געווען: דאָרט וואו תלמוד בבלי און תלמוד ירושלמי זיינען נישט איין שטימיק, האָט ער געהאַלטן מיט בבלי. ווייל תלמוד בבלי איז דאָך געוואָרן געשאַפן שפּעטער, און ער האָט דאָך געקענט דעם תלמוד ירושלמי. האָט ער פאַרלאָזט זיך גיכער אויף תלמוד בבלי.

דאָרט, ווידער, וואו די גאונים האָבן נישט געהאַלטן מיט תלמוד ירושלמי, האָט ער גע־האַלטן מיט ירושלמי.

אלפס איז געוואָרן אַנערקענט אוניווערסאַל אַלס דער פוסק. קיין פוסק פון די חכמי ספרד האָט געוואַגט צו „קריגן״ אויף אים.

ר״י [ר׳ יצחק בן שמואל] הזקן ז״ל האָט געזאָגט קיינער וואָלט געקאָנט פערפאַסן אַ ווערק ווי זיינס, „ווייל די שכינה רוט אויף אים״.

רדב״ז [ר׳ דוד בן זמרה] האָט געשריבן אַז די הלכה איז ווי אלפס, אַפילו דאָרט וואו ער פסק׳נט געגן די גאונים.

ראב״ד [ר׳ אברהם בן דוד], כאָטש ער שטימט אַ מאָל נישט איין מיט אים, זאָגט: „איך פאַרלאָז מיך אויף דעם רב אַפילו ווען ער זאָגט אויף ,רעכט אַז סע איז לינק׳״.

ווען ר׳ יעקב, פון די בעלי התוספות, האָט געפרעגט וועגן אַ דין, צי די הלכה איז ווי די גאונים, צי ווי דער רב וועלאַכער קריגט אויף זיי. האָט מען געענטפערט אים פון

הימל: „ואת בריתי אקים את יצחק", אַז דער דין איז ווי אַלפס פסק'נט.

אַ חוץ, אויסער, זיין ספר „הלכות" האָט ער געשריבן פילע שאלות ותשובות אין אַראַביש, וועלאַכע ר' אברהם הלוי אבקרט האָט איבער געזעצט אויף לשון הקודש. אַ ספר „תמים דעים" וועלאַכן ער האָט געשריבן אין אַראַביש, און איז געוואָרן איבער געזעצט אויף לשון הקודש, און נאָך.

צווישן זיינע באַרימטע תלמידים איז געווען ר' יוסף בן מאיר איבן מיגאַש. ער איז געווען צוועלף יאָר אַלט ווען ער איז אָן געקומען צו אים צו לערנען. ער האָט געלערנט אין זיין ישיבה פערצן יאָר. אלפס האָט געשריבן וועגן אים אַז: אַפילו אין משה רבינו'ס דור האָט נישט געפינען זיך זיין גלייכן אין חכמה און אין בינה, פער־שטאַנד. און פאַר זיין טויט האָט ער באַ־שטימט אים אַלס רב און ראש הישיבה אויף זיין אָרט, כאָטש זיין אייגענער זון ר' יעקב איז אויך געווען גרויס אין תורה און אין חכמה.

אלפס, רי"ף איז נפטר געוואָרן אין לוסינא [אלוסינא] דינסטיק צען טאָג אין חודש סיון [אייר ?] אין דעם יאָר 1103 אין דעם עלטער פון ניינציק יאָר, ז"ל.

אויף זיין מצבה געפינען זיך דריי שורות פון זיין תלמיד, דער באַרימטער פייטן, משור־רר, פילאָזאָף, פערפאַסער פון דעם ספר הכוזרי, ר' יהודה הלוי ז"ל:

„הרים ביום סיני לך רעשו כי מלאכי האל בך פגשו
ויכתבו תורה בלוחות לבך וצבי כתריה לך חבשו
לא עצרו כח נבונים לעמוד לולא תבונות ממך דרשו".

**אלפס ווערט דערמאַנט מעהרערע מאָל אין תוספות:**

אין ברכות: ג, ב אונטער דעם וואָרט **אין**; ח, א, **רב**; יב, א, **לא**; טו, ב, **בין**, א); כד, ב, **פסק**; כו, ב, **טעה**; כט, ב, **איכא**; לא, א, **והיכי**; לד, א, **אמצעיות**; לח, ב, **משכחת**; מ, ב, **אמר**; מג, ב, **הכי**; מה, א, **שלשה, בקולו**; מו, א, **ולמאן**; נט, א, **רבא**.

אין עירובין: מג, א, **הלכה**; קד, א, **הכי**.

אין פסחים: קטז, א, **מה**; קיז, ב, **רביעי**.

אין יומא יא, א: **יכול**; פח, ב, **אלא**.

אין ביצה: יד, א, **איכא**.

אין מגילה: כד, א, **פוחת**.

אין מועד קטן: י, ב, **מוליא**.

אין יבמות: ה, א, **אלא**; צב, א, **אבל**.

אין כתובות: כא, א, **הוציא**; סג, ב, **ואינהו**; פו, א, **לאשה**; צט, ב, **אמר**; ק, א, **אמר**.

אין נדרים: צו, א, **גרשתני**.

אין קידושין: מה, ב, **בפירוש**.

אין בבא קמא: ו, א, **הכותל**; ז, א, **אי**; ט, א, **רב**; יא, ב, **מה**; כג, ב, **יכלי**; כו, ב, **קדם**; לז, ב, **שור**; נב, ב, **ושכיחי**; סב, א, **עשו**; ע, ב, **למעוטי**; ק, א, **אחוי**.

אין בבא מציעא: מו, ב, **ופירי**; ע, א, **הוחמה**; קיב, א, **חוזר**.

אין בבא בתרא: קלט, ב, **אמר**; קנה, א, **מוכר**.

אין מכות ה, ב: **איסטטית**.

אין מנחות לג, ב: **אכסדרה**.

אין חולין מו, ב: **כבדא**.

---

א) זעט דאָרט הערה 2.

# ויזאל

דער סאטמארער רבי ר' יואל טייטלבוים נר"ו איז געווארן געבארן אין דער שטאט סיגעט, אונגארן, שפעיטער רומעניע. ער שטאמט פון גרויסן יחוס.

זיין פאטער הגאון הצדיק ר' חנניא יום טוב ליפא טייטלבוים ז"ל איז געווען רב אין סיגעט, און דער מחבר פון דעם ספר „קדושת יום טוב" אויף תורה. ער איז געווען דער איידעם פון דעם זלאטשעווער רב, הגאון ר' יואל אשכנזי, מחבר פון שאלות ותשובות מהר"י אשכנזי, זצ"ל.

זיין זיידע איז געווען הגאון הצדיק ר' זלמן לייב ז"ל, דער מחבר פון די ספרים „יטב לב" אויף תורה, „רב טוב" אויף תורה, „יטב פנים", „שאלות ותשובות אבני צדק".

זיין עלטער זיידע איז געווען הגאון הצדיק ר' אלעזר ניסן ז"ל, רב אין דרוביטש, גאליציע.

זיין עלטער, עלטער זיידע איז געווען הגאון הצדיק ר' משה טייטלבוים ז"ל, רב אין אוהעל, און דער מחבר פון די ספרים „ישמח משה" אויף תורה און אויף אגדות אין ש"ס, שאלות ותשובות „השיב משה", און „תפילה למשה" אויף תהלים.

ווען דער „ישמח משה" איז געקומען קיין לובלין, האט מען באצייכנט אים אלם „דער אייזערנער קאפ". ער איז געווען דער גרינדער פון דער סאטמארער דינאסטיע. חסידים האבן געזאגט אויף אים, אז ער האט א ניצוץ, א פינק פון ירמיה הנביא, ווייל ער האט געטרויערט כסדר אויף חורבן ירושלים.

אלם אינגל האט דער צוקונפטיקער סאטמארער רבי געלערנט אין זיין פאטערס ישיבה. א דאנק זיין התמדה אין לערנען און זיינע פיל זייטיקע גייסטיקע פעאיקייטן, וועלכע האבן שוין אין זיין פריסטער איגנט געזאגט פאראויס פאר אים א גלאררייכע צוקונפט אלם גאון, צדיק און מנהיג, איז ער געשטיגן פון טאג צו טאג אין לערנען. זיין נאמען אלם למדן, אלם אינגער עילוי הייבט אן ווערן בעקאנט. און ער באקומט סמיכות פון פארשידענע גאונים אין זיין צייט.

אלס אינגער בחור האט ער חתונה געהאט מיט דער טאכטער פון הגאון הצדיק ר' אברהם חיים הורוויץ, פלאנטשער רב און רבי ז"ל.

אלס דריי און צוואנציק יאריקער אינגער מאנטשיק, ווערט ער אויף גענומען מיט גרויס כבוד אלס מרא דאתרא אין דער שטאט ארשאווע, און שפעטער אין דער שטאט קראלע. ער גרינדעט דארט ישיבות. און דער אינגער רב איז טעטיק דארט סאי אלס מרא דאתרא, און סאי אלס ראש הישיבה. ער איז מקיים דעם „ללמוד וללמד". ער פארשפרייט תורה, און צוזאמען מיט דעם געהט ער אליין אויך מחיל אל חיל. ער האלט אליין אויך אין איין שטייגן אין לערנען. זיין נאמען ווערט אלץ מעהר בעקאנט ווייט און ברייט מיט יעדער טאג. און די באוויסטע קהילה אין יענער צייט, די געמיינדע פון דער שטאט סאטמאר נעמט אויף דעם אינגן גאון אלס זייער רב, אלס נאך פאלגער פון דעם מרא דאתרא הגאון ר' יהודא גרינוואלד זצ"ל.

נאך זיין פאטערס פטירה כ"ט שבט, תרס"ד, האט דער אינגער רב אן געהויבן צו ווערן טעטיק אלס חסיד'ישער רבי. סע האבן אן געהויבן קומען צו אים חסידים, פון נאענט און פון ווייט. מיט זיין כסדר'דיק שטייגן אין לערנען, אין נגלה און אין נסתר, מיט זיין התנהגות, מיט זיין טעגליכער לעבנס אויף פירונג בקדושה ובטהרה, מיט זיין אהן קאמפראמיסלאכן קאמף פאר אן אמת'דיק ריין, אהן קאמפראמיסלאך אידישקייט און אידענטום, איז גלייך צייטיק געוואקסן די צאל פון זיינע חסידים, פון אנהענגערס און סימפאטיקערס וועלאכע זיינען סוף כל סוף, פריער אדער שפעטער געווארן „געכאפט" אין „סאטמאריזם", און זיי זיינען געווארן פלאם פייערדיקע סאטמארער חסידים.

אזוי האט דער דענצמאל פארהעלטניסמעסיג אינגער רב, רבי און ראש הישיבה, אן געהויבן צו ווערן גרויס, גרעסער און בארימטער: א דאנק זיין האלטן אין איין שטייגן אין לערנען, זיינע פון הימלס געבענטשטע פעאיקייטן צו זיין א פירער און נישט א געפירטער, און זיין „אויף שטעלן" און ערציען א גרויסע צאל תלמידים, צווישן זיי גרויסע לומדים. „וחוט המשולש לא במהרה ינתק", אמן כן יהא רעוא.

זיין ווערן פאַרעהרט אפילו פון זיינע פאַרביסנסטע געגנערס איז דער פועל יוצא פון זיין מסירת נפש'דיקן הייליקן קאַמף פאַר אַ קרישטאַל ריינע, עכטע, נישט באַשמעלצטע אידישקייט; פאַר אַ הר סיני אידישקייט, לויט דער אויסטייטשונג און פאַרטייטשונג פון חכמינו און רבותינו ז"ל.

סע איז דער קאָנסעקווענץ פון זיין ממשות'דיקער אַקטיווי־טעט, פון זיין לעבעדיקער, ערמוטנדיקער און קאָנקרעטער טעטיקייט מיט וואָרט און מיט טאַט אין אַלע פאַזן, און אין אַלע אַנגעלעגנ־הייטן פון אונזער רעליגיעזן, געזעלשאַפטליכן און אידיש פּאָליטישן לעבן אין אַמעריקע ווי אין ארץ ישראל.

סע איז דער רעזולטאַט פון זיין טיפן אינטערעס אין דעם פּריוואַטן גייסטיקן און עקאָנאָמישן לעבן פון יעדן איינעם פון זיינע חסידים, נאָך פּאָלגערס, סימפּאַטיקערס, און פון יעדן אידן בכלל וועלכער ווענד זיך צו אים נאָך וואָס סע זאָל זיין. זיין נשמה, זיין האַרץ לעכצן מיט פּאַטערליכער ליבשאַפט און איבער געגיבנ־קייט צו העלפן מיט ראַט און טאַט, ועל כולם אויך „בכיסו", מיט געלט ממש, די יעניקע וועלכע נייטיקן זיך אין זיין הילף.

איך האָב אַ מאָל געבעטן דעם רבי'ן אַן עצה, האָט ער געענטפערט מיר מיט זיין גוט בעקאַנטן ליבן שמייכל „אַן עצה מיינט געלט". נעמלאָך, אַז דער **עצה בעטער** דאַרף געלט, א).

**אַ**ט איז אַ ביי שפּיל פון דעם רבי'נס פּאַטערליכער באַצי־אונג צו גרויס און קליין, איינער פון אַהן צאָליקע. סע איז טאַקע אַ גאַר פשוט'ער ביי שפּיל, אָבער ער דערצעהלט אַהן אַ שיעור פיל, האַרצידיקס:

אויף זיין באַזוך נישט לאַנג צוריק אין ארץ ישראל האָט מיין זון משה נר"ו, אַ תלמיד אין דער דאָרטיקער בריסקער ישיבה, באַזוכט דעם רבי'ן שליט"א, און געשמועסט אין לערנען. געווען איז דאָס שבת צו נאַכטס נאָך חצות. די גאַס איז געווען בעלאַגערט מיט הונדערטער אידן נאָך אין די שבת'דיקע מלבושים אויף דעם וועג אהיים פון די שטיבלאָך, וועלכע האָבן נאָך נישט באַוויזן צו נעמען שלום. אין גאַנצן איז דער רבי געווען דענצמאָל פאַר־

---

א) די סומע פון די צאָלן פון די אותיות פון דעם וואָרט עצה באַטרעפט הונדערט פינעף און זעכציק, פונקט דאָס זעלבע — הכסף.

העלטניסמעסיג אַ זעהר קורצע צייט, אַ דריי וואָכן בערך. און דער רבי האָט געהאַט געענוג צו טון. סע איז געווען דער ריכטיקער „היום קצר והמלאכה מרובה". דער רבי איז דאָך דער נאָך פאָלגער פון דעם „לפלגות ראובן" ז"ל אָלס אב בית דין פון דער ארץ ישראל'דיקער עדה חרדית. ער איז דער ראש פון די סאַטמאַרער ישיבות אין דעם הייליקן לאַנד. ער בויעט קרית יואל. טויזנטער חסידים, און גלאַט פרומע אידן וואַרטן שעה'ן לאַנג אויף דער גאַס לעכצנדיק צו נעמען שלום. ער האָט אַזוי פיל צו ערלעהדיקן אויף אַזאַ צייט באַשרענקטן באַזוך. און דאָך האָט ער צייט צו שמועסן מיט אַ ישיבה בחור אין לערנען. אָט דאָ זעט מען דעם אמת גרויסן ראש הישיבה און רבי.

און נאָך מעהר, ביי דעם געזעגענען זיך טוט דער רבי־ראש הישיבה אַ פרעג דעם ישיבה בחור וועגן „מה נאכל", וועגן זיינע „פינאַנצן". דער אמת'ער ראש הישיבה זאָרגט פאַר דעם תלמיד'ס מאַטעריעלע אַנגעלעגנהייטן פונקט ווי פאַר די גייסטיקע. „אם אין קמח, אין תורה". אַ בחור זיצט יומם ולילה און לערנט, דאַרף מען זען ער זאָל האָבן צו עסן. אין דעם פרט האָט דער תלמיד טאַקע נישט בעדאַרפט עס. אָבער ווער ווייסט וויפל תלמידים, נישט בלויז סאַטמאַרער, דער רבי האָט שוין געהאָלפן! אָט דאָ זעט איר דעם גרויסן איבער געגיבענעם ראש הישיבה, וועלכער דרינגט באַלד אריין אין דעם תלמיד'ס לאַגע.

הלל איז געווען אין זיין איגנט אַ גרויסער אָרימאַן. ער פלעגט פאַרדינען אַ „טרפעיק" אַ טאָג פון האַקן האָלץ, א). פאַר אַ האַלב האָט ער געשפייזט זיין הויז געזינד. די צווייטע העלפט פלעגט ער באַצאָלן שכר לימוד אין דער ישיבה.

נאָך דעם ווי ער איז געוואָרן נשיא, פלעגט ער שמחת בית השואבה, ווען ער איז געווען זעהר פרעהלאך, אויס שרייען: „אם אני כאן הכל כאן", ב).

איינער פון די מעהרערע טייטשן איז: אם אני כאן, אויב

---

א) אין תלמוד ירושלמי, תלמוד בבלי, מדרש, אגדה, זהר ווערט נישט געבראַכט אַז הלל איז געווען אַ האָלץ האַקער. דער רמב"ם ז"ל ברייגנט יאָ „שהלל הזקן היה חוטב עצים". זעט מיין בוך „די שעהנקייט פון אידנטום", זייט 112.

ב) סוכה נג, א, אויבן. רש"י דאָרט זאָגט אַז הלל האָט געמיינט דעם אייבערשטן. אָבער זעט דאָרט תוספות. אגב, די צאָל פון די אותיות **הלל** באַטרעפט פינעף און זעכציק, פונקט ווי די צאָל פון דעם וואָרט **א ד נ י**, וואָס מיינט אייבערשטער.

**איך** הלל בין **דאָ**, אויב איך בין אין בית המדרש, אויב איך בין דער ראש הישיבה, הכל כאן, קאָן יעדער איינער אריין קומען פריי צו לערנען, אויב ער איז נישט בכוח צו צאָלן שכר לימוד. און דאָס איז אויך דער דרך פון דעם סאַטמאַרער ראש הישיבה. און נאָך מעהר, נויט בעדאַרפטיקע תלמידים ווערן נאָך אוים געהאַלטן מיט שפייז, געלעגער און אַ מלבוש.

און נישט בלויז אַלס ראש הישיבה, נאָר אויך אַלס רבי איז ער דורך געדרינגען מיט פאָטערליכער ליבשאַפט, מיט פאָטערליכער איבער געגיבנקייט. ווען איך בין געקומען אָפּ נעמען אַ גרוס פון מיין זון, באַניגט זיך נישט דער רבי מיט בלויז אָפּ גיבן אַ גרוס, נאָר ער טוט אַ זאָג צווישן אַנדערס: נו, און וואָס איז מכוח אַ שידוך? אויף מיין ענטפער: אַז סע איז דאָך פאַראַן דער „מזווג זווגים", מסתמא וועט ער העלפן. באַמערקט דאַרויף דער רבי: אַ ודאי, אַ ודאי. אָבער מע דאַרף אַליין אויך טון עפּים וועגן דעם.

אָט דאָ זעט איר, אַן אמת'ן מנהיג. אַן אמת'ער, איבער געגי־בענער מנהיג איז דער פאָטער פון זיינע צאן קדשים. אַ רבי דאַרף זיין אי אַ פירער און אי אַ טאַטע, ביידע. ער דאַרף זאָרגן פאַר דעם קינדס תורה, אידישע ערציאונג, אַז דער תלמיד זאָל האָבן וואָס צו עסן. און ווען די צייט קומט זאָל ער טון אַ שידוך. טוט ער דאָס נישט, איז ער קיין רבי און קיין מנהיג. און דער סאַטמאַ־רער נר"ו, דער גרויסער ראש הישיבה, דער גאון האדיר, און דער מנהיג פון אונזער דור בחסד עליון, איז דאָס, און עד מאה ועשרים שנה, אמן כן יהא רעוא.

**ב**עת אָט די אַלע אויבן דערמאַנטע קאַרדינאַלע אַטריבוטן, די הויפּט מידות, וועלכע אַן אמת'ער מנהיג הדור מוז באַזיצן, געפינען זיך זעהר, זעהר זעלטן אין איין און אין דער זעלבער פּערזאָן. איז דער סאַטמאַרער רבי געבענטשט מיט זיי אַלע, און נאָך מיט אַן עודף. אין אים איז קאָנצענטרירט אַ קאָלעקציע פון אַלץ וואָס איז גוט, שעהן, עטיש, הומאַניטאַריש, מענטשלאָך. ער איז שטרענג וואו סע פאָדערט זיך. ער ווייזט אַרויס פאָטערליכע ליבשאַפט וואו סע נייטיקט זיך. ער איז באַזעעלט מיט אַלע מעלות, מיט אַלע קוואַליטעטן וועלכע אַ מנהיג פון גרויסן, אַלזייטיקן פאָרנעם מוז באַזיצן. ער איז הימליש געבענטשט מיט די אַלע נויטיקע מעלות. און דערפאַר איז ער דער פירער פון אונזער צייט.

**גאונות,** דער סאטמארער רבי איז א גאון אין לערנען. סע איז געלינגען מתנגדים אין א געוויסער מאס צו איין רעדן מאנכע שיכטן פון פאלק, אז רביים זיינען קיינע לומדים [למדנים]. און אז מע גיט א רעכן אוים א גרוים צעטל פון רביים וועלאכע זיינען אנערקענטע גאונים, איז דער ענטפער: דאס איז געווען אין די פריערדיקע דורות. אבער בנוגע דעם סאטמארער, הכל מודים, אפילו ליטווישע לומדים, אז דער רבי איז א גאון אין לערנען.

**צדקות,** איך האב נאך נישט געהערט אפילו פון די פאר־ביסנסטע געגנערס א נישט גינסטיקע באמערקונג וועגן דעם סאט־מארער רבי׳נס צדקות. איז דאך דאס זיכער אזוי לכל הדעות. אויף דעם איז דאך לית מאן דפליג.

**חסידות,** חסיד איז די טייטש פרום, עהרליך; פרום צום אייבערשטן, עהרליך צו מענטשן, ווי צום ביי שפיל אין פילע ערטער אין תהלים; און אין שפעטערע דורות, ווי למשל רבי יהודה החסיד, ר׳ אלי׳ חסיד [דער ווילנער גאון] זצ״ל. דעם סאטמארער רבי׳נס חסידות איז א „יקוב הדין את ההר״׳דיקע פרומקייט, און א קרישטאל זויבערע עהרליכקייט. א פרומקייט וועלאכע דעקט כחוט השערה׳דיק דאס „בין אדם למקום״׳דיקס; אן עהרליכקייט וועלאכע פירט דורך פולקאם דאס „בין אדם לחבירו״׳דיקס. און אויך דאס פרעגט קיין מענטש אפ.

**חכמה, פיקחות** — ווען איר זיצט מיט דעם סאטמארער רבי׳ן א שעה ווערט איר קלוג אויף א יאר. זיין קלארע לאגיק, זיין שכל הישר׳דיקע אנאליזירונג פון פארוויקלטע ענינים, פליאנ־טערט אויף אייער קאמפליצירסטן פראבלעם, און עפנט אויף אייערע אויגן. דער פראבלעם ווערט אוים, כלא היה, גלייך ווי ער וואלט גאר נישט עקזיסטירט אין גאנצן.

אפט מאל איז דעם רבי׳נס ענטפער אזוי פשוט׳דיק און אפילו עפים מאדנע. אבער אז איר גיבט זיך א פערטראכט אין דעם, זעט איר אז די פשוט׳קייט איז אזוי קערנדיק אמת, אזא אהן באשטרייטבארער פאקט, אז איר קאנט בשום אופן אפ פרעגן אים, און איר מוזט צו שטימען. איך האב געפרעגט א מאל דעם רבי׳ן צו מוזן טאקע זיינע תלמידים אוים זען אזוי אויסערלאך. האב איך באקומען דעם ענטפער: דערפאר ווילן דאך נישט די נישט־אידישע מיידלאך זעצן זיך נעבן זיי אין די סאבוועים.

אין פלוג קלינגט עס עפּיס אַזוי פּשוט. אָבער סע איז דאָך פאַרט אַזוי קערנדיק אמת'דיק. אויב דאָס העלפט צו אויף האַלטן פרום אידישקייט, און סע שאַד קיינעם, דאַרף מען אויס נוצן אויך דאָס דאַזיקע מיטל.

**אהבת ארץ ישראל — אַ נשמה־האַרציקע ליבשאַפט פאַר** ארץ ישראל, וועלכע שטעלט אַוועק אין אַ שוואַרצן שאָטן די קעשענע ליבע צו מדינת ישראל פון די פּראָפעסיאָנעלע ציון'יסטן, וועלכע זויגן „דאָס מאַכן אַ לעבן" פון קהל'ס פּושקעס.

אויב די באַצייכענונג ציון'יסט מיינט עפּיס, איז דער סאַטמאַרער רבי דער אמת'ער ציון'יסט, דער עזרא הסופר־נחמיה'דיקער ציון'יסט, וועלכער האָט אויס גערייניקט דאָס הייליקע לאַנד פון אַלע טומאות, און אריין געבראַכט צוריק אין ציון הר חורב'דיק אידישקייט.

„חובבי ציון", ציון'יסטן, זיינען נישט די וועלכע דולדן חזיר, מיסיאָנערן, שמד, אידישע טעכטער אין דער אַרמעי, פּאַלמעסן אידישע מתים און אַזוי ווייטער. ניין. זיי זיינען שונאי ציון, כאָטש זיי זיינען די פירערס פון דער מדינה. אָבער זיי פילן עס ליידער נישט.

די אמת'ע ציון'יסטן זיינען די „נטורי קרתא", די עזרא הסופר'דיקע ציון'יסטן. און דער גרעסטער עזרא הסופר־נחמיה'דיקער אוהב ארץ ישראל אין אונזער דור, איז דער סאַטמאַרער רבי נר"ו.

דעם רבי'נס אהבת ארץ ישראל דריקט זיך אויס נישט אין פוסטע פראַזן, נאָר אין מעשים, טאַטן, און „בכיסו", מיט דער קעשענע ממש. דער רבי באַזוכט ארץ ישראל אַ פּאָר וואָכן, לאָזט ער איבער דאָרט מעהרערע צענדליק טויזנטער דאָלאַרן. ער האָט אַ מאָל באַמערקט: „אין אַמעריקע גיבט מען מיר געלט, און איך גיב עצות. אין ארץ ישראל גיב איך געלט, און מע גיבט מיר עצות".

וויפל ביישטייערן די באַצאָלטע פּראָפעסיאָנעלע „ליב האָבערס" פון ארץ ישראל צו דעם אויף בוי פון ציון?! וויפל?! דער ענטפער איז חי מאָל גאָר נישט!

געוויס, זיי ברענגען טאַקע אריין דאָלאַרן אין ארץ ישראל. אָבער נישט צו העלפן דערמיט דעם אויף בוי פון דעם לאַנד. ניין.

נאָר צו קויפן נאָך באָדן, נאָך סטאָקס, צו אינוועסטירן אין נייע אונטער נעמונגען, וכדומה.

זיי האַלטן אין איין פליען אהין און צוריק. די אַמעריקאַנער פליען אהין, און די מדינת ישראל׳דיקע פליען אהער יעדער מאָנטיק און דאָנערשטיק אויף פערזאַמלונגען, באַרוטונגען, וכדומה. און מתנות פאַר דער פאַמיליע און פריינד דאַרף מען אויך מיט ברייגנען. און דאָס אַלץ איז אויף קהל׳ס קעשענע.

דער סאַטמאַרער רבי אַליין שיקט איבער קיין ארץ ישראל אַן ערך 150,000 דאָלאַרן אַ יאָר. ווי פילביישטייערן די „פאַר־ברענטע״ ציון׳יסטישע פירערס וועלכע לעבן פון ציון׳יזם, האָבן „ריל עסטעיט״ אין ארץ ישראל פון ציוני׳זם, האָבן אַ „האַנט״ אין געוויסע אינדוסטריעס, און זיינען שותפים אין אַנדערע, וויפל ? ! צוויי מאָל חי גאָר נישט !

די חכמים ז״ל לערנען אונז, אַז אַפילו אַן אָרימאַן וועלכער לעבט פון צדקה, איז אויך מחויב צו גיבן צדקה, א) אַ פשיטא שוין דער וועלכער „מאַכט אַ גאַנץ שעהן לעבן״ פון צדקה, נאָך מיט לעכצנדיקער „פּובליסיטי״ אַלס צו גיב.

**צדקה** — סע איז באַוויסט ווייט און ברייט אַז דער רבי איז אַ גרויסער בעל צדקה. הכל מודים, יעדער איינער אַנערקענט אַז דער רבי האָט אַ „פתוח תפתח״׳דיקע האַנט פאַר נויט בע־דאַרפטיקע אינסטאַנצן, יחידים סיי אין אַמעריקע, סיי אין ארץ ישראל און סיי אין אַנדערע לענדער. יודעי חן זאָגן אַז ווען מע גיט דעם רבי׳ן געלט, געהט עס אריין אין דער לינקער קעשענע, און סע גליטשט זיך אַרויס באַלד דורך דער רעכטער קעשענע אויף פאַרשידענע צדקה צוועקן.

אָבער זעהר, זעהר ווייניק מענטשן ווייסן אַז סע קומען אַן בריף צו דעם רבי׳ן פון אידן, מענער און פרויען, אין רוסלאַנד, וועלכע בעטן נעבאַך אַ מלבוש, וכדומה. מיר איז אויס געקומען צו לייענען מעהרערע פון די האַרץ רייסנדיקע בריף. און זיי ווערן נישט אריין געוואָרפן אין דעם פּאַפּיר קאָרב. ניין. מע שיקט אַוועק צו זיי פאַר שוועהרע צענדליקער טויזנטער דאָלאַרן פּעקלאַך אַ יאָר. און מע קלאַפּט נישט אין די פּושקעס. מע שרייט נישט

א) גיטין ז, ב, ערשטע שורה.

אין די צייטונגען. מע רופט קיינע פערזאמלונגען. מע אפעלירט נישט. מע זוכט קיין פובליסיטי.

איך האב געוואלט א מאלביישטייערן א פאר דאלארן, האט מע אפ געזאגט מיר מיט דאנק: „דאס טון מיר אליין". מיט וואס און מיט וויפל האבן אלע ציון׳יסטישע און אנדערע פאליטישע אידישע ארגאניזאציעס געהאלפן און העלפן אונזערע אומגליקלאכע ברידער און שוועסטערס אין היינטיקן רוסלאנד א חוץ מיט **פובליסיטי פאר זיך?!**

וויפל פעקלאך האבן די ראבאים וועלאכע פליען קיין רוסלאנד, איבער געשיקט צו די רוסישע אום גליקלאכע אידן? ! יא. זיי באזארגן זיי מיט פעקלאך, מיט פעקלאך **נייע צרות.** „פאני" האט א לאנגן זכרון. זיי געדענקען יעדן איינעם וועלאכער טרייט אן זיי אויף דעם פוס. און זיי רעכענען זיך אפ, נישט באלד, נאר שפעיטער. און ווען זיי רעכענען זיך אפ, שטעהען מיר דא מיט פארגלאצטע אויגן, און ווינדערן זיך **פאר וואס** עפים פלוצים? ! אבער דאס איז נישט פלוצים! זיי האבן נישט פארגעסן. זיי האבן געווארט מיר זאלן פארגעסן, און דאן צאלן זיי אפ כפל כפלים.

און די אויבן דערמאנטע אקטיוויטעטן זיינען בלויז א טייל פון דעם סאטמארער רבי׳נס פיל פארצווייגטע טעטיקייטן אויף דעם געביט פון צדקה.

מיט דעם אן קומען פון דעם איבער זעקס מיליאן קדושים׳־דיקן אומגליק, הי"ד, איז דער רבי שליט"א געווארן איין געשפארט אין דעם קאנצענטראציע לאגער בערגען בעלזען מיט זיין רעביצין, און מיט זיין גבאי הרב ר׳ יוסף אשכנזי. ער איז געווארן ניצל דורך א נס, און ער איז אן געקומען אין דער שווייץ [שוויי־צאריע]. פון דארט איז ער עולה געוועזן קיין ארץ ישראל, און האט באזעצט זיך אין ירושלים. ער האט באלד געגרינדעט דארט א ישיבה וואו ער האט פארשפרייט תורה און חסידות.

מיט צוואנציק יאר צוריק, ענדע תש"ו, איז דער רבי געקומען קיין אמעריקע, און האט באזעצט זיך אין דער וויליאמסבורג געגנט פון ברוקלין. און די אויף טועונגען וועלאכע ער האט אויף געטון אין די צוואנציק יאר אין אמעריקע און אין ארץ ישראל זיינען ממש פענאמענאל. זיי שטייגן איבער פיל פאכיק אליץ, אליץ וואס ער האט אויף געטון און פארווירקליכט אין דער אלטער היים.

אָן געקומען אין אַמעריקע איז דער רבי נישט ווי נאָך א רב, צי ווי נאָך אַ רבי פון אייראָפּע. ניין. ער איז אָן געקומען ווי אַ פענאָמענאַל דינאַמישער כוח. ער איז אָן געקומען נישט בלויז ווי אַ גאון, אַ מחדש אין לערנען, נאָר אויך ווי אַ פלאַם פייערדיקער אָהן ערמידליכער קעמפער פאַר עקסטרעם תורה אידישקייט, פאַר הר סיני אידישקייט לויט די אויסטייטשונגען און פאַרטייטשונגען פון תלמוד, מדרש, אגדה, זהר, ספרי קבלה, ראשונים און אחרונים. ער איז געקומען אַהער ווי אַ פירער אין וועמענס ווערטער בוך סע געפינט זיך נישט דאָס וואָרט קאָמפּראָמיס, ווען סע קומט צו אידישקייט. „יקוב הדין את ההר" האָט ביי אים בלויז אָן איין און איינציקן טייטש. דער דין מוז ווערן דורך געפירט אָהן קאָמפּראָמיסן, נישט געקוקט אויף דעם צי ער פּאַסט זיך צו דער צייט, צי ער פּאַסט זיך צו די קאָנדיציעס אונטער וועלאָכע מיר לעבן, און אַזוי ווייטער, צי נישט. נישט נאָר רעכנט ער זיך נישט אפילו מיט דעם קלענצטן קאָמפּראָמיס וועלאָכער קומט אפילו פון גרויסע לומדים, פון גרויסע אדמורי"ם, נאָר ער קעמפט אפילו געגן זיי סאַי מיט דעם וואָרט, סאַי מיט דער פּען.

מיט דעם רבי'נס אָן קומען אין אַמעריקע האָט אָן געהויבן זיך אַ גאַנץ ניי און אויסערסט וויכטיק קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דעם פרומען אַמעריקאַנער אידנטום; אַ קאַפּיטל וועלאָכס האָט נישט דירעקט אַ גרויסן איינפלוס אפילו אויף די ווייניגער פרומע קרייזן; אַ קאַפּיטל וועלאָכס די ערנסטע געשיכטלערס, די פאַראַנטוואָרטליכע היסטאָריקערס וועלן באַצייכענען אַלס „סאַטמאַריזם".

סע איז אַ רעוואָלוציאָנעריש קאַפּיטל. סע האָט אין עטליכע ווייניגע יאָרן צעשטעהרט די אַלט געבאַקענע, אַלט איין געזעסענע „דאָגמעס", פאַרניכט און אָפּ געמעקט צענדליקער יאָרן אַלטע איין געוואָרצלטע איין רעדענישן, און האָט איבער צייגט אַז דאָס זיינען אַבסאָלוט אָהן באַגרינדעטע און זין לאָזע איין רעדענישן. און אָן איין רעדעניש איז אויך אַ קראַנקהייט, און אַן אָן שטענדיקע נאָך דער צו.

פילע יאָר הונדערטער האָט מען געגלויבט אַז די ערד שטעהט. איז געקומען די וויסנשאַפט און האָט באַוויזן, אַז די ערד דרעהט זיך און מיר מיט איר. פילע צענדליקער יאָרן האָבן אידן אין דער גאָרער וועלט געמיינט אַז דער אַלזייענדיקער איז

בלויז אין אייראָפּע. אַז אין אַמעריקע איז ער חלילה נישט בנמצא. אַז דער „מלא כל הארץ כבודו" באַציט זיך בלויז אויף אייראָפּע. אַז אַמעריקע איז עפּיס אַ וועלט פאַר זיך, וועלכע האָט קיין שייכות חלילה מיט דעם בעשאַפער פון דעם אוניווערס. מע האָט אַפילו פאַרגעסן אָדער אפשר בכוונה, אומישנער איגנאָרירט אַזאַ קאַרדינאַלע באַהויפּטונג, אַז „אין העולם מקומו של מקום, אלא המקום מקומו של עולם", א) נישט די וועלט איז דעם בעשאַפערס וואוין אָרט, נאָר דער אוניווערס בעשאַפער איז דאָס וואוין אָרט פון דעם אוניווערס. נישט דער בעשאַפער איז אין דער וועלט, נאָר די וועלט איז אין אים. דער בעשאַפער פון דעם אוניווערס איז גרעסער פון זיין בעשאַפונג. ער איז גרעסער פון דער וועלט, פון דעם אוניווערס.

דער פועל יוצא, דער רעזולטאַט פון דעם איז געווען אַז אַזוי ווי כביכול געפינט זיך נישט חס וחלילה אין אַמעריקע, האָבן די קרובים אָדער די פריינד, וועלכע האָבן אַריבער געבראַכט עמיצן אין דעם גאָלדענעם לאַנד, באַלד בעאַרבעט דעם „גרינעם", אַז דאָס סאַמע ערשטע וואָס ער מוז טון, איז ווערן פּטור פון דער באָרד און די פּיאות.

צו טראַנספאָרמירן, צו מאַכן פון דעם אָהן שולדיקן „גרינעם" אַ הונדערט פּראָצענטיקן „יענקי", האָט צו געשפּילט באַקוועמלאַך אַן עקאָנאָמישער פאַקטאָר. מע האָט „איבער געצייגט" דעם „גרינעם" אַז מע מוז אַרבעטן שבת. מע האָט איין גערעדט דעם צוקונפטיקן קרעמער, אַז אויב ער וועט האַלטן פערמאַכט די קראָם, דאָס געשעפט שבת און ימים טובים, מעג ער נישט עפענען עס אין גאַנצן.

אין דער אַלטער היים האָט מען געהאַלטן פון דעם מאמר חז"ל, „מי שברא יום ברא פרנסתו", ב) דער וועלכער האָט בעשאַפן דעם טאָג, האָט בעשאַפן דעם טאָגס פרנסה. אין אַמעריקע

---

א) פּסיקתא רבתי, פּיסקא כא, זייט קד, ב; מדרש בראשית רבה סח, ט; מדרש תנחומא, פרשה תשא, כז; ילקוט שמעוני פרשה תשא שצה, חבקוק תקסג און תהלים תתמא; ילקוט המכירי אויף תהלים מזמור צ, ב.

אין: ילקוט שמעוני פרשה ויצא קיז; מדרש לקח טוב [פּסיקתא זוטרתא] פרשה בראשית א, ז הייסט: הקדוש ברוך הוא מעונו של עולמו, ואין עולמו מקומו.

ב) מכילתא דרבי ישמעאל בשלח מז, ב, אויסגאַבע אום; תנחומא בשלח כ; ילקוט שמעוני בשלח רנח.

האָבן די אַריבער ברייננגערס איין גערעד דעם אַריבער געבראַכטן אַז **שבת** איז דער פּרנסה גיבער. נישט „מי שטרח בערב שבת יאכל בשבת", א) נישט דער וועלאַכער גרייט אָן ערב שבת, האָט ער וואָס צו עסן שבת. נאָר מי שעובד בשבת אוכל כל השבוע, נאָר דער וועלאַכער אַרבעט שבת, האָט וואָס צו עסן אַ גאַנצע וואָך.

זייענדיק אַמאָל אַ שבת מיט מיין דענצמאָל צוועלף יאָריק בן יחיד'ל משה, ביי דעם רבי'ן, האָט הרב ר' ליפּא פרידמאַן מנהל פון די סאַטמאַרער ישיבות געטון אַ זאָג צו מיר צווישן אַנדערעס, מיט שטאָלץ, און מיט גוט פּאַרדינטן שטאָלץ: איר ווייסט דאָך אַז אין וויליאַמסבורג זיינען כמעט אַלע אידישע קראָמען געווען אָפן שבת. איצט זיינען ברוך השם אָפן בלויז צוויי, די אַפּטייקן [דראָג סטאָרס]. אָבער סע וועט נישט נעמען לאַנג, און אויך די דאָזיקע צוויי וועלן האַלטן פערמאַכט שבת. און מיין זונדעלע האָט באַ־מערקט דאַרויף: און ביי אונז אויף דער וועסט זייט אין ניו יאָרק, זיינען אַלע קלייטן אָפן שבת, בלויז צוויי זיינען פערמאַכט, די כשר'ע פליייש קראָמען.

און ווען מען האָט געפרעגט מיך אויף דער ראַדיאָ וואָס איז דער אונטער שייד פון אַ סאַטמאַרער שול און אַ ניו יאָרקער „וועסט סאַיד" שול, האָב איך געענטפערט: איך האָב געדאַווענט אַ שבת אין אַ סאַטמאַרער שול זיינען געווען פערציק מנינים כן ירבו מיט בערד און פיאות, און בלויז איינער אָהןביידע. איך האָב געדאַווענט שבת אין אַ „וועסט סאַיד"ער פרומער שול זיינען געווען פערציק מנינים אָהן בערד מיט פיאות און איינער מיט אַ בערדל און פאה'לאָך.

און כידוע איז „עבירה גוררת עבירה", איין עבירה שלעפּט מיט נאָך אָן עבירה. אַז מען אַרבעט שוין שבת, בענטשט מען קיין ליכט, מע געהט נישט אין שול אַריין. און אַז מע דאַווענט נישט שבת, דאַווענט מען שוין זיכער נישט אין דער וואָכן. און אַזוי האָט געפירט איינס צו דעם צווייטן ביז — **אויס אידישקייט.**

אַ פרומער איד מיט באָרד און פיאות, מיט אַ שטראַימעל און מיט אַ זיידענער קאַפּאָטע איז געווען אַ מוזעאום געגנשטאַנד. אַן אַמעריקאַנער געבאָרענער האָט נישט געוויסט ווי אַזוי סע זעט

א) עבודה זרה ג, א.

אויס אַ היימישער פרומער איד. די פראַזע „גלאַט כשר" איז געבליבן אויף יענער זייט ים, צוזאַמען מיט דעם „גלאַט כשר" פלייש.

מיט דעם סאַטמארער רבי'נס קומען אַהער, האָבן יודעי חן דערשפירט באַלד אַז „דרך כוכב", אַז אַ שטערן פון דער אַלטער היים, האָט באַוויזן זיך אויף דעם האָריזאָנט פון דעם פאַר־בלאָנדזשעטן אידענטום, פון דער פאַרפירטער אידישקייט. אַן אַלט נייע זון פון מזרח אייראָפּע האָט אָן געהויבן צו אויף געהן אויף דעם הימל פון דער אידישער אַמעריקע. אַלטע היימישע ווינטן האָבן אָן געהויבן צו אריין בלאָזן אין די אידישקייט פאַר יתום'טע הייזער, אין די כשר פערנאַכלעסיקטע קעכן, און אין די אַנדערע פאַרשידן אַרטיקע ווינקעלאַך פון פרום, און ווייניקער פרום אי־דישקייט.

דאָס אַמאָליגע אָהן פּשרה'דיק, אָהן קאָמפּראָמיסדיק פרום אידישקייט האָט אָן געהויבן צו שלאָגן וואָרצלען טיף און ברייט, מיט יעדער טאָג טיפער און ברייטער; טיפער די וואָרצלען, ברייי־טער די צווייגן. און נישט נאָר אויף דעם געביט פון תורה, מצוות, יראת שמים, חינוך, שמירת שבת און ימים טובים, טהרת המשפחה, נאָר אויך אויף אַנדערע געביטן ווי עקאָנאָמיע, פּאָליטיק, און אַזוי ווייטער.

**א**ין דעם קורצן שפּאַן פון צוואַנציק יאָרן האָט דער סאַט־מאַרער רבי אויף געשטעלט אַ רייע ישיבות מיט די נעמען „תורה ויראה", „יטב לב" און אַ מתיבתא מיט אַן ערך פון איבער צוויי טויזנט תלמידים, כן ירבו.

שולעס מיט דעם נאָמען „בית רחל" פאַר מיידלאַך מיט אַן ערך פון איבער פופצן הונדערט תלמידות כן תרבינה, מיט אַ בודזשעט פון אַ מיליאָן דאָלאַרן בערך, יאָרלאַך.

פיר זומער קעמפּס, „רב טוב" מיט אַ בודזשעט פון דריי הונדערט טויזנט דאָלאַרן.

אַ גמילות חסדים לאַי קאַסע מיט אַ יאָרלאַכן אומזאַץ פון אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַרן.

אַ ביקור חולים. נישט נאָר צו בלויז באַזוכן די קראַנקע, נאָר מע באַזאָרגט זיי פריי מיט עסן, רפואות און אַזוי ווייטער, וואָס קאָסט פופציק טויזנט דאָלאַרן בערך, יאָרלאַך.

א ישיבה פאר בחורים, און א „בית אסתר" שולע פאר מייד־לאך אין מאנטריאל, קאנאדע.

דאס זעלבע אין לאנדאן ענגלאנד, אנטווערפן בעלגיע, אין זיד אמעריקאנישע לענדער.

היינט די סאטמארער שטיבלאך אין די אלע ערטער, אריין גערעכנט פאריז.

איך האב געפרעגט א תלמיד פון פאריז אין דער ישיבה „שערי יושר" אין לוצערן אין דער שווייץ, פון וועלאכער הרה"ג ר' יצחק דוד קאפעלמאן נר"ו איז ראש הישיבה, וואו זיין טאטע דאוונט. האט ער גערענטפערט מיר: וואס הייסט וואו? אין סאטמארער שטיבל.

א דאנק סאטמאר, און אין פארשידענע פרטים, א דאנק אויך די אנדערע רבי'שע הויפן, זיינען היינט צו טאג בערד און פיאות, שטראימלען, זיינדענע קאפאטעס, גארטלען, וואלענע טלי־תים, שייטלען [פארוקן], מקוואות, א נאטירליכע ערשיינונג אין פארשידענע געגנטן דא אין לאנד, ווי פריער אין די שטעט אין אונגארן, אין גאליציע, פוילן, וואלין, און אזוי ווייטער.

סע האט געשאפן זיך א געוואלדיק גרויסע פראדוקציע פון פילע צענדליקער העכסט כשר'ע פראדוקטן, פון חלב ישראל ביז גלאט כשר פלייש, גרויסע שמורה מצה בעקערייען, און סתם בעקערייען פון אלע כשר'ע סארטן געבעקסן. דער אומזאץ פון די דאזיקע און די אנדערע רעליגיעזע אינדוסטריען באטרעפט שווערע צענדליקער מיליאנען דאלארן יעראלאך, און צענדליקער טויזנטער אידן כן ירבו, האבן שעהן פרנסה, מיט שמירת שבת וימים טובים נאך דער צו.

אלע גיבן צו אז דער רבי איז דער מנהיג „פאר עקסעלאנץ". סע זיינען אפשר פאראן גדולים וועלאכע קאנען פארגלייכן זיך מיט דעם רבי'ן אין דער, אדער אין יענער זאך. אפשר איז פאראן אזעלאכער וועלאכער קאן פארגלייכן זיך מיט דעם סאטמארער אין לערנען. אפשר איז פאראן אזעלאכער, וועלאכער קאן פארגלייכן זיך מיט דעם רבי'ן אין צדקות. אפשר איז פאראן אזעלאכער וועלאכער קאן פארגלייכן זיך מיט אים אין חכמה, און אזוי ווייטער. אבער אלץ אין איינעם אין אונזער דור איז פאראן ביי קיינעם, און נאר ביי דעם סאטמארער רבי'ן נר"ו.

דאָס ווייסן אין הארץ אפילו זיינע פאַרביטערסטע קריטי־קערס. און וואָס גרעסער אַ מענטש בכלל, און אַ מנהיג בפרט איז, אַלץ גרעסער איז די צאָל פון זיינע קריטיקערס. איז פאַרשטעהט זיך אַז דער רבי איז ברוך השם רייך אין קריטיקערס אין אַלע אידישע ישובים, און גאָר באַזונדערס אין אַמעריקע און אין ארץ ישראל. איז וואָלטן די קריטיקן אויס געדרוקט זיך אין לאָגישע אַרגומענטן, אין שכל הישר'דיקע אַנאַליזירונג פון דעם ענין, אין קאָנקרעטע פאַקטן, וואָלט עס געהאַט אפשר אַ געוויסן זין. און סע וואָלט אפשר גאָר געווען ווילקאָמען. וואָרן אמת'ע, עהרליכע קריטיק איז אָפט מאָל געזינט, זעהר גוט פאַר דער עצם זאַך. איז אָבער ליידער, ליידער דער פאַקט נישט אַזוי. גלויבט עס יאָ, גלויבט עס נישט, דער פאַקט אָבער איז, אַז די גאַנצע קריטיק פון די גרויסע ציון'יסטישע העכט ביז צו דעם פאַרפירטן עולם־גולם באַ־שטעהט פון צוויי פראַזן: דער סאַטמאַרער רבי איז אַ **נטורא קרתא'ניק** און אַ שונא ישראל, חלילה.

ווען מיר אָקאָרשט אַ קוק טון וואָס סע מיינט קריטיק, וואָס סע מיינט נטורי קרתא, און ווער סע איז אַ שונא ישראל.

**א**זוי ווי דאָרט וואו סע איז פאַראַן זון, איז דאָ אויך שאָטן. אַזוי אויך אומעטום וואו סע געפינט זיך אַ גוטע אָרגאַניזאַציע, אינס־טיטוציע, אַ וואוילטעטיקע צי אַ פּאָליטישע, איז אויך פאַראַן אַן אָפּאָזיציע, אַ געגנשאַפט. דאָס איז זעהר גוט. דאָס איז דעמאָקראַ־טיש. און אַזוי דאַרף זיין. באַזונדערס מיר אידן דאַרפן פירן זיך דעמאָקראַטיש. ווייל מיר אידן זיינען דאָס סאַמע ערשטע דעמאָ־קראַטישע פאָלק.

ווען משה רבינו האָט בעדאַרפט באַשטימען זיבעציק פאַר־שטעהערס פון די אידן, האָט ער געפינען זיך אין אַ פאַרלעגנהייט. זאָל ער נעמען זעקס פון יעדער שבט, וועלן דאַך זיין צוויי און זיבעציק זקנים. זאָל ער נעמען פון צען שבטים צו פינעף און פון צוויי שבטים צו זעקס, וועט דאָס דאַך נישט זיין דעמאָקראַטיש.

האָט מען געוואָרפן אריין צוויי און זיבעציק צעטעלאַך, און צוויי פון זיי זיינען געווען לעהדיק. די צוויי שבטים וועלאַכע האָבן אַרויס געצויגן די לעהדיקע צעטעלאַך האָבן געהאַט בלויז צו פינעף פאַרשטעהערס.

מיר זיינען די ערשטע וועלאַכע האָבן געגיבן דער וועלט

דעם באגריף פון „אחרי רבים להטות", פון „יחיד ורבים, הלכה כרבים", דעם מעהרהייט, דעם מאיאריטעט געזעץ. דאס געזעץ איז ווי די מעהרהייט. די מעהרהייט רעגירט. אהן דעמאקראטיע איז דיקטאטור. און צו וואס דיקטאטור דערפירט, האבן מיר דאך געזען, ווען מיר האבן באצאלט פאר דעם מיט איבער זעקס מיליאן קדושים, השם ינקום דמם.

און מיר זיינען א דעמאקראטיש פאלק, ווייל דער בעשאפער אליין פירט זיך דעמאקראטיש. ווען דער בעשאפער האט געהאלטן ביי דעם בעשאפן די וועלט, האט ער בארוטן זיך מיט דער תורה, מיט די ששה סדרי משנה, און מיט יעדער בעשאפעניש צי סע וויל ווערן בעשאפן. איידער ער האט בעשאפן דעם מענטש, האט ער בארוטן זיך מיט די מלאכים, מיט די נשמות פון די צדיקים, מיט הלל און שמאי, א) און נאך.

איז טאקע גוט וואס אין א דעמאקראטיש לאנד איז פאראן אן אפאזיציע, א צד שכנגד. סע איז אויך גוט אז אין אן ארגאניזאציע איז פאראן אן אפאזיציע. אפילו אין לומדות איז גוט אז סע איז דא א צווייטע מיינונג. ווען אונזער תלמוד, למשל, וואלט בעשטאנען בלויז פון הלל, ר' אליעזר, רב, אביי און אזוי ווייטער, אהן א שמאי, אהן א ר' יהושע, אהן א שמואל, אהן א רבא, אהן א בר פלוגתא און אזוי ווייטער; א רש"י אהן א תוספות, וואלט אונזער תלמוד געווען הונדערט מאל ווייניגער, קלענער. דאס אייגענע גילט מיט באצוג אויף די פירושים אויף תנ"כ, און אזוי ווייטער.

יעדער דעמאקראטיש לאנד ווערט געפירט פארלאמענטאריש. אין יעדער פארלאמענט איז פאראן אן אפאזיציע, געגנערס פון דער רעגירנדיקער מאכט. ווען קאנגרעס לייט צי סענאטארן זיינען געגן דעם פרעזידענט, געגן דער רעגירונג אין א געוויסן ענין, איז נאך נישט געווארן געבארן דער נאר, צי דער משוגע־נער וועלאכער זאל באשולדיקן די אפאזיציע אין שנאת אמעריקא. יעדער איינער ווייסט אז ביידע צדדים מיינען לטובת דעם לאנד. און דאס זעלבע איז טאקע אויך מיט די בירגערס. א טייל האלטן מיט דער רעגירונג. און א טייל האלטן מיט דער אפאזיציע. דאס זעלבע איז אין יעדער דעמאקראטיש לאנד אין דער גארער וועלט.

א) „נעשה אדם" — נמלך עם שמאי הלל.

אונזער גאנצע רעליגיעזע ליטעראטור פון תורת משה ביז צו דעם שפעיטערסטן אחרון, און אין די קומענדיקע דורות, איז דעמאָקראטיש.

אלזא, קריטיק איז גוט, אָבער נאָר קאָנסטרוקטיווע קריטיק. קריטיק איז באזונדערס וויכטיק מיט באצוג אויף ארץ ישראל, אָבער זי דארף און מוז זיין געבויעט אויף דער אידישער אמונה, אויף אמת, אויף עהרליכקייט.

די קריטיק דארף ווערן געפירט מיט רעספעקט צו דעם געגנער, צו דעם צד שכנגד. קריטיק דארף ווערן אויס געדריקט מיט לאָגיק געבויעט אויף פאקטן. זידל ווערטער, צונעמען, מאַר־קעט פלאַץ שפראך פירט צו גאָר נישט, שאפט גאָר נישט, אויסער שנאת חינם. און פאר שנאת חינם איז ירושלים געוואָרן חרוב. און געוויס קאָן ארץ ישראל נישט ווערן געבויעט דורך דעם.

ארץ ישראל בעלאנגט צו יעדער אידן אָהן אונטער שייד וואו ער וואוינט. אידן איבער דער גאנצער וועלט שיקן אריין אין ארץ ישראל שוועהרע צוואַנציקער מיליאָנען דאָלארן א יאָר. יעדער אָרטאָדאָקסישער איד האָט א רעכט צו קריטיקירן, און צו פאָדערן אַז ארץ ישראל זאָל פירן זיך לויט אונזער מאנדאט, נעמלאך לויט דער תורה.

א פשיטא שוין אַז יעדער פרומער פירער אָהן אונטער שייד וואו ער וואוינט, און בפרט נאָך א פירער וועלכער האָט א גרויסן חלק אין דעם העלפן בויען ארץ ישראל, ווי דאָס טוט דער סאטמארער רבי, איז נישט נאָר האָט ער א רעכט צו קריטיקירן, נאָר סע איז זיין חוב צו שטעהן אויף דער וואך, אַז סע זאָל פירן זיך על פי תורת ישראל.

ווען א פירער פון דעם סאטמארער רבי׳נס פארנעם זאָל נישט אַרויס טרעטן געגן דעם פארקויף פון חזיר אין ארץ ישראל, א פארבאָט אין דער תורה, געגן פרויען אין מיליטער, געגן דעם „סווימינג פול״ — דאָס באָדן זיך עפנטלאך פון מענער און פרויען אין ירושלים, געגן פאלמעסן אידישע מתים, געגן מחלל זיין שבת בפרהסיא, און נאָך נאָך. ווען ער זאָל נישט אָן ווענדן דעם „יקוב הדין את ההר״, וואָלט ער געווען נישט א רבי און נישט א מנהיג. ער וואָלט געווען א געפירטער, און אפשר אפילו א פאר־פירטער, און זיכער נישט א פירער.

דער רבי איז דאָס וואָס אַן אמת'ער אידישער פירער דאַרף זיין. זיין ווירקונג איז גרויס נישט בלויז אין אַמעריקע און אין ארץ ישראל, נאָר אויך אין אַנדערע לענדער. פילע פירערס אין פילע ערטער טראַכטן גוט פריער איידער זיי טוען עפּיס: „ווי אַזוי וועט דער סאַטמאַרער קוקן דאַרויף". און וואויל צו דעם דור וועלכער האָט זוכה געווען צו האָבן אַזאַ מנהיג, אַ מדברנא דעמא בחסד עליון, נר"ו.

סע איז אַן אַקסיאָמאַטישער, אָהן באַשטרייטבאַרער פאַקט אַז דער וועלכער האָט קיינע קאָנקרעטע פאַקטן צו באַפעסטיקן, צעמענטירן און באַווייזן די אויטענטישקייט פון זיינע אַרגומענטן אַז ער איז גערעכט, בעהאַלט ער זיך אונטער אַ האָגל פון זידל ווערטער, צונעמען, וכדומה. דאָס ווייסט אַפילו אַ בר בי רב דחד יומא, אַ חדר אינגל.

און כאָטש דער דאַזיקער ענין איז זעהר ערנסט, איז ער אָבער דורך געפלאָכטן אויך מיט אַ פאָדעם פון הומאָר. די וועלט זאָגט אַז ווען דער אייבערשטער וויל באַשטראָפן אַן עם הארץ לעגט ער אריין אַ לשון הקודש וואָרט אין זיין מויל. אין אונזער פאַל איז עס נישט אַ לשון הקודש'דיקער נאָר אַן אַראַמעאישער אויס דרוק. מע באַצייכנט, מע האַלט אַז דער רבי איז אַ **נטורא קרתא'ניק**. איז דאָס אַ גרויסער, אמת'ער אמת. איך שריי אויס בכל מאמצי כוחי, מיט מיין גאַנצן וועזן אַז דער סאַטמאַרער רבי איז אַ נטורא קרתא. און „ומי יתן כל עם ה' נטורי קרתא", און הלואי וואָלט דאָס גאַנצע אידישע פאָלק געווען נטורי קרתא!

ווען די דאָזיקע לייט וועלאָכע נוצן דעם אויס דרוק נטורא קרתא ווי אַ זידל, ווי אַ שימף וואָרט, וואָלטן געוויסט דעם אמת'ן טייטש, די באַדייטונג פון דעם דאָזיקן סאַמע נאָבלסטן, סאַמע העכסטן טיטל וועלאָכן מע קאָן גיבן אַ אידן, וואָלטן זיי זיכער נישט אָן געטון די דאָזיקע אידישע קרוין אויף דעם רבי'נס קאָפּ.

אָט הערט: רבי חייה, ר' אסי און ר' אמי זיינען געוואָרן געשיקט אויף אַ מיסיע, אויף אַ שליחות אין די פּראָווינץ שטעט אין ארץ ישראל. קומענדיק אין אַ שטאָט, האָבן זיי געהייסן רופן די נטורי קרתא. איז מע געגאַנגען און מע האָט געבראַכט צו זיי די וועכטערס פון דער שטאָט [די פּאָליצעי]. האָבן זיי אַן גערופן זיך: אָט זיי זיינען עס די היטערס פון דער שטאָט?! ניין. זיי

זיינען די פאַרניכטערס פון דער שטאָט. די וועכטערס, די היטערס פון דער שטאָט זיינען די ראשי הישיבות, די רבי׳ס וועלכע לערנען מיט די תלמידים תנ״ך און משנה; די מרביצי און מפיצי תורה, די פאַרשפּרייטערס פון תורה און תורה אידישקייט, זיי זיינען עס די נטורי קרתא, זיי זיינען די היטערס פון דער שטאָט, פון דעם אידישן לאַנד, פון תורה אידישקייט, א).

קיין העכערער, קיין נאָבעלער טיטל ווי ראש הישיבה, פון מפיץ תורה ברבים, פון מגדיל תורה ומאדירה, פון פאַרשפּרייטן תורה, איז קיין מאָל געווען. סע איז נישט פאַראַן איצט. און סע וועט נישט זיין ביי אידן.

משה רבינו׳ס גרויסקייט, זיין אייביקייט איז נישט דער קאָנסעקווענץ פון זיין אַרויס פירן די אידן פון מצרים. זיין וועלט באַרימקייט איז נישט דער רעזולטאַט פון די מלחמות וועלכע ער האָט געפירט און מנצח געווען, איינגענומען. ניין. זיין אייבי־קייט איז דער פּועל יוצא פון זיין האָבן געגיבן די תורה די אידן, און פון זיין האָבן געלערנט מיט זיי תורה ביז דער לעצטער מינוט פון זיין לעבן.

משה איז באַקרוינט מיט אַ זעהר לאַנגער קייט פון טיטלס און אַטריבוטן.

אין אונזער תלמוד, מדרש, אגדה, זהר, קבלה ליטעראַטור ווערט משה גערעכנט צווישן די פּאַטערס פון דער וועלט.

ער ווערט באַצייכנט מיט צדיק, דער גרעסטער צדיק צווישן די נביאים. ער איז די צדקות אַליין.

ער איז דער גרינדער פון דער כהונה. ער ווערט אַן גערופן כהן גדול.

ער איז באַקרוינט מיט דעם טיטל מלך.

ער ווערט אַן גערופן חכם, גרויסער חכם, גרעסטער חכם, גרעסטער חכם פון אַלע חכמים; דער פּאַטער, דער רבי, דער האַר פון דער חכמה.

---

א) ירושלמי חגיגה פרק א, אָנהייב הלכה ז; פסיקתא דרב כהנא קכ, ב, אויסגאַבע אום; איכה רבה, אָנהייב פתיחתא; מדרש שוחר טוב [על תהלים] מזמור קכז; ילקוט המכירי מזמור קכז, סימן ג; ילקוט שמעוני ירמיה רמז רפב און תהלים רמז תתפא.

זעט אומעטום די פאַרשידענע נוסחאות, און אויך וועגן די נעמען.

זיינען דאָך אַלע שאַץ קאַמערן פון חכמה, וועלאכע זיינען געוואָרן איבער געגיבן דעם מלאך זגנזגאל, געוואָרן געעפנט פאַר משה׳ן אויף דעם באַרג סיני.

זיינען דאָך פון די פיפציק שערי בינה, טויערן פון פער־שטאַנד, געוואָרן געגיבן משה׳ן גאַנצע ניין און פערציק.

ער איז נישט נאָר אַ נביא, אַ נביא בן נביא; נישט נאָר דער האַר, דער אוים דערוועהלטסטער, דער פאָטער, א) דער ערשטער, דער רבי, דער געלויבטסטער פון אַלע נביאים מיט וועמען דער אייבערשטער האָט קיין מאָל אונטער בראָכן זיין רעדן, בעת ביי די אַנדערע נביאים איז דאָס יאָ געווען דער פאַל. נאָר ער איז דער פאָטער פון נביאות.

אַלע אונזערע נביאים האָבן געזען דורך אַ נישט קלאָר גלאָז. אָבער משה האָט געזען דורך אַ פיין געשליפן גלאָז.

אַלע אַנדערע נביאים זיינען אַנטקעגן משה׳ן, ווי לבנה שיין אַנטקעגן זון שיין.

סע איז איבער הויפּט נישט פאַראַן אַ גרעסערער פון משה׳ן ביי אידן. ער איז דער גרעסטער פון די גרעסטע. זיין נאָמען ווערט באַצייכנט אַלס שבועה פאָרמעלע. ער איז דער איינציקער וועלאכער האָט געוויסט דעם אייבערשטנס וועגן.

ער ווערט באַצייכנט מיט: גבור, טוב, אמת, חסד, ישר, חן, חסיד, נקי כפים ובר לבב [ריינע הענט און אַ לויטער האַרץ], מחוקק [געזעץ גיבער], ספרא רבה [גרויסער שרייבער], רב גובריה [גרויסער מאַן], נבון, עשיר, איסטרט [גענעראַל, סטראַטעגיקער], רעיא מהימנא [באַגלויבטער פאַסטאַך], מלאך, און אַפילו נאָך מעהר, ב).

אָבער וועלט באַרימט, פאַראייביגט, אָהן שטערבלאָך איז ער אַלס משה **רבינו**, אונזער רבי, אונזער ראש הישיבה, אונזער מלמד,

א) ספרי פנחס פיסקא קלד; אבות דרבי נתן נוסחא א פרק א, נוסחא ב פרק א; מדרש שוחר טוב [תהלים] מזמור צ, ח; מדרש הגדול שמות זייטן 33, 13; סדר אליהו רבה פרק ה, כא; פרק ו, לג; פרק יג, סח; פרק יז, פג; סדר אליהו זוטא פרק יב, קצד; מדרש לקח טוב [פסיקתא זוטרתא] שמות ב, יב; מדרשי התורה ז, א־ב; ספר והזהיר, משפטים זייט 78; דרשות ר׳ שם טוב, וזאת הברכה עא, א.

ב) זעט מיינע ביכער:

„משה רבינו׳ס לעבן און שאַפונג״, זייטן מא־מד;

„מאָזעס אים ליכטע דער אגדה״, אין דייטש.

אונזער פארשפרייטער פון תורה און תורה אידישקייט, פון הר חורב׳דיק תורה אידישקייט.

און ווען די דריי גדולים פון די חכמי התלמוד האבן געהייסן רופן די „נטורי קרתא" האבן זיי נישט געמיינט די פאליצעי, דעם מעיאר, וכדומה. זיי האבן נישט געמיינט דעם נשיא, וועלאכער, שפאצירנדיק אין די גאסן פון ארץ ישראל, האט ער געטראגן דעם צעלינדער אין דער האנט, בעת דער פראמינענטער נישט אידישער גאסט האט געטראגן א יארמעלקע אויף דעם קאפ.

די דריי גרויסע תנאים האבן געמיינט די היטערס פון תורה און תורה אידישקייט. ווייל די אייביקייט פון דעם אידישן פאלק איז אין דער אייביקייט פון אונזער תורה. סע קאן נישט זיין א **אידיש** פאלק אהן תורה, פונקט ווי סע קאן נישט זיין תורה אהן אן **אידיש** פאלק. הא בהא תליא. איינס איז אפהענגיג פון דעם צווייטן. איינס ערגענצט דאס צווייטע. און וואויל איז אונזער דור וועלאכער האט זוכה געווען, צו דעם „נטורא קרתא" אין דער פערזאן פון דעם סאטמארער רבי ביז הונדערט און צוואנציק יארן, אמן כן יהא רעוא.

און מיין סימפאטיע מיט די קריטיקערס, וועלאכע וועלן מוזן צו טראכטן פון איצט אן עפיס אן אנדער זידלווארט אויף דעם ארט פון דעם נאבלסטן אידישן טיטל **נטורא קרתא.**

און אגב, דער רבי האט א מאל געזאגט מיר מיט א שמייכל: „די נטורי קרתא האלטן גאר נישט פון מיר". מיינענדיק דער מיט אז דער רבי איז גאר נישט גענוג פרום, אדער גענוג קנאי פאר זיי.

און זאל ווערן באמערקט דא אז די „מלשינים" די פאליטישנ־דיקע רכילות׳ניקעס, לשון הרע׳ניקעס און זייערס גלייכן זיינען פיל, פיל שולדיק אין דער באזיסלאזער, און א מאל אפילו פאר־פירנדיקער קריטיק געגן דעם סאטמארער רבי׳ן.

סע האט שוין איינער געזאגט א מאל: צווישן „השיבה שופטינו" און „ועל הצדיקים" שטעהט „ולמלשינים". און ווען די בייז ווויליקע **מלשינים** וואלטן נישט אריין מישן זיך צווישן זיי, וואלטן די „שופטים" און די „צדיקים" געלעבט אין הארמאני, פרידלאך.

און אזוי איז עס אין א געוויסער מאס אויך אין אונזער פאל. ווען נישט די בייז וויליקע, ביליקע פאליטישנס, וואלט זיכער געהערשט א נארמאלע, געזונטע פארשטענדיקונג, און אפט מאל אפילו קאאפעראציע צווישן סאטמאר און די פארשידענע געגן גרופעס, ווי סע דארף פירן זיך ביי לייטן.

מיינונגס פארשידנהייטן זיינען נארמאל, און אפילו וויכטיק; און נאר דענצמאל ווען זיי ווערן אן געוועגד אויף אן אנשטענדיקן, רעספעקטפולן אופן.

אבער „ולמלשינים”, רכילות, זידלערייען, ביליקע אן פאלן, וכדומה „אל תהי תקוה”, אין דעם שטעקט קיין האפענונג. דאס ברייגנט קיין געווינטשטע, פאזיטיווע רעזולטאטן. סע שאפט בלויז היים בלוט, און נישט געווינטשטן שאדן.

„וכל הרשעה כרגע תאבד”, און בייז וויליקע רשעות פער־דארבט, פארניכט, רואינירט גיכער ווי גיך.

איז שוין טאקע די העכסטע צייט צו מאכן אן ענד צו די מלשינים'דיקע, אזוי גערופענע קריטיקן, געבויעט אויף שפין וועבס־דיקען באזים פאקטן, אויף גוזאגט, גערעד, און די צונג האט דאך קיינע ביינער. מע קאן בייגן זי וואוהין מע וויל.

סע איז שוין די העכסטע צייט אז די אומשולדיק פארפירטע זאלן קוקן דעם אמת, די פאקטן אין די אויגן, אויף דעם ארט פון צו הערן זיך צו גרונדלאזע אוים טראכטענישן, וועלאכע זיינען א מאל פשוט בייז וויליק.

„מות וחיים ביד לשון”, א) רואינירונג און לעבן איז אין דער צונג, איז א זאג וועלאכן יעדער אמת זוכנדיקער איד דארף האבן שטענדיק אין זינען. סע דארף דינען אלס זיין מאס שטאב. הערט ער עפיס א קלאנג, דארף ער גוט בודק זיין, חוקר ודורש זיין, גוט אוים פארשן צי סע איז חיים'דיק, צי סע קומט פון א לעבנס שפרודלדיקן קוואל, צי סע איז **אמת**. און אמת איז איינער פון די דריי זיילן אויף וועלאכע די וועלט עקזיסטירט.

און מיר ווייסן דאך אז „קושטא קאי, שיקרא לא קאי”. אמת באשטעהט, ליגן פארגייט.

---

א) משלי ח, כא. פילע מענטשן, מיט דער פען און מיט דעם מויל צעטירן אדער זאגן „החיים והמות ביד הלשון”. דאס איז נישט ריכטיק. אין פסוק זיינען נישט פאראן די דריי ה. און מות שטעהט פאר חיים, אלזא „מות וחיים ביד לשון”.

אויף דעם אָרט פון הערן און אַראָפּ שלינגען נישט גע־שטויגנהייטן און נישט געפלויגנהייטן, איז גלייכער צו נאָך פאָלגן דעם סאַטמאַרער רבי׳נס ממשות׳דיקע אויף טועכצן. קאָנקרעטע טאָטן, פּאַקטישע מעשים פאַר אידן, אידנטום און אידישקייט סאַי דאָ אין לאַנד, סאַי אין ארץ ישראל, און סאַי אין אַנדערע לענדער, ותבוא ברכה על עם ישראל ועל ארץ ישראל, אמן כי יהי רצון.

אגב, אין דעם פאַרלויף פון די לעצטע פאַר טויזנט יאָרן, ביז דער גרינדונג פון מדינת ישראל, האָט דאָס לאַנד געהייסן ארץ ישראל. זינט דער גרינדונג פון דער מדינה, רופט מען עם ישראל. האָט דער רבי באַמערקט אַ מאָל: „על מה אבדה הארץ", איבער וואָס איז געוואָרן פאַרלאָרן ארץ, „על עזבם את תורתי", א) איבער זייער פאַרלאָזן מיין תורה.

נאָר דער וועלאַכער האָט קיין מוח אין זיין האלדז און נאַקען קאָן בעטראַכטן דעם רבי׳ן אַלס שונא ישראל, חלילה. דריי, פיר און אויך פינעף מאָל אַ טאָג וויינט דער רבי אוים דעם „ותחזינה עינינו". ער באַגיסט מיט ביטערע טרעהרן דעם „ולירושלים עירך" און עהנליכע תפילות וועגן ארץ ישראל.

און סע איז כדאי צו געדענקען אַז ער איז אַן אור אור, אייניקל פון דעם „ישמח משה זצ"ל, אויף וועמען מע האָט געזאָגט אַז ער איז אַ ניצוץ פון ירמיה הנביא, ווייל זיין גאַנץ לעבן האָט ער געטרויערט אויף חורבן ירושלים.

ער איז דער אב בית דין פון דער עדה החרדית אין דער שטאָט ירושלים אין ארץ ישראל. ער בויעט קרית יואל. ער האָט געגרינדעט אַ צאָל ישיבות אין בני ברק. ער שיקט פעקלאַך אַהין כסדר, פאַר שוועהרע טויזנטער דאָלאַרן יאָרלאַך. ער לאָזט איבער דאָרטן שוועהרע טויזנטערס אויף יעדער נסיעה אַהין. ער איז עס חלילה אַ „שונא ישראל" !!! אָבער וויפל ביישטייערן צו דעם אויף בוי פון ארץ ישראל די ציון׳יסטישע פירערס וועלאַכע ציען פון די ציון פושקעס זייער פרנסה; וועלאַכע פאַרשווענדן הונדערטער טויזנטער דאָלאַרן יאָרלאַך אויף זייער אָפטן פליען קיין ארץ ישראל אַהין און צוריק אויף קהל׳ס חשבון? אדרבה, וויפל?! זיי זיינען עס אוהבי ישראל, מ׳שטעהענס געזאָגט. נישט דאָ ווער סע זאָל לאַכן!!!

---

א) זעט ירמיה ט. יא.

אויב אהבת ציון מיינט זויגן פון דער ציון פושקע ביז צו דעם לעצטן טראָפּן. און העלפן מיט שוועהרע צענדליקער טויזנטער דאָלארן יאָרלאַך ארץ ישראל הייסט שנאת ישראל. דאַן קאָן יעדער פרומער, עהרליכער איד בעטן מיט א רואיקן געוויסן דעם אייבערשטן, ער זאָל מזכה זיין אונז מיט פילע „שונאי ישראל" ווי דער סאַטמארער רבי שליט"א איז.

און אגב, איך האָב באַמערקט א מאָל צו דעם רבי'ן אַז איך האָב פיל אוים צו שטעהן פון די וועלאַכע האלטן מיך פאַר „געכאַפּט אין סאַטמאַריזם", האָט דער רבי אַן גערופן זיך מיט זיין גוט בעקאַנטן ליבלאַכן שמייכל: איצט קאָנט איר פאַרשטעהן ווי פיל איך לייד פון דעם דאָזיקן עלבון [בושה, שאַנד].

איך הער אָפט זאָגן אין מעהר אָדער ווייניקער סימפּאַטישע קרייזן: אַז דער רבי איז טאַקע גרויס, און אַזוי ווייטער, אָבער די חסידים, אַי די חסידים, זיי זיינען אַזוי און אַזוי...

איז ערשטנס א גרויסע פראַגע צי סע איז איבער הויפּט אמת.

צווייטנס, אויב סע שטעקט אין דעם א קורטוב, א ביסעלע אמת. איז ווי גרוים איז, מ'שטעהענס געזאָגט, דאָס גאַנצע ביסעלע?!

דריטנס, זיינען אַלע אַנדערע פאַרשידענע גרופּעס אידן, חסידישע, מתנגדישע, פאַרטייאישע, און אַזוי ווייטער, זיינען זיי אַלע קודש קדשים, זיינען זיי אַלע טאַקע הונדערט פּראָצענט, אתמהא! איך גלויב קוים. און איך בין שטאַרק מסופק צי אַנדערע גלויבן עס.

פערטנס, ווען סע זאָלן אַפילו געפינען זיך א פּאָר, וועלאַכע זיינען נישט פּאַסיג צו זיין סאַטמאַרע חסידים, איז עס דאָך גוט באַוויסט, אַז אין יעדער סטאַדע ווייסע שאָף געפינט זיך א שוואַרץ שעפּעלע. אין יעדער גרויסער מענגע מענטשן געפינען זיך עטליכע יוצאי דופן. און דער פירער קאָן נישט זיין פעראַנטוואָרטלאַך דערפאַר. סע פּאַסירט אַפילו אין די שעהנסטע פאַמיליעס.

אברהם אבינו האָט געהאַט צוויי זין איז איינער, ישמעאל, גאַנצע פּיפציק פּראָצענט, ארוים לתרבות רעה. איז דען דערפאַר אברהם נישט אברהם אבינו?!

יצחק האָט געהאַט צוויי זין, איז עשו, גאַנצע פּיפציק פּראָצענט, ארוים לתרבות רעה. איז דען דערפאַר יצחק נישט יצחק אבינו.

משה האָט געהאַט אויף זיך אַ קרח, אַ דתן ואבירם. איז ער דען דערפאַר נישט משה רבינו.

די גרעסטע מעהרהייט פון דעם פאָלק האָבן געוואָלט דעם גאָלדענעם קאַלב, איז דערפאַר דען אהרן נישט אהרן הכהן.

אבשלום האָט געוואָלט הרג'ענען זיין אייגענעם פאָטער דוד המלך. איז דען דערפאַר דוד נישט דער „מלך ישראל חי וקיים", דער „נעים זמירות ישראל".

אידן האָבן נישט געפאָלגט די נביאים, זיינען זיי דען דערפאַר נישט די נביאים, און אַזוי ווייטער און ווייטער.

די אַרמעי דיסציפלין אין אַלע לענדער אין דער וועלט איז די מעכטיקסטע דיסציפלין אין דער וועלט, און זי האָט דעם כוח צו באַשטראָפן אַפילו מיט טויט [וואָס אַ רבי האָט נישט]. אָט לייענען מיר פון צייט צו צייט וועגן פאַרשידענע, מכל המינים־דיקע, מעהר אַרטיקע נישט אַנשטענדיקע זאכן, פון אַ נישטיק גניבה'לע ביז אַפילו מאָרד וואָס סאָלדאַטן באַגעהען. נו, איז שולדיק אין דעם דער פעלד מאַרשאַל ?! איז שולדיק אין דעם דער פרעזידענט פון די יונאַיטעד סטייטס, פון די פאַראייניקטע שטאַאטן וועלכער איז דער הויפט קאָמאַנדיר פון אַלע אַמעריקאַנער אַרמעיען ?!

אָט האָבן עטלאַכע אינגע לייט צעריסן זייערע קאַרטעס צו שטעלן זיך צו דעם פריזיוו, איז שולדיק אין דעם דער פרעזידענט ?!

אָט האָבן לעצטנס ניינצען ציון'יסטישע קאָלעדזש סטודענטן אַריין געריסן זיך אין די ביוראָס, אָפיסעס פון דער סירישער דעלעגאַציע אין דער „יו ען" אין ניו יאָרק, אַ מעשה נורא וואָס האָט געמאַכט געהן כאַדאַראַס די רעגירונגען פון הונדערט און איין לענדער אין דער וועלט. און סע איז געוועזן אַפילו אַ פאַר־שלאָג אַריבער צו פירן די „יו ען" אין אַן אַנדער לאַנד. נו, איז דען שולדיק אין דעם דער פרעזידענט פון דער ציון'יסטישער אָרגאַני־זאַציע ? געוויס נישט.

אָבער טאָמער טוט אָפּ אַמאָל אַ בחור'ל מיט פיאות עפּיס אַ נאַרישקייט, און נישט שטענדיק איז ער דוקא אַ סאַטמאַרער. איז יעדער איינער וועלכער איז נישט געלינקט אויף דעם שכל וועט פאַרשטעהן, אַז דאָס האָרט דעם רבי'ן מעהר ווי אַלע זיינע קריטיקערס צוזאַמען.

גרויס איז דער אינספירירענדיקער כוח פון דעם סאטמארער רבי׳ן, פון דעם רעיא מהימנא, געטרייער פאסטאך, פון אונזער דור.

מעכטיק איז זיין איינפלוס אויף זיינע טויזנטער חסידים, כן ירבו.

שטארק איז זיין ווירקונג נישט דירעקט אויף טויזנטער אידן איבער דער גארער וועלט, און דירעקט אויף די וועלאכע באזוכן אים דאס ערשטע מאל.

אבער גאר באזונדערס באצויבערט זיין הייליקע התלהבות דורך געווייקט מיט הארציקע תחנונים טרעהרען, דורך געוויטיקט מיט דעם נשמה׳דיקען קרעכץ, פון אט דער דאזיקער פענאמענאלער פערזענלאכקייט אין די לאנגע שעה׳ן פון תפילה, פון עבודה.

**הושענא רבה,** אן ערך צען א זייגער אין דער פרי, שטעהט שוין דער פאטריארכאליש אויס זעענדיקער סאטמארער [סאק־מארער] צדיק און גאון ביי דער עבודה. אין שוהל געפינען זיך אן ערך הונדערט מנינים, כן ירבו. אידן פון אלע עקן אמעריקע, פון ארץ ישראל, פון ענגלאנד, קאנאדע, בעלגיע און פון אנדערע לענדער זיינען פארטראטן. אט די דאזיקע מאסע אידן, איננע, מיטל יאריקע, עלטערע און אלטע מיט ברוינע, געלע, שווארצע, גרויע, ווייסע בערד, און מיט געקרייזלטע פיאות זיינען איין געוויקלט אין וואלענע טליתים, א). בחורים מכל המינים עלטער בעלאגערן די פענצטערס, האלטן אן זיך אין די הויכע רשאקען. די פיר ווענט שוויצן, סע זעצט א גרויע פארע פון זיי. פון יעדער פנים טריפן, טריפן גרויסע טראפנס שוויים, וועלאכע בלישטשען אין דעם עלעקטרישן ליכט ווי בליאסקנדיקע דימענטן. א ריזיקע קוואדראט דעק פון זילבער בליאסקעדיקע עטרות פינקעלט איבער זייערע קעפ.

פון אט דער דאזיקער בלישצענדיקער זילבער פלאכע גרינט ארויס א קנאפע טויזנט לולבים׳דיקער וואלד. די גרינע לולבים באפוצט מיט די הדסים און ערבות באוועגן זיך ריטמיש מיט די הייליק פורכטיקע אהין און צוריק ריטמישע באוועגונגען פון דער

---

א) אין תלמוד איז טלית אויך לשון נקבה; טליות, טליתות, צום ביישפיל: טלית שכולה תכלת, ירושלמי סנהדרין פרק י, הלכה א; טלית כפולה, שבת קלח, א און מנחות מא, א; היוצאים בטליתות, שבת קמז, א; היוצא בטלית מקופלת, שבת קמז, א; עשר טליות, ד׳ טליות, זעט זבים פרק ד, הלכות ו און ז.

טויזנט קעפיקער מאסע. בעת די אויגן פון די עלטערע חסידים גיסן מיט הארץ רייסענדיקע טרעהרן, זיינען די אויגן פון די אינגע לייט — חסידים מיט שטראימלען, זיידענע קאפאטעס און גארטלען, די תלמידים׳לאך מיט די פריש אויס געצוואגענע גע־קרייזלטע פיאה׳לאך, געריכטעט צו דעם רבי׳ן. זייערע אויערן זיינען אן געשפיצט צו דעם רבי׳ן. און רבנים פון פארשידענע געגנטן זיינען אויך דא. זיי זיינען געקומען „שעפן הייליקע אינס־פיראציע״. און אזוי ארום בעאיינפלוסט דער רבי נישט דירעקט אויך אנדערע קהילות.

און הייס, פלאמעדיק איז די התלהבות פון די מתפללים, פון די דאוועגערס. זי ווערט הייסער, און הייסער, פלאמעדיקער און פלאמעדיקער, התלהבות׳דיקער און התלהבות׳דיקער מיט דעם רבי׳נס יעדער תפילה, מיט דעם רבי׳נס יעדער באוועגונג.

ברויזנדיק שטורמיש איז „הלל״. און אז איר ווערט מיט געריסן מיט דער פערכאפנדיקער התלהבות, דערשפירט איר באלד א געפיל, אז די דאזיקע תפילה דערגרייכט דארט אהין, וואוהין זי איז געריכטעט. און איר טראכט זיך: ווי הויך קאן שוין זיין די התרוממות, די דערהויבנקייט וועלאכע דער אמת׳ער, ווירקלאכער ערלאך־פרומער סאטמארער חסיד פילט, לעבט דורך.

און אט קומט דער סאמע הויך פונקט — **הושענות!** א הייליק ציטערנדיקע שטילקייט כאפט ארום דעם גאנצן אינע־ווענדיק פון דעם בית המדרש. און פלוצים אן אוי, א קרעכץ! און איר דערפילט מיט אלע וויבערן פון אייער הארץ, מיט אייער גאנצער נשמה אז דאס איז א קרעכץ פון דעם גאנצן אידישן בראך, פון אלע אונזערע איבער זעקס מיליאנען קדושים, ה׳ ינקום דמם, פון אונזערע ליידנדיקע מיליאנען ברידער און שוועסטערס אין די קאמוניסטישע לענדער, פון דער ירידה פון תורה אידישקייט, פון דעם גאנצן אידישן וועהטיק אין אלע זיינע פארשידן ארטיקע פאזן, אין פארשידענע לענדער. און ווען דער רבי שליט״א קרעכצט ארויס דעם הארץ שפליטערדיקן „אוי״, דעם אויסגעוויטיקטן „וועה״ ממעמקים, פון דער טיפעניש פון זיין הארץ — דעם אויס געשרעה **הושענא!** דערפילן די מתפללים אז זיי שטעהען פנים אל פנים מיט דעם אלער־ערנסטן מאמענט פון דעם גמר טוב׳עדיקן טאג.

**צווישן איין שטעלע און דער צווייטער זאגט דער רבי. דאס זאגן באשטעהט פון תחנונים, וועלאכע שטורמען ארויס פון א**

הארץ אין וועלאכן סע ברויזן די צרות פון דעם אידישן פאלק און דארפן שטורמען די הימלען, און פון מוסר וואס קאן „רירן א שטיין". און ביי יעדער „זאג" וועלאכער דרינגט אריין אין די טיפענישן פון דעם הארץ, אין די פארבארגענישן פון דער נשמה, ברעכט אוים דער עולם, אינג און אלט אין א הויכן יאמערליכן געוויין וואס צענעמט אויף שטיקער. א הונדערט מנינים אידן, כן ירבו, מיט בערד און פיאות, איין געוויקלט אין לאנגע, שווערע, וואלענע טליתים וויינען אוים, קלאגן אוים זייערע תפילות, אויף דעם הויכן קול!!! א ציטערנדיקע פורכט, א נעילה־פחד אין דעם קליינעם שטעטל פאלט אן אויף אייך!

אט אזוי שטעהט דער רבי פון די מארגן שעה'ן ביז די שפעיטע נאך מיטאג שטונדען, און פירט דורך דעם הושענא רבה'־דיקן הימלם דינסט. איר שטעהט א צערודערטער, א צעבראכענער.

איר זענט געקומען בלויז זען מיט אייערע אייגענע אויגן דעם וועלט בארימטן גאון און צדיק, דעם סאטמארער רבי'ן נר"ו וועלאכער איז שוין ביי דעם לעבן עד מאה ועשרים שנה א לעגענדארישע פערזענלאכקייט. און איר זענט גאר ווי דורך עפים א צויבער געווארן טראנספערירט אין אן אנדער וועזן.

סע דאכט זיך אייך, איר פילט אפילו ווי איר זענט געווארן עפים אן אנדער מענטש. איר זענט קערפערלאך פערמאטערט, צעבראכן, אפ געפאלן אין אייער אייגענעם אינען; אזוי נישטיק, אזוי גאר נישטדיק אין אייערע אייגענע אויגן. און אויף אייער נשמה, וועלאכע האט ביז היינט כסדר געלעכצט נאך עפים צופרידן שטעלנדיקס, נישט וויסנדיק אליין נאך וואס; וועלאכע האט גע־בענקט, געגארט נאך עפים אבסטראקטס, אפשר גאר נישט בנמצא'־דיקס, גאר נישט עקזיסטירנדיקס, וואס זאל זעטיקן אייער גייסטיקן געמיט צו שטאנד, גיבן אייער טאג טעגלאך לעבן א תוכן, אן אינהאלט, א זין. און פלוצים, ווי פון דער העלער הויט איז געווארן אייך אזוי לייכט אויף דעם הארץ, אזוי גרינג אויף דער מידער נשמה.

ביז היינט איז אייער גאנצער לעבנס געדאנק, אייער זוכן דעם זין פון לעבן, ארום געשווימען ווי אין א וואקואום, ווי אין א לופטלאזן חלל, אין א לופטלאזער ספערע, אהן א באדן אונטער זיך. און היינט ביי דעם סאטמארער רבי'ן האט איר דורך א

ריינעם צו פאל געפינען דאס, נאך וואס אייער בענקעדיקע נשמה, אייער לעכצענדיק הארץ האבן געגליסט. דאס לעכצן, בענקען, דאס גליסטן וועלאכע האבן געדריקט אייער נשמה, אייער הארץ, זיינען פארשווינדן גלייך ווי זיי זיינען נישט געווען אין גאנצן. סע איז געווארן אייך אזוי גרינג אויף דער נשמה, אזוי לייכט אויף דעם הארץ, ווייל איר האט געפינען דעם טויזנטער יאריקן אמת'ן, תוכן־דיקן, אינהאלט האבנדיקן זין פון דעם אידם עקזיסטענץ און לעבן.

הושענא רבה אין דעם סאטמארער בית המדרש האט איר געפינען צוריק דאס שוין לאנג פארגעסענע מיטל פאר דער אייביקער עקזיסטענץ פון די אידן אלס אן **אידיש** פאלק. פונקט ווי שלמה המלך האט איר דערפילט און איין געזען דעם היסטא־רישן אמת, דעם אמת'ן זין פון לעבן: „את האלקים ירא, ואת מצוותיו שמור, כי זה כל האדם", האב מורא פאר דעם אייבערשטן, און היט אפ זיינע געבאטן, ווארן דאס איז דער גאנצער מענטש [ענדע קהלת].

און איר טראכט: ווי אזוי וועט דער רבי נר"ו האבן כוח נאך אזא עבודה צו געהן מיט אן הקפה.

ארום עלף א זייגער שמיני עצרת ביינאכט. דער בית המדרש איז געפאקט, נישט בלויז אויף די טישן און אויף די בענק, נאר ממש אויף די ווענט און אויף די טירן, אויף די פענצטערס און אין דער לופטן, א שפילקע נישט אריין צו ווארפן. דער רבי קומט, קיין שפור פון מידקייט. זיין פנים לייכט מיט שטראלנ־דיקער הערליכקייט, מיט אזא רואיקער צו פרידנקייט וועלאכע דריקט אוים זיכערקייט, אז די תפילות זיינען געווארן אן גענומען.

צוויי געשלאסענע „קייטן" פון געארעמטע הענט ווערן פאר־מירט אין צוויי רינגען, איינער אין דעם אנדערן. צווישן די דאזיקע צוויי „קייטן" טאנצט דער רבי א כסדר לויפעדיקן טאנץ ארום און ארום אין דעם בית המדרש.

די ערשטע הקפה געדויערט ארום א שעה. די מענטשן־„קייטן" זיינען פערמאטערט, אוים געשעפט, מיט שווייס דורך גע־נעצט ביז צו דעם העמד, און דאס העמד אריין געערעכנט. דער רבי, אן געטון אין א וואלענעם טלית, א שווערע עטרה, א תורה'לע אויף די הענט, א ליידנדיקער לא אלינו אויף די פיס, איז נישט מיד אויף א האר. און ער פראוועט אזוי די הקפות שטונדן לאנג.

ווען מע זאָל אוים מעסטן דעם צירקל אין וועלאכן ער „שוועבט" אַרום מיט דער תורה, איבער ציילן וויפל מאָל און רעכענען דאָס צוזאַמען, וואָלט דאָס באַטראָפן אַ היבשע צאָל מיילן. און אַט נאָך דער דאָזיקער עבודה, פראַוועט דער רבי טיש אין דער סוכה, זאָגט לומד'ישע תורה, און ענדיקט אַרום פיר פאַר טאָג. קרעפטיקע אינגע חסידים קאָנען קוים האַלטן אָפן די אויגן. אָבער דער רבי איז פריש און מונטער, פונקט אַזוי ווי ווען ער איז געקומען צו די הקפות.

**שמיני עצרת אין דער פרי.** דער רבי איז אין בית המדרש. אַ רואיקע, צו פרידענע מונטערקייט ליגט אויף זיין שטראַלנדיק פנים, א). ער פראַוועט די עבודה. באַשרייבן לאָזט זיך דאָס נישט. דאָס דאַרף מען מיט מאַכן, דורך לעבן. דער רבי איז ווידער אויף די קראַנקע פיס דעם גאַנצן טאָג. מע דאַוונט אָפ שוין צוזאַמען מיט מנחה.

**שמחת תורה ביינאַכט.** נאָך מיטן-נאַכט הייבן אָן זיך די הקפות. מאַסן מענטשן שטראָמען. אין בית המדרש — קאָפ אויף קאָפ. אַריין איז שוין נישט מעגלאָך. די גאַס איז געפּאַקט. דער בלאָק איז אָפ געשלאָסן. די פּאָליצעי האַלט אָרדנונג. די ווענט שוויצן. און ביז פיר אַ זייגער פאַר טאָג טאַנצט דער רבי דעם „לויף טאַנץ" מיט דער תורה. וואָס לענגער ער טאַנצט, אַלץ פליג־קער ווערט ער. חסידים באַמערקן אַז נישט נאַטירליכע כוחות שטעקן אין דעם. אַ רעיון, אַ געדאַנק לויפט דורך: אַ הויכער גייסט שוועבנדיק אין העכערע ספערעס פילט קיין קערפּערלאַכע מידקייט. אָבער ווי סע זאָל זיין האָט דער לויף טאַנץ געדויערט אַרום פיר שטונדן.

אגב, ווען דער רבי האָט אַ מאָל נישט מעהר געדאַכט און, פאַר קיינעם געדאַכט, געליטן שטאַרק אויף די פיס, און דער דאָקטאָר האָט פאַרבאָטן אים צו דורך מאַכן אויף זיין דרך אַלע הקפות. האָט ער געזאָגט אים „שמיני רגל בפני עצמו", ב) אַז שמיני עצרת האָט ער גאָר אַנדערע פיס.

---

א) איך האָב געפרעגט מיין דענצמאָל צען יאָריקן זון משה: וואָס איז דער אונטער שייד פון דעם סאַטמאַרער און די אַנדערע רביים וועלאַכע דו קענסט. האָט ער געענטפערט: דעם סאַטמאַרערס פנים שפרודלט מיט הייליקייט.

ב) ראש השנה ד, ב; סוכה מז, א און מח, א; חגיגה יז, א.

און ווי סע ווייזט אויס עקזיסטירט נישט ביי דעם סאטמארער רבי'ן דער אן געוועמענער באגריף פון צייט. ביי דעם רבי'ן איז נאכט טאג, און טאג איז דאך געווים טאג. ארום האלב נאך פיר א זייגער פראוועט דער רבי טיש, א). נאך דעם הייבט אן זיך אויף דער גאס דער בארימט געווארענער טאנץ, וועלאכן דער רבי זעט פון זיין וואוינונג דורך א פענצטער. אזוי ציט דאס זיך ביז סע הייבט אן צו טאגן. און פילע געהען אוועק אין בית המדרש אריין צו דאווענען בהשכמה.

**שמחת תורה ביי טאג.** און פארשטעהט זיך אז שמחת תורה, דער קלימאקס פון דעם יום טוב סוכות, ווערט געפייערט מיט נאך מעהר התלהבות, מיט נאך מעהר ברען. געפאקטע מחנות מענטשן ציען זיך צו דעם בית המדרש, אבער זיי מוזן בלייבן שטעהן אין דרויסן, אין די ארומיגע גאסן. און אין בית המדרש ענדיקן די חקפות זיך ארום מנחה צייט.

אך, וואס פאר אן ענדערונג סע איז פאר געקומען אין די לעצטע צוויי צענדליק יארן בערך אין דעם אידישן לעבן אין אמעריקע! מיט א צוואנציק יארן צוריק האט א בעקאנטער רב נישט געוואגט צו באווייזן זיך מיט א שטריימעל אין גאס און טאקע אין וויליאמסבורג. און היינט טאנצן טויזנטער שטריימעל אידן אין די גאסן פון וויליאמסבורג, קראון הייטס, בארא פארק און פאליצעי האלט נאך וואך. מיט א צוויי צענדליק יארן צוריק איז א קליין אינגעלע מיט פיאות נישט געווען כמעט בנמצא אין אמעריקע. היינט זעט איר אין די סאטמארער **ישיבות** אין וויליאמס־בורג אליין איבער דריי טויזנט אינגעלאך מיט פיאות, בחורים מיט פיאות און בערדלאך, כן ירבו, א חוץ אין די אנדערע חסידישע און ליטווישע ישיבות אין די פארשידענע געגנטן אין גרויס ניו יארק, אין די געגנטן ארום ניו יארק, און אין אנדערע שטעט אין אמעריקע.

און זאל דא אויך ווערן דערמאנט אז דער רבי איז אויך דער בעל קריאה שבתות און ימים טובים. סע האט איינער געפרעגט א מאל דעם רבי'ן צי ער איז טאקע א בעל קריאה. האט

---

א) אגב, דער רבי האט געגיבן א מאל איינעם, א נישט סאטמארער חסיד, שיריים, און ער האט געזאגט אים מיט א שמייכל: תארפסט עס נישט אוועק, איר וועט זיין אן עובר בבל תשחית.

דער רבי געענטפערט אים: „אַ בעל קריאה בין איך נישט, אָבער איך לייען״. אזוי צי אזוי, אָבער דער סך הכל איז דער זעלבער. דער רבי לייענט.

און דער רבי איז אויך דער בעל תפילה. אָבער ער דאַווענט נישט פאַר דעם עמוד, ער דאַווענט פאַר דעם אייבערשטן.

דער רבי ר׳ לוי יצחק בערדיטשעווער זצ״ל, האָט געפרעגט אַ מאָל אַ חזן פאַר וואָס ער איז הייזעריק. האָט ער געענטפערט אים, ווייל ער האָט געדאַווענט פאַר דעם עמוד. האָט דער בערדי־טשעווער געזאָגט צו אים: אָבער ווען איר וואָלט געווען געדאַווענט פאַר דעם אייבערשטן, וואָלט איר נישט געווען געוואָרן הייזעריק.

וועגן זיין גרויסקייט אין לערנען, זיינע ספרים, דרשות, תורה ביי די טישן און שיחות חולין שצריכים לימוד פאָדערט זיך, פאַרשטעהט זיך, אַ גאַנץ באַזונדערער ספר.

סע איז אַן אָהן באַשטרייטבאַרער, פעסט געשטעלטער פאַקט אַז מיט דעם אריבער קום פון די חסיד׳ישע רביים, האָט פרום אידנטום באַקומען אַ געוואַלדיק מעכטיקע פעסטונג. די הויפּט פאַקטאָרן פאַר דעם שוואונג פון פרום אידישקייט אין אַמעריקע אין דעם פאַרלויף פון די לעצטע דריי צענדליק יאָרן בערך, זיינען די ישיבות, באַזונדערס די חסיד׳ישע ישיבות, און ועל כולם די סאַטמאַרער, א). זיי ווירקן אויף אַ קאָלאָסאַל גרויסן איינפלוס אויף זייערע אייגענע חסידים, און באַאיינפלוסן שטאַרק די נישט חסיד׳ישע קרייזן.

און זאָל ווערן אונטער שטראָכן דאָ אַז דעם סאַטמאַרער רבי׳נס איינפלוס איז גרויס אויך אין אַנדערע קרייזן. סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע פאַקטאָרן וועלכע האָבן באַוויזן צו אַוועק שטעלן די סאַטמאַרער „באַוועגונג״ אויף אַזאַ הויכן פּעדעסטאַל אין אַזאַ פאַרהעלטניסמעסיק קורצער צייט.

פאַר אַלעם, די פירענדיקע פערזענלאַכקייט, דער לייטנדיקער גייסט — דער רבי אַליין. גאונות, צדקות, חכמה, חסידות, צדקה, אהבת ארץ ישראל, אהבת עם ישראל, בחסד עליון׳דיקע פירער־

א) וועגן די אַנדערע ישיבות, ווי די ליובאַוויטשער, באָבאָווער, צעהלעמער, ר׳ חיים ברלין, תפארת ירושלים, בית מדרש גבוה, תורה ודעת, מיר, ר׳ יעקב יוסף, חפץ חיים, חתן סופר, שערי יושר, נייטרער און אַנדערע, איה״ש אין די קומענדיקע בענדער.

שאפט, און נאָך, אין איין פערזאָן, זיינען נישט פון די אָפטע ערשיי־נונגען אין יעדער דור. פירערשאפט אָהן פערזענלאכע נוצן, אונטער נעמונגען אָהן פערזענלאכע צוועקן, זיינען נישט וויניקער זעל־טענע ערשיינונגען. א קהל פאַרזאָרגער אָהן פערזענלאכע אינטער־רעסן [געלט, אָדער כבוד, וכדומה] איז נאָך דערווייל א חלום. באגרייפן די נייטיקייט פון א מאָמענט און פאַרשטעהן ווי צו באַגעגענען א געגיבענע סיטואַציע, איז א בעגאבונג וועלאכע נישט יעדער פירער, אפילו ביי דעם בעסטן ווילן, באַזיצט.

און סע איז כדאי צו באַמערקן אַז מיט בלויז איין וואָרט, און א מאָל דוקא מיט א „מאָדערנעם", א „ליטעראַריש" וואָרט כאַראַק־טעריזירט דער רבי דעם גייסטיקן אָדער פסיכישן געשטעל פון א מענטשן. איך האָב א מאָל געפרעגט דעם רבי'ן זיין מיינונג וועגן א געוויסן מענטשן אין ארץ ישראל, האָב איך באַקומען דעם ענטפער: אַן עהרליכער איד, א צדיק, אָבער א **כניאָק**.

א אינגע געבילדעטע, אינטעליגענטע פרוי האָט געבעטן דעם רבי'ן, ער זאָל בענטשן זי מיט א אינגל, נאָר ער זאָל זיין א **משה רבינו**. האָט דער רבי געגיבן א זאָג צו מיר שטילערהייט: **פאַנטאַ־זיע**! סע וואָלט געקומען א פסיכאָלאָג ווער ווייסט ווי לאַנג צו ערקלעהרן עס. דער רבי האָט דערקלעהרט עס מיט **איין** וואָרט.

מיט אָט די דאָזיקע וויכטיקע אייגנשאפטן, וועלאכע זיינען אָהן באַדינגטע נייטיקייטן פאַר אַן ערפאָלגרייכער דורך פירונג פון קאַרדינאַלע אונטער נעמונגען, איז דער סאַטמאַרער רבי באַ־שענקט מיט א פולער מאָס. צו דעם קומט נאָך צו זיין ברייטע און טיפע בעהאַוועוונטקייט אין וועלטלאכע אַנגעלעגנהייטן, אין פּאָליטישע ענינים, און אַזוי ווייטער.

זיין וואָך אויג און אָפענער אויער זיינען אָפן צו אַלץ און אַלעם וואָס שפּיגלט אָפּ זיך אין די פאַרשידענע ריכטונגען און שאַטירונגען פון דעם אידישן לעבן, דאָ אין אַמעריקע, אין ארץ ישראל, אין רוסלאַנד און אין אַנדערע לענדער. און דערפאַר איז ער דער מורה דרך, דער וועג ווייזער בחסד עליון, דער מנהיג פאַר עקסעלאַנס, וועמען אפילו זיינע פאַרביסנסטע געגנערס מוזן רעספּעקטירן. דערפאַר טאַקע ווערט די פיל פאַרצווייגטע טעטיקייט פון סאַטמאַר אויף די געביטן פון חינוך, כשרות, טהרת המשפחה, שמירת שבת וימים טובים און נאָך, און נאָך, אַלץ ברייטער און

טיפער, און רופט ארויס באווינדערונג און רעספעקט אפילו אין לאגערס וועלאכע האבן אנדערע מיינונגען, און אפילו אין אנטא־גאניסטישע קרייזן. סע איז גענוג צו דערמאנען בלויז די פאר צענדליק ישיבות „יטב לב", „תורה ויראה", און „בית רחל" פאר מיידלאך אין אמעריקע, קאנאדע, ארץ ישראל און אין אנדערע לענדער.

א פערזענלאכקייט וועמען די לומד'ישע וועלט אנערקענט אלס גאון אין תורה, אין לערנען; די חסיד'ישע וועלט האלט אים פאר א גדול אין חסידות; אין דער רבי'שער וועלט הכל מודים, גיבן אלע צו אז ער איז גרויס אין צדקות; אין אלע שיכטן פאלק באשר הם שם, איבעראל, אפילו הינטער דעם אייזערנעם פארהאנג אין רוסלאנד, איז ער באוויסט אלס גרויסער בעל צדקה. אזא פענאמענאלע פערזענלאכקייט באיינפלוסט זעלבסט פארשטענדלאך אויך מענטשן אויסערהאלב זיין אייגענעם קרייז.

אט דערפאר האלטן די סאטמארער אקטיוויטעטן, טעטיקייטן, אונטער נעמונגען אין איין וואקסן נישט געקוקט אויף די ביליגע, נישט אמת'ע, נישט באגרינדעטע, נישט אויס געהאלטענע, פאר־פירענדיקע קריטיקן, און אפשר גאר דוקא דערפאר, אין איין וואקסן, אין איין פארשפרייטן זיך, און שלאגן טיפעווארצלען אין פאר־שידענע אנדערע קרייזן. סע איז כמעט נישט דא דער טאג אין וועלאכען סע זאלן נישט צו קומען נייע סימפאטיקערס, אן הענ־גערס, נייע חסידים, כן ירבו.

און אט דאס און פיל מעהר האט באוויזן מיט פענאמענאלן ערפאלג, מיט השפעה'דיקער הצלחה, אין דעם קורצן שפאן פון א צוויי צענדליק יארן הגאון האדיר, רבן של ישראל, דוך דוכנין, האדמו"ר הרב ר' יואל טייטלבוים, נר"ו ושליט"א, אמן כן יהא רעוא.

# כוזרי

**ר׳** יהודה הלוי, דער באַרימטער משורר דיכטער, פייטן בחסד עליון, תלמודי [תלמו־דיסט], פילאָזאָף איז איינער פון די קאַליר־פולסטע פערזענלאַכקייטן אין דער העברעאי־שער, לשון הקודש׳דיקער און ליטורגישער [רעליגיעזער, תפילה׳דיקער] ליטעראַטור, פון דער „גאָלדענער עפּאָכע״. און דער צו נאָך איז ער איינער פון די וויכטיקסטע אידישע פילאָזאָפן פון דעם מיטלאַלטער.

ער איז געוואָרן געבאָרן אין טאָלידא, זיד דרום, קאַסטיליע, שפּאַניע אין דעם יאָר 1085, אָדער 1086, ווען רש״י ז״ל איז געווען אַלט אַ פינעף אָדער זעקס און פערציק יאָר. זיין פאָטער ר׳ שמואל האָט געשיקט זיין בן יחיד יהודה לערנען אין דער ישיבה פון ר׳ יצחק אלפסי, באַקאַנט אויך אַלס ריף, ריאַף, אלפס, א) אין דער שטאָט לוסינא, שפּאַניע. דאָרט האָט ער גע׳חבר׳ט זיך מיט ר׳ יוסף בן מאיר, דעם ריף׳ס תלמיד ותיק אויף וועלאַכן דער רי״ף האָט געזאָגט אַז: אַפילו אין משה רבינו׳ס דור האָט נישט געפינען זיך זיין גלייכן אין חכמה און אין בינה, פערשטאַנד; און ער האָט באַשטימט אים אַלס זיין נאָך פאָלגער, כאָטש זיין אייגענער זון ר׳ יעקב איז אויך געווען גרויס אין תורה און אין חכמה; און מיט ר׳ ברוך אבן אַלבאַליאַ, וועמענס פאָטער ר׳ יצחק אבן אַלבאַליאַ איז געווען איינער פון רי״ף׳ס שטאַרקסטע צוויי געגנערס.

אויף דעם ריף׳ס מצבה געפינט זיך זיין תלמיד יהודה׳ס עפּיטאַף:

„הרים ביום סיני לך רעשו כי מלאכי האל בך פגשו

ויכתבו תורה בלוחות לבב וצבי כתריה לך חבשו

לא עצרו כח נבונים לעמוד לולא תבונות ממך דרשו״.

גלייך צייטיק האָט הלוי געלערנט אויך אַראַביש, די ליטעראַטור שפּראַך פון יענער עפּאָכע, גריכישע און אַראַבישע פילאָזאָפיע און אויך מעדיצין. סע איז פאַראַן אַ סברה, אַ מיינונג אַז ער איז געווען אַ מעדיצין דאָק־טאָר. וועגן דער גריכישער וויסנשאַפט [לי־טעראַטור] האָט ער קיין געהויבענע מיינונג. ער זאָגט „אין לה פרי כי אם פרחים״, זי ענטהאַלט קיינע פירות, קיינע פרוכטן, נאָר בלויז בלומען.

זייענדיק אָבער באַזעלט מיט אַ פּאָעטישער, דיכטערישער נשמה, און גלייך צייטיק אַ הייסער ליב האָבער פון דער העברעאישער שפּראַך, פון לשון הקודש, און פרום, רעלי־גיעז געזינען [געזאָנען]; און דער שירה גייסט, די פּאָעטישע מוזע האָט אָן געהויבן צו צימבלען אויף די סטרונעס פון זיין הארץ, פון זיין נשמה, האָט ער גענומען זיך צו דער פען. און שוין אין זיין פריער איגנט האָט ער אָן געהויבן צו אויס לייגן זיין גייסטיקע פרוכט אויף פּאַפּיר. קיין קלענערער ווי דער באַרימטער משורר, דער קלאַסיקער דיכטער ר׳ משה אבן עזרא ז״ל, האָט גע־לויבט זיינע איגנט שירים, פּאָעמעס. און ער איז געוואָרן איינער פון די גרעסטע רעליגיעזע דיכטערס אין אונזער ליטורגישער, תפילה׳־דיקער ליטעראַטור אין אַלע צייטן.

איבער דריי הונדערט פון זיינע שירים, פּאָעמעס, און פיוטים, ליטורגישע דיכטונגען, געפינען זיך אין די סידורים, מחזורים, סלי־חות און קינות.

ר׳ יהודה אלחריזי זאָגט אין ספר תחכמוני חלק ג, פרק יח צווישן אַנדערס:

„שירי הלוי ר׳ יהודה
לוית חן לה לראש התעודה . . .

---

א) זעט **אלפס,** זייטן 27—24.

הוא בא באוצר השיר ושלל בית נכותה
ולקח כל כלי חמדתו
ויצא וסגר השער אחרי צאתו,
וכל היוצאים בעקבותיו
ללמוד מלאכת שירותיו
לא השיגו אבק מרכבותיו . . . ,
כי במלאכת הפיוט לשונו ברור ושחוט,
ובשירי תפילותיו ימשוך כל לב ויכבשנו,
ובשירי חשק ניבו כשכבת הטל וגחלים
בוערים ממנו,
ובקינותיו יזיל ענן הבכי ויבקיענו.
ואם יחבר אגרת או מגילה,
תמצא כל מליצה יפה בר כלולה ;
כאלו מכוכבי רום גדולה
או מרוח הקדש אצולה.
ובאהל השיר נפתחו לו שערי גבוהים,
כי שם נגלו אליו האלקים . . . "

ר׳ אברהם בדרשי, דער פאָטער פון ר׳ ידעיה, מחבר פון דעם ספר בחינת עולם באַצייכנט אים מיט „אורים ותומים". און סע איז אויך אָן גענומען ביי מבינים, ליטעראַטור קריטיקערס און אויטאָריטעטן אויף דעם געביט פון לשון הקודש'דיקער פאָעזיע, דיכטונג אַז אין שירה, אין העברעאישער דיכטונג איז נישט פאַראַן זיין גלייכן.

ר׳ עזריה מן האדומים ז"ל, דער מחבר, פערפאַסער פון „מאור עינים" האָט אין אַ בריף צו זיינע תלמידים געראָטן זיי צו שטודירן, לערנען רבי יהודה'ס ווערק. און ער האָט געענדיקט זיין עצה מיט „השמר לך פן תעזוב את הלוי" [דברים יב, יט] היט איך נישט צו פאַרלאָזן דעם לוי, מיינענדיק מיט דעם רבי יהודה הלוי.

און סע איז כדאי צו באַמערקן אַז ער אַליין האָט געשריבן וועגן זיך צו ר׳ יהודה בן גיאת אין אַ שיר, וועלכער הייבט אָן זיך מיט „לבבי אליכם":

ושירי יהודה, כביר התעודה
חרוזים אחוזים, בכנפי כרובים
היוכלון ספריו, להיכל דבריו
ואינם באצבע אלקים כתובים?

וועגן זיין לעבן ווייסן מיר פאַרהעלטניס־מעסיק זעהר ווייניק.

ר׳ גדליה ן׳ יחייא דערצעהלט: ר׳ יהודה הלוי איז געווען זעהר רייך. ער האָט געהאַט אַ שעהנע בת יחידה, אַן איין און איינציקע טאָכטער. זיין ווייב פלעגט דערקוטשען אים ער זאָל חתונה מאַכן זי ביי זיין לעב צייט. איין מאָל איז עס דערגאַנגען אַזוי וויט, אַז ער האָט געשוואָרן צו מאַכן חתונה זי מיט דעם ערשטן אידן, וועלכן ער וועט באַגעגנען.

אין אַ שעהנעם נאָך מיטאָג איז אַריין געקומען צו אים אַ בחור אָן געטון אין אַלטע, צעריסענע קליידער. ווען זיין ווייב האָט דערזען דעם דאָזיקן אָרימען בחור, איז איר געוואָרן „ליכטיק" אין די אויגן. זי איז געגאַנגען אַריין אין איר מאַנס אַרבעט צימער און האָט שטאַרק געוויינט. ר׳ יהודה האָט געטרייסט זי און געזאָגט איר אַז ער וועט לערנען מיט אים, און אַז ער וועט מאַכן גרויס זיין נאָמען. דער בחור האָט פאַרהוילן פון אים זיין נאָמען. ר׳ יהודה האָט געלערנט מיט דעם בחור תורה. און דער בחור, זייענדיק אַליין אַ גרויסער למדן און דיכטער, האָט געמאַכט זיך כלומר'שט, אַז אַ דאַנק ר׳ יהודה'ן שטייגט ער אין לערנען.

איין מאָל, אין אַן אָוונט, איז ר׳ יהודה פאַרזעסן זיך אין זיין אַרבעט צימער, ווייל סע איז אָן געקומען אים שווער צו שאַפן די סטראָפע מיט „ר" אין זיין פיוט „אדון חסדך". זיין ווייב האָט אַריין גערופן אים אין עס צימער. און בעת ר׳ יהודה האָט געעסן, האָט זיין ווייב געוויזן דעם בחור דעם מאַנוסקריפּט, כתב יד. דער בחור האָט אויס געבעסערט דעם פיוט אויף עטלאַכע ערטער, און ער האָט אָן געשריבן די גאַנצע סטראָפע „ר".

ווען ר׳ יהודה האָט דערזען דאָס, האָט ער געפרייט זיך שטאַרק. ער האָט אַרום גענומען דעם אָרימען בחור און געקושט אים. ער האָט געזאָגט אים: „איצט זע איך אַז דו ביזט עס דער אבן עזרא". דער בחור האָט מודה געווען אַז דאָס איז ער, און ער איז געוואָרן ר׳

יהודה׳ס אידעם. מע זאָגט אַז ר׳ יהודה האָט געגיבן אים זיין גאַנצן פאַרמעגן, אָבער דער אבן עזרא האָט נישט געוואָלט נעמען, ווייל ער האָט נישט געוואָלט האָבן הנאה פון דער וועלט.

לויט דעם „ספר יוחסין״ זיינען ר׳ יהודה הלוי׳ס און דעם אבן עזרא׳ס מוטערס געווען שוועסטערס. זיי זיינען, אַלזאָ, געווען ערשטע קוזינס, א).

דער אבן עזרא דערמאָנט רבי יהודה הלוי׳ן פילע מאָל, ב).

אבן עזרא דערצעהלט: שאלני רבי יהודה הלוי מנוחתו כבוד, רבי יהודה הלוי האָט געפרעגט אים: פאַר וואָס הייבן אָן זיך די עשרת הדברות, די צען געבאָטן מיט „אנכי ה׳ אלקיך אשר הוצאתיך מארץ מצרים״, איך בין דיין איבערשטער וועלכער האָט אַרויס געפירט דיך פון מצרים. פאַר וואָס הייבן זיי נישט אָן זיך מיט: איך בין דיין איבערשטער וועלכער האָט בעשאַפן הימל און ערד...? און ער האָט געענטפערט אים: דעם בעשאַף פון הימל און ערד, פון דעם אוניווערס האָט דאָך קיינער געזען. דאָקעגן דאָס פירן אַרויס די אידן פון מצרים האָבן דאָך געזען אַלע, ג).

אגב, רלב״ג ז״ל ערקלעהרט: ווייל דער וועלט בעשאַף איז דאָך פאַר אַלע פעלקער. דאַקעגן יציאת מצרים, דאָס פירן אַרויס די אידן פון מצרים איז דאָך אַ ריין אידישער ענין. סע איז נוגע בלויז דעם אידישן פאָלק.

רבינו בחיי ז״ל דערמאָנט אים אין פרשת פנחס, כז, ג.

דיכטונג, רעליגיעזע דיכטונג איז נישט ר׳ יהודה הלוי׳ס איינציק געביט. זיין כוח איז שטאַרק אויך אין רעליגיעזער פילאָזאָפיע. דאַרויף זאָגט עדות זיין מאָנומענטאַל ווערק ספר **הכוזרי**, וועלכן ער האָט פערפאַסט אין אַראַביש, און ר יהודה אבן תיבון, ד) האָט איבער זעצט עס אויף לשון הקודש. אין דעם דאָזיקן דעבאַטע ווערק באַווייזט ער די שעהנ־קייט, טיפקייט, אמת׳דיקייט פון דעם אידישן גלויבן, פון אידישקייט, וועלכער איז וויט העכער פון אַלע אַנדערע רעליגיעס אין דער וועלט. ער ווייזט אָן אַז קיין פאָלק אין דער וועלט האָט אַזאַ כסדר׳דיקע, אָהן אונטער־בראָכענע טראַדיציע פון די פריסטע צייטן אָן, ווי דאָס אידישע פאָלק האָט. ער אַנאַ־ליזירט און דערקלעהרט פאַר וואָס דער בע־שאַפער האָט אויס געקליבן די אידן. פאַר וואָס ער האָט נישט פאַראייניקט אַלע פעל־קער אין איין רעליגיע. ער מאַכט קלאָר דעם בעשאַפערס גיבן דעם מענטשן די **בחירה**, דער מענטש אַליין זאָל אויס קלויבן זיין לעבנס וועג פאַר זיך. ער בעהאַנדלט די באַציאונג צווישן דער נשמה מיט דעם קער־פער.

ווען דער מענטש הייבט אָן ווערן על־טער, הייבט אָן דער קערפער צו ווערן שוואַ־כער. אָבער די נשמה, דער גייסטיקער טייל פון דעם מענטשן ווערט גאָר שטאַרקער. די נשמה, דעם מענטשנס גייסטיקער טייל קאָן באַהעפטן זיך מיט דער שכינה נאָר נאָך זיין אָפ זאָגן זיך פון אַלע קערפערליכע תאוות, פערלאַנגען. דערפאַר, ווען די נשמה, דעם מענטשנס גייסטיקער טייל פאַרלאָזט דעם קערפער נאָך דעם מענטשנס טויט; זי ווערט

---

א) זעט שלשלת הקבלה, זייטן צב־צג.

זעט מבוא צו דעם כוזרי, אויסגאַבע אום; און סדר הדורות.

ב) זעט: אבן עזרא, בראשית א, ג; שמות ד, י; ט, א; יג, יד; כ, א „שאלני רבי יהודה הלוי, מנוחתו כבוד״; כד, יא; במדבר כז, ג; דברים יד, כב; כו, יז; כט, יח; לג, ה. זכריה ח, ו; תהלים יח, ה; ל, ח; מט, כא; עב, כ; עג, כה; פ, טז; פב, ח; קלט, יד; און אויך קז, ו [?]. זעט דעם דיאַלאָג צווישן זיי בידע אין דניאל ט, ב. זעט „ר׳ יהודה הלוי ור׳ אברהם אבן עזרא״ פון ר׳ נפתלי בן מנחם אין דעם בוך „ארשת״, יאָר־בוך פון פערבאַנד פון אָרטאָדאָקסישע שרייבער, ירושלים, תש״ד.

ג) איך האָב געהערט זאָגן אַז דער אבן עזרא האָט געפרעגט עס רבי יהודה׳ן. אָבער דאָס איז נישט ריכטיק. זעט אבן עזרא שמות כ, ב.

ד) אין שה״ק שטעהט ר׳ שמואל ן׳ תבון.

באַפרייט פון איר געפאַנגעניש אין דעם מענטשנס קערפּער, באַהעפט זי זיך דערנאָך אין דער איבערשטער וועלט.

ער בעהאַנדלט דעם פאַקט וואָס מיר האָבן אַ תורה, און די פעלקער פון דער וועלט נישט. ער דערקלערט די פאַרשידן אַרטיקייט פון די מצוות, די באַציאונג פון דעם מענטש צו דעם איבערשטן און צווישן מענטש און מענטש, די באַציאונג פון די קראים קאַראַ־איטן צו דעם תלמוד, און נאָך.

זייענדיק אַ לײַדן ׳שאַפטלעכער חובב ציון, ליב האָבער פון ארץ ישראל, האָט ער פאַר־לאָזט זיין געבורטס לאַנד שפּאַניע, און האָט אַוועק געלאָזט זיך קיין ארץ ישראל, דורך מצרים. ער איז געפאָרן מיט אַ שיף קיין ירושלים, און מעהר ווייסט מען נישט וועגן אים.

ר׳ גדליה ן׳ יחייא דערצעהלט אין זיין ספר שלשלת הקבלה [זייט צב]: ער האָט געהערט פון אַן אַלטן אידן אַז ווען ר׳ יהודה איז געקומען צו די טויערן פון ירושלים, האָט ער צעריסן זיינע קליידער. ער איז גע־קראָכן אויף זיינע קניעס צו מקיים זיין דעם פסוק „כי רצו עבדיך את אבניה ואת עפרה יחוננו״ [תהלים קב, טו] דיינע קנעכט וויליקן אירע [ציון׳ס] שטיינער און לייטזעליקן איר ערד. און ער האָט רעציטירט זיין קינה, עלעגיע, זיין שיר „ציון הלא תשאלי״. אַ דורך רייטענדיקער טערק האָט אַזוי שטאַרק מקנא געווען זיין צו געבונדענע ליבשאַפט צו דעם הייליקן לאַנד, אַז ער איז איבער געפאָרן אים אויף טויט. אָבער געשיכטלאַך איז עס נאָך נישט באַשטעטיקט.

ער איז נפטר געוואָרן אין אָריענט נאָך דעם יאָר 1140.

# די כוזרים, כאַזאַרן

אין דעם זיבעטן יאָר הונדערט פון דער היינטיקער צייט רעכענונג, האָט אַ פאָלק מיט דעם נאָמען כאַזאַרן [כוזרים], וועמענס גע־שיכטע איז געקניפּט און געבונדען מיט דער היסטאָריע פון דעם אידישן פאָלק, באַזעצט זיך ביי די גרעניצן פון אַזיע און איראָפּע. זיי האָבן געלעבט אַלס מלוכה, ווי אַ קעניג־רייך, ביי דעם מויל פון דעם טייך וואָלגאַ [וועלאַכן זיי האָבן גערופן איטיל אָדער אַטעל], און דעם קאַספּישן ים וואו די קאַלמוקן וואוינען היינט, נעבן אַסטראַכאַן. זייערע קע־ניגס האָט מען גערופן **כאַגאַם**. און די כאַגאַס פון די לעצטע הונדערט און פיפציק יאָר [950—1100] פון זייער עקזיסטענץ, האָבן גע־פירט זייער פאָלק אין זיגרייכע מלחמות, ביז זיי האָבן דערגרייכט זייער מאַקסימאַלע געאָ־גראַפישע פּאָזיציע פון דעם טייך יאַאיק ביז צו די טייכן דניעפּר און בוג, און פון דעם זייד דרום, ענד פון קאַווקאַז ביז צו דער וואָלגאַ און אָקו.

דער פונקטליכער נאָמען פון דעם דאָזיקן פאָלק איז נאָך נישט פעסט געשטעלט גע־וואָרן ביז צו דעם היינטיקן טאָג. קלאַסישע שרייבערס פון דעם מיטל אַלטער באַצייכענען זיי מיט דעם נאָמען חזר, אַלקאַצירס, אַקאַ־טירס; די רוסן — קאָזאַרי. העברעאישע שריי־בערס לייגן אויס דעם נאָמען כוזר, צו אויס מיידן דעם נישט פאַסיגן אויס לייג, די נישט עסטעטישע בוכשטאַבירונג פון חזיר. דער פאַקט, אָבער, וואָס דער קאַספּישער ים האָט געהייסן צו יענער צייט כאַזאַר, באַוועגט מיך צו פאַרמוטן, אָדער אפשר גאָר צו אָן נעמען אַז דאָס פאָלק וואָס האָט געלעבט ביי דעם דאָזיקן ים האָט אַדאָפּטירט, אָן גענומען דעם דאָזיקן נאָמען פאַר זיך. איך שלאָג דאָס פאָר, כאָטש איך האָב קיין פילאָלאָגישן באַווייז פאַר דעם.

זייער אורשפּרונג, פונקט ווי זייער נאָמען, איז אויך נאָך נישט געוואָרן פעסט געשטעלט ביז היינט צו טאָג. סע איז נאָך אַלץ אין דעם אויס פאָרשונג סטאַדיום, און דעבאַטע מאַ־טעריאַל פאַר די פאַך געלערנטע. פינאָ —

אוגריאַן וועט [ווערט] בעטראַכט די העכסט וואַרשיינליכע קוועלע. די אורזאַכן פאַר דעם זיינען: א] זייערע אָפיציעלע טיטלס זיינען ווי די אוגריקיש, ב] די נעמען פון זייערע שטעט זיינען פון אוגריקישן דיאַלעקט, ג] זייער אַרט רעדן עהנלאַכט בולגאַריש און דאָס היינטיקע אונגאַריש [מאַדיאַריש]. סע איז פאַראַן אַפילו אַ מיינונג אין העברעאישע קוועלעס אַז זיי שטאַמען אָפּ פון תוגרמה בן גומר, בן יפת, בן נח.

ביזאַנטינער און אויך געוויסע אַראַבישע פאָרשערס שרייבן צו זייער אורשפּרונג צו די טערקן. [אגב, ותירס, דער זון פון יפת, דער זון פון נח זעצען איבער די תרגומים ירושלמי און יונתן בראשית י, ב מיט ותרקי]. אַנדערע אַראַבישע היסטאָריקערס האַלטן אַז זיי זיינען פערוואַנד מיט די סלאַוון און גרוזינער. אַנדערע פאַך געלערנטע מיינען אַז די כאַזאַרן [כוזרים] שטאַמען אָפּ פון די דינטיאַנער.

די כאַזאַרן, אַ זעהר שטאַרק פאָלק אין יענער צייט, האָט נישט דערגרייכט דעם קלימאַקס פון גרויסקייט פלוצים, אָדער מיט איין מאָל. גיכער, אָדער וואַרשיינלאַך איז דאָס געווען אַ שטופּנווייזע ענטוויקלונג. מיר האָבן נאָך קיינע פולע, היסטאָרישע באַווייזן פאַר דעם.

עטנאָלאָגיש זיינען די כאַזאַרן בעשטאַנען פון אַ ווייסער און אַ טונקעלער ראַסע. די ווייסע האָבן געהאַט די אויבער האַנט. זייער געשיכטע געהט צוריק ביז צו דעם אָנהייב פון דעם צווייטן יאָר הונדערט. אין דער מלחמה צווישן די רוימישע און פערסישע מאַכטן איז אַרמעניע געווען אָפּט דאָס שלאַכט פעלד. ווי אַ פועל יוצא, רעזולטאַט פון דעם איז די שטעלונג פון די כאַזאַרן געוואָרן אַ וויכטיקער פּאָליטישער פאַקטאָר. די פערסיאַנער האָבן שטענדיק באַמיט זיך צו געווינען זיי אויף זייער זייט. זיי האָבן געגיבן זיי איין קאָנצעסיע נאָך דער אַנדערער, ביז די כאַזאַרן זיינען געווען שוין גענוג שטאַרק צו קאָנען פירן זייערע אייגענע מלחמות. קעמפענדיק אַלס ביזאַנטינישע אַליאירטע, פאַרבינדעטע, און שפּעטער אויף דער זייט פון די פערסיער, האָבן זיי גלייך צייטיק געלערנט און ערוואָרבן זיך אויך די סטראַטעגיק פון אַנדערע פעלקער. פערסיע האָט באַקומען מורא פאַר זיי, און האָט אויף געמויערט אַ שטאַרקע וואַנט און פעסטונק ביי דער כאַזאַרישער גרעניץ. אָבער דאָס האָט געהאָלפן זיי זעהר וויניק. די כאַזאַרן האָבן פאַרניכט זיי און אָקופּירט, איין גענומען און באַזעצט פערסיע.

אין דעם יאָר 626 האָבן די גריכן געשלאָסן אַ בונד מיט די כאַזאַרן. שפּעטער האָבן די אַדעליקע פון אַרמעניע פאַרפליכטעט זייער אונטערטייניקייט צו דעם קעניג פון די כאַזאַרן. זיי האָבן באַזיגט אויך איבעריאַ, געאָרגיאַ, און אַרמעניע. דער פערסישער קעניג האָט אַפּעלירט צו דעם רוימישן אימפּעראַטאָר לעאָן דעם ערשטן צו העלפן אים פאַרטיידיקן קליין אַזיע געגן די כאַזאַרן. אָבער זייענדיק אַליין געדריקט ביי די כאַזאַרן, האָט ער נישט געקאָנט ערפילן זיין אַפּיל, זיין ביטע.

אין דעם יאָר 2־651 האָט אויס געבראָכן אַ קריג צווישן די כאַזאַרן און די אַראַבערס, וועלאַכן די כאַזאַרן האָבן פאַרלוירן. די אַראַבערס האָבן פאַרניכט די כאַזאַרישע הויפּט שטאָט סמאַנדער, און געטויט זייער קעניג לאַקאָגאָן.

נאָך זייער פאַרלירן די מלחמה אין דרום זייט, האָבן די כאַזאַרן געווענד זיך קיין מערב זייט. זיי זיינען געווען ערפאָלגרייך אין איין נעמען קאָלאָניעס לענג אויס דעם ברעג פון דעם שוואַרצן ים, און זיי האָבן געהערשט איבער זיי ביז דעם יאָר 840. אין דעם יאָר 679 האָבן זיי אונטערטייניקט אויך די בולגאַרן, און האָבן פאַרשפּרייט זיך ווייטער צו מערב זייט צווישן די טייכן דאָן און דניעפּר. אין דעם זיבעטן יאָר הונדערט האָבן זיי אַנעקסירט, עראָבערט די געגנט קרים. זיי האָבן געווינען קאָנטראָל איבער דעם ים אַזאָוו, אָרגאַניזירט דעם פאַרקעהר צווישן אַזיע און איראָפּע, און גענומען צינזש

פון די וואָליטשאַנער, סעוויאַנער און פּאָליאַנער.

אָבער קלימאַקסישער אַרויף שטייג ענדיקט זיך אָפט מאָל מיט אַראָפּ שטייג. און דאָס איז געווען דער פאַל אויך מיט די כאַזאַרן. נאָך זייער דערגרייכן דעם העכסטן שפּיץ פון באַרימקייט אַלס קעמפענדיק פאָלק, האָט עס אָן געהויבן צו געהן זיי מיט דער פוטער אַראָפּ. זיי האָבן געליטן אין פאַרלוסט נאָך דעם אַנדערן. זייער כסדר'דיק פירן מלחמה האָט פאַרמינערט זעהר די צאָל פון זייער שטאַם, בעת זייערע שונאים האָבן געמעהרט זיך אין צאָל, און געשטאַרקט זיך אין מאַכט. סע זיינען געווען צייטן ווען זיי האָבן געדאַרפט דינגען סאָלדאַטן פון אַנדערע שטאַמען. זייערע פיינד האָבן באַקענט זיך מיט זייער סטראַטעגיק, און זייער ירידה, זייער אַראָפּ נידער איז געווען אַ נאַטירליכער קאָנסעקווענץ.

ווען די איסלאַמישע אַרמעיען האָבן אָן געהויבן זייער מאַרש צו איין נעמען די וועלט, האָבן די אַראַבערס, וועמען די כאַזאַרן האָבן געטרויעט זעהר פיל, באַטרוגן זיי. דאָס האָט, פאַרשטעהט זיך, אונטער געמינעוועט די כאַזאַרנס פּאָזיציע.

אָבער נישט אַזוי גרינג האָט מען געמאַכט די כאַזאַרן פאַר אויס פאָלק, און פאַר אויס קעניגרייך. נישט געקוקט אויף זייער ווערן אָפּ געשוואַכט דורך דעם באַטרוג פון זייערע אַליאירטע, און דורך דעם פאַרלירן מעהרערע מלחמות, האָבן זיי דאָך נאָך באַוויזן צו באַזיגן די נאָרמאַנען אונטער דער פירערשאַפט פון אָליעג. און כמעט אַלע היסטאָריקערס גיבן צו, זיינען איין שטימיק אַז די כאַזאַרן האָבן באַשיצט געגען, און אָפּ געראַטעוועט איראָפּע פון, מאַכמעדאַניזם. און זיי האָבן געמאַכט קאַווקאַז די גרעניץ פון דעם מאַכמעדאַנישן זיג.

אָבער אין דעם יאָר 1016 האָבן די ביזאַנטינערס און די רוסן צוזאַמען אָן געהויבן צו עראָבערן כאַזאַרישע טעריטאָריע, און קאָלאָניזירט זייערע עראָבערונגען. און אַרום דעם צוועלפטן יאָר הונדערט האָבן די פּאָלאָווצים פאַרניכט פולשטענדיק די כאַזאַרן.

די געשיכטע פון די כאַזאַרן איז אויך פאַרבונדן מיט אַ זעהר אינטערעסאַנטן עפּיזאָד, וועלכער איז געוואָרן בעטראַכט אַ לאַנגע צייט פאַר אַ לעגענדע. אָבער שפּעיטער האָבן א. האַרקאַווי און ה. גרעץ באַוויזן אַז די לעגענדע אַז די כאַזאַרן, כוזרים, און זייער קעניג האָבן מגייר געווען זיך, אַז זיי האָבן אָן גענומען די אידישע אמונה. דעם אידישן גלויבן איז קיין לעגענדע, נאָר אַ היסטאָרישער פאַקט. און געשעהן איז די געשיכטע אַזוי:

אין דער צייט ווען דאָס כאַזאַרישע קעניגרייך איז געווען אויף דעם שפּיץ פון רום, זיינען די אידן געוואָרן ברוטאַל פאַרפאָלגט אין ביזאַנטין און אין פּערסיע. אונטער יוסטיניאַנס הערשאַפט [565—527] זיינען געוואָרן פּראָקלאַמירט שוועהרע גזירות געגן אידן. די אידן האָבן נישט געטאָרט פייערן פסח, ווען דער יום טוב איז אויס געקומען פאַר זייער פּאַסכאַ [איסטער]. סע איז געווען פאַרבאָטן די אידן צו עסן מצות פסח. אין דעם יאָר 553 איז געוואָרן פאַרבאָטן די אידן צו לערנען גמרא, און צו אָפּ היטן די תלמוד'ישע געזעצן. דער ביזאַנטינישער קעניג לעאָן איסאַברי [741—718] האָט באַפעהלט אַז די אידן זאָלן שמד'ן זיך. דאָס האָט געצווינגן די ביזאַנטינישע אידן צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד און צו באַזעצן זיך אין די אַרומיקע לענדער. דאָס כאַזאַרישע קעניגרייך האָט געגיבן די אידן רעליגיעזע פרייהייט און בירגערשאַפט. אַזוי אַרום איז דאָס כאַזאַרן לאַנד געוואָרן דער צענטער פון די פאַרפאָלגטע אידן אין יענער צייט.

ביסלאַכווייז איז דער איינפלוס פון די אידן אין כאַזאַריע געוואָרן אַזוי שטאַרק אַז זיי האָבן מגייר געווען זיך. סע איז נאָך נישט זיכער אַקוראַט ווען זיי האָבן אָן גענומען דעם אידישן גלויבן. געוויסע געלערנטע זיינען מיט דער מיינונג אַז דאָס האָט פּאַסירט אין דעם יאָר 620. אַנדערע האַלטן אין דעם יאָר 740.

סע זיינען אויך נישט פאַראַן מעהרערע אוי־טענטישע דאָקומענטן וועגן זייער מגייר זיין זיך. די איינציקע דאָקומענטן זיינען ר׳ חס־דאַי׳ס בריוו וועלכע זיינען געדרוקט אין מאַנכע אויסגאַבעס פון דעם באַרימטן דיאַלאָג בעקאַנט אַלס ספר **הכוזרי** פון רבי יהודה הלוי. [זעט אויסגאַבע „אום״].

און סע איז כדאי צו באַמערקן דעם פאַקט, אַז ווען נישט די בריוו, וואָלט דער נאָמען **כוזרי** פאַר שווינדן אין גאַנצן פון די אידישע מקורים. און די כאַזאַרנס באַקעהרן זיך צו אידישקייט און אידנטום איז געווען בלויז לעגענדע ביז אין דעם זעכצנטן יאָר הונדערט, ווען דער בוך זאַמלער יצחק ב. אַקרוש האָט אויף זיין רייזע צווישן קאָנס־טאַנטינאָפּל און עגיפּטן, מצרים, אַנדעקט די קאָרעספּאָנדענץ צווישן ר׳ חסדאי אבן שפרוט אַ מיניסטער אין דעם הויף אבד־אַלרהאַמאַן, קאַליף פון קאָרדאָווא, און יוסף דער קעניג פון די כאַזאַרן.

אין זיין בריוו צו ר׳ חסדאי׳ן, אַרום דעם יאָר 960, רעפּאָרטירט דער קעניג יוסף וועגן דעם מגייר זיין זיך, אַזוי צו זאָגן:

דער איבערשטער האָט באַוויזן זיך אין אַ חלום צו דעם קעניג בולאַן, וועלכער האָט געקיניגט איבער די כאַזאַרן, און ער האָט צו געזאָגט אים מאַכט און רום, אויב ער וועט אָן נעמען דעם אידישן גלויבן. דער קעניג בולאַן איז געווען גרייט צו אָן נעמען דעם אידישן גלויבן, אָבער ער איז נישט געווען זיכער צי זיין פאָלק וועט נאָך פאָלגן אים. האָט ער אַפּעלירט צו דעם איבערשטן ער זאָל אַנטפּלעקן זיך אויך צו דעם כאַן, הויפּט גייסטליכער, ער זאָל העלפן אים מגייר זיין זיינע אונטערטאַנען. נאָך דעם איבערשטנס אַנטפּלעקן זיך צו דעם כאַן אין אַ חלום, האָט די באַוועגונג אָן געהויבן זיך באַלד. זיי האָבן פאַרזאַמלט אַלע מענטשן און פאַר גע־שלאָגן אַז זיי זאָלן אָן נעמען דעם אידישן גלויבן. און דאָס פאָלק האָט באַלד מגייר געווען זיך.

ערמוטיקט דורך דעם אַלמעכטיקנס צו זאָג צו באַוויליקן זיי מאַכט און רום, האָבן די כאַזאַרן מאַרשירט דורך דאַרבאַן קיין אַר־דעביל, און זיי האָבן איין גענומען דאָס דאָזיקע לאַנד.

דער קאַליף פון די טערקן און דער ביזאַנ־טינישער אימפּעראַטאָר זיינען געווען זעהר נישט צו פרידן מיט דעם כאַזאַרס פּלוצימדיקן אויף שוואונג צו מאַכט און רום. האָבן זיי געשיקט דעלעגאַציעס מיט מתנות, געשאַנקן, און קלוגע לייט, זיי זאָלן באַקעהרן די כאַזאַרן צו זייערע רעליגיעס. בולאַן האָט איין גע־לאַדן די אידנס קלוגע לייט, און ער האָט אויס געהערט אַלעמענס אַרגומענטן, טענות און באַוויזן וועגן וועלכע פון די דריי רעלי־גיעס איז די בעסטע. אַזוי ווי יעדער איינער פון זיי האָט געהאַלטן זיין רעליגיע פאַר די בעסטע. האָט ער געפרעגט די מאַכמעדאַנערס באַזונדער און די קריסטן באַזונדער, וועלכע פון די אַנדערע צוויי רעליגיעס זיי בע־טראַכטן אַלס די בעסטע. אַזוי ווי ביידע האָבן צו געגיבן אַז די אידישע אמונה, רעליגיע שטעהט העכער, האָט בולאַן איין געזען אַז די אידישע רעליגיע איז די אמת׳ע. בולאַן האָט געלאָזט מל׳ן אַלע זיינע באַדי־נערס, און ער האָט געשיקט נאָך אַן אידישן געלערנטן, און ער האָט באַשטימט אים אַלס רעליגיעזער פירער, און וועג ווייזער.

עובדיה, איינער פון בולאַנס נאָך פאָל־גערס האָט רעאָרגאַניזירט דאָס קעניגרייך, און ער האָט פערשטאַרקט די אידישע אמונה. ער האָט איין געלאַדן אידישע תלמידי חכמים, געלערנטע צו באַזעצן זיך אין דעם לאַנד. ער האָט געגרינדעט שולן און שוה־לעס. זיי האָבן קאָדיפיצירט די געזעצן, דינים לויט וועלכע די כאַזאַרן האָבן געפירט זיך. מע האָט געלערנט מיט זיי תנ״ך, משנה, גמרא. און זיי האָבן גענוצט דעם א, ב אַלס זייער שריפט.

רבי חסדאי הייבט אָן זיין קאָרעספּאָנדענץ מיט אַ דאָפּעלטער אַקראָסטישער באַגריסונג וועלכע ענטהאַלט זיבן און דרייסיק שורות,

וועמענס איניציאַלן, ערשטע אותיות פון אויבן אַראָפּ מאַכן, לייענען זיך: אני חסדאי בר יצחק בר עזרא בר שפרוט מנחם בן סרוק, א). אין זיינע בריוו דערצעהלט ער אויך די שוועהריקייטן, וועלאַכע ער האָט אין שיקן זיי.

די קאָרעספּאָנדענץ דערצעהלט נישט בלויז די געשיכטע פון די כאַזאַרנס אָן נעמען דעם אידישן גלויבן. נאָר זי אינפאָרמירט אויך וועגן זייער אורשפּרונג, זייער געאָגראַפישע פּאָזיציע, זייער באַציאונג צו די שכנות'דיקע שטאַמען, און זייער דיפּלאָמאַטישע באַציאונגען צו די הערשנדיקע מאַכטן אין יענער צייט.

אַקרישעס אָנדעקונג, די איינציקע אידישע קוועלע, מקור, וועגן דער געשיכטע פון די כאַזאַרן, איז ערשינען צו דעם ערשטן מאָל אין קאָנסטאַנטינאָפּל אַרום דעם יאָר 1577 אין „קול מבשר". סע איז געוואָרן איבער געדרוקט אַלס „פּראָלאָג" צו דעם „כוזרי".

אַ נייע אויסגאַבע פון דעם כאַזאַרנס קעניגס ענטפער צו ר' חסדאי'ן, וועלאַכער ענטהאַלט אַ בעסערע באַשרייבונג פון דעם לאַנדס געאָגראַפיע, איז ערשינען פון דר. א. האַרקאַווי אין דער צייט שריפט „מאסף נדחים", נומער ח, פון אַ מאַנוסקריפּט וועלאַכן פירקאָוויץ האָט געבראַכט פון עגיפּטן, מצרים.

אַזוי ווי די היסטאָרישע קוועלעס וועגן די כאַזאַרן זיינען זעהר ווייניק, און די קאָרעספּאָנדענץ צווישן רבי חסדאי און דעם קעניג איז דער איינציקער מקור, קוועלע, אויף וועלאַכן אונזער אינפאָרמאַציע וועגן דער געשיכטע פון די כאַזאַרן איז באַזירט. האָבן פילע פאַך געלערנטע ווי גאָלדענטאַל [1848], דאָבריאַקאָוו [1865], און אַפילו דער היסטאָריקער אילאָוואַיסקי [1876], פאַרפירט דורך פריערדיקע מיינונגען, באַצויגן זיך סקעפּטיש צו די בריוו־דאָקומענטן.

באַסנאַג דרוקט די בריוו אין זיין „געשיכטע פון די אידן" [1707], און ער דערקלעהרט אַלס פוסטע פאַנטאַזיע נישט בלויז דאָס כאַזאַרן קעניגרייך, נאָר אַפילו אויך די גאַנצע עקזיסטענץ פון דעם כאַזאַרן פאָלק. ער האַלט די גאַנצע אַנגעלעגנהייט פאַר אַן ערפינדונג פון אידישער פוסטער, באַרימערישער פאַנטאַזיע. און ביז דעם יאָר 1911 זיינען די בריוו טאַקע געווען דער איינציקער מקור, קוועלע.

אין דעם יאָר 1911 האָט דר. ש. ז. שעכטער געפונען אין דער גניזה פון מצרים אַ פראַגמענט אין וועלאַכן סע רעד זיך וועגן די כאַזאַרן, און ער ענטהאַלט נייע אינפאָרמאַציע וועגן זיי.

דער דאָזיקער פראַגמענט איז ערשינען אין דעם פערטל יאָריקן זשורנאַל „דזשואיש קוואָטערלי רעוויו" אין פילאַדעלפיע. דער מאַנוסקריפּט, כתב יד, האָט נישט דעם אָנהייב, און נישט דעם סוף. ער באַשטעהט פון בלויז צוויי מיטלסדיקע זייטן. אויך דער דאָזיקער דאָקומענט איז געשריבן אין דער פאָרמע פון אַ בריוו. ווייל ער ענטהאַלט די פראַזע: „הנני מודיע לאדוני", איך לאָז וויסן מיין האַר... ער איז געשריבן אין לייענבאַרער האַנט שריפט, און אין קוואַדראַטנע אותיות.

ווייל דער דאָקומענט איז געשריבן אין קוואַדראַטנער שריפט, איז מען גענייגט צו האַלטן אַז ער איז געוואָרן געשריבן אַרום דעם צוועלפטן יאָר הונדערט. ווייל פאַר דעם דאָזיקן פעריאָד האָט נישט עקזיסטירט אַ קוואַדראַט שריפט. און נאָך דעם דרייצנטן יאָר הונדערט, האָט מע גענוצט קוואַדראַט שריפט בלויז פאַר שרייבן ספרי תורה.

פאַך געלערנטע בעטראַכטן דעם דאָזיקן פראַגמענטאַרישן קוואַדראַט־שריפט געשריבענעם מאַנוסקריפּט אַלס וויכטיקן היסטאָרישן דאָקומענט. ער ענטהאַלט קלאָרע ענטפערס אויף די פראַגעס וועגן רבי חסדאי'ן. די נעמען פון די פעלקער זיינען אַראַנזשירט און אָן געגיבן ריכטיק. און ער גיט אַ קלאָרע באַשרייבונג וועגן די כאַזאַרנס אָן נעמען דעם אידישן גלויבן.

זעט מיין אָפּהאַנדלונג:

**A NATION CONVERTED TO JUDAISM**

אין דעם ענגלישן חודש זשורנאַל

**Jewish Forum, Vol. VIII, No. 4, pp. 186-190**

---

א) פאַרגלייכט מיט דעם בריוו אין ספר הכוזרי.

# כסמ

ר׳ יוסף ב״ר אפרים קארו ז״ל איז געוואָרן געבאָרן אין טאָלידאָ [טאָלטילאָ], שפּאַניע אין דעם יאָר 1488, א). ער האָט געשטאַמט פון ספרדים. ער האָט אָן געהויבן צו לערנען אין זיין געבורט שטאָט, אין דער ישיבה פון ר׳ יעקב בירב ז״ל.

אין דעם יאָר 1492, אין דעם טרויעריגן יאָר פון „גירוש שפּאַניע", ווען שפּאַניע האָט געטריבן אַרויס די אידן, האָט ר׳ אפרים געמוזט נעמען דעם אידנס טויזנטער יאָרן אַלטן וואַנדער שטעקן אין האַנט, און פאַרלאָזן זיין געבורט לאַנד. ער מיט זיין פאַמיליע זיינען געוואָרן פאַרוואָגלט קיין פּאָרטוגאַל. זיי האָבן באַזעצט זיך אין דער הויפּט שטאָט ליסאַבאָן. ר׳ אפרים האָט געפינען דאָרט אַ רבי׳ן, וועלכער האָט געלערנט מיט דעם אינגעלע תורה.

דאָס אינגע אינגעלע מיט אַ „גוט קעפּעלע" און מיט גרויסע כשרונות, און געבענטשט מיט גרויסער התמדה האָט געשטיגן, פאַרשטעהט זיך, פון טאָג צו טאָג אין לערנען. אָבער דער וואַנדער שטעקן, דעם אידנס „צווייטע" רעכטע האַנט אין גלות, איז געווען מיד פון רוען. האָט ר׳ יוסף געמוזט אָן קומען נאָך אַ מאָל צו דעם שטעקן.

אין דעם „גירוש פּאָרטוגאַל", אין דעם יאָר 1496, זיינען טאַטע און זון געווען ווידער געצווינגען צו אָן לעהנען זיך אויף דעם טויזנטער יאָרן אַלטן היסטאָרישן וואַנדער שטאָק, וועלכער אורשפּרונגט נאָך פון דעם „לך לך" צו אונזער פאָטער אברהם אין די גאָר, אור אור אַלטע צייטן, און וואַנדערן וואַרהין די אויגן וועלן פירן; וואַנדערן אַהין וואו מע וועט לאָזן זיי האָבן אַ דאַך איבער דעם קאָפּ, אַ געלעגער צו אָפּ רוען זייער מידן קערפּער, אַ שטול, אַ טיש צו קאָנען זיצן און קוקן אַריין אין אַ ספר.

זיינען טאַטע און זון אָן געקומען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. דאָס בחור׳ל איז געוואַקסן העכער אין וואוקס, עלטער אין יאָרן. און צוזאַמען מיט דעם איז געוואַקסן זיין שוואונגיקער פאַראָגרעס אין לערנען, טיפער, העכער און ברייטער. עטליכע יאָרן שפּעטער, איז זיין פאָטער נפטר געוואָרן. אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָט דער אינגער למדן אָן געהויבן צו לערנען דעם רמב״מ׳ס „יד החזקה", אָדער „משנה תורה", ב) ווי דער רמב״מ האָט גערופן אים.

ער האָט געשריבן הערות, אַ פּירוש אויף דעם רמב״מ, וועלכע ער האָט נישט געדרוקט. אָבער זיי האָבן געדינט שפּעטער אַלס יסוד, אַלס באַזיס פאַר זיין פּירוש „כסף משנה" אויף דעם רמב״מ.

ער האָט איבער געזידלט פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל אין אַדריאַנאָפּאָל. אין דעם עלטער פון דרייסיק יאָרן איז ער געווען שוין באַרימט אַלס גאון, איינער פון די גדולי התורה פון זיין צייט. און ער האָט אַפילו זוכה געווען,

---

א) פאַרגלייכט: „תולדות גדולי ישראל" פון שבת קנעביל זייט 51, אויסגאַבע דובינסקי, ניו יורק, תשט״ו מיט „אוצר ישראל", באַנד ניין, זייט 88.

ב) סע זיינען פאַראַן פיר ספרים וועלכע מע רופט נישט ביי די נעמען, וועלכע די מחברים האָבן געגיבן זיי: „משנה תורה", „שני לוחות הברית", און „תורת משה". נאָר מע רופט זיי: „דער רמב״מ", „דער של״ה", „דער אלשיך", „דער חתם סופר". אַפילו דעם חומש דברים, וועלכער ווערט [וועט] באַצייכנט אויך מיט „משנה תורה", רופט מען נישט „משנה תורה", נאָר פשוט „ספר דברים". דאָס נעמט זיך מסתמא פון דעם וואָס אידן האַלטן נישט פון אַ **צווייטער** תורה, פון **צווייטע** לוחות. און מיר זיינען גאַנץ צופרידן מיט דער תורה, וועלכע **משה רבינו** האָט געגיבן אונז.

אַז די גאונים נאָך אים האָבן באַצייכנט אים מיט דעם טיטל „מרן".

ער האָט חתונה געהאַט דאָרט מיט דער טאָכטער פון דעם חכם און חסיד ר' חיים ב"ר אלבלג ז"ל. זי איז אָבער געשטאָרבן אינג, און ער האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון ר' יצחק סבע, די שוועסטער פון זיין פריינד ר' שמואל סבע. און דאָרט אין אַדריאַנאָפּאָל, האָט ער אָן געהויבן צו אַרבעטן אויף זיין באַרימטן ספר „בית יוסף", אין דעם יאָר רפ"ב, 1522.

אין יענער צייט האָט די קהילה פון דער שטאָט ניקאָפּאָל, איין געלאָדן אים צו ווערן ראש פון זייער ישיבה. ער האָט אָן גענומען די איין לאַדונג. און ער האָט באַזעצט זיך דאָרט אין דעם יאָר 1523. דער דאָרטיקער הויפּט פון דער קהילה, אַן עלטערער ספרדי'־שער חכם, האָט נישט מסכים געווען, איז נישט געווען איין שטימיג מיט זיין געדאַנקען גאַנג. און ער פלעגט אָפּילו דערצערנען אים. אין אַלגעמיין, אָבער, איז ער געווען זעהר געאַכ־טעט ביי זיינע צייט גענאָסן. און אויסער זיינע פליכטן אַלס ראש הישיבה, האָט ער געווידמעט זיין גאַנצע צייט אויף זיין ספר „בית יוסף".

אין דעם יאָר 1536 האָט ער באַשלאָסן צו עמיגרירען אין ארץ ישראל. נאָך אַ יאָר פאַרן איז ער אָן געקומען אין צפת אין דעם חודש אלול, אין דעם יאָר רצ"ו. דאָרט האָט ער געפונען זיין איגנט רבי'ן ר' יעקב בירב. ער האָט ערוואָרבן זיך דאָרט פילע תלמידים. ער האָט געענטפערט תשובות אויף שאלות. אָבער די מעהרסטע צייט האָט ער געווידמעט זיין ריזן ווערק „בית יוסף", אויף די טורים און שולחן ערוך.

ווען סע האָט אויס געבראָכן אַן עפּידעמיע, אַן אַן שטעקנדיקע מגפה, פעסט, אין דער שטאָט צפת האָט ער געוואוינט אַ שטיקל צייט אין דעם דערפל בירואה נעבן צפת. און ווי סע ווייזט אויס האָט ער פערפאַסט דעם שולחן ערוך דאָרט.

אין צפת איז געשטאָרבן זיין ווייב. זי האָט איבער געלאָזט אים אַ זון ר' שלמה, וועלכער איז געוואָרן געבאָרן אַרום דעם יאָר 1554. אין דעם יאָר 1665 האָט ער גענומען אַ דריטע ווייב, די טאָכטער פון ר' זכריה ב"ר שלמה זבשיל אשכנזי. זי האָט געבאָרן אים אַ זון ר' יהודה קאָרו אין דעם יאָר 1571.

זיין באַרימט ווערק „בית יוסף" איז גע־בויעט אויף די ווערק פון די דריי וועלט באַרימטע זיילן אין דער הלכה ליטעראַטור: ר' יצחק **אלפסי** [אלפס, ריף], **ר' משה בן מיימון** [רמב"ם], **ר' אשר בר' יחיאל** [ראש].

ער איז דער מחבר פון: „כסף משנה" אויף רמב"ם, „בדק הבית", „כללי התלמוד", „דר־שות אויף תורה און שיר השירים", סע ווערט אַן גערופן אויך „אור צדיקים", „שאלות ותשובות" אויף דעם „אבן העזר", „אבקת רוכל", פירושים אויף משניות, רש"י, רמב"ן, און נאָך. אָבער, לידער, נישט אַלע זיינע ווערק זיינען ערשינען.

זייענדיק אַ ספרדי האָט דער „בית יוסף" פאַרקוקט די אשכנזי'ישע מנהגים. דאָס האָט געהאַרט אַ היבש ביסל די ראשי הישיבות פון דייטשלאַנד און פוילען. דער רמ"א ז"ל איז געווען דער ערשטער, וועלכער איז געקומען אַרויס מיט הגהות אויף דעם שולחן ערוך. אָבער „אלו ואלו דברי אלקים חיים". די פריינדשאַפט צווישן זיי איז געווען אַ שטאַרקע. און דער „בית יוסף" האָט אָפּילו מזכה געווען דעם רמ"א מיט אַ תיקון סופרים, לויט וועלכן דער רמ"א האָט געשריבן אַ ספר תורה.

ר' יוסף קארו ז"ל איז נפטר געוואָרן אין צפת דאָנערשטיק, דרייצן טאָג אין דעם חודש ניסן, אין דעם יאָר של"ה, 1575, אין דעם עלטער פון זיבן און אַכציק יאָרן.

דער „בית יוסף" האָט איבער געלאָזט פילע גרויסע תלמידים, צווישן זיי די באַרימטע דריי משה'ס: ר' משה קאָרדאָווירע, ר' משה גאַלאַנטי און ר' משה אַלשיך, ז"ל.

# מהר״ל — מורינו הרב... ליווא

**ר׳** יהודא ליווא ב״ר בצלאל, באַרימט אַלס מהר״ל, איז געוואָרן געבאָרן אין פּאָזן אַרום דעם יאָר 1515, וואו זיינע עלטערן האָבן באַזעצט זיך ענדע פון דעם פיפצנטן יאָר הונדערט.

פון דעם יאָר 1573 ביז דעם יאָר 1784 איז ער געווען ראש הישיבה אין ר׳ מרדכי מייזלס קלויז. ער האָט געהאַט פילע באַרימטע תלמידים. זיין תלמיד מובהק איז געווען ר׳ יום טוב ליפּמאַן העליר, וועלאַכער איז באַ־קאַנט אַלס תוספות יום טוב, צו ליב זיין פּירוש **תוספות יום טוב** אויף משניות.

אגב, דער תוספות יום טוב איז צו אַכצן יאָר געוואָרן דיין אין פּראַג, שפּעטער רב אין ניקלסבורג, דערנאָך אין ווין, רב הכולל אין פּראַג, רב אין נעמעראָוו פּאָדאָלסק, אין לודמיר [וולאַדימיר וואָלינסק] און אב בית דין אין קראָקע. אַ חוץ זיין פּירוש אויף משניות איז ער דער מחבר פון „מעדני מלך", „לחם חמודות", היינט הייסן זיי „מעדני יום טוב", „דברי חמודות", און נאָך ספרים, א). ער האָט פערפאַסט פּיוטים, און איבער גע־זעצט דעם ספר „ארחות חיים" אויף אידיש.

מהר״ל איז געוואָרן אויף גענומען פאַר רב אין פּאָזן אין דעם יאָר 1584. שפּעטער איז ער געוואָרן רב אין פּראַג. ער האָט איין געפירט דאָרט מעהרערע תקנות. ער האָט געגרינדעט אַ חברה קדישא, אַ חברה משניות, און נאָך.

אַנהייב דעם יאָר 1592, האָט דער קיסר רודאָלף דער צווייטער גערופן דעם מהר״ל צו זיך. זיי האָבן געהאַט אַ לאַנגן שמועס. קיינער האָט געוויסט דעם אינהאַלט פון דעם דאָזיקן שמועס. און אויך שפּעטער איז ער נישט געוואָרן באַקאַנט. אָבער סע איז אַן צו נעמען אַז דער געדעד האָט נישט פּער־שאַפט פיל נחת דעם מהר״ל. ווייל עטלאַכע חדשים שפּעטער האָט מהר״ל פאַרלאָזט פּראַג, און ער איז געוואָרן אויף גענומען נאָך אַמאָל אַלס רב פון פּאָזן, און פון דער געגנט אַרום.

אַ קורצע צייט שפּעטער האָט ער אומגע־קעהרט זיך צוריק קיין פּראַג אַלס אב״ד, אב בית דין. ער איז געבליבן דאָרט ביז ער איז נפטר געוואָרן אַכצן טעג אין אלול, אין דעם יאָר שס״ט, 1609, אין דעם עלטער פון אַרום פיר און ניינציק יאָר.

מהר״ל איז געווען וועלט באַרימט שוין אין זיין לעב־צייט. מהרש״ל, מורינו הרב שלמה לוריא, דערמאָנט אים מיט גרויסע טיטלס. ר׳ אריה לייב [לעאָן] דע מודינה באַצייכנט אים מיט „הגאון ... הארז אשר בלבנון", דער צעדער בוים אין לבנון.

מהר״ל האָט אויס געקענט זיך אויך אין קבלה און אין קבלה ענינים. דערפון נעמט זיך וואָס מע שרייבט צו צו אים דאָס מאַכן דעם „גולם", וועלאַכער איז געליגן אין דער אַלט־נייער שוהל אין פּראַג. זיין איניקל ר׳ נפתלי כהן ז״ל זאָגט, אַז ער האָט באַנוצט זיך מיט רוח הקודש.

אגב׳דיגס: וועגן דעם גולם וועלאַכן מהר״ל זאָל האָבן געמאַכט ווערט דערצעהלט אַז אין אַ פרייטיק אָוונט ביי קבלת שבת, ווען מע האָט געזאָגט „מזמור שיר ליום השבת", האָט מען דערהערט קולות אַז דער גולם לויפט אַרום ווי אַ משוגע׳נער אין די גאַסן פון פּראַג, און ער וויל מאַכן חרוב, פאַר־וויסטן די שטאָט. איז מהר״ל אַרויס גיך פון דער שוהל, ער איז געלאָפן נאָך דעם גולם, און ער האָט געכאַפּט אים. ער האָט גענומען אַרויס דעם „שם המפורש", דעם איבערשטנס נאָמען, וועלאַכן מע טאָר נישט רעדן אַרויס,

---

א) זעט ענדע גמרא ברכות: „ספר רבינו אשר ז״ל עם תוספת שני חבורים..."

פון דעם גולם'ס מויל. דער גולם איז געוואָרן צוריק אַ פּגר.

מהר"ל האָט אום געקעהרט זיך צוריק אין שוהל אַריין. מע האָט געזאָגט נאָך אַמאָל „מזמור שיר ליום השבת". און זייט דענצמאָל איז עס געוואָרן אַ מנהג צו זאָגן פרייטיק צו נאַכטס צוויי מאָל דעם „מזמור" אין יענער שוהל. דער גולם איז געליגן אויף דעם בוי־דעם פון דער שוהל. און קיין מענטש האָט געוואָגט צו געהן אַריין אַהין.

מהר"ל איז דער מחבר, פערפאַסער פון מעהרערע ספרים:

„גור אריה", אַ פירוש אויף רש"י אויף תורה;

„גור אריה";

חידושי גפ"ת;

„גבורות השם", אַ פירוש אויף דער פסח הגדה;

„דרך חיים", אַ פירוש אויף פרקי אבות;

„נתיבות עולם", וועגן מוסר און מידות;

„באר הגולה", אויף אגדות אין תלמוד;

„חידושי אגדות מהר"ל";

„נצח ישראל", וועגן גלות און גאולה, אויס ליזונג;

„תפארת ישראל" און „אור חדש" וועגן דער תורה;

„נר מצוה", דינים וועגן חנוכה;

„אור חדש";

„דרוש" פאַר שבת שובה, שבת הגדול, און וועגן תורה ועבודה;

„הגדת מהר"ל";

אַ „פסק" וועגן אַן עגונה, און נאָך.

# רשרה

זינט אידן זיינען געוואָרן אַן אידיש פאָלק מיט תורה, מצוות, און אַן אידישע עטיק, איז נישט אַוועק כמעט איין דור אין וועלכן סע האָבן נישט געפונען זיך איינצלנע מענטשן, אָדער אַפילו גאַנצע גרופּעס אידן, וועלכע האָבן גאַנץ פשוט פאַרשוועכט די אידישע רעליגיע, אָדער האָבן געזוכט צו „רעפאָר־מירן", צו „ענדערן", און צו פאַסן זי צו דער צייט.

שוין אין משה רבינו'ס צייטן ווען די **קולות וברקים**, וועלכע האָבן געדינערט און גע־בליצט, אין דער צייט ווען דער בעשאַפער פון דער וועלט האָט געגיבן די תורה צו די אידן אין דער מדבר, און זייער ענטפער „נעשה ונשמע", מיר וועלן טון און מיר וועלן הערן, האָבן נאָך אַן געפילט דעם חלל פון דער וועלט, האָט שוין געפינען זיך אַ **מקושש** וועלאַכער האָט פאַר שוועכט דעם שבת עפּנט־לאַך. נאָך אין יענע גאַר אור אור אַלטע צייטן, האָט שוין דאַן געפינען זיך אַן אָרגאַניזאַציע, מיט קורח'ן אין דער שפּיץ וועלאַכע האָט געקעמפט געגן משה רבינו, דעם גיבער פון דער תורה.

דער פאַקט וואָס די נביאים, די פראָפעטן, האָבן געהאַלטן אין איין שטראָפן, אין איין מוסר'ן די אידן פאַר זייערע זינד, דינט ווי אַ קלאָרער באַווייז אַז אויך אין יענע צייטן האָבן נישט אַלע אידן אָפּ געהיט אַלע תרי"ג, אַלע זעקס הונדערט און דרייצן מצוות.

אָבער אויסער דעם וואָס אין אַלע דורות, גענעראַציעס, האָבן געפינען זיך מענטשן וועלאַכע האָבן נישט אָפּ געהיט אַלץ וואָס די אידישע אמונה, רעליגיע הייסט. האָבן גליך צייטיק געפינען זיך אויך אַזוי גערופענע „מאָדערניזירערס", די וועלאַכע היטן נישט אָפּ אַפילו איין מצוה און האַלטן נעבאַך אין איין זאָרגן זיך וועגן **קיום היהדות**, וועגן דער עקזיסטענץ פון אידישקייט. און זיי באַמיען זיך אַפילו צו גיבן עצות, צו רוטן, וואָס פאַר אַ מיטלען צו באַנוצן צו פרעזערווירן, צו דערהאַלטן די אידישע רעליגיע ביי דעם לעבן, בענייען ווידער איר אַ מאָליגע הויך.

דער „סע איז שווערער צו זיין אַ איד״ מאַטערט זיי שטאַרק, לאָזט נישט זיי רוען ביי טאָג און שלאָפן ביי נאַכט. האַלטן זיי אין איין זוכן מיטלען צו מאַכן **גרינגער** אונזער רעליגיעז לעבן. אַ פרומען טאַטנס אַ קינד איז אַראָפּ פון דעם גלייכן וועג. אויף דעם פאָטערס פראַגע: סטייטש, דו **מיין** קינד! פון וואַנעט קומט עס צו דיר...?! ענטפערט דער זון: „סע איז שווערער צו זיין אַ איד״. רופט אָן זיך דער פאַרוויטיקטער טאַטע: „איך היט אָפּ אַלע מצוות, און סע איז מיר **נישט** שווער. דו היטסט אָפּ קיין איין איינציקע מצוה, און סע איז דיר **יאָ** שווער״!

פאַרשטעהט זיך אַז מענטשן מיט וויזיע, מענטשן מיט דעם געהירן אויף דעם ריכטיקן אָרט, האָבן שטענדיק איין געזען אַז די אַזוי גערופענע „באַזאָרגטע״ וועגן דער עקזיסטענץ פון דער אידישער רעליגיע מיינען נישט מעהר און נישט וויניגער ווי צו אונטערמינעווען אונזער טראַדיציאָנעלע רעליגיע וועלאַכע איז דער פונדאַמענט, דער באַזיס פון אונזער קיום האומה, פון אונזער עקזיסטענץ אַלס **אידיש** פאָלק.

אָבער דער היסטאָרישער, געשיכטליכער פאַקט, וואָס נישט געקוקט אויף די באַמיאונגען פון אַלע „רעפאָרמערס״ און מאָדערניזירערס, עקזיסטירן מיר שוין געלויבט דעם אייבערשטן קנאַפּע פיר טויזנט יאָר ווי אַן **אידיש** פאָלק, מיט אַ קאָלאָסאַל רייכער ליטעראַטור, וועלאַכע האָט קיין גלייכן צו זיך אין דער גאַנצער וועלט, און ווערט מיט יעדער טאָג אַלץ גרעסער און גרעסער, דאַרף באַרואיגען די נישט רואיגע געמיטער, און ערמוטיקן די יעניגע וועלאַכע האַלטן אין איין ציטערן און פלאַטערן אַז אידישקייט געהט חלילה באַרג אַראָפּ.

געוויס געפינען זיך ליידער אין יעדער דור אידן פון שוואַכן כאַראַקטער וועלאַכע פאַרלאָזן אידישקייט אָפּיציעל, אָדער באַציען זיך גלאַט אַפּאַטיש צו דעם. אָבער אידישקייט און אידנטום זיינען אין פאַרלויף פון אַלע דורות געוואָרן אָפּגעהיט, אויף געהאַלטן און געשטאַרקט נישט דורך כמות, נישט דורך קוואַנטיטעט, נאָר דורך איכות, דורך קוואַליטעט. און אין יעדער דור זיינען פאַראַן ברוך השם געננוג אידן, וועלאַכע שמידן ווייטער די גאָלדענע קייט פון תורה אידישקייט, וועלאַכע וועט קיין מאָל ווערן איבער געריסן.

דאָס דייטשע אידנטום פון דעם ניינצנטן יאָר הונדערט איז פאַרשטעהט זיך נישט געווען אַן אויסנאַם אין דעם דאָזיגן פרט, אין דער דאָזיקער הינזיכט. די „רעפאָרם״ זאַווערעכעס אין דייטשלאַנד האָבן געבלאָזן מעכטיק. די אידישע איגנט אין דייטשלאַנד האָט אָן געהויבן פאַרלירן די זיכערקייט אין טראַדיציאָנעל אידישקייט. זייער גייסטיקער רעליגיעזער באָדן האָט אָן געהויבן צו גליטשען זיך, צו שאָקלן זיך. זייער נישט זיכערקייט, זייער צווייפלן האָט אָן געהויבן צו געבאָרן פראַגעס, קשיות. די אַסימילאַציע מגפה, פעסט, האָט געהאַלטן אין איין פאַרצעהרן קינדער פון אונזער פאָלק.

אין אָט יענער טרויעריקער צייט, האָט דאָס דייטשע אידנטום גענייטיקט זיך אין אַ רעליגיעזן פירער, אַ וועג ווייזער וועלאַכער זאָל בעוויזן צו אָפּ שטעלן די אַסימילאַציע אינוואַזיע, געווינען דעם צוטרוי פון דער איגנט, און איבער צייגן זיי די טיפקייט, די הימלישע אייביקייט פון תורה אידישקייט, שטאַרקן און פאַרפעסטיקן דעם אידישן גלויבן אין זייערע הערצער, אין זייערע נשמות. סע האָט געפאָדערט זיך אַ פירער וועלאַכער זאָל באַהערשן די אידישע רעליגיעזע ליטעראַטור, זיין אַ גוטער שווימער אין דעם „ים התלמוד״, אין דעם גמרא אָקעאַן, און באַזיצן גלייך צייטיק אַן אַלגעמיינע, אַ וועלטליכע בילדונג, אַ סינטעז פון תורה און סעקולאַריזם; אַ פּערזענלאַכקייט וועלאַכע זאָל קאָנען איבער צייגן די מאָדערנע אינטעליגענטע און געבילדעטע איגנט אין דער אום באַדינגטער נייטיקייט פון אַ טראַדיציאָנעל רעליגיעזע אידישקייט, אויב מיר ווילן עקזיסטירן און לעבן ווי אַ **אידיש** פאָלק. אַ פירער

וועלאַכער זאָל קאָנען נישט בלויז געווינען די איגנט פאַר דעם פאָזיטיוון רעליגיעזן אידנטום. נאָר ער זאָל גלייך צייטיק קאָנען אויך באַוויזן דעם אַבסורד, די נישט אויס געהאַלטנקייט פון „רעפאָרם", אָדער בעסער געזאָגט „דעפאָרם", פון די יעניגע וועלאַכע לעכצן צו דעפאָרמירן, צו צעברעכן, חלילה, אידישקייט.

אין אַט דער דאָזיקער ערנסטער צייט, אַ צייט אין וועלאַכער דאָס אידיש רעליגיעזע לעבן אין דייטשלאַנד האָט געפינען זיך אין אַ העכסט קריטישן צושטאַנד, האָט באַוויזן זיך אויף דעם האָריזאָנט פון דעם דייטשן אידנטום אַ ליכטיקער שטערן אין דער פּערזאָן פון ר' שמשון רפאל הירש, וועלאַכן קיין קלענערער ווי ר' יצחק אלחנן ז"ל רופט אָן: „הרב הגאון הצדיק החה"כ ר' שמשון ב"ר רפאל הירש זצ"ל... אשר בישראל גדול שמו במפעליו הקדושים".

ר' שמשון רפאל איז געוואָרן געבאָרן כ"ד סיון תקס"ח, יוני 20, 1808, אין דער שטאָט האַמבורג, דייטשלאַנד. ער שטאַמט פון אַ זעהר אַן געזעענער פאַמיליע. זיין פאָטער איז געווען אַן אַן געזעענער סוחר, קויפמאַן, וועלאַכער פלעגט ווידמען זעהר פיל צייט צו לערנען תורה. זיין זיידע ר' מנחם מענדל פראַנקפורטער איז געווען דער ראַבינאַטס פאָרזיצער אין אַלטונא, אַהן געהאַלט, און ער האָט געגרינדעט אַ תלמוד תורה דאָרט. זיין עלטער פעטער, אָנקל, ר' יהודה לייב, ר' מנחם מענדלס ברודער איז דער מחבר, פערפאַסער פון „הרכסים לבקעה", און פון „קול יהודה".

זיין פאָטער האָט גערעכנט אַפילו צו מאַכן אים פאַר אַ סוחר, אָבער ר' שמשון רפאל'ס שטאַרקע נייגונג צו לערנען, און זיין אינערליכער רוף און דראַנג צו טון עפּיס פאַר דעם אידישן פאָלק, האָבן איבער געוואויגן זיין פאָטערס פערלאַנג. און ער האָט אָן געהויבן צו גרייטן זיך פאַר אַ ראַבינער קאַריערע, צו העלפן פערשטאַרקן תורה אידישקייט.

זיין ערשטע בילדונג האָט ר' שמשון רפאל באַקומען פון דעם „חכם" ר' יצחק באַרנאיס וועלאַכער האָט שטאַרק בעאיינפלוסט אים צו פאַראייניגן רעליגיעזע אידישקייט און חכמת ישראל, אידישע וויסנשאַפט מיט אַלגעמיינער בילדונג. און פון אים האָט ער געלערנט ווי צו „פּרעדיקן" אויף אַ מאָדערנעם אופן אין אַ נייעם סטיל אין דער דייטשער שפראַך. ער לערנט דענצמאַל אין ר' יעקב עטלינגערס ישיבה אין מאַנהיים. ער שטודירט שפּעטער אין דער אוניווערזיטעט אין באָן. וואו ער האָט אויס געצייכנט זיך אין פילאָזאָפיע, און אין אַנדערע וויסנשאַפטן. שוין אַלס סטודענט זיינען ער און זיין חבר אברהם גאַיגער, זיין שפּעטערער אידעאָלאָגיע געגנער, געוואָרן דער מיטל פונקט פון אַ קרייז, וועלאַכער האָט געקוקט צו זיי פאַר פירערשאַפט.

אין דעם יאָר 1830 איז ער געוואָרן ערוועהלט אַלס „לאַנדעסראַבינער" פון אָלדענבורג, וואו דער אידישער היסטאָריקער היינריך גרעץ איז געווען זיין תלמיד פון 1837 ביז 1840. די דאָזיקע שטעלע האָט ער אָן געהאַלטן ביז 1841. אין דעם פאַרלויף פון די דאָזיקע עלף יאָר, האָט ער אויף געטון זעהר פיל אין שטאַרקן דאָס רעליגיעזע אידישקייט אין די קהילות, געמיינדעס, וועלאַכע זיינען געשטאַנען אונטער זיין פירערשאַפט. ער האָט געווידמעט אויך זעהר פיל צייט צו אויס בעסערן דעם אידישן חינוך. ער האָט אַפילו איבער זעצט טיילן פון דער משנה אויף דייטש און צעשיקט זיי צו די העברעאישע לעהרערס, און אַן געוויזן, אינסטרוקטירט ווי אַזוי צו אונטער ריכטן, צו לערנען די תלמידים.

אין דעם יאָר 1826 האָט ער פאַרעפנטליכט זיין בוך „ניינצן בריוו איבער אידישקייט" אונטער דעם פסעוודאָנים, פען נאָמען, **בן עוזיאל**. אין דעם דאָזיקן בוך רעכט פאַרטיקט ער און דערקלעהרט די אויס געהאַלטנקייט פון דער אידישער טראַדיציאָנעלער רעליגיע פון אַ מאָדערנעם צו גאַנג. דאָס בוך האָט געמאַכט אַ געוואַלדיקן, אַ קאָלאָ־

סאַלן אין דרוק אין אַלע אידישע קרייזן. סע איז געווען פון העכסטער וויכטיקייט פאַר דער אידישער איגנט אין דייטשלאַנד. ווייל סע האָט פאַרענטפערט פילע פון זייערע פראַגעס, קלאָר געמאַכט פילע פון זייערע צווייפלס, וועלאַכע האָבן שיער אַראָפּ געפירט זיי פון דעם גלייכן וועג.

דאָס בוך איז ערשינען אין מעהרערע אויפ־לאַגעס אין דייטשלאַנד. סע איז געוואָרן איבער געזעצט אין פאַרשידענע שפּראַכן, אויך אויף העברעאיש פון משה זלמן אהרנסאָן מיט אַן הסכמה פון ר' יצחק אלחנן ז"ל. דאָס בוך האָט געזאָגט אַ ניי וואָרט אין דער נייטיקער צייט. סע איז געוואָרן בעטראַכט ווי אַ בריי־ליאַנטענע, אינטעלעקטועלע אינטערפּרעטאַציע, אויס טייטש פון פרום אידישקייט, און אין אַ קלאַסישן דייטש. אַ דאַנק אָט דעם דאָזיקן בוך איז דער פערפאַסער געוואָרן בעטראַכט אַלס דער שאַפער פון אַ „נייער אָרטאָדאָק־סיע" אין דייטשלאַנד.

אין דעם יאָר 1841 איז ר' שמשון רפאל געוואָרן ערוועהלט ראַבינער אין דער שטאָט עמדען. אין 1846 ווערט ער „לאַנדעסראַבי־נער" פון מעהרן אין דער שטאָט ניקלסבורג.

אויף ווי וויט ערנסט ער האָט גענומען זיין באַרוף, פּראָפעסיע, און געמיינט עס טאַקע מיט אַן אמת, קאָן מען זען אַמבעסטן פון דעם פאָלגנדיקן פאַל:

אין 1851 האָט ער באַקומען אַן איינלאַדונג פון דער „איזראַעליטישע רעליגיאָנס געזעל־שאַפט" אין פראַנקפורט אַם מאַין, וועלאַכע איז בעשטאַנען פון בלויז עלף מענער, אַז ער זאָל ווערן זייער גייסטיקער פירער. זייענדיק איבערצייגט אַז דאָ וועט ער האָבן אַ ברייט פעלד צו שטאַרקן דאָס רעליגיעזע אידישקייט און אידנטום און צוימען די רע־פאָרמערס, איז ער געווען באַלד גרייט צו בייטן זיין הויכע און זעהר אַן געזעענע שטעלע פאַר דעם דאָזיקן נישט גרויסן כסא הרבנות. אַ דאַנק אָבער זיין ערמיד־ליכער אַרבעט, זיין טיפער איבער צייגונג אַז נאָר דער טראַדיציאָנעלער גלויבן קאָן אויף האַלטן די אידישע עקזיסטענץ אַלס אידיש פאָלק, און זיינע באַלערנדיקע שאַרף זיניקע און איבער צייגנדיקע דרשות, איז פון די „עלף" מענער געוואָרן פינף הונדערט מיטגלידערס. סע האָבן געפינען זיך צווישן זיי רייכע און אַן געזעענע בעלי בתים. און זיינע ווינדערליכע דרשות האָבן צו געצויגן אויך די גרויסע מאַסן.

אין 1853 האָט ער געגרינדעט אין פראַנק־פורט אַם מאַין צווי פאָלק שולן און אַ רעאַל שולע, וואו די אידישע איגנט האָט באַקומען אַ רעליגיעזע ערציאונג מיט וועל־לאַכער ער אַליין האָט אַן געפירט ביז דעם יאָר 1877.

ר' שמשון רפאל'ס באַדייטונג ווי אַ רעלי־גיעזער פירער, זיין ערפאָלגרייך ווירקן ווי אַ רעדער, ערציער, אָרגאַניזאַטאָר און שריפט־שטעלער האָבן געמאַכט אים פאַר דעם באַ־רופענעם פאַר קעמפער פון דעם פרומען אידנטום אין דייטשלאַנד, אין זייער קאַמף געגן דעם „ליבעראַלן" אידנטום. ער איז בעשטאַנען דורך אויס, און ער האָט אויס געווירקט אַן ערלויבעניש ביי דער רעגירונג אַז די פרומע מיטגלידערס פון די פאַר־שידענע געמיינדעס, קהילות, וועלאַכע ווערן געפירט פון די „ליבעראַלן", זאָלן מעגן אַרויס טרעטן, און גרינדן באַזונדערע קהילות. ווי אַ שטרענגער אָרטאָדאָקס, האָט ער געהאַלטן דאָס פשוט פאַר אַ רעליגיעז געזעצליכע פליכט, און נישט געטיילט די מיינונג פון היינריך גרעץ און ר' זכריה פראַנקל [פרענקל].

אין דער דאָזיקער אויס טריט באַוועגונג האָבן אָן געשלאָסן זיך אויסער דער פראַנק־פורטער „רעליגיאָנס געזעלשאַפט" אויך די מינדערהייטן פון די געמיינדעס אין בערלין, קעניגסבערג, וויסבאַדן, קעלן און גיסען. און זיי האָבן געגרינדעט באַזונדערע אָרטאָדאָק־סישע געמיינדעס. פאַרשטעהט זיך אַז נישט אַלע אָרטאָדאָקסן זיינען אַרויס געטרעטן פון דער „איינהייטס געמיינדע". אַפילו אַזאַ פער־זענלאַכקייט ווי דער ווירצבורגער רב ר' זעליגמאַן בער באַמבערגער האָט געקעמפט

געגן ר' שמשון רפאל'ן אין דעם דאָזיקן פּרט. און אַ זעהר לעבהאַפטע דעבאַטע האָט אַנט־וויקלט זיך צווישן זיי.

אין דעם יאָר 1885 האָט ער געגרינדעט אין פראַנקפורט אַם מאַין די „פריייע פאַראיי־ניגונג פיר די אינטערעסן דעס אָרטאָדאָקסישן יודענטום", וואָס איז געוואָרן רעאָרגאַניזירט און אויס געברייטערט אין דעם יאָר 1907.

הירש'עס אויף פאַסונג פון אידישקייט איז גאַנץ איינפאַך. ער האַלט אַז דאָס באַקענען זיך מיט די לעהרעס פון אידישקייט, די קוועלעס און די באַוויזן, מחוץ קומען פון אינוויינינ, פון דער אידישער טראַדיציע. דער תנ"כ, די תלמודישע ליטעראַטור און דער באַגריף וועגן אידישקייט לויט די דאָ־זיקע קוועלעס מוזן אָהן באַדינגט ווערן באַ־פרייט פון די ערקלעהרונגן, אויס טייטשונגן, וועלכע זיינען געוואָרן געשאַפן אונטער דעם אין פלוס פון דער נישט אידישער עקסעגעזע, רעליגיאָנס פילאָזאָפיע און רעליגיאָנס גע־שיכטע. זיינע אָפּ האַנדלונגען וועגן דער אויף פאַסונג פון אידישקייט זיינען זעהר אויס געהאַלטן. זיי דערגרייכן זעהר אָפט צו אַ דיכטערישן שוואונג. אַ זעהר גוטער ביי שפּיל וועגן דעם, זיינען זיינע „מאַנאַטס בעטראַכ־טונגען" אין דעם זשורנאַל „ישורון" וועלאַכן ער האָט אַרויס געגיבן 1870—1854 צו קעמפן פאַר און פאַרטיידיקן דאָס אָרטאָדאָקסישע אידישקייט.

פאַרשטעהט זיך אַז די „ליבעראַלן" וועמענס גרונט פּרינציפּ איז צו „אַנטוויקלען" די אידישע רעליגיע, האָבן נישט געקאָנט אָן נעמען הירש'עס סיסטעמאַטישע און לאָגישע באַגרינדונגען אַז די תורה קאָן בשום אופן נישט ווערן געענדערט. אָבער זיי האָבן בע־טראַכט און אָנערקענט אים אַלס אַן עהר־ווירדיקע רעליגיעזע פערזענלאַכקייט. אַפילו גאַיגער, זיין אידעאָלאָגישער געגנער שרייבט אין פּיפטן באַנד פון זיין ווערק „נאַכגעלאַ־סענע שריפטן", זייט 18 : „מיר האָבן געהאַט אַ זעהר לאַנגן שטרייט, אין וועלאַכן איך האָב קענען געלערנט זיין אויסער אָרדענט־לאַכע באַרעדזאַמקייט, זיין שאַרף זין, זיין קלאָרע און שנעלע תפיסה... איך רעספּעק־טיר זיינע פאַרציגליכע גייסט אייגנשאַפטן, זיין עהרליכקייט, און ליב זיין גוט הארץ".

ר' שמשון רפאל הירש איז געוועזן אַן אָהן ערמידליכער קעמפער פאַר טראַדיציאָנעל אי־דישקייט, אין וואָרט און אין שריפט. ער איז דער מחבר, פערפאַסער, פון מעהרערע וויכ־טיקע ווערק. אַלס אַ מין פאַרזעצונג צו די באַרימטע „ניינצן בריוו" האָט ער אַרויס געגיבן אַ בוך „חורב" — אַ טעקסט וועגן אידישקייט פאַר דער געבילדעטער איגנט. ער האָט איבערזעצט אויף דייטש חומש, תהלים, א) און דעם סידור מיט ערקלעהרונגען ; אַ בוך „די באַציאונג פון תלמוד צום אידענטום", אין וועלאַכן ער פאַרטיידיגט די חכמים ז"ל געגן די ליגנס פון די אַנטיסעמיטן, און נאָך אַנדערע ווערק.

הרב הירש ז"ל איז געשטאָרבן כז טבת, תרמ"ט, דעצעמבער 31, 1888, אין דעם על־טער פון אַכציק יאָר אין פראַנקפורט אַם מאַין. אויך נאָך זיין טויט ביז היטלער ימח שמו, האָבן זיינע לעהרעס געהאַט אַ געוואַל־דיקן איינפלוס אויף דעם דייטשן אידענטום.

---

א) דעם פירוש אויף תהלים האָט הרב דר. יחיאל זאב ליפשיץ איבער געזעצט פון דייטש אויף לשון הקודש, ירושלים, תשכ"א.

# אַפּקירצונגען און ראשי תיבות (אַנהויב־אותיות, איניציאַלן)

**אא** = אברהם אבינו׳ס לעבן און שאַפונג, פון הרב דר. אהרן ראַזמאַרין, אום פאַב־לישינג קאָ., ניו יאָרק תשכ״ד, 1964.

**אאס** = אגדת אסתר, עדיציע ר׳ שלמה באָבער, מיט באַמערקונגען פון ר׳ יהודה בעהאַק ז״ל, געדרוקט אין ארץ ישראל, אָן געגיבן לויט פרשה און פסוק.

פאַרגלייכט מיט אויסגאַבע ראָם, ווילנא תרפ״ה.

**אב.** = אבודרהם, די תפילות, דינים, מנ־הגים ערקלעהרט פון ר׳ דוד בר׳ יוסף אבודרהם, דעם בעל הטורים׳ס אַ תלמיד, וואַרשע, תרל״ח; איבער געדרוקט אין ברוק־לין, ניו יאָרק.

זעט **אב.**, זייט נ, אין באַנד **א**.

**אבדם** = אלפא ביתא דבן סירא, עדיציע שטיינשניידער, ברלין, 1858.

**אבדע** = מדרש אלפא ביתא דרבי עקי־בא, אין בית המדרש חדר שלישי, עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק, זייטן 64־12, לייפציג, 1855.

**אבדע,ב׳** = אלפא ביתא דרבי עקיבא, נוסחא ב׳, אין בית המדרש חדר ג, עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק, זייטן 64־50, וויען, 1855. זעט: **מע**, **מע,ב׳** זייט 91.

**אבדע,ג׳** = מדרש אלפא ביתות... עדי־ציע ר׳ אהרן שלמה ווערטהיימער, ירו־שלים, תרע״ד.

זעט: **מע**, **מע,ב׳**, זייט 91.

**אבות** = מסכת אבות עם רש״י ורבינו יונה, ברלין ואַלטונאַ, תר״ח, אָן געגיבן לויט פרק.

פאַרגלייכט אויסגאַבע 1874.

**אבכיר** = לקוטים ממדרש אבכיר [אמן במהרה כן יהי רצון], עדיציע ר׳ שלמה באָבער, וויען, 1883, תרמ״ג.

**אבר.** = אברבנאל, פירוש אויף תנ״כ פון דון יצחק אברבנאל, וואַרשע, תרכ״ב; איבער געדרוקט אין ארץ ישראל, אָן געגיבן לויט סדרה און פסוק; אָדער לויט ספר, קאַ־פיטל און פסוק.

זעט **אבר.**, זייט נ, אין באַנד **א**.

**אג** = מדרש אבא גוריון אין בית המדרש חדר א׳, עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק, זייטן 18־1, לייפציג, 1853.

**אג,ב׳** = מדרש אבא־גוריון... על מגילת אסתר...אין ספרי דאגדתא, עדיציע ר׳ שלמה באָבער, זייטן 42־1, ווילנא, 1886, אָן געגיבן לויט קאַפיטל און זייט.

זעט **סד**, זייט 92.

**אגא** = אגדת אסתר... עדיציע ר׳ שלמה באָבער, אויסגאַבע ראָם, ווילנא, תרפ״ה, מיט „הארות״ און „הגהות״ פון ר׳ יהודה בעהאַק, און פאַרגלייכט מיט ארץ ישראל אויסגאַבע, אָן געגיבן לויט קאַפיטל און פסוק.

**אגאג** = אגדת אגדות, עדיציע ר׳ חיים מאיר הורוויץ הלוי, ברלין, תרמ״א.

**אגב** = אגדת בראשית, עדיציע ר׳ שלמה באָבער, קראָקא, תרנ״ז, אָן געגיבן לויט קאַפיטל און זייט. פאַרגלייכט מיט בית המדרש, חדר רביעי, 116־1, עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק, תרי״ז, לייפציג.

זעט אויסגאַבע קראָקא, תרס״ג.

**אגב,ב׳** = אגדת בראשית, אין בית ה־מדרש חדר רביעי, זייטן 116־1, עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק. פאַרגלייכט מיט אגדת

בראשית, עדיציע ר׳ שלמה באָבער, קראָקא, תרס״ג.

**אגד.** = **אגדתא** אין ספרי דאגדתא, עדי־ציע ר׳ שלמה באָבער, ווילנא, 1886.
זעט **סד**, זייט 92.

**אגדכ** = **אגרא דכלה** אויף תורה פון הרב צבי אלימלך, ניו יורק, תשכ״ד.

**אגה** = **אגדות התנאים** מאת מיכאל היגער, בלוך, ניו יאָרק, תרפ״ט, אָן געגיבן לויט זייט.

**אד** = **אהבת דוד**, זיבעצן דרושים וועלאָכע ר׳ חיים יוסף דוד אזולאי, באַוויסט אַלס **חיד״א**, האָט געהאַלטן אין דער ישיבה פון ר׳ אליעזר חי שאלתיאל ריקאַנטי אין די יאָרן תקנ״ה—תקנ״ט פיר מאָל אין יאָר, שבת שובה, שבת זכור, שבת הגדול, שבת כלה [שבת פאר שבועות] ליוואָרנו, תקנ״ט.
זעט **חיד״א**, זייט סא, אין באַנד **א**.

**אדם,א׳** = פרק **אדם** הראשון, נוסחא **א׳**, אין כבוד חופה, עדיציע חיים מאיר הורוויץ הלוי, פראַנקפורט אַם מאַין, תרמ״ח, 1888.

**אדם,ב׳** = פרק **אדם** הראשון, נוסחא **ב׳**, אין כבוד חופה, עדיציע חיים מאיר הורוויץ הלוי, פראַנקפורט אַם מאַין, תרמ״ח, 1888.

**אדרא** = **אדרת אליהו**, אַ פירוש אויף תורה, פון רבי אליהו ב״ר שלמה זלמן, ווילנער גאון, מיט די פירושים באר אברהם, באר יצחק, סיני תל אביב.
זעט **אדרא**, זייט נב, אין באַנד **א**.

**אהל** = **אהל** מועד מאת ר׳ שלמה ב״ר אברהם מאורבינו, אויסגאַבע ש״ח.

**אהלי** = **אהל יעקב**, דרושות און אויסטײַטשונגען אויף תורה פון ר׳ יעקב בר׳ זאב קראַנץ, באַוויסט אַלס דובנער מגיד.
זעט **אהלי**, זייט נג, אין באַנד **א**.

**אונק.** = תרגום **אונקלוס** אויף תורה.
פאַרגלייכט עדיציע ר׳ אברהם ברלינער, ברלין, תרמ״ד.
זעט **ביאורי אונקלוס** פון שמשון ברוך שעפטעל ז״ל, עדיציע פרץ... בן ברוך אשר פערלעס, מינכען, תרמ״ח, אָן געגיבן לויט סדרה און זייט.

**אוצה** = **אוצר** התפילות, תש״ו, ניו יאָרק.

**אוצהב** = **אוצר הברייתות**, ספרים [בענ־דער] א—י, עדיציע דר. מיכאל היגער, אויסגאַבע „דבי־רבנן״, נויאָרק תרצ״ח־ת״ש.

**אוצמ** = **אוצר מדרשים**, עדיציע ר׳ יהודה דוד אייזענשטיין, ניו יאָרק, תרע״ה, אָן געגיבן לויט זייט.

**אור** = **אור** האמת פון ר׳ דוב בער, מעזעריטשער מגיד, דעם בעל שם טוב׳ס נאָך פאָלגער, ברוקלין, נ. י., תש״כ.
פאַרגלייכט הוסיאַטינער אויסגאַבע תרנ״ט, און זשיטאָמירער אויסגאַבע תרס״א.

**אורה** = **אור החיים**, אַ פירוש אויף תורה, פון ר׳ חיים ב״ר משה ן׳ עטר, אָן געגיבן לויט ספר, קאַפּיטל און פסוק, געדרוקט אין חומשים.
זעט **אורה**, זייט קד, אין באַנד **א**.

**אזכרה** = מדרש אלה **אזכרה**, אין **ב״ה**, ח״ב, עדיציע יעללינעק, 72—64.

**איכה** = מדרש הנעלם על **איכה**... זהר חדש, אַמשטרדם (אַמסטערדאַם), 1701.

**איכה,ב׳** = ילקוט שמעוני על **איכה**, אין מדרש זוטא, עדיציע ר׳ שלמה באָבער, 171־147, ברלין, 1894.

**איכז** = מדרש **איכה** זוטא, אין מדרש זוטא, עדיציע ר׳ שלמה באָבער, ברלין 1894, 80־59.
זעט **מז**, זייט 90.

**איכז,ב׳** = מדרש **איכה זוטא נוסחא** שניה, אין מדרש זוטא, עדיציע ר׳ שלמה באָבער, זייטן 133־114, ברלין, 1894.
זעט **מז**, זייט 90.

**איר** = מדרש **איכה** רבה, ניו יאָרק, תשי״ב, אָן געגיבן לויט פּרשה און סימן.
פאַרגלייכט מיט ווילנער אויסגאַבעס תרל״ח, תרצ״ח.

**אירב** = **איכה רבה**, עדיציע ר׳ שלמה באָ־בער, ווילנע, 1899, תרנ״ט, אָן געגיבן לויט פּרשה און זייט.

**אלפס** = ר׳ יצחק ב״ר יעקב הכהן **אלפסי**, מחבר פון דעם ספר **הלכות**, וועלכער ענטהאַלט דעם תמצית, דעם עסענץ, פון תלמוד בבלי, און ערקלערט קלאָר די הלכות, לויט ווי ער האָט געלערנט זיי פון זיינע רביים.
זעט **אלפס**, זייטן 27—24.

**אלש.** = **אלשיך** [תורת משה], אַ פּירוש אויף תורה פון ר׳ משה ב״ר חיים אלשיך, וואַרשע תרל״ט, ניו יאָרק תש״ך, אָן געגיבן לויט סדרה און זייט.
אויף נ״כ, אויסגאַבע ראָם, ווילנא תרנ״ז, תרס״ג, אָן געגיבן לויט ספר און זייט.
זעט **אלש.**, זייט נג, אין באַנד **א**.

**אמה** = אגדה מספר המעשים אין **אגדת אגדות** חלק א, עדיציע ר׳ חיים מאיר הורוויץ הלוי, זייטן 79-77, ברלין, תרמ״א.
זעט **אגאג**, זייט 77.

**אע** = **אבן עזרא** אויף תנ״כ, פון ר׳ אברהם בר׳ מאיר אבן עזרא, אָן געגיבן לויט ספר, קאַפּיטל און פסוק, געדרוקט אין חומשים.
זעט **אע**, זייט נד, אין באַנד **א**.

**אר** = מדרש **אסתר רבה**, ניו יאָרק, תשי״ב אָן געגיבן לויט פּרשה און סימן.
פאַרגלייכט מיט ווילנער אויסגאַבעס תרל״ח, תרצ״ח.

**אר,א׳** = מדרש מגלת **אסתר**, אין **אגדת אגדות**, חלק א׳, עדיציע ר׳ חיים מאיר הורוויץ הלוי, ברלין תרמ״א, זייטן 75-56.
זעט **אגאג**, זייט 77.

**אר,ב׳** = מדרש על מגלת **אסתר**, אין בתי מדרשות, עדיציע הרב שלמה אהרן ורטהימר, מהדורה חדשה מאת ר׳ אברהם יוסף ורטהימר, כרך ראשון, ירושלים, תשי״ב.
זעט **במ,א׳**, **במ,ב׳**, זייט 81.

**ארנ** = מסכת אבות דרבי **נתן** בשתי נוסחאות, עדיציע ר׳ שניאור זלמן שעכ־טער, וויען 1887, אָן געגיבן לויט נוסחא און פּרק.
פאַרגלייכט מיט אבות דרבי נתן אין תלמוד בבלי.

**ארנ,ב׳** = אגדה מאבות דרבי **נתן** של בני צרפת, בית עקד האגדות, מחברת ראשונה, שנה ראשונה, תמוז, תרמ״א, עדיציע ר׳ חיים מאיר הורוויץ הלוי, פראַנק־פורט על נהר מיין, זייטן 36-34.

**ארץ,א׳** = **ארץ** החיים, פּירוש אויף תהלים פון ר׳ חיים כהן, אויסגאַבע ציק, ניו יאָרק.

**ארץ,ב׳** = **ארץ** ישראל, פּירוש אויף ארץ החיים אויף תהלים, פון ר׳ ישראל אהרן האַללער, אויסגאַבע ציק, ניו יאָרק.

**ארקים** = סדר **ארקים** וזהו סידור של מידות טובות, אין כבוד חופה פון חיים מאיר הורוויץ הלוי, פראַנקפורט אַם מאַין, תרמ״ח, 1888.

**אתשע** = אגדת **ת**פלת **ש**מונה **ע**שרה אין בית המדרש, חדר חמישי, אויסגאַבע יעל־לינעק, ווינא, תרל״ג, זייטן 56—54.

**בב** = מסכת **ב**בא **ב**תרא.

**בב ירוש.** = **ב**בא **ב**תרא **ירוש**למי, עדיציע חורב, ברלין, תרפ״ט, אָן געגיבן לויט פּרק און הלכה.
פאַרגלייכט קראָטאָשינער אויסגאַבע, אוי־בער געדרוקט: שולזינגער, ניו יאָרק, 1948; ניו יאָרקער אויסגאַבע תשי״ט מיט די פּירו־שים „קרבן העדה״, „פני משה״, און נאָך.

**בד** = **בוצינא דנהורא** פון ר׳ ברוך פון מעזיבוז, דעם בעל שם טוב׳ס איניקל, זצ״ל, פּיעטרקוב, תרמ״ו, 1886.

**בדה,א׳** = **ברייתא דמלאכת המשכן**, עדי־ציע מאיר איש שלום, ווינא, תרס״ח.

**בדה,ב׳** = **ברייתא דמלאכת המשכן** אין **בה**, חדר ג, עדיציע יעללינעק, זייטן 144—154.

**בדי** = **ברייתא דשמואל ירחינאה**, מיט דעם פּירוש שבילי המאורות, עדיציע אריה ליב ליפּקין בהרב ר׳ ידידיה ליפּמאַן, אויסגאַבע ראָם, ווילנא, תרפ״ה.

**בדמ** = **ברייתא דמזלות** אין אוצר מדר־שים, כתבי־יד, חלק א׳, עדיציע שלמה אהרן ווערטהיימער, ירושלים, תרע״ג, זייטן א—כח.

**בה** = **בית המדרש**, זעקס חדרים, עדיציע ר׳ אהרן יעללינעק, לייפּציג 1853, וויען 1877.

**בהיר** = ספר **הבהיר**, מיוחס לר׳ נחוניה בן הקנה. [דער רמב״ן אין זיין פּירוש אויף תורה און אין זיין „שער הגמול״ רופט אים אַן **מדרש** נחוניה בן הקנה]. זעט דעם פּירוש אויף תורה פון רבינו מנחם פון רקאַנט.

**בחיי** = מדרש רבינו **בחיי** בר׳ **אשר**, אַ פּירוש אויף חומש, ירושלים תשי״ח, אַן געגיבן לויט סדרה און פּסוק.

פּאַרגלייכט אויסגאַבע וואַרשע, 1878.

זעט **בחיי**, זייט נו, אין באַנד **א**.

**בינה** = **בינה לעתים**, דרושים פון ר׳ עזריה בן אפרים פיגו, לעמבערג, תקע״ו.

זעט **בינה**, זייט נו, אין באַנד **א**.

**ביצה** = מסכת **ביצה**.

**ביצה ירוש.** = **ביצה ירושלמי**, עדיציע חורב, ברלין תרפ״ט, אַן געגיבן לויט פּרק און הלכה.

זעט **בב ירוש.**, זייט 79.

**בכור** = מסכת בכורות.

**בלעז**, א).

**במ** = מסכת **בבא מציעא**.

**במ. ירוש.** = **בבא מציעא ירושלמי**, עדי־ציע חורב, ברלין, תרפ״ט, אַן געגיבן לויט פּרק און הלכה.

זעט **בב ירוש.**, זייט 79.

---

א) **בלעז**, געוויינטלאַך שרייבט מען בלע״ז מיט „איבער שטרעכאַלאַך״. און דאָס זאָל מאַכן **בלשון עַם זר**. נעמלאַך, רש״י ז״ל טייטשט אַז דאָס און דאָס וואָרט מיינט בלשון עם זר, אין אַ פרעמדער שפּראַך [אין פראַנ־צויזעש, אָדער אין דייטש], אַזוי און אַזוי.

אין כמעט אַלע רש״י׳ס אויף חומש, שטעהט בלע״ז מיט איבער שטרעכאַלאַך. און ווען מע פרעגט וואָס דאָס מיינט, איז דער ענטפער אַז דאָס זיינען די ראשי תיבות פון **בלשון עַם זר**. באַמערק איך הקטן, אהרן באאמו״ר ר׳ משה ואמי מורתי בראַנצי, מנוחתם כבוד, אַז דער איינפאַל איז אַ גאון׳ישער, אַ געניאַ־לער, אָבער אַ נישט ריכטיקער.

ערשטנס, רש״י האָט נישט געשריבן ווער־טער מיט איבער שטרעכאַלאַך. אויסער זייענ־דיק דער גרעסטער מפורש, דער „פרשן דתא״, איז ער געווען דער גרעסטער פּעדאַ־גאָג. און אַ פּעדאַגאָגס אויפגאַבע איז צו ערקלעהרן אויף דעם גרינגסטן אופן דאָס וואָרט אָדער דעם איינהאַלט. און דאָס טוט מען נישט מיט ראשי תיבות, מיט איניציאַלן. אדרבה, ווען סע וואָלט געווען אין לשון הקודש אַזאַ **ראשי תיבות׳דיק** וואָרט, וואָלט רש״י ערקלעהרט וואָס דאָס מיינט.

צווייטנס, דאָס וואָרט מאַכט **בלעז** [בלויאיז]. **לועז** איז די טייטש אַ פרעמד לאַנד, אָדער אַ פרעמדע שפּראַך. ווי צום ביי שפּיל „בצאת ישראל ממצרים, בית יעקב מעם **לעז**״, [תה־לים קיד, א]... די אידן זיינען געגאַנגען אַרויס פון אַ פאָלק וואָס רעד אַ פרעמדע שפּראַך, נישט לשון הקודש, זעט רש״י דאָרט. אַלזאָ, בלעז איז **נישט** אַ ראשי תיבות, נאָר אַ **וואָרט**. און דער טייטש דערפון איז: **אין אַ פרעמדער שפּראַך**.

דריטנס, רש״י אַליין שרייבט דאָך אין

**במ*** = **בתי מדרשות**, עדיציע הרב שלמה אהרן ורטהימר זצ"ל... עם הוספות... מאת אברהם יוסף ורטהימר, כרך ראשון, מוסד הרב קוק, ירושלים תשי"ב, אָן געגיבן לויט זייט.

**במ.א'** = **בתי מדרשות** עדיציע הרב שלמה אהרן ורטהימר, ירושלים 1897־1893.

**במ.ב'** = **בתי מדרשות** מאת רבי שלמה אהרן ורטהימר, מהדורה חדשה עם הוס־פות... מאת אברהם יוסף ורטהימר, כרך ראשון, הוצאת מוסד הרב קוק, ירושלים, תשי"ב, אָן געגיבן לויט באַנד און זייט.

**במ.ג'** = **בתי מדרשות**, עדיציע רבי שלמה אהרן ורטהימר זצ"ל, מהדורה חדשה עם הוספות... פון הרב אברהם ורטהימר, צווייטער באַנד, אויסגאַבע מוסד הרב קוק, ירושלים, תשי"ג.

**במח** = **באר מים חיים** על תורה פון ר' חיים פון טשאַרנאָוויץ, אויסגאַבע לוין־אפשטיין, ירושלים, תשכ"ד. אָן געגיבן לויט סדרה, זייט און פסוק.

**במחי** = **באר מים חיים** פון ר' יעקב בר' יצחק הכהן שפירא, פירוש א) אויף רש"י אויף תורה; ב) אויף פסוקים; דרשות, קראקא, שע"ו.

**במר** = מדרש **במדבר** רבה, ניו־יאָרק תשי"ב, אָן געגיבן לויט פרשה און סימן. פאַרגלייכט ווילנער אויסגאַבעס תרל"ח, תרצ"ח.

**בנאה** = דרשת ר' **בנאה** [אין תנא דבי אליהו זוטא, ב' נוסחאות], עדיציע ר' חיים מאיר הורוויץ הלוי, פראַנקפורט על נהר מיין, תרמ"ב, זייטן 26־7.

**בעהט** = **בעל הטורים**, אַ פירוש אויף תורה, פון ר' יעקב בר' **אשר** (דעם **ראַ"ש**'ס זון), געדרוקט אין חומשים.
זעט **בעהט**, זייט נו, אין באַנד **א**.

**בעשט** = ר' ישראל **בעל שם טוב**.
זעט **שבחי**, זייט צב, אין באַנד **א**.

**בק** = מסכת **בבא קמא**.

**בק. ירוש.** = **בבא** קמא **ירושלמי**, עדיציע חורב, ברלין, תרפ"ט. אָן געגיבן לויט פרק און הלכה.
זעט **בב ירוש.**, זייט 79.

**בר** = מדרש **בראשית** רבה, ניו יאָרק תשי"ב, אָן געגיבן לויט פרשה און סימן. פאַרגלייכט ווילנער אויסגאַבעס תרל"ח, תרצ"ח.

**ברט.** = רבינו עובדיה **מברטנורה** אויף משניות, אויסגאַבע אום.

**ברכ.** = מסכת **ברכות**.

**ברכ. ירוש.** = **ברכות ירושלמי**, עדיציע חורב, ברלין, תרפ"ט, אָן געגיבן לויט פרק און הלכה.
זעט **בב ירוש.**, זייט 79.

**גדול** = מדרש **גדול** וגדולה אין בית המדרש חדר שלישי, זייטן 130־121, עדיציע ר' אהרן יעללינעק, לייפציג, תרט"ו.

**גהפ** = מדרש **ג**לית **הפ**לשתי אין **בה**, חדר ד, עדיציע יעללינעק, זייטן 141—140.

---

מעהרערע ערטער **ובלשון לעז**. זעט צום ביישפיל: בראשית א, יא; ג, כד; שמות ד, י. וואָלט רש"י געהאַלטן עס פאַר אַ ראשי תיבות, וואָלט ער דאָך געוועזן בעדאַרפט שרייבן ובלשון **עז**, און נישט לעז, ווייל די **ב** און די **ל** זיינען דאָך שוין דאָ אין דעם וואָרט **ובלשון**.

אַלזאָ, בלעז איז נישט אַ ראשי תיבות, נאָר אַ וואָרט וואָס איז די טייטש **אין אַ פרעמדער שפּראַך**. סע איז פאַלש צו שרייבן בלעז מיט איבער שטרעכאַלאַך. און אַרויס גיבערס פון חומשים דאַרפן פאַריכטן עס. און אויך מחברים פון ספרים דאַרפן בעמען דאָס אין בעטראַכט. ותבוא עליהם ברכה.

**גיהנם** = מסכת גיהנם, אין **בה** חדר א׳, לייפּציג תרי״ג, זייטן 149—147.

**גיטין** = מסכת גיטין.

**גיטין ירוש.** = **גיטין ירושלמי**, עדיציע חור־רב, ברלין, תרפ״ט, אָן געגיבן לויט פּרק און הלכה.

זעט **בב ירוש.**, זייט 79.

**גן** = סדר גן עדן... אין **בה** חדר ב׳... זייטן 53—52.

**גן,ב׳** = סדר גן עדן נוסחא **ב׳**, אין **בה**, חדר ג, זייטן 140—131.

**גן,ג׳** = תוספתא לסדר גן עדן... אין **בה**, חדר ג, זייטן 198—194.

**גן,ד׳** = גן עדן וגיהנם אין **בה**, חדר ה׳, ווינא, תרל״ג, זייטן 51—42.

**געדאַנק** = **געדאַנק** און חכמה, געדאַנקען אויף אַלע סדרות, אין אידיש, פון אהרן ראַזמאַרין, אום פּאַבלישינג קאָ., ניו יאָרק, תשט״ו, 1954.

**גש** = **גנזי שעכטער**, מדרש, עדיציע לוי גינזבורג, ניו יאָרק תרפ״ח.

**דא** = מסכתות דרך ארץ, עדיציע דר. מיכאל היגער, „דבי רבנן״, ניו יאָרק, תרצ״ה.

פאַרגלייכט מיט מסכתות דרך ארץ רבה און זוטא אין ש״ס.

**דאש** = דרשות **אבן שואב**, קאָנסטאַנטי־נאָפּאָל, 1523, אָן געגיבן לויט ספר, סדרה, אַ מאָל אויך לויט זייט און שפּאַלט.

**דבה** = **דברי הימים של משה רבינו** ע״ה, אין **בה**, חדר ב׳, זייטן 11—1, לייפּציג, 1853.

[אגב, אבן עזרא ז״ל זאָגט אַז מע זאָל נישט פאַרלאָזן זיך אויף דעם, ווייל אַלץ וואָס איז געשריבן אין דעם איז נאַריש, א״ע שמות ד, כ]. פאַר גלייכט א״ע שמות ב, כב.

**דבה,ב׳** = **דברי הימים של משה רבינו**, עדיציע גאָאולמין, פּאַריז, 1628.

**דבר** = מדרש עשרת הדברות, אין **בה**, חדר א, לייפּציג, תרי״ג, זייטן 90—62.

**דגל** = **דגל** מחנה אפרים, אויף תורה פון ר׳ משה חיים אפרים, (דעם בעל שם טוב׳ס אייניקל), לעמבערג תרי״ח, ניו יאָרק תש״ב, אָן געגיבן לויט סדרה און זייט.

זעט **דגל**, זייט נז, אין באַנד **א**.

**דה,א׳** = דברי הימים, א׳, אָן געגיבן לויט קאַפּיטל און פּסוק.

**דה,ב׳** = דברי הימים, ב׳, אָן געגיבן לויט קאַפּיטל און פּסוק.

**דזמה** = **ד**עת **ז**קנים **מ**בעלי **ה**תוספות אויף תורה, געדרוקט אין חומשים.

**דמאי** = מסכת **דמאי** אין תלמוד בבלי.

**דמאי ירוש.** = מסכת **דמאי** ירושלמי, אויסגאַבע חורב, ברלין, תרפ״ט, אָן גע־גיבן לויט פּרק און הלכה. פאַרגלייכט: קראָ־טאָשינער אויסגאַבע; ניו יאָרקער אויסגאַבע תשי״ט מיט די פירושים קרבן העדה, פני משה...

**דר** = מדרש דברים רבה, ניו יאָרק, תשי״ב אָן געגיבן לויט פּרשה און סימן.

פאַרגלייכט ווילנער אויסגאַבעס תרל״ח, תרצ״ח.

**דרש.** = דרשות פון אבן שואיב, קאָנס־טאַנטינאָפּאָל, 1523, אָן געגיבן לויט ספר און פּרשה, אַ מאָל אויך לויט זייט און קאָלום [שפּאַלט].

**דשט** = דרשות ר׳ **ש**ם **ט**וב, ווענעציע, 1552, אָן געגיבן לויט סדרה, זייט און שפּאַלט.

**דשפא** = די שעהנקייט פון אידענטום, פון אהרן ראַזמאַרין, אויסגאַבע אום, ניו יאָרק, תש״ז.

**הגרא** = **ה**גאון **ר**בינו **א**ליהו, ווילנער גאון. זעט **אדרא**, זייט נב, אין באַנד **א**.

**האָט נאָך עמיצער געהאַט אַזעלאַכע האָר ווי אבשלום?**

זיינע האָר זיינען געווען ווי אדם הראשון'ס האָר, ט).

**פאַר וואָס פלעגט אבשלום טראָגן לאַנגע האָר?**

ער איז געווען אַ „נזיר עולם", אַ לעבנס נזיר. נזיר מיינט אַ מענטש וועלא־כער ווידמעט זיין לעבן צו דינען דעם אייבערשטן, און דערווייטערט זיך פון פאַרגעניגנס. און אבשלום איז געווען אַ נזיר אויף זיין גאַנץ לעבן, י).

**ווי אָפט פלעגט אבשלום אָפּ שערן זיינע האָר?**

אין פסוק שטעהט אַז ער פלעגט אָפּ שערן זיינע האָר „מקץ ימים לימים", א). ווערט דער דאָזיקער פסוק אויס גע־טייטשט פאַרשידן אַרטיק:

אַלע יאָר, אַלע חודש, אַלע פרייטיק, ב).

**ווי שווער זיינען געווען אבשלום'ס האָר?**

נאָך דעם אָפּ שערן האָבן זיי געוואויגן צוויי הונדערט שקלים, ג).

**האָט אבשלום געהאַט קינדער?**

יאָ, דריי זין און אַ טאָכטער מיט דעם נאָמען תמר, וועלאַכע איז געווען אַ זעהר שעהנע, ד).

**ווי אַזוי האָבן אָן געקעהרט זיך אבי־שלום און אמנון?**

זיי זיינען ביידע געווען דוד המלך'ס זין. נאָר אמנון'ס מוטער איז געווען אחינועם. און אבשלום'ס מוטער איז געווען מעכה, די טאָכטער פון תלמי, קעניג פון גשור, ה).

**ווי אַזוי האָט אבשלום אָן געקעהרט זיך מיט תמר'ן?**

סע ווענד זיך מיט וועלאַכער. ער

---

ט) פר"א פרק נג; במ"ד פרק האחרון מפרקי רבי אליעזר רמ; ב"מ.א' זייט רמ; מה"ג.א', ב, ד; מנה"מ ד, 604, 478; רא"ל י, לב; תורה 97; חופת ב' 48, ס"ה ט, ג.

י) זעט: נזיר ד, ב, אונטן; ירוש. נזיר פרק א, הלכה ב; תוספתא סוטה פרק ג, 16; תנח. בשלח יב; במ"ר ט, כד; אג"ה 89; מר"י בשלח, שירתא לו, א, אויסגאַבע אום; י"ש בשלח רמג, שמואל ב' קמט און קנא; רמב"מ נזירות פרק ג, הלכה יב.

אין י"ש בשלח רמג שטעהט „נזיר ימים". זעט רד"ק שמואל ב', יד, כו.

וועגן דער בעדייטונג פון „נזיר ימים" זעט ירוש. נזיר פרק א, הלכה ב, און ווער סע זאָגט עס.

זעט: פרה"ק אין ספר הליקוטים, חלק שלישי, עדיציע גרינהוט, ה, יט; מה"ג.א' ב, ד; מנה"מ ד, 478 און 604; בחיי בשלח כו, ב—ג און בהעלותך טז, ד; מדרש מעשה תורה אין בית המדרש חדר ב, עדיציע יעלינעק 92; מעשה עשרה הרוגי מלכות נוסחא ב' אין בית המדרש, חדר שישי, עדיציע יעלינעק זייט 23 און נוסחא א' זייט 34; שבע חופות אין חופת אליהו און אין כבוד חופה, עדיציע ח. מ. הורוויץ 48.

זעט פאָלגנדיגע פראַגע און ענטפער.

א) שמואל ב', יד, כו.

ב) נזיר ה, א, צווייטע שורה; ירושלמי נזיר פרק א, הלכה ב; מר"י בשלח, זייט לו, א, אויסגאַבע אום; תנח. בשלח יב; במ"ר ט, כד; מ"ש פרשה כז, ה; אג"ה 89; ילקוט שמעוני בשלח רמג און שמואל ב' קמט. אין תוספתא סוטה פרק ג, 16 שטעהט **אחת בשבת**, איין מאָל אַ וואָך אויף דעם אָרט פון פרייטיק.

זעט די קוועלעס צו דעם פאָרגעהענדיגען ענטפער, און פאַרגלייכט די ווערסיעס, און ווער סע זאָגט וואָס.

ג) שמואל ב', יד, כו, און זעט דאָרט תרגום, רלב"ג, רד"ק; אַלע קוועלעס צו די פאָרגעהענדיגע צוויי פראַגעס און ענטפערס.

ד) שמואל ב', יד, כז.

ה) שמואל ב', ג, פסוקים ב און ג; דברי הימים ג', פסוקים א און ב.

האָט געהאַט אַ שוועסטער תמר, ו) און אַ טאָכטער תמר, ז).

**פאַר וואָס האָט אבשלום געטראָגן אַ כעס, אַ צאָרן אויף זיין ברודער אמנון?**

אבשלום האָט געהאַט אַ שעהנע שוועסטער מיט דעם נאָמען תמר. אמנון איז געווען פאַרליבט אין איר. תמר איז געווען אַ צנועה. זי איז געזעסן שטענדיק אין הויז, ז*). אמנון האָט זעהר געוואָלט פאַרקעהרן מיט איר, ווייל זי איז געווען אַ בתולה, אַ יונג פרוי. האָט זיין פריינד און קוזין יונדב גע־רוטען אים צו לעגן זיך אין בעט אריין און מאַכן זיך קראַנק. ווען זיין פאָטער, דוד המלך, וועט באַזוכן אים, זאָל ער בעטן אים צו שיקן תמר'ן, זי זאָל מאַכן עפּיס עסן פאַר אים, און אָן קאָרמען אים.

תמר איז געקומען צו אים. זי האָט געבאַקן אַ פיין־קוכן [פאַן קוכן]. אָבער אמנון האָט נישט געוואָלט עסן. ער האָט געבעטן זי צו פאַרקעהרן מיט אים. זי האָט געבעטן זיך ביי אים ער זאָל נישט באַגעהן די דאָזיגע שאַנד. ווייל ער וועט זיין ווי איינער פון די נידער־טרעכטיקע פון ישראל. זי האָט גערוטן אים צו רעדן וועגן דעם מיט דעם קעניג. וואָרן ער וועט נישט פאַרמיידן זי פון אים. אָבער אמנון האָט נישט צו געהערט זיך צו אירע רייד, און ער האָט פאַרגעוואַלטיקט זי. נאָך דעם האָט ער געהאַסט זי, מיט אַ פיינדשאַפט וועלכע איז געווען גרעסער פון זיין פריערדיגער ליבשאַפט, און ער האָט אַרויס געטריבן זי.

די פרינצעסן תמר האָט אַרויף געטון אַש אויף איר קאָפּ. זי האָט צעריסן איר זיידן העמדל וועלכעס די יונג פרוי פרינצעסנס פלעגן טראָגן. זי איז גע־גאַנגען איבער די גאַסן און האָט גע־שריען. אבשלום האָט גענומען זי צו זיך אין הויז אריין, וואו זי איז געזעסן אַ וויסטע. און אבשלום האָט געהאַסט אמנון'ען פאַר זיין פייניגן זיין שוועס־טער תמר, ח).

**האָט אבשלום אָפּ גערעכנט זיך מיט אמנון'ען פאַר זיין פייניגן זיין שוועס־טער תמר?**

יאָ. צוויי יאָר שפּעטער האָט מע גע־שוירן אבשלום'ס שאָף אין בעל חצר, אפרים. אבשלום האָט איינ געלאַדן אמ־נון'ען צו דער סעודה וועלכע מע פלעגט מאַכן ביי דעם שערן די שאָף. ער האָט באַפעהלט זיינע קנעכט, אַז ווען אמנון וועט זיין פריילעך פון וויין, זאָלן זיי טויטן אים. און זיי האָבן געטון אַזוי, ט).

**ווי אַזוי האָט דוד באַצויגן זיך צו אבשלום'ן נאָך דעם ערמאָרדן אמנון'ען?**

דוד האָט צעריסן זיינע קליידער. ער איז געליגן אויף דער ערד. און אבשלום איז אַנטלאָפן צו זיין מוטער'ס פאָטער תלמי, קעניג פון גשור, י).

**ווי לאַנג האָט אבשלום געוויילט ביי זיין זיידן תלמי, קעניג פון גשור?**

דריי יאָר, א).

**האָט אבשלום אום געקעהרט זיך קיין ירושלים נאָך זיין אַנטלויפן קיין גשור אוים מורא פאַר זיין פאָטער דוד המלך, פאַר אמנון'ס ערמאָרדונג?**

יאָ, און פאַרגעקומען איז עס אַזוי:

---

ו) שמואל ב', יג, א, און זעט רש"י, רד"ק דאָרט.

ז) שמואל ב', יד, כז.

ז*) רש"י שמואל ב', יג, ב. זעט סנה, כא, א לעצט צוויי שורות.

ח) שמואל ב', יג, א—כג.

אַז אמנון'ס קוזין יונדב בן שמעה איז געווען קלוג צו טון שלעכטס, זעט סנה. כא, א, אונטן.

ט) שמואל ב', יג, פסוקים כג—ל.

י) שמואל ב', יג, פסוקים לז, לח.

א) שמואל ב', יג, לח.

יואב, דער זון פון דוד המלך'ס שוועסטער צרויה און אבשלום'ס ערשטער קוזין, האט געוויסט אז דעם קעניגס הארץ געהט אוים נאך אבשלום'ן. האט ער געזאגט צו א קלוגער פרוי פון תקוע: מאך דיך טרויערנדיק. טו אן טרויער קליידער. זאלב זיך נישט מיט אויל. זיי ווי א פרוי וועלכע טרויערט שוין פילע טעג נאך א טויטן. געה צו דעם קעניג און זאג אים אזוי און אזוי...

איז זי געגאנגען צו דוד המלך. זי איז געפאלן אויף איר פנים צו דער ערד. און זי האט געזאגט,

פרוי: העלף, קעניג.

קעניג: וואס איז דיר?

פרוי: איך בין אן אלמנה. דיין דינסט האט געהאט צוויי זין. האבן ביידע געקריגט זיך אין פעלד. סע איז נישט געווען ווער סע זאל נעמען זיי פון אנאנדער. און איינער האט געטויט דעם צווייטן. איז די גאנצע משפחה אויף געשטאנען אויף דיין דינסט. זיי פאדערן איך זאל גיבן זיי דעם וועלאכער האט דער'הרג'עט זיין ברודער. זיי ווילן טויטן אים פאר זיין מארדן זיין ברודער. זיי ווילן אוים לעשן מיין קויל וואס איז געבליבן, נישט איבער לאזן א נאמען מיין מאן, און אן איבער בלייב אויף דער ערד.

קעניג: „געה א היים, און איך וועל באפעהלן וועגן דיר".

פרוי: אויף מיר, מיין האר קעניג, איז די שולד, און אויף מיין פאטערס הויז. און דער קעניג און זיין טראן זיינען ריין.

קעניג: ברייננג צו מיר דעם יעניגן וועלאכער רעד צו דיר, און ער וועט נישט אנרירן דיך מעהר.

פרוי: זאל דער קעניג געדענקן דעם אייבערשטן, אז דער בלוט מאנער זאל נישט אום ברייננגן נאך מעהר. און זיי זאלן נישט פארטיליקן מיין זון.

קעניג: אזוי ווי דער אייבערשטער לעבט, אויב א האר פון דיין זון וועט פאלן אויף דער ערד.

פרוי: איך בעט ערלויבעניש צו רעדן נאך א ווארט.

פרוי: און פאר וואס טראכסט דו אזעלאכס געגן דעם אייבערשטנס פאלק? ווארן אז דער קעניג רעד דאס דאזיגע ווארט, איז ער אליין ווי א שולדיגער, וואס דער קעניג קעהרט נישט אום זיין פאר שטויסענעם [זון]. ווארן שטארבן מוזן מיר שטארבן. יא, אזוי ווי וואסער אוים געגאסן אויף דער ערד, וואס קאן נישט ווערן אויף געזאמלט. און דער אייבערשטער שוינט קיין מענטש. אבער ער טראכט טראכטונגען אז קיין פאר שטויסענער זאל ווערן פארשטויסן פון אים. און אצינד, וואס איך בין געקומען רעדן צו מיין האר דעם קעניג די דאזיגע ווערטער, איז דאס ווייל דאס פאלק האט מיך אן געשראקן. און דיין דינסט האט געזאגט: 'לאמיך אקארשט רעדן צו דעם קעניג. אפשר וועט דער קעניג טון זיין דינסטס פערלאנג. ווארן דער קעניג וועט צו הערן זיך צו ראטעווען זיין דינסט פון דער האנט פון דעם מאן וועלאכער וויל פארטיליקן מיך און מיין זון אין איינעם און דעם אייבערשטנס נחלה. און דיין דינסט האט געזאגט: זאל, איך בעט דיך, דאס ווארט פון מיין האר דעם קעניג זיין פאר א בארואיגונג. ווייל ווי א הימלישער מלאך איז מיין האר דער קעניג אויף צו פארשטעהן גוטס און שלעכטס. און זאל דיין בעשאפער זיין מיט דיר'".

קעניג: לייקן קיין זאך פון מיר וואס איך פרעג דיך; איז יואב'ס האנד מיט דיר אין דעם אלעם?

פרוי: דיין קנעכט יואב, ער האט באפעהלט מיר. און ער האט געטון די דאזיגע ווערטער אין דיין דינסטס מויל. כדי צו פארדרייען דאס אוים זען פון

דער זאַך, האָט דיין קנעכט יואב געטון עס אַזוי. אָבער מיין האַר איז קלוג ווי די קלוגשאַפט פון אַ הימלישן מלאך צו וויסען אַלץ וואָס אויף דער ערד.

און דער קעניג דוד האָט באַפעהלט יואב'ן: „געה, און ברייגג צוריק דעם יונג אבשלום". איז יואב געגאַנגען קיין גשור, און ער האָט געבראַכט אבשלום'ן קיין ירושלים, ב).

**ווען דוד המלך האָט געהייסן יואב'ן געהן און אום קעהרן אבשלום'ן פון גשור קיין ירושלים, האָט ער געזאָגט צו אים: געה און קעהר אום „את הנער, את אבשלום", ג). אבשלום איז דאָך שוין געווען דענצמאָל אַ טאַטע פון קינדער. פאַר וואָס זשע האָט ער באַצייכנט אים מיט „נער", אינגל?!**

מע קאָן באַצייכענען אַ דערוואַקסע־נעם, אפילו אַ מיטל יאָריקן, מיט „נער".

אויף „ושני נעריו אתו", ד) זאָגן די חכמים ז"ל אַז דאָס מיינט ישמעאל'ן און

ב) שמואל ב', יד, א—כד.

ג) שמואל ב', יד, כא.

ד) בראשית כב, ג.

ה) פר"א פרק לא און זעט פרק לב; סע"ר ענדע פרק א; ב"ר נו, ח; ש"ר אַג־הייב פרשה א; אי"ר פתיחתא כד; תנח. וירא כג און שמות א; תנח"ב וירא מב און מו; זהר וירא קג, א; חיי שרה קכג, א און ויחי רל, ב; תדא"ר פרק כז; תדא"ז פרק ב; ישר וירא 58; מ"א תולדות כה, כ; ש"ט חיי שרה כד, יד; ל"ט חיי שרה כג, ב און כד, מד; מה"ג, א' כב, ג; י"ש וירא צח און תולדות קי; רש"י בראשית כה, כ; תוספות יבמות סא, ב אונטער דעם וואָרט וכן; ס"ה יט, ד; שה"ק יד, טו.

לויט ליקוטי תיקונים פון האר"י ז"ל איז יצחק אַלט געווען זיבן און דרייסיק יאָר ווי די צאָל פון „הבל", וועמענס תיקון יצחק איז געווען. זעט תנח"ב וירא הערה רכ.

א"ע בראשית כב, ד זאָגט: אם קבלה נקבל, אויב סע איז טראַדיציע נעמען מיר עס אָן.

אליעזר'ן. ישמעאל איז דאָך דעמאָלט שוין געווען אַלט איין און פיפציג יאָר. וואָרן יצחק איז דאָך געווען אַלט ביי דער עקידה זיבן און דרייסיג יאָר, ה). און ישמעאל איז דאָך געווען עלטער פון אים מיט פערצן יאָר. וואָרן ישמעאל איז געווען אַלט דרייצן יאָר ווען אב־רהם האָט מל געווען אים. און יצחק איז דאָך געוואָרן געבאָרן אַ יאָר שפּע־טער, ה*).

און אויך אליעזר איז שוין געווען דענצמאָל אַ מאַן אין די יאָרן.

**יצחק איז געווען אַלט ביי דער עקידה זיבן און דרייסיג יאָר, ו) און ער ווערט אָן גערופן נער, ז).**

לויט אַנדערע מיינונגען איז יצחק גע־ווען אַלט ביי דער עקידה:

זעקס און דרייסיק יאָר, ז1);
זיבן און צוואָנציק יאָר, ז2);
זעקס און צוואָנציק יאָר, ז3);
דרייצן יאָר, ז4);

אָבער ער האַלט אַז די סברא [סברה], די מיינונג אַז יצחק איז געווען אַלט זיבן און דרייסיק יאָר ביי דער עקידה, לייגט זיך נישט אים אויף דעם שכל. ער האַלט אויך נישט פון דער מיינונג אַז יצחק איז געווען אַלט דענצמאָל פינף יאָר [לויט ס"ה דאַרף שטעהן אַכט — אַ דרוק פעהלער פון ח אויף ה]. לויט זיין מיינונג האָט יצחק בעדאַרפט אַלט זיין דעמאָלט אַרום דרייצן יאָר.

ה*) בראשית יז, כה; יח, ט און כא, ב און רש"י דאָרט.

ו) זעט פאָרגעהענדיגע נאָטע.

ז) בראשית כב פסוקים ה, און יב.

ז1) תרגום יונתן בראשית כב, א.

ז2) סדר הדורות יט, ב.

ז3) הגר"א ז"ל אין סע"ר ענדע פרק א. לויט דעם קומט אַגב אויס אַז רבקה איז געווען אַלט פערצן יאָר נישט דריי יאָר צו איר חתונה.

ז4) סדר הדורות יט, א.

אכט יאָר, ז5); צוויי יאָר, ז6).

יוסף איז געווען שוין אַ זיבעצן יאָריקער בחור, און די תורה רופט אָן אים נער, ז7).

בנימין איז שוין געווען אַ טאַטע פון צען קינדער, ח) און יהודה האָט אָן גערופן אים „הנער״, ט).

יהושע איז דעמאָלט אַלט זעקס און פיפציג יאָר, י) און די תורה זאָגט „ומשרתו יהושע בן נון נער״, א).

ווען דער אייבערשטער האָט געזאָגט צו ירמיהו׳ן „נביא לגוים נתתיך״, איך האָב דיך באַשטימט אַלס נביא פאַר די פעלקער, האָט ער געענטפערט אים „כי נער אנכי״, ב) אַז ער איז אַ אינגל. און ירמיהו איז דאָך דענצמאָל געווען שוין קיין אינגל. שמואל און זכריה האָבן געזאָגט נביאות אַלס נערים, ב*).

**ווי אַזוי זיינען געווען די באַציאונגען צווישן דוד המלך און זיין זון אבשלום, נאָך אבשלום׳ס קומען צוריק פון גשור קיין ירושלים?**

אבשלום איז געווען אין ירושלים צוויי יאָר, און ער האָט נישט געזען דעם קעניג. צוויי מאָל האָט ער געשיקט נאָך זיין קוזין יואב, ווייל ער האָט געוואָלט שיקען אים צו דעם קעניג. אָבער יואב האָט נישט געוואָלט קומען. האָט אבשלום געהייסן זיינע קנעכט צו אונטערצינדן יואב׳ס פעלד מיט גערשטן. און זיי האָבן געטון אַזוי. ווען יואב האָט געפרעגט אבשלום׳ן פאַר וואָס ער האָט געטון עס. האָט אבשלום געענטפערט אים: „איך האָב געשיקט נאָך דיך צו שיקן דיך צו דעם קעניג צו זאָגן אים: נאָך וואָס בין איך געקומען פון גשור? סע וואָלט דאָך געווען בעסער פאַר מיך, איך זאָל נאָך זיין דאָרט. און איצט, לאָז מיך זען דעם קעניגס פנים. און אויב אין מיר איז דאָ אַ זינד, זאָל ער טויטן מיך״.

איז יואב געגאַנגען צו דעם קעניג, און ער האָט דערצעהלט דאָס אים. האָט דער קעניג געשיקט נאָך אבשלום׳ן. ער איז געקומען, און דער קעניג האָט געקושט אים, ג).

**ווי אַלט איז געווען אבשלום ווען ער האָט געגרייט זיך צו אַראָפּ זעצן זיין פאָטער דוד פון דעם קעניגליכן טראָן?**

אַרום פערציק יאָר, ד).

**פאַר וואָס איז אבשלום אַוועק אויף שלעכטע וועגן?**

ווייל זיין פאָטער איז נישט געווען שטרענג צו אים, האָט נישט געשטראָפט אים, ה).

**ווען אבשלום האָט געלאָזט זיך געהן צו אַראָפּ זעצן זיין פאָטער דוד פון דעם טראָן, האָט ער מיט גענומען צוויי הונדערט מאַן פון ירושלים. ווער זיינען זיי געווען?**

ראשי סנהדריות. הויפטן פון די סנהדרין, ו).

**פאַר וואָס זיינען די צוויי הונדערט ראשי סנהדריות, די צוויי הונדערט**

---

ז5) ס״ה יט, א. זעט פר״א פרקים ל, לו.
ז6) סנה. פט, א; ס״ה יט, א.
ז7) בראשית לז, ב.
ח) בראשית מו, כא.
ט) בראשית מד, פסוקים ל, לא, לב, לג, לד.
י) בחיי בראשית כב, ד און פאַרגלייכט אבן עזרא און רמב״ג שמות לג, יא.
א) שמות לג, יא.
ב) ירמיה א, פסוקים ה—ח.
ב*) א״ע זכריה ב, ח.
ג) שמואל ב׳, יד, כח ביז ענדע קאַפּיטל.
ד) שמואל ב׳, טו, ז.
ה) תנח. אָנהייב שמות; אָנהייב ש״ר; יל״ה ג, ב.
ו) שמואל ב׳, טו, יא; ירושלמי סוטה פרק א, הלכה ח; תנח״ב ויצא יז; י״ש שמואל ב, קמט.

**הויפּטלינגע פון דעם סנהדרין געגאַנגען מיט אבשלום'ן, העלפן אים אַראָפּ זעצן זיין פאָטער פון דעם טראָן?**

אבשלום האָט באַנוצט זיך מיט אַ פאַרטל. ווען ער האָט געזאָגט צו זיין פאָטער „אלכה נא ואשלם את נדרי", ז) איך וועל געהן און באַצאָלן מיין נדר. האָט ער געבעטן דוד'ן אַ בריוו אַז צוויי זקנים פון וועלכער שטאָט ער וועט וועלן זאָלן מיט געהן מיט אים. אין יעדער שטאָט, וועלכע ער האָט באַזוכט, האָט ער געוויזן דעם בריוו אינג און אַלט, און געזאָגט: זעט וואָס מיין פאָטער, דער מלך, שרייבט. און דאָס איז אַלץ דערפאַר ווייל איך האָב אייך אַזוי ליב. ער בעט זיי, אַלזאָ, זיי זאָלן געהן מיט אים. אַזוי אַרום האָט ער גענומען צוזאַמען צוויי הונדערט זקנים, וועלכע האָבן לחלוטין נישט געוויסט וואָס אבשלום איז אויסן געווען דערמיט, און אַז דאָס איז געווען אחיתופל'ס פּלאַן צו מאַכן דוד'ן פאַר אוים מלך.

סע איז געוואָרן אַן געפירט צווישן זיי אַן אַגיטאַציע צו אַראָפּ זעצן דוד'ן פון דעם קעניגליכן טראָן, און צו פּראָקלאַמירן דעם שעהנעם אבשלום'ן פאַר קעניג. און כאָטש זיי זיינען געגאַנגען מיט אבשלום'ן, זיינען אָבער זייערע הערצער געווען מיט דוד'ן. זיי האָבן מתפלל געווען, אַז ליבער זאָלן זיי פאַלן אַריין אין דוד'ס הענט, איידער דוד זאָל פאַלן אַריין אין זייערע הענט, ח).

**ווען אבשלום וואָלט געווען געקאָנט פערכאַפּן זיין פאָטערס טראָן נאָר דורך הרג'ענען אים, וואָלט ער געווען געטון דאָס?**

ז) שמואל ב', טו, ז.
ח) ירושלמי סוטה פרק א, הלכה ח [סנהדריות]; תנח"ב ויצא יז [סנהדרין]; י"ש שמואל ב' קמט [סנהדראות].
ט) שמואל ב', טז, יא. זעט: תנח. אַנהייב שמות; אַנהייב שמות רבה.

יא. דוד האָט דאָך באַקלאָגט זיך: „בני אשר יצא ממעי, מבקש את נפשי", מיין זון וועלכער איז געקומען אַרויס פון מיין אינגעווייד זוכט מיין לייב, ט).

**ווי אַזוי האָט דוד געראַטעוועט זיך פון אבשלום'ן?**

ער איז אַנטלאָפן פון ירושלים, ט1).

**ווען דוד המלך'ס אַנטלויפן פון פאַר זיין זון אבשלום'ן, וועלכער וויל טויטן אים צו עראָבערן דעם קעניגליכן טראָן פאַר זיך, זאָגט דער פּסוק „מזמור לדוד", ט2) אַ געזאַנג צו דוד'ן. סע וואָלט דאָך בעדאַרפט שטעהן קינה לדוד, אַ קלאָג ליד צו דוד'ן?!**

ר' שמעון בן אבישלום פאַרגלייכט עס צו איינעם וועלכער דאַרף באַצאָלן אַ וועקסל. פאַר דעם באַצאָלן איז ער טרויעריג. נאָך דעם באַצאָלן איז ער פרעהליך.

דאָס נעמלאַכע איז מיט דוד'ן. ווען דער אייבערשטער האָט געזאָגט אים: „הנני מקים עליך רעה מביתך", ט3) איך וועל אויף שטעלן אויף דיר בייז פון דיין הויז געזינט. האָט ער געטראַכט זיך טאָמער וועט עס זיין אַ קנעכט אָדער אַ ממזר וועלכער וועט האָבן קיין געפיל פאַר אים. ער וועט האָבן קיין רחמנות אויף אים. אָבער ווען ער האָט געזען אַז דאָס איז זיין זון אבשלום, האָט ער גע-פרעהט זיך. דערפאַר זאָגט דער פּסוק מזמור לדוד אַ געזאַנג צו דוד'ן, ט4).

**פאַר וואָס שטעהט דאָס קאַפּיטל תהלים אין וועלכן סע רעדט זיך פון דוד המלך'ס אַנטלויפן פון פאַר זיין זון אַבישלום וועלכער האָט געוואָלט טויטן אים**

ט1) זעט שמואל ב', טו, פסוקים יג—יח.
ט2) תהלים ג, א.
ט3) שמואל ב', יב, א.
ט4) אין ברכות ז, ב זאָגט עס ר' שמעון בן אבישלום, און פאַרגלייכט רש"י תהלים ג, א. אין: י"ש תהלים אַנהייב תרכ"ה; ילק"ה

און ווערן מלך, נעבן דעם קאַפּיטל „למה רגשו גוים" וואָס רעד וועגן די מלחמות פון גוג און מגוג, וועלאַכע וועלן זיין אין משיח'ס צייטן?

ווייל ווען דעגענעראַציע כאַפּט זיך אַריין אין עמיצנס הויז, איז עס שווערער, ערגער פון די מלחמות פון גוג און מגוג, ט5).

**פאַר וואָס איז אבשלום געשטאָרבן דורך ווערן אויף געהאָנגען ביי זיינע האָר?**

ווייל „נתגאה בשערו", ער האָט געגרויסט זיך מיט זיינע האָר, י).

**אבשלום האָט דאָך געהאַט אַ שווערד אויף זיינע לענדן. פאַר וואָס זשע האָט ער נישט אָפּ געשניטן זיינע האָר?**

סע זיינען פאַראַן צוויי מיינונגען:

ווייל דער גיהנם האָט געעפנט זיך אונטער אים. האָט ער געטראַכט זיך: בעסער זאָל איך ווערן אויף געהאָנגען ביי מיין קאָפּ האָר איידער צו נידערן אַראָפּ אין פייער, א).

ער האָט גענומען די שווערד און געוואָלט אָפּ שניידן, ב).

**פאַר וואָס האָט יואב אַריין געשטאָכן דריי שפּיזן אין אבשלום'ן?**

ווייל ער האָט גע'גנב'עט [באַטרוגן] דריי הערצער: זיין פאָטערס הארץ, דעם בית דין'ס הארץ, און די אידנס הארץ, ג).

**פאַר וואָס האָבן יואב'ס אינגען געשטאָכן אַריין אין אבשלום'ן צען שפּיזן?**

ווייל ער האָט פאַרקעהרט מיט זיין פאָטערס צען קעבס ווייבער, ד).

**וואו איז אבשלום געוואָרן באַערדיגט?**

זיי האָבן אַריין געוואָרפן אים אין וואַלד אין דעם גרויסן גרוב, און אויף געשטעלט אויף אים אַ זעהר גרויסן הויפן פון שטיינער, ה).

**ווען דוד האָט געקלאָגט אויף זיין זון אבשלום'ס טויט, האָט ער געזאָגט אַכט מאָל „בני", מיין זון. פאַר וואָס עפּיס אַכט מאָל, ו)?**

זיבן מאָל צו נעמען אַרויס אים פון די שבעה מדורי גיהנם, פון די זיבן אָפּטיילונגען פון דעם גיהנם. און איין מאָל צו ברייגנגן אים אויף יענער וועלט.

לויט אַן אַנדער מיינונג: אבשלום'ס

---

אָנהייב מזמור ג שטעהט אבשלום. זעט וועגן דעם תוספות יומא לח, ב; תוספות כתובות קד, ב, אונטער דעם וואָרט שני.

אַז דער נאָמען ווערט געשריבן אויך אבי־שלום זעט מלכים א, טו, פסוקים ב און י.

ט5) תהלים קאַפּיטלאַך ב און ג. ברכות ז, ב און רש"י תהלים ב, א און זעט א"ע, רד"ק דאָרט; און פאַרגלייכט יל"ה ג ענדע ב.

אין: שו"ט ג, ב; יל"ה ג, ד; י"ש תהלים אָנהייב ג הייסט עס: אַ שלעכטער זון איז ערגער פאַר דעם טאַטן פון די מלחמות פון גוג און מגוג.

י) סוטה ט, ב; י, א—ב; מר"י בשלח שירתא ב, הוצאת אום לו, א; פרה"ק ה, יד; י"ש בשלח רמג; שמואל ב' קנא [זעט שופטים עא]; מה"ג, א', ב, ד; מנה"מ ג' מצוות 418

און ד' 478; בחיי בהעלותך טז, ד און ה.

אין תוספתא סוטה פרק ג, 16, 17; סוטה י, ב, אונטן; במ"ר ט, כד; אג"ה 89 שטעהט מרד בשערו, בשערו מרד.

אין בחיי בשלח כו ב—ג: נשתבח בשערו.

א) פר"א ענדע פרק נג; במ"ד, פרק האחרון מפרקי ר' אליעזר א', רמ. פאַרגלייכט יל"ה פו, כג. זעט זייט 220, נאָטע ד1.

ב) במ"ר נשא ט און כח.

ג) שמואל ב', יח, יד; סוטה ט, ב [משנה] און רש"י דאָרט אונטער דעם וואָרט לב; תוספתא סוטה פרק ג, 17; אג"ה 89.

ד) זעט שמואל ב', יח, יד. סוטה ט, ב [משנה]; אג"ה 89; ש"ב יד, כו.

ה) שמואל ב', יח, יז.

ו) שמואל ב', יט, פסוקים א און ה.

קאָפּ איז געוואָרן אַוועק געשליידערט ווייט פון זיין קערפּער. האָט ער גע־בראַכט זיי צוזאַמען, ז).

**ווען אבשלום איז געוואָרן אויף גע־האָנגען האָט זיין פֿאָטער געטון תפילה ער זאָל האָבן עולם הבא. מיר ווייסן דאָך אַז אַ זון קאָן יאָ מזכה זיין זיין פֿאָטער מיט עולם הבא. אָבער אַ פֿאָ־טער קאָן נישט מזכה זיין אַ זון. און דוד המלך האָט דאָך געוויסט דאָס זיכער. ווי זשע קומט עס וואָס ער האָט גע־בעטן אַ תפלת שוא, אַן אומזיסט געבעט?**

**אַזוי ווי אבשלום איז דאָך געשטאָרבן** אַ מיתה משונה, אַ נישט נאַטירליכן טויט, האָט ער דאָך שוין אָפּ גענומען זיין שטראָף אויף דער וועלט. איז דער־פֿאַר האָט דוד געבעטן, ח).

**איז אבשלום אַריין אין גיהנם?**

דער גיהנם האָט זיבן טירן, ט). ווען אבשלום איז צו געקומען צו דער פֿיפֿ־טער טיר, און זיין פֿאָטער האָט דער־הערט דאָס, האָט ער אָן געהויבן צו יאָמערן און צו קלאָגן... און מע האָט אום געקעהרט אבשלום׳ן פון די פֿינעף טירן, י).

**אבשלום האָט דאָך פֿאַרזינדיקט זיך שטאַרק געגען זיין פֿאָטער. האָט ער עולם הבא?**

**ניין, א).**

**פֿאַר וואָס איז אבשלום נישט גע־וואָרן דוד המלך׳ס נאָך פֿאָלגער?**

ווייל ער האָט געוואָלט טויטן זיין פֿאָטער, פֿערכאַפּן דעם קעניגליכן טראָן מיט געוואַלט.

ער האָט געוואָלט דאָס, צו ווען ער איז נישט געווען ראוי, ווערט, ווירדיג.

ער האָט גע׳גנב׳עט, באַטרוגן דריי הערצער: זיין פֿאָטערס הארץ, דעם בית דין׳ס האַרץ, און דאָס האַרץ פון דעם פֿאָלק, ב).

אגב, ער איז איינער פון די צען וועלאַכע האָבן געוואָרפֿן זייער אויג אויף עפּים צו וועלאַכן זיי זיינען נישט געווען ראוי. איז דאָס נאָך וועלאַכן זיי האָבן געלעכצט, האָבן זיי נישט באַקומען. און דאָס וואָס זיי האָבן געהאַט אין זייערע הענט, איז געוואָרן אַוועק גענומען פון זיי.

די אַנדערע ניין זיינען: קין, קרח,

---

ז) סוטה י, ב אונטן און רש״י דאָרט אונטער דעם וואָרט דקריב; רש״י שמואל ב׳, יט, א; י״ש שמואל ב׳, קנא.

זעט זייט 217, נאָטע י*.

ח) סוטה י, ב אונטען און תוספות דאָרט אונטער דעם וואָרט דאייתיה; סנהדרין קד, א. פֿאַרגלייכט מיט ענדע פרק נג.

ט) פר״א ענדע פרק נג און זעט רד״ל סימן לג.

זעט אַנדערע מיינונגען גיהנם, זייט 221.

י) פר״א ענדע פרק נג. פֿאַרגלייכט סוטה י, ב און תוספות אונטער דעם וואָרט דאייתיה.

א) סנה. קג, ב; אר״נ נוסחא א׳, פרק לו, זייט 108.

---

וועגן זיינע זינד זעט: סוטה ט, ב; ירושלמי סוטה פרק א, הלכה ח; תוספתא סוטה פרק ג 16, 17; מר״י משפטים, נזיקין יג, זייט פט, ב; ב״ר כ, ה; י״ש שמואל ב׳ קנא.

ב) רש״י ברכות סד, א, צווייטע שורה.

פֿאַרגלייכט: רש״י עירובין יג, ב אונטער דעם וואָרט הדוחק, און אונטער דעם וואָרט שעה; ירושלמי סוטה פרק א, הלכה ח; מר״י משפטים, נזיקין יג, זייט פט, ב; י״ש בראשית כט; שבע חופות א׳ חופת אליהו אין כבוד חופה, עדיציע ח. מ. הורוויץ, זייט 46.

זעט שמואל ב׳, טז, יא; תנח. אנהייב שמות; אנהייב שמות רבה.

בלעם, דואג, אחיתופל, גיחזי, אדוניה, עוזיה, המן, און אויך דער שלאַנג, ג).

**האָט אבשלום איבער געלאָזט זין נאָך זיין טויט?**

סע זיינען פאַראַן צוויי מיינונגען:

אבשלום האָט געשטעלט אַ מצבה פאַר זיך ביי זיין לעבן, „כי אמר אין לי בן". ווייל ער האָט געזאָגט אַז ער האָט קיין זון וועלכער זאָל דערמאַנען זיין נאָמען. טייטשען מאַנכע אַז זיינע דריי זין זיינען געשטאָרבן ביי זיין לעבצייט.

אַנדערע טייטשען: ער האָט געמיינט צו זאָגן מיט דעם אַז ער האָט קיין זון וועלכער זאָל קאָנען, זיין ראוי, ווירדיג, צו פאַרנעמען זיין אָרט, אַ זון וועלכער זאָל זיין חשוב, אַן געזען ווי ער, ד).

**אבשלום האָט דאָך געהאַט דריי זין [און אַ טאָכטער], פאַר וואָס זשע איז נישט געוואָרן איינער פון זיי דוד המלך'ס נאָך פאָלגער צו דעם קעניגליכן טראָן?**

ווייל קיין איינער פון זיינע זין איז געווען פאַסנד [פאַסיג] צו זיין קעניג, ה).

**ווי אַזוי האָט אבשלום פאַראייביגט זיין אָנדענק?**

ער האָט געשטעלט אַ מצבה פאַר זיך ביי זיין לעבן. און ער האָט געגיבן זי דעם נאָמען „יד אבשלום", ו) אבשלום'ס אָרט.

**האָט אבשלום עפּים אַ פונקציע אויף יענער וועלט?**

יאָ. ער איז דער אויף זעער איבער צען פעלקער פון דער וועלט, ז).

## אגא

**וואָס ווייסט מען פון אגא הררי?**

ער איז געווען דער פאָטער פון שמה, איינער פון דוד המלך'ס העלדן, ח).

**פאַר וואָס האָט אגא געהייסן הררי?**

הררי מיינט פון דעם באַרג, ט).

## אגג

**ווער איז געווען אגג?**

אגג איז נישט דער נאָמען פון אַ מענטשן. סע איז אַ טיטל ווי קיסר, פרעזידענט, צאַר, קעניג, פרעה, אבימלך. די קעניגס פון מצרים האָבן געהאַט דעם טיטל פרעה. די קעניגס פון די פלשתים זיינען געווען טיטולירט אבימלך. די קעניגס פון עמלק האָט מען באַצייכנט מיט אגג, י).

**המן הרשע האָט אָפּ געשטאַמט פון אגג, א). ווער איז דאָס געווען דער אגג?**

סע זיינען געווען צוויי אגג'ן, ב):

דער קעניג פון עמלק אין משה רבינו'ס צייטען;

דער קעניג פון עמלק אין שמואל הנביא'ס צייטען, ג).

## אגור

**ווער איז געווען אגור?**

ער איז געווען יקה'ס זון. לויט אבן עזרא זאָל ער האָבן געלעבט אין שלמה

---

ג) אין תוספתא סוטה פרק ד, 19 ,18 ,17 פעהלט המן. זעט חופת ב', זייט 6.

ב"ר כ, ענדע ה, רש"ש דאָרט באַמערקט אַז גיחזי וואָלט בעדאַרפט שטעהן נאָך אַבשלום, אדוניה; סוטה ט, ב, אויבן; י"ש בראשית כט; ל"ט בראשית ג, יד.

ד) רש"י, רלב"ג, רד"ק, מצודת דוד, שמואל ב', יח, יח. זעט סוטה יא, א, שורות 7 און 8.

ה) שמואל ב', יד, כז. סוטה יא, א, אויבען.

ו) שמואל ב', יח, יח.

ז) י"ס בראשית יא, ד, פון ברייתא ר' יהושע בן לוי. זעט פאָרגעהעדיגע נאָטע א.

ח) שמואל ב', כג, פסוקים יא, און לג.

ט) רש"י שמואל ב', כג, יא.

י) זעט: רש"י תהלים לד, א; רשב"ם בראשית מא, פסוקים י און מג; ישר ויחי 66.

א) מגילת אסתר ג, א.

ב) במדבר כד, ז און זעט שמות יז, יג; מר"ש 84.

ג) שמואל א', טו, פסוקים ח און טו, און זעט דאָרט דאָס גאַנצע קאַפּיטל.

המלך'ס צייטען. ער זאָל האָבן געווען זיין אַן געזעענע און געלערנטע פּערזענלאַכקייט, און שלמה האָט אַריין גענומען זיינע קלוגע ווערטער אין זיין ספר משלי.

לויט רש"י, אָבער, אין נאָמען פון אונזערע חכמים ז"ל מיינט אגור צונויפזאַמלען. נעמלאַך, שלמה האָט צונויף געקליבען זיינע אייגענע קלוגע אַפאָריזמען, און אַריין גענומען זיי אין זיין ספר משלי. לויט דעם קומט אויס אַז אגור איז נישט דער נאָמען פון אַ מענטש, ד).

## ארבאל

**ווער איז געווען ארבאל?**

ישמעאל'ס דריטער זון, ה) אברהם אבינו'ס אַן אייניקל.

## אדד [הדד]

**ווען האָט געלעבט אדד [הדד]?**

סע זיינען געווען צוויי.

הדד דער זון פון בדד, האָט געקיניגט אין דער שטאָט עוית. ער איז געווען איינער פון די קעניגס פון אדום. ווען מדין האָט געהאַלטן מלחמה מיט מואב, האָט הדד געהאָלפן מואב'ן, און ער האָט געזיגט, ו).

הדד האדומי, ער האָט געשטאַמט פון אַ קעניגליכער פאַמיליע אין אדום, אין שלמה המלך'ס צייטען. ווען דוד המלך האָט באַזיגט זיינע פיינד אין אדום, איז הדד געווען דעמאָלט אַ קליין אינגל. און ער איז אַנטלאָפן קיין מצרים. פּרעה, דער קעניג פון מצרים, האָט פערהייראַט אים מיט זיין ווייבס שוועסטער.

נאָך דוד המלך'ס טויט האָט ער אום געקעהרט זיך אין זיין לאַנד. דער אייבערשטער האָט אויף געשטעלט אים אַלס שטן געגן שלמה המלך. ער האָט געהאַסט די אידן. אַרום דעם יאָר 985 פאַר דער איצטיגער צייט רעכענונג, איז ער געוואָרן קעניג פון ארם, ז).

## אדו

**וואָס ווייסט מען וועגן אדו?**

ער איז געווען אַן עלצטער אין כספיא, אין עזרא הסופר'ס צייטען, ח).

## אדום

**ווער איז געווען אדום?**

עשו.

לויט אַן אַנדער מיינונג איז עשו געווען דער פירער פון אדום, ט).

**וואָס איז די באַציאונג פון אידענטום צו אדום?**

קיין גינסטיגע. סע איז פאַראַן קיין פרייד אין דער וועלט אַזוי לאַנג ווי מלכות אדום עקזיסטירט.

זי ווערט אַן גערופן הרשעה, די שלעכטע.

זי איז געגליכן צו אַ חזיר.

דער אַלמעכטיקער וועט נעמען נקמה אין איר פאַר איר טון שלעכטס אידן.

ער וועט ברייגגן אויף זיי די מכות מצרים, י).

## אדליה

**ווער איז געווען אדליה?**

המן הרשע'ס פיפטער זון, י*).

---

ד) משלי ל, א, רש"י, א"ע, מצודת דוד, מצודת ציון.

ה) בראשית כה, יג.

ו) בראשית לו, לה און רש"י אויפן אָרט.

ז) זעט איינצלהייטען אין מלכים א', יא, יד—כו און די מפרשים דאָרט.

ח) עזרא ח, יז.

ט) תרגום יונתן בראשית לו, ח.

י) אר"נ נוסחא א' פרק לד, זייט ג, ב; פ"ר פיסקא יז, צ, א; ב"ר אַנהויב סה; ויק"ר יג, ה; במ"ר יד, א; שו"ט סח, ג; עא, ג; פ, ו; צז, א; קד, כא, אויסגאַבע אום; י"ש תולדות קיב; ל"ט בראשית כו, לד.

י*) מגילת אסתר ט, ח. זעט דאָרט אויך די נעמען פון המן'ס אַנדערע ביין זין.

# אדם הראשון, דער סאַמע ערשטער מענטש

## איין לייטונג צו דעם מענטש בעשאַף

## באַמערקונג

אדם הראשון איז דאָך נישט געקומען אויף דער וועלט ווי יעדער אַנדערער מענטש. ער איז דאָך נישט געוואָרן געבאָרן ווי אַלע אַנדערע מענטשן. ער איז דאָך געוואָרן בעשאַפן.

צו האָבן אַ קלאָרער בילד וועגן דעם מענטש בעשאַף, איז נייטיק צו באַקענען זיך פריער מיט דער געשיכטע פון דעם וועלט בעשאַף. די געשיכטע פון דעם וועלט בעשאַף וועט דינען ווי אַן איין לייטונג צו דעם מענטש בעשאַף. סע פאַרנעמט טאַקע עטליכע הונדערט זייטן, אָבער סע לוינט זיך.

## פאַר דעם אוניווערס בעשאַף

**ווי אַזוי האָט אָן געהויבן זיך דער אוניווערס בעשאַף?**

דער בעשאַפער האָט בעשאַפן זעקס עלעמענטן, גרונט זאַכן, איידער ער האָט אָן געהויבן בעשאַפן דעם אוניווערס, א): **תוהו** וויסטעניש, **בוהו** לעהרקייט ליידיקייט, **חושך** פינצטערניש, **רוח** גייסט ווינט לופט, **מים** וואַסער, **תהום** אָפּגרונט, ב).

וואַסער איז געוועז פאַר ערד, ג).

פינצטערניש איז געוואָרן בעשאַפן פאַר דעם וועלט בעשאַף, ד).

פינצטערניש איז אַ בעשאַפונג פאַר זיך אַליין, ד1).

אגב, סע איז פאַראַן אַ מיינונג אַז סע מיינט מלאך המות. **המות** און **תהום** ענטהאַלטן די זעלבע אותיות, ד2).

**וואָס זיינען געוואָרן בעשאַפן פריער די אָפּ גרונטן, צי די וואַסערן?**

---

א) אוניווערס מיינט נישט בלויז אונזער וועלט, נאָר אַלץ וואָס סע געפינט זיך איבער אונז, די הימלען, די פלאַנעטן און וואָס סע געפינט זיך דאָרט, און אַלץ וואָס סע געפינט זיך אין דער ערד, אונטער דער ערד, אין די אָקעאַנען, און אונטער זיי.

ב) ב״ר א, ט. זעט דאָרט י״ת, י״מ און רד״ל. פאַרגלייכט מיט דער אָרדענונג אין בראשית א, ב; זייט 167, ג.

לויט אָנהייב תדא״ר זיינען די „כרובים" [בראשית ג, כד] געוואָרן בעשאַפן פריער, פאַר דעם גאַנצן אוניווערס בעשאַף, און אפשר מיינט עס פאַר דעם וועלט בעשאַף.

אַז מים און רוח זיינען געוואָרן בעשאַפן פאַר דעם וועלט בעשאַף, זעט ש״ר טו, כב.

די מפרשים טייטשן פאַרשידן אַרטיק דאָס וואָרט רוח: גייסט, לופט, ווינט.

ג) רש״י בראשית א, א.

דער רשב״מ, [עדיציע ראָזין, אויסגאַבע אום] אָנהייב בראשית האַלט נישט אַז די וואַסערן זיינען געוואָרן בעשאַפן פריער.

זעט ווייטער ביי **ערד**, זייטן 197—192.

ד) תנח. ויקהל ו, און זעט אַ פאַרקעהרטע מיינונג דאָרט.

ד1) אלשיך בראשית א, ד, זייט ח, א־ב.

ד2) תנח. וישב ד. זעט זייט 291.

די אָפּ גרונטן זיינען געוואָרן בעשאַפן איידער די וואַסערן זיינען געוואָרן צו־נויף געזאַמלט, ה).

סע איז פאַראַן אַ מיינונג, אַז דער בעשאַפער האָט צעטיילט זיין נאָמען י און ה. ער האָט געטריפט אַראָפּ דריי טראָפּנס פון יעדער אות. און פון די דאָזיגע טראָפּנס זיינען געוואָרן וואַסער, פייער, רוח און דער גאַנצער אוני־ווערס, ו).

**פון וואַנען איז געדרינגן אַז זעקס עלעמענטן זיינען געוואָרן בעשאַפן פאַר דעם אוניווערס בעשאַף?**

פון דעם סאַמע ערשטן וואָרט ברא־שית. סע מאַכט **ברא שית,** ער האָט בעשאַפן זעקס, ז).

לויט אַן אַנדער מיינונג, דריי עלע־מענטן זיינען געוואָרן בעשאַפן פאַר דעם אוניווערס בעשאַף: וואַסער, רוח גייסט, פייער. דאָס וואַסער איז גע־וואָרן טראָגעדיק, און סע האָט געבאָרן פינצטערניש. דאָס פייער איז געוואָרן טראָגעדיק און סע האָט געבאָרן ליכט. דער גייסט איז געוואָרן טראָגעדיק און האָט געבאָרן חכמה קלוגשאַפט. און מיט אָט די דאָזיקע זעקס בעשאַפונגען ווערט געפירט דער אוניווערס, ח).

לויט אַ גאָר אַנדער מיינונג איז פייער געוואָרן בעשאַפן ערשט שבת צו נאַכטס, ט).

אַ פילאָזאָף האָט געזאָגט אַ מאָל צו רבן גמליאל'ן: אייער אייבערשטער איז טאַקע אַ גרויסער מייסטער. אָבער ער האָט דאָך געהאַט גוטע מאַטעריע, מאַ־טעריאַל וועלאַכע האָט געהאָלפן אים. ער האָט, נעמלאַך, געהאַט תוהו וויסטע־ניש, בוהו לעהרקייט, חושך פינצטער־ניש, רוח גייסט [לופט, ווינט], מים וואַסער, תהומות אָפּגרונטן.

האָט רבן גמליאל געזאָגט אים: ביי די דאָזיגע אַלע זאַכן שטעהט דאָך אַז אויך זיי זיינען געוואָרן בעשאַפן, י).

## דער אוניווערס

**וואָס איז געווען דער אוניווערס, די גאַנצע וועלט פאַר דעם בעשאַף?**

מים במים, וואַסער אין וואַסער, א).

אַ מין גרינער פאַס האָט געריינגלט אַרום דעם גאַנצן אוניווערס. און פון אָט דעם דאָזיקן פאַס האָט געפינצטערט אַרויס אַ פינצטערניש איבער דעם גאַנצן רוים. גרויסע, ריזיגע פעלזן זייי־

---

ה) פר"א פרק ה; יל"ה כג, יד און קלו, יא.

ו) רש"י, מנחות כט, ב אונטער דעם וואָרט **אחת** [פון ספר יצירה]. זעט ספר רזיאל המלאך, זייט לב. זעט פע"ר בראשית ו, ב.

ז) ידי משה אין ב"ר א, ד. זעט ווייטער זייט 167, נאָטע ג.

זעט רד"ל אות ב אין פר"א אָנהייב פרק ד, אויסגאַבע אום.

ח) ש"ר טו, כב; יל"ה קד, נה.

רש"ש באַמערקט דאָרט אַז אויך די דאָזיגע עלעמענטן זיינען געוואָרן בעשאַפן דעם ערשטן טאָג. ער באַציט זיך אויף חגיגה יב, א. אָבער צווישן די צען זאַכן דאָרט געפינט זיך **אור** ליכט, אָבער נישט **אש** פייער. אַז די וואַסערן זיינען געוואָרן טראָ־געדיג און האָבן געבאָרן פינצטערניש זעט זהר בראשית לב, ב און וירא קג, ב.

זעט רד"ל אין פר"א אָנהויב פרק ד אותיות א און ג, און הגהה ג, אויסגאַבע אום.

אַז וואַסער, „רוח" און פייער זיינען געוואָרן בעשאַפן פאַר דעם אוניווערס בעשאַף זעט: ש"ר טו, כב; יל"ה קד, נה.

אין שי"ה, ד', זייט 5 שטעהט חושך, פינצ־טערניש, אויף דעם אָרט פון אור, ליכט.

זעט ווייטער זייט 117, נאָטע **א**.

ט) זעט ביי **אדם הראשון** באַנד ג.

י) מדרש בראשית רבה א, ט.

**א**) ירושלמי חגיגה פרק ב, אָנהייב הלכה א; חגיגה יב, א.

נען געליגן און געזונקען אין דעם אָפּגרונט, און פון זיי האָט געשפּרודלט אַרויס וואַסער, ב).

**ווי אַזוי האָבן די וואַסערן באַצויגן זיך צו דעם בעשאַפער?**

די וואַסערן האָבן געלויבט אים. ווי עס שטעהט אין פּסוק „מקולות מים רבים, אדירים משברי ים, אדיר במרום ה׳", ג). זיי האָבן געזאָגט אַז דער אייבערשטער אין הימל איז מעכטיקער פון די קולות פון די פילע וואַסערן, און פון די שטאַרקע אינדן פון דעם ים, ד).

**אַז דער אוניווערס איז געווען פול מיט וואַסער ווי אַזוי זשע האָט דער בעשאַפער געקאָנט אַ דיר טון זיך ביי דעם בעשאַפן די וועלט?**

ווען דער בעשאַפער האָט געוואָלט בעשאַפן דעם אוניווערס, האָט ער געזאָגט צו דעם אויף זעער פון דעם ים: עפן אויף דיין מויל און שלינג איין אַלע וואַסערן פון דעם אוניווערס. האָט ער געזאָגט צו דעם אייבערשטן: האַר פון דער וועלט, פאַר מיר זיינען גענוג מיינע וואַסערן. און ער האָט אָן געהויבן צו וויינען. האָט דער בעשאַפער געגיבן אים באַלד אַ קאָפּ, און געטויט אים, ה).

נעמלאָך די וואַסערן זיינען געווען געמישט מיט לופט. דער בעשאַפער האָט געוואָלט אַז דער ים אויף זעער זאָל עפענען זיין מויל און אַרויס לאָזן די לופט, צו מאַכן פּלאַץ פאַר דעם אוניווערס בעשאַף. אָבער דאָס איז דאָך געגען דער נאַטור פון דעם ים אויף זעער. האָט דער בעשאַפער געגיבן אַ דריק, אַ טרעט מיט דעם פוס אים און אַרויס געקוועטשט די לופט פון אים, ו).

אגב, מע זעט דערפון אַז אונזערע חכמים ז"ל מיט אַ פּאָר טויזנט יאָר צוריק האָבן שוין געוויסט אַז לופט איז עפּיס, און נישט גאָרנישט.

היינט מישט מען מאַנכע שפּייזן מיט לופט, ווי צום ביי שפּיל „קרים טשיז", סמעטענע קעז. האָבן אונזערע חכמים ז"ל געוויסט אויך דאָס — וואַסער געמישט מיט לופט.

**דער אוניווערס איז דאָך געווען גאָלע וואַסער, וואָס זשע איז געוואָרן דערפון?**

צום אָנהויב איז דער אוניווערס בעשטאַנען פון גאָלע וואַסער. דאָס וואַסער איז געוואָרן פערוואַנדלט אין שניי. פון שניי איז געוואָרן ערד. די ערד שטעהט אויף וואַסער. דאָס וואַסער שטעהט אויף בערג, די בערג שטעהען אויף לופט

---

ב"ר ה, ב און ז; ש"ר טו, כב און ג, א; תנח. חיי שרה ג און ויקהל אָנהויב ו; פּ"ר פּיסקאַ פּא, זייט קצב, ב און קצג, א; שו"ט צג, ה; יל"ה צג, ח; י"ש בראשית ז, תהלים אָנהייב תתמח.; אלשיך בראשית א, אָנהייב פּסוק ט.

ב) ירוש. חגיגה אָנהייב פּרק ב; חגיגה יב, א; י"ש בראשית ד; ל"ט בראשית זייט ג, ב; רקאַנטי בראשית ב, ג. זעט ת"ת בראשית א, סימן יז.

ג) תהלים צג, ד.

ד) ב"ר ה, א און כח, ב; אי"ר א, נב; י"ש בראשית ז און תהלים תתמח.

לויט: שו"ט צג, ו; יל"ה צג, ט — דער אוקיינוס, דער אָקעאַן, זעט זייט 326.

ה) פאַרגלייכט די ווערסיעס אין: בבא בתרא עד, ב; במ"ר יח, כב; תנח. חיי שרה ג און חוקת אָנהויב א; תנח"ב חוקת א; יל"ה לג טו; ילה"י יא, ט; י"ש ישעיה תקי, און זעט ש"ר טו, כב.

ו) מהרז"ו, במ"ר יח, כב. ואני הקטן אהרן בן אאמו"ר ר׳ משה ז"ל באַמערק אַז אין די אויבן דערמאַנטע קוועלעס שטעהט „ובלע", אַז דער בעשאַפער האָט געהייסן אים איין שלינגען אַלע וואַסערן. פאַרגלייכט די נוסח־אות אומעטום.

וועגן אַרויס קוועטשן די לופט זעט בטש רוחא ברוחא וברא עלמא, דער בעשאַפער האָט געטון אַ דרוק; אַ הימלישע לופט האָט געקוועטשט אַרויס די ערדישע לופט, און ער

[ווינט]. דער ווינט [לופט] הענגט אין שטורעם. דעם שטורעם האָט דער בעשאַ־פער געמאַכט אַזוי ווי אַ מין קמיע, און ער הענגט אויף זיין אָרעם, ז).

**פון וואָס באַשטעהט דער אוניווערס?**

פון דריי טיילן:

די ספערע פון די מלאכים;

די ספערע פון די גלגלים, די זון, די צאַללאָזע שטערנס און פּלאַנעטן;

און דער פאַרבאָרגענער כוח. נעמלאך דער „ראשית כל ראשית בלי ראשית", דער סאַמע אָנהייב פון דעם גאַנצן אָנ־הייב אָהן אַן אָנהייב, האָט בעשאַפן צו ערשט די וועלט פון די מלאכים וועלאכע ווערן אַן גערופן אין כתובים **אלהים**. די ספערע פון די גלגלים איז **השמים**. און אונזער וועלט איז **הארץ**.

און דעריפאַר האָט דער פּסוק נישט גע־קאָנט זאָגן אלקים ברא בראשית. נאָר ער האָט בעדאַרפט זאָגן **בראשית ברא אלקים**. כדי דאָס וואָרט ברא זאָל אום קעהרן זיך צו דעם וואָרט בראשית. דאָס הייסט אַז דער פאַרבאָרגענער כוח ראַ־שית האָט בעשאַפן אלהים די מלאכים, השמים די הימלישע ספערן, הארץ די נידעריקע, שפּל'דיקע וועלט, פון דער לבנה ספערע און אַרונטער, ז*).

**וואו איז געשטאַנען דער בעשאַפער ביי דעם בעשאַפן די וועלט?**

אין בית המקדש, ז**).

**זיינען געוואָרן בעשאַפן פאַר דעם וועלט בעשאַף אויך זאַכן וועלאַכע זיינען געווען קיין מאַטעריע, קיין מאַטעריאַל פאַר דער בעשאַפונג?**

יאָ, און סע זיינען פאַראַן אויך פאַרשי־דענע מיינונגען וועגן וואָס פאַר אַ זאַכן.

**זיבן זאַכן**: די תורה, תשובה, גן עדן, גיהנם, כסא הכבוד [הימלישער טראָן], בית המקדש, משיח'ס נאָמען, ח).

דער הימלישער טראָן, די תורה, בית המקדש, די אבות [טאַטעס] פון דער וועלט, די אידן, משיח'ס נאָמען, תשובה, ט).

סע איז פאַראַן אַ מיינונג אַז אויך דער גן עדן און דער גיהנם, י).

---

האָט בעשאַפן דעם אוניווערס, זהר בא, לד, ב לעצטע זעקס שורות, און פאַרגלייכט מיט זהר אָנהייב בראשית.

זעט ווייטער זייט 326.

ז) ירושלמי חגיגה פרק ב אָנהויב הלכה א; פּס"ח 36. זעט ת"ת בראשית א, סימן ב; ל"ט בראשית א, ז.

ז*) בחיי בראשית א, ב.

לויט דעם קומט אויס אַז די מלאכים זיינען געוואָרן בעשאַפן פאַר הימל און ערד.

ז**) תדא"ר אָנהייב פרק ה.

ח) פאַרגלייכט: פסחים נד, א; נדרים לט, ב; פר"א פרק ג און זעט רד"ל אות יד; זהר צו לד, ב; תדא"ר פרק לא, זייט קכ, ב; י"ש בראשית ענדע כ, ירמיה רצח, תהלים תתו; ל"ט בראשית ג, כד.

זעט: שו"ט צג, ג; יל"ה צג, ג.

ט) תנח. נשא, יא; בחיי בראשית א, ב. זעט: שו"ט צג, ג; יל"ה צג, ג.

אין תדא"ר פרק יד, זייט עג, ב הייסט עס: „שני דברים יש בעולם... תורה וישראל, אבל איני יודע איזה מהם קודם... אומרים התורה קדמה... אבל אני אומר ישראל קדמו".

ואני הקטן אהרן באאמו"ר ר' משה נ"ע באַמערק:

אין די מקורים אין נאָטע ח ווערט **תורה** גערעכנט און **ישראל** נישט. און טאַקע אין תדא"ר אַליין פרק לא, זייט קכ, ב ווערט **תורה** גערעכנט און **ישראל** נישט. אין די מקורים אין נאָטע ט ווערט **תורה** גערעכנט פאַר **ישראל**.

אין די מקורים אין דער פאָלגנדיגער נאָטע ווערט **תורה** גערעכנט, און וועגן **ישראל** ווערט געזאָגט, באַהויפּטעט, אַז „זיי זיינען אויף געגאַנגען אויף דער מחשבה צו ווערן בע־שאַפן".

**י) תנח. נשא יא. זעט: תרגומים יונתן**

זעקס זאַכן: צוויי זיינען געוואָרן בעשאַפן, נעמלאַך די תורה און דער הימלישער טראָן; פריער די תורה און דערנאָך דער הימלישער טראָן.

און פיר זאַכן זיינען אויף געגאַנגען אויף דער מחשבה צו ווערן בעשאַפן, נעמלאַך די אבות, די אידן, דאָס בית המקדש און משיח'ס נאָמען, **א)**.

דריי זאַכן: וואַסער, גייסט, פייער.

וואַסער איז געוואָרן טראָגעדיק, און האָט געבאָרן פינצטערניש.

פייער האָט געשוואַנגערט, און האָט געבאָרן ליכט.

גייסט איז געוואָרן מעוברת, און האָט געבראַכט חכמה קלוגשאַפט, וויסן, וויסנשאַפט, בילדונג, געלערנטקייט אויף דער וועלט, **א*)**.

לויט אַן אַנדער מיינונג אויך תשובה, ווייל אָהן תשובה קאָן די וועלט נישט עקזיסטירן, **ב)**.

## תשובה, דער כוח פון תשובה

### דער כוח פון קעהרן זיך צוריק צו דעם אייבערשטן

דער כוח פון תשובה איז געוואַלדיג גרויס, **ג)**.

קיין זאַך איז גרעסער פון תשובה, **ד)**.

קיין זאַך קאָן באַשטעהן געגן תשובה, **ד*)**.

אַלץ איז אָפּהענגיק פון, אַלץ ווענדעט זיך אין תשובה, **ה)**.

אָהן תשובה וואָלט נישט געווען כדאי די עקזיסטענץ פון דער וועלט, **ו)**.

אָהן תשובה קאָן די וועלט נישט עקזיסטירן, **ו*)**.

דער אייבערשטער אַליין איז מבטל, אַנולירט, זיינע אייגענע רייד צו ליב תשובה, **ז)**.

סע איז נישט פאַראַן אַ בעסערע מידה, אַטריבוט, פון תשובה, **ח)**.

תשובה איז איינע פון די זיבן זאַכן וועלכע זיינען געוואָרן בעשאַפן נאָך איידער די וועלט איז געוואָרן בעשאַפן [פאַראַן אַנדערע מיינונגען], **ח*)**.

---

און ירושלמי בראשית ג, כד; בחיי בראשית א, ב.

זעט ווייטער ביי דעם וועלט בעשאַף גן עדן און גיהנם זייטן

**א)** ב"ר א, ד. פאַרגלייכט מיט: שו"ט צג, ג; י"ש בראשית ענדע כ, ירמיה רצח, משלי תתקמב; ל"ט בראשית ג, כד.

וועגן די אידן זעט: מר"י זייט מג, ב, אויסגאַבע אום; שו"ט עד, א; י"ש תהלים תתט.

**א*)** ש"ר טו, כב און זעט יפה תואר דאָרט; זהר בראשית לב, ב און וירא קג, ב. זעט רד"ל אין פר"א אָנהייב פרק ד, אותיות א און ג, און הגהה ג.

זעט זייט 114, נאָטע ח.

**ב)** ב"ר א, ד. זעט זהר לך לך צ, א אויבן.

**ג)** פ"ר פיסקא מד, זייט קפה, א.

**ד)** ד"ר ב, כד.

**ד*)** רמב"ם, מדע, הלכות תשובה, פרק ג, הלכה יד.

**ה)** זהר נשא קכב, א־ב, און זעט דאָרט רעיא מהימנא.

**ו)** מה"ג,ג' זייט 79.

**ו*)** ב"ר א, ד. זעט זהר לך לך צ, א, אויבן.

**ז)** פ"ר פיסקא מד, זייט קפד, א.

**ח)** נסא"ז זייט 40.

**ח*)** זעט די פאַרשידענע ווערסיעס און ווער סע זאָגט זיי אין: פסחים נד, א; נדרים לט, ב; פר"א פרק ג און אָנהייב פרק מג און רד"ל דאָרט; תדא"ר פרק לא; זהר צו לד, ב; מדרש הנעלם אין זהר חדש ח, א; ב"ר א, ד; תנח. נשא יא; תנח"ב נשא יט; שו"ט עב, ו; עד, ב; צ, יב; צג, ג; י"ש בראשית כ, ירמיה רצח און משלי תתקמב; מה"ג, א' א, א; ל"ט בראשית ג, כד; מ"מ ח, ל; מנה"מ ג, תשובה זייטן 30, 113 און ד זייט 610; פרה"ק ז, א; תורה 79; לקוטי 164; פסח זייטן 59 און 65.

תשובה דערגרייכט צו דעם כסא הכבוד, צו דעם הימלישן טראָן, ט).

זי דערנעהנטערט דעם מענטשן צו דער שכינה, י).

ווען איינער טוט תשובה, איז פּונקט ווי ער וואָלט געגאַנגען קיין ירושלים, געבויעט דעם בית המקדש, געבויעט דעם מזבח און מקריב געווען קרבנות אויף אים, א).

איין שעה תשובה [און מעשים טו־בים] אויף דער וועלט, איז בעסער פון דעם גאַנצן לעבן אויף יענער וועלט, ב).

די טויערן פון תשובה זיינען קיין מאָל פאַרשלאָסן, ג).

פּונקט ווי דער ים איז אָפן שטענדיג, אַזוי זיינען אויך די טויערן פון תשובה אָפן שטענדיג, ד).

דער אייבערשטער פּסל׳ט קיין בע־שאַפעניש. ער נעמט אויף אַלע. די טוי־ערן פון תשובה זיינען אָפן יעדע שעה, און ווער סע וויל קומען אריין, זאָל ער קומען אריין, ה).

ווער סע קומט ריינינגן זיך, טון תשובה, העלפט מען אים, ו).

דער אייבערשטער מאַכט ריין די בעלי תשובה, די וועלכע קערן אום זיך צו אים, ז).

יעדע שעה ווען אַ מענטש וויל טון תשובה, נעמט דער באַרם הערציגער אים אויף, ח).

ווען אַ רשע טוט תשובה, נעמט דער הייליקער, געבענטשט זיין נאָמען, אים אויף, ט).

ווען אַ זינדיקער טוט תשובה, נעמט דער פאַרגיבער פון זינד אים אויף, י).

ווער סע טוט תשובה, דער פאַר־מעהרט דעם אַלמעכטיקנס כבוד, א).

ווען איינער טוט תשובה, רופט דער פאָטער אין הימל אים אָן חביב, ליב־לינג, באַליבטער, ב).

דעם אַלמעכטיקנס האַנט איז אויס געשפּרייט צו אויף נעמען בעלי תשובה פון דעם מידת הדין, ג).

ווען די אידן טוען תשובה נעמט דער אייבערשטער עס אָן, ד).

קיין זאַך קאָן ביי שטעהן געגען בעלי תשובה, ה).

דאָרט וואו סע שטעהען בעלי תשובה, קאָנען נישט שטעהן פּערפעקטע, קאָמפּ־לעטע, פולשטענדיגע צדיקים, ו).

---

זעט: זהר אחרי סט, ב, אונטן; י״ש תהלים תתו; יל״ה צג, ז.

ט) יומא פו, א לעצטע שורה; מ״א אחרי טז, כד; י״ש הושע תקל; מנה״מ ג, תשובה 4, 112; דרשות ב, עד, א.

י) רמב״מ, מדע, הלכות תשובה, פּרק ז, הלכה ו.

א) ויק״ר ז, ב; פר״כ קנח, א.

ב) שמחות זייט 219; ויק״ר ג, א.

ג) שו״ט סה, ד. אין שו״ט ענדע סימן ג, שטעהט שערי רחמים.

ד) ד״ר ב, יב; אי״ר ג, אות ס; שו״ט סה, ד; י״ש תהלים תשפּט.

ה) שו״ט סה, ד.

ו) שבת קד, א; יומא לח, ב, לעצטע שורה; עבודה זרה נה, א; מנחות כט, ב; רמב״מ, תשובה, פּרק ו, הלכה ה.

ז) יומא פו, א; ב״ר יא, ז; תנח. נשא כח; פּרכ פּיסקא כו, זייט קסז, א.

ח) שו״ט סה, ד.

ט) אר״נ נוסחא א׳ פּרק יב און נוסחא ב׳ פּרק כז; ש״ר לא, ו; ויק״ר טו, ד און זעט דאָרט ל, ג; יל״ה קמד, ג.

י) ירושלמי סנהדרין פּרק י, הלכה ב; תוספתא קידושין א; פּר״כ כח, זייט קפּא, א.

א) שו״ט יח, ג, אויסגאַבע אום.

ב) יל״ה יח, ה.

ג) פּסחים קיט, א.

ד) פּר״כ כד, קנו א, אויסגאַבע אום.

ה) ירוש. פּאה פּרק א ענדע הלכה א; ירוש. סנהדרין אָנהייב פּרק י; רמב״מ, מדע, הלכות תשובה, ענדע פּרק ג.

פאַרגלייכט די ווערסיעס.

ו) פאַרגלייכט: ברכות לד, ב; סנה. צט,

תשובה איז איינע פון די פינעף [פיפצן] זאַכן פאַר וועלאַכע די אידן זיינען געוואָרן אוים געלייזט פון דער מצרים׳שער, עגיפטישער, קנעכטשאַפט, ז).

תשובה דערנעהנטערט די גאולה, די אוים לייזונג פון דעם גלות, ח).

ווען אַלע אידן וואָלטן געטון תשובה איין טאָג, וואָלט געקומען משיח, ט).

ווען אידן זאָלן טון תשובה אפילו איין טאָג, וואָלטן זיי געוואָרן אוים גע- לייזט באַלד, און בן דוד [משיח] וואָלט געקומען באַלד,י).

ווען אידן טוען קיין תשובה, ווערן זיי נישט אוים געלייזט, א).

ווען דאָס פאָלק ישראל טוט תשובה, ווערן זיי אוים געלייזט; ווען זיי טוען קיין תשובה, ווערן זיי נישט אוים גע- לייזט, ב).

די אידן ווערן אוים געלייזט פון דעם גלות בלויז דורך טון תשובה, ג).

תשובה פאַרגיבט לייכטע עבירות, געבאָטן און פאַרבאָטן, ד).

זינד וועלאַכע זיינען געוואָרן בעגאַנגען באַוויסט זיניג, ווערן בעטראַכט ווי אום גערן געטוענע עבירות, ה).

משה רבינו האָט געבעטן: רבונו של עולם, ווען אידן זינדיקן און זיי טוען תשובה, בעטראַכט זייערע באַוויסט זיניג בעגאַנגענע זינד ווי אום גערן געטוענע עבירות, ו).

תשובה פערוואַנדלט באַוויסט זיניג געטוענע זינד אין זכיות, ז).

אפילו ווען איינער איז בעגאַנגען פילע זינדן, פערוואַנדלט תשובה זיי אין זכיות, ח).

תשובה פערוואַנדלט אַן עבירה אין אַ מצוה; זי מאַכט אַ מצוה פון אַן עבירה, ט).

תשובה פאַרגיבט אַלע עבירות, זינדן, י).

זי שטופּט אָפּ אַ לא תעשה, אַ פאַרבאָט, א).

זי צערייסט, אַנולירט אַ גזירה אויף אַ מענטשן, ב).

זי אַנולירט אפילו הונדערט גזירות, ג).

זי איז איינע פון די דריי זאַכן וועלאַכע מאַכן בטל, אַנולירן, אַן עבירה. [די

---

א; י״ש בראשית ענדע כ רמב״מ מדע, הלכות תשובה, פרק ז, הלכה ד; במ״ח בראשית טו, ב.

ז) ירושלמי תענית פרק א הלכה א; ד״ר ב, כג; שו״ט קו, ט; יל״ה קו, ק. מה״ג, ב׳ זייט 51; י״ש ואתחנן תתכז און תהלים תתסה.

ח) יומא פו, ב; י״ש ישעיה תפד און תצח; ילה״י נט, כ; מנה״מ ג, תשובה, זייט 14 און ד, זייט 522.

ט) ירושלמי תענית פרק א, הלכה א; יל״ה כה, י; זעט: ש״ר כה, יב; שי״ר ה, ב, ב.

י) שי״ר ה, פסוק ב, סימן ב; יל״ה מו, י.

א) ירושלמי תענית פרק א, הלכה א; תנחומא בחוקותי ענדע סימן ג, און זעט דאָרט אַן אַנדער מיינונג; י״ש ירמיה רע און מלאכי ענדע תקצה; ל״ט נצבים נא.

ב) סנהדרין צג, ב; פר״א פרק ג; תנח. בחוקותי ג; תנח״ב בחוקותי ה; פר״כ כה, קסג, ב; י״ש ירמיה אַנהייב רע; יל״ה קיט, צו.

ג) רמב״מ, מדע, הלכות תשובה, פרק ז, הלכה ה.

ד) יומא פה, ב.

ה) יומא פו, ב; י״ש יחזקאל שמב און הושע תקל.

ו) יומא לו, ב.

ז) יומא פו, ב.

ח) ש״ר לא, א; במ״ר אַנהייב פרשה י.

ט) במ״ר אַנהייב פרשה י; יל״ה מה, טו.

י) רמב״מ, מדע, הלכות תשובה פרק א, הלכה ג און זעט פרק ד.

א) יומא פו, ב, ערשטע שורה.

ב) ראש השנה יז, ב; י״ש ישעיה תט; יל״ה קז, ז; ילה״י ו, י; מנה״מ ג, תשובה 130.

ג) סא״ר 22.

אנדערע צוויי זיינען תפילה און צדקה], ד). אָט האָט דאָך תשובה שוין געראַטעוועט קין'ען פון טויט שטראָף פאַר

ד) ירושלמי תענית פרק ב, הלכה א; מר"א טו, זייט 287; פּר"כ ל, זייט קצא, א; פּ"ר קצט, ב — ר, א, ב.

זעט: ב"ר מד, יב; ויק"ר י, ה; שי"ר ח, ו, ב; ק"ר ה, ו און ז, יד, א; ילמדנו א', נח, ט; תנח. נח, ח; תנח"ב נח, יג; פּר"כ זייט קסג, א, אויסגאַבע אום; פּ"ר פּיסקא מז, קפּח, ב; ל"ט לך לך טו, ה און בשלח טו, ג; יל"ה כ, ג.

אין ירוש. תענית פּרק ב, הלכה א שטעהט: אמר ר' לעזר ג' דברים מבטלין את הגזירה קשה ואלו הן תפלה וצדקה ותשובה ושלשתן בפסוק אחד: „ויכנעו עמי אשר נקרא שמי עליהם, ויתפללו ויבקשו פני, וישובו מדרכיהם הרעים, ואני אשמע מן השמים ואסלח לחטאתם וארפא את ארצם", ד"ה ב', ז, יד, און זעט רש"י דאָרט. ויתפללו זו תפלה, ויבקשו פני זו צדקה... וישובו מדרכיהם הרעים זו תשובה.

פאַרגלייכט ווער סע זאָגט וואָס און די ווערסיעס אין: ירוש. סנה. פרק י, הלכה ב; פּר"כ, פּיסקא ביום השמיני עצרת, זייט קצא, א, אויסגאַבע אום; ב"ר מד, יב; ק"ר ה אויף פּסוק ו, און ז אויף פּסוק יד; זוטא ד' ה, ו און ז, יד; תנח. נח, ח [תשובה ותפלה וצדקה]; תנח"ב נח, יג; י"ש קהלת תתקעא; שאילתות האזינו קסג. זעט מנה"מ חלק ג, פּרק התשובה.

אין ראש השנה טז, ב הייסט עס ארבעה דברים צערייסן, אַנולירן די גזרה אויף אַ מענטש: צדקה, צעקה, שינוי השם ושינוי מעשה. פאַרגלייכט אַלע פאַרגעהענדיגע קוועלעס וועגן שינוי השם, שינוי מעשה און שינוי מקום.

מיר זאָגן אין די ימים נוראים'דיקע תפילות „ותשובה ותפילה וצדקה מעבירין את רוע הגזרה". אַלע דריי צוזאַמען אַנולירן אַ גרויזאַמע גזרה. יעדע איינע פון די דאָזיקע דריי איז דאָך געוואַלדיק מעכטיק. אָט זעהען מיר דאָך דאָ ווי גרויס סע איז דער כוח פון תשובה.

תפילה איז דאָך אַזוי וויכטיק אַז דער בעשאַפער פון דער וועלט אַליין דאַוונט. ער טוט תפילה ער זאָל זיין גוט צו אידן. ער בעט: יהי רצון... סע זאָל זיין באַווילִיקט אַז זיין רחמים, באַרם האַרציקייט, זאָל באַזיגן זיין כעס, זיין צאָרן... ער זאָל פירן זיך מיט זיינע קינדער מיט דער מידה, מיט דער אייגנשאַפט פון רחמים... [זעט מיין בוך „משה רבינו'ס לעבן און שאַפונג", זייטן קט—קטן].

צדקה איז דאָך אַזוי גרויס אַז „תציל ממות", סע ראַטעוועט אָפּ פון טויט. צדקה דערנעהנטערט די גאולה, די אויס לייזונג פון דעם גלות. צו וואָס זשע עפּיס אַלע דריי צוזאַמען. איינס אַליין וואָלט דאָך בעדאַרפט גענוגן.

וואָלט איך אהרן באאמו"ר ר' משה ב"ע ערקלעהרט עס אַזוי:

ווען אַ מענטש פאַסט (תשובה) איז דאָס נוגע בלויז אים אַליין. זיין פאַסטן געהט אָן קיינעם, סע רירט אָן קיינעם. סע איז אינטראַנסעטיוו.

ווען איינער טוט תפילה צו דעם איבערשטן איז וואָס אַנבעלאַנגט דעם צווייטן מענטשן, איז עס דאָס זעלבע ווי מיט דעם יעניגן וועלאַכער פאַסט. וואָס האָט איין מענטש פון דעם אַנדערנס דאַוונען! אָבער סע איז שוין נישט אַזוי אינטראַנסעטיוו ווי פאַסטן. ווייל סע איז שוין דאָ דערביי אַ שותף, אויב מע קאָן אויס דריקן זיך אַזוי, נעמלאַך דער איבערשטער. דער מענטש דאַוונט, בעט, און דער אַלץ הערענדיקער הערט.

ווען אַ מענטש גיבט צדקה איז שוין דאָ דערבאַי אַ מקבל, אַ נעמער. עס איז טראַנסעטיוו. איינער גיבט, דער צווייטער נעמט. סע איז נישט ווי תשובה (פאַסטן) וואָס איז אַ ריין פּערזענלאַכער ענין. און סע איז נישט ווי טון תפילה וואָס האָט צו טון בלויז מיט דעם באַטרעפנדיקן און דעם איבערשטן, נאָר סע האָט צו טון מיט דעם צווייטן מענטש.

אָט די דריי טאַטן צוזאַמען אין וועלאַכע סע איז פאַראַן אי דאָס פּערזענלאַכע, אי דאָס הימלישע, אי דער צווייטער מענטש (אַלטרואיסטישעס), זיינען אַזוי מעכטיק אַז זיי קאָנען מאַכן בטל, אַנולירן די גרוי־

זיין הרג'ענען זיין ברודער הבל. אגב, סע איז פאראן א מיינונג אז בלויז א העלפט איז געוואָרן פאַרגיבן אים, ח).

מיכה האָט געמאַכט אַן עבודה זרה, אַ געטשקע. אָבער דער אייבערשטער האָט נישט געלאָזט טשעפּען אים, ווייל ער האָט געטון תשובה, ה1).

תשובה איז גוט שטענדיג, ה2).

ווען אפילו אַ שאַרפע שווערד ליגט אויף אַ מענטשנס האַלדז, זאָל ער נישט אויף גיבן, ווייל תשובה קען העלפן, ו).

תשובה איז טאַקע גוט שטענדיג. אָבער נאָך בעסער איז עס אין עשרת ימי תשובה, דאָס זיין די טעג פון אָנהייב ראש השנה ביז מוצאי יום הכיפורים. אין די דאָזיקע טעג ווערט זי אָן גענומען באַלד, ז).

די תשובה פון אַ יחיד, פון אַן אינדיווידואום, פון אַן איינצעלנעם מענטשן איז גוט באַזונדערס אין די עשרת ימי תשובה, אין די טעג פון אָנהייב ראש השנה ביז מוצאי יום הכיפורים, ביז ענדע יום הכיפורים, ח).

די תשובה פון אַ ציבור, פון אַ גרופּע מענטשן, פון אַ קהילה, געמיינדע, איז

גוט צו יעדער צייט. ווען זיי זאָלן טון תשובה מיט דעם גאַנצן האַרץ, וואָלטן זיי געוואָרן געענטפערט, ט).

ווען איינער באַגעהט אַ זינד, און ער האָט חרטה, איז מען מוחל אים, מע פאַרגיבט די זינד אים באַלד, י).

ווען איינער טוט אַן עבירה און ער שעהמט זיך, פאַרגיבט מען אים, א).

ווען איינער זינדיקט און ער זאָגט חטאתי, איך האָב געזינדיקט, טאָר אַ מלאך נישט אָנרירן, נישט טשעפּן אים, ב).

ווען איינער איז אַ רשע אפילו זיין גאַנץ לעבן, און צום סוף האָט ער געטון תשובה, דערמאָנט מען נישט זיינע זינד אים, ג).

ווען איינער האָט געזינדיקט אפילו זיין גאַנץ לעבן, און ער האָט געטון תשובה אין דעם טאָג פון זיין שטאַרבן, ווערן פאַרגיבן זיינע אַלע זינד, ד).

צו ליב דער תשובה פון איין מענטש פאַרגיבט מען די זינד פון דער גאַנצער וועלט, ה).

תשובה פון פערפעקטע, קאָמפּלעטע,

---

זאַמסטע גזרה. זיי קאָנען „צעררייסן" דעם האַרבסטן גזר דין.

ה) ב"ר ענדע פרשה כב; ויק"ר י, ה; תנח. בראשית ט; תנח"ב בראשית כה; שו"ט קיב; יל"ה צב, י—יא; און ק, א; ילמדנו בראשית מ; מה"ג,א', ד, טז; י"ש בראשית לח, צו תקיב; מלכים ב' רמו און הושע תקל; מנה"מ ג, תשובה ו, 351.

זעט: תוספתא אין זהר בראשית נד, ב; פ"ר קצט, ב; פר"כ זייט קס, א, אויסגאַבע אום.

זעט קין אין באַנד ג.

ה1) זוטא א', א, טו, זייט ט, ב.

ה2) רמב"מ, מדע, הלכות תשובה, פרק ב, הלכה ו.

ו) ברכות י, א די לעצטע צוויי שורות.

ז) רמב"מ, מדע, הלכות תשובה פרק ב, הלכה ו.

ח) רמב"מ, מדע, הלכות תשובה, פרק ב, הלכה ו.

ט) רמב"מ, מדע, הלכות תשובה, פרק ב, הלכה ו.

י) חגיגה ה, א.

א) ברכות יב, ב.

ב) במ"ר כ, טו.

ג) ירושלמי פאה, פרק א, הלכה א; קידושין מ, ב; רמב"מ, מדע, הלכות תשובה, פרק א, הלכה ג.

ד) רמב"מ, מדע, הלכות תשובה פרק ב, הלכה א. דער רמב"מ שטעלט צו „ביום מיתתו", אין זיין שטאַרב טאָג. זעט וועגן דעם „כסף משנה" אויף דעם אָרט, און אין פרק א, הלכה ג.

ה) יומא פו, ב.

פולשטענדיגע רשעים האַלט צוריק אום גליקן, ו).

אַז מען טוט תשובה, ווערט מען פאַר־שריבן מיט די צדיקים, ז). אָבער תשו־בה רייניקט די זינד פון בלויז די יעניגע וועלכע קעהרן זיך צוריק צו דעם איי־בערשטן מיט אַן אמת, אַנדערש נישט, ח).

אַז מען טוט תשובה, פאַרגיבט יום הכפור די זינד, ט) אָבער ווען איינער זאָגט: איך וועל זינדיקן, און יום הכיפור וועלן מיינע זינד ווערן פאַרגיבן. ווערט יום הכיפור נישט פאַרגיבן זיינע זינד, י).

ווען איינער זאָגט: איך וועל זינדיקן, טון תשובה און ווידער זינדיקן. וועלן זיינע זינד נישט ווערן פאַרגיבן, א).

גאַר וואויל איז דעם יעניגן וועלכער טוט תשובה ווען ער איז נאָך אַ מאַן, אינג, ווען ער איז נאָך בכוח צו זינ־דיקן, ב).

תשובה און מעשים טובים זיינען אַ שויץ געגן אום גליקן, ג).

תשובה און מעשים טובים, גוטע טאַטן, זיינען דעם מענטשענס פאַרטיי־דיגערס. אפילו ווען ניין הונדערט און ניין און ניינציג אַן קלאָגערס באַשולדיגן אים, און בלויז איין מלאך פאַרטיידיגט אים, ווערט ער געראַטעוועט, ד).

תשובה איז גרעסער, וויכטיקער פון צדקה, ה).

זי בריינגט היילונג אויף דער וועלט, ו).

זי פאַרלענגערט דעם מענטשנס לעב שפּאַן, ז).

אין דעם זכות פון תשובה רעגנט, ח).

תשובה איז איין פון די דריי זאַכן [די אַנדערע צוויי זיינען תפילה און צדקה] וועלכע זיינען גוט פאַר אַ שלעכטן חלום, ח*).

סע זיינען אָבער פאַראַן פיר און צוואַנ־ציק זאַכן וועלכע זיינען מעכב, האַלטן צוריק דעם כוח, דעם עפעקט, די וויר־קונג פון תשובה, ט):

דאָס מאַכן זינדיקן אַ רבים, אַ גרופּע מענטשן;

דאָס פירן אַראָפּ איינעם פון דעם גוטן וועג;

ווען איינער זעט זיין זון אַוועק געהן אויף שלעכטע וועגן, און ער ווערט אים נישט; ער טוט גאַר נישט וועגן דעם;

ווען איינער זאָגט: איך וועל זינדיקן און איך וועל טון תשובה, צי איך וועל זינדיקן און יום הכיפור וועט פאַרגיבן מיינע זינד;

דאָס אָפּטיילן זיך פון אַ ציבור;

דאָס קריגן אויף די ווערטער פון אונ־זערע חכמים, ז"ל;

דאָס אָפּ שפּאָטן פון מצוות;

דאָס פאַרשעהמען זיינע רביים;

דאָס האָבן פיינד שטראָף רייד;

דאָס שעלטן אַ רבים, אַ גרופּע מענטשן

---

ו) יומא פו, ב, אונטן און רש"י דאָרט אונטער דעם וואָרט המוחלטין.

ז) ירושלמי ראש השנה, פרק א, הלכה ג.

ח) יומא פו, א.

ט) יומא פו, ב; שבועות יג, א.

י) יומא פה, ב; זעט אר"נ, נוסחא א, פרק מ.

א) ירושלמי יומא פרק ח, הלכה ז; יומא פה, ב.

ב) עבודה זרה יט, א.

ג) פרקי אבות פרק ד; יומא פו, א; שמחות זייט 214 און זעט זייט 215; אר"נ נוסחא ב, פרק לה; פר"א פרק מג; במ"ר יד, י; רמב"ם מדע, הלכות תשובה, פרק ו, הלכה ב.

ד) שבת לב, א.

ה) נסא"ז זייט 37.

ו) יומא פו, א אונטן; י"ש ירמיה רסט.

ז) יומא פו, ב.

ח) במ"ר ג, יב.

ח*) ירוש. סנה. פרק י, הלכה ב. די גמרא לערנט עס אַרויס פון דעם פסוק: „ויכנעו עמי אשר נקרא שמי עליהם ...", זעט נאָטע ד.

ט) זעט רמב"ם, מדע, הלכות תשובה, פרק ד.

[מע ווייסט דאָך נישט ווען צו אי־בער בעטן] ;

דאָס טיילן זיך מיט א גניבה ;

דאָס געפינען עפּיס, און ניט אוים רופן, מודיע זיין, פּובליצירן דאָס גע־פינען, דאָס געפינאַכץ ;

דאָס ערווערבן זיך כבוד, עהרע, דורך פאַרשעהמען א צווייטן אונטער די אויגן ;

דאָס פאַרדעכטיקן כשר'ע, פרומע, עהרליכע מענטשן ;

דאָס רעדן רכילות ;

דאָס רעדן לשון הרע ;

דאָס טראָגן זיך אַרום מיט שלעכטע געדאַנקען ;

דאָס חבר'ן זיך מיט רשעים ;

און נאָך.

און כאָטש אָט די עבירות און עהנ־ליכע צו זיי, זייער גלייכן, זיינען מעכב, האַלטן צוריק, שטערן דאָס טון תשובה. דאָך, אויב דער זינדיקער טוט תשובה, ווערט ער בעטראַכט ווי א בעל תשובה, און ער האָט עולם הבא, י).

אָבער ליידער, אידן וועלן נישט טון גרויסע תשובה איידער אליהו הנביא ז"ל וועט קומען, י*).

**האָט דער בעשאַפער באַרוטן זיך מיט עמיצן וועגן דעם אוניווערס בעשאַף?**

**יאָ.** ער האָט באַרוטן זיך מיט דער תורה, **א)** ;

מיט די ששה סדרי משנה, די משניות, **ב)**.

## תורה — דער כוח פון לערנען תורה

**פאַר וואָס האָט דער בעשאַפער באַ־רוטן זיך גראָד מיט דער תורה?**

ווייל די תורה איז איינע פון די עט־ליכע זאַכן וועלאַכע זיינען געוואָרן בע־שאַפן פאַר דעם אוניווערס בעשאַף, **ג)**.

און ווייל די תורה איז געוואַלדיק וויכ־טיק :

זי איז געוואָרן בעשאַפן צוויי טוי־זענט יאָר פאַר דעם וועלט בעשאַף, **ד)**.

זי איז געווען אויף געשריבן אויף דעם בעשאַפערס אָרעם, **ד1)**.

אָט האָט דאָך אדם הראשון געזאָגט צו דעם אייבערשטן : „האַר פון דער וועלט, ביז דו האָסט בעשאַפן דיין וועלט, איז

---

י) זעט איינצלהייטן וועגן די פיר און צוואַנציק זאַכן אין רמב"מ, מדע, הלכות תשובה, פרק ד.

י*) פר"א ענדע פרק מג.

**א)** פר"א פרקים ג, און יא; מר"א הוספה יב, זייט 235 ; ב"ר סד, ח ; תנח. אַנהייב בראשית ; סא"ר זייט 160 ; תדא"ר פרק לא, און זעט דאָרט ישועות יעקב ; י"ש משלי תתקמא ; מה"ג,א', א, א, זייט 9 ; י"ר בראשית ו, א ; דבר 62. זעט רש"י חגיגה יד, א שורה א.

**ב)** י"ר בראשית ה, א.

זעט אומעטום ווער סע זאָגט וואָס, און די גירסאות נמלך, נתייעץ, מתיעץ.

ג) זעט און פאַרגלייכט : משלי ח, כב און תרגום, רש"י און אבן עזרא דאָרט ; פסחים נד, א ; נדרים לט, ב ; פר"א פרק ג און זעט דאָרט רד"ל אות יד ; זהר לך לך אויבן און צו לד, ב ; ב"ר א, ד ; תנח. נשא א ; שו"ט צג, ג ; יל"ה צג, ז ; י"ש בראשית ענדע כ ; ירמיה רצח ; משלי תתקמב ; רש"י אַנהייב בראשית ; ל"ט בראשית ג, כד.

ד) זעט ווער סע זאָגט וואָס אין :

ב"ר ח, ב ; ויק"ר אַנהייב פרשה יט ; שי"ר אַנהייב פסוק יא ; תנח. וישב ד און וילך ב ; מ"ש פרשה ה, ב ; תרגום ירושלמי בראשית ג, כד. אין יוב"ע דאָרט שטעהט נישט מיט ווי פיל יאָרן ; שו"ט צ, יב ; יל"ה צ, ז ; י"ש תהלים תתו.

פאַרגלייכט די נעמען.

זעט : ספר הבהיר ; רמב"נ בראשית ב, ג.

ד1) מדרש תנחומא וילך ב.

די תורה געווען בעהאַלטן ביי דיר צוויי טויזנט יאָר, ד2).

די גאַנצע וועלט איז געוואָרן בעשאַפן צו ליב תורה, ד3).

די תורה זאָגט: איך בין געווען דעם בעשאַפערס געצייג. דער שטייגער פון דער וועלט איז, ווען אַ קעניג בויעט אַ פּאַלאַץ, בויעט ער נישט לויט זיין אייגענעם פערשטאַנד, נאָר לויט ווי דער בוי מייסטער פאַרשטעהט. און אויך דער בוי מייסטער בויעט נישט פון זיין אייגענעם פערשטאַנד. ער האָט מוסטער צייכנונגען, און געריסעוועטע פּלאַנען [בליו פּרינטס], צו וויסן ווי אַזוי צו מאַכן גרויסע און קליינע צימערן. אַזוי אויך האָט דער בעשאַפער געקוקט אין דער תורה, און ער האָט בעשאַפן דעם אוניווערס, ה).

די תורה האָט געזאָגט: **בראשית,** בי ראשית, „ה' קנני ראשית דרכו", ו). דער אייבערשטער האָט ערוואָרבן, בעשאַפן מיך, אין דעם אָנהויב פון זיין וועג, איידער ער האָט בעשאַפן דעם אוניווערס, ז).

תורה איז איינע פון די זיבן זאַכן וועלכע זיינען געוואָרן בעשאַפן פאַר דעם וועלט בעשאַף, ח).

תורה איז איינע פון די דריי זאַכן אויף וועלכע די וועלט האַלט זיך, ט).

אָהן תורה וואָלטן הימל און ערד ניט עקזיסטירט, י).

דער אייבערשטער אַליין זיצט און לערנט תורה די ערשטע דריי שעה פון דעם טאָג, א).

דער אייבערשטער אַליין זאָגט אַז זינט דער בית המקדש איז געוואָרן חרוב, איז אַלץ וואָס ער פאַרמאָגט אין זיין וועלט זיינען די „ד' אמות של הלכה", ב).

דער אייבערשטער וועט זיצן אין זיין גרויסן בית המדרש..., ב*).

דער אייבערשטער זאָגט: ווער סע לערנט תורה און טוט גמילות חסדים און דאַוונט בציבור, איז גלייך ווי ער וואָלט אויס געלייזט מיך און מיינע קינדער פון צווישן די פעלקער פון דער וועלט, ג).

דער אייבערשטער זאָגט אַז איין טאָג

---

ד2) תנח. וישב ד.

ד3) ב"ר א, ד און י; ויק"ר כג, ג; במ"ר יג, טו און יד, יב; שי"ר ה, יא, ד און ז, א, א; ר"ר פתיחתא א; תנח. יתרו יד און ראה א; תנח"ב בראשית י און ראה ב; פ"ר פיסקא כא, זייט קט, ב; מ"א בראשית א, א; ל"ט בראשית זייט ב, א; י"ש בראשית ב און יז, ישעיה תעה; ילה"י נא, טז; יל"ה כט, לד; מנה"מ ג, ת"ת, זייט 207; ישמעאל ג, ג.

ה) תדא"ר פרק לא, זייט קכא; ב"ר א, א; זהר פקודי רכא, א, אויבן; תנח"ב בראשית ה; ל"ט בראשית, זייט ב, א; י"ש בראשית ב און משלי ענדע תתקמב; מנה"מ ג, ת"ת, זייט 206; רקאַנטי אָנהייב בראשית, און זייט ג, א; י"ר בראשית ב, א אונטן און ח, א.

זעט: אבות פרק ג; אר"נ נו"א, פרק לט, זייט 118; ב"ר ג, ה און סד, ח; מדרש כונן פרשה א; י"ש בראשית ענדע ד; אלשיך אָנהייב בראשית.

אין מאַנכע ערטער שטעהט **דפּתראות.** סע מיינט דאָקומענטן, פּלאַנען.

ו) משלי ח, כב און זעט דאָרט רש"י, א"ע, רלב"ג; ב"ר א, א; פר"א אָנהייב פרק ג.

ז) י"ש בראשית ב, משלי ענדע תתקמב.

אַז דער בעשאַפער האָט געקוקט אין דער תורה, און ער האָט בעשאַפן דעם אוניווערס, זעט פאָרגעהענדיגע נאָטע ה.

ח) פסחים נד, א. זעט נאָטע ג.

ט) פרקי אבות פרק א.

י) פסחים סח, ב אונטן.

א) עבודה זרה ג, ב.

ב) ברכות ח, א.

ב*) תדא"ר אָנהייב פרק ה.

ג) ברכות ח, א, אויבן.

לערנען, איז ליבער אים פון טויזנט קרבנות עולה, ד).

דער אייבערשטער וויינט יעדער טאָג אויף דעם וועלכער האָט די מעגלעכ־קייט צו לערנען און לערנט נישט, און אויף דעם וועלכער האָט נישט די מעג־לעכקייט צו לערנען און לערנט יאָ, ה).

ווער סע האָט די מעגלעכקייט צו לער־נען תורה און ער לערנט נישט, בריינגט דער אייבערשטער אויף אים שרעקליכע יסורים, און זיי צעמישן אים, ה*).

תורה איז איינע פון די דריי מתנות וועלכע דער אייבערשטער האָט געגיבן די אידן דורך יסורים. [די אַנדערע צוויי זיינען ארץ ישראל און עולם הבא], ו).

די אידן זיינען געוואָרן אויס געלייזט פון מצרים נאָר צו ליב דברי תורה, כאָטש זיי האָבן נאָך נישט געהאָט מקבל געווען, אָן גענומען די תורה. אָבער זיי האָבן געטון לויט דער תורה אַלע זייערע טעג, ו*).

תורה איז ליכט, ז).

תורה איז דער בוים פון לעבן, ח).

די תורה איז אַ בוים פון לעבן פאַר די יעניגע וועלכע האַלטן אָן זיך פעסט אין איר, ט).

תורה, לערנען איז געגליכן צו אַ לעבנס רעצעפּט, י).

ווען אדם הראשון וואָלט געווען אָפּ געהיט די תורה און די מצוות, וואָלט ער נישט געווען געשטאָרבן, י*).

תורה איז געגליכן צו אַ גוטער פרוי, א).

אהבה ליבשאַפט מיינט בלויז תו־רה, א*).

ווער סע לערנט תורה ביי נאַכט, איז די שכינה אַנטקעגן אים, ב).

ווער סע לערנט תורה, ערפילט דער אייבערשטער זיינע פערלאַנגען, ג).

תורה איז דער בונד צווישן דעם איי־בערשטן און די אידן, ג*).

ווען צען מענטשן, אָדער פינעף, דריי, צוויי זיצן און שמועסן אין לערנען רוט די שכינה צווישן זיי, ד).

אפילו ווען איין מענטש זיצט און לערנט תורה איז די שכינה מיט אים, ה).

ווען אַ מענטש זיצט און לערנט, האָט אפילו אַ מלאך קיין שליטה, קיין מאַכט איבער אים. ווען דער מלאך איז גע־וואָרן געשיקט צו ברייננגען ארויף אליהו הנביא אויף דעם הימל, האָט ער גע־טראָפן אים לערנען מיט אלישע'ן. זיי־ענדיק מאַכטלאָז, האָט ער אום געקערט זיך און איבער געגיבן עם דעם אַלמעכ־טיקן. ערשט ווען סע האָבן אראָפּ גענו־דערט דער פייערדיקער רייט וואָגן און די פייערדיקע פערד פון דעם הימל, זיי־נען זיי געוואָרן צעשייד...., ה*).

ווען דריי מענטשן עסן ביי איין טיש און זיי רעדן דברי תורה, איז גלייך ווי זיי וואָלטן געגעסן פון דעם איי־בערשטנס טיש, ו).

---

ד) שבת ל, א, לעצטע שורה.
ה) חגיגה ה, ב.
ה*) ברכות ה, א.
ו) ברכות ה, א, אונטן.
ו*) תדא"ז פרק יד, זייט כ, א—ב. זעט מיין בוך „משה רבינו'ס לעבן און שאַפונג" זייטן קג—קלד.
ז) מגילה טז, א.
ח) ברכות לב, ב.
ט) משלי ג, יח.
י) קידושין ל, ב.

---

י*) תנחומא אָנהייב בחוקותי.
א) יבמות סג, ב.
א*) תדא"ר פרק ג, זייט כט, ב.
ב) תמיד לב, ב.
ג) עבודה זרה יט, א.
ג*) תדא"ר אָנהייב פרק ג.
ד) פרקי אבות פרק ג.
ה) ברכות ו, א.
ה*) זעט מלכים ב' ב, יא; תדא"ר פרק ה, זייט לט, א.
ו) פרקי אבות, פרק ג.

תורה איז גרעסער פון ראַטעוועון מענטשן, פון בויען דעם בית המקדש, און פון עהרליך האַלטן עלטערן, ז).

בלויז תורה איז כבוד, ז*).

סע זיינען פאַראַן דריי קרוינען: די קרוין פון תורה, לערנען; די קרוין פון כהונה; און די קעניגליכע קרוין, ח).

די קרוין פון כהונה האָט אהרן פאַרדינט, און ער האָט ערוואָרבן זי זיך. די קרוין פון מלכות האָט דוד פאַרדינט, און ער האָט גענומען זי זיך. די קרוין פון תורה ליגט נאָך. און ווער סע וויל נעמען זי, זאָל ער קומען און ערווערבן זי זיך, ט).

סע זיינען פאַראַן דריי קרוינען... די קרוין פון תורה ליגט כדי נישט צו גיבן די מענטשן אַ פתחון פה, אַן עפּענונג, אַ מעגליכקייט צו זאָגן ווען די קרוינען פון כהונה און מלכות וואָלטן געליגן וואָלט איך געווען זוכה געווען און גענומען זיי. וואָרן אָט ליגט דאָך די קרוין פון תורה פאַר יעדן איינעם. איז ווער סע איז זוכה, בעטראַכט איך עס גלייך ווי אַלע דריי ליגן פאַר אים און איז זוכה אַלע. און ווער סע איז נישט זוכה, בעטראַכט איך עס גלייך ווי אַלע דריי ליגן, און ער איז נישט זוכה אפילו איינע, ט*).

ז) מגילה טז, ב, די לעצטע זיבן שורות.

ז*) פרקי אבות פרק ו.

ח) אבות פרק ד; ספרי קרח פיסקא קיט; ק״ר ז, פסוק א; תנח. ויקהל ח; מ״ש כג, כ; יל״ה יט, לא.

ט) פאַרגלייכט די קוועלעס און זעט ווער סע זאָגט וואָס אין:

אר״נ נו״א, פרק מא; יומא עב, ב, און רש״י דאָרט אונטער דעם וואָרט **שלשה**; אבות פרקים ד און ו; ש״ר לד ענדע ב; במ״ר ד, יג; יד, י און יד, יג; ק״ר ז, פסוק א; תנח. ויקהל ענדע ח; מ״ש כג, ג; י״ש קהלת תתקעג; ל״ט אָנהייב שמות.

פאַרגלייכט אר״נ נו״ב, אָנהייב פרק מח.

לערנען תורה איז מעהר פון אַלץ, י).

לערנען בריינגט צו טאָטן, י*).

ווער סע לערנט אַ צווייטנס אינגל תורה איז גלייך ווי ער איז זיין פאָטער, א).

ווער סע לערנט אַן עם הארץ׳ס קינד תורה, איז דער אייבערשטער מבטל, ער אַנולירט אפילו אַ גזרה, א1).

ווער סע לערנט דעם צווייטן איין פסוק, איין הלכה, אָדער איין וואָרט, איז עס גלייך ווי ער וואָלט געגיבן אים לעבן, א2).

ווער סע איז מקיים, לערנט תורה אויס אָרימקייט, דער וועט ענדליך מקיים זיין זי אויס רייכקייט, ב).

דער וועלאַכער לערנט תורה אויס נויט, וועט באַקומען די פּירות אויף דער וועלט, און דעם קרן קיימת אויף יענער וועלט, ב*).

לאַנג לעבן איז אין דער תורה׳ס רעכטער האַנד, רייכקייט און כבוד זיינען אין איר לינקער האַנד, ג).

יעדער תלמיד חכם וועלאַכער לערנט פיל תורה, און ער האָט קיין פּרנסה, איז עס אַ גוטער סימן פאַר אים. אי, טאָמער וועסט דו פרעגן אויב דער אייבערשטער האָט ליב זיין תורה, פאַר וואָס זשע מאַכט ער נישט רייך אים. איז דער ענטפער: אַז ער וועט ווערן רייך וועט ער אָפּ קעהרן זיך פון לערנען, ג*).

ט*) ספרי קרח קיט. אין יל״ה קיט, לא שטעהט **לבעל הדין** אויף דעם אָרט פון **לבאי עולם**, און פאַרגלייכט ביידע ווערסיעס.

י) פיאה, אָנהייב פרק א.

י*) מגילה כז, א. זעט שאילתות לך לך, שאילתא ז, זייט מא.

א) סנהדרין צט, ב.

א1) בבא מציעא פה, א.

א2) תדא״ר פרק ה, מח, א—ב און זעט דאָרט דעם פירוש, קאָמענטאַר **רמתים צופים**.

ב) פרקי אבות, פרק ד.

ב*) תדא״ז פרק ב, זייט ד, ב.

ג) משלי ג, טז.

ג*) תדא״ר פרק ג, זייטן כו, א—ב.

לערנען תורה איז גרעסער פון מקריב זיין דעם קרבן תמיד, ד).

דער וועלכער לערנט הלכות יעדער טאָג, איז זיכער מיט עולם הבא, ד*).

ווען איינער לערנט תורה לשמה, טאַקע בלויז צו ליב לערנען, ווערט עס פאַר אים אַ לעבנס רעצעפּט, ה).

ווער סע לערנט תורה לשמה איז זוכה צו פילע זאַכן, ו).

ווער סע לערנט תורה לשמה, צו ליב לערנען, נישט צו ליב פערזאַנלעכע פאַר־דינסטן, דער מאַכט שלום אין דעם הימ־לישן געריכט, און אין דעם אונטערשטן געריכט. ער איז גלייך ווי ער האָט געבויעט פּאַלאַצן אויבן און אונטן. ער באַשיצט די גאַנצע וועלט. ער דערנעהנ־טערט די גאולה, די אויס לייזונג פון דעם גלות, ז).

דער וועלכער נעמט זיין לערנען תו־רה ערנסט, דעם שפּאַרט מען איין צען הארבע זאַכן: ער טראַכט נישט וועגן טון עברות, און נאָך, ז*).

לערנען איז גוט אפילו שלא לשמה, אפילו ווען מע לערנט נישט צו ליב לער־נען, נאָר צוליב אַנדערע טעמים. ווייל דאָס לערנען נישט צו ליב לערנען, פירט צו לערנען צו ליב לערנען, ח).

וואָס מעהר איינער לערנט, אַלץ לענ־גער לעבט ער, ט).

תורה איז דיין לעבן אויף דער וועלט, און דיינע לאַנגע יאָרן אויף יע־נער וועלט, י).

תורה לערנען גיבט לעבן אויף ביידע וועלטן צו די וועלאָכע טוען עס, א).

תורה גיבט דעם מענטשן רייכקייט און כבוד אויף דער וועלט, לאַנג לעבן אויף דער און אויף יענער וועלט, א*).

ווער סע ערווערבט זיך תורה, ער־ווערבט זיך עולם הבא, ב).

פאַר האָרעווען אין לערנען תורה, איז אַן געגרייט שכר, ג).

ווער סע היט די תורה, ווערט זיין נשמה געהיט, ד).

תורה לערנען ברייגנגט צו פאַרזיכער־קייט, ה).

יעדער תלמיד חכם וועלאָכער לערנט יעדער טאָג צו פאַרמעהרן הימלס כבוד, דאַרף קיין שווערד, קיין שפּיז, קיין שום אַנדער זאַך צו שירמען, צו היטן אים. דער אַלמעכטיקער אַליין היט אים. און דינסט מלאכים וואַכן אַרום אים, אַלע מיט שווערד אין האַנט היטן אים, ה*).

תורה פאַר היט דעם מענטשן פון שלעכטס אין זיין יוגענט, און זי גיבט אים אַ לעבנס ציל און האָפענונג אויף די עלטערע יאָרן, ו).

ווער סע נעמט אויף זיך דעם יאָך פון תורה, נעמט מען אַראָפּ פון אים דעם יאָך פון דער רעגירונג, ז).

---

ד) עירובין סג, ב, און זעט רש״י דאָרט.
ד*) תדא״ז פרק ב, זייט ה, א; ענדע מסכת נדה, און רש״י ז״ל זאָגט דאָרט אַז דאָס מיינט משנה, ברייתא, הלכה למשה מסיני.
ה) תענית ז, א.
ו) פרקי אבות, פרק ו.
ז) סנהדרין צט, ב.
ז*) תדא״ז פרק טז, זייט כג, א און זעט דאָרט ישועות יעקב.
ח) פסחים נ, ב.
ט) פרקי אבות, פרק ב.
י) קידושין מ, א. זעט רש״י דאָרט אונ־טער דעם וואָרט חייך.
א) פרקי אבות, פרק ו.
א*) תדא״ז פרק כד, זייט נה, ב.
ב) פרקי אבות, פרק ב.
ג) אַנהייב עבודה זרה.
ד) מנחות צט, ב.
ה) עבודה זרה יט, ב.
ה*) תדא״ר פרק ד, זייט לב, ב.
ו) קידושין פב, א.
ז) פרקי אבות, פרק ג.

ווער סע לערנט תורה, זיינען זיינע פעלדער [געשעפטן] מצליח, ח).

ווער סע לערנט תורה, האלטן יסורים זיך ווייט פון אים, ט).

אז מע איז עוסק אין תורה, מע לערנט, פארגיבט מען די זינד, י).

דער וועלכער פערשווארצט זיין פנים צו ליב תורה אויף דער וועלט, וועט דער אייבערשטער מאכן בליאסקען זיין פנים אויף יענער וועלט, א).

דער וועלכער הונגערט אויף דער וועלט צו ליב לערנען תורה, דעם וועט דער אייבערשטער אן זעטיגן אויף יע־נער וועלט, ב).

ווער סע לערנט תורה אויף דער וועלט, וועלכע איז געגליכן צו נאכט, ציט אוים דער אייבערשטער א פאדעם פון חסד, גנוד אויף אים אויף יענער וועלט, וועלכע איז געגליכן צו טאג, ג).

ווער סע לערנט תורה ביי נאכט, ציט אוים דער אייבערשטער אויף אים א פאדעם פון חסד, גנוד, ביי טאג, ד).

די נאכט איז געווארן בעשאפן צו לערנען, ה).

ווער סע לערנט תורה אפילו בלויז איין טאג אין יאר, ווערט עס בעטראכט גלייך ווי ער וואלט געלערנט א גאנץ יאר, ו).

אן ארימאן איז בלויז דער יעניגער וועלכער איז ארים אין תורה, ז).

תורה ראטעוועט פון די משיח ווייען, ח).

ווער סע לערנט תורה, און טוט גמי־לות חסדים, איז זוכה צו די נחלות פון די שבטים יוסף און יששכר, ט).

ווער סע פארעהרט די תורה, ווערט פארעהרט פון לייטן, י).

וואויל איז דעם וועלכער קומט אויף יענער וועלט, און ער האט זיין תורה לערנען, זיין תורה באגאזש מיט זיך, א).

אפילו א נישט איד, ווען ער לערנט תורה איז ער געגליכן צו א כהן גדול, ב).

אז מע לערנט תורה ווערט מען נישט איבער געגיבן אין דעם יצר הרע'ס הענט, ג).

וואויל צו די אידן: ווען זיי לערנען תורה, און טוען גמילות חסדים, ווערט זייער יצר הרע איבער געגיבן אין זיי־ערע הענט, און זיי ווערן נישט איבער געגיבן אין זיינע הענט, ד).

לערנען תורה איז נישט באשרענקט פאר בלויז א געוויסן קלאס מענטשן. יעדער איינער קאן ערווערבן זיך די קרוין פון דער תורה, פון לערנען, ד*).

אזוי ווי א קינד דארף זויגן יעדער

ח) עבודה זרה יט, ב.

ט) ברכות ה, א.

י) ברכות ה, ב.

א) סנהדרין ק, א.

ב) סנהדרין ק, א.

ג) חגיגה יב, ב. זעט עבודה זרה ג, ב, אונטן.

זעט ב"מ פג, ב; זוטא ד', ז, ח.

ד) חגיגה יב, ב.

ה) עירובין סה, א: ילה"מ לא, טו.

ו) חגיגה ה, ב, אונטן.

ז) סנהדרין כד, א.

ח) סנהדרין צח, ב.

ט) זעט רש"י בבא קמא יז, א, ענדע פרק א.

י) פרקי אבות, פרק ד.

א) פסחים נ, א; מועד קטן כח, א, אונטן; כתובות עז, ב; בבא בתרא י, ב.

ב) בבא קמא לח, א.

ג) קידושין ל, ב.

ד) עבודה זרה ה, ב.

ד*) אר"נ נו"א אנהייב פרק מא און נו"ב אנהייב פרק מח; מ"ש כג, ג; ק"ר ז, פסוק א, ב; יומא עב, ב און רש"י דארט אונטער דעם ווארט שלשה.

פארגלייכט: אבות פרקים ד און ו; ש"ר לד ענדע ב; במ"ר ד, יג; יד, י און יד, יג; תנח. ויקהל ענדע ח; י"ש קהלת תתקעג. זעט זייט 126, נאטע ט.

טאג, אזוי דארף א מענטש הארעווען אין תורה יעדע שעה, ה).

א מענטש דארף נעמען אויף זיך דאס לערנען תורה ווי אן אקס נעמט זיך צו דעם יאך, און ווי אן אייזל נעמט זיך צו זיין משא, לאסט, ו).

אפילו ביי דעם שטארבן זאל מען נישט פערמיידן זיך פון דברי תורה, ז).

תורה קומט ארויס פון דעם ארימען קלאס מענטשן, ח).

א מענטש דארף וואוינען אין אן ארט וואו מען לערנט תורה, ט).

א מענטש זאל שטענדיק לערנען תורה אין אן ארט וואו סע ווילט זיך אים לערנען, י).

תורה האט א קיום נאר ווען מע איז מוסר נפש זיך פאר דעם, א).

תורה קאן עקזיסטירן בלויז ביי דעם וועלאכער האלט זיך פאר נישט עקזיס-טירנד, ב).

א מענטש זאל שטענדיק אן לערנען זיך מיט תורה צו ערשט, און דער נאך זאל ער טראכטן, ג).

איבער׳חזר׳ן דעם פרק הונדערט מאל איז נישט דאס זעלבע ווי איבער׳חזר׳ן הונדערט און איין מאל, ד).

אבער פראקטיצירן וואס די תורה לערנט אונז, איז וויכטיקער פון בלויז לערנען תורה, ד*).

ווער סע באנוצט זיך מיט דעם קרוין פון דער תורה פאר א פערזענלאכן צוועק ווערט אויס געריסן פון דער וועלט, ה).

ווען צוויי תלמידי חכמים שארפן איי-נער דעם צווייטן אין הלכה, באגליקט זיי דער אייבערשטער... ער האט ליב זיי, ה*).

ווען צוויי תלמידי חכמים געהען אין וועג, און זיי רעדן נישט אין לערנען, זיינען זיי ווערט צו ווערן פאר-ברענט, ו).

ווען צוויי מענטשן געהען אין וועג, און זיי רעדן אין לערנען, וועט קיין שלעכטס טרעפן זיי, ו1).

ווען איינער שייד אפ זיך פון א צווייטן, זאל עס זיין מיט א „דבר הלכה", ו2).

ווען צוויי מענטשן זיצן און רעדן נישט אין לערנען, איז דאס א זיצונג פון אפ שפעטערס, ז).

ווען דריי מענטשן עסן ביי איין טיש און שמועסן נישט אין לערנען, איז גלייך ווי זיי וואלטן געגעסן פון גע׳פגר׳טע קרבנות, ח).

א תלמיד חכם וועלאכער הערט אויף לערנען, איז גלייך צו א וואנדערדיקן פויגל, ט).

פאר אראפ נעמען פון זיך דעם עול פון תורה, ווערט מען באשטראפט אויף דער וועלט, י).

---

ה) ירושלמי ענדע ברכות.
ו) עבודה זרה ה, ב.
ז) שבת פג, ב, דריטע שורה אונטן. זעט שבת ל, א.
ח) נדרים פא, א; סנהדרין צו, א.
ט) שבת קמז, ב.
י) עבודה זרה יט, א.
א) ברכות סג, ב.
ב) סוטה כא, ב.
ג) עבודה זרה יט, א.
ד) חגיגה ה, ב.
ד*) ברכות ז, ב, אונטן. פארגלייכט מיט תדא"ר פרק ה, זייט לח, ב, און זעט רמתים צופים דארט.
ה) נדרים סב, א.
ה*) זעט איינצלהייטן אין שבת סג, א.
ו) תענית י, ב; סוטה מט, א.
ו1) תדא"ר פרק ה, זייט לט, א.
ו2) ברכות לא, א; תדא"ר פרק ה, זייט לח, ב.
ז) פרקי אבות, פרק ג.
ח) פרקי אבות, פרק ח.
ט) חגיגה ה, ב.
י) ירושלמי פיאה פרק א, ענדע הלכה א.

דער וועלאַכער שייד אָפּ זיך פון תורה, פאַרצעהרט אים פייער, א).

ווער סע שייד אָפּ זיך פון תורה פאַלט אריין אין גיהנם, ב).

ווער סע לערנט קיין תורה ווערט אָן גערופן נזוף, געטאַדלטער, ג).

ווער סע הערט אויף צו לערנען, און ער פאַרנעמט זיך מיט שמועסעראַיען, קאָרמעט מען אים מיט קוילן פון בייזעם ביימלאָך, ד).

ווער סע נעמט אַראָפּ פון זיך דעם יאָך פון תורה, לייגט מען אַרויף אויף אים דעם יאָך פון דער מלוכה און דעם יאָך פון פרנסה, ה).

אַ הויז וואו מע לערנט תורה ביי נאַכט, ווערט נישט חרוב, ו).

אַ הויז אין וועלאַכן סע הערן זיך קיינע דברי תורה ביי נאַכט, ווערט פאַרברענט, ז).

קיין תורה, קיין דרך ארץ, [קיין דרך ארץ, קיין תורה], ח).

קיין תורה, קיין איינקונפט, פרנסה, [קיין איינקונפט, קיין תורה], ט).

פאַר ביטול תורה, פאַר פערנאַכלעסיקן צו לערנען תורה, שטאַרבן קינדער, י).

אַז מע לערנט קיין תורה, רעגנט נישט, א).

ווער סע פאַרשוועכט די תורה, ווערט פאַרשוועכט פון לייטן, ב).

ווער סע היט נישט די תורה, ווערט זיין נשמה נישט געהיט, ג).

ווער סע איז מבטל תורה אוים רייכקייט, דער וועט ענדליך מבטל זיין זי אוים אָרימקייט, ד).

אַזוי לאַנג ווי דאָס קול פון תורה איז נידעריק, געוועלטיקן עשו'ס הענט, ה).

ווער סע גלויבט נישט אין תורה מן השמים, האָט קיין עולם הבא, ו).

ווער סע גלויבט נישט אין תורה מן השמים, דער האָט מבזה געווען דעם אייבערשטנס וואָרט, ז).

ווער סע טייטשט אוים די תורה נישט ווי די הלכה, אפילו ווען ער האָט תורה און מעשים טובים, האָט ער קיין חלק אין עולם הבא, ח).

**די פינעף חומשים וועלן קיין מאָל ווערן בטל, ט).**

די תורה, לערנען תורה, איז אידענטיפיצירט מיט, ווערט געגליכן צו, באַצייכנט, אָן גערופן:

**אור**, ליכט, י);

**אמת**, וואָרהייט, א);

**אש**, פייער, ב);

**אש דת**, פייערדיק געזעץ, ג);

---

א) בבא בתרא עט, א.
ב) בבא בתרא עט, א.
ג) פרקי אבות, פרק ו.
ד) חגיגה יב, ב; עבודה זרה ג, ב.
ה) פרקי אבות, פרק ג.
ו) עירובין יח, ב, זעקס שורות אונטן.
ז) סנהדרין צב, א.
ח) פרקי אבות, פרק ג.
ט) פרקי אבות, פרק ג.
י) שבת לב, א, אויבן.
א) תענית ז, ב.
ב) פרקי אבות, פרק ד.
ג) מנחות צט, ב.
ד) פרקי אבות, פרק ד.
ה) ירוש. ראש השנה, פרק ג, הלכה ח.

ו) סנהדרין צ, א.
ז) סנהדרין צט, א.
ח) פרקי אבות, פרק ג.
ט) ירושלמי מגילה.
י) משלי ו, כג.
א) ירושלמי ראש השנה פרק ג, הלכה ח; פר"כ פיסקא טו זייט קכא, א.
ב) מר"י יתרו, זייט סה, א, אויסגאַבע אום; מר"ש, זייט 100; ספרי ברכה פיסקא שמג, אויסגאַבע אום; מת"נ זייט 211; תנח. יתרו יב; שו"ט כט, ב; י"ש ברכה תתקנא; מה"ג,ב' זייטן 212—211; ל"ט יתרו כ, ב און זעט הברכה זייט סב, ב.
ג) ביצה כה, ב; ספרי פיסקא שמג;

**חסד**, גנוד, ד)**;**
**טוב**, גוט, ה)**;**
**כבוד**, עהרע, ו)**;**
**לקח**, וויסן, מאָראַל, לעהרע, ז)**;**
**קנין**, ערווערבונג, ח)**;**
**שלום**, פרידן, ט)**;**
**בר**, לויטערקייט, דאָס פיינסטע פון דער תבואה, י)**;**
**חלה**, י*)**;**
**לחם**, ברויט, א)**;**
**חלב**, מילך, ב)**;**
**דבש**, האָניג, ג)**;**
**חבית מלאה דבש**, אַ פאַס פול מיט האָניג, ד)**;**
**תאנה**, פייג, ה)**;**
**יין**, וויין, ו)**;**
**קונדיטין**, געווירצטער וויין, ז)**;**
**שמן**, בוימל, ח)**;**
**מים**, וואַסער, ט)**;**

---

פר"כ פיסקא לב, זייט ר, א; תנח"ב בראשית ד; ילק"ה א, כג.

זעט: דברים לג, ב און די מפרשים דאָרט; י"ש ברכה תתקנא; ל"ט הברכה זייט סג, א.

ד) שו"ט קיח, ד, אויסגאַבע אום.

ה) פרקי אבות פרק ו; ירושלמי ראש השנה, פרק ג, הלכה ח; עבודה זרה יט, ב; מנחות נג, ב; ירושלמי ראש השנה פרק ג, הלכה ח; פר"כ פיסקא יא, זייט צו, ב—צז, א; פיסקא טו, זייט קכא, א; תנח. ראה יא; שו"ט כא, ב; י"ש הושע תקכד; י"ש ראה תתצב; ל"ט נצבים, זייט 98.

ו) פרקי אבות, פרק ו.

ז) תענית ז, א. זעט: דברים לב, ב; משלי ד, ב.

ח) פרקי אבות ענדע פרק ו; י"ש משלי תתקמב.

ט) במ"ר יא, ז; ל"ט הברכה זייט סב, א.

י) סנהדרין צב, א, אויבן. זעט: תהלים ב, יב און תרגום, רש"י, אבן עזרא, רד"ק, מצודת דוד, מצודת ציון דאָרט; משלי יא, כו און רש"י, אבן עזרא דאָרט.

י*) תנח. תשא יח.

א) ב"ר ע, ה; תנח"ב אחרי טז.

ב) מר"א פרק יג, זייט 251; סא"ז, זייט 195; ד"ר ז, ג; שי"ר א, פסוק ב; י"ש עקב תתעג; ישעיה תפ; ילה"י אָנהייב קאַפּיטל נה; מה"ג,ד', זייט 155.

ג) ספרי עקב, פיסקא מח; ד"ר ז, ג; שי"ר א, פסוק ב; תנח. תשא יח, תבא ג; י"ש עקב תתעג; ישעיה תפ; ילה"י קאַפּיטל נה.

ד) שו"ט קיט, מב, אויסגאַבע אום.

ה) עירובין נד, א—ב; במ"ר יב, ט; תנח. פינחס יא; ילמדנו ב', פינחס יב; י"ש יהושע ב.

ו) ספרי עקב פיסקא מח, אויסגאַבע אום; מר"א פרשה יג, זייט 250; סא"ז זייט 195; במ"ר ב, ג; ד"ר ז, ג; שי"ר א, ב; תנח. אחרי י און במדבר יד; תנח"ב אחרי טז; פר"כ פיסקא יב, זייט קב, א; מת"נ זייט 42; י"ש עקב תתעג, ישעיה תפ און שי"ר תתקפו; מה"ג,ג' זייט 198; מה"ג,ד' במדבר זייט 155; ילה"י אָנהייב קאַפּיטל נה.

ז) פר"כ פיסקא יב, זייט קב, ב, אויסגאַבע אום; י"ש יתרו רעא; זעט דאָרט צום סוף דעם משל לסקיפסיטי [אַ וואָגן מיט אַ בויד; אַ פאַלאַנקווין, אַ טראָג בעטל מיט אַ דעכל] של מטרונא"; מה"ג,ב' זייט 201.

ח) מר"ש זייט 98; ספרי עקב פיסקא מח; מר"א פרשה יג, זייט 256; ויק"ר ג, ז; ד"ר ז, ג; שי"ר א, פסוק ב; תנח. תבא ג; מת"נ זייט 42; י"ש עקב תתעג; ישעיה תפ און שי"ר תתקפא; מה"ג, ב' 208; ילה"י קאַפּיטל נה.

ט) תענית ז, א; קידושין מ, ב און רש"י אונטער דעם וואָרט פוטר, אונטן; בבא קמא יז, א; סנה. ז, א און רש"י אונטער דעם וואָרט פוטר, אויבן; עבודה זרה ה, ב; זעיר., זייט 90; ד"א, זייט 126; מר"י מה, א און מו, ב, אויסגאַבע אום; מר"ש זייט 100; ספרי עקב, פיסקא מח, אויסגאַבע אום; מר"א פרשה יג, זייט 250; סא"ר זייט 105; תדא"ר ב, יב, א; ב"ר סו, א; סט, ה און פד טז; ש"ר ב, ה; ד"ר ז, ג; שי"ר א, פסוק ב; תנח. בשלח יט, ויקהל ח, תבא ג און זעט אָנהייב בראשית; זהר בראשית ס, א; מת"נ זייט 42; שו"ט א, יח און פז, ח, אויסגאַבע

**גשם**, רעגן, י);
**באר**, ברונעם, א);
**באר עמוקה**, טיפער ברונעם, ב);
**מלח**, זאַלץ, ג);
**נטיעה**, אַ פלאַנץ, ד);
**עץ**, אַ בוים, ה);
**עץ חיים**, לעבנס בוים, ו);
**סם חיים**, לעבנס רעצעפּט, ז);
**נגיד**, פירער, הערשער, ח);
**אשה**, פרוי, ט);
**אשה טובה**, אַ גוטע פרוי, י);
**דד**, ברוסט, א);
**ירך**, אַ דיך, ב);
**אילת**, אַן אינדיין, ג);
**פלטין גדולה**, אַ גרויסער פּאַלאַץ, ד);

**עמודים**, זיילן, ה);
**מסמר נטוע**, אַן אריין געקלאַפּטער צוואַק, ו);
**דרבן**, אייזערנער שפּיץ, ז);
**כלי מלתין**, וואָלענע זאַכן, ח);
**כלי זהב**, גאָלדענע כלים, ט);
**כסף**, זילבער, י);
**צרור של מרגלית**, אַ בינטל פּערלס, [אַ שנירל...] א);
**כרי של אבנים טובות ומרגליות מעורבבין**, אַ קופּע פון צונויף געמישטע דימענטן און פּערלס, ב);
**חרב**, אַ שווערד, ג);
**טחנה**, אַ מיל, מיל שטיינער, ד);
**עוז**, שטאַרקייט, מאַכט, ה).

---

אום; י"ש לך לך ע; בשלח רנה; עקב תתעג; ברכה תתקנא; תהלים תתלז; ישעיה תעה און אָנהייב תפ; ילה"י אָנהייב קאַפּיטל נה; מה"ג,ג' 375; מה"ג,ד' זייט 155; ל"ט יתרו כ, ב.

י) תנח. האזינו, ג.

א) מר"א פרשה יג, זייט 252.

ב) מר"א פרשה ז, זייט 133.

ג) מסכת סופרים, פרק טו, הלכה ח.

ד) במ"ר יד, ד.

ה) תענית ז, א; ערכין טו, ב; מר"י בשלח, זייט ד, א, אויסגאַבע אום; ספרי עקב פיסקא מז, אויסגאַבע אום; ב"ר יב, ו; במ"ר יג, ב; ד"ר א, א; י"ש דברים תשצד; ילה"י אָנהייב קאַפּיטל נה.

ו) משלי ג, יח, און זעט ספרי עקב פיסקא מח; ויק"ר ט, ג; און לה, ו; שו"ט א, יט, אויסגאַבע אום.

ז) עירובין נד, א; יומא עב, ב; תענית ז, א; קידושין ל, ב.

ח) שבת פח, ב.

ט) סא"ר זייט 92.

י) יבמות סג, ב.

א) עירובין נד, ב.

ב) סוכה מט, ב.

ג) זעט: עירובין נד, ב, אויבן; יומא כט, א; ב"ב.

משלי ה, יט אילת אהבים, און תרגום, רש"י, א"ע און מצודת דוד דאָרט.

ד) מר"א פרשה ז, זייט 133.

ה) במ"ר י, א.

ו) אר"נ נוסחא א, פרק יח; תוספתא סוטה, פרק ז, א; חגיגה ג, ב, אויבן; תנח. בהעלותך טו און אָנהייב וילך; י"ש ענדע קהלת. זעט קהלת יב, א.

ז) אר"נ נוסחא א, פרק יח; תוספתא סוטה, פרק ז, 11; חגיגה ג, ב, אויבן; תנח. בהעלותך טו; י"ש ענדע קהלת. זעט קהלת יב, א.

ח) אר"נ נוסחא ב', פרק לא.

ט) אר"נ נוסחא ב', פרק לא.

י) ד"ר ב, כו; שו"ט סח, ח.

א) מר"א פרשה ז, זייט 133.

ב) מר"א פרשה ז, זייט 134. זעט דאָרט נאָך.

ג) מה, ו; י"ש ברכה תתקנא.

ד) ק"ר יב, ז.

ה) תהלים כט, יא און תרגום דאָרט, און רש"י דאָרט ענדע פסוק ט; מר"י בשלח, זייט מב, ב; ספרי הברכה פיסקא שמג; פ"ר פיסקא ה, זייט טז, א; ילמדנו ב', במדבר ד; שו"ט כא, ד; י"ש בשלח רנא; ילק"ה כט, יב; ל"ט בשלח טו, יג, און הברכה זייט סב, א. זעט שו"ט כט, ב.

## איין לייטונג צו דעם וועלט בעשאַף

**האָט דער בעשאַפער געהאַט אַ פּלאַן פאַר זיך ביי דעם בעשאַפן דעם אוני־ווערם?**

יאָ. ער האָט געקוקט אין דער תורה און בעשאַפן דעם אוניווערם, די גאַנ־צע וועלט, ו).

**איז פאַראַן אַן אָנדייט אַז די וועלט איז געוואָרן בעשאַפן מיט דער תורה?**

יאָ. די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט בראשית באַטרעפט ניין הונדערט און דרייצן, פונקט ווי די צאָל פון די אותיות פון די ווערטער **בתורה יצר**, ער האָט בעשאַפן [די וועלט] מיט דער תורה, **ו1**).

די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט **תורה** באַטרעפט זעקס הונדערט און עלף. דאָס וואָרט **בראשית** מאַכט **שב' תרי"א**, ער האָט בעשאַפן די וועלט מיט די **זעקס הונדערט עלף**, נעמלאך מיט דער תורה, **ו2**).

לויט אַן אַנדער מיינונג: ער האָט געשאַפן דעם ספר יצירה, דאָס אוני־ווערם בעשאַף בוך. ער האָט געקוקט אַריין אין דעם, און האָט בעשאַפן זיין אוניווערם, ז).

דער אוניווערם באַשטעהט פון דריי טיילן:

די ספערע פון די מלאכים;

די ספערע פון די גלגלים, דאָס הייסט די זון, די צאַללאָזע שטערנס און פּלאַ־נעטן;

אונזער נידעריקע וועלט.

און דער פאַרבאָרגענער כוח, דער „ראשית כל ראשית, בלי ראשית", דער סאַמע אָנהייב פון דעם גאַנצן אָנהייב, אָהן אַן אָנהייב האָט בעשאַפן צו ערשט די וועלט פון די מלאכים, וועלכע ווערן אַן גערופן **אלהים** אין כתובים. די ספע־רע פון די גלגלים איז **השמים**. און אונ־זער וועלט איז **הארץ**.

און דערפאַר האָט דער פסוק נישט געקאָנט זאָגן „אלקים ברא בראשית", נאָר ער האָט בעדאַרפט זאָגן **בראשית ברא אלקים**. כדי דאָס וואָרט ברא זאָל אום קעהרן זיך צו דעם וואָרט בראשית. דאָס הייסט אַז דער פאַרבאָרגענער כוח **ראשית** האָט בעשאַפן **אלהים** די מלא־כים, **השמים** די הימלישע ספערן, און **הארץ** די נידעריקע וועלט פון דער לבנה וועלט און אַרונטער, ז*).

**איז אמת אַז דער בעשאַפער האָט בעשאַפן דעם אוניווערם מיט זיין נאָמען?**

אונזערע חכמים ז"ל דרש'ענען דעם פסוק „כי בי־ה ה' צור עולמים", ח) אַז ער האָט בעשאַפן דעם אוניווערם מיט דעם נאָמען י און ה.

אונזער וועלט האָט ער בעשאַפן מיט „ה", ט).

---

ו) ב"ר א, א; זהר פקודי רכא, א, אויבן; תנא דבי אליהו רבא, פרק לא, זייט קכ, א. תנח"ב בראשית ה; ל"ט בראשית זייט ב, א; י"ש בראשית ב און משלי ענדע תתקמב; מנה"מ ג, ת"ת זייט 206; רקאַנטי אָנהייב בראשית און זייט ג, א; י"ר בראשית ב, א, אונטן און ח, א.

זעט: פרקי אבות פרק ג; אר"נ נוסחא א, פרק לט, זייט 118; ב"ר ג, ה און סד, ח; מדרש כונן פרשה א; י"ש בראשית ענדע ד; אלשיך אָנהייב בראשית.

אין מאַנכע ערטער שטעהט דפתראות. סע מיינט דאָקומענטן.

ו1) פע"ר בראשית ט, א.

ו2) פע"ר בראשית ח, ב. זעט מכות כג, ב—כד, א; תנח. וילך ב.

ז) פסח זייט 36.

ז*) בחיי בראשית א, ב.

ח) ישעיה כו, ד.

ט) ספר רזיאל המלאך לא; ירושלמי חגיגה פרק ב, הלכה א; מנחות כט, ב;

און יענע וועלט האָט ער בעשאַפן מיט „י", י).

**פאַר וואָס האָט דער בעשאַפער נישט בעשאַפן די וועלט מיט דעם גאַנצן נאָמען?**

כדי די רשעים וועלאַכע לעסטערן זיין נאָמען, זאָלן נישט דערמאָנען אים אומזיסט, י*).

סע איז פאַראַן אויך אַ מיינונג אַז די וועלט איז געוואָרן בעשאַפן מיט „י", און יענע וועלט מיט „ה", א).

**פאַר וואָס איז יענע וועלט געוואָרן בעשאַפן מיט י, און די וועלט מיט ה?**

ווייל יענע וועלט איז אויף געגאַנגען אין דעם אייבערשטנס געדאַנק איידער ער האָט געטראַכט פון דער וועלט. האָט ער געפּעדערט די י און בעשאַפן מיט איר יענע וועלט, ב).

**פאַר וואָס איז די דאָזיגע וועלט געוואָרן בעשאַפן מיט ה?**

ווייל זי איז ווי אַ זאַל פאַר דיסקוסיעס, לעקציעס, און עהנליכעס. ווער סע וויל פאַרלאָזן זי, קאָן ער טון עס, ג).

ווייל אַלע אותיות, בוכשטאַבן, ווען מע רעדט אַרויס זיי, דאַרף מען באַנוצן די ליפּן. אָבער ביי דעם אַרויס זאָגן ה דאַרף מען נישט באַנוצן זיי, ד).

**פאַר וואָס איז יענע וועלט געוואָרן בעשאַפן מיט י?**

י איז דער קלענצטער בוכשטאַב. אויף יענער וועלט איז די צאָל פון די צדיקים קליין, באַשרענקט, ה).

**פאַר וואָס איז דאָס קעפּעלע פון י איין געבויגן?**

ווייל דער כבוד פון איינעם איז גרעסער פון דעם אַנדערנס. זיינען די

---

בראשית רבה יב, י; קהלת רבה ב, יא; תנח. חיי שרה ג; פ"ר פיסקא כא, זייט קט, ב; תנח"ב בראשית טז, א; זהר בראשית כה, א; לך לך צא, ב; נשא קכג, א; פינחס [רעיא מהימנא] רטז, ב; האזינו רצח, א; מדרש הנעלם אין זהר חדש ז, א; מ"א בראשית ב, ד; שו"ט קיד, ג; יל"ה מ, כח און קיד, ה; י"ש ישעיה תכט, און תמז, תהלים תשצד; ל"ט בראשית ב, ד; בחיי בראשית ב, ד און פקודי לח, כא; רקאַנטי בראשית ב, ב.

י) ירושלמי חגיגה פרק ב, הלכה א; מנחות כט, ב; בראשית רבה יב, י; תנח. חיי שרה ג; פ"ר פיסקא כא, זייט קט, ב; זהר, הקדמה ד, א, אויבן; אותיות דרבי עקיבא, אות ב'; שו"ט סב, א און קיד, ג; יל"ה סב, א און קד, ה; רש"י בראשית ב, ד; י"ש בראשית יט און ישעיה תכט; מה"ג,א' א, א, זייט 10, פענח רזא ז, ב.

אין זהר הקדמה ד, א הייסט עס: יענע וועט איז געוואָרן בעשאַפן מיט במי. און די דאָזיקע וועלט איז געוואָרן בעשאַפן במה.

אין זהר נאָך דער סדרה, פרשה ויחי, אָנהייב השמטות צו אָנהייב בראשית הייסט עס: דער בעשאַפער האָט בעשאַפן את השמים ואת הארץ, ער האָט בעשאַפן די וועלט מיט א, ה, ו, ה. דעם הימל האָט ער בעשאַפן מיט א, ה. און די ערד און אַלץ וואָס סע געפינט זיך [אויף] אין איר, האָט ער בעשאַפן מיט ו, ה.

זעט אומעטום ווער סע זאָגט וואָס, און די פאַרשידענקייט אין די נוסחאות, ווערסיעס.

זעט זייט 159, נאָטע ה.

י*) בחיי ויקרא ה, א.

א) בראשית ח, ב.

ב) ספר רזיאל לג. זעט וויטערדיגע פראַגע ח.

ג) מנחות כט, ב און זעט דאָרט די טייטש פון אכסדרה; י"ש בראשית יט און קהלת אָנהייב תתקסז. זעט דאָרט נאָך אַ טעם.

פאַרגלייכט: ירושלמי חגיגה פרק ב, הלכה א; פ"ר פיסקא כא, זייט קט, ב; שו"ט קיד, ג; יל"ה מ, כח און קיד, ה.

ד) מ"א בראשית ב, ד; שו"ט סב, א; יל"ה סב, א; ל"ט בראשית ב, ד.

ה) מנחות כט, ב; י"ש בראשית יט און ישעיה תכט. זעט ירושלמי חגיגה פרק ב, הלכה א; פ"ר פיסקא כא, זייט קט, ב; שו"ט קיד, ג; יל"ה מ, כח און קיד, ה.

צדיקים׳ס קעפּ אײן געבױגן פון בושה שאַנד פאַר דעם צװײטן, ו).

**װאו װערט געבראַכט אַז סע זײנען פאַראַן צװײ װעלטן, די װעלט און יענע װעלט?**

אין אונזער אַלטן אוצר, ז).

**װעלכע װעלט איז געװאָרן בעשאַפן פריער?**

יענע װעלט, ח).

**װאָס איז דער אונטער שײד פון דער װעלט ביז יענער װעלט?**

די װעלט איז גלײך צו נאַכט. יענע װעלט איז גלײך צו טאָג, ט).

די װעלט איז אַ קאָרידאָר פאַר יע־נער װעלט, י).

**האָט דער בעשאַפער בעדאַרפט אָן שטרענגן זיך צו בעשאַפן דעם אוני־װערם?**

ניין. ער איז געװאָרן בעשאַפן אָהן אָן שטרענגונג, און אָהן װאָס פאַר סע איז מי, א).

סע איז געבױעט אױף דעם פּסוק „בדבר ה׳ שמים נעשו, וברוח פּיו כל צבאם", ב) אױף דעם אײבערשטנס זאָג זײנען די הימלן געװאָרן בעשאַפן, און מיט אַ הױך פון זײן מױל אַלע הימ־לישע הערשאַפטן.

לױט אַן אַנדער מײנונג איז דער אוני־װערם געװאָרן בעשאַפן מיט אָן שטרענ־גונג, ג).

**װאָס פאַר אַ גײסטיגע מיטלען האָט דער בעשאַפער אָן געװענד בײ דעם בעשאַפן דעם אוניװערם?**

דער גײסט איז געװאָרן טראָגעדיק און האָט געבאָרן חכמה, קלוגשאַפט, ד).

און ער האָט באַנוצט זיך, לױט פאַר־שידענע מײנונגען, מיט:

חכמה, קלוגשאַפט, ה);

---

ו) מנחות כט, ב; י״ש בראשית יט און ישעיה תכט.

זעט: ירושלמי חגיגה פּרק ב, הלכה א; ב״ר ב, י; שו״ט קיד, ג; יל״ה מ, כח און קיד, ה; ג״ש זײט 244.

ז) זעט: ירושלמי חגיגה פּרק ב, הלכה א; ב״ר א, י; תנח. בראשית ה; תנח״ב חיי שרה ו; י״ש בראשית ב; בחיי האזינו לב, ד. פאַרגלײכט זהר שמות כ, א.

אין: פּר״א פּרק יח; שו״ט צב, ב; יל״ה אָנהײב צב שטעהט זיבן װעלטן. זעט רד״ל אין פּר״א דאָרט נאָטע מט.

אין תנח. פקודי ג רעד אױך זיך פון זיבן װעלטן. אָבער דאָרט מײנט עס די זיבן סטאַ־דיעס, עטאַפּן, פּעריאָדן אין דעם מענטשנס לעבן.

ל״ט בראשית א, א, זײט ב, ב, ערשטע שורה; אין די קװעלעס צו די פאָרגעהענ־דיגע צװײ פראַגעס און ענטפערס.

ח) היכלות א, 46. זעט פראַגע ב.

ט) חגיגה יב, ב. זעט בבא מציעא פג, ב; ע״ז ג, ב, אונטן; זוטא ד׳, ז, ח.

י) פּרקי אבות פּרק ד; ל״ט בראשית זײט ב, א.

א) ישעיה מ, כח און תרגום דאָרט; ב״ר ג, ב; יב סימנים ב און י; כז, א; ק״ר ב, כ, ב; תנח״ב בראשית טז; י״ש בראשית ענדע ד און ישעיה תמז; פּר״א, א׳ זײטן 7, 6, 5, 4; שו״ט סב, א; יל״ה לג, ב און סב, א; ילה״י מ, כח; מ״א בראשית ב, ד; ל״ט בראשית זײט ב, ב און קאַפּיטל ב, סימן ד.

זעט זוטא ד׳, ח, א; אלשיך בראשית זײט ז, א.

ב) תהלים לג, ו.

ג) תנח״ב בראשית יא. זעט אומעטום די פאַרשידענע װערסיעס, און װער סע זאָגט װאָס.

ד) ש״ר טו, כב, און זעט יפה תואר דאָרט; זהר בראשית לב, ב און וירא קג, ב. זעט רד״ל אין פּר״א, אָנהײב פּרק ד, אותיות א און ג, און הגהה ג.

ה) ירושלמי סנהדרין פּרק ד, הלכה ט; סנהדרין לח, א; תרגום ירושלמי אָנהײב בראשית; זהר, הקדמה ג, ב, אױבן; זהר

תרגום ירושלמי זעצט איבער בראשית מיט בחוכמא. און חכמה מאַכט כח מעשיו הגיד, ה*).

מיט חכמה קלוגשאַפט, און מיט תבונה פערשטאַנד, ו);

מיט חכמה קלוגשאַפט, תבונה פער־שטאַנד, און דעת וויסן, ז);

מיט חכמה קלוגשאַפט, בינה פער־שטאַנד, דעה וויסן, און השכל אינטע־ליגענץ, ח);

מיט דעה וויסן, בינה פערשטאַנד, גבורה שטאַרקייט, חסד גנוד, רחמים באַרם הארציקייט, דין גזעץ, גערה געשריי, ט);

מיט אמונה גלויבן, י);

מיט דין, גזעץ, א);

במדת הרחמים, מיט דער מאָס פון באַרם הארציקייט, ב);

במדת הדין און מיט מדת הרחמים, מיט דער מאָס פון גזעץ, און מיט דער מאָס פון באַרם הארציקייט. צו־ערשט האָט דער בעשאַפער בעשאַפן די וועלט מיט גזעץ. ווען ער האָט איין גזעען אז די וועלט וועט נישט קאָנען באַשטעהן אויף בלויז גזעץ, האָט ער צו געגיבן באַרם הארציקייט, ג);

מיט חסד גנוד, ד);

מיט רזא, מיט סוד, סעקרעט. רזא איז די טייטש אויך שטאַרקייט, ה);

מיט צען זאַכן:

מיט חכמה קלוגשאַפט, תבונה פער־שטאַנד, דעת וויסן, כח מאַכטיקייט, גערה געשריי, ו) גבורה שטאַרקייט,

---

חדש בראשית ח, ד, לעצטע שורה; תנח"ב בראשית טו; רמב"נ בראשית א, א; בחיי בראשית א, ב; רקאַנטי אָנהייב בראשית.

זעט זהר שמות כ, א.

אגב, אין תנח"ב בראשית טו, הערה, נאָטע קב שטעהט אַז יונתן בן עוזיאל זעצט איבער בראשית מיט בחוכמא. אין מיין חומש זעצט איבער יוב"ע מיט מן אוולא. און ירושלמי זעצט איבער מיט בחוכמא.

ה*) תו"ש אָנהייב בראשית. זעט רש"י אָנהייב בראשית. פאַרגלייכט מיט תנח"ב ברא־שית יא; י"ש בא קפז; ל"ט בראשית א, א, זייט ב, א.

ו) במ"ר יח, אָנהייב כב; תנח. חוקת א; תנח"ב חוקת א; סא"ר ד, 6; בחיי בראשית א, א.

ז) פר"א פרק ג; תנח. ויקהל ה; ש"ר מח, ד; זהר פקודי רכא, א, אויבן; זהר חדש, מדרש הנעלם בראשית ו, ד; שו"ט ג, א; ילק"ה ג, ז; י"ש יהושע לא און משלי תתקלה; ילה"י ב, א; ימ"מ כד, ג.

זעט אין ילק"ה ג, ז וועגן ג' שמות, דריי פון דעם בעשאַפערס נעמען. מערקט אַז דאָרט שטעהט מדות, אַטריבוטן אויף דעם אָרט פון דברים.

ח) סא"ר 91.

ט) אר"נ נוסחא א, פרק לז, זייט 110.

י) אבד"ע, זייט 25.

א) ב"ר יד, א; ש"ר לו, יג; זהר האזינו תוספת, סימן ח, שב, ב; ילמד. ד, סד; י"ש משלי תתקסב; ימ"מ כט, ד.

ב) אבד"ע 25; ילה"י ג, י; ל"ט בראשית ב, ד; אלשיך בראשית א, יא און ב, ד, און זייט ו, ב.

ג) מ"א בראשית א, א; ב"ר יב, טו. זעט: י"ש בראשית ענדע יד; ל"ט בראשית ב, ד.

אגב, „בדבר ה' שמים נעשו" [תהלים לג, ו] מאַכט במדת דין במדת רחמים.

ד) ילק"ה פט, ו; בחיי בראשית יא, ג.

ה) זהר תרומה קנא, ב. זעט זהר מקץ רד, א.

ו) אין שו"ט קיט, ס שטעהט אַז ער האָט בעשאַפן הימל און ערד אָהן קול.

צדק גרעכטיקייט, משפט געזעץ, חסד גנוד, רחמים באַרם האַרציקייט, ז).

**ווען דער בעשאַפער האָט בעשאַפן די וועלט האָט ער דעזיגנירט, באַ-שטימט דעם לעבנס שפאַן פון יעדער בעשאַפעניש, ח)?**

יאָ. ווייל ער האָט נישט געוואָלט אָפּ-נאַרן וועלכע עס איז בעשאַפעניש, ט).

# דער וועלט בעשאַף

**ווען האָט דער בעשאַפער גערעכנט צו בעשאַפן די וועלט?**

אין טויזנט דורות, גענעראַציעס אַרום. אָבער ער האָט געזען פאָראויס אַז די וועלט וועט נישט קאָנען עקזיסטירן אָהן תורה, לערנען, י) האָט ער אָפּ גע-מעקט ניין הונדערט און פיר און זיבע-ציק דורות. ער האָט בעשאַפן דענצמאָל די וועלט און דעם ערשטן מענטש, אדם הראשון. פון אדם הראשון'ען ביז נח'ן זיינען צען דורות. פון נח'ן ביז אברהם אבינו זיינען צען דורות. פון אברהם אבינו ביז משה רבינו זיינען זעקס דו-רות, נעמלאַך: יצחק, יעקב, לוי, קהת, עמרם, משה. און ער האָט געגיבן די תורה דורך משה'ן צו די אידן, א).

אגב, די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט בראשית באַטרעפט ניין הונדערט פיר און זיבעציק. די צאָל פון די אותיות ת ש ר באַטרעפט ניין הונדערט. לויט דעם אלב"ם סיסטעם פאַרבייט זיך די א אויף ל, איז דרייסיק. די י פאַרבייט זיך אויף מ, איז פערציק. די ב איז אַזוי גרוים ווי צוויי ב'ן, איז פיר. צו-זאַמען פיר און זיבעציק. אַלץ אין איי-נעם באַטרעפט דאָס וואָרט בראשית ניין הונדערט פיר און זיבעציק, ב).

**לויט אַן אַנדער מיינונג זיינען גע-וואָרן אָפּ געמעקט ניין הונדערט און** אַכציק דורות. און ער האָט בעשאַפן **דענצמאָל די וועלט, און דעם ערשטן מענטש, אדם הראשון, ג).**

**פון אדם הראשון'ען ביז נח'ן זיינען צען דורות. פון נח'ן ביז אברהם אבינו זיינען צען דורות. און דער בעשאַפער האָט געגיבן אברהם'ן די מצוה פון מל** זיין, די מצוה צו ליב וועלכער די וועלט **איז געוואָרן בעשאַפן, ד). און אָהן דער**

---

ז) חגיגה יב, א.

אין אר"נ נוסחא ב', פרק מג, זייט 119 שטעהט ובדין, בתולד, ובבריה, אויף דעם אָרט פון צדק, משפט, גבורה.

אין: י"ש תהלים תשפט און משלי תתקלה; ל"ט בראשית א, זייט ג, א שטעהט גבורה, גוערה. זעט מה"ג,א', א, א זייט 9.

ח) תנח. און תנח"ב אָנהייב בחוקותי; י"ש בחוקותי תרעא, מלכים קעה, איוב תתקו; יל"ה קמז, כד.

ט) תנח"ב וירא לב.

י) אַז די וועלט וואָלט נישט געקאָנט עק-זיסטירן אָהן תורה, זעט פסחים סח, ב, אונטן.

א) זעט: חגיגה יג, ב—יד, א און רש"י דאָרט; זבחים קטז, א; אר"נ נוסחא א, פרק לא; תדא"ר פרקים ב, און ו, זייט נה, ב; פ"ר פיסקא ה, זייט טז, א; ב"ר כח, ד; ק"ר פסוק טו, סימן ב און ד, פסוק ג; תנח. לך לך יא און יתרו ט; שו"ט צ, יג און קה, ג; י"ש בראשית ב, איוב תתקח און זית רענן דאָרט, תהלים תש, און תתסג; בחיי בראשית א, ענדע פסוק ג.

ב) שו"ט צ, יג, אויסגאַבע אום.

ג) ב"ר כח, ד; ק"ר א, טו, ב; תנח. לך לך יא און יתרו ט; י"ש תהלים תתסג; יל"ה קה, ו.

ד) ירושלמי נדרים פרק ג, הלכה ט; נדרים לא, ב; י"ש לך לך פא; מה"ג, ב' זייט 40.

דאָזיקער מצוה וואָלטן הימל און ערד נישט געקאָנט עקזיסטירן, ה). און זי איז גלייך צו דעם גאַנצן וועלט בעשאַף, ו).

**צו וואָס האָט דער בעשאַפער בעשאַפן די וועלט?**

צוליב עטליכע טעמים, אורזאַכן:

אַלץ וואָס ער האָט בעשאַפן אין דעם אוניווערס, האָט ער בעשאַפן פאַר זיין כבוד וועגן, ז). ווי סע שטעהט אין פּסוק: „כל הנקרא בשמי ולכבודי בראתיו, יצרתיו אף עשיתיו", ח) אַלע וועלאַכע ווערן אָן גערופן מיט מיין נאָמען און וועלאַכע איך האָב בעשאַפן פאַר מיין כבוד וועגן, פורמירט און געמאַכט, ט);

אגב, רבי לוי יצחק בערדיטשעווער האָט באַקלאָגט זיך אַ מאָל פאַר דעם תניא, רבי שניאור זלמן פון לאַדי, גרינדער פון דער ליובאַוויטשער דינאַסטיע זצ"ל, אַז ער האָט נישט דערגרייכט די שטופע פון דינען דעם אייבערשטן אָהן שום פערזענלאַכע כוונות. האָט דער תניא געטרייסט אים: מיר דאַרפן דאָך אָפּ לערנען זיך פון דעם אייבערשטנס מידות. און מיר ווייסן דאָך אַז ער אַליין איז אויסן פערזענלאַכעס אין זיינע מעשים. זאָגן דאָך די חכמים ז"ל: כל מה שברא הקדוש ברוך הוא בעולמו, לא ברא [בראו] אלא לכבודו", ט1). אַלץ וואָס דער הייליגער, געבענטשט זיי ער, האָט בעשאַפן אין זיין וועלט, האָט ער בעשאַפן בלויז צו ליב זיין כבוד. האָט דער בערדיטשעווער געענטפערט: ביי דעם אייבערשטן איז עס דאָך לשם שמים!

„כל פעל ה' למענהו", ט2) אַלץ וואָס דער אייבערשטער האָט געווערקט, בעשאַפן, איז וועגן זיין לויב.

מע זאָל האָבן מורא פאַר אים, י);
בלויז צו ליב תורה, י*).

**די מענטשהייט זאָל מעהרן זיך, א).**

**וואָס איז געווען דער תכלית, דער ציל, דער צוועק פון דעם וועלט בעשאַף?**

די מעשים, די טאַטן פון די צדיקים, די גערעכטע.

---

ה) שבת קלז, ב; נדרים לב, א; תוספתא נדרים ב, 7; ש"ט לך לך יז, יד; ל"ט לך לך יז, יג, זייט מ, א; זעט שו"ט ו, א.

ו) תוספתא נדרים ב, 6. וועגן דער וויכטיקייט פון מל זיין, זעט באַנד **א**, זייטן 114—118.

ז) ירושלמי יומא פרק ג, הלכה ט; ירושלמי און בבלי שקלים פרק ה, ענדע הלכה א; ענדע פרקי אבות; אר"נ ענדע נוסחא א, פרק מא; בבא בתרא עה, ב; ש"ר יז, א; שי"ר ג, פסוק ה, סימן ד; יל"ה קמח, ט; ילה"י מג, ז; י"ש ישעיה תנב; י"ר בראשית כה, ענדע א. זעט קידושין פב, א.

זעט זהר ויחי רכ, א—ב.

ח) ישעיה מג, ז.

ט) ישעיה מג, ז, און זעט דאָרט: תרגום, רש"י, מהר"י קרא, רד"ק, מצודת דוד אַז סע מיינט די צדיקים, דאָס פאָלק.

אַז די וועלט עקזיסטירט אפילו צו ליב בלויז איין צדיק, ווי סע שטעהט אין פּסוק „צדיק יסוד עולם" [משלי י, כה], דער צדיק, דער גערעכטער איז דער באַזיס, דער פונדאַמענט פון דער וועלט, זעט: יומא לח, ב, אונטן; י"ש שמואל א', פּו.

ט1) זעט נאָטע ז.

ט2) משלי טז, ד און זעט: רש"י, מ"צ,א' און פאַרגלייכט מיט רלב"ג דאָרט.

י) שבת ל, ב און לא, ב; י"ש קהלת תתקסח.

י*) ב"ר א, ד און י; ויק"ר כג, ג; במ"ר יג, טו און יד, יב; שי"ר ה, יא, ד און ז, א, א; ר"ר פתיחתא א; תנח. יתרו יד און ראה א; תנח"ב בראשית י און ראה ב; פ"ר פיסקא כא, זייט קט, ב; מ"א בראשית א, א; י"ש בראשית ב און יז, ישעיה תעה; ילה"י נא, טז; יל"ה כד, לד; ל"ט בראשית זייט ב, א; מנה"מ ג, ת"ת, זייט 207; ישמעאל ג, ג.

**א**) פסחים פח, ב; חגיגה ב, ב; גיטין מא, ב; בבא בתרא יג, א; ערכין ב, ב; במ"ר יב, ד. זעט: ברכות ו, ב; שבת ל, ב.

שוין ביי דעם אָנהייב פון דעם בעשאַף האָט דער בעשאַפער געזען די מעשים פון די צדיקים, און די טאַטן פון רשעים, די בייזוויכטן.

„והארץ היתה תוהו", ב) און די ערד איז געווען וויסט. דאָס זיינען די טאַטן פון די רשעים.

„ויאמר אלקים יהי אור", ג) און דער אייבערשטער האָט געזאָגט סע זאָל ווערן ליכט. דאָס זיינען די מעשים פון די צדיקים.

„ויבדל אלקים בין האור ובין החושך", ד) און דער אייבערשטער האָט געשייד צווישן דעם ליכט און דעם פינצטערניש. דאָס מיינט צווישן די מעשים פון די צדיקים און די טאַטן פון די רשעים.

„ויקרא אלקים לאור יום, ולחושך קרא לילה", און דער אייבערשטער האָט גערופן ליכט טאָג, און פינצטערניש האָט ער גערופן נאַכט. דאָס מיינט די מעשים פון די צדיקים און די טאַטן פון די רשעים.

„ויהי ערב", און סע איז געווען אָוונט. דאָס מיינט די טאַטן פון די רשעים.

„ויהי בוקר", און סע איז געווען פרי מאָרגן. דאָס מיינט די מעשים פון די צדיקים.

„יום אחד", ה) איין טאָג. דאָס מיינט יום הכיפור, דער טאָג אין וועלכן דער אייבערשטער פאַרגיבט די זינד.

לויט אַן אַנדער מיינונג מיינט עס דער טאָג פון דעם איינעם, פון דעם איין און איינציגן. אין דעם טאָג איז דער בעשאַפער געווען איינער אַליין אין זיין אוניווערס, ו).

**פאַר וועמען האָט דער בעשאַפער בעשאַפן די וועלט?**

סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיינונגען:

פאַר דער מענטשהייט, ז);

ער האָט געוואָלט די מענטשהייט זאָל געוועלטיקן איבער די פיש, די פייגל און די בהמות; איבער דער גאַנצער ערד און איבער אַלע בעשאַפענישן וועלכע קריכן אַרום אויף דער ערד, ח).

פאַר די צדיקים, ט);

אפילו פאַר בלויז איין צדיק, י);

בלויז פאַר רשעים גמורים, פאַר פולקאָמענע בייזוויכטן, אָדער פאַר צדיקים גמורים, פערפעקטע, פולקאָמענע גערעכטע, א).

די וועלט איז געוואָרן בעשאַפן פאַר דעם קעניג אחאב׳ס וועגן. ער איז געווען זעהר רייך.

יענע וועלט איז געוואָרן בעשאַפן פאַר רבי חנינא׳ן בן דוסא. ער איז געווען זעהר אָרים, ב). ער פלעגט באַג-

---

ב) בראשית א, ב.
ג) בראשית א, ג.
ד) בראשית א, ד.
ה) בראשית א, ה.
ו) ב"ר ג, ח; זעט ב, ה און מהרז"ו דאָרט; פ"ר פיסקא מ, זייטן קו, ב—קסז, א; ל"ט בראשית א, ה.
ז) ברכות ו, ב, לעצטע דריי שורות, און זעט דאָרט רש"י אונטער דעם וואָרט בשביל; שבת ל, ב; זייט 138, נאָטע א.
ח) בראשית א, כו.
ט) ספרי עקב, פיסקא לח, אויסגאַבע אום. זעט: תרגום, רש"י, אבן עזרא, מהר"י קרא, רד"ק, מצודת דוד, ישעיה מג, ז; און די קוועלעס צו דער פראַגע אין וועמענס זכות איז די וועלט געוואָרן בעשאַפן, זייט 140.
י) יומא לח, ב; זעט י"ש בראשית ענדע ד און שמואל א׳, פו.
א) זעט ברכות סא, ב, אויבן און רש"י דאָרט אונטער די ווערטער לרשיעי און לצדיקי.
ב) ברכות סא, ב, און רש"י דאָרט אונטער די ווערטער לרשיעי און לצדיקי. זעט מלכים א׳, כ, ג.

נוגן זיך אַ גאַנצע וואָך מיט אַ טעפּל בעבלאָך. אַ בת קול פלעגט קומען אַרוים פון דעם באַרג חורב יעדער טאָג און זאָגן: די גאַנצע וועלט ווערט געשפּייזט צו ליב מיין זון חנינא. און מיין זון חנינא באַגניגט זיך מיט אַ טעפּל בעבלאָך פון ערב שבת ביז ערב שבת, ג).

צו מוטשין זיך. איז דער מענטש זוכה, מוטשיט ער זיך אין לערנען תורה. איז ער נישט זוכה, מוטשיט ער זיך אין בעאַרבעטן די ערד. און וואויל איז דעם וועלכער מוטשיט זיך אין לערנען תורה, ד).

**דער אַלץ ווייסער האָט דאָך געוויסט וואָס פאַר אַ געזינדל די מענטשהייט וועט זיין. צו וואָס זשע האָט ער בעדאַרפט עס?**

דער בעשאַפער האָט געוואָלט בעשאַפן די וועלט, איז ער געזעסן און פערטראַכט זיך וועגן דעם דור, גענעראַציע, פון אנוש׳ס צייטן, וועגן דעם דור המבול, די גענעראַציע וועלכע וועט ווערן אום געבראַכט דורך דער פאַרפלייצונג, וועגן די זינדיקע מענטשן פון סדום. ער האָט געטראַכט זיך: ווי אַזוי קאָן איך בעשאַפן די וועלט פאַר אַזעלכע רשעות׳דיקע, בייזוויכטע דורות, גענעראַציעס. זיי וועלן דאָך דערצערנען מיך.

אָבער ווען ער האָט געזען אַז אברהם אבינו וועט אויפשטעהן, און ער וועט פאַר איינציקן זיין נאָמען, האָט ער געזאָגט: איך האָב געפינען אויף וועמען צו באַזירן די עקזיסטענץ פון דער וועלט, ה).

ער האָט בעשאַפן די וועלט, דער מענטש זאָל האָבן די בחירה דעם אויסוואַל, און דעם רצון דעם ווילן, סע זאָל זיין גוטס און שלעכטס אין דער וועלט, ו).

**אין וועמענס זכות איז די וועלט [הימל און ערד] געוואָרן בעשאַפן?**

סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיינונגען:

אין דעם זכות פון:<br>
אברהם אבינו, ז);<br>
יעקב אבינו, ח);<br>
די שבטים, ט);<br>
משה רבינו, י);<br>
שמואל הנביא, י*);

---

ג) ברכות יז, ב; תענית כד, ב, אונטן; חולין פו, א.

אגב, אין ברכות שטעהט בת קול יוצאת מהר חורב. אין תענית און אין חולין שטעהט נישט מהר חורב. אין תענית זאָגט רש״י ז״ל „לא גרסינן מהר חורב״, אַז סע דאַרף נישט שטעהן מהר חורב.

ד) ב״ר יג, ח; י״ש בראשית אָנהויב כ. זעט סנהדרין צט, ב, אויבן.

ה) מ״א בלק כג, ט; י״ש בלק תשסו.

ו) י״ר בראשית ג, א, אונטן [כנפי יונה חלק א, סימן ו].

ז) ירושלמי חגיגה פרק ב, הלכה א; מנחות כט, ב; פ״ר פיסקא כא, זייט קט, ב; פר״כ ר, ב, אויסגאַבע אום; ב״ר יב, ט און זעט דאָרט מהרז״ו און מח, ח; פתיחתא ר״ר ז; תנח״ב בראשית טז, לך לך ד און חיי שרה ו; שו״ט קד, טו; ילה״ה קד, מט; מ״א בראשית ב, ד; ל״ט בראשית ב, ד; י״ש תהלים תתסב: בחיי בראשית ב, ד; סר״ד כא; מה״ג,א׳ סז; בעה״ט בראשית ב, ד.

זעט „מגן אברהם״, רמזי יום א׳ של סוכות, זייט קב, ב, פון דעם טריסקער מגיד זצ״ל.

ח) ויק״ר לו, ד; י״ש ישעיה אָנהייב תנב; י״ר וירא מ, א. אין ב״ר צח, ג הייסט עס: יעקב בורא עולמות.

ט) פ״ר פיסקא ג, זייט י, ב; ב״ר א, ד; י״ש בראשית ב און יז.

י) סנהדרין צח, ב; ב״ר א, סימנים ד און יז; י״ש בראשית ב; מה״ג,א׳, א, א, זייט 12; רמב״ן בראשית א, א; בחיי בראשית א, ב; ילה״י אָנהייב קאַפּיטל מג; רקאַנטי אָנהייב בראשית.

י*) סנהדרין צח, ב.

דוד המלך, א);
די אידן, ב);
יעדער איד באַזונדער, ג);
משיח'ן, ד);
פריה ורביה, פון פאַרמעהרן דאָס איי־דישע פאָלק, ה);
די עשרת הדברות, די צען געבאָטן, ו);
דער תורה, ז);
מתן תורה, פון דעם גיבן די תורה די אידן, ח);
די שומרי תורה, וועלכע היטן אָפּ די תורה, ט);
יראה, האָבן מורא פאַר דעם איי־בערשטן, י);
חסד, י*);
מל זיין, א);
שבת, ב);
נעמען חלה, גיבן מעשר און ברייגנגן ביכורים קיין ירושלים, ג);
ציון, ג*).

**אין וועמענס זכות עקזיסטירט די וועלט?**

אין דעם זכות פון די חדר אינגלאַך, ישיבה בחורים, ג**).

**דער אייבערשטער פירט דאָך זיך דער־מאַקראַטיש, האָט ער געפרעגט די בעי־שאַפענישן צי זיי ווילן ווערן בעשאַפן?**

יאָ, און זיי האָבן געוואָלט, ד).

זיי האָבן געפרעהט זיך שטאַרק נאָך זייער ווערן בעשאַפן, ה).

**האָט דער בעשאַפער געשטעלט קאָנ־דיציעס, אויס געטומען תנאים מיט דער וועלט, איידער ער האָט בעשאַפן זי?**

יאָ. ער האָט אויס געטומען אַ תנאי, אַ באַדינג מיט די בעשאַפונגען: אויב די אידן וועלן מקבל זיין, אָן נעמען די תורה, וועלן די בעשאַפענישן עקזיסטירן. אויב נישט, וועלן זיי ווערן צוריק „תוהו" וויסט, „ובוהו" לעהר, ליידיג, פוסט, ו).

---

א) סנהדרין צח, ב.

ב) ש"ר מח, א; נסא"ז זייט 40; ילמדנו בראשית ד; תנח"ב בראשית ג און י; זהר שמות יד, ב, אונטן; י"ש בראשית ב און יז; ירמיה רסד; שבע סט; ל"ט בראשית זייט ב, א; ישמעאל ג, ג; בחיי בראשית א, ב; בעה"ט אָנהייב בראשית.

זעט ילה"י אָנהייב קאַפּיטל מג.

ג) סא"ר זייט 127. אין ויק"ר ד, ב שטעהט נפש אויף דעם אָרט פון ישראל.

ד) סנהדרין צח, ב.

ה) ירושלמי גיטין פרק ד, הלכה ה; עדיות פרק א, יג; נדרים לא, ב; ילי"ה צז, יז.

ו) י"ש מלכים א, קפה.

ז) ב"ר א, ד און י; ויק"ר כג, ג; במ"ר יג, טו און יד, יב; שי"ר ה, יא, ד און ז, א, א; ר"ר פתיחתא א; תנח. יתרו יד און ראה א; תנח"ב בראשית י און ראה ב; פ"ר פיסקא כא, זייט קט, ב; מ"א בראשית א, א; ל"ט בראשית זייט ב, א; י"ש בראשית ב און יז און ישעיה תעה; ילי"ה כט, לד; מנה"מ ג, ת"ת, זייט 207; ישמעאל ג, ג.

זעט: סנה. צט, ב און רש"י ירמיה לג, כה; ש"ר אָנהייב פרשה מח; ילה"י נא, ענדע טז.

אין בעל הטורים אָנהייב בראשית שטעהט לומדיה אירע לערנערס.

ח) ש"ר מ, א.

ט) תנח. בראשית א.

י) ק"ר ג, יד; ישמעאל ג, ג.

י*) בחיי בראשית ב, ד.

א) נדרים לא, ב; ירושלמי נדרים פרק ג, הלכה ט, י, א—ב; מ"א אָנהייב בראשית. זהר לך לך פט, א; דזמ"ה אָנהייב בראשית.

ב) דזמ"ה און בעה"ט אָנהייב בראשית; י"ר בראשית ב, ד.

ג) ב"ר א, ד; י"ש בראשית ב; רמב"נ בראשית א, א; בחיי בראשית א, ב. זעט רמב"נ בראשית א, א; רקאַנטי אָנהייב בראשית. זעט באַנד א, זייט 44, נאָטע ב.

ג*) י"ש ישעיה תעה; ילה"י נא, ענדע טז. כב, ד.

ג**) שבת קיט, ב; א"ג,ב' 38.

ד) ראש השנה יא, א; חולין ס, א; בחיי אָנהייב שופטים און תצא כב, ח.

ה) תדא"ר פרק לא.

ו) שבת פח, א; עבודה זרה ג, ה, און ה, א; תנח. בראשית א; ב"ר ה, ה; ד"ר

ער האָט אויס גענומען אַ תנאי, אַ באַדינג מיט די וואַסערן די אידן זאָלן דורך ציען דורך זיי, און אַז זיי זאָלן לאָזן יונה הנביא געהן קיין תרשיש, ז).

די זון און די ערד זאָלן שטיל שווייגן פאַר משה'ן.

די זון און די לבנה זאָלן בלייבן שטעהן אין יהושע'ס צייטן.

די וואָראָנעס [ראבן, קאָנים] זאָלן שפּייזן אליהו הנביא.

די הימלן זאָלן עפענען זיך פאַר יחז-קאל'ן.

די לייבן זאָלן נישט שיידיקן דניאל אין לייבן גרוב.

דאָס פייער זאָל נישט שיידיקן חנניה'ן, מישאל'ן און עזריה'ן אין דעם קאַלך אויוון, ז*).

**האָט עמיצער געהאָלפן דעם בעשאַפער בעשאַפן די וועלט?**

ניין, קיינער [קיין איינער]. סע איז דאָך נישט געווען ווער סע זאָל העלפן אים. די מלאכים זיינען נישט געוואָרן בעשאַפן דעם ערשטן טאָג פון דעם בעשאַף. מע זאָל נישט זאָגן אַז דער מלאך מיכאל האָט געצויגן דעם הימל פון דרום זייט. דער מלאך גבריאל האָט געצויגן פון צפון זייט, און דער בעשאַפער אין דערמיט. נאָר ער אליין האָט בעשאַפן דעם אוניווערס, ח). ווי סע שטעהט אין פסוק „בראשית ברא אלקים", ט) אין אָנהייב האָט דער אייבערשטער בעשאַפן. און סע שטעהט נישט „בראו", זיי האָבן בעשאַפן, י).

**מיט וואָס פאַר אַ געצייג האָט דער בעשאַפער בעשאַפן די וועלט?**

**בעשרה מאמרות, מיט צען געזאָגן.** ער האָט געגיבן אַ זאָג און די זאַך איז געוואָרן בעשאַפן, א).

---

ח, ה; שי"ר ז, א, א; ר"ר פתיחתא א; זהר לך לך פט, א; שו"ט עה, א און עו, ד; מר"א הוספה יב, זייט 236; יל"ה פב כ; י"ש בשלח רלו, רלז; יהושע כא; ילה"י מג, ט, זייט 139, און נז, טז, זייט 222; ל"ט בראשית א, לא און ג, כד; ימ"מ כב, ד. זעט אומעטום ווער סע זאָגט וואָס.

פאַרגלייכט: מ"א, י"ש, בחיי ענדע קאַפּיטל א; רש"י בראשית א, לא; במ"ח בראשית ט, א, פסוק ז, און זעט אומעטום ווער סע זאָגט וואָס.

ז) י"ר בראשית יג, א. זעט ב"ר ה, ה; י"ש יהושע כא.

ז*) ב"ר ה, ה; י"ש בראשית רלו און רלז; יהושע כא.

ח) ב"ר א, ג און זעט דאָרט מתנות כהונה און רד"ל סימן ג וועגן דער בעדייטונג פון דעם וואָרט ממדד.

ט) אָנהייב בראשית.

י) ב"ר א, ז. פאַרגלייכט ירוש. ברכות, אָנהייב פרק ט.

א) פרקי אבות אָנהייב פרק ה און הגר"א דאָרט; אר"נ נוסחא א', אָנהייב פרק לא; נוסחא ב', פרק לו; פר"א פרק ג און רד"ל דאָרט, הערה ג, און ענדע פרק לב; ראש השנה לב, א; מגילה כא, ב; פ"ר פיסקא כא, זייט קח, א און פיסקא מ, זייט קסט, א; זהר וירא, מדרש הנעלם קד, ב; זהר חדש בראשית ו, א; רות סט, א און תיקונים זהר חדש פד, א; י"ר אָנהייב בראשית פון סודי רזא — ספר רזיאל המלאך; ב"ר אָנהייב פרשה יז; ויק"ר יד, יב; במ"ר יד, יב; רש"י בראשית א, כז; ילמדנו ג', ואתחנן ל; תדשא 174; ב"ה חדר ג, זייט קסח; י"ש בראשית א און ישעיה שפט; ילה"י יא, ב; יל"ה לג, ח און קנ, ח; ש"ט בשלח יד, טז; מה"ג,א' כז, כט און שמות זייט 236; ל"ט בראשית א, א, זייט ג, א; וירא כב, יג; וארא ט, יג און ואתחנן ח; מנה"מ ג, ת"ת זייט 207; בחיי בראשית א, ב; נח ו, יד; י"ר בראשית ב, א און ב; יא, א, אונטן; יתרו צד, ג; אבודרהם יט, ב, א און עג ב ב, אונטן; פסח 46; ת"ת אָנהייב בראשית.

זעט: זהר שמות יד, ב; ויקרא זייט יא, ב.

זעט זהר ויקרא, זייט לח, א ווי אַזוי ער

**וואָס זיינען געווען די צען „מאמרות" געזאָגן מיט וועלכע דער בעשאַפער האָט בעשאַפן דעם אוניווערס?**

סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיינונגען:

„ויאמר אלקים יהי אור, **ב)**;
„ויאמר אלקים יהי רקיע", **ג)**;
„ויאמר אלקים יקוו המים", **ד)**;
„ויאמר אלקים תדשא הארץ", **ה)**;
„ויאמר אלקים יהי מאורות", **ו)**;
„ויאמר אלקים ישרצו המים", **ז)**;
„ויאמר אלקים תוצא הארץ", **ח)**;
„ויאמר אלקים נעשה אדם", **ט)**;
„ויאמר אלקים הנה נתתי", **י)**;
„ויאמר אלקים לא טוב היות האדם לבדו", **א)**.

לויט אַ צווייטער מיינונג:
בראשית;
ויאמר אלקים יהי אור;
ויאמר אלקים יהי רקיע;
ויאמר אלקים יקוו המים;
ויאמר אלקים תדשא הארץ;
ויאמר אלקים יהי מאורות;
ויאמר אלקים ישרצו המים;
ויאמר אלקים תוצא הארץ דשא;
ויאמר אלקים נעשה אדם;
**ויאמר אלקים אעשה לו עזר, א*).**

**און בראשית איז אויך אַ מאמר, אַ זאָג, ב).** ווי סע שטעהט אין פסוק „בדבר ה' שמים נעשו", **ג)** מיט דעם איי־בערשטנס זאָג זיינען די הימלן געוואָרן געמאַכט, **ד)**.

---

האָט בעשאַפן די וועלט מיט די אבות אברהם, יצחק, יעקב.

**ב)** בראשית א, ג.
**ג)** בראשית א, ו.
**ד)** בראשית א, ט.
**ה)** בראשית א, יא.
**ו)** בראשית א, יד.
**ז)** בראשית א, כ.
**ח)** בראשית א, כד.
**ט)** בראשית א, כו.
**י)** בראשית א, כט.
**א)** בראשית ב, יח.
**א*)** בראשית ב, יח.

**ב)** ראש השנה לב, א; מגילה כא, ב; ב"ר אַנהייב פרשה יז; בחיי בראשית א, ב.

זעט: זהר בראשית לא, ב, אויבן; רש"י און רמב"מ אויף פרקי אבות, אַנהייב פרק ה; עקידת יצחק, שער ג, זייטן כ, ב—כא, א; אלשיך אַנהייב בראשית, זייט ו, א; פע"ר בראשית ט, א; במ"ח בראשית יא, א, פסוק יב.

זעט זהר בראשית טו, א, און טז, ב, אויבן; ספרא דצניעותא אין זהר, תרומה קעח, ב.

אין זהר אַנהייב בראשית הייסט עס: בראשית איז דער סאַמע ערשטער מאמר.

„מגן אברהם", אַנהייב בחוקותי, פון דעם טריסקער מגיד זצ"ל באַמערקט אַז די צען מאמרות זיינען אַנטקעגן די צען **ספירות**, אַז **בראשית** איז אויך אַ מאמר... כמו שתרגם יונתן בראשית בחוכמא.

איך האָב באַמערקט דאָס אויך ביי אַנדערע מחברים. אפשר האָבן זיי געהאַט אַן אַנדער טעקסט.

און איך הקטן, אהרן באאמו"ר ר' משה בר' יעקב, בר' יוסף ואמי מורתי בראַנצי בת ר' יוסף וחנה נ"ע, באַמערק אַז אין מיין חומש זעצט איבער יוב"ע דאָס וואָרט בראשית מיט **מן אוולא**.

תרגום ירושלמי זעצט איבער מיט **בחוכמא**.

רבי יודאי אין דער הקדמה צו דעם זהר ג, ב, אויבן טייטשט בראשית **בחכמה**.

אַנהייב זהר הייסט עס **בחכמתא**. זעט בחיי בראשית א, ב.

אונקלוס זעצט איבער בראשית מיט **בקדמין**.

זעט אַן ערקלעהרונג וועגן **בקדמין** אין אַנהייב „באורי אונקלוס" פון ר' שמשון ברוך שעפטעל ז"ל.

**ג)** תהלים לג, ו.
**ד)** ראש השנה לב, א; ת"ת אַנהייב בראשית.

אין מאַנכע ערטער ווערן גערעכנט „הנה נתתי״..., ה) „נעשה אדם״..., ו) „לא טוב״..., ז).

אַנדערע רעכענען „בראשית ברא אלקים, ח) און פּרו ורבו, ט) אויף דעם אָרט פון „ויאמר אלקים הנה נתתי״, י) און „לא טוב היות האדם לבדו״, א).

**איז פאַראַן אַ רמז, אַן אָנדייט אין דער תורה אַז די וועלט איז געוואָרן בעשאַפן מיט צען געזאָגן?**

יאָ. דאָס סאַמע ערשטע וואָרט פון דער תורה, בראשית מאַכט בי׳ ארשת, מיט צען געזאָגן, ב).

אגב, דאָס וואָרט ארשת געפינט זיך בלויז איין מאָל אין תנ״כ, ג).

**צו וואָס האָט דער בעשאַפער בע־דאַרפט בעשאַפן די וועלט מיט צען גע־זאָגן. ער האָט דאָך געקאָנט בעשאַפן זי מיט איין זאָג?**

כדי צו באַשטראָפן די רשעים, בייז־וויכטן, פאַר זייער רואינירן די וועלט וועלאַכע איז געוואָרן בעשאַפן מיט צען געזאָגן, און צו באַלוינען די צדיקים, גערעכטע, פאַר זייער האַלטן אויף די וועלט וועלאַכע איז געוואָרן בעשאַפן מיט צען געזאָגן, ד).

אַז די וועלט איז געוואָרן בעשאַפן מיט אַ געזאָג געפינט זיך אין מעהרערע ערטער:

**במאמר, מיט אַ זאָג, ה).**

מי שאמר והיה העולם, ו) דער וועלאַ־כער האָט געגיבן אַ זאָג, און דער אוּ־ניווערס איז געוואָרן.

---

ה) בראשית א, כט.
ו) בראשית א, כו.
ז) בראשית ב, יח.
זעט אר״נ נוסחא ב, אָנהייב פרק לו; פר״א פרק ג; זהר ויקרא יא, א.
ח) אָנהייב בראשית.
ט) בראשית א, כח.
י) בראשית א, כט.
א) בראשית ב, יח. ל״ט בראשית א, זייט ג, א. זעט תדשא חדר ג, זייט קסח.
פאַרגלייכט מיט דעם לשון אין ב״ר אָנהייב פרשה יז.
זעט הגר״א אויף פרקי אבות אָנהייב פרק ה; רד״ל אויף פר״א פרק ג, הערה עג.
ב) בחיי בראשית א, ב זייט 10.
ג) תהלים כא, ג. זעט דאָרט רש״י און א״ע, אויך: שו״ט כא, ג; יל״ה כא, ב; י״ש תהלים תרפב; בחיי בראשית א, ב. זעט זייט 166, נאָטן ו, ז, ח.
ד) זעט: פרקי אבות אָנהייב פרק ה; תנח״ב בראשית יא; ב״ר ענדע פרשה י; י״ש אָנהייב בראשית.
ה) מר״י מג, ב; יל״ה קלז, טז; י״ש תהלים תתסה; רש״י בראשית א, כז; ל״ט בראשית א, א, זייט ב, ב און האזינו ס, ערשטע שורה; מה״ג,ב׳, זייט 166; ש״ט בשלח טו, יז; אלפא א׳ עג, נוסח ב׳; אבודרהם יח, ב, ענדע זייט ב.
ו) ירוש. מגילה פרק א, הלכה י; ירוש. סנהדרין אָנהייב און ענד פרק א;
תוספתא בבא קמא פרק ז, 10;
אר״נ נוסחא א׳, פרק כז;
מר״י בשלח זייט לג, א, און ב; מג, ב; און בא זייט יב, א, אויסגאַבע אום;
מר״ש זייטן: 1, 21, 54, 55, 56, 59, 60, 61, 62, 66, 67, 70, 86, 101, 109, 160.
ספרי בהעלותך פד און קה; עקב פיסקא מט און האזינו פיסקא של, אויסגאַבע אום;
עירובין יג, ב, אויבן; מגילה יג, ב, אונטן; קידושין ל, ב, לעצטע שורה און לא, א, אויבן; סנה. יט, א, צווייטע שורה אונטן און עו, ב; חולין סג, ב און פד, ב; סוטה י, ב, אויבן; שמחות זייט 254;
תדא״ר פרק ה, זייט מט, א; מת״נ זייט 211.
פ״ר פיסקא כא, זייט קב, ב; מר״א זייט 98.
ב״ר ד, ד און ענדע פרשה ז; ש״ר אָנהייב פרשה כח; במ״ר טו, יא; ד״ר ז, ו; א״ר א, יב; שי״ר א, אָנהייב פסוק ט; ק״ר ז אָנהייב פסוק טו, און י, פסוק כ;
מ״ש י, ד; טו, א; כח, א;

„אמרתי והיה העולם", איך האָב געגיבן אַ זאָג, און די וועלט איז געוואָרן, ז).

**ברוך שאמר והיה העולם**, ח) געבענטשט זיי דער וועלאַכער האָט געגיבן אַ זאָג, און דער אוניווערס איז געוואָרן.
וואָרן דעם אייבערשטנס אַ זאָג איז אַ טאַט, ט).

**ברוך מי שאמר והיה העולם**, ט*) געבענטשט זיי דער וועמער סע האָט געגיבן אַ זאָג און דער אוניווערס איז געוואָרן.
און דער פסוק זאָגט דאָך בפירוש, אוים דריקלאַך: „בדבר ה' שמים נעשו, וברוח פיו כל צבאם", י) מיט דעם אייבערשטנס זאָג זיינען געוואָרן בעשאַפן די הימלען, און אַלצדינג וואָס סע געפינט זיך אין זיי, א).

**דער בעשאַפער האָט בעשאַפן די וועלט מיט צען געזאָגן. אין וואָס פאַר שפּראַך האָט ער געזאָגט זיי?**
אין לשון הקודש, ב).

**האָט דער בעשאַפער באַנוצט אויך די הענט ביי דעם וועלט בעשאַף?**
סע זיינען פאַראַן מיינונגען אַז יאָ:
ער האָט באַנוצטביידע הענט, ג).
„אף ידי יסדה ארץ, וימיני טפחה שמים", ד) מיט דער לינקער האַנט האָט ער געגרונט פעסטיקט די ערד, און מיט דער רעכטער האָט ער געמאָסטן די הימלן.
ער האָט באַנוצט איין האַנט, ה).

**ווי אַזוי איז ענטשטאַנען די וועלט?**
דער בעשאַפער האָט גענומען צוויי

---

והזהיר יתרו לא, ב;
אג"א ג, ט, זייטן 34, 46;
מ"מ זייט 66;
י"ש בראשית ה; בשלח אַנהייב רמז; יתרו רסח; ואתחנן תתלג, עקב תתעג; ישעיה ענדע תכח; שיר השירים תתקפב און ענדע תתקפח, ירמיה שיב;
גנזי שעכטער זייטן 201, 218, 226;
תנח. תשא יט און פקודי ג;
שו"ט עח, נג, אויסגאַבע אום;
יל"ה ו, א; מג, יא; מד, ה; מז, ו; ג, א און כא; נז, א; נט, יז; עח, נג; פב, ט; קג, ענדע א; קו, לו; קלו, מא; קלז, טז;
ס"ח תתשצב;
ממ"ה אלדד ב', זייט 6;
גוריון זייט 15;
ילה"י ו, א; יט, כב; מג, יא; מד, ה; מז, ו; ג, א; נז, א; נט, יז;
מה"ג,ב' זייטן: 24, 31, 71, 109, 149, 150, 153, 155, 156, 157, 158, 162, 163, 164, 166, 169, 187, 190, 193, 204, 121, 217, 226;
ל"ט בשלח ז, יז; יד, לא; טו, ג; יתרו כ, ב און יד; משפטים כג, כ; כד, יח; תשא לד, כט; שמיני כז, ב; נשא צג, לעצטע שורה; בהעלותך כ; שלח קט, מטות קלח, ב, לעצטע שורה; מסעי קמב, א; ס"ה קכג, א;
י"ר בשלח פז, ב; יתרו מד, ב; צא, ד; צד, א; צז, ב; קרח קמ, א; חוקת לו, א.
ז) מר"י, הוספה, קכ, א, אויסגאַבע אום; מר"ש זייטן 87, 4; ספרא אחרי פה, ב, אויסגאַבע אום; מה"ג,ב' זייטן 56, 48, 190.
ח) תדא"ז, אַנהייב פרק ד.
ט) שו"ט קז, ג; יל"ה קז, א.
ט*) ויק"ר ענדע פרשה ג.
י) תהלים לג, ו.
א) אר"נ נוסחא ב, אַנהייב פרק כא; ב"ר ג, ב און כח, ב; ד"ר ד, יג; י"ש בראשית יט.
ב) ב"ר יח, ד און לא, ח; תנח. נח, יט; תנח"ב נח כח; ילמד. א', נח, לד און ילמד. ד' עג; י"ש בראשית כד; יל"ה ב, ל; רש"י בראשית ב, כג; בחיי תשא ל, יג.
ג) פ"ר פיסקא כח, זייט קלה, ב.
ד) ישעיה מח, יג, א"ע דאָרט; זהר בא לז, א; שמות יח, ב; כ, א. רקאַנ. בראשית ב, ב; י"ר בראשית ח, א. זעט: כתובות ה, א; מר"ש 70; י"ש ישעיה תסז; ילה"י יח, יג.
ה) מר"י זייט מד, א, אויסגאַבע אום; כתובות ה, א, אונטן; י"ר בראשית ח, א.

קנוילן, איינע פון פייער און איינע פון שניי. ער האָט צונויף געמישט זיי. און די וועלט איז געוואָרן, ו).

**ווי אַזוי איז צו געגאַנגען דער פּראָצעס פון דעם בעשאַף?**

אַזוי ווי דער פּראָצעס פון אַ קינדס פורמירונג אין דער מוטערס טראַכט. פונקט ווי אַן עמבריאָ, אַ נפל׳ע אין דער מוטערס טראַכט הייבט אָן פורמירן זיך פון דעם נאָפּל [פּופּיק] פון דעם צענטער, און סע צעוואַקסט זיך אין אַלע זייטן. אויך אַזוי האָט דער בעשאַפער בעשאַפן זיין וועלט, ז).

ער האָט גענומען דעם פונדאַמענט שטיין, און ער האָט אַריין געוואָרפן אים אין דעם אָפּ גרונד, ח). און פון אים האָט צעוואַקסן זיך די וועלט, ט). און דאָס איז געווען דער מיטן פונקט, דער צענטראַל פונקט פון דער וועלט, י). און אויף דעם דאָזיקן פונקט איז געשטאַנען דאָס בית המקדש, א).

דער בעשאַף האָט אָן געהויבן זיך פון די זייטן. סע האָט גערינען און געצויגן זיך ביז סע האָט באַהעפט זיך מיט דעם צענטראַל פונקט, ב).

ארץ ישראל איז באַליבטער פון אַלצדינג, און סע איז געוואָרן בעשאַפן פאַר אַלצדינג, ג).

ווען די וועלט איז געוואָרן בעשאַפן האָט דער בעשאַפער צעטיילט די לענדער צווישן די האַרן פון דער וועלט. און ער האָט אויס געקליבן ארץ ישראל, ד).

אַרום ציון האָבן באַהעפט זיך שטיקער ערד פון יעדער זייט ביז ענדע וועלט, ה).

ער האָט בעשאַפן די וועלט פון דעם פונדאַמענט פון דעם מזבח, ו).

**דער בעשאַפער האָט בעשאַפן די לעבעדיקע בעשאַפענישן פּאָרלאַך. אדם׳ן האָט ער בעשאַפן מיט זיין פּאָר. ווי עס שטעהט אין פסוק, „זכר ונקבה ברא אותם", ז) אַ מאַן און אַ פרוי האָט ער בעשאַפן זיי. ער האָט בעשאַפן דעם לויתן מיט זיין פּאָר, ח) און אַזוי ווייטער.**

---

ו) ב״ר י, ג. זעט: ירושלמי חגיגה פרק ב, הלכה א, און פרק ו, הלכה ב; חגיגה יב, א און רש״י דאָרט אונטער דעם וואָרט פקעיות, און אונטער דעם וואָרט אָף; י״ש בראשית; כלי יקר בראשית א, ו.

ז) תנח. פקודי ג; שמחות זייט 253.

ח) זהר ויחי רלא, א. לויט: יומא נד, ב; י״ש איוב תתקכג האָט ער געוואָרפן אים אין ים אַריין.

ט) זהר ויחי רלא, יא; ירושלמי יומא פרק ה, הלכה ג; יומא נד, ב; תוספתא יומא [יום הכיפורים] פרק ג [ב], 6.

י) זהר ויחי רלא, א; יומא נד, ב; תוספתא יומא [יום הכיפורים] פרק ג [ב], 6; י״ש איוב תתקכג.

א) זהר ויחי רלא, א; סא״ר 21; ארקים 19, ג׳.

אַז ארץ ישראל איז אין מיטן דער וועלט, זעט יל״ה ב, ג.

זעט אומעטום ווער סע זאָגט וואָס.

ב) יומא נד, ב און רש״י דאָרט אונטער דעם וואָרט מן; י״ש איוב תתקכג; מה״ג, א׳ א, א, זייט 11.

ג) ספרי עקב, פיסקא לז, אויסגאַבע אום. זעט תענית י, א ערשטע שורה.

ד) תנח. ראה ח.

ה) יומא נד, ב און רש״י דאָרט אונטער דעם וואָרט מציון; י״ש איוב תתקכג; יל״ה ב׳, ז.

אַז ארץ ישראל איז אין מיטן דער וועלט, זעט יל״ה ב, ג.

ו) מ״א אָנהייב בראשית. זעט: ירושלמי סוכה פרק ד, הלכה ו; אָנהייב פענח רזא.

זעט אומעטום אויף וועלכע פסוקים די מיינונגען זיינען געבויעט.

ז) בראשית א, כז.

ח) זעט: בבא בתרא עד, ב; זהר בראשית לד, א—ב; מ״א בראשית א, יח; י״ש בראשית יב און ישעיה תלד; יל״ה קד, עג; ל״ט בראשית א, כא; מה״ג,א׳, א,

**און וואָס איז מכוח נישט לעבעדיקע בעשאַפענישן?**

אַלץ וואָס ער האָט בעשאַפן אין זיין וועלט, האָט ער בעשאַפן צו פאַרלאַך, ט) אַפילו וואַסער, י).

דער רעגן איז דער ערדס מאַן, י*).

אגב, סע איז פאַראַן אַ מיינונג אַז דער לויתן האָט געהאַט קיין פאַר. דאָס ווערט געדרונגן דערפון וואָס „התנינם", א) שטעהט אָהן אַ י נאָך דער צווייטער נ, ב).

אַלץ וואָס דער בעשאַפער האָט בעשאַפן, האָט ער בעשאַפן זיין געגן טייל. ער האָט בעשאַפן בערג און בערגלאַך. האָט ער בעשאַפן אויך ימים און טייכן; צדיקים און רשעים, גן עדן און גיהנם, און נאָך, ג).

ער האָט בעשאַפן אין זיין וועלט: אונטערשטע אַנטקעגן אייבערשטע, אָרימע אַנטקעגן רייכע, זיפץ אַנטקעגן פרייד, שלעכטס [שלעכץ] אַנטקעגן גוטס, גן עדן פאַר די צדיקים און גיהנם פאַר די רשעים. און דאָס אַלץ כדי דער מענטש זאָל נישט קאָנען באַקלאָגן זיך און זאָגן: ווען ער וואָלט געווען בעשאַפן דאָס און דאָס וואָלט געווען מיר גוט. און דערפאַר האָט ער בעשאַפן אַלצדינק, סע זאָל פעהלן גאָר נישט, ג*).

**זיינען אַלע בעשאַפענישן פון דעם זעלבן גראַד?**

סע זיינען פאַראַן זיבן בעשאַפענישן, פון וועלאַכע איינע שטעהט העכער פון דער אַנדערער:

דער הימל איז העכער פון דער ערד.

די שטערנס שטעהען העכער פון דעם הימל, ווייל זיי געהען און קומען, בעת דער הימל רירט נישט זיך פון דעם אָרט.

די ביימער שטעהען העכער פון די שטערנס, ווייל זיי פראָדוצירן פרוכטן און די שטערנס נישט.

די ווינטן שטעהען העכער פון די ביימער, ווייל די ווינטן בלאָזן און קומען, בעת די ביימער רירן נישט זיך פון דעם אָרט.

די בהמות שטעהען העכער פון די ווינטן, ווייל זיי עסן און טרינקן, בעת די ווינטן עסן נישט און טרינקן נישט.

די מענטשן שטעהען העכער פון די בהמות, ווייל זיי האָבן פערשטאַנד, און די בהמות האָבן קיין פערשטאַנד.

די מלאכי השרת, דינסט מלאכים, שטעהען העכער פון מענטשן, ווייל מענטשן, עסן, טרינקן, מעהרן זיך, שלאָפן און שטאַרבן. מלאכים עסן נישט, טרינקן נישט, מעהרן זיך נישט, שלאָפן נישט און שטאַרבן נישט, ד).

**זיינען פאַראַן עהנליכקייטן צווישן די בעשאַפענישן אויף דער ערד און די בעשאַפענישן אין די הימלן?**

ער האָט בעשאַפן די אונטערשטע וועלט ווי די אייבערשטע, ד*).

---

כא, זייט 44; רש"י, רשב"ם, רמב"ן, בעל הטורים בראשית א, כא; בחיי בראשית א, כא; אבודרהם יט, ב.

זעט ווייטער נאָטע ב; 326, ג; 339 . . .

ט) בבא בתרא עד, ב; ד"ר ב, לא; י"ש ישעיה תלד און איוב תתקכו; יל"ה קד, עג; י"ר בראשית ח, ב און יג, ב. זעט: פענח רזא בראשית יב, א; ת"ת בראשית א, כז, אות סג.

י) י"ר בראשית יג, ב.

י*) תענית ו, ב. זעט 154, נאָטע ח6.

א) בראשית א, כא.

ב) זעט ב"ר ז, ד און מהרז"ו דאָרט, אָבער פאַרגלייכט מיט יפה תואר ויק"ר יג, ג; פר"א ענדע פרק ט און רד"ל דאָרט; שו"ט קד, כג; יל"ה קד, עה; י"ש שמואל ב', קסא; י"ס בראשית ג, ז.

זעט זייטן 146, ח; 179, ה; 326, ג; 339 . . .

ג) חגיגה טו, א.

ג*) ל"ט שמיני כו, ב.

ד) אר"נ נוסחא ב, פרק מג און פאַרגלייכט מיט אר"נ, נוסחא א, פרק לז:

ד*) זהר ויגש רה, ב.

אַלץ וואָס דער בעשאַפער האָט בע־שאַפן אויבן, האָט ער בעשאַפן אונטן, ה).

**זיינען פאַראַן עהנליכקייטן צווישן די בעשאַפענישן אויף דער ערד און די בעשאַפענישן אין ים?**

יעדער געשטאַלט וואָס דער בעשאַ־פער האָט בעשאַפן אויף דער ערד, האָט ער בעשאַפן אין ים אין די פיש, ו).

אַלצדינג וואָס ער האָט בעשאַפן אין דער ערד, האָט ער בעשאַפן אין דעם מענטש, ו*).

**האָט דער בעשאַפער בעשאַפן אויך נישט נייטיגע בעשאַפענישן?**

ניין. ער האָט בעשאַפן קיין איין נישט נייטיגע זאַך, ז).

ביי דעם וועלט בעשאַף זיינען גע־וואָרן בעשאַפן אַלע בעשאַפענישן, אפילו אַזעלאַכע בעשאַפענישן וועלאַכע זעען אויס אונז צו זיין איבעריג, ווי צום ביי־שפּיל פליגן, פליי, מאָסקידעס [קאָמאַס], שלאַנגן, עקדישן, ח).

ווייל אויך די קריכנדיקע בעשאַפע־נישן, די אינסעקטלאַך, די פליגעלאַך דאַרף מען האָבן. די פליג דאַרף מען פאַר דער בין. . . , ח1).

אַלץ וואָס ער האָט בעשאַפן איז שעהן, גוט. חכמה, קלוגשאַפט איז שעהנער פון אַלץ, אַ חוץ אויסער שטות, נאַריש־קייט, ח2).

**וואָס איז געווען דעם בעשאַפערס באַ־ציאונג צו די בעשאַפענישן?**

פון דעם ערשטן טאָג ווען ער האָט בעשאַפן די וועלט, האָט ער געגליסט צו וואוינען מיט זיינע בעשאַפונגן אונטן, ט).

ער האָט געגליסט צו האָבן אַ דירה, אַ וואוינונג אונטן, פונקט ווי ער האָט אַ דירה אויבן, ט1).

אגב: „אין העולם מקומו של מקום, אלא המקום מקומו של עולם", ט2) נישט די וועלט איז דאָס אָרט פון דעם אַל־קעגנוועדטיקן. נאָר דער אַלקעגנוועדטי־קער, דער וועלט בעשאַפער, איז דאָס אָרט פון דער וועלט.

„הקדוש ברוך מעונו של עולמו, ואין עולמו מעונו", ט3) דער הייליגער, גע־בענטש [געלויבט] זיי ער איז די וואוי־נונג פון זיין וועלט, און נישט זיין וועלט איז זיין וואוין אָרט.

לויט דעם קאָן אוים קומען אַז נישט דער בעשאַפער איז אין דער וועלט, נאָר די וועלט איז אין אים. ער איז גרעסער פון דער וועלט. דער בעשאַפער איז גרע־

---

ה) ש"ר לג, ד, און זעט דאָרט איינצל־הייטן.

ו) תנח. ויקרא ח.

ז) שבת עז, ב.

ח) זעט: שבת עז, ב; ב"ר י, ז; ש"ר י, א; ויק"ר אָנהייב פרשה כב; במ"ר יח, כא; ק"ר ה, פסוק ח, סימנים א, און ב, און ד; פר"א פרק מט; תנח. אָנהייב חוקת; תדא"ר פרק א; י"ש קהלת אָנהייב תתקעב וועגן דעם פליגעלע וואָס איז אַריין אין טיטוס הרשע'ס מח דורך זיינע נאָז לעכער, און סע איז געוואָקסן אינווייניג ביז סע האָט געוואויגן צוויי פינט.

פאַרגלייכט די נוסחאות, ווערסיעס.

ח1) זעט איינצלהייטן און פאַרגלייכט די ווערסיעס אין:

ירוש. ברכות פרק ט, הלכה ג, שפּאַלט ג, אויסגאַבע קראָטאָשין; שבת עז, ב; שו"ט יח, יב; יל"ה יח, כ.

ח2) י"ש קהלת תתקסח, קאַפּיטל ג.

ט) ב"ר ג, ט; במ"ר יג, ו.

ט1) מדרש תנחומא בחוקותי ג.

ט2) פ"ר פיסקא כא, זייט קד, ב; ב"ר סח, ט; תנח. תשא כז; י"ש תשא שצה, חבקוק תקסג און תהלים תתמא; יל"ה צ, ב.

אין ש"ר מה, ו איז די גירסא: „אתרי טפלה לי, ואין אני טפל לאתרי" און פאַרגלייכט מיט יל"ה צ, ב.

ט3) זעט: י"ש ויצא קיז; ל"ט בראשית א, ז און די מקורים, קוועלעס, אין דער פאָר־געהענדיגער נאָטע.

סער פון זיין בעשאפונג. פילאזאפן וואלטן בעדארפט אריין טראכטן אין דעם דאזיקן אויסערסט אינטערעסאנטן געדאנק.

ביי דעם סאמע אנהייב פון דעם בעשאף האט דער אייבערשטער געוואלט מאכן שותפות מיט די אונטערשטע, י).

## די עקזיסטענץ פון דער וועלט

**צו ליב** וועמען עקזיסטירט די וועלט?

סע זיינען פאראן מעהרערע מיינונגען:

צו ליב:

אברהם אבינו, א);

די שבטים, א*);

משה רבינו און אהרן הכהן, ב);

די אידן, ג);

אפילו איין צדיק, ד);

די עשרת הדברות, די צען געבאטן, ה);

דער תורה, ו);

די אידנס אן נעמען די תורה, ו*);

די אינגיטשקע קינדערלאך וועלאכע לערנען תורה, ז);

די שומרי תורה, וועלאכע היטן אפ די תורה, ח);

די עומלי תורה, די וועלאכע מאטערן זיך און לערנען תורה, ט);

די תלמידים, ט*);

ווען נישט מעמדות וואלטן הימל און ערד נישט געקאנט עקזיסטירן, י).

**אויף וואס שטעהט די וועלט?**

סע זיינען פאראן פארשידענע מיינונגען, אויף:

תורה, לערנען; עבודה, דינען דעם אייבערשטן; גמילות חסדים, לייען אוועק עמיצן געלט אהן פראצענט, אדער טון א טובה אהן באלוינונג, א).

אויף אמת, ווארהייט; דין, געזעץ; שלום פרידן, א1).

אויף קנאה, נייד [אמביציע]; תאוה, גליסטיקייט; רחמים, בארם הארציקייט, א2).

---

י) ב״ר ג, ט; במ״ר יג, ו; פ״ר פיסקא ז, זייט כז, ב. זעט תנח. פקודי סימנים א און ב, און נשא יא, און ווער סע זאגט עס.

א) זהר לך לך פו, ב, און וירא קיח, ב.

א*) בחיי תצוה כח, טו.

ב) חולין פט, א; י״ש ברכה תתקסד.

ג) ש״ר מח, א.

ד) יומא לח, ב; זהר לך לך פב, א, אונטן; י״ש שמואל א׳, פו.

ה) י״ש מלכים א׳, קפה.

ו) פסחים סח, ב. זעט: שבת קלז, ב; נדרים לב, א; תוספתא נדרים ב, 7; ש״ט לך לך יז, יז; ל״ט לך לך יז, יג, זייט מ, א; זעט שו״ט ו, ענדע סימן א.

ו*) שבת פח, א. זעט עבודה זרה ג, א.

ז) שבת קיט, ב.

ח) תנח. בראשית א.

ט) תנחומא נח, ג.

ט*) שבת קיט, ב, אונטן; א״ג, ב׳ 38.

י) תענית כז, ב, און זעט רש״י דארט; מגילה לא, ב; י״ש לך לך עז.

מעמדות מיינט א תפילה, א געבעט פערזאמלונג אין א תענית, אין א פאסט טאג. די פאסטערס בעטן אז זייערע ברידערס קרבן זאל ווערן אן גענומען.

אין תענית זאגט עס רב אסי, אין מגילה רב אמי.

זעט: אומעטום ווער סע זאגט וואס: באנד א, זייט 44, נאטע ב.

א) פרקי אבות פרק ה; אר״נ נוסחא א פרק ד; נוסחא ב פרק ה און פרק לא; ירושלמי תענית פרק ד, הלכה ג; ירושלמי מגילה פרק ג, הלכה ו; פר״א פרק טז; תנח. נשא יט; פ״ר פיסקא ה, טו, ב; י״ש בשלח רנא; זהר ויצא קמו, ב.

א1) פרקי אבות פרק ד; אר״נ נוסחא ב, פרק לב; ירושלמי תענית פרק ד, הלכה ג; ירושלמי מגילה פרק ג, הלכה ו; תנח. שופטים ו; פר״כ, פיסקא יט, קמ, ב, אויסגאבע אום.

א2) אר״נ נוסחא ב׳, פרק ד. זעט אומעטום ווער סע זאגט וואס.

# דער כוח פון גמילות חסדים

גמילות חסדים איז דעם אייבערשטנס באַשעפטיגונג, פּראָפעסיע, א3).

דער אייבערשטער האָט געטון, און ער טוט גמילות חסדים, ב).

דער אייבערשטער זאָגט: דער וועלכער איז עוסק אין גמילות חסדים [און אין תורה און דאַוונט בציבור] ווערט בעטראַכט גלייך ווי ער וואָלט אויס גע־לייזט מיך און מיינע קינדער פון צווישן די פעלקער פון דער וועלט, ג).

דער אייבערשטער זאָגט: גמילות חסדים איז באַליבטער פון די קרבנות זבחים און עולות, ד).

די תורה הייבט אָן זיך מיט גמילות חסדים, און זי ענדיקט זיך מיט גמילות חסדים, ה).

די וועלט איז געוואָרן בעשאַפן מיט חסד, ו).

גמילות חסדים איז איינע פון די דריי זאַכן אויף וועלכע די וועלט שטעהט, עקזיסטירט. [די אַנדערע צוויי זיינען לערנען תורה און דינען דעם איי־בערשטן], ז).

גמילות חסדים ווערט אָן גערופן חיים, לעבן, ח).

גמילות חסדים ווערט אָן גערופן חסד, ט).

פאַר טון גמילות חסדים לעבט מען לאַנג, י).

גמילות חסדים איז איינע פון די זאַכן וועלכע האָבן קיין שיעור, י1).

גמילות חסדים איז גרעסער פון צדקה און לערנען, י2).

גמילות חסדים [און צדקה] איז גלייך צו דער גאַנצער תורה, א).

די צאָל פון די אותיות פון די ווערטער גמילות חסדים באַטרעפט זעקס הונדערט עלף פונקט ווי די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט תורה, א*).

גמילות חסדים [און צדקה] איז גלייך צו אַלע מצוות, ב).

גמילות חסדים איז גרעסער פון צדקה מיט דריי זאַכן:

צדקה קאָן מען גיבן בלויז לעבעדיקע. גמילות חסדים קאָן מען טון מיט לע־בעדיקע און מיט טויטע.

צדקה קאָן מען גיבן בלויז אָרימע לייט. גמילות חסדים קאָן מען טון סײַ מיט אָרימע לייט, סײַ מיט פאַרמעג־לאַכע.

צדקה קאָן מען גיבן נאָר מיט געלט, גמילות חסדים קאָן מען טון סײַ מיט געלט, סײַ מיט דעם קערפּער, ג).

---

א3) מדרש הגדול בראשית, זייט 352.
ב) פר"א פרק טז.
ג) ברכות ח, א.
ד) פר"א פרק יב, אויסגאַבע אום.
ה) סוטה יד, א.
ו) אר"נ נוסחא א׳, פרק ד.
ז) פרקי אבות אָנהייב פרק א, פאַרגלייכט מיט ענדע פרק; אר"נ נוסחא א׳, אָנהייב פרק ד, נוסחא ב׳ אָנהייב פרק ד, און פאַרגלייכט מיט נוסחא ב׳, פרק ד.
ח) אר"נ נוסחא א׳, פרק לד און נוסחא ב׳, פרק ג; יל"ה סג, ו.
ט) בבא בתרא י, א.

י) ירושלמי פאה, פרק א, הלכה א.
י1) אָנהייב מסכת פאה אין תלמוד ירו־שלמי און אין תלמוד בבלי.
י2) ירושלמי פאה, פרק א, הלכה א.
זעט אין דעם סידור אוצר התפילות אין דעם דאַווענען „פון פאָרענט" די נוסחאות פון „אלו דברים"... די פירושים, און דער עיקר דעם „גליון הגרי"ב".
א) י"ש תהלים תתנט.
א*) ספר חסידים.
ב) ירושלמי אָנהייב פאה.
ג) ירושלמי פאה פרק א, הלכה א; י"ש תהלים תתנט.

צדקה איז דאָך אַזוי גרויס אַז: „תציל ממות", אַז סע ראַטעווערט אָפּ פון דעם טויט; ירושלים וועט אויס געלייזט ווערן נאָר דורך צדקה; סע איז גרעסער פון אַלע קרבנות; סע איז איינע פון די זאַכן וועלכע צערייסן, אַנולירן אַ שלעכטע גזרה; פאַר נישט גיבן צדקה הערט דער רעגן אויף; ווער סע פאַרהוילט זיין אויג פון צו גיבן צדקה, איז גלייך ווי ער וואָלט געדינט די עבודה זרה; ווען איינעמס פרנסה שרענקט איין, זאָל ער גיבן צדקה; צדקה ראַטעוועט פון דעם גיהנם; צדקה איז גלייך צו אַלע מצוות; אַפּילו דער וועלכער לעבט פון צדקה דאַרף אויך גיבן צדקה; צדקה דערנענטערט די גאולה, די אויס לייזונג פון דעם גלות; צדקה איז אַ סגולה צו האָבן אינגלאַך; אין אַ שטאָט וואו סע איז נישט פאַראַן אַ צדקה פושקע טאָר אַ תלמיד חכם נישט וואוינען; פאַר גיבן צדקה האָט מען רייכע, געראָטענע קינדער; דער וועלכער גיבט צדקה „בסתר", קיינער זאָל וויסן, איז גרעסער פון משה רבינו; ואחרי כל אלה, און נאָך דעם אַלעם איז גמילות חסדים נאָך באַליבטער פון צדקה.

סע איז וויכטיקער פון לערנען תורה, ד).

די צאָל פון די אותיות פון די ווערטער „גמילות חסדים" באַטרעפט זעקס הונדערט עלף, פונקט ווי דאָס וואָרט תורה, ה).

דער וועלכער איז עוסק, גיט אָפּ זיך, באַשעפטיגט זיך מיט גמילות חסדים [און מיט לערנען תורה] איז זוכה צו די נחלות פון די צוויי שבטים יוסף און יששכר, ו).

ווער סע באַשעפטיקט זיך מיט גמילות חסדים, איז זוכה צו זיצן, צו זיין געשיצט אין דעם שאָטן פון דעם אייבערשטן, ז).

גמילות חסדים איז איינע פון די זאַכן וועלכע ווען דער מענטש באַשעפטיקט זיך מיט זיי, געניסט ער זייערע פרוכטן אויף דער וועלט, און דעם קרן קיימת אויף יענער וועלט, ח).

ווער סע באַשעפטיקט זיך מיט גמילות חסדים, דעם ווערן פאַרגיבן זיינע אַלע זינד, ט).

ווען אידן באַשעפטיקן זיך מיט גמילות חסדים [און מיט תורה], איז זייער יצר הרע איבער געגיבן אין זייערע הענט. און זיי זיינען נישט איבער געגיבן אין דעם יצר הרע'ס הענט, י).

יעדער חסד [און צדקה] וועלכן אידן טוען אויף דער וועלט, שאַפט גרויס שלום און גרויסע פאַרטיידיגערס צווישן די אידן און זייער פאָטער אין הימל, א).

גמילות חסדים [און לערנען תורה] וועט אָפּ ראַטעווען אַ מענטשן פון חבלי משיח, פון די ווייען אין משיח'ס צייטן, ב).

סע רעגנט אין דעם זכות פון גמילות חסדים, ג).

גמילות חסדים ברייגנט גוטס אויף דער וועלט, ד).

איינער פון דריי נאַציאָנאַלע כאַראַקטער שטריכן פון דעם אידישן פאָלק איז וואָס מיר זיינען „גומלי חסדים", גנוד טוערס, און די קינדער פון „גומלי חסדים", גנוד טוערס, ה).

---

ד) מנה"מ ג', ג"ח, זייט 559. זעט יבמות קה, א, אונטן.
ה) ספר חסידים 6.
ו) זעט רש"י בבא קמא יז, א, ענדע פרק א.
ז) פר"כ זייט קכד, א, אויסגאַבע אום.
ח) אָנהייב ירושלמי פאה; זוטא, א', א, טו.

---

ט) ברכות ה, א־ב. זעט ר"ה יח.
י) עבודה זרה ה, ב.
א) בבא בתרא י, ב.
ב) סנהדרין צח, ב.
ג) ירושלמי תענית פרק ג, הלכה ג.
ד) אר"נ נוסחא א', אָנהייב פרק ל.
ה) יבמות עט, א, אויבן.

ווען שלמה המלך האָט געזען אַ גרופּע „גומלי חסדים", האָט ער געבויעט פאַר זיי צוויי טויערן איינעם פאַר חתנים און איינעם פאַר אבלים, טרויערערם... זיי זאָלן טון חסדים איינער מיט דעם אַנדערן, ו).

דניאל האָט באַשעפטיקט זיך מיט גמילות חסדים, ז).

דער וועלכער איז עוסק אין תורה, ער לערנט תורה, און ער באַשעפטיקט זיך נישט מיט גמילות חסדים איז גלייך ווי ער האָט קיין אייבערשטן, ח).

ווער סע לייקנט אין גמילות חסדים איז גלייך ווי ער לייקנט אין עיקר, אין אייבערשטן, ט).

**חסד,** גענוד [גענאָד] מיינט טון גמילות חסדים, י).

**אהבת חסד,** ליב האָבן חסד, גענוד [גענאָד] מיינט טון גמילות חסדים, **א).**

האָט דאָך שוין דוד המלך אוים גערופן „כי גדול עד שמים חסדך", וואָרן גרוים ביז אין הימל איז דיין חסד, גנוד; „כי גדול מעל שמים חסדך", **ב)** וואָרן גרעסער [העכער] פון איבער דעם הימל איז דיין גנוד.

רבא פרעגט: אויף איין אָרט שטעהט עד ביז דעם הימל, און אויף אַן אַנדער

ו) מסכת סופרים, פרק יט.
ז) אר"נ נוסחא א', פרק ד.
ח) עבודה זרה יז, ב.
ט) ק"ר ז, א, ד; יל"ה יג, ו.
י) ברכות ה, ב, דריטע שורה.

**א)** סוכה מט, ב.
**ב)** תהלים נז, יא.
**ב1)** זעט: פסחים נ, ב און רש"י דאָרט אונטער דעם וואָרט **עושין לשמה**; תהלים נז, יא און מנחת שי דאָרט; תהלים קח, ה און רש"י דאָרט. דער תרגום, תהלים נז, א שטעלט צו דאָס וואָרט **צית**. זעט זוהר ויחי.
**ב2)** סוטה יד, א.
**ב3)** בראשית ג, כא.
**ב4)** דברים לד, ו.

אָרט זאָגט דער פסוק מעל, איבער דעם הימל. ווי אַזוי איז דאָס צו ערקלעהרן? און ער ענטפערט: **עד שמים** מיינט אַז מע טוט עם „שלא לשמה". מע טוט עם נישט צו ליב דעם ווערט פון דער טאַט, נאָר צו ליב אַ פערזענלאַכן מאָטיוו. מעל שמים מיינט אַז מע טוט עם „לשמה". מע טוט עם צו ליב דעם ווערט פון דער טאַט, אָהן וואָס פאַר עם איז פערזענלאַכע כוונה, אָהן אַ פערזענלאַכן צוועק, **ב1).**

**רז"ל זאָגן אַז די תורה הייבט אָן זיך מיט גמילות חסדים און ענדיקט זיך מיט גמילות חסדים, ב2). פון וואַנען [וואַנעט] דרינגען זיי עם אַרויס?**

אָנהייב [אָנפאַנג] תורה שטעהט: „ויעש ה' אלקים לאדם ולאשתו כתנות עור וילבישם", **ב3)** דער בעשאַפער האָט געמאַכט פעלענע העמדלאַך פאַר אדם'ן און פאַר זיין ווייב, און ער האָט באַקלייד זיי מיט זיי.

ענדע תורה שטעהט: „ויקבור אותו בגי", **ב4)** און ער [דער אייבערשטער, שכינה] האָט באַערדיקט אים [משה רבינו] אין דעם טאָל, ג).

**אַגב, אונזערע חכמים ז"ל זאָגן, אַז גמילות חסדים איז באַליבטער, איז גרע־**

ג) ירוש. סוטה פרק א, הלכה טו; סוטה ט, ב און יד, א; תוספתא פרק ד, 8; ספרי בהעלותך פיסקא קו; ב"ר ענדע פרשה ח; ק"ר ז, פסוק ז; שו"ט כה, יא; יל"ה כה, י; פ"מ,א' זייט 116, 115; מדרש ילמדנו מטות ג און ואתחנן יא; מה"ג,א' זייטן 763, 102; ש"ט בשלח זייט 173; י"ש בראשית לג, בשלח רכז און שלח תשמב; הברכה תתקסה; רש"י דברים לד, ו; ל"ט בשלח יג, יט; בחיי הברכה לד, ו, און ער באַמערקט אַז די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט **בגי** באַטרעפט פּיפּצן פונקט ווי די צאָל פון די אותיות פון דעם אייבערשטנס נאָמען י ה.

לויט: ספרי נשא לב; במ"ר י, יז; רש"י, א"ע הברכה לד, ו האָט משה אַליין באַערדיקט זיך.

סער פון צדקה. ערקלעהרט מען בדרך הלצה: ווען איינער קומט צום ערשטן מאָל נאָך אַ נדבה, גיבט מען אים אַ גרעסערע מטבע. ווען ער קומט אַ צווייט מאָל, גיבט מען שוין אים אַ קלענערע מטבע. וואָס אָפטער ער קומט אַלץ ווייניגער באַקומט ער.

אין דעם פאַל פון גמילות חסדים איז עס פאַרקעהרט. ווען איינער קומט דאָס ערשטע מאָל נאָך אַ גמילות חסד, איז מען פאַרזיכטיק. מע לאַיט אים וואָס ווייניגער. אַז ער האָט אָפּ געצאָלט דעם חוב, און קומט נאָך אַמאָל נאָך אַ גמילות חסד, געטרויעט מען אים אַ ביסל מעהר. און אַזוי נאָך יעדער אָפּ צאָלן די הלואה, געטרויעט מען אים אַלץ מעהר און מעהר. אַלזאָ, ביי גיבן צדקה ווערט עס אַלע מאָל קלענער. ביי גמילות חסדים ווערט עס אַלץ גרעסער. גמילות חסדים איז „גרעסער" פון צדקה.

## רעגן איז די וויכטיקסטע בעשאַפונג

**וועלכע בעשאַפונג איז די סאַמע וויכטיקסטע?**

דער רעגן. פיר שליסלען האַלט דער בעשאַפער אין זיין האַנט, און ער האָט איבער געגיבן זיי צו קיין מלאך און צו קיין שרף, ברענעדיקן מלאך: די שליסלען פון רעגן, פרנסה, קבורה באַערדיקונג, און עקרה קינדערלאָזיקייט.

דעם שליסל פון רעגן, וואָרן אַזוי שטעהט געשריבן בפירוש, אוים דריקלאָך: „יפתח ה' לך את אוצרו הטוב", ג1) דער אייבערשטער וועט עפענען פאַר דיר זיין גוטע שאַץ קאַמער;

דעם שליסל פון פרנסה, וואָרן אַזוי שטעהט געשריבן אויסדריקלאָך: „פותח את ידך"...., ג2) דו עפנסט דיין האַנט און טוסט אָן זעטיקן יעדער לעבעדיקן;

דעם שליסל פון קבורה, וואָרן אַזוי שטעהט געשריבן בפירוש: „בפתחי את קברותיכם", ג3) ווען איך וועל עפענען אייערע קברים;

דעם שליסל פון עקרה, וואָרן אַזוי איז געשריבן אויסדריקלאָך: „ויזכור אלקים את רחל", ג4) און דער אייבערשטער האָט געדאַכט וועגן רחל'ן.

ער האָט איבער געגיבן זיי צו קיין בריה, צו קיין בעשאַפעניש אין דער וועלט, ג5).

ער האָט נישט איבער געגיבן זיי אין דער האַנט פון אַ שליח, ג6).

אַי מיר ווייסן דאָך אַז דעם שליסל פון רעגן האָט ער איבער געגיבן צו אליהו הנביא, און דעם שליסל פון תחיית המתים צו אלישע'ן. מיינט דאָס אָבער נישט אַז ער האָט קיין מאָל איבער געגיבן.

---

לויט י"ר הברכה עד, א [פון עמק המלך], האָט דער מלאך גבריאל באַערדיקט אים.

אין ברלינרס אויסגאַבע פון רש"י איז אָן געגיבן „ספרי כ נשא". איז דאָס אָבער אַ דרוק פעהלער.

אין סוטה ט, ב און יד, א און אין פאַרשידענע מדרשים און פירושים שטעהט **בגיא**.

זעט מיין בוך „מאָזעס אים ליכטע דער אגדה" [אין דייטש] זייט 148, נאָטע 616. און מיין בוך „משה רבינו'ס לעבן און שאַפונג", זייטן קפא—קצא.

ג1) דברים כח, יב.

ג2) תהלים קמה, טז.

ג3) יחזקאל לז, יג.

ג4) בראשית ל, כב און תרגום ירושלמי דאָרט. זעט ד"ר ז, ו.

ג5) תנח"ב ויצא טז.

לויט: תענית ב, ב אונטן; זהר, מדרש הנעלם, ויצא קטז, ב; בחיי ויצא ל, ב — דריי שליסלען: פון גשמים, חיה, תחיית המתים. פאַרגלייכט דאָרט די אָרדנונג, און זעט: ב"ר עג, ד; ד"ר ז, ו; שו"ט עח, ה.

ג6) סנה, קיג, א; שו"ט עח, ה.

ג7) תוספות תענית ב, ב אונטער דעם

נאָר סע מיינט אַז ער האָט נישט איבער געגיבן זיי צו עמיצן אויף שטענדיק, ג7).

דער רעגן, די בעשאַפונג פון רעגן איז גלייך צו דעם גאַנצן וועלט בעשאַף, ד) צו דעם טאָג אין וועלאַכן סע זיינען געוואָרן בעשאַפן הימל און ערד, ה).

רעגן איז געגליכן צו תחיית המתים, ו).

דער טאָג פון רעגן איז גרעסער פון תחיית המתים, פון מאַכן לעבעדיק די טויטע. ווייל תחיית המתים איז דאָך בלויז פאַר צדיקים, בעת רעגן איז סאַי פאַר צדיקים, סאַי פאַר רשעים, ז).

דער טאָג פון רעגן איז אַזוי גרויס ווי דער טאָג אין וועלאַכן די תורה איז געוואָרן געגיבן, ח).

דער רעגן איז געוואָרן געגיבן צו באַפעסטיקן און צו באַזעצן די וועלט, ח1).

אגב, רעגן איז איינע פון די דריי מתנות וועלאַכע זיינען געוואָרן געגיבן דער וועלט. די תורה און די ליכטער זיינען די אַנדערע צוויי, ח2).

סע געדויערט, סע נעמט, פינעף הונדערט יאָר גאַנג ביז די מיליאָנען מיליאַרדן טראָפּנס רעגן קומען אראָפּ, ח3) און איין טראָפּן רירט נישט אָן דעם צווייטן אַפילו אויף אַ האָר, ח4).

אגב, דער בעשאַפער האָט בעשאַפן אַלע בעשאַפענישן צו פאָרלאַך, ח5) און דער רעגן איז דער ערדס פאָר. ער באַפרוכטפאַרט זי, ח6).

**ווער האָט געגיבן נעמען די בעשאַפענע זאַכן איידער אדם הראשון איז געוואָרן בעשאַפן?**

דער בעשאַפער האָט געגיבן נעמען פינעף זאַכן, ליכט, פינצטערניש, הימל, ערד, ימים, ט) ווייל סע איז נאָך נישט געווען אַ מענטש דענצמאָל וועלאַכער זאָל גיבן זיי נעמען, י).

**לויט אונזער חשבון, רעכענונג שטעהט די וועלט פינעף טויזנט זיבן הונדערט און זיבן און צוואָנציק יאָר. אָבער די וויסנשאַפט באַווייזט דאָך פאָרט אַז מע געפינט סקעלעטן, ביינער פון חיות און אפילו פון מענטשן וועלאַכע שיינען צו זיין אַלט מיליאָנען יאָרן. ווי זשע ערקלעהרט זיך דאָס?**

אונזערע חכמים ז"ל האָבן שוין דערקלעהרט דאָס: בונה עולמות ומחריבן, דער וועלט בעשאַפער בויעט וועלטן און

---

וואָרט שלשה, און פאַרגלייכט מיט רש"י סנה. קיג, א, אונטן, אונטער דעם וואָרט שלא.

פאַרגלייכט די ווערסיעס און ווער סע זאָגט וואָס אין אַלע קוועלעס, און זעט זייט 286.

ד) ב"ר יג, ד, רבי הושעיא. אין: ק"ר א, אָנהייב פסוק ז; י"ש איוב תתצח — רבי יהושע.

זעט: תענית ז, ב; ילה"י מה, ח.

ה) תענית ט, ב, אונטן. זעט מעהר וועגן רעגן אָנהייב מסכת תענית און ווייטער; יל"ה יח, לג.

ו) ברכות לג, א; תענית ז, א, אויבן.

ירוש. תענית פרק ה, אָנהייב הלכה ב; ד"ר ז, ו.

ז) תענית ז, ב צווייטע שורה; י"ש תהלים תשצ.

ח) תענית ז, ב, אויבן.

ח1) ירוש. תענית פרק א, הלכה ג.

ח2) ב"ר ו, ה; ש"ר מא, ב; ויק"ר לה, ח; שו"ט יח, כח; יל"ה יח, סט; י"ש בראשית י, בחוקותי תרעא, שמואל ב' קסב, ישעיה. זעט אומעטום ווער סע זאָגט עס.

ח3) שו"ט יח, טז. דאָס איז לויט דער מיינונג אַז די דיסטאַנץ, דער מרחק, די ווייטקייט פון דעם הימל ביז דער ערד איז פינעף הונדערט יאָר גאַנג, ירוש. ברכות פרקים א און ט אין קראָטאָשין און חורב אויסגאַבעס.

ח4) ירוש. ברכות פרק א, ענדע הלכה ב; שו"ט יח, ט; יל"ה יח, לב און לג.

ח5) ב"ב עד, ב; ד"ר ב, לא; י"ש ישעיה תלד און איוב תתקכו; יל"ה קד, עג; י"ר בראשית ח, ב און יג, ב. זעט ת"ת בראשית א, כז, אות סג; פענח רזא בראשית יב, א.

ח6) תענית ו, ב. זעט זייט 147, נאָטע י*.

ט) בראשית א, פסוקים ה, ח, י.

י) זעט אבן עזרא בראשית א, ח.

פאַרניכט זיי. זיינען, אַלזאָ, געווען פילע וועלטן פאַר דער איצטיגער וועלט. און די געפונענע סקעלעטן, ביינער זיינען פון די פריערדיקע וועלטן, א).

**וועט די וועלט דויערן, עקזיסטירן אייביג?**

ניין, בלויז זעקס טויזנט יאָר, א*).

יעדע וועלט האָט אַן ענד, ב).

## ווען איז געוואָרן, ווי לאַנג האָט געדויערט דער וועלט בעשאַף?

**פאַר וואָס האָט דער בעשאַפער בעשאַפן די וועלט גראָד דענצמאָל ווען ער האָט בעשאַפן זי?**

ווייל זי איז נישט געווען ראוי, ווירדיק צו ווערן בעשאַפן פריער. ער האָט אַלזאָ בעשאַפן די וועלט פונקט צו דער ריכטיקער צייט, ג).

**אין וועלאַכן חודש איז געוואָרן בעשאַפן די וועלט?**

סע זיינען פאַראַן צוויי מיינונגען: אין תשרי, אין ניסן, ד).

**אויף וואָס פאַר אַ סמך, אָן לעהנונג, בויען רבי אליעזר אַז די וועלט איז געוואָרן בעשאַפן אין תשרי, און רבי יהושע — אין ניסן?**

אויף דעם אוים טייטש פון אַ פסוק. דער פסוק זאָגט: „תדשא הארץ דשא עשב מזריע זרע, עץ פרי", ה). טייטשט רבי אליעזר: אין וועלאַכן חודש איז די ערד פול מיט גראָזן, און דער בוים איז פול מיט פרוכטן? אין תשרי.

דער פסוק זאָגט: „ותוצא הארץ דשא עשב . . . ועץ עושה פרי", ו) טייטשט רבי יהושע: אין וועלאַכן חודש ברייננגט די ערד אַרוים גראָזן . . . און דער בוים ברייננגט אַרוים פרוכטן? אין ניסן, ז).

און דאָס וואָס רבי אליעזר הקליר אין זיין פיוט „גשם" פון שמיני עצרת האַלט מיט רבי אליעזר'ן. און אין זיין פיוט „טל" פון פסח האַלט ער מיט רבי יהושע'ן. פאַרענטפערט רבינו תם ז"ל אַז ביידנס זיינען „דברי אלקים חיים". און מע קאָן זאָגן אַז דער בעשאַפער האָט אָן געהויבן צו טראַכטן וועגן דעם וועלט בעשאַף אין דעם חודש תשרי. און דער

---

א) אין מאַנכע ערטער שטעהט בורא. זעט די פאַרשידענע ווערסיעס, נוסחאות אין: פר"א פרק יג; פ"ר פיסקא כא, זייט קד, א; ב"ר ג, ז און ט, ב; ק"ר ג, יא, א; ק"ז זייט 97; זהר בראשית כד, ב און ויחי, השמטות רנב, ב, אונטן און רנג, א אויבן; אחרי סא, א, לעצטע שורה; שו"ט לד, א; י"ש בראשית טז; קהלת תתקסח, קאַפּיטל ג; בחיי בראשית ב, ד; רקאַנטי בראשית ח, א; י"ר בראשית ג, א; במ"ח בראשית יג, ב פסוק יח, און יד, א, פסוק ד; זייט 197, ד.

א*) זעט זייט 168, נאָטע א.

ב) בחיי בהעלותך יב, א.

ג) ב"ר ג, ג און ט, ב; ק"ר ג, יא, א; שו"ט אָנהייב מזמור לד, אויסגאַבע אום; יל"ה אָנהייב לד; י"ש קהלת תתקסח קאַפּיטל ג; זעט זוטא ד' ג, יא.

ד) ירושלמי ראש השנה פרק א, הלכה א; ירושלמי עבודה זרה פרק א, הלכה ב; סע"ר פרק ד; ראש השנה ח, א; יא, א; און כז, א; עבודה זרה ח, א; ב"ר כד, ד; פר"כ זייט צה, א, אויסגאַבע אום; י"ש בראשית ח און לה; מה"ג,א' א, יא, זייט 34; ל"ט נח ז, יא און פינחס זייט 272; יל"ה סה, כה; רשב"מ בא, יב, 2, עדיציע ראָזין, אויסגאַבע אום; דזמ"ה שמות ל, טז; בחיי בראשית ד, א און יז, ד; אבודר. עג, ב; י"ר בראשית ה, א.

אַז די וועלט איז געוואָרן בעשאַפן אין תשרי זעט אבן עזרא ז"ל ויקרא כה, ט.

ה) בראשית א, יא.

ו) בראשית א, י"ב.

ז) ראש השנה יא, א; י"ש בראשית ח; ת"ת בראשית א, יד, סימן מד.

פאַרגלייכט די ווערסיעס אין י"ש בראשית ח.

בעשאַף איז געוואָרן פאַרווירקליכט אין דעם חודש ניסן, ח).

**איז פאַראַן אַ רמז, אַן אָן דייט אין דער תורה אַז די וועלט איז געוואָרן בעשאַפן אין תשרי?**

יאָ, צוויי אָן דייטונגען. דאָס סאַמע ערשטע וואָרט אין דער תורה **בראשית** מאַכט **באַ' תשרי**, אין דעם ערשטן טאָג אין תשרי, ט).

די צאָל פון די אותיות פון די ערשטע צוויי ווערטער אין דער תורה **בראשית ברא** באַטרעפט עלף הונדערט און זעכצן, פונקט ווי די צאָל פון די אותיות פון די ווערטער בראש השנה נברא. נעמלאַך, די וועלט איז געוואָרן בעשאַפן ראש השנה, י).

**וויפיל שעה'ן, שטונדן האָט געדויערט דער וועלט בעשאַף?**

צוויי און זיבעציק. און דאָס מיינט דער פסוק: „כי אמרתי עולם חסד יבנה", א). און די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט חסד באַטרעפט צוויי און זיבעציק.

**וואָס איז געווען פריער זומער צי ווינטער?**

אין פסוק שטעהט „וקיץ וחורף", ב) פריער זומער און דערנאָך ווינטער, אַלזאָ זומער פריער.

אָבער אין דעם זעלבן פסוק שטעהט דאָך „וקור וחום", קעלט פאַר היץ. קאָן מען דרינגען דערפון אַז ווינטער איז געווען פריער.

די תורה זאָגט „תדשא הארץ דשא", ג) די ערד זאָל באַגראָזן זיך מיט גראָז. זעט עס אויס אַז זומער איז געווען פריער.

סע שטעהט „קיץ וחורף אתה יצר־תם", ד) זומער און ווינטער האָסט דו בעשאַפן זיי. קומט אויס אַז זומער איז געווען פריער.

האַלט מען מיט רבי אליעזר'ן אַז די וועלט איז געוואָרן בעשאַפן אין תשרי, איז ווינטער געווען פריער.

האַלט מען מיט רבי יהושע'ן אַז די וועלט איז געוואָרן בעשאַפן אין חודש ניסן, איז זומער געווען פריער.

איז מען מיט דער מיינונג, אַז דער וועלט בעשאַף האָט אָן געהויבן זיך פינעף און צוואַנציק טעג אין אלול, ה) איז ווינטער געווען פריער, ו).

סע איז פאַראַן אַ מיינונג אַז דער וועלט בעשאַף האָט אָן געהויבן זיך פינעף און צוואַנציק טעג אין חודש אלול. און די ליכטער זיינען נישט געוואָרן אויף געהאַנגען ביז דעם פערטן טאָג, ו1).

לויט אַן אַנדער מיינונג: דער וועלט בעשאַף האָט אָן געהויבן זיך פינעף און צוואַנציק טעג אין אלול. נאָר ווען מע זאָגט אַז די וועלט איז געוואָרן בעשאַפן תשרי, מיינט עס, סע באַציט זיך, אויף דעם ענד פון דעם בעשאַף, ו2).

**האָט דער בעשאַפער בעשאַפן זיינע בעשאַפענישן בלויז ביי טאָג, צי אויך ביי נאַכט?**

**בלויז ביי טאָג, ז) ביי נאַכט נישט, ח)** אָבער אין אָוונט יאָ. די שטערנס, די פּלאַנעטן, די צוויי ליכטער זיינען געוואָרן בעשאַפן אין דעם אָוונט פון דעם פערטן טאָג, ט).

---

ח) תוספות ר"ה כז, א, אונטער דעם וואָרט כמאן.
ט) בעל הטורים אָנהייב בראשית; פענח רזא בראשית ח, א.
י) בעל הטורים אָנהייב בראשית.
א) תהלים פט, ג. זעט דאָרט: תרגום, רש"י, א"ע, מ"צ,א'; בחיי תצוה כח, טו.
ב) בראשית ח, ב. ג) בראשית א, יא.

---

ד) תהלים עד, יז.
ה) פ"ר פיסקא מו, זייט קפז, א און ב; בחיי בראשית א, ג.
ו) ויק"ר אָנהייב פרשה ג.
ו1) פ"ר פיסקא מו, זייטן קפז, א און ב.
ו2) בחיי בראשית א, ג.
ז) בחיי תצוה כח, טו. ח) אָנהייב ס"ה.
ט) פר"א פרק ד, אויסגאַבע אום.

# דער ערשטער טאָג

⊖

## באַמערקונג

סע האָט שוין איינער געזאָגט אַ מאָל:

**„ספר בלי הקדמה — כגוף בלי נשמה"**

אַ בוך אָהן אַ פאָרעד, איז ווי אַ קערפּער אָהן אַ זעל. האָב איך געפרעגט מיין דענצמאָל עלף יאָריק בן יחידיל משה'ילע נ"י: יעדער ספר האָט אַן הקדמה, אַ פתח דבר. יעדער בוך האָט אַן איין לייטונג, אַ פאָרעד, אָדער אַן אַריין פיר. ווי קומט עס וואָס די תורה, חומש האָט קיין הקדמה? האָט ער געענטפערט מיר: רש"י ז"ל זאָגט דאָך אָנהייב חומש „אמר רבי יצחק לא היה צריך להתחיל את התורה אלא מ,החודש הזה לכם', ט1) שהיא מצוה ראשונה שנצטוו בה ישראל. ומה טעם פתח בבראשית...?" רבי יצחק האָט געזאָגט: ער וואָלט דאָך געוועזן בעדאַרפט אָן הייבן די תורה פון „החדש הזה לכם". פאַר וואָס זשע האָט ער אָן געהויבן מיט „בראשית"? איז פון אָנהייב בראשית ביז החדש הזה לכם, אַן הקדמה צו דער גאַנצער תורה, ט2).

אגב, דער קאָצקער רבי זצ"ל טייטשט „דרך ארץ קדמה לתורה", דרך ארץ איז אַן הקדמה צו דער תורה.

**וואו געפינט זיך דער מאמר „דרך ארץ קדמה לתורה"?**

דער דאָזיקער לשון איז נישט בעקאַנט מיר. איך האָב נישט באַגעגנט ביז היינט די דאָזיקע גירסא אין תלמוד, מדרש, אגדה, זהר...

דעם פסוק „לשמור את דרך עץ החיים", ט3) טייטשן רז"ל: „שדרך ארץ

---

ט1) שמות יב, ב.

ט2) פאַרגלייכט די ווערסיעס אין:
תנח"ב בראשית יא; זהר בא לט, ב און זעט די נאָטע אויף דעם גליון, ראַנד, דאָרט; י"ש בא קפז; ילי"ה קיא, ז; רש"י, רמב"ן אָנהייב בראשית; ל"ט בראשית א, א, דף ב, א.

סע האָט געהערשט אַ מיינונג אַז דער „רבי יצחק" איז געוועזן רש"י'ס פאָטער. אָבער סע איז שוין פעסט געשטעלט, אַז רש"י האָט געהאַט פאַר זיך דעם תנח"ב וועלכער איז געוואָרן פאַרלאָרן, און מע האָט געפינען אים שפּעטער. און אַזוי ווי דער דאָזיגער מדרש תנחומא איז פיל עלטער פון רש"י'ן, איז שוין זיכער אַז דער רבי יצחק איז נישט געוועזן רש"י'ס פאָטער.

רש"י ציטירט מעהרערע מאָל פון **תנחומא**. די דרושים געפינען זיך נישט אין אונזער תנחומא, און זיי געפינען זיך אין תנח"ב.

זעט: ס"ה, ד"א, תתס"ה, זייט צט, א; נחל קדומים פון חיד"א ז"ל; לקוטים ענדע רש"י, עדיציע ברלינר; די ספרים „הלקוטים" און „ברכת אברהם" פון הרב דר. אלעזר הלוי גרינהוט.

ט3) בראשית ג, לד.

קדמה לעץ חיים, ואין עץ חיים אלא תורה", ט4) דרך ארץ איז פריער, פאַר לעבנס בוים. און לעבנס בוים מיינט נאָר תורה. נעמט זיך מסתמא דער אויסדרוק „דרך ארץ קדמה לתורה" דערפון.

**ווי באַלד ער וואָלט געווען בעדאַרפט אָן הויבן די תורה פון „החודש הזה לכם". פאַר וואָס זשע טאַקע האָט ער אָן געהויבן מיט „בראשית"?**

דאָס איז אויסן צו באַוואָרענען אַז טאָמער וועלן די פעלקער פון דער וועלט זאָגן צו די אידן: איר זענט גזלנים רויבערס, איר האָט גענומען אַוועק די לענדער פון די זיבן פעלקער. זאָגן די אידן צו זיי: די גאַנצע וועלט געהערט דאָך דעם בעשאַפער. ער האָט בעשאַפן זי. און ער האָט געגיבן זי צו וועמען ער האָט געוויליקט. ווען ער האָט געוואָלט, האָט ער געגיבן זי צו זיי. און ווען ער האָט געוואָלט, האָט ער גענומען אַוועק זי פון זיי, און ער האָט געגיבן זי אונז, ט5).

## באַמערקונג

**גימטריאות** **נוטריקון**

פאַראַן „וואויל קענענדיקע" וועלאַכע האַלטן נישט פון לומדות געבויעט אויף גימטריאות, נוטריקון. מיט אַ ביטולידיקן מאַך מיט דער האַנט גיט מען אַ זאָג: עט, דאָס איז „חסידיישע", „רביישע" תורה. נו באַמערק איך הקטן אהרן באאמו"ר ר' משה ואמי מורתי בראַנצי נבג"מ, אַז **„נוטריקון מן התורה"**. דאָס איז גמראידיקע תורה, מדרשידיקע תורה, זוהרידיקע תורה, נעמלאַך חז"לידיקע תורה. אונזערע חכמים ז"ל לערנען דאָס אָפּ, דרינגען דאָס אַרויס פון דעם פסוק „כי לא דבר רק הוא מכם" (דברים לב, מז). אוןביידע ש"סין, די אגדהישע און הלכהישע מדרשים, דער זהר, די קבלה ליטעראַטור און די שפּעטערע רבנישע ליטעראַטור זיינען פול מיט גימטריאותידיקע און נוטריקונידיקע אויסטייטשונגען און פאַרטייטשונגען. זעט צום ביי שפּיל: ירושלמי פאה אָנהייב פרק א און כתובות ענדע פרק ח און „קרבן העדה" און „פני משה" דאָרט; שבת קה, א; נדרים לב, א, אונטן, און רש"י דאָרט אונטער דעם וואָרט אליעזר; ספרי עקב אָנהייב פיסקא מח, אויסגאַבע אום; ב"ר א, יד; מדרש תנחומא וילך ב; ילקוט שמעוני בראשית ג, ענדע תטו און תתעג, און יהושע כב. נעמט דאָס אַלץ אין בעטראַכט, ותבוא עליכם ברכה.

---

ט4) אָנהייב תדא"ר; ויק"ר ט, ג און לה, ו און זעט מהרז"ו אויף ביידע ערטער; י"ש בראשית ענדע לד. זעט: פר"א פרק יב; תנח"ב בראשית כה.

יוב"ע בראשית ג, לד טייטשט „דרך עץ החיים" דעם לעבנס וועג פון יענער וועלט.

ט5) זעט אַלע קוועלעס אין די פאַרגעהענדיגע דריי נאָטן, און פאַרגלייכט די ווערסיעס אין:

ב"ר א, ב; י"ש תהלים תתע, **רבי יהושע**; אין שי"ר א, פסוק ד, ב, **רבי ינאי**; אותיות דרבי עקיבא, אות ב; רש"י תהלים קיא, א אין נאָמען פון **תנחומא**, און זעט דאָרט מ"צ,א'.

# דער אלף בית ביי דעם וועלט בעשאף

**פאַר וואָס הייבט דער וועלט בעשאַף אָן זיך מיט אַ ב, נעמלאַך בראשית?**

צו ליב פאַרשידענע טעמים, אורזאַכן:

ווייל ב מיינט ברכה, אַ בענטשונג, י).

אַזוי ווי די ב איז פערמאַכט פון אַלע זייטן און אָפן בלויז פון איין זייט, פון צפון זייט, א) אַזוי אויך האָט דער מענטש קיין רשות, קיין ערלויבעניש צו פאָרשן וואָס סע איז אויבן, וואָס סע איז אונטן, וואָס סע איז געווען פריער, און וואָס סע וועט זיין שפּעטער, ב).

ב איז צוויי, אַנטקעגן די צוויי תורות, תורה שבכתב, און תורה שבעל פה, ג).

אַנטקעגן די וועלט און יענע וועלט, ד).

**וואו ווערט געבראַכט אַז דער בעשאַפער האָט בעשאַפן צוויי וועלטן, די וועלט און יענע וועלט?**

אין אונזער אַלטן אוצר, ה).

**איז פאַראַן אַ רמז, אַן אָן דייט אַז ער האָט בעשאַפן די צוויי וועלטן?**

יאָ. די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט „ברא״ ער האָט בעשאַפן, באַטרעפט צוויי הונדערט און דריי, פונקט ווי צאָל פון די אותיות „ב׳ העולמים״ די צוויי וועלטן, ו).

די אידן וועלן דינען דעם אייבערשטן. און די געצן דינערס וועלן דינען די אָפּגעטער, ז).

אַנטקעגן גיהנם און גן עדן, הימל און ערד, הימליש און ערדיש פייער, יצר טוב און יצר הרע, צדיקים און רשעים, די אייבערשטע און די אונטערשטע, ח).

**האָט דער בעשאַפער בעשאַפן נאָך וועלטן אויסער די און יענע וועלט?**

סע איז פאַראַן אַ מיינונג אַז ער האָט בעשאַפן זיבן וועלטן, ח*).

**איז פאַראַן אַ רמז, אַן אָן דייט אַז דער בעשאַפער האָט בעשאַפן אַלצדינג צו פאָרלאַך?**

יאָ. די ערשטע אותיות פון בראשית ברא זיינען ב. ב איז צוויי. נעמלאַך, ער האָט בעשאַפן צו צוויי, פאָרלאַך, ט).

---

י) ירושלמי חגיגה פרק ב, הלכה א; ב״ר א, י; פ״ר פיסקא כא, זייט קט, א; תנח. בראשית ה; תדא״ר פרק לא [זעט דאָרט נאָך טעמים]; י״ש בראשית ב; י״ר בראשית ח, א. און דער בעל הטורים באַמערקט דערצו אָנהייב בראשית: הלואי זי זאָל עקזיסטירן.

א) ירוש. חגיגה פרק ב, הלכה א; דזמ״ה, אָנהייב בראשית.

ב) ירושלמי חגיגה פרק ב, הלכה א; חגיגה יא, ב; פ״ר פיסקא כא, זייט קח, ב; ב״ר א, י; אָנהייב ל״ט [מדרש לקח טוב].

זעט חגיגה יא, ב, לעצטע שורה.

ג) מ״א אָנהייב בראשית; בעה״ט אָנהייב בראשית; פע״ר ז, ב. זעט כלי יקר אָנהייב בראשית.

ד) בעה״ט אָנהייב בראשית; פע״ר ז, ב.

ה) ספר רזיאל המלאך זייט לא; ירושלמי חגיגה פרק ב, ענדע הלכה א; מנחות כט, ב; ב״ר א, י און יב, י; ק״ר ב, יא; תנח. בראשית ה און חיי שרה ג; פ״ר פיסקא כא, זייט קט, ב.

זעט זייטן 134—133, ביי ביה ה׳ צור עולמים, נאָטן ט, י.

ו) פענח רזא בראשית יא, א.

ז) אותיות דרבי עקיבא; י״ר בראשית ג, א, אונטן.

ח) פענח רזא ז, ב, און זעט דאָרט נאָך.

ח*) פר״א פרק יח, און זעט רד״ל סימן מט דאָרט; שו״ט צב, ב; פאַרגלייכט יל״ה צב, א, און זעט תנח. פקודי ענדע ג.

אַז די צאָל זיבן איז חשוב, זעט: פר״כ קנד, ב, אויסגאַבע אום; ויק״ר כט, יא; אר״נ נוסחא א׳, פרק לז; פר״א פרק יח; שו״ט צב, ב; זהר ויקרא ט, ב; יל״ה צב, א; י״ש שמות רעו.

אין פר״כ ז, ב שטעהט ששה רקיעים, זעקס הימלען.

ט) זעט וואָס סע ווערט געמיינט אונטער

**ב** האָט צוויי שפּיצלאַך, איינס אויבן, איינס אונטן. מע פרעגט די **ב** ווער האָט בעשאַפן דיך אין דער וועלט. ווייזט זי אויף דעם אייבערשטן שפּיצל, און זאָגט: דער וועלכער איז אויבן האָט בעשאַפן מיך. און ווי הייסט ער? ווייזט זי אָן אויף דעם אונטערשטן שפּיצל, און זאָגט: דער איינציגער אייבערשטער, און זיין נאָמען איז אחד, דער איינציקער, י).

**ב**, נעמלאַך **בית**, מאַכט בניתי איך האָב געבויעט, יצרתי איך האָב בעשאַפן, תכנתי איך האָב געגרונט פעסטיקט, **א**).

משה רבינו האָט געפרעגט דעם מלאך מטטרון פאַר וואָס דער בעשאַפער האָט נישט בעשאַפן די וועלט מיט **א**, האָט ער געענטפערט אים: **א** איז זכר, מאַסקולין. „בית" איז פרוי, פעמינין, **ב**) ווי ר' יוסי האָט געזאָגט: איך האָב קיין מאָל גערופן מיין ווייב אשתי, נאָר **ביתי**, ג).

**די תורה הייבט אָן זיך מיט אַ ב. פאַר וואָס הייבט משניות אָן זיך מיט מ?**

ווייל צוזאַמען מאַכט עס בם.

דעם פסוק „ודברת בם", ד) דרש'ענען אונזערע חכמים ז"ל אַז דער מענטש דאַרף אָן הייבן זיין טאָג טעגלאַך לעבן מיט „ודברת בם" מיט רייד פון תורה און משנה, מיט לערנען אַ פרשה חומש און אַ פרק משניות, און נישט מיט אַנדערע זאַכן, ה).

**פאַר וואָס הייבט דער וועלט בעשאַף נישט אָן זיך מיט דעם ערשטן אות א?**

צו ליב פאַרשידענע טעמים:

ווייל **א** מיינט ארורה, קללה, פלוך, פאַרשאָלטונג, ו).

נישט צו גיבן די אפיקורסים די מעגלאַכקייט צו זאָגן: ווי אַזוי וועט די וועלט קאָנען עקזיסטירן. זי איז דאָך געוואָרן בעשאַפן מיט **א** וואָס מיינט ארורה, פאַרשאָלטונג. דערפאַר האָט ער בעשאַפן זי מיט **ב**, וואָס מיינט ברכה, נעמלאַך הלואי זאָל זי עקזיסטירן, ז).

**סע זיינען דאָך פאַראַן פילע ווערטער וועלכע הייבן אָן זיך מיט ב, און באַדייטן שלעכטס, ווי צום ביי שפּיל בכיה געוויין, בגידה פעלשונג, אָפּ נאַרעריי. און עס זיינען פאַראַן פילע ווערטער וועלכע הייבן אָן זיך מיט א, און זיי באַדייטן גוטס: אהבה ליבשאַפט, אור ליכט . . .**

**נאָך מעהר. אלקים מיינט אייבערשטער. און דאָס איז דאָך געוויס אַ גוט וואָרט. האָט דאָך די תורה געקאָנט אָן הייבן זיך מיט „אלקים ברא בראשית",**

---

פאַרלאַך אין: ב"ב עד, ב; י"ש איוב תתקכו; י"ר בראשית יג, ב; פענח רזא בראשית יב, א.

זעט: ד"ר ב, לא; י"ש ישעיה תלד; ילו"ה קד, עג; י"ר בראשית ח, ב; ת"ת בראשית א, כז, אות סג.

זעט זייטן: 154, 147, 146.

י) ירושלמי חגיגה פרק ב, הלכה א; פ"ר פיסקא כא, זייט קט, א; ב"ר א, י; י"ש בראשית ב; רקאַנטי אָנהייב בראשית; במ"ח בראשית ה, ב, פסוק ג. זעט תיקוני זהר.

**א**) ליידער געדענק איך נישט דעם מקור, די קוועלע.

**ב**) י"ר בראשית ג, ב [פון ספר הקנה].

ג) שבת קיח, ב; גיטין נב, א.

ד) דברים ו, ז.

ה) ר' צבי אלימלך דינאָווער ז"ל. זעט: יומא יט, ב; ספרי ואתחנן פיסקא לד, אויסגאַבע אום.

ו) ירושלמי חגיגה פרק ב, הלכה א; ב"ר א, י; פ"ר פיסקא כא, זייט קט, א; תנח. בראשית ה; תדא"ר פרק לא; י"ש בראשית ב; בעה"ט אָנהייב בראשית.

ז) ירושלמי חגיגה פרק ב, הלכה א; פ"ר פיסקא כא, זייט קט, א; י"ש בראשית ב; בעה"ט אָנהייב בראשית.

פאַרגלייכט די נוסחאות.

אַזוי ווי די צוויי און זיבעציק זקנים האָבן געטון, ווען זיי האָבן איבער געזעצט די תורה פאַר דעם גריכישן קעניג תלמי, פטאָלעמעאוס, ח)?

ווייל אלקים מיינט מידת הדין, ט). און דער בעשאפער האָט געזען אז די וועלט וועט נישט קאָנען עקזיסטירן אויף מידת הדין, י).

דער פסוק זאָגט „בדבר ה׳ שמים נעשו״, י1) מיט דעם אייבערשטנס וואָרט זיינען די הימלען געוואָרן געמאכט. און די אותיות פון דעם וואָרט בדבר מאכן במידת דין, במידת רחמים, י2).

**פאַר וואָס האָט ער נישט אָן געהויבן דעם וועלט בעשאַף מיט ה׳. דער דאָזיגער נאָמען איז דאָך מידת הרחמים, באַרם האַרציקייט?**

ווייל ער האָט געוואָלט אָן דייטן, אָן ווינקן, אז ער האָט בעשאפן די וועלט מיט אמת. די לעצטע אותיות פון בראשית ברא אלקים מאכן אמת, א). ווי סע שטעהט אין פסוק „ראש דברך אמת״, ב) דיין סאמע ערשט וואָרט איז אמת, ג) „וה׳ אלקים אמת״, ד) דער אייבערשטער איז אמת, ה).

דעם אייבערשטנס חתימה, אונטערשריפט איז דאָך אמת, ו).

און מיר ווייסן דאָך אז „קושטא קאי, שקרא לא קאי״, אמת שטעהט, באַשטעהט. שקר קאָן נישט שטעהן, באַשטעהן. די אותיות פון אמת האָבן צו צוויי פיסלאך. די אותיות פון שקר, האָבן צו איין פיסל. און אויף איין פוס קאָן מען נישט שטעהן. נישט עקזיסטירן. ז).

דער א, ב דינט אויך אלס נומערן, אין צוויי ערלעי פאָרמען [פאָרמעס]: מספר גדול גרוים צאָל, מספר קטן קליין צאָל.

מספר גדול גרוים צאָל: **א** איז 1, **ב** איז 2... **ט** איז ניין;

**י** איז 10, **כ** איז 20... **צ** איז 90;

**ק** איז 100, **ר** איז 200, **ש** איז 300, **ת** איז 400.

מספר קטן קליין צאָל: **א** איז 1, **ב** איז 2... **ט** איז 9;

**י** איז 1, **כ** איז 2... **צ** איז 9;

**ק** איז 1, **ר** איז 2, **ש** איז 3, **ת** איז 4.

---

ח) זעט: ירושלמי מגילה פרק א, ענדע הלכה ט; מגילה ט, א; מסכת סופרים פרק א, הלכה ח און ווייטער; מר״י זייט טו, ב, אויסגאַבע אום; ב״ר ח, יא; לח אָנהייב סימן י; מח, יז; ש״ר ה, ה; ויק״ר ענדע שמיני; תנח. שמות כב; תנח״ב שמות יט; ש״ט שמות ה, כ; י״ש בראשית אָנהייב ג און וירא פב; ל״ט שמות ד, כ.

אין אר״נ נוסחא ב, אָנהייב פרק לז, און אין מסכת סופרים פרק א, הלכה ז שטעהט אויך חמשה זקנים, פינעף זקנים.

זעט אומעטום די פאַרשידענע נוסחאות, און ווער סע זאָגט זיי.

ט) ירושלמי סנהדרין פרק א, הלכה א. זעט ת״ת אָנהייב בראשית.

י) פ״ר פיסקא מ, זייט קסו, ב—קסז, א; ב״ר יב, טו; מ״א בראשית א, א; רש״י אָנהייב בראשית; אלשיך בראשית א, אָנהייב פסוק יא; ב, אָנהייב פסוק יז; זייט ו, ב.

זעט: י״ש משלי תתקסב; רש״י בראשית א, א; ל״ת בראשית ח, א.

י1) תהלים לג, ו.

י2) י״ר בראשית ח, ב.

א) בעל הטורים אָנהייב בראשית; במ״ח אָנהייב בראשית.

ב) תהלים קיט, קס.

ג) סע מיינט „אנכי״ ביי די עשרת הדברות, די צען געבאָטן. זעט: קידושין לא, א; ב״ר א, ז; יל״ה קיט, פו און פז; רש״י, א״ע תהלים קיט, קס.

ד) ירמיה י, י.

ה) זעט ת״ת אָנהייב בראשית.

ו) ירושלמי סנהדרין פרק א, הלכה א; שבת נה, א; יומא סט, ב; סנהדרין סד, א; ב״ר פא, ב; ד״ר א, י; שי״ר א, ט, א; מה״ג,א׳ ד, כו; ילה״י ג, יד און מד, ו.

ז) י״ש בראשית ג.

די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט אמת באַטרעפט ניין אין קליין צאָל. א איז 1, מ איז 4, ת איז 4, צוזאַמען 9.

די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט שקר באַטרעפט 6 אין קליין צאָל. ש איז 3, ק איז 1, ר איז 2. צוזאַמען 6.

דער פּסוק זאָגט „ראש דברך אמת", ז*) דער אָנהייב פון דיין וואָרט איז אמת. דער אָנהייב פון דער תורה איז ב. די צאָל פון יעדע דריי אותיות אָן הייבנדיק מיט ראש דברך מיט דעם ערשטן אות פון דער תורה וועט באַטרעפן ניין ווי די קליין צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט אמת:

ב 2, ג 3, ד 4, צוזאַמען 9; ה 5, ו 6, ז 7, צוזאַמען 18, 1 און 8 איז 9; ח 8, ט 9, י 10, צוזאַמען 27, 2 און 7 איז 9.

אין קליין צאָל: כ 2, ל 3, מ 4, צוזאַמען 9; נ 5, ס 6, ע 7, צוזאַמען 18, 1 און 8 איז 9; פ 8, צ 9, ק 1, צוזאַמען 18, 1 און 8 איז 9; ר 2, ש 3, ת 4, צוזאַמען 9.

אין גרויס צאָל איז דאָס זעלבע: כ 20, ל 30, מ 40, צוזאַמען 90, 9 און גאָר נישט איז 9. נ 50, ס 60, ע 70, צוזאַמען 180. 1 און 8 איז 9. 9 און גאָר נישט איז 9. און אַזוי ווייטער.

ווען מע ציילט אָבער פון דעם אות א וועט די צאָל פון יעדע דריי אותיות באַטרעפן זעקס:

---

ז*) תהלים קיט, קס.

ז**) זעט דת ודעת.

ח) תהלים קה, ח. זעט: חגיגה יג, ב—יד, א און רש״י דאָרט; זבחים קטז, א; אר״נ נוסחא א, פּרק לא; תדא״ר פּרק ב, און פּרק ו, זייט נה, ב; פּ״ר פּיסקא ה, זייט טז, א; ב״ר כח, ד; ק״ר פּסוק טו, סימן ב, און ד, פּסוק ג; תנח. לך לך יא, און יתרו ט; שו״ט צ, יג, און קה, ג; יל״ה קה, ו; י״ש בראשית ב, איוב תתקח און זית רענן דאָרט; תהלים תש און תתסג; בחיי בראשית א, ענדע פּסוק ג.

ט) ב״ר א, י; יב, ב; ויק״ר כג, ג; במ״ר

א 1, ב 2, ג 3, צוזאַמען 6; ד 4, ה 5, ו 6, צוזאַמען 15, 1 און 5 איז 6; ז 7, ח 8, ט 9, צוזאַמען 24, 2 און 4 איז זעקס.

אין קליין צאָל: י 1, כ 2, ל 3, צוזאַמען 6; מ 4, נ 5, ס 6, צוזאַמען 15, 1 און 5 איז 6. און אַזוי ווייטער, ז**).

## פאַר וואָס ווערט דער ערשטער אות אָן גערופן א?

ווייל דער אייבערשטער האָט גערעכנט צו גיבן די תורה צו די אידן „לאלף דור" אין טויזנט דורות אַרום, ח).

זעקס און צוואַנציק דורות, גענעראַציעס האָט א געהאַלטן אין איין באַקלאָגן זיך פאַר דעם הימלישן טראָן, און גע׳טענה׳עט: האַר פון דער וועלט, איך בין דאָך דער סאַמע ערשטער אות, דער ערשטער בוכשטאַב פון די אותיות, און דאָך האָסט דו נישט בעשאַפן די וועלט מיט מיר!

האָט דער בעשאַפער געענטפערט: די גאַנצע וועלט איז דאָך געוואָרן בעשאַפן בלויז אין דעם זכות פון דער תורה, ט). ווען די צייט וועט קומען, און איך וועל גיבן די תורה צו די אידן, וועל איך דענצמאָל אָנהייבן מיט דיר: „אנכי ה׳ אלקיך", י) איך בין דיין אייבערשטער, א).

---

יג, טו און יד, יב; שי״ר ה, יא, ד און ז, א, א; ר״ר פּתיחתא א; תנח. יתרו יד און ראה א; תנח״ב י און ראה ב; י״ש בראשית ב; יל״ה קה, ז; בעה״ט אָנהייב בראשית.

זעט: פּ״ר פּיסקא כא, זייט קט, ב; סנה. צט, ב אונטן; רש״י ירמיה לג, כה.

זעט אומעטום ווער סע זאָגט וואָס.

י) שמות כ, ב; דברים ה, ו.

א) פּ״ר פּיסקא כא, זייט קט, ב; ב״ר א, י; שי״ר ה יא, א, ד; י״ש בראשית ב; יל״ה קה, ז.

זעט אומעטום ווער סע זאָגט וואָס.

געה, די גאנצע וועלט איז דיינע. זי איז דאך געווארן בעשאפן בלויז צו ליב דער תורה, ווי סע שטעהט אין פסוק „אם לא בריתי יומם ולילה, חוקות שמים וארץ לא שמתי", ב) ווען נישט די תורה, וואלט איך דאך נישט בעשאפן הימל און ערד. מארגן [אין דער צוקונפט], ב*) וועל איך גיבן די תורה מיינע קינדער, וועל איך אן הייבן די תורה מיט דיר, נעמלאך „אנכי ה' אלקיך", ג) איך בין דיין אייבערשטער, ד).

**ווי אזוי האבן רעאגירט די אנדערע אותיות ווען דעם נישט בעשאפן די וועלט מיט זיי?**

סע זיינען פאראן צוויי דערקלעהרונגען:

א) די צוויי און צוואנציק אותיות, מיט וועלכע דער אייבערשטער האט געגיבן די תורה די אידן, זיינען אוים געקריצט מיט א פלאם פייערדיגער פען אין דעם אייבערשטנס פורכטיגער קרוין.

ווען דער בעשאפער האט געוואלט בעשאפן דעם אוניווערס, האבן זיי גענידערט אראפ, געשטעלט זיך פאר דעם הייליקן, געבענטשט זיי ער. יעדער אות האט גע'טענה'ט: דו דארפסט בעשאפן די וועלט מיט מיר.

צו ערשט איז געקומען די ת, און זי האט גע'טענה'ט פאר אים: האר פון דער וועלט, איז עס דיין ווילן צו בעשאפן די וועלט מיט מיר? ווייל מיט מיר וועסט דו דאך גיבן די תורה דורך משה'ן, ווי סע שטעהט אין פסוק, „תורה צוה לנו משה", ה) א תורה האט משה געבאטן אונז".

האט דער אייבערשטער געענטפערט: ניין, ווייל איך וועל מאכן מיט דיר א צייכן אויף די שטערנס פון מענטשן, ווי סע שטעהט אין פסוק „והתוית תו על מצחות האנשים", ו) און דו זאלסט אן צייכענען א ת אויף די שטערנס פון די מענער. און די ת איז געגאנגן ארוים מיט א נידער געשלאגענעם געמיט.

איז געגאנגן אריין די ש און נאך איר אלע אנדערע אותיות ביז ב. און קיין איינער פון זיי איז געווארן אן גענומען.

איז געקומען אריין די ב. און זי האט געזאגט: האר פון דער וועלט, איז עס דיין ווילן צו בעשאפן די וועלט מיט מיר? ווייל מיט מיר זאגט מען דאך יעדער טאג „ברוך ה' לעולם אמן ואמן", ז) געבענטשט איז דער אייבערשטער שטענדיג, אמן. האט דער הייליגער געענטפערט איר: ברוך הבא בשם ה', געבענטשט זיי דער געקומענער אין דעם אייבערשטנס נאמען. דער בעשאפער האט אן גענומען זי באלד. און ער האט בעשאפן די וועלט מיט איר, ח).

ווען די א האט דערזען דאס, האט זי געשטעלט זיך אוועק אין א זייט און געווארט. האט דער אייבערשטער געפרעגט זי פאר וואס זי שווייגט, און זאגט גאר נישט.

האט די א געענטפערט: האר פון דער וועלט, ווייל איך האב קיין כוח צו זאגן עפים פאר דיר. ווארן אלע אותיות, בוכשטאבן האבן א גרעסערע צאל פון מיר. ב איז צוויי, ג איז דריי, און אזוי ווייטער. און איך בין בלויז אחד, איינס.

האט געזאגט דער אייבערשטער צו איר: האב קיין מורא, אנגסט, ווייל דו

---

ב) ירמיה לג, כה און זעט דארט רש"י.

ב*) דאס ווארט מחר מארגן, מיינט אויך צוקונפט, מר"י בא, זייט כב, ב, אויסגאבע ב; רש"י שמות יג, יד און דברים ו, כ.

ג) שמות כ, ב; דברים ה, ו.

ד) פ"ר פיסקא כא, זייט קט, ב—קי, א; דזמ"ה אנהייב בראשית; י"ש בראשית ב.

זעט די פארגעהענדיגע מקורים, קוועלעס.

ה) דברים לג, ד.

ו) יחזקאל ט, ד.

ז) תהלים ענדע קאפיטל פט.

ח) י"ש אנהייב בראשית.

ביזט דער עלצטער איבער זיי אַלע ווי אַ קעניג. דו ביזט איין און איך בין איינער, און די תורה איז איינע. און מיט דיר וועל איך גיבן זי צו מיין פאָלק ישראל. ווי סע שטעהט אין פּסוק, „אנכי ה׳ אלקיך״, **ט)** איך בין דיין אייבערשטער, **י)**.

ב) ווען דער בעשאַפער האָט געהאַלטן ביי דעם בעשאַפן דעם אוניווערס, זיינען געקומען די אותיות פאַר אים. יעדער אות, בוכשטאַב האָט געוואָלט אַז ער זאָל בעשאַפן די וועלט מיט אים, **י*)**.

די **ת** האָט גע׳טענה׳ט אַז די וועלט דאַרף ווערן בעשאַפן מיט איר, ווייל זי איז אין דעם וואָרט אמת וואָס איז דעם אַלמעכטיקנס חתימה, אונטערשריפט, **א)** . . . אָבער דער בעשאַפער האָט געזאָגט צו איר: דו ביזט טאַקע פּאַסיג און גערעכט. אָבער דו ביזט נישט ווירדיק אַז די וועלט זאָל ווערן בעשאַפן מיט דיר, ווייל דו וועסט זיין אַן געצייכנט אויף די שטערנס פון באַגלויבטע לייט וועלכע האָבן מקיים געווען די תורה פון **א** ביז **ת**, און מיט דיין צייכן וועלן זיי אַוועק פון דער וועלט, **ב)**.

די **ש** איז געקומען און האָט געזאָגט: האַר פון דער וועלט, די וועלט דאַרף ווערן בעשאַפן מיט מיר, ווייל דיין נאָמען שדי, אַלמעכטיקער ווערט אָן גערופן מיט מיר. און סע פּאַסט זיך אַז די וועלט זאָל ווערן בעשאַפן מיט דעם הייליקן נאָמען. און דער אַלמעכטיקער האָט געענטפערט איר: דו ביזט פּאַסיג, דו ביזט גוט, און דו ביזט אמת. אָבער אַזוי ווי דו ווערסט גענוצט אין דעם וואָרט שקר, ליגן וויל איך נישט בעשאַפן די וועלט מיט דיר.

די ק און די ר האָבן גענומען אַריין די ש אין זייער מיט, און סע איז געוואָרן קשר, אַ בונד. די אַנדערע אותיות האָבן נישט געהאַט מעהר מזל.

איז געקומען די **ב**, און זי האָט געזאָגט: האַר פון דער וועלט דו וואָלטסט בעדאַרפט בעשאַפן די וועלט מיט מיר, ווייל מיט מיר בענטשט מען אויבן און אונטן [**ב**רכה]. האָט דער בעשאַפער געזאָגט צו איר: יאָ, מיט דיר וועל איך בעשאַפן די וועלט.

האָט שוין די **א** נישט פּרובירט איר מזל. ווען דער בעשאַפער האָט געזען אַז די **א** זאָגט גאָר נישט, האָט ער געפרעגט זי: **א**, **א**, פאַר וואָס ביזט דו נישט געקומען פאַר מיר ווי די אַנדערע אותיות. האָט זי געענטפערט: איך האָב געזען אַז אַלע אותיות זיינען געגאַנגען אַרוים פון דיר מיט גאָר נישט. וואָס זשע האָב איך צו טון דאָרט. און ווידער, דו האָסט דאָך שוין באַשטימט די **ב** פאַר דעם דאָזיגן צוועק. פּאַסט נישט פאַר דעם אייבערשטן מלך צו נעמען עס אַוועק פון זיין קנעכט, און גיבן עס צו אַ צווייטן.

האָט דער הייליגער געזאָגט: **אלף**, **אלף**, כאָטש איך וועל בעשאַפן די וועלט מיט **ב**, וועסט דו אָבער זיין דער ערשטער פון אַלע אותיות, **ג)**.

אגב, אין תנ״כ זיינען פאַראַן לויט דער מסורה זיבן און דרייסיק גרויסע און דריי און צוואָנציק קליינע אותיות.

---

**ט)** שמות כ, ב; דברים ה, ו.

**י)** אבד״ע ב׳, זייט 50; י״ש אָנהייב בראשית.

**י*)** זהר מקץ רד, א.

**א)** ירושלמי סנהדרין פּרק א, הלכה א; שבת נה, א; יומא סט, ב; סנהדרין סד, א; ב״ר פא, ב; ד״ר א, י; שי״ר א, ט, א; מה״ג,א׳ ד, כו; ילה״י ג, יד און מד, ו.

**ב)** זעט יחזקאל ט, ד און רש״י דאָרט.

**ג)** זעט איינצלהייטן אין זהר, הקדמה, זייטן ב, ב—ג, א.

## גרויסע אותיות:

בראשית, ד) ;
ובהעטיף, ה) ;
הכזונה, ו) ;
שלשים, ז) ;
טוב, ח) ;
נצר, ט) ;
אחר, י) ;
והלטאה, א) ;
גחון, ב) ;
והתגלח, ג) ;
ויהס, ד) ;
יגדל, ה) ;
מה, ו) ;
משפטן, ז) ;
שמע, ח) ;
אחד, ט) ;
תמים, י) ;
וישלכם, א) ;
הצור, ב) ;
ה לה׳, ג) ;
ככחי, ד) ;
צפו, ה) ;
זכרו, ו) ;
הלעולמים, ז) ;
וכנה, ח) ;
קץ, ט) ;
משלי, י) ;
שבטו, א) ;
שיר, ב) ;
ליני, ג) ;
טוב, ד) ;
סוף, ה) ;
חור, ו) ;
ויזתא, ז) ;
ותכתב, ח) ;
בשפרפרא, ט) ;
אדם, י).

## קליינע אותיות:

בהבראם, א) ;
ולבכתה, ב) ;
קצתי, ג) ;
בקמיהם, ד) ;
ויקרא, ה) ;
מוקדה, ו) ;
פינחס, ז) ;
ממרים, ח) ;
תשי, ט) ;
יערי, י) ;
נבחז, א) ;
ארז,ב) ;
וצוחת, ג) ;
ונבושזבן, ד) ;
בסופה, ה) ;
לשוא, ו) ;
ונרגן, ז) ;
אדם, ח) ;
הב, ט) ;
וגיש, י) ;
פרץ, א) ;
לוא, ב) ;
בשפרפרא, ג).

# דער בעדייט פון „בראשית"...

דער וועלט בעשאַף הייבט אָן זיך מיט דעם וואָרט בראשית. האָט דאָס וואָרט בראשית עפּיס אַ ספּעציעלע בעדייטונג?

יאָ, מעהרערע באַדייטונגען און אָן דייטונגען:

די ב, בית, מאַכט בניתי, יצרתי, תכנתי, איך האָב געבויעט, איך האָב פורמירט, איך האָב געמאַכט פּאַרטיק, ג*).

בראשית, דאָס ערשטע וואָס אַ מענטש דאַרף וויסן איז אַז דער אייבערשטער האָט בעשאַפן הימל און ערד, ד).

---

ד) בראשית א, א.
ה) בראשית ל, מב
ו) בראשית לד, א.
ז) בראשית ג, כג.
ח) שמות ב, ב.
ט) שמות לד, ז.
י) שמות לד, יד.
א) ויקרא יא, ל.
ב) ויקרא יא, מב.
ג) ויקרא יג, לג.
ד) במדבר יג, לא.
ה) במדבר יד, יז.
ו) במדבר כד, ה.
ז) במדבר כז, ה.
ח) דברים ו, ד.
ט) דברים ו, ד.
י) דברים יח, יג.

א) דברים כט, כז.
ב) דברים לב, ד.
ג) דברים לב, ו.
ד) יהושע יד, יא.
ה) ישעיה נו, י.
ו) מלאכי ג, כב.
ז) תהלים עז, ח.
ח) תהלים פ, טז.
ט) תהלים פד, ד.
י) משלי א, א.
א) איוב ט, לד.
ב) שיר השירים א
ג) רות ג, יג.
ד) קהלת ז, א.
ה) קהלת יב, יג.
ו) אסתר א, ו.
ז) אסתר ט, ט.

ח) אסתר ט, כט.
ט) דניאל ו, כ.
י) אַנהייב דברי ה
א) בראשית ב, ד.
ב) בראשית כג, ב
ג) בראשית כז, מו
ד) שמות לב, כה.
ה) ויקרא א, א.
ו) ויקרא ו, ב.
ז) במדבר כה, יא.
ח) דברים ט, כד.
ט) דברים לב, יח.
י) שמואל ב׳ כא,

א) מלכים ב׳ יז,
ב) ישעיה מד, יד.
ג) ירמיה יד, ב.
ד) ירמיה לט, יג.
ה) נחום א, ג.
ו) תהלים כד, ד.
ז) משלי טז, כח.
ח) משלי כח, יז.
ט) משלי ל, טו.
י) איוב ז, ה.
א) איוב טז, יד.
ב) איכה א, יב.
ג) דניאל ו, כ.

ג*) איך געדענק לײדער נישט דעם מקור, קוועלע. זעט מיין בוך „לכבוד שבת" זייט 27.

ד) ר׳ משה לייב סאַסאָווער, ז"ל.

**בא׳ תשרי,** דעם ערשטן טאָג אין תשרי האָט דער בעשאַפער בעשאַפן הימל און ערד, ה). דאָס איז לויט רבי אליעזר׳ס מיינונג, אַז די וועלט איז געוואָרן בעשאַפן אין חודש תשרי.

**בי׳ ארשת,** די וועלט איז געוואָרן בעשאַפן מיט צען געזאַנג, ו).

אגב, דאָס וואָרט ארשת געפינט זיך בלויז איין מאָל אין תנ״ך, ז).

**בארשת,** די וועלט איז געוואָרן בעשאַפן מיט אַ וואָרט, ח).

**ב ראשית,** מיט ראשית האָט ער בעשאַפן הימל און ערד, ח*).

**ביראת ש**[מים], ט).

**בראשית** מיינט **ברא שתי,** ער האָט בעשאַפן צוויי:

צוויי תורות, תורה שבכתב און תורה שבעל פה, י);

צוויי וועלטן, די וועלט און יענע וועלט, א);

יצר טוב און יצר הרע, ב).

---

ה) בעל הטורים אָנהייב בראשית; פענח רזא בראשית ח, א. זעט זייט 155, ד.

ו) בחיי בראשית א, ב. זעט זייט 144, ב.

ז) תהלים כא, ג. זעט דאָרט תרגום, רש״י, א״ע, מ״צ,א׳; שו״ט כא, ג; יל״ה כא, ב; י״ש תהלים תרפב.

ח) פענח רזא בראשית ט, א, אין דעם זין פון דעם פסוק „בדבר ה׳ שמים נעשו״ (תהלים לג, ו), דער הימל איז געוואָרן מיט דעם אייבערשטנס זאָג. אָבער די י איז נישט געדעקט.

ח*) זהר בראשית כד, ב, אונטן.

ט) פענח רזא בראשית י, א.

י) בעה״ט אָנהייב בראשית; פענח רזא ז, ב.

א) ספר רזיאל המלאך זייט לא; בעה״ט אָנהייב בראשית; פע״ר בראשית ז, ב, און יא, א.

**צו וואָס אייגנטלאַך האָט דער בעשאַפער איבערהויפּט בעשאַפן ביידע, דעם יצר הרע און דעם יצר טוב?**

ווייל ווען נישט דער יצר הרע [אַמ־ביציע] וואָלט דער מענטש נישט גע־בויעט אַ הויז. ער וואָלט נישט געהאַט חתונה. וואָלט דאָך די וועלט געוואָרן צוריק וויסט און לעהר, ג).

און אַז ער האָט שוין בעשאַפן דעם יצר הרע, האָט ער דאָך שוין במילא בעדאַרפט בעשאַפן אויך דעם יצר טוב. כדי דער מענטש זאָל האָבן די בחירה, דעם אויס וואַל. ער זאָל אויס קלויבן דאָס טון גוטס, נישט שלעכטס. מיר ווייסן דאָך אַז אַלץ איז אין דעם אייבערשטנס הענט, אַ חוץ, אויסער יראת שמים, פורכטן דעם אייבערשטן, ד).

און ער האָט בעשאַפן אויך אַ תבלין, אַ מיטל געגן דעם יצר הרע, נעמלאַך די תורה, ה).

זאָגן דאָך אונזערע חכמים ז״ל: אויב דער דאָזיגער מנוול, מיאוס׳ניק [פאַר־פירער] באַגעגנט דיך, שלעפּ אַוועק אים אין בית המדרש אריין. איז ער שטיין

---

זעט: ירושלמי חגיגה פרק ב, ענדע הלכה א; מנחות כט, ב; פ״ר פיסקא כא, זייט קט, ב; תנח. בראשית ה און חיי שרה ג; ב״ר א, ו און יב, י; ק״ר ב, יא.

זעט זייטן 134—133, נאָטן ט, י.

ב) פענח רזא בראשית ז, ב.

ג) ב״ר ט, ז; ק״ר ג, פסוק יא, סימן ג; שו״ט אָנהייב מזמור ט; יל״ה אָנהייב מזמור ט; י״ש בראשית טז און תהלים תרמג אָנ־הייב קאַפּיטל ט; בחיי בראשית י, א.

זעט אומעטום ווער סע זאָגט וואָס.

ד) ברכות לג, ב, אונטן; תוספות אונטער דעם וואָרט הכל אין מגילה כה, א און אין נדה טז, ב; „רזא דמאיר״ אין „פענח רזא״, בראשית זייט ז, ב, סימן יב.

ה) קידושין ל, ב; בבא בתרא טז, א; אר״נ נוסחא א, פרק טז; ספרי עקב פיסקא מה, אויסגאַבע אום; במ״ר כב, ט; שו״ט קיט, ז, הוספה און סד; יל״ה ד, יב.

וועט ער ווערן צעריבן. איז ער אייזן וועט ער ווערן צעפיצלט, צעברעקלט, ו).

גיהנם און גן עדן, ז).

הימל און ערד;

סע זיינען פאראן מצוות וועלכע זיי־נען אפהענגיג פון דער ערד; און אויך אזעלכע מצוות וועלכע זיינען אפהענ־גיג פון דעם הימל, די זון, די לבנה און די שטערנס, ח).

הימליש פייער און ערדיש פייער, ט);

צדיקים און רשעים, י);

אייבערשטע און אונטערשטע, א).

**ב ראשית,** צוויי ראשיות און קצוות אן אנהייב און אן ענד. די וועלט וועלכע האט אן אנהייב, וועט אויך האבן אן ענד. זי וועט ווערן צוריק וויסט און לעהר, ב).

**ברא שית,** ער האט בעשאפן זעקס:

אנטקעגן די זעקס עלעמענטן וועלכע זיינען געווארן בעשאפן פאר דעם אוני־ווערס בעשאף, ג);

אנטקעגן די זעקס זייטן פון איין עק הימל צו דעם צווייטן, ד).

אנטקעגן די זעקס טעג פון דעם וועלט בעשאף.

אנטקעגן די זעקס שתין, גריבער נעבן מזבח פאר דעם אפ פאל פון די קרבנות. סע איז פאראן א מיינונג אז זיי זיינען געווארן בעשאפן ביי דעם וועלט בעש־שאף. און דאס וואס די גמרא זאגט אז דוד המלך האט געגראבן זיי, מיינט עס אז זיי זיינען געווארן פארשיט [פאר־שאטן], און דוד האט אויס געגראבן זיי ווידער, ה).

אנטקעגן די זעקס היכל׳ס פון טרערן וועלכע מעגן עפענען זיך נאר דורך טרערן, ו).

אנטקעגן די זעקס סדרים משניות, ז).

די גמרא זאגט אז דער אייבערשטער האט געשלאסן מיט די אידן דעם בונד נאר צוליב „דברים שבעל פה״. ווי סע שטעהט אין פסוק: „כי על פי הדברים האלה כרתי אתך ברית ואת ישראל״, ח) נאר צו ליב די דאזיגע דברים [שבעל פה] האב איך געשלאסן א בונד מיט דיר, און מיט די אידן, ט).

---

ו) סוכה נב, ב; יל״ה לז, לו.

ז) פענח רזא בראשית ז, ב.

ח) „רזא דמאיר״ אין „פענח רזא״ בראַ־שית ז, ב, סימן י.

ט) פענח רזא בראשית ז, ב.

זעט: מועד קטן כח, ב וועגן נדב און אביהוא; יומא כא, ב: אף על פי שאש יורדת מן השמים מצוה להביא מן ההדיוט; „רזא דמאיר״ אין „פענח רזא״ בראשית ז, ב, סימן יא; באנד א, זייטן 23—22.

י) פענח רזא בראשית ז, ב—ח, א. זעט חגיגה טו, א.

א) פענח רזא בראשית ח, א. זעט: ב״ר יד, ג; אר״נ נוסחא א׳, פרק לט און נוסחא ב׳, פרק מד און פארגלייכט מיט חגיגה טז, א.

ב) קצה מיינט ראשית. פע״ר בראשית ז, ב.

ג) ב״ר א, ט. זעט: י״ת, י״מ, רד״ל דארט; זייטן 181, ה; 113, ב.

ד) זהר בראשית טו, ב.

ה) סוכה מט, א און נג, א און רש״י דארט; מכות יא, א; מ״א אנהייב בראשית; בחיי בראשית א, ב; פע״ר בראשית ח, ב און זעט דארט „רזא דמאיר״.

זעט: אין ירושלמי סוכה פרק ד, הלכה ז, אויסגאבע קראטאשין תני ר׳ יוסי. אין ירו־שלמי סוכה פרק ד, הלכה ו אויסגאבע חורב שטעהט תני רי״א; תוספתא סוכה פרק ג, 15; מסכת מידות פרק ג, ג; י״ש בראשית ב, תהלים תתעח; מהרש״א סוכה מט אונטער דעם ווארט אלא.

ו) י״ר בראשית ג, ב [פון תיקונים ד, כב, עב].

ז) פע״ר י, ב און פארגלייכט מיט בעל הטורים אנהייב בראשית.

ח) שמות לד, כז.

ט) גיטין ס, ב.

די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט **בראשית** מיט דעם כולל, נעמלאָך מיט דעם וואָרט אַלס איינס, באַטרעפט ניין הונדערט און פערצן, פונקט ווי די צאָל פון די אותיות פון די ווערטער שש סדרים [משניות], י).

אַנטקעגן דער וועלטס זעקס טויזנט יאָריגער עקזיסטענץ, א).

**בראת ש"י,** דער בעשאַפער האָט בע־שאַפן דריי הונדערט און צען וועלטן פאַר יעדער צדיק, ב).

**ברא תיש,** ער האָט בעשאַפן דעם ווידער, אַן אָן דייטונג אויף דעם ווידער וועלכן אברהם אבינו האָט מקריב גע־ווען אויף יצחק'ס אָרט, ג). ער איז געוואָרן בעשאַפן ערב שבת פון דעם וועלט בעשאַף, ד).

**בראשית** ענטהאַלט דאָס וואָרט **ברית.** אַן אָן ווינק אַז די וועלט איז געוואָרן בעשאַפן אין דעם זכות פון דער מצוה פון מילה, ה).

**בראשית** ענטהאַלט דאָס וואָרט **ברית,** אַן אָן ווינק אַז מע דאַרף מל'ן, ו).

י) בעל הטורים אָנהייב בראשית.

א) פענח רזא בראשית י, ב.

וועגן דער איינטיילונג פון די זעקס טויזנט יאָר, און לויט נאָך אַ מיינונג זיבן טויזנט יאָר, און וועגן די יאָרן פון **ימות המשיח** משיח'ס צייטן, פאַרגלייכט די ווערסיעס אין:

תדא"ר אָנהייב פרק ב; ר"ה לא, א; סנהדרין צז, א אונטן, און אויך די לעצטע שורה; ע"ז ט, א; פ"ר פיסקא א, זייט ד, א־ב; שו"ט צ, יז און זעט דאָרט אַלע נאָטן; ילק"ה צ, כה און כו; ילה"י ישעיה ב, יז; י"ש ישעיה אָנהייב שצד, תהלים תתו, תתפח; בחיי בראשית א, ענדע ב. זעט רמב"ן בראשית ב, ג.

פאַרגלייכט ספרא דצניעותא אין זהר תרומה קעו, ב.

ב) בעה"ט אָנהייב בראשית; פע"ר בראשית ט, א. זעט עוקצין פרק ג, משנה יב.

ג) בחיי בראשית א, ב.

אגב, די לעצטע אותיות פון „את האור כי טוב", ז) און דער אייבערשטער האָט געזען אַז דאָס ליכט איז גוט, מאַכן **ברית,** ח).

**ברית אש,** די מצוה פון מל זיין, און דער זכות פון תורה, וועלכע ווערט אַן גערופן אש, נעמלאָך „אש דת", ט) אַ געזעץ געגיבן דורך פייער, ראַטעווען פון דעם גיהנם פייער, י).

**בראשית** ענטהאַלט דאָס וואָרט **אש,** נעמלאָך **אש דת,** י*) דאָס געזעץ געגיבן דורך פייער און דאָס וואָרט **ראשית.** אַן אָן דייט אַז די וועלט איז געוואָרן בעשאַפן אין דעם זכות פון דער תורה, א).

**אשרי בת,** וואויל איז דעם וועלכער האָט אַ טאָכטער, ב).

**בראשית** ענטהאַלט דאָס וואָרט **שבת,** אַן אָן דייט אַז די וועלט איז געוואָרן בעשאַפן אין דעם זכות פון שבת, ג).

**ירא שבת,** צו לערנען אונז אַז די וועלט איז געוואָרן בעשאַפן אין דעם זכות פון שבת, ד). אַז מע דאַרף רעס־פּעקטירן, אָפּ היטן שבת.

ד) פרקי אבות פרק ה; פסחים נד, א.

ה) דזמ"ה אָנהייב בראשית.

ו) זעט בעל הטורים אָנהייב בראשית; זהר לך לך פט, א.

ז) בראשית א, ד.

ח) פענח רזא בראשית יד, ב.

ט) דברים לג, ב.

י) זעט מ"א אָנהייב בראשית; בחיי ברא־שית א, ב; בעה"ט אָנהייב בראשית; י"ר בראשית ד, א [פון פרדס].

זעט פענח רזא בראשית ח, ב וועגן דעם טייטש פון ברית אש.

י*) דברים לג, ב.

א) דזמ"ה אָנהייב בראשית; 124, ד3.

ב) ארץ החיים אָנהייב תהלים סימן ג.

ג) דזמ"ה אָנהייב בראשית.

ד) בעל הטורים אָנהייב בראשית. זעט: גלי רזא, נעמלאָך ספר רזיאל המלאך; י"ר

שבת יאָר, שבת דערלייכט, ה).

בית ראש, אַן אָן ווינק אויף דעם ערשטן בית המקדש, ו).

בראשית מאַכט בראש תי. אַן אָן דייט אַז דער בית ראשון, אַז דער ערשטער בית המקדש וועט שטעהן ת״י, פיר הונדערט און צען יאָר. און ער וועט ווערן חרוב, „תהו״ אין דעם פיר הונ־דערט און עלפטן יאָר ווי די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט תהו.

אַן אָן ווינק וועגן דעם איז פאַראַן אויך אין „ושכנתי בתוכם״, ז). ושכן ת״י, אַז די שכינה וועט רוען [אין בית המקדש] פיר הונדערט און צען יאָר, ח).

ושכנתי מאַכט אויך ושני ת״כ, אַן אָן דייט אַז דער צווייטער בית המקדש וועט שטעהן פיר הונדערט און צוואָנציק יאָר, ט).

אַן אָן דייט וועגן דער פיר הונדערט און צען יאָריגער עקזיסטענץ פון דעם ערשטן בית המקדש ווערט געדרינגן אַרוים אויך פון „בזאת יבא אהרן אל הקודש, י) די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט „בזאת״ באַטרעפן פיר הונ־דערט און צען, א).

אַנדערע דרינגען אַרוים די פיר הונ־דערט און צוואָנציק יאָריגע עקזיסטענץ פון דעם צווייטן בית המקדש פון „והארץ היתה תהו ובהו״, ב). די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט היתה באַטרעפט פיר הונדערט און צוואָנציק. און נאָך דער דאָזיקער צייט וועט עס ווערן תהו ובהו, וויסט און לעהר, ג).

בראשית מאַכט: אשר בי״ת, אַן אָן דייט אַז דאָס „גליק״, די עקזיסטענץ פון דעם ערשטן בית המקדש וועט גע־דויערן ברא״ש ת״י צו דעם אָנהייב פיר הונדערט און צען יאָר;

שא״ר תב״י, דער צווייטער בית המק־דש וועט עקזיסטירן תב״י, ת און צוויי יוד׳ן, נעמלאַך פיר הונדערט און צוואָנ־ציק יאָר;

בשארית, דער דריטער, וועט זיין דער לעצטער און אייביק דויערנדיקער בית המקדש. ווייל ער וועט זיין מיט ברית אש, מיט דעם בונד פון פייער. ווי דער אייבערשטער האָט צו געזאָגט „ואני אהיה לה נאום ה׳ חומת אש סביב״, ד) און איך וועל זיין איר, זאָגט דער איי־בערשטער, אַ מויער פון פייער רונד אַרום, ה);

ברא ער האָט בעשאַפן, רקיע דעם פאַרשפרייט, ארץ ערד, שמים הימל, ים וואַסער, תהומות אָפּ גרונטן, ו).

בראשית מאַכט: בראשונה ראה אלקים שיקבלו ישראל תורה, צום אָנהייב האָט געזען דער אייבערשטער אַז די אידן וועלן מקבל זיין, אַן נעמען די תורה, ז);

בראשית ג, ב און ד, א; לקוטי תורה אָנהייב בראשית פון דעם רבי׳ן ר׳ מרדכי [מאָטילע] טשערנאָבילער זצ״ל.

ה) זעט „רזא דמאיר״ אין פענח רזא בראשית ט, א, סימן כח.

ו) בעל הטורים אָנהייב בראשית.

ז) שמות כה, ח. זעט אויך יחזקאל מג, ט.

ח) זעט: בחיי בראשית א, ב און תצוה כז, כ; בעה״ט אָנהייב בראשית; פע״ר בראַ־שית ח, ב; י״ר בדאשית ג, א און ד, א.

ט) בחיי תצוה כז, כ; פענח רזא בראשית ח, ב.

י) ויקרא טז, ג.

א) בחיי בראשית א, ב.

ב) בראשית א, ב.

ג) זעט ב״ר ענדע פרשה ב; י״ש ישעיה שס; משלי תתקנט; בעה״ט אָנהייב בראשית.

ד) זכריה ב, ט.

ה) פענח רזא בראשית ח, ב.

ו) בעל הטורים אָנהייב בראשית.

ז) בעל הטורים אָנהייב בראשית.

**בראשונה ראה אלקים שיניחו ישראל תפילין**, אין אָנהייב האָט דער אייבערשטער געזען אַז די אידן וועלן לעגן תפילין;

**בראשונה ראה אלקים שיעשו ישראל תרומין**, אין אָנהייב האָט דער אייבערשטער געזען אַז די אידן וועלן אָפּ שיידן תרומה;

**בראשונה ראה אלקים שיעשו ישראל תשובה**, אין אָנהייב האָט דער אייבערשטער געזען אַז די אידן וועלן טון תשובה, ז*);

**בן ראשון אחר שלושים יום תפדה**, זאָלסט אוים לייזן דעם צו ערשט געבוירענעם זון נאָך דרייסיק טעג, ח) נעמלאַך פדיון הבן.

**תפדה בכור רחם אחר שלשים** יום, ח*) פדיון הבן.

**בניתי** איך האָב געבויעט, **רקמתי** איך האָב געוועבט, **אמצתי** איך האָב געשטאַרקט, **שרשתי** איך האָב פאַרוואָרצלט, **ישבתי** איך האָב באַזעצט, **תמכתי** איך האָב אונטער געלעהנט [דעם אוניווערס], ט);

**בששים רבוא אותיות שישראל יקבלו תורה**, די אידן וועלן מקבל זיין, אַז נעמען די תורה וועלאַכע ענטהאַלט זעקס הונדערט טויזנט אותיות, י);

**בזכות ששים רבוא אותיות תורת ישראל**, אין דעם זכות פון די זעכציק מיריאַדן, זעקס הונדערט טויזנט אותיות וועלאַכע די תורה ענטהאַלט, י*);

**בטחון** פאַרזיכערקייט, **צו** טרוי אין אייבערשטן, **רצון** ווילן צו דינען דעם אייבערשטן, **אהבה** ליבשאַפט צום אייבערשטן און צו לייט, **שתיקה** שווייגן נישט רעדן איבעריקע רייד, **יראה** פורכטן דעם אייבערשטן, **תורה** לערנען, א);

**די ש** פון בראשית מאַכט **שננתם**, נעמלאַך „ושננתם לבניך", ב) און איר זאָלט לערנען זיי אייערע קינדער. און די צאָל פון די אַנדערע אותיות פון בראשית באַטרעפט זעקס הונדערט און דרייצן, תרי״ג. נעמלאַך, און איר זאָלט לערנען אייערע קינדער די תרי״ג מצוות, ג).

**די זעקס אותיות פון בראשית** זיינען אַנטקעגן די זעקס אותיות פון **כה הויה**, מיט וועלאַכע דער בעשאַפער האָט בעשאַפן דעם אוניווערס, ווי סע שטעהט אין פסוק „כי בכה ה׳ צור עולמים", ד) מיט די דאָזיגע זעקס אותיות האָט ער בעשאַפן דעם אוניווערס, ה);

**אַנטקעגן** די זעקס טעג פון דעם וועלט בעשאַף, ו);

**אַנטקעגן** די ששה סדרי משנה, די זעקס סדרים, טיילן משניות, ז).

**די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט**

ז*) אגד״כ צירופי בראשית סג.

ח) אין דעם ווילנער גאון׳ס ז״ל נאָמען.

ח*) אגד״כ, צירופי בראשית סג.

ט) איך געדענק לײדער נישט דעם מקור, די קוועלע. זעט מיין בוך „לכבוד שבת", זייט 28.

י) י״ר בראשית ג, א [פון מגלה עמוקות].

י*) אגד״כ, צירופי בראשית, כ.

א) די זעקס ווערטער זאָגט מען אין נאָמען פון דעם ווילנער גאון ז״ל. די אויס טייטשונגען האָב איך הקטן אהרן באאמו״ר ר׳ משה נבג״מ צו געשטעלט.

ב) דברים ו, ז.

ג) מ״א אָנהייב בראשית.

ד) ישעיה כו, ד.

ה) מ״א אָנהייב בראשית.

אַז ער האָט בעשאַפן דעם אוניווערס מיט בלויז י און ה. זעט 134—133, נאָטן ט, י.

ו) דזמ״ה אָנהייב בראשית.

ז) מ״א אָנהייב בראשית; בעה״ט אָנהייב בראשית; פע״ר בראשית י, ב.

בראשית באַטרעפט ניין הונדערט און דרייצן, פונקט ווי די צאָל פון די אותיות פון די ווערטער **בתורה יצר.** דאָס ווינקט אָן אַז ער האָט בעשאַפן די וועלט מיט דער תורה, ח).

**איז פאַראַן אַן אָן דייט אַז די תורה איז געווען ביי דעם אייבערשטן נאָך פאַר דעם וועלט בעשאַף?**

יא. די צאָל פון די לעצטע אותיות פון די ערשטע ווערטער פון יעדער חומש, נעמלאַך: **בראשית, ואלה, ויקרא, וידבר, אלה,** באַטרעפט זעקס הונדערט און עלף, פונקט ווי די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט תורה. די צאָל פון די ערשטע אותיות פון די דאָזיגע פינעף ווערטער, נעמלאַך **ב, ו, ו, ו, א,** באַטרעפט איין און צוואַנציק ווי די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט **אהיה.** און דאָס מיינט דער פסוק „**ואהיה אצלו אמון**", ט). נעמלאַך די תורה זאָגט אַז זי איז געווען בעהאַלטן ביי דעם אייבערשטן, י).

די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט **בראשית** באַטרעפט ניין הונדערט און דרייצן, פונקט ווי די צאָל פון די אותיות פון די ווערטער **תרי"ג יצר.** דאָס הייסט ער האָט בעשאַפן די וועלט פאַר די אידן, זיי זאָלן זיין מקיים די תרי"ג מצוות, די זעקס הונדערט און דרייצן מצוות, א).

הימל און ערד, אדם הראשון און חוה, נעמלאַך דער מענטש, זיינען געוואָרן בעשאַפן אויף דעם זעלביקן שטייגער, לויט די תרי"ג, זעקס הונדערט און דרייצן, מצוות. דער מענטש איז געוואָרן בעשאַפן פון הימלישער און ערדישער מאַטעריע. נשמה איז שמים, הימליש. גוף קערפּער, איז ארץ ערדיש. אויף דעם פסוק „יקרא אל השמים מעל, ואל הארץ ידין עמו", ב) זאָגט די גמרא אַז שמים איז נשמה, ארץ איז קערפּער, ג).

אויך „האזינו השמים . . . ותשמע הארץ", ד) ווערט געטייטשט שמים נשמה, און ארץ גוף, קערפּער, ה).

דער מענטש איז בעשאַפן לויט תרי"ג מצוות, צוויי הונדערט אכט און פערציק מצוות עשה, פּאָזיטיווע געבאָטן; און דריי הונדערט פינעף און זעכציק מצוות לא תעשה, נעגאַטיווע פאַרבאָטן. דער

---

ח) פענח רזא בראשית ט, א און פאַרגלייכט מיט בעל הטורים אָנהייב בראשית.

אַז ער האָט בעשאַפן די וועלט מיט דער תורה, זעט: תדא"ר פרק כא; פר"א פרק ג; ב"ר א, א; תנח"ב בראשית ה; זהר פקודי רכא, א, אויבן און שמיני לה, ב; מדרש כונן, פרשה א; י"ש בראשית ב און משלי תתקמב; ל"ט בראשית זייט ב, א; מנה"מ ג, ת"ת זייט 206; רקאַנטי בראשית ג, א, אונטן.

זעט: פרקי אבות פרק ג; אר"נ נוסחא א, פרק לט, זייט 118; ב"ר ג, ה און סד, ח; י"ש בראשית ענדע ד.

אין מאַנכע ערטער שטעהט דפתראות. סע מיינט דאָקומענטן.

ט) משלי ח, ל.

י) פענח רזא בראשית י, ב—יא, א. זעט: אָנהייב מדרש בראשית רבה און מהרז"ו דאָרט; ב"ר ח, ב; תנח. וישב ד; זהר שלח קנט, א; י"ש משלי תתקמב. זעט 172, י1.

אַז די תורה איז געוואָרן בעשאַפן פאַר דעם וועלט בעשאַף, זעט:

משלי ח, כב און תרגום, רש"י, א"ע דאָרט; פסחים נד, א; נדרים לט, ב; פר"א פרק ג און זעט רד"ל אות יד דאָרט; זהר לך לך אויבן, און פרשת צו לד, ב; ב"ר א, ד; תנח. נשא א; שו"ט צג, א; יל"ה צג, ז; י"ש בראשית ענדע כ, ירמיה רצח, משלי תתקמב; רש"י אָנהייב בראשית; ל"ט בראשית ג, כד.

א) בחיי בראשית א, ב; בעה"ט אָנהייב בראשית; פע"ר בראשית ט, ב.

ב) תהלים נ, ד.

ג) זעט סנהדרין צא, א־ב.

ד) דברים לב, א.

ה) פענח רזא אָנהייב האזינו.

פסוק זאָגט „מה רבו מעשיך ה' כולם בחכמה עשית", ו). ווי פיל פּאַכיג זיינען דיינע ווערק, אָה האַר, דו האָסט בעשאַפן זיי אַלע מיט חכמה. און די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט „חכמה" אויס געשריבן אין פול, נעמלאַך חי"ת כ"ף מ"ם ה"י באַטרעפט זעקס הונדערט און דרייצן. און מיר זאָגן דאָך „אשר יצר את האדם בחכמה". דאָס הייסט, ער האָט בעשאַפן דעם מענטש לויט די תרי"ג מצוות, ז).

**בראשית** אין מספר קטן, קליין צאָל, באַטרעפט דרייצן ווי די אותיות פון **אחד,** אָן אָן ווינק אז דער אייבערשטער איז איינציק, איינער און מעהר קיינער, ז*).

די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט **בראשית** באַטרעפט ניין הונדערט און דרייצן, פונקט ווי די צאָל פון די אותיות פון **בתורה צרי.** דער בעשאַפער האָט בעשאַפן דעם יצר הרע. האָט ער בעשאַפן אויך די תורה אַלס באַלזאַם, אַלס מיטל געגן אים, ח).

**שב' תרי"א,** די צאָל פון די אותיות פון **תורה** באַטרעפט זעקס הונדערט און עלף. **שב' תרי"א,** נעמלאַך מיט די זעקס הונדערט און עלף, דאָס הייסט מיט דער תורה האָט ער בעשאַפן דעם אוני־ווערס, ט).

די צאָל פון די אותיות פון בראשית באַטרעפט ניין הונדערט און דרייצן פונקט ווי די צאָל פון די אותיות פון די ווערטער **בתורה יצר,** ער האָט בעשאַפן [די וועלט] מיט דער תורה, ט*).

**בראשית,** די צאָל פון די אותיות פון בראשית באַטרעפט ניין הונדערט און דרייצן, פונקט ווי די צאָל פון די אותיות **ישראל בחר בעמים.** אָן אָן דייט אַז ער האָט אויס דערוועהלט די אידן פון אַלע פעלקער, י). [בחר ישראל בעמים, א. ר.]

**בראשית** מאַכט:

**ב** אלפים שנה ראה ה' תורה, צוויי טויזנט יאָר פאַר דעם וועלט בעשאַף האָט דער בעשאַפער געזען די תורה, י1).

שמוע **תשמע** בקולי **אני** ה' רופאיך, הער צו מיין קול, איך בין דיין היילער.

**במצות** אהבת ישראל יוכלל **תורה** שלמה, די מצוה „ואהבת לרעך כמוך", האָב ליב דעם צווייטן ווי זיך אַליין, ענט־האַלט אין זיך די גאַנצע תורה.

רצון ה' **תאכל** בשבת שלש אכילות, סע איז דעם אייבערשטנס ווילן אַז די אידן זאָלן עסן שבת דריי מאָלצייטן.

---

ו) תהלים קד, כד.

ז) מכות כג, ב אונטן; תנח. פקודי ענדע סימן ג. זעט תרגום יחזקאל כח, יב; עיון תפילה און תקון תפילה אין סדור אוצר התפילות נח, ב.

זעט „רזא דמאיר" אין „פענח רזא", בראשית ט, ב.

ז*) מגן אברהם בחוקותי לד, ב, פון דעם טריסקער מגיד זצ"ל, פון תיקוני זהר.

ח) פענח רזא בראשית ט, ב.

זעט: אר"ג נוסחא, אָנהייב פרק כ; סוכה נב, א־ב; קידושין ל, ב; בבא בתרא טז, א; ספרי עקב פיסקא מה, אויסגאַבע אום; במ"ר כב, ט; שו"ט קיט, ז, הוספה און סד; ילק"ה ד, יב; י"ש ישעיה רצו.

זעט ברא שתי יצה"ר, זייט 166, ב.

ט) פענח רזא בראשית ח, ב. זעט: מכות כג, ב—כד, א; תנח. וילך, ב.

ט*) פענח רזא, בראשית ט, א.

אַז ער האָט בעשאַפן די וועלט מיט דער תורה, זעט:

תדא"ר פרק לא, זייט קכא; ב"ר א, א; זהר פקודי א, אויבן; תנח"ב בראשית ה; ל"ט בראשית זייט ב, א; י"ש בראשית ב און משלי ענדע תתקמב; מנה"מ ג', תל"ת, זייט 206; רקאַנטי אָנהייב בראשית, און זייט ג, א; י"ר בראשית ב, א אונטן און ח, א.

י) בעל הטורים אָנהייב בראשית; י"ר בראשית ג, ב [פון סודי רזא].

י1) אגד"כ צירופי בראשית סימן ג.

ראש שנה יתקעו תרועה בשופר איל, ראש השנה וועט מען בלאָזן דעם שופר פון א ווידער.

רצה אלקים שיתענו בניו יוד תשרי, דער אייבערשטער וויל זיינע קינדער זאָלן פאַסטן יום הכיפור.

שלש רגלים תבוא בית ה' אלקינו, אויף פסח, שבועות און סוכות וועסט [זאָלסט] דו עולה רגל זיין, קומען אין בית המקדש.

את שלש רגלים תחוגו בני ישראל, די אידן זאָלן פייערן די דריי ימים טובים: פסח, שבועות, סוכות.

רצה אלקים בסוכות תשבו שבעת ימים, דער אייבערשטער וויל אידן זאָלן זיצן אין סוכה זיבן טעג.

רצה אלקים ישמחו ביום שמחת תורה, דער אייבערשטער וויל אַז די אידן זאָלן פרייען זיך שמחת תורה.

רצה אלקים יקבלו תורה בחג שבועות, דער אייבערשטער האָט געוואָלט אַז די אידן זאָלן מקבל זיין, אָן נעמען די תורה שבועות.

אלול ימי רצון תשובו בתשובה שלמה, אלול איז די גינסטיקע צייט צו טון פולקאָמע תשובה.

ראה אלקים שיביאו ישראל תרומה ביכורים, דער אייבערשטער האָט געזען אַז די אידן וועלן ברייינגען תרומה, בי־כורים.

רצה אלקים שמיטות יובלות תשמרו בארץ, דער אייבערשטער וויל מע זאָל אָפּ היטן שמיטה און יובל אין ארץ ישראל.

תנו רבנן ברית אברהם ידחה שבת, אונזערע רביים האָבן געלערנט אַז א ברית שטופּט אָפּ שבת; אַז שבת מעג מען מל זיין.

רק בית אחד תפילין של יד, דער של יד פון די תפילין וועט ענטהאַלטן איין בית.

ארבעה בתים יתנו תפילין של ראש, דער של ראש פון די תפילין וועט ענט־האַלטן פיר בתים.

אלקים ראה שיעשו ישראל תכלת בבגדיהם, דער אייבערשטער האָט געזען אַז אידן וועלן טראָגן תכלת [אין די ציצית].

רצה [רוצה] אלקים שיתפללו בניו שלש תפילות, דער אייבערשטער האָט געוואָלט אַז זיינע קינדער זאָלן דאַווענען דריי מאָל א טאָג.

תענה בכונה אמן יהא שמיה רבא, ענטפער יהא שמיה רבא מיט כונה.

רצה ה' בכל שבת יקראו תורתו, דער אייבערשטער וויל מע זאָל לייענען זיין תורה יעדער שבת.

יתקנו רבנן שנים במקרא אחד תרגום, אונזערע רביים ז"ל וועלן איין פירן מע זאָל לייענען די סדרה פון דער וואָך יעדער פסוק צוויי מאָל אין לשון הקודש, און איין מאָל אין תרגום לשון [אראַמע־איש].

[סע מיינט אַז סע איז געווען פאָראויס געזען אזוי].

אזהרת שופטים בתולה תנשא יום רביעי, די שופטים'ס [ריכטערס] וואָר־נונג: א בתולה זאָל האָבן חתונה אין א מיטוואָך.

ירא שמים אל תלך בגילוי ראש, הימלס פורכטיקער, זאָלסט נישט געהן מיט אַן ענטבלויזטן קאָפּ.

[האָב מורא פאַר דעם אייבערשטן, געה נישט מיט דעם אַן הוילן, בלויזן, נישט צו געדעקטן קאָפּ].

שיחה בטלה אסור, רק תורה ידבר, פוסטער שמועס איז פאַרבאָטן, רעד בלויז אין לערנען.

יעקב אמר תהלים בעת שהיה בבית רמאי, יעקב אבינו האָט געזאָגט תהלים ווען ער האָט געוואוינט ביי דעם ליגנער [לבן].

**בזכות רועה אשר שר תהילת ים**, אין דעם זכות פון משה רבינו וועלכער האָט געזינגען שירה ביי דער שפּאַלטונג פון דעם ים סוף. משה ווערט אָן גערופן רועה נאמן, באַגלויבטער פּאַסטאַך, י*).

**שבעה בחודש אדר ימות רועה תמים**, זיבן טעג אין אדר וועט שטאַרבן דער פּערפעקטער פּאַסטאַך [משה רבינו], י2).

**תשבי יעלה רום שמים בימי אלישע**, אליהו הנביא וועט אַרויף אין הימל אַריין אין אלישע הנביא׳ס צייטן.

רועה **תשבי יעיד שמקיימים ברית אברהם**, דער פּאַסטאַך אליהו וועט זאָגן עדות אַז די אידן זיינען מקיים דעם ברית, בונד וועלכן דער אייבערשטער האָט געשלאָסן מיט אברהם אבינו.

**אליהו תשבי יתרץ בעיות של רבנן**, אליהו וועט פאַר ענטפערן די נישט פאַרענטפערטע קושיות.

**רבינא, אשי יסדרו תלמוד שהיה בפה**, רבינא און רב אשי וועלן מסדר זיין, אָרגאַנזשירן די תורה שבעל פה, דעם תלמוד. און סע איז פאַראַן אַ מיינונג אַז זיי ביידע האָבן צוזאַמען געשטעלט דעם תלמוד.

**רבינו שלמה יפרש ביאור תורת אמת**, רש״י ז״ל וועט פאַרטייטשן די תורה.

**אור תורת רבינו יצחק בן שלמה**, די ליכטיקייט פון רבינו יצחק בר׳ שלמה׳ס תורה [דער האריז״ל].

**אור תורת רבינו ישראל בעל שם**, די ליכטיקייט פון דעם בעל שם טוב׳ס ז״ל תורה, לעהרע, י3).

---

י*) א״ר ז, יג; י״ש אסתר תרנז; א״ג,ב׳ פרשה ד.

י2) זעט: סדר עולם רבה פרק י; סוטה יב, ב; תוספתא פרק יא (פאַרגלייכט אגדות התנאים, עדיציע היגער, זייט 109); קידושין לח, א; מגילה יג, ב; מגילת תענית, אויס־גאַבע וואַרשע זייט 40; מדרש תנחומא ואתחנן ו; מדרש תנחומא באָבער זייט 13; דברי הימים של משה רבינו, ע״ה, יעללינעק זייט 11; מדרש פטירת אהרן, יעללינעק זייט 91; מדרש פטירת משה רבינו, ע״ה, יעללינעק, זייט 122; סדר הדורות, זייט 92; תרגום יונתן דברים לד, ה; מדרש ילמדנו ואתחנן 11; מדרש תנאים, עדיציע האָפפמאַן 227; מכילתא דרבי שמעון בן יוחאי, עדיציע האָפפמאַנן, 80; ילקוט ראובני הברכה, קפג, א; מדרש לקח טוב (פסיקתא זוטרתא) שמות 114; זעט מדרש הגדול שמות, 180; שלשלת הקבלה יד, א; ילקוט שמעוני שמות רמז רסו, דברים רמז תתכא, און רמז תתקסה, יהושע רמז א; רבינו בחיי מסעי 86 און וילך 86; מדרש לקח טוב דברים 135; נזיר יד, א און רש״י דאָרט; אגדת אסתר, באָבער, פרשה ג, ו; ספרי דאגדתא באָבער 99; דרש לפטירת משה רבינו, ע״ה מח, א.

אין תענית ט, א שטעהט אַז משה איז נפטר געוואָרן אין חודש אדר, און סע זאָגט נישט אין וויפלטן טאָג אין אדר.

אין מכילתא בשלח ויסע ה, עדיציע מאיר איש שלום אויסגאַבע אום, האַלט רבי יהושע אַז משה איז נפטר געוואָרן דעם אַכטן אדר, און רבי אלעזר המודעי האַלט דעם זעקסטן אדר.

אין ילקוט שמעוני שמות רמז רסא און אין יהושע רמז טו האַלט רבי אליעזר אַז משה איז נפטר געוואָרן דעם זיבעטן שבט.

לויט מדרש אסתר רבה פרשה ז און רלב״ג חוקת איז משה נפטר געוואָרן דעם ערשטן טאָג אין אדר.

זעט מיינע ביכער: „משה רבינו׳ס לעבן און שאַפונג״, זייט קצ; „מאָזעס אים ליכטע דער אגדה״, אין דייטש, זייט 146, נאָטע 612.

י3) אגד״כ, צירופי בראשית, זייטן ב—ה, און זעט דאָרט נאָך רמזים, אָן דייטונגען, אָן ווינקונגען געבויעט אויף דעם וואָרט בראשית.

אגב, אגד״כ צירופי בראשית ברייגנט עטליכע מאָל דעם אויסדרוק „וליכא מידי דלא רמיזא באורייתא״. אויך ילקוט הגרשוני חלק ראשון לז, ברייגנט אַזוי. און אני הקטן

**האָט דאָס וואָרט ב ר א עפּיס אַ ספּעציעלע בעדייטונג?**

יאָ. סע ווינקט אָן אַז דער בעשאַפער האָט בעשאַפן די וועלט און יענע וועלט. די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט **ברא** באַטרעפט צוויי הונדערט און דריי, פונקט ווי די צאָל פון די אותיות **ב׳ העולמים** די ביידע וועלטן, **א)**.

**ברא** מיינט קינדער, בריאות געזונט; און בר, תבואה שפּייז. דאָס איז דער „ראשית", דער אָנהייב. אַ מענטשנס סאַמע ערשטע הויפּט פערלאַנגען זיינען קינדער, געזינט און פרנסה, **ב)**.

**האָט דאָס וואָרט אלקים עפּיס אַ ספּעציעלע בעדייטונג?**

יאָ. די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט אלקים באַטרעפט זעקס און אַכציק, פונקט ווי די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט הכסא; נעמלאַך דער כסא הכבוד, דער הימלישער טראָן, **ג)**.

דער כסא הכבוד איז איינער פון די זאַכן וואָלאַכע זיינען געוואָרן בעשאַפן פאַר דעם וועלט בעשאַף, **ד)**.

**האָבן די ווערטער בראשית ברא אלקים, עפּיס אַ באַזונדערע בעדייטונג?**

יאָ. די צאָל פון די אותיות פון די ווערטער **בראשית ברא אלקים**, באַטרעפט טויזנט צוויי הונדערט און צוויי, פונקט ווי די צאָל פון די אותיות פון די ווערטער **והיה למען בכורים וגם חלה ומעשר, ה)**. דאָס ווינקט אָן אַז די וועלט איז געוואָרן בעשאַפן צוליב די מצוות פון בכורים, צו ברייגגען די ערשטע צייטיק געוואָרענע פּראָדוקטן צו דעם כהן, נעמען חלה און גיבן מעשר, **ו)**.

די צאָל פון די אותיות **בראשית ברא אלקים** באַטרעפט טויזנט צוויי הונדערט און צוויי, פונקט ווי די צאָל פון די אותיות פון די ווערטער תורה נביאים, כתובים, און אויך ווי די צאָל פון די אותיות פון אברם, ישחק, ישראל, **ז)**.

די לעצטע אותיות פון בראשית ברא אלקים מאַכן אמת, אָן אָנדייט אַז דער בעשאַפער האָט בעשאַפן די וועלט מיט אמת, **ח)**.

אגב, די לעצטע אותיות פון ברא אלקים את מאַכן אויך אמת.

**בראשית ברא אלקים.** לויט דער מעטאָדע פון א"ת ב"ש, נעמלאַך **א** און **ת**, **ב** און **ש**, **ג** און **ר**, און אַזוי ווייטער, זיינען די **ב** פון בראשית **אַ ש**, די **ב** פון ברא **אַ ש**, און די **א** פון אלקים **אַ ת**, צוזאַמען מאַכט עס ששת, זעקס. דאָס איז אָן אָנדייט ווענגן דער זעקס טויזנט יאָריגער עקזיסטענץ פון דער וועלט, **ט)**.

---

אהרן באַאמו"ר ר׳ משה נבג"מ מאַך אויפמערקזאַם אַז דער לשון אין תענית ט, א [נישט ח ווי אין ילקוט] איז די גירסא: „מי איכא מידי **דכתיבי בכתובי** דלא רמיזי באורייתא". זעט אויך רש"י דאָרט אויבן.

**א)** פענח רזא בראשית יא, א.

**ב)** ר׳ וואָלף סטריקאָווער ז"ל.

**ג)** בעה"ט אָנהייב בראשית; פע"ר בראשית יא, א.

**ד)** פאַרגלייכט:

פסחים נד, א; נדרים לט, ב; פר"א פרק ג, און זעט רד"ל דאָרט סימן יד; תדא"ר פרק לא, זייט קכ, ב; זהר צו לד, ב; תנח. נשא יא; שו"ט צג, ג; יל"ה צג, ג; י"ש בראשית ענדע כ, ירמיה רצח און תהלים תתו; ל"ט בראשית ג, כד.

**ה)** פענח רזא בראשית י, א.

**ו)** זעט:

ב"ר א, ד; י"ש בראשית ב; רמב"ן בראשית א, א; בחיי בראשית א, ב; רקאַנטי אָנהייב בראשית; באַנד א, זייט 44 גאַטע ב.

**ז)** פענח רזא בראשית י, א.

**ח)** פרור בראשית זייט ג; בעל הטורים אָנהייב בראשית.

**ט)** י"ר בראשית ג, ב [פון סודי רזא], פון דעם ספר רזיאל המלאך.

וועגן די זעקס טויזנט יאָר, זעט:

תדא"ר אָנהייב פרק ב; ר"ה לא, א; סנה.

**דער ערשטער פסוק פון דער תורה ענטהאַלט זיבן ווערטער אנטקעגן די זיבן טעג פון דער וואָך, י).**

**אנטקעגן די זיבן יאָר אין שמיטה, אנטקעגן די זיבן שמיטות אין אַ יובל, אנטקעגן די זיבן הימלן, זיבן ערדן, זיבן ימים, די זיבן פּלאַנעטן שצ"ם חנכ"ל, שבתי, צדק, מאדים, חמה, נוגה, כוכב, לבנה, א).**

**דער ערשטער פסוק אין דער תורה ענטהאַלט אַכט און צוואַנציק אותיות, אַנטקעגן די אַכט און צוואַנציק טעג פון דעם חודש, ב).**

**אגב, דער פסוק „ויהי בנסוע הארון"... ענטהאַלט צוועלף ווערטער. דאָס איז אַנטקעגן די צוועלף מזלות, ג).**

**אין דעם ערשטן פסוק אין דער תורה זיינען פאַראַן זעקס „א", אַנטקעגן די זעקס טויזנט יאָר, וואָס די וועלט דאַרף עקזיסטירן, ד). צוויי טויזנט יאָר וויסט; צוויי טויזנט יאָר תורה, צוויי טויזנט יאָר משיח'ס צייטן. נאָר אַזוי ווי אונ־זערע זינדן האָבן פאַרמעהרט זיך, פאַר־ציט עס זיך נאָך טויזנט יאָר, ה).**

**אין דעם צווייטן פסוק אין דער תורה געפינען זיך צוויי אלף'ן, אַנטקעגן די צוויי טויזנט יאָר פון משיח'ס צייטן, ו).**

**זעט נאָך אויס טייטשונגען אין פענח רזא אַנהייב בראשית.**

**און אגב, גימטריאות זיינען מן התורה. מע לערנט עס אָפּ פון דעם פסוק „כי לא דבר רק הוא מכם", ז) וואָרן דאָס איז נישט אַ לעהר וואָרט פאַר אייך. און די צאָל פון די אותיות פון די ווערטער פון דעם דאָזיגן פסוק באַטרעפט זעקס הונדערט ניין און זי־בעציק, פונקט ווי די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט גימטריאות, ח).**

---

צו, א, אונטן, און אויך די לעצטע שורה; ע"ז ט, א; פ"ר פיסקא א, זייט ד, א—ב; שו"ט צ, יז, און זעט דאָרט אַלע נאָטן; ילק"ה צ, כה און כו; ילה"י ישעיה ב, יז; י"ש ישעיה אַנהייב שצד, תהלים תתו און תתפח; בחיי בראשית א, ענדע ב. זעט רמב"ן בראַ־שית ב, ג.

י) דזמ"ה אַנהייב בראשית; בעה"ט אַנ־הייב בראשית.

**א)** בעל הטורים אַנהייב בראשית. אַז עס איז אַנטקעגן די זיבן הימלן, זעט י"ר בראשית ג, ב [פון תמונה].

וועגן דער צאָל הימלען און וועגן דער צאָל ערדן, זעט זייטן 194—193, 189—188.

**ב)** דזמ"ה אַנהייב בראשית. אָבער סאַי תשרי לויט רבי אליעזר, און סאַי ניסן לויט רבי יהושע ענטהאַלטן דאָך צו דרייסיג טעג.

ג) י"ר בראשית ג, ב [פון תמונה].

ד) דזמ"ה און בעה"ט אַנהייב בראשית.

ה) פאַרגלייכט די ווערסיעס, און ווער סע זאָגט וואָס אין:

תדא"ר אַנהייב פרק ב; ר"ה לא, א; סנה.

צו, א, אונטן און אויך די לעצטע שורה; ע"ז ט, א; פ"ר פיסקא א, זייט ד, א—ב; שו"ט צ, יז, און זעט אַלע נאָטן דאָרט; ילק"ה צ, כה און כו; ילה"י ישעיה ב, יז; י"ש ישעיה אַנהייב שצד, תהלים תתו און תתפח; בחיי בראשית א, ענדע פסוק ב. זעט רמב"ן בראשית ב, ג.

ו) דזמ"ה אַנהייב בראשית. זעט מעהר איינצלהייטן אין בעה"ט אַנהייב בראשית.

ז) דברים לב, מז.

ח) פענח רזא בראשית ט, א.

זעט: ירושלמי פאה אַנהייב פרק א און כתובות ענדע פרק ח: „כי לא דבר רק הוא מכם" און „קרבן העדה" און „פני משה" דאָרט; ספרי עקב אַנהייב פיסקא מח, אויס־גאַבע אום; ב"ר א, יד; י"ש בראשית ג, ענדע תטו און תתעג, יהושע כב.

אין תלמוד, מדרש, זהר זיינען פאַראַן פילע גימטריאות. זעט צום ביי שפּיל נדרים לב, א אונטן און רש"י דאָרט אונטער דעם וואָרט **אליעזר**; מדרש תנחומא וילך ב.

**אַז נוטריקון איז מן התורה, זעט: שבת קה, א; באַמערקונג, זייט 158.**

# הימל און ערד

**אויף וואָס פאַר גאַראַנטירטן, דויער האַפטיקן, פונדאַמענטאַלן באַזיס האָט דער בעשאַפער גערעכנט צו בעשאַפן זיין וועלט?**

צו ערשט איז אויף געגאַנגען אויף דעם געדאַנק צו בעשאַפן די וועלט מיט מידת הדין. די וועלט זאָל פירן זיך שטרענג, לויט געזעץ, לויט דעם מאָס שטאָב פון גערעכטיקייט. אָבער ווען ער האָט געזען אַז אויף דין, געזעץ אַליין וועט די וועלט נישט קאָנען באַשטעהן, עקזיס־טירן. האָט ער באַהעפט צו דין די מידה, דעם אַטריבוט פון רחמים, די מאָס פון באַרם הארציקייט, א).

דער פסוק זאָגט „בדבר ה׳ שמים נעשו״, ב) מיט דעם אייבערשטנס אַ וואָרט זיינען די הימלען געוואָרן גע־מאַכט. און די אותיות פון דעם וואָרט **בדבר** מאַכן **במידת** דין, **במידת** רח־מים, ג).

לויט אַן אַנדער נוסח, ווערדיע:

ווען דער בעשאַפער האָט געזען אַז די וועלט וועט נישט קאָנען עקזיסטירן סאַידן ער וועט אויס שטרעקן זיין רעכ־טע האַנד אויף איר, ווייל די דאָזיקע וועלט איז געוואָרן בעשאַפן מיט דין. האָט ער אויס געשטרעקט זיין רעכטע האַנד. ווען נישט וואָלט זי נישט געווען געקאָנט עקזיסטירן, ד).

אגב, די צאָל פון די אותיות פון די ווערטער **יום אחד**, ה) איין טאָג, באַ־טרעפט ניין און זעכציק, פונקט ווי די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט הדין, ו).

**אין וויפל טעג איז געוואָרן בעשאַפן די גאַנצע וועלט?**

סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיי־נונגען:

רבי יהודה האַלט אין זעקס טעג. ווי סע ווערט דערצעהלט אין אָנהייב פון דער סדרה בראשית.

רבי נחמיה האַלט אַז די גאַנצע וועלט איז געוואָרן בעשאַפן אין דעם ערשטן טאָג. ווייל די תורה זאָגט „תוצא הארץ״, ז) די ערד זאָל ברייננגן אַרויס. און דאָס מיינט בריינגן אַרויס דאָס וואָס איז אַן געגרייט שוין פון פריער, ח).

דער וועלט בעשאַף האָט געדויערט צוויי און זיבעציק שעה, זעקס טעג צו צוועלף שעה. און דערפאַר זאָגט דער פסוק, „כי אמרתי עולם חסד יבנה״, ט) די וועלט איז געבויעט מיט חסד. און

א) פ״ר פיסקא מ, זייט קסו, ב—קסז, א; מ״א בראשית א, א; ב״ר יב, טו; רש״י אָנהייב בראשית; אלשיך בראשית א, אָנהייב פסוק יא; ב, אָנהייב פסוק יז; זייט ו, ב.
זעט: י״ש משלי תתקסב; רש״י בראשית א, א; ל״ת בראשית ח, א.

ב) תהלים לג, ו.

ג) י״ר בראשית ח, ב.

ד) זהר ויחי רל, ב.

ה) בראשית א, ה.

ו) פענח רזא, בראשית י, א.

ז) בראשית א, כד.

ח) תנח״ב אָנהייב בראשית, און זעט דאָרט הערה ו; י״ש בראשית ענדע ה, און זעט דאָרט דעם ענטפער וועלאַכן רבי יוסי בן חלפתא האָט געגיבן דער מאַטראָנע אויף איר פראַגע אין וויפיל טעג דער בעשאַפער האָט בעשאַפן די וועלט; רש״י בראשית א, פסוקים יד און כד, און ב, ד; לקוטי זייט 155; בחיי בראשית א, א; י״ס בראשית ב, זייט ד, א.

ט) תהלים פט, ג. זעט תרגום דאָרט און פאַרגלייכט מיט רש״י, א״ע, מ״צ,א׳; בחיי תצוה כח, טו.

די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט חסד באַטרעפט צוויי און זיבעציק.

די בעשאַפונגען זיינען געוואָרן בעשאַפן דעם ערשטן טאָג. אָבער די ערד האָט געהאַט קיין ערלויב [ערלויבעניש] צו ברייגנן זיי אַרויס אָהן דעם בעשאַפערס גוט הייסן, י).

אַלע בעשאַפונגען פון הימל און ערד זיינען געוואָרן בעשאַפן פון דעם ערשטן טאָג אָן. און יעדע איינע פון זיי האָט פאַרנומען איר אָרט אין דעם טאָג, וועלכער איז געוואָרן באַשטימט פאַר איר, א).

**האָט דער בעשאַפער געהאַט אַ באַשטימטן סיסטעם וואָס צו בעשאַפן יעדער טאָג?**

**יאָ.** דעם ערשטן טאָג האָט דער בעשאַפער בעשאַפן הימל און ערד. זיינען געבליבן פינעף טעג. האָט ער געטראַכט זיך: אויב ער וועט בעשאַפן עפּיס אויבן, וועט עס פאַרדריסן די ערד. זאָל ער ווידער בעשאַפן עפּיס אונטן, וועט עס פאַרדריסן דעם הימל. וואָס זשע האָט געטון דער הייליגער, ברוך הוא. ער האָט בעשאַפן איין טאָג איין זאַך אויבן, און איין טאָג איין זאַך אונטן.

**דעם צווייטן טאָג** האָט ער בעשאַפן „רקיע”, ב) דעם אויס שפּרייט, אויבן.

**דעם דריטן טאָג** האָט ער באַפעהלט „יקוו המים”, ג) זאָלן די וואַסערן איין זאַמלען זיך, אונטן.

**דעם פערטן טאָג** האָט ער געזאָגט „יהי מאורות”, ד) זאָלן ווערן ליכטער, אויבן.

**דעם פיפטן טאָג** האָט ער באַפעהלט „ישרצו המים”, ה) זאָלן די וואַסערן ווידמענען, אונטן.

**דעם זעקסטן טאָג** האָט ער בעשאַפן דעם מענטש [דעם קערפּער] אונטן, און [די נשמה], אויבן, ו).

סע איז פאַראַן אויך אַ מיינונג אַז דער בעשאַפער האָט בעשאַפן יעדער טאָג דריי בעשאַפונגען. דעם זעקסטן טאָג האָט ער בעשאַפן זעקס, דריי פאַר דעם זעקסטן טאָג, און דריי פאַר דעם זיבעטן טאָג, שבת.

**דעם ערשטן טאָג:** הימל, ערד, ליכט;

**דעם צווייטן טאָג:** אויס שפּרייטונג, גיהנם, מלאכים, ז);

**דעם דריטן טאָג:** ביימער, גראָז, טייכן;

**דעם פערטן טאָג:** זון, לבנה, שטערנס;

**דעם פיפטן טאָג:** פיש, לויתן, געפליגלס;

**דעם זעקסטן טאָג:** נפשות, בהמה, רמש [קריכנדיקע], חיה, אדם, חוה, ח).

לויט אַן אַנדער מיינונג:

יעדער טאָג האָט דער בעשאַפער בעשאַפן דריי בעשאַפונגען.

---

י) מ"א בראשית א, יב.

א) מ"א בראשית א, יב; רש"י בראשית א, פסוקים יד און כד, און ב, ד. זעט הערה ח אויף פאַרגעהענדיגער זייט.

ב) בראשית א, ו.

ג) בראשית א, ט.

ד) בראשית א, יד.

ה) בראשית א, כ.

ו) תנח"ב בראשית טו; ב"ר יב, ח; וויק"ר ענדע פרשה ט; י"ש בראשית יח, תהלים תשיב און משלי תתקלה; ל"ט בראשית זייט ט, ב; רש"י בראשית ב, יז.

ז) לויט אַן אַנדער מיינונג זיינען די מלאכים געוואָרן בעשאַפן דעם פיפטן טאָג. זעט זייטן: 223, ה; 179, ב.

סע איז פאַראַן אויך אַ מיינונג אַז דער מלאך המות איז געוואָרן בעשאַפן דעם ערשטן טאָג, תנח. וישב ד.

ח) תנח"ב בראשית יז. פאַרגלייכט מיט דער ווערסיע אין מר"א כ', זייט 373.

דעם ערשטן טאָג האָט ער בעשאַפן הימל, ערד, ליכט, ט).

דעם צווייטן טאָג האָט ער בעשאַפן רקיע, ט*) דעם פאַרשפּרייט, דעם גיהנם, י) און די מלאכים, א).

לויט אַנדערע מיינונגען זיינען די מלאכים געוואָרן בעשאַפן דעם פינפטן טאָג, ב).

דעם דריטן טאָג האָט ער בעשאַפן די ביימער, די גראָזן און די טייכן, ג).

דעם פערטן טאָג האָט ער בעשאַפן די זון, די לבנה, די שטערנס, ד).

דעם פינפטן טאָג האָט ער בעשאַפן די פיש, דעם לויתן און געפליגל, ה).

דעם זעקסטן טאָג האָט ער בעשאַפן אדם׳ן, חוה׳ן, די קריכנדיקע בעשאַפענישן, בהמה, חיה און שדים [מזיקין], ו). די חכמים ז״ל נוצן דאָס וואָרט מריאים און טייטשן עס: שדים. דאָס מיינט די נשמות וועלאַכע דער בעשאַפער האָט

---

אין ב״ר יא, ט שטעהט: גן עדן אויף דעם אָרט פון טייכן, מזלות אויף דעם אָרט פון שטערנס, מריאים [שדים] אויף דעם אָרט פון נפשות. זעט דאָרט מתנות כהונה, מהרז״ו, רש״י [?], רד״ל סימן יא, יפה תאר, און פאַרגלייכט מיט דער אָרדנונג פון די ווערטער אין תנח״ב און אין מר״א.

זעט: פ״ר פיסקא מו, זייט קפז, א; ב״ר יב, ה.

ט) תנח. אָנהייב תזריע; תנח״ב בראשית יז; ב״ר יא, ט; י״ש בראשית טז. פאַרגלייכט פ״ר פיסקא מו, זייט קפז, ב.

ט*) בראשית א, ו—ט.

י) פסחים נד, א; פר״א פרק ד; ב״ר ענדע פרשה ד; ש״ר טו, כב; תנח. חיי שרה ג; תנח״ב בראשית יז; זהר בראשית מו, א; י״ש בראשית ה און ישעיה ענדע תלו; יל״ה קד און קמט, ח; מדרש כונן; רש״י ישעיה ל, לג, און זעט דאָרט תרגום; רש״י נדרים לט, ב, אונטער דעם וואָרט כי ערוך; ל״ט בראשית א, ז; בחיי בראשית א, ד און ב, ג; עקידת יצחק בראשית שער ג, זייטן כז, ב—כח, א.

א) זעט ווער סע זאָגט וואָס אין די פאָלגענדיקע קוועלעס:

ב״ר א, ג; ג, ח; יא, ט; ש״ר טו, כב; תנח. חיי שרה ג; תנח״ב אָנהייב בראשית און אויך סימנים יב און יז, הערה קיד; יוב״ע בראשית א, כו; פר״א אָנהייב פרק ד; פרא״א 6, ערשטע שורה; מר״א כ, זייט 374; שו״ט ב, לג; כד, ד; פו, ד; און קד, ז; יל״ה כד, ב; מד, כד; פו, יא, יב; קד, ב, ה, טו און יט; ילה״י מג, יא; מדרש כונן; ילמ״ד א׳, א; ילמ״ד ד׳, סד; מה״ג,ג׳, א, ו, זייט 24; שלשה ב, לא; י״ש בראשית ה און ענדע טז; תהלים אָנהייב תתלו; רש״י בראשית א, ה; רש״י ראש השנה לא, א, אונטער דעם וואָרט ושליט; בחיי בראשית א, כא; רקאַנטי ו, א; י״ר בראשית ח, ג; וירא לח, ג.

ב) ב״ר א, ג און ג, ח; תנח״ב אָנהייב בראשית און סימן יב; ילמדנו בראשית א; שו״ט ב, לג; כד, ד און פו, ד; יל״ה כד, ב; מד, כד; פו, יב, קד, טו; ילה״י מד, כד; י״ש בראשית ה; תהלים אָנהייב תתלו; מה״ג, א׳, זייט 24; בחיי בראשית יא, א); רקאַנטי בראשית ו, א; י״ר בראשית ח, ג; וירא לח, ג.

זעט אומעטום ווער סע זאָגט וואָס. און זעט נאָך פאַרשידענע מיינונגען אין דעם קאַפּיטל מלאכים, זייטן 222...

ג) תנח״ב בראשית יז. אין: ב״ר יא, ט; י״ש בראשית טז שטעהט „וגן עדן" אויף דעם אָרט פון „ונהרות", טייכן.

ד) תנח״ב בראשית יז. אין ב״ר יא, ט און אין י״ש בראשית טז: „ומזלות", פלאַנעטן אויף דעם אָרט פון „וכוכבים", שטערנס.

ה) תנח״ב בראשית יז.

אין דער תורה [בראשית א, כא] שטעהט, „התנינם הגדולים", און דאָס מיינט דעם לויתן און זיין פאָר.

זעט: בבא בתרא עד, ב; יוב״ע, מ״א, רש״י בראשית א, כא. אין ל״ט בראשית א, כא שטעהט בלויז „לויתן".

פאַרגלייכט זהר בא לד, א—ב.

לויט ב״ר ז, ד און זעט דאָרט מהרז״ו מיינט תנינם בהמות און לויתן, וועלאַכע האָבן קיין פאָר. זעט: י״ש איוב תתקכו; זייט 147, ב.

ו) ב״ר יא, ט; י״ש בראשית טז. פאַרגלייכט מיט תנח״ב בראשית יז; ב״ר ז, ד.

בעשאַפן ערב שבת. נאָר איידער ער האָט באַוויזן צו בעשאַפן זייערע גופים, קערפּערס, איז געוואָרן שבת. זיינען זיי געבליבן נשמות אָהן גופים, ז).

לויט אַן אַנדער מיינונג: „שדים" [מזיקין] אויף דעם אָרט פון „נפש", ח).

**איז אמת אַז ווען דער בעשאַפער האָט בעשאַפן הימל און ערד, זיינען זיי נישט געפעלן אים. האָט ער אום געקעהרט זיי צוריק צו וויסטעניש און לעהרקייט. און די צווייטע זיינען יאָ געפעלן אים?**

אַזוי זאָגן אונזערע חכמים ז"ל, ט).

אומעטום וואו סע שטעהט „ואלה" גיט עס צו צו די ערשטע. וואו סע שטעהט „אלה", פּסל'ט עס די ערשטע, ט*). דער פסוק זאָגט „אלה תולדות השמים והארץ", י) פּסל'ט עס די ערשטע. נעמלאַך די ערשטע זיינען נישט געווען צופרידן שטעלנד. נאָר אלה, אָט די דאָזיגע זיינען געווען גוט, א).

**די תורה זאָגט: אין אָנהייב האָט דער אייבערשטער בעשאַפן דעם הימל, אָבער זי זאָגט דאָך נישט אין וועלאַכן טאָג?**

שמים, הימל, איז געוואָרן בעשאַפן אין דעם ערשטן טאָג. רקיע, אויסשפּרייט, איז געוואָרן בעשאַפן דעם צווייטן טאָג, ב).

**ווייסט מען וואָס פאַר אַ זאַכן סע זיינען געוואָרן בעשאַפן, און אין וועלאַכן טאָג, אויסער די יעניגע וועלאַכע זיינען רעקאָרדירט, אויס גערעכנט אין אָנהייב פון דער סדרה בראשית?**

יאָ. אָבער סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיינונגען וועגן וואָס סע איז געוואָרן בעשאַפן ווען:

דעם ערשטן טאָג זיינען געוואָרן בעשאַפן הימל און ערד, ג).

צען זאַכן זיינען געוואָרן בעשאַפן דעם ערשטן טאָג: שמים הימל, ארץ ערד, תוהו וויסטעניש, בוהו לעהרקייט, אור

---

ז) ב"ר ז, ד; בחיי בראשית א, כד. וועגן דעם וואָרט „מריאים" זעט אויך: ב"ר יא, ט און מתנות כהונה, מהרז"ו און רד"ל דאָרט; תנח"ב בראשית יז, ל"ט בראשית א, כד; ספרי האזינו פיסקא שיט, אויסגאַבע אום; גיטין סח, ב.

ח) זעט די מקורים, קוועלעס אין פאָרגעהענדיגן ענטפער.

ט) ש"ר ל, ג; תנח. שמות ב; י"ש בראשית יז.

ט*) זעט אומעטום ווער סע זאָגט עס אין:

ב"ר יב, און ל, ג; ש"ר א, ב און ל, ג; במ"ר ג, י; ר"ר ענדע; תנח. שמות ב און משפטים ג; תנח"ב שמות ג און משפטים ב; מ"א אָנהייב שמות; ש"ט שמות א, א; י"ש בראשית יז, אָנהייב נח, אָנהייב שמות, אָנהייב משפטים; רש"י אָנהייב משפטים; ל"ט אָנהייב בראשית, אָנהייב נח, אָנהייב שמות, אָנהייב משפטים: ואלה מוסיפין, אין מר"י אָנהייב משפטים אלו מוסיפין. פאַרגלייכט דעם לשון אין תוספות שבת יג, ב אונטער דעם וואָרט רש"י. זעט: והזהיר נז, א; מה"ג,א' אָנהייב נח, אָנהייב שמות און משפטים.

זעט במ"ח בראשית זייט ח, ב, פסוק ז.

י) בראשית ב, ד.

א) מר"י אָנהייב משפטים; ב"ר יב, ג און ל, ג; ש"ר א, ב און ל, ג; במ"ר ג, י; ר"ר אָנהייב פסוק טז; תנח. שמות ב און משפטים ג; י"ש בראשית אָנהייב יז, אָנהייב נח, אָנהייב שמות און אָנהייב משפטים; תוספות שבת יג, ב אונטער דעם וואָרט רש"י; בחיי, ל"ט בראשית ב, ד.

ב) ב"ר יט, ד. זעט בראשית א, פסוקים ו, ז.

ג) ב"ר יב, ה און יא, ט; ש"ר יז, א; א"ר ז, יא; תנח"ב בראשית א; שו"ט צב, ב; יל"ה קד, טו; ילה"י יא, טו; נא, ו; רש"י בראשית א, ו; ל"ט בראשית ב, ג.

זעט: ב"ר יט, ד; ל"ט בראשית א, ז.

זעט פר"א אָנהייב פרק ד וועגן אַ הימל וועלאַכער איז געוואָרן בעשאַפן דעם צווייטן טאָג.

ליכט, חושך פינצטערניש, רוח, ד) מים וואַסער, מידת יום די לײנג פון דעם טאָג, מידת לילה די לײנג פון דער נאַכט, ה).

פיר זאַכן זײנען געוואָרן בעשאַפן דעם ערשטן טאָג: בערג, הימל, ערד, ליכט, ו).

נאָר ליכט איז געוואָרן בעשאַפן דעם ערשטן טאָג, ז).

לויט אַן אַנדער מײנונג: דער פסוק זאָגט „ויהי אור", ח) און סע איז געווען ליכט. סע שטעהט נישט „והיה" און סע איז געוואָרן ליכט. דאָס קומט צו לערנען אונז אַז דאָס ליכט איז געווען שוין פון פריער, ט).

אין אַן אַנדער אָרט שטעהט אַז דער בעשאַפער האָט אײן געוויקלט זיך אין ליכט, און ער האָט בעשאַפן די הימלען, ט*).

דער מלאך המות איז געוואָרן בעשאַפן דעם ערשטן טאָג. דער פסוק זאָגט „וחושך על פני תהום". און דאָס מײנט דעם מלאך המות המחשיך וועלאַכער פאַר פינצטערט די פנים'ער פון די מענטשן, י).

אָגב תהום און המות אַנטהאַלטן די זעלבע אותיות.

לויט אַן אַנדער מײנונג איז ער געוואָרן בעשאַפן דעם צווייטן טאָג, א).

לויט נאָך אַ מײנונג איז ער נאָך נישט געווען ביי דעם וועלט בעשאַף, ב).

אָגב סע איז פאַראַן אַ מײנונג אַז די מלאכים זײנען געוואָרן בעשאַפן דעם צווייטן טאָג, און לויט אַן אַנדער מײנונג דעם פיפטן טאָג פון דעם וועלט בעשאַף, ג).

יעדער טאָג איז געוואָרן בעשאַפן אַ נײע זאַך, ד).

**דער אוניווערס בעשאַף, דער וועלט בעשאַף, איז דאָך דעם בעשאַפערס סאַמע ערשטע און אַלער וויכטיקסטע שאַפונג. פאַר וואָס זשע הייבן די „עשרת הדברות", די צען געבאָטן, אָן זיך מיט: איך בין דיין אייבערשטער וועלאַכער האָט אַרויס געפירט דיך פון דער עגיפּטישער, מצרים'שער קנעכטשאַפט, און נישט מיט: איך בין דיין אייבערשטער וועלאַכער האָט בעשאַפן די וועלט. די וווּנדערס פון דעם וועלט בעשאַף זײנען דאָך ביליאָנען מאָל גרעסער פון די וווּנדערס ביי יציאת מצרים?**

רבי יהודה הלוי האָט געפרעגט עס

---

ד) זעט זייטן: 182—177; 114—113.

ה) חגיגה יב, א; י"ש בראשית אָנהייב ד; ל"ט בראשית זייט ב, ב.

רש"י בראשית ב, ד זאָגט „שכולם נבראו ביום ראשון" די זײנען געוואָרן אַלע בעשאַפן דעם ערשטן טאָג.

פר"א פרק ג רעכנט די ערשטע אַכט, „ויש אומרים" און סע איז פאַראַן אַ מײנונג אַז אויך די לײנג פון טאָג און נאַכט.

אין זהר שמות יח, ב הייסט עס אַז צען זאַכן זײנען געוואָרן בעשאַפן דעם ערשטן טאָג. אָבער סע ווערט דערמאָנט דאָרט בלויז די לײנג פון נאַכט און טאָג.

לויט ב"ר א, ט און זעט דאָרט ידי משה זײנען געוואָרן בעשאַפן וויסטעניש, לעהר־קייט, פינצטערניש, רוח, וואַסער פאַר דעם אוניוועוערס בעשאַף. זעט זייט 167, ג.

ו) ב"ר ג, ח; י"ש בראשית ה. דער רד"ל אין ב"ר דאָרט האַלט אַז סע וואָלט בעדאַרפט שטעהן המים אויף דעם אָרט פון הרים. אָבער זעט דאָרט מהרז"ו און רש"י [?].

ז) רמב"נ בראשית א, יד; בחיי בראשית א, אָנהייב פסוק א.

ח) בראשית א, ג.

ט) זהר בראשית מה, ו, אונטן.

ט*) זהר בא, לט, ב, אויבן.

י) בראשית א, ב. תנח. וישב ד.

א) זהר בראשית מו, ב, אונטן.

ב) ש"ר ל, ג.

ג) זעט ענדע פון צווייטן טאָג

ד) מה"ג,ב', זייט 226.

דעם אבן עזרא ז"ל [און נישט ווי מאַנכע זאָגן אַז דער אבן עזרא האָט געפרעגט עם רבי יהודה הלוי'ן]. האָט ער געגיבן אים אַ זעהר לאַנגן ענטפער וואָס מיינט אין קורצן: יציאת מצרים האָבן אַלע געזעהן מיט די אייגענע אויגן. דאַקעגן, דעם וועלט בעשאַף האָט דאָך געזען קיין מענטש, ה).

רלב"ג [רבי לוי בן גרשון] ז"ל ערקלעהרט: יציאת מצרים איז געווען אַ פּאַסירונג וועלאַכע איז געשעהן בלויז פאַר די אידן. דאַקעגן, דער וועלט בעשאַף איז דאָך געווען פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, ו).

**פאַר וואָס ביי דעם וועלט בעשאַף זאָגט דער פּסוק „ויאמר". און אויף דעם דאָזיקן סמך, אָן לעהן, נוצן די חכמים ז"ל דעם אויסדרוק „עשרה מאמרות". אַז דער בעשאַפער האָט בעשאַפן די וועלט מיט צען געזאָגן.**

**דאַקעגן, ביי מתן תורה, ביי דעם גיבן די תורה די אידן, זאָגט דער פּסוק „וידבר", ז). און אויף דעם דאָזיקן סמך, אָן לעהן, נוצן די חכמים ז"ל דעם אויסדרוק „עשרת הדברות"?**

ווייל דאָס וואָרט אמירה, זאָגן, מיינט ווייכע רייד. דאָס וואָרט דיבור רעדן, מיינט האַרבע, האַרטע רייד. „דבר האיש... אתנו קשות", ח).

די גמרא זאָגט אַז אַלע בעשאַפונגען זיינען געוואָרן בעשאַפן מיט זייער צושטימונג. דער בעשאַפער האָט נישט בעשאַפן זיי געגן זייער ווילן. ער האָט געפרעגט יעדע בעשאַפונג צי סע וויל ווערן בעשאַפן. און יעדע בעשאַפונג האָט געענטפערט „יאָ", ט). דערפאַר ווערט גענוצט דאָס וואָרט אמירה זאָגן, ווייכע רייד, י).

דאַקעגן, ביי מתן תורה, ביי דעם גיבן די תורה די אידן, ווייזן מיר דאָך אַז ער האָט געמאַכט הענגען דעם באַרג איבער זיי ווי אַ טאַנק, און ער האָט געוואָרנט זיי: נעמט איר אָן די תורה איז גוט. און אויב נישט וועט איר ווערן באַערדיגט דאָרט, א).

דערפאַר ווערט גענוצט דאָס וואָרט דיבור רעדן, האַרבע, האַרטע רייד. און אויף דעם דאָזיקן סמך, אָן לעהן, נוצן די חכמים ז"ל דעם אויסדרוק „עשרת הדברות", ב).

**די תורה דערצעהלט אונז: אין אָנהייב האָט דער בעשאַפער בעשאַפן הימל און ערד, ג). וועלאַכס איז געוואָרן בעשאַפן צו ערשט, הימל צי ערד?**

סע זיינען פאַראַן דריי מיינונגען:

די בית שמאי האַלטן אַז דער הימל איז געוואָרן בעשאַפן פריער. ווי סע שטעהט אין פסוק „בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ", ד) אין אָנהייב האָט דער אייבערשטער בעשאַפן הימל און ערד, פריער הימל און דערנאָך ערד.

דער מדרש איז מוסיף, לעגט צו: ווען

---

ה) זעט א"ע שמות כ, א. ו) רלב"ג, ר' לוי בן גרשון. ז) שמות כ, א.

ח) בראשית מב, ל; מכות יא, א, אויבן.

ט) ראש השנה יא, א, און רש"י דאָרט אונטער דעם וואָרט לדעתם, חולין ס, א; בחיי אָנהייב שופטים, און תצא כב, ח; י"ש בראשית ח; י"ר בראשית כה, ב.

י) ת"ת אָנהייב בראשית.

א) שבת פח, א; עבודה זרה ג, א; תנח. נח ג און שופטים ט; י"ש יתרו רפג; רש"י יתרו יט, יז; ל"ט יתרו יט, יז; בחיי יתרו כ, ח.

פאַרגלייכט: מר"י יתרו סה, א, אויסגאַבע אום; שי"ר ח, א פסוק ה; שו"ט א, כ, און זעט דאָרט ווער סע זאָגט וואָס.

ב) ת"ת אָנהייב בראשית.

ג) אָנהייב בראשית.

ד) בראשית א, א.

אַ קעניג פון פלייש און בלוט בויעט אַ פּאַלאַץ. צי אַ פשוט׳ער, געוויינלאַכער מענטש בויעט אַ געביידע. בויען זיי פריער דעם אונטערשטן טייל, און דערנאָך ערשט דעם אייבערשטן טייל. אָבער דער הייליגער געלויבט זיי ער, איז נישט אַזוי. צו ערשט האָט ער בעשאַפן די אייבערשטע. און ערשט דערנאָך האָט ער בעשאַפן די אונטערשטע. ווי סע שטעהט אין פסוק „בראשית ברא אלקים את השמים ואת הארץ”, פריער האָט דער אייבערשטער בעשאַפן דעם הימל און דערנאָך ערשט די ערד, ה).

די בית הלל האַלטן אַז דער בעשאַפער האָט בעשאַפן פריער די ערד, און דערנאָך ערשט דעם הימל. זיי דרינגן אַרויס דאָס פון דעם פסוק „ביום עשות ה׳ אלקים ארץ ושמים”, ו) אין דעם טאָג ווען דער אייבערשטער האָט געמאַכט ערד און הימל, אַלזאָ פריער די ערד און דערנאָך דעם הימל, ז).

די בית שמאי גיבן אָן אַ טעם פאַר זייער מיינונג:

סע איז צו פאַרגלייכן צו אַ קעניג, וועלאַכער האָט געמאַכט אַ טראָן פאַר זיך. און נאָך דעם ווי ער האָט שוין געמאַכט דעם טראָן, האָט ער געמאַכט אַ פוס בענקעלע.

די בית הלל גיבן אָן אַ טעם פאַר זייער מיינונג:

סע איז צו פאַרגלייכן צו אַ קעניג וועלאַכער האָט געבויעט אַ פּאַלאַץ. נאָך דעם ווי ער האָט אויף געבויעט דעם אונטערשטן טייל, האָט ער אויף געבויעט דעם אייבערשטן טייל, ח).

לויט אַ דריטער מיינונג: הימל און ערד זיינען געוואָרן בעשאַפן גלייך צייטיק. ווען אַ מענטש פון פלייש און בלוט, מאָלט אַ בילד. הייבט ער אָן פון דעם קאָפּ און ענדיקט מיט די פיס. צי פאַרקעהרט, ער הייבט אָן מיט די פיס, און ענדיקט מיט דעם קאָפּ. אָבער דער בעשאַפער איז נישט אַזוי. ער האָט געמאָלןביידע גלייך צייטיק, ט).

רבי שמעון בן יוחאי האַלט: הימל און ערד זיינען געוואָרן בעשאַפן גלייך צייטיק, צוזאַמען. ווי אַ טעפּער פורמירט אַ טאָפּ מיט אַ פּאָקרישקע, אַ דעקל, אַ צודעקל צוזאַמען. ווי דער פסוק זאָגט: „אף ידי יסדה ארץ וימיני טפחה שמים,

---

ה) ב״ר יב, ב; ויק״ר אָנהייב פרשה לו; תנח. בראשית ד; מר״י בשלח, זייט מא, ב, אויסגאַבע אום; מר״ש זייט 67; שו״ט פו, ג; ילק״ה פו ח און ט; י״ש תהלים תתלה; מה״ג,ב׳, זייט 163.

ו) בראשית ב, ד.

ז) ירושלמי חגיגה פרק ב, ענדע הלכה א; חגיגה יב, א, אונטן; פר״א אָנהייב פרק יח; סע״ר זייט 7; ב״ר א, טו; ויק״ר לו, א; תנח״ב בראשית יט; מ״ש פרשה ה, א; תדא״ר פרק ב, יג, ב; י״ש בראשית ד; ילק״ה קב סימנים יט, כ; קג, כא; ילה״י מח, יג; ל״ט בראשית א, א, זייט ג, ב; י״ר בראשית ה, ב.

זעט: תמיד לב, א, אויבן; אָנהייב מר״י; תהלים קב, כו און תרגום, רש״י, א״ע, מ״צ,א׳ דאָרט.

ח) ירושלמי חגיגה פרק ב, ענדע הלכה א; חגיגה יב, א; תמיד לב, א; ב״ר א, טו; ויק״ר אָנהייב פרשה לו; מ״ש [אגדת שמואל] אָנהייב פרשה ה; י״ש ישעיה שע.

ט) ירושלמי חגיגה פרק ב, ענדע הלכה א; חגיגה יב, א אונטן; פר״א אָנהייב פרק יח; ב״ר א, טו; ב, ב און יב, יב; ויק״ר לו, א; תדא״ר פרק לא; מ״ש פרק ה, א; שו״ט ב, א; ילק״ה ב, ז; י״ש בראשית ד, תהלים תשנט און ישעיה אָנהייב קאַפּיטל מב; ענדע תנ; ילה״י מב, ה און מח, יג; ל״ט בראשית א, א; זעט במ״ח בראשית זייט ה, א, פסוק ב. און זעט אומעטום וועד סע זאָגט וואָס.

אין ש״ר כה, ו שטעהט „ואח״כ”, נעמלאַך ואחר כך, וואָס ווייזט אויס צו זיין איבעריג.

קורא אני עליהם יעמדו יחדיו", ט1) בעת מיין [לינקע] האַנט האָט געגרונד פעס־טיקט די ערד, האָט מיין רעכטע האַנט געמאָסטן די הימלען; איך האָב גערופן צו זיי, זיינען זיי געשטאַנען מיט אַן אַנדער; נישט איינס פריער און איינס שפּעטער, נאָר ביידע צוזאַמען, גלייך צייטיק. און זיין זון רבי אלעזר באַמערקט אַז לויט זיין פאָטערס דעה איז רעכט וואָס דער פסוק זאָגט אַ מאָל **שמים** פריער, און אַ מאָל **ארץ** פריער, ווייל זיי זיינען דאָך געוואָרן בעשאַפן גלייך צייטיק, ט2).

**ווען זיינען געוואָרן בעשאַפן הימל און ערד ביי טאָג, צי ביי נאַכט?**

סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיינונ־גען:

די בית שמאי האַלטן אַז דער בעשאַ־פער האָט געטראַכט וועגן דעם בעשאַף באַי נאַכט, און בעשאַפן האָט ער באַי טאָג.

די בית הלל זיינען מיט דער מיינונג אַז ביידע, דאָס טראַכטן און דאָס בע־שאַפן, זיינען געווען באַי טאָג.

זאָגט רבי שמעון בן יוחאי: איך ווינ־דער מיך ווי אַזוי קאָנען די „אבות העולם", די פאָטערס, די טאַטעס פון דער וועלט קריגן, נישט זיין אייניג וועגן דעם בעשאַף פון הימל און ערד. און ער האַלט אַז דאָס טראַכטן איז געווען באַי טאָג און באַי נאַכט. און דאָס בעשאַפן איז געווען באַי זון אונטער גאַנג, דע־מערונג, ט3).

**ביי טאָג. סע שטעהט אין פסוק „ביום עשות ה' אלקים שמים וארץ", י) אין דעם טאָג ווען דער אייבערשטער האָט געמאַכט הימל און ערד, א).**

דער איינציקער אָוונט אין וועלאַכן דער בעשאַפער האָט בעשאַפן, איז געווען דער אָוונט פון דעם פערטן טאָג, ווען ער האָט בעשאַפן אַלע שטערנס, די פּלאַ־נעטן און די צוויי ליכטער, א*).

**פאַר וואָס שטעהט נישט „ויאמר" אויך ביי דעם בעשאַפן הימל און ערד?**

דער פסוק זאָגט „אלה תולדות השמים והארץ בהבראם", ב). טייטשן אונזערע חכמים ז"ל אַז אַלע בעשאַפונגען וועלאַ־כע געפינען זיך אין הימל, זיינען גע־וואָרן בעשאַפן פון הימל. און אַלע בע־שאַפונגען וועלאַכע געפינען זיך אויף און אין דער ערד, זיינען געוואָרן בעשאַפן פון ערד, ג).

דער הימל און די ערד זיינען דער יסוד, די באַזיס מאַטעריע פון אַלץ וואָס סע געפינט זיך אין דעם אוניווערס. אַלץ וואָס סע געפינט זיך אין דעם אוניווערס איז געוואָרן בעשאַפן פון זיי.

דערפאַר ווערן הימל און ערד באַ־צייכנט אַלס „אבות", די טאַטעס, מיט באַצוג צו די אַלע אַנדערע בעשאַפע־נישן וועלאַכע ווערן בעטראַכט אַלס „תולדותיהם", זייערע אָפּשטאַמלינגע.

און דערפאַר נוצט דער פסוק „ויאמר" ביי דעם בעשאַפן די אָפּשטאַמלינגע. דאָס

---

ט1) ישעיה מח, יג און זעט דאָרט: א"ע, רד"ק, מ"צ,א'; זהר שמות יח, ב און כ, א.

ט2) ירוש. חגיגה פרק ב, ענדע הלכה א, און זעט „פני משה" און „קרבן העדה" דאָרט; חגיגה יב, א, אונטן; ב"ר א, טו; ויק"ר לו, א; מ"ש אָנהייב פרשה ה; י"ש בראשית ד, ישעיה אָנהייב תקיא און פאַרגלייכט מיט תסז; ילה"י מח, יג. פאַרגלייכט די ווערסיעס וועגן **כלפם, אלפם.**

ט3) ב"ר ענדע פרשה יב און זעט דאָרט מ"כ און מהרז"ו; תנח"ב בראשית יז; י"ש ישעיה.

י) בראשית ב, ד.

א) בחיי תצוה כח, טו.

א*) פר"א אָנהייב פרק ז, אויסגאַבע אום.

ב) בראשית ב, ד.

ג) זעט: יומא נד, ב; ב"ר יב, יא; ק"ר ג, כ; יל"ה ג, א און קמח, א.

הייסט, דער בעשאַפער האָט באַפעהלט די אבות, די פונדאַמענטאַלע, די באַזיס עלעמענטן זיי זאָלן פּראָדוצירן די „תולדות", די אָפּשטאַמלינגע.

אָבער ביי דעם בעשאַפן הימל און ערד, איז דאָך נישט געווען אַן אַנדער זאַך, אַן אַנדער עלעמענט אין דעם גאַנצן אוניווערס וועלאַכן דער בעשאַפער זאָל האָבן געקאָנט באַפעהלן סע זאָל פּראָדוצירן הימל און ערד.

אַי, סע שטעהט דאָך „בדבר ה' שמים נעשו", ד) מיט דעם אייבערשטנס געזאָג, באַפעהל, זיינען געוואָרן געמאַכט די הימלען. מיינט דאָס צו זאָגן בלויז אַז די בעשאַפונגען האָבן איין געוויליקט צו ווערן בעשאַפן, ה).

און איך הקטן אהרן באאמו"ר ר' משה ז"ל באַמערק: אונזערע חכמים ז"ל זאָגן דאָך אַז אויך „בראשית" איז אַ מאמר, אַ געזאָג, ו).

און סע זיינען דאָך פאַראַן מיינונגען אַז וואַסער איז איין פון די זעקס עלעמענטען, וועלאַכע זיינען געוואָרן בעשאַפן פאַר דעם וועלט בעשאַף, נעמלאַך:

**תוהו**, וויסטעניש;

**בוהו**, לעהרקייט, ליידיקייט;

**חושך**, פינצטערניש;

**רוח**, גייסט, ווינט, לופט;

**מים**, וואַסער;

**תהום**, אָפּ גרינד, ו1);

אַז פאַר דעם וועלט בעשאַף, איז דער גאַנצער אוניווערס געווען מים במים, וואַסער אין וואַסער, ו2);

אַז וואַסער איז געוואָרן בעשאַפן פאַר דער ערד, ו3).

**וועלאַכע בעשאַפונג איז וויכטיגער, דער הימל צי די ערד?**

סע זיינען פאַראַן צוויי מיינונגען:

אומעטום שטעהט אין פסוק שמים הימל, פאַר ארץ ערד. און אויף איין אָרט שטעהט ארץ פאַר שמים, ז). לערנט דאָס אונז אַז זיי זיינען ביידע גלייך, ח).

דער הימל, ט).

---

ד) תהלים לג, ו.

ה) ראש השנה יא, א; חולין ס, א; בחיי אָנהייב משפטים און תצא כב, ח; ת"ת אָנהייב בראשית.

זעט רש"י אין חולין ס, א אונטער דעם וואָרט לדעתם.

אַז זיי האָבן געפרעהט זיך שטאַרק נאָך זייער ווערן בעשאַפן, זעט תדא"ר פרק לג.

ו) ראש השנה לב, א; מגילה כא, ב; ב"ר אָנהייב פרשה יז; זהר בראשית לא, ב; רש"י און רמב"מ אויף פרקי אבות, אָנהייב פרק ה; עקידת יצחק שער ג, זייטן כ, ב—כא, א; אלשיך אָנהייב בראשית, זייט ו, א; במ"ח בראשית יא, א, פסוק יב. זעט בחיי בראשית א, ב.

ו1) בראשית א, ט און זעט ידי משה און רד"ל דאָרט. פאַרגלייכט מיט דער אָרדנונג אין בראשית א, ב.

ו2) ירוש. חגיגה פרק ב, אָנהייב הלכה א; חגיגה יב, א.

ו3) ש"ר טו, כב; ילק"ה קד, נה; שי"ה ד' זייט 5; רש"י בראשית א, א.

פאַרגלייכט:

ירוש. חגיגה פרק ב, אָנהייב הלכה א; חגיגה יב, א; ספר יצירה פרק ג, משנה מג; תנח. חיי שרה ג און ויקהל אָנהייב ו; פ"ר פיסקא פא, זייט קצב, ב און קצג, א; שו"ט צג, ה; ילק"ה צג, ח; י"ש בראשית ד, ז און תהלים אָנהייב תתמח; ל"ט בראשית זייט ג, ב; אלשיך בראשית א, אָנהייב פסוק ט; רקאַנטי בראשית ב, ג; ת"ת בראשית א, סימן יז.

לויט אָנהייב תדא"ר זיינען די „כרובים" [בראשית ג, ד] געוואָרן בעשאַפן פאַר דעם אוניווערס בעשאַף.

ז) בראשית ב, ד.

ח) ירושלמי חגיגה פרק ב, הלכה א; אָנהייב מכילתא דרבי ישמעאל; ב"ר ענדע פרשה א; ויק"ר אָנהייב פרשה לו; תנח. בא אָנהייב סימן ה; ל"ט בראשית ב, ד.

ט) י"ר בראשית ד, א [פון פרדס ד', פ"ז, עג].

**די משנה רעכנט אויס מעהרערע זאכן וועלאכע זיינען גלייך איינע מיט די אנ־דערע. פאר וואס זשע ווערן נישט גע־רעכנט דארט אויך הימל און ערד?**

ווייל דארט ווערן גערעכנט בלויז אזעלאכע זאכן, וועלאכע האבן צו טון מיט דעם דין, י).

**וועלאכס האט ער בעשאפן צו ערשט, הימל און ערד, צי ליכט?**

לויט דעם חומש האט דער בעשאפער בעשאפן פריער הימל און ערד און דער־נאך ליכט, י*). לויט דוד המלך האט ער בעשאפן פריער ליכט און דערנאך הימל און ערד, א). נעמלאך, „עוטה אור כשל־מה", ער וויקלט דאס ליכט ווי א קלייד. און נאך דעם „נוטה שמים כיריעה", **א1)** ער שפרעיט אויס די הימלען ווי א לאי־לאך.

**ווען הימל און ערד זיין די זעלבע און עקזיסטירן אייביק?**

הימל און ערד וועלן פארבאי, נישט סטאיען. און זיי וועלן ווערן באנאיט. ווי סע שטעהט אין פסוק: „ונגולו כספר השמים", און די הימלען וועלן ווערן פאר וויקלט ווי א ספר. פונקט ווי א מענטש וועלאכער לייענט א ספר תורה און פאר־וויקלט עס; עפנט עס אויף, לייענט און פאר וויקלט עס. אזוי אויך וועט דער אייבערשטער פאר וויקלען דעם הימל ווי א ספר.

„והארץ כבגד תבלה", און די ערד וועט ווערן פארפוילט ווי א קלייד. פונקט ווי א מענטש טוט אויס זיין קלייד, וויקלט עס צונויף, און טוט ווידער עס אן. אזוי אויך וועט דער אייבערשטער וויקלען צונויף די ערד ווי א קלייד.

אלע הימלישע הערשאפטן, קערפער־שאפטן וועלן ווערן פאר וויאנעט [פאר וויענגלט] און באנאיט, ווי דער פסוק זאגט „וכל צבאם יבול כנבל עלה מגפן", און אלע זייערע הערשאפטן, קערפער־שאפטן וועלן ווערן פאר וויאנעט, ווי סע ווערט פאר וויאנעט א בלאט פון א וויין שטאק. פונקט ווי די בלעטער פון דעם וויין שטאק און פון דעם פייגן בוים ווערן פאר וויאנעט, שטעהען ווי א פאר טריקנטער בוים, און הויבן אן צו בליען און שפראצן ווידער א מאל נייע פרישע בלעטער. אזוי אויך וועלן אלע הימלישע קערפערשאפטן ווערן פאר וויא־נעט ווי א וויין שטאק און ווי א פייגן בוים. און זיי וועלן ווערן ווידער באנאיט פאר אים צו לאזן וויסן, אז סע איז דא אן אייבערשטער וועלאכער מאכט פאר וויאנען, אבער ער וויאנעט נישט, **א2)**.

---

**י)** כריתות כח, א, אין דער משנה אונטן. זעט ת"ת ב, ד, אות י.

**י*)** בראשית א, א און ג.

**א)** ש"ר טו, כב. זעט: ב"ר ג, א; ש"ר ג, א.

**א1)** תהלים קד, ב. מפרשים [קאמענטא־טארס, פערטייטשערס] און איבער זעצערס טייטשן, זעצן איבער יריעה — א פארהאנג. און דאס לייגט זיך נישט מיר אויף דעם שכל. א פארהאנג הענגט דאך פון אויבן אראפ. און די אויס שפרייטונג פון הימל איז דאך געוועזן אין דער ברייט, פון מזרח צו מערב, פון צפון צו דרום. דערפאר נוץ איך דאסווארט לאילאך, ווי דער תרגום דארט זעצט איבער מיט סדינא. זעט וויטער נאטע ז.

אז ליכט איז געווארן בעשאפן פריער, זעט: ב"ר אנהייב פרשה ג; תנח. ויקהל ו; י"ש תהלים תתעח.

**א2)** ישעיה לד, ד און נא, ו און זעט דארט: תרגום, רש"י, א"ע, רד"ק, מהר"י קרא, מ"צ,א'; בחיי בראשית ב, ג.

# ה י מ ל

**פון וואָס איז געוואָרן בעשאַפן דער הימל?**

סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיינונגען:

פון דער ליכטיקייט פון דעם בעשאַפערס קלייד, ב);

פון פייער, ג);

פון שניי, ד);

פון וואַסער, ה);

פון אַ געמיש פון פייער מיט וואַסער, ו).

**האָט דער בעשאַפער באַשטימט אַ מאָס פאַר דעם הימל, ווי גרויס ער זאָל זיין?**

דער הימל האָט געצויגן און פאַרשפּרייט זיך ווי אַ הייטל. ער האָט פאַרשפּרייט זיך ווי אַ לאַילאַך. ביז דער אייבערשטער האָט געזאָגט „די" גענוג, ז).

**ווען, ווי אַזוי האָט געענדיגט זיך די לענג און די ברייט פון דער וועלט?**

דער בעשאַפער האָט געגיבן אַ געשריי „די" גענוג, און דער אויס שפּרייט פון דעם אוניווערס האָט אָפּ געשטעלט זיך, ח).

וואָלט ער נישט געוועזן געזאָגט צו זיי „די" גענוג, וואָלטן זיי געווען געצויגן זיך ביז תחיית המתים, ביז די טויטע וועלן ווערן צוריק לעבעדיג, ח*).

אגב, דערפון נעמט זיך, „שדי" אַל־מעכטיקער. שדי מיינט „שאמרתי די", דער בעשאַפער האָט געזאָגט צו הימל און ערד: גענוג, ט).

**ווען וועט זיין תחיית המתים?**

צוויי הונדערט און זעקס יאָר נאָך ביאת המשיח, נאָך משיח׳ס קומען, ט*).

---

ב) פר"א פרק ג; ילה"י מ, כב; רקאַנטי בראשית ג, ב.

ג) ספר יצירה פרק ג, משנה א.

ד) במ"ר יב, ח.

ה) ירושלמי ראש השנה פרק ב, אָנהייב הלכה ד; ב"ר ד, ז; פר"כ ג, א, אויסגאַבע אום; שו"ט קד, ו; יל"ה קד, יג; י"ש וארא אָנהייב קפו.

ו) ספר רזיאל המלאך זייט לג; זהר אָנהייב לך לך; חגיגה יב, א, אונטן; ב"ר ד, ז; במ"ר יב, ד; י"ש בראשית ג; רש"י בראשית א, פסוקים א און ח; ל"ט בראשית א, א, זייט ג, ב; רקאַנטי בראשית ב.

ז) ב"ר א, ו; תנח"ב מקץ טז; י"ש בראשית, אָנהייב איוב תתקכב; יל"ה קלד, ט.

רש"י ישעיה מ, כב טייטש כדוק, יריעה אַ לאַילאַך. אבן עזרא טייטשט שפּריר, אַ פאַר שפּרייטונג. און זעט דאָרט מהר"י קרא, און די מצודות׳ן; אין ילה"י מ, כב שטעהט כוילון, אַזוי ווי אַ פאָרהאַנג. שו"ט יט, ו טייטשט כדוק, ווי אַ האַיטל פון אויג... ווי אַ פאָרהאַנג.

ח) חגיגה יב, א; פר"א פרק ג; ב"ר ה, ח און מו, ג; תנח. חיי שרה ג און מקץ י; תנח"ב בראשית יא, לך לך כה און מקץ יב; י"ש לך לך פא און איוב תתקכג; ש"ט לך לך יז, א; מה"ג,א' א, א; רש"י בראשית מג, יד; ל"ט וישלח לה, יא; בחיי פקודי לח, כא; פע"ר בראשית יא, ב.

ח*) ב"ר ה, ח; תנח. חיי שרה ג; תנח"ב בראשית יא און מקץ טז; יל"ה קלד, ט; ילה"י מ, כב.

פאַרגלייכט פר"א פרק ג און זעט די פאָרגעהענדיגע קוועלעס.

ט) פאַרגלייכט די ווערסיעס אין:

חגיגה יב, א; ב"ר ה, ח און מו, ג; פר"א פרק ג און רד"ל דאָרט סימן מח; תנח"ב לך לך כה; י"ש בראשית יז, א און איוב תתקיג; רש"י און רמב"ן בראשית יז, א; ל"ט בראשית יז, א; ש"ט בראשית יז, א.

זעט: רש"י סוכה ה, א, דריטע שורה אויבן; בחיי אָנהייב פרשה [סדרה] פקודי.

ט*) זעט בחיי נצבים ל, טו; שכ"ל יז, א.

**זיינען די הימלען געווען פאַרטיק, קאָמפּלעט באַלד נאָך זייער ווערן בעשאַפן?**

ניין. זיי זיינען געווען פייכט. ערשט דעם צווייטן טאָג זיינען זיי געוואָרן פאַרגליווערט, פאַר האַרטעוועט. א פייער איז געקומען אַרויס פון אויבן, און האָט פאַר טריקנט זיי, י).

אויף אַן אַנדער אָרט שטעהט נישט ווען זיי זיינען געוואָרן פאַר האַרטעוועט, א).

**אויף וואָס האַלטען זיך די הימלען?**

אויף רוח, לופט. זיי הענגען אין דער לופטן, ב).

לויט אַן אַנדער מיינונג: זיי הענגען דורך דעם בעשאַפערס געזאָג, ג).

**מיט וואָס און צו וואָס זיינען באַפעסטיקט די הימלען?**

ווען אַ מענטש בויעט אַ הויז, באַפעסטיקט ער עס מיט קופּער, אייזן. ער באַנוצט ציגל, געהאַקטע שטיינער. אָבער דער בעשאַפער האָט באַפעסטיקט די וועלט דורך וואָלקנס, וואַסער. ווי סע שטעהט אין פּסוק „המקרה במים עליותיו", ד) ער בעבאַלקנט זיינע גאַרנס, זיינע אויבער שטיבן מיט וואַסער, ה).

**וויפל הימלען זיינען פאַראַן?**

סע זיינען פאַראַן מעהרערע מיינונגען:

**זיבן:** ווילון, רקיע, שחקים, זבול, מעון, מכון, ערבות, ו) אַנטקעגן שלמה המלך'ס זיבן הבלים, ו*).

**איז פאַראַן אַ רמז, אַן אָן ווינק אין דער תורה וועגן די זיבן הימלען און די צוועלף מזלות, פּלאַנעטן?**

יאָ. די זיבן ווערטער פון דעם ערשטן פּסוק אין בראשית, און די צוועלף ווערטער פון דעם פּסוק „ויהי בנסוע הארון...", ז).

**זעקס,** ח);

---

י) זעט איינצלהייטן אין: ירושלמי אָנהייב ברכות זייט ה, א אין חורב אויסגאַבע, זייט ב, ג, אויבן אין קראָטאָשינער אויסגאַבע; ב"ר ד, ב און ז; י"ש בראשית ג און ה; רש"י בראשית א, ו; רמב"ן בראשית א, ו; אלשיך בראשית יא אָנהייב פּסוק ו.
זעט במ"ח בראשית זייט ח, ב, פּסוק ז.
זעט זייט 210, נאָטן ב, ג.

א) מר"א א, יב.

ב) ירושלמי חגיגה אָנהייב פּרק ב, און זעט דאָרט די פראַגע וועלכע אדריינוס האָט געפרעגט עקילס הגר און זיין ענטפער; שו"ט יד, ד; יל"ה יט, ד.

ג) תענית י, א; י"ש בראשית ה.

ד) תהלים קד, ג.

ה) זעט: מר"י מא, ב, אויסגאַבע אום; ב"ר ד, א; ש"ר טו, כב; תנח. חיי שרה ג; י"ש בראשית ה, תהלים תתסב.
זעט פאָרגעהענדיגע פראַגע, ענטפער.

ו) חגיגה יב, ב; אר"נ נוסחא א, פּרק לז; פר"א פּרק יח; ויק"ר כט, יא; במ"ר ג, ח; ד"ר ב, לב; תנח. נשא טז; זהר בראשית לד, א, אויבן און ויקרא ט, ב [אָהן נעמען]; זהר חדש, רות ס, א; פר"כ קנד, ב; שו"ט צב, ב און קיד, ב; יל"ה קיד, ה; ילה"י מ, כב; י"ש שמות אָנהייב רעו; עקב תתנה, תהלים תתפח און ישעיה ענדע תמה; בחיי בראשית א, ג; פע"ר בראשית יב, א; רקאַנטי בראשית ה, א; י"ר בראשית ג, ב; ה, א און ט, א.
זעט: זהר בראשית לב, ב; יל"ה יח, לד און אָנהייב צב; במ"ח בראשית טז, ב, פּסוק ו.
אין שו"ט שטעהט שחק אויף דעם אָרט פון שחקים. זעט פר"כ קנד, ב; זהר ויקרא ט, ב—י, א.

ו*) ק"ר א, ב; זוטא ד', א, ב; שו"ט צב, ב; יל"ה צב, א; י"ש אָנהייב קהלת.

ז) במדבר י, לה; י"ר בראשית ג, ב [תמונה]. זעט דזמ"ה אָנהייב בראשית.

ח) פר"כ ז, ב, נאָטע קלה, און זעט קנד, ב הערות עה, עו, און עז, אויסגאַבע אום; שי"ר ו, פּסוק ד.

**פינעף**: שמים, שחק, ערבות, רקיע, זבול, **ט)**;
**צוויי, י)**.

ער האָט בעשאַפן דריי הונדערט און ניינציק הימלען. די זיבן הימלען זיינען דער עיקר, די הויפּט הימלען, **א)**.

סע זיינען פאַראַן ניין הונדערט פינעף און פיפציק הימלען, **ב)**.

**פון וואַנען ווייסט מען די נעמען פון די הימלען?**

זיי געפינען זיך אין תנ"כ, **ב1)**.

**וועלכן הימל האָט דער בעשאַפער אויס געקליבן פאַר זיין וואוין אָרט?**

דעם זיבעטן הימל ערבות, **ב2)** ווי סע שטעהט אין פסוק: „סולו לרוכב בער־בות"... לויבט דעם וועלאַכער רייט אויף דעם הימל **ערבות**.

**פאַר וואָס האָט דער בעשאַפער אויס געקליבן פאַר זיך דוקא דעם ז י ב ע ט ן הימל ערבות?**

ווייל די צאָל **זיבן** איז חשוב, **ב3)**. דער בעשאַפער האָט בעשאַפן זיבן טעג, און ער האָט אויס דערוועהלט דעם זיבעטן טאָג, **ב4)**. ווי סע ווערט געזאָגט אין דער תורה: „ויברך אלקים את יום השביעי ויקדש אותו", **ב5)** און דער אייבערשטער האָט געבענטשט דעם זיבעטן טאָג, און ער האָט געהייליקט אים.

און דער וועלאַכער היט אָפּ שבת אויף דער וועלט, פאַרגיבט דער אייבערשטער, געלויבט איז ער, אים זיינע זינד אויף יענער וועלט, **ב6)**. ווי דער פסוק זאָגט: „שומר שבת מחללו", **ב7)** לייען נישט מחללו, נאָר **מחול לו**, נעמלאַך, מע פאַר גיבט אים זיינע זינד [צווישן אים און דעם אייבערשטן].

ניסן איז דער באַליבטסטער פון די חדשים, **ב8)**.

ער האָט בעשאַפן זיבן יאָרן, און ער האָט אויס געקליבן פון אַלע דאָס [זיבעטע] שמיטה יאָר, **ב9)**.

חנוך איז דער זיבעטער פון די דורות:

---

**ט)** אוהל מועד פון ר' שלמה ב"ר אברהם פון אורבינו; י"ר בראשית יב, ב אונטן פון סודי רזא.

**י)** חגיגה יב, ב; ד"ר ואתחנן לב; שו"ט קיד, ב; י"ש עקב תתנה; ילה"י מ, כב; בחיי בראשית א, ענדע פסוק ב.

**א)** בחיי בראשית א, ענדע פסוק ב; י"ר בראשית ו, ב, אונטן.

**ב)** זעט רבינו בחיי בראשית א, ענדע פסוק ב.

**ב1)** זעט די פסוקים וועלאַכע זיינען אויס גערעכנט אין חגיגה יב, ב.

**ב2)** פר"א פרק יח, און זעט רד"ל דאָרט סימן לט.

זעט: חגיגה יב, ב, אונטן; ספר יצירה ענדע פרק ד; ויק"ר ענדע פרשה כט; במ"ר ג, ח; זהר תרומה קסה, א; ויקרא ט, ב און השמטות זהר א, י; זהר חדש רות; תיקוני זהר תכא; הגר"א אויף אָנהייב היכלות; פר"כ קנד, ב, אויסגאַבע אום; י"ש במדבר תרצא; שו"ט צב, ב. זעט מורה נבוכים חלק א, פרק ע.

**ב3)** פר"כ קנד, ב, אויסגאַבע אום; ויק"ר כט, אָנהייב יא; י"ש יתרו, אָנהייב רעו.

**ב4)** פר"א פרק יח, און זעט רד"ל דאָרט סימנים מט און נ; שו"ט כד, אָנהייב ג; צב ענדע ב; יל"ה צב, א. זעט: פר"כ קנה, א, אויסגאַבע אום; זהר ויקרא ט, ב; במ"ר ג, ח.

**ב5)** בראשית ב, ג.

**ב6)** פר"א פרק יח, און זעט רד"ל דאָרט סימנים נב און נג; שבת קיח, ב; שו"ט ענדע מזמור צב; יל"ה צב, א.

**ב7)** ישעיה נו, ב.

**ב8)** ויק"ר כט, יא.

**ב9)** פר"א ענדע פרק יח און זעט דאָרט רד"ל סימן נא; שו"ט כד, אָנהייב ג און צב, ענדע ב; יל"ה צב, א. זעט פר"כ קנה, א, אויסגאַבע אום; ויק"ר כט, יא; זהר ויקרא ט, ב. זעט במ"ר ג, ח.

אדם, שת, אנוש, קינן, מהללאל, ירד, חנוך, ב10).

משה רבינו איז דער באַליבטסטער פון די אבות: אברהם, יצחק, יעקב, לוי, קהת, עמרם, משה, ב11).

דוד איז דער באַליבטסטער פון די זין: אליאב, אבינדב, שמעא, נתנאל, רדי, אצם, דוד, ב12).

אסא איז דער באַליבטסטער פון די מלכים: שאול, איש בושת, דוד, שלמה, רחבעם, אביה, אסא, ב13).

**שמים מיינט דאָך אויך הימל. קומט דאָך אויס אַז סע זיינען פאַראַן אַכט הימלען?**

סע ווייזט אויס אַז שמים איז נישט דער נאָמען פון אַ הימל, נאָר סע איז די טייטש הימל. פונקט אַזאַ שטייגער ווי „פרעזידענט" איז נישט דער נאָמען פון דעם פרעזידענט, נאָר אַ באַצייכענונג אַז דער און דער איז דער פירער פון דעם לאַנד. פונקט ווי „קעניג" איז נישט אַ נאָמען. נאָר אַ באַצייכענונג פון דעם וועלכער איז דער הויפּט פון דעם לאַנד.

**ווי דיק איז דער הימל?**

סע זיינען פאַראַן מעהרערע מיינונגען:
פינעף הונדערט יאָרן גאַנג, ג);
פיפציק יאָרן גאַנג, ד);
ווי צוויי און דריי פינגערס, ה);
ווי צוויי פינגערס, ו);
אַזוי דיק ווי די ערד, ז).

**ווי ווייט איז פון דעם הימל ביז צו דער ערד?**

פינעף הונדערט יאָרן גאַנג, ח).

**ווי ווייט איז פון איין הימל ביז צו דעם צווייטן?**

פינעף הונדערט יאָרן גאַנג, ט).

**ווי ווייט איז פון דעם הימל ביז צו די אייבערשטע וואַסערן?**

אַזוי ווייט ווי פון די אונטערשטע וואַסערן ביז צו דעם הימל, ט*).

**אין וועלכן הימל געפינט זיך „דער ראָד", די ספערן פון דער זון און פון דער לבנה?**

אין דעם צווייטן הימל, י).

---

ב10) דברי הימים א׳, א, ב. פר"כ קנה, א, אויסגאַבע אום; ויק"ר כט, יא.

ב11) פר"כ קנה, א, אויסגאַבע אום; ויק"ר כט, יא.

ב12) דברי הימים א׳, ב, טו. פר"כ קנה, א, אויסגאַבע אום; ויק"ר כט, יא.

ב13) פר"כ קנה, א, אויסגאַבע אום; ויק"ר כט, יא. זעט די ווערסיעס אין: במ"ר ג, ח; י"ש במדבר תרצא.

ג) ירושלמי אָנהייב ברכות, זייט ה, א חורב אויסגאַבע; חגיגה יג, א; ב"ר ו, ו; י"ש מלאכי תקצג; במ"ח בראשית ט, ב, פסוק ה.

ד) ירושלמי אָנהייב ברכות, זייט ד, ב אין חורב אויסגאַבע; ילה"י מ, כב.
זעט פסחים צד, א.

ה) ב"ר ד, ה און זעט דאָרט מהרז"ו; י"ש בראשית ה; ילה"י מ, כב.

ו) ירושלמי אָנהייב ברכות, זייט ה, א אין חורב אויסגאַבע; ילה"י מ, כב.

ז) ב"ר ד, ה, און זעט דאָרט מהרז"ו; י"ש בראשית ה; ילה"י מ, כב.

ח) ירושלמי אָנהייב ברכות, זייט ה, א אין חורב אויסגאַבע; חגיגה יג, א; ב"ר ו, ו, און זעט מהרז"ו; י"ש ישעיה תיח, און מלאכי תקצג; במ"ח בראשית ט, ב, פסוק ח.
זעט ירוש. ברכות אָנהייב פרק ט.

ט) ירושלמי אָנהייב ברכות, זייט ה, א אין חורב אויסגאַבע א; חגיגה יג, א; פר"כ קפו, א, אויסגאַבע אום; ב"ר ו, ו; י"ש ישעיה תיח און מלאכי תקצג; במ"ח בראשית ט, ב, פסוק ח.
זעט ירוש. ברכות אָנהייב פרק ט.

ט*) אלשיך בראשית קאַפּיטל א, פסוק ב.

י) פר"כ קפו, א אויסגאַבע אום.
זעט: ב"ר ו, ו און מהרז"ו דאָרט; י"ש בראשית י, מלאכי תקצג, נחמיה תתרעא.

**ווי גרויס איז דער ראָד, די ספערע פון דער זון?**

פינעף הונדערט יאָרן גאַנג, א).

**אין וואָס געפינט זיך דער זון ראָד?**

אין אַ שייד, אין אַ טעקע. ווי סע שטעהט אין פסוק „לשמש שם אהל בהם", ב) ער האָט געמאַכט אַ געצעלט פאַר דער זון אין די הימלען, ג).

סע געפינט זיך דאָרט אַ טייך. ווען דער אַלמעכטיקער רופט אַרויס די זון, שוואַכט ער אָפּ איר כוח [קילט אָפּ איר היץ] מיט וואַסער, זי זאָל נישט פאַרברענען די וועלט, ד).

**וויפל גלגלים, הימלישע ספערן, זיינען פאַראַן?**

ניין הונדערט פינעף און פיפציק, ה).

**פאַר וואָס הייסט דער הימל שמים?**

סע זיינען פאַראַן דריי מיינונגען:

אש און מים, ווייל ער באַשטעהט פון פייער און וואַסער, ו);

שם מים, ז);

שא מים, ח).

**איז אמת אַז סע זיינען פאַראַן פענצ־טערס אין הימל?**

אונזערע חכמים ז"ל זאָגן אַזוי. סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיינונגען וועגן דער צאָל:

דריי הונדערט פינעף און זעכציק, ט):

הונדערט דריי און אַכציג אין מזרח זייט, און הונדערט צוויי און אַכציק אין מערב זייט, י).

הונדערט צוויי און אַכציק אין מזרח, הונדערט צוויי און אַכציק אין מערב, און איין פענצטער אין מיטן הימל, א).

דריי הונדערט און זעקס און זעכציק פענצטערס, ב).

און דער הימל איז איין געטיילט אויף זיבן טיילן, אַנטקעגן די זיבן שטערנס חנכ"ל, שצ"ם, חמה, נוגה, כוכב, לבנה, שבתי, צדק, מאדים, ב*) [פלאַנעטן].

**פון וואָס זיינען געוואָרן בעשאַפן די זאַכן וועלכע געפינען זיך אין הימל?**

---

א) תדא"ר פרק ב, טו, א; זוטא א', א, ד.

ב) תהלים יט, ה.

ג) ב"ר ו, ו; ק"ר א, פסוק ה; פר"כ קפו, א—ב אויסגאַבע אום; תנח"ב תצוה ו; שו"ט יט, יא [זעט דאָרט איינצלהייטן וועגן דעם גאַנג פון דער זון און פון דער לבנה]; יל"ה יט, כ; י"ש תצוה שעת און מלאכי תקצג; רש"י תהלים יט, ה.

אין: ב"ר, ק"ר, י"ש שטעהט נרתיק, אין יל"ה נרתק; אין פר"כ נשתיק; אין תנח"ב מתוך חיקו; אין שו"ט בתוך התיק; אין י"ש, רש"י תהלים בתוך תיקו.

ד) זעט די קוועלעס צו דעם פאָרגעהענ־דיגן ענטפער.

ה) זעט רבינו בחיי בראשית א, ענדע פסוק ב.

ו) ספר רזיאל המלאך זייט לג; זהר אָנ־הייב לך לך; חגיגה יב, א, אונטן; ב"ר ד, ז; במ"ר יב, ד; י"ש בראשית ג; רש"י בראשית א, פסוקים א און ח; ל"ט בראשית א, א, זייט ג, ב; רקאַנטי בראשית ב.

ז) חגיגה יב, א אונטן; רש"י בראשית א, ח; ל"ט בראשית א, א, זייט ג, ב; רמב"נ בראשית א, ח.

ח) י"ש בראשית ג; רש"י בראשית א, ח.

ט) ירושלמי ראש השנה פרק ב, הלכה ד; ש"ר טו, ענדע כב.

י) ש"ר טו, ענדע כב.

א) ירושלמי ראש השנה פרק ב, הלכה ד.

ב) פר"א פרק ו, און זעט דאָרט הערה כח. זעט דעם גאַנצן ענין און איינצלהייטן אין: שו"ט יט, סימנים י און יא; יל"ה יט, יא; י"ש תהלים תרעג.

ב*) זעט איינצלהייטן אין: פר"א אָנהייב פרק ו, און רד"ל דאָרט; ברכות נט, ב און רש"י דאָרט; שבת קכט, ב און רש"י דאָרט; עירובין נו, א און רש"י דאָרט; ספר רזיאל המלאך; ספר יצירה פרק ד; ל"ט בראשית א, יד.

וועגן די זיבן שטערנס זעט תדא"ר פרק ב, זייט יד, ב.

סע זיינען פאַראַן מעהרערע מיינונגען:
פון דעם הימל, ג).
אַלץ וואָס סע איז געוואָרן בעשאַפן אין הימל און אויף דער ערד איז גע־וואָרן בעשאַפן פון הימל.
אַלץ וואָס סע איז געוואָרן בעשאַפן אין הימל און אויף דער ערד איז גע־וואָרן בעשאַפן פון ערד, ד).
דער הימל איז געוואָרן באַצירט מיט דער זון, מיט דער לבנה און מיט די פּלאַנעטן, ה).
דער בעשאַפער האָט געגיבן אַ בלאָז מיט זיין מויל, און סע זיינען געוואָרן בעשאַפן אַלע הימלישע הערשאַפטן, ו). ווי סע שטעהט אין פּסוק „וברוח פיו כל צבאם״, ז).
די און די זיינען געוואָרן בעשאַפן פון ציון. נעמלאַך ציון איז געוואָרן בעשאַפן צו ערשט. אַרום איר האָבן באַהעפט זיך שטיקער ביז עק וועלט פון אַלע זייטן, ח).

**פון וואַנען ביז וואַנען איז ווייטער, פון דעם הימל צו דער ערד, צי פון מזרח צו מערב?**
די דאָזיקע פראַגע האָט אַלכסנדר [אלכסנדרוס] מוקדון געפרעגט די קלו־גע לייט פון דעם נגב [אין ארץ ישראל]. האָבן זיי געענטפערט אים: פון מזרח צו מערב. ווייל ווען די זון איז אין מזרח זייט צי אין מערב זייט, קאָן מען קוקן אין איר. אָבער ווען זי שטעהט אין מיטן הימל, קאָן קיין מענטש קוקן אין איר.
די חכמים ז״ל זאָגן אַז דער מרחק, די דיסטאַנץ, די ווייטקייט פון ביידע איז די זעלבע. זיי באַזירן זייער טעם אויף די פּסוקים „כי כגבוה שמים על הארץ... כרחוק מזרח ממערב״, ט) די הויכקייט פון דעם הימל ביז דער ערד... איז ווי די דיסטאַנץ, די ווייט־קייט פון מזרח ביז מערב, י).

## ע ר ד

**וועלכע בעשאַפונג איז וויכטיגער, די ערד צי דער הימל?**
סע זיינען פאַראַן צוויי מיינונגען:
אומעטום שטעהט אין פּסוק שמים הימל, פאַר ארץ ערד. און אויף איין אָרט שטעהט ארץ פאַר שמים, א).
לערנט דאָס אונז אַז זיי זיינען ביידע גלייך, ב).
דער הימל, ג).

**די משנה רעכנט אויס מעהרערע זאַכן וועלכע זיינען גלייך איינע מיט די אַנ־**

---

ג) יומא נד, ב; ב״ר יב, יא; ק״ר ג, כ; יל״ה ג, א און קמח, א.
ד) ק״ר ג, כ און זעט דאָרט ווער סע זאָגט וואָס; זוטא ד׳, ג, כ.
ה) ב״ר י, ה.
ו) פר״א פרק ז; מה״ג,א׳, א, טו; בחיי בראשית ב, ה.
ז) תהלים לג, ו.
ח) יומא נד, ב און רש״י דאָרט אונטער דעם וואָרט מציון; יל״ה ג, א; י״ש תהלים תשנט. זעט איוב לח, לח און רש״י דאָרט. אַז ארץ ישראל איז געוואָרן בעשאַפן פאַר דער וועלט, זעט תענית י, א ערשטע שורה.
ט) תהלים קג, פסוקים יא, יב.
י) תמיד לא, ב—לב, א און זעט רש״י דאָרט; י״ש בראשית ד; יל״ה קג, כא; י״ס בראשית פרשה א, זייט א, ב. זעט ת״ת בראשית א, סימן טו.
א) בראשית ב, ד.
ב) ירושלמי חגיגה פרק ב, הלכה א; אָנהייב מכילתא דרבי ישמעאל; ב״ר ענדע פרשה א; ויק״ר אָנהייב פרשה לו; תנח. בא אָנהייב סימן ה; ל״ט בראשית ב, ד.
ג) י״ר בראשית ד, א [פון פרדס ד׳, פז, עג].

דערע. **פאַר וואָס זשע ווערן נישט גערעכנט דאָרט אויך ערד און הימל?**

ווייל דאָרט ווערן גערעכנט בלויז אַזעלאַכע זאַכן וועלאַכע האָבן צו טון מיט דעם דין, ד).

**פון וואָס איז געוואָרן בעשאַפן די ערד?**

סע זיינען פאַראַן צוויי מיינונגען:

פון שניי. דער בעשאַפער האָט גענומען שניי פון אונטער זיין טראָן. ער האָט געוואָרפן עס אויף דעם וואַסער. דאָס וואַסער איז געוואָרן פאַרפרוירן, פאַר גליווערט. דערפון איז געוואָרן ערד. פון די קליינע שטיינדלאַך וועלאַכע זיינען געווען אין דער ערד, זיינען געוואָרן בערג און בערגלאַך, ה).

פון וואַסער, ו).

ער האָט גענומען שטויב פון אונטער זיין טראָן. ער האָט געוואָרפן עס אויף דעם וואַסער, איז געוואָרן ערד. און פון די קליינע שטיינדלאַך וועלאַכע זיינען געווען אין דער ערד, זיינען געוואָרן בערג און בערגלאַך, ז).

**ווען איז די ערד געוואָרן אַנטפּלעקט?**

דעם דריטן טאָג, ז*).

**אויף וואָס האַלט די ערד זיך?**

אויף וואַסער, ח).

**אויף וואָס האַלטן זיך די אייבערשטע וואַסערן?**

די אייבערשטע וואַסערן הענגען אויף דעם בעשאַפערס אַ געזאָג, ח1).

**זיינען אַלע וואַסערן גלייך?**

אַלץ וואָס דער בעשאַפער האָט בעשאַפן, האָט ער בעשאַפן פאַרלאַכוויז, ח2). זיינען פאַראַן מענלאַכע, מאַסקולין וואַסערן, און ווייבלאַכע, פעמינין, וואַסערן, ח3).

**ווי ווייט איז פון די אייבערשטע וואַסערן ביז די אונטערשטע וואַסערן?**

סע זיינען פאַראַן דריי מיינונגען:

צווישן די אייבערשטע און אונטערשטע וואַסערן איז נישט דאָ אפילו אַ טפח, ח4).

כמלא פותח טפח, ח5).

אַ צוויי, דריי פינגערס, ח6).

**ווי פיל ערדן זיינען פאַראַן?**

סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיינונגען:

---

ד) כריתות כח, א, אין דער משנה, אונטן. זעט ת"ת בראשית ב, ד, אות י.

ה) זעט: פר"א פרק ג און רד"ל דאָרט, הערות נא—נה; יומא נד, ב; ירושלמי חגיגה אָנהייב פרק ב; ב"ר א, ו און מהרז"ו הארוך דאָרט; ש"ר יג, א; תנח. מקץ טז; תנח"ב בראשית יא און הערה סו דאָרט און מקץ טז; י"ש בראשית ג, ישעיה תמו, תהלים תתסב, דניאל תתרס און איוב תתקכב; יל"ה קלד, ט; ילה"י מ, כב; י"ר בראשית ט, א; שכ"ל יד, א—ב; ס"ח שעט.

ו) ספר יצירה פרק ג, משנה מג.

ז) במ"ר אָנהייב פרשה בא; ילה"י מ, כח; י"ר בראשית ט, א.

זעט: י"ס בראשית פרשה א, זייט ב, ב; ימ"מ כז, ג; געי"ב 132.

ז*) בראשית א, פסוקים ט, י.

ח) י"ר בראשית ד, א. זעט דאָרט אינטערעסאַנטע איינצלהייטן.

ח1) תענית ו, א. זעט עקידה בראשית שער ג, זייט כח, א.

ח2) ב"ב עד, ב; ד"ר ב, לא; י"ש ישעיה תלד און איוב תתקכו; יל"ה קד, עג; י"ר בראשית ח, ב און יג, ב. זעט ת"ת בראשית א, כז, אות סג; פע"ר בראשית יב, א.

ח3) י"ר בראשית יג, ב; א"ע בראשית א, ב און זעט דאָרט רד"ק, ספורנו.

ח4) תוספתא חגיגה אָנהייב פרק ב.

ח5) ירוש. חגיגה אָנהייב פרק ב.

ח6) ב"ר ענדע פרשה ב.

**זיבן,** אַזוי ווי די צאָל פון די הימלן: ארץ, אדמה, ארקא, חרבה, יבשה, תבל, חלד, ט);

אויף אַן אַנדער אָרט הייסט עס: ארץ, אדמה, ארקא, גיה, ציה, נשיה, תבל, י);

**זעקס,** אָבער ער רעכנט אויס זיבן: ארץ, אדמה, ארקא, גיא, ציה, נשיה, תבל, א);

**פיר:** ארץ, תבל, אדמה, ארקא, ב);

**צען, ג).**

ארץ און אדמה געפינען זיך פילע מאָל אין תנ"כ.

**ארקא, ד); ציה, ה); נשיה, ו); תבל, ז).** דער מהרז"ו ז"ל זאָגט, ח) אַז ער ווייסט נישט פון **גיא** אין תנ"כ, און עס איז מעגלאַך אַז עס באַציט זיך אויף גיא צלמות, ט). איז כדאי צו באַמערקן אַז אין תנ"כ געפינט זיך גי הנם, י) גי בן הנם, א) גיא הנם, ב) און גיא בן הנם, ג) און אויך אין חז"ל. אין במדבר כא, כ איז פאַראַן הגיא.

**וועלכס איז דאָס באַליבטסטע?**

סע זיינען פאַראַן צוויי מיינונגען:

דער אייבערשטער האָט אויס געקליבן ארץ ישראל, ג1).

לויט אַן אַנדער מיינונג איז תבל דאָס באַליבטסטע, ג2).

**פאַר וואָס ווערט די ערד אָן גערופן ארץ?**

סע זיינען פאַראַן צוויי מיינונגען:

**ווייל רצתה, זי איז געלאָפן טון דעם אייבערשטנס ווילן, ד). דער בעשאַפער האָט געזאָגט „תדשא הארץ דשא", ה) די ערד זאָל באַקליידן זיך מיט גראָזן, און „ותוצא הארץ דשא", ו) און טאַקע באַלד האָט זי באַדעקט זיך מיט גראָזן, ז).**

און דערפאַר האָט ער באַלוינט זי

---

ט) אר"נ נוסחא א, פרק לז. אין י"ר בראשית ג, ב—ד, א שטעהט **חרסא** אויף דעם אָרט פון **חרבה**, און זעט דאָרטן זייטן ה, א און ט, א.

זעט: פר"א פרק יח, און רד"ל סימנים מ און מא, אויסגאַבע אום; שו"ט צב, ב; יל"ה אָנהייב צב.

פאַרגלייכט פר"כ קנה, א, ערשטע שורה, אויסגאַבע אום.

י) פר"כ קנה, א, אויסגאַבע אום. אין ויק"ר כט, יא שטעהט גיא.

זעט פירוש הגר"א אויף ספר יצירה, און היכלות.

א) זעט שי"ר ו, פסוק ד.

ב) ב"ר יג, יב און אהל.

ג) מדרש משלי ח.

ד) ירמיה י, יא.

ה) הושע ב, ה.

ו) תהלים ח, יג.

ז) תהלים צח, ז.

ח) ויק"ר כט, יא.

ט) תהלים כג, ד.

י) יהושע טו, ח און יח, טז.

א) נחמיה יא, ל.

ב) נחמיה יא, ל.

ג) ירמיה ז, לא, און אין נאָך ערטער און אויך אין חז"ל.

ג1) פר"א פרק יח, און זעט רד"ל דאָרט סימן מא, אויסגאַבע אום; ש"ר ענדע פרשה לז; במ"ר ג, ח; שו"ט סד, ג און צב, ב; יל"ה צב, א.

ג2) פר"כ קנה, א, ערשטע שורה, אויס־גאַבע אום, און זעט נאָטע עח, דאָרט; ויק"ר כט, א.

זעט ספרי אָנהייב עקב אַז תבל איז ארץ ישראל. דער טייטש פון דעם וואָרט „ארצות" איז אַ ביסל שווערלאַך.

ד) ב"ר ה, ח; י"ש בראשית ז.

ה) בראשית א, יא.

ו) בראשית א, יב.

ז) ב"ר יב, טז.

דערמיט וואָס זי זאָל קיין מאָל ווערן אָפּגעריקט פון איר אָרט. ווי סע שטעהט אין פּסוק „יסד ארץ על מכוניה, בל תמוט עולם ועד“, ח) ער האָט געגרינדעט די ערד פעסט אויף איר אָן ברייטונג, זי זאָל נישט אוים גליטשן זיך אייביג, ט).

ווייל אַלע לויפן צו איר, י) [נאָך דעם טויט].

**פאַר וואָס הייסט די ערד אדמה?**

ווייל אדם הראשון איז געוואָרן בעשאַפן פון איר, א).

**אין וואָס פאַר אַ פאָרמע איז געוואָרן בעשאַפן די ערד?**

ווי אַ פּיאָלקע, פּילקע, באָל, ב).

**ווי דיק איז די ערד?**

ווי דער הימל, ג).

**ווי ווייט איז פון דער ערד ביז צו דעם הימל?**

פינעף הונדערט יאָרן גאַנג, ד).

**אויף וואָס שטעהט די ערד?**

אויף וואַסער, ה).

**די ערד שטעהט דאָך אויף וואַסער. וואָס האַלט אויף דאָס וואַסער פון צו שטראָמען אַרוים און פאַרפלייצן די גאַנצע וועלט?**

דער בעשאַפער האָט בעשאַפן אַ שטיינדל אויף דעם אָפּ גרינד. ער האָט אוים געקריצט אויף דעם שטיינדל דעם שם המפורש, טעטראַגראַמאַטאָן, דעם אייבערשטנס נאָמען וועלאַכן מע טאָר נישט אַרוים רעדן. ער האָט געזעצט עס פעסט אויף דעם אָפּ גרינד, סע זאָל אויף האַלטן דאָס וואַסער, ו).

ווען דער דור המבול האָט געזינדיקט, האָט ער גענומען אַוועק דאָס שטיינדל. האָבן אַלע וואַסער קוואַלן געשטראָמט אַרוים, ז).

**פון וואָס זיינען געוואָרן בעשאַפן די זאַכן וועלאַכע געפינען זיך אויף און אין דער ערד?**

סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיינונגען:

פון דער ערד, ח).

אַלץ וואָס סע איז געוואָרן בעשאַפן אין הימל און אויף דער ערד, איז געוואָרן בעשאַפן פון הימל.

אַלץ וואָס סע איז געוואָרן בעשאַפן אין הימל און אויף דער ערד, איז געוואָרן בעשאַפן פון ערד. אפילו דער ראָד פון דער זון איז געוואָרן בעשאַפן פון ערד, ט).

---

ח) תהלים קד, ה.

ט) ב"ר יב, טז. פאַרגלייכט אָבער מיט: שו"ט צג, ב; י"ש תהלים תתמז.

י) ל"ט בראשית א, א, זייט ג, ב.

א) י"ר בראשית ד, א [פון סודי רזא, נעמלאַך ספר רזיאל המלאך]. זעט דאָרט וועגן די אַנדערע נעמען.

ב) במ"ר יג, יד.

פאַרגלייכט: ירושלמי עבודה זרה פרק ג, הלכה א; תוספות עבודה זרה מא, א, אונטער דעם וואָרט כבדור.

ג) ב"ר ד, ה און זעט דאָרט מהרז"ו; י"ש בראשית ה; ילה"ש מ, אָנהייב פּסוק כב. און זעט אין ביידע ערטער נאָך מיינונגען און ירושלמי אָנהייב ברכות, זייט ד, ב אין חורב אויסגאַבע.

ד) ירושלמי אָנהייב ברכות, זייט ה, א אין חורב אויסגאַבע; חגיגה יג, א; ב"ר ו, ו און זעט דאָרט מהרז"ו; י"ש ישעיה תיח און מלאכי תקצג.

זעט ירוש. ברכות אָנהייב פּרק ט.

ה) תהלים קלו, ו.

ו) י"ר בראשית ב, ב, אונטן.

ז) זהר חדש נט, ד, אונטן; י"ר בראשית ב, ב, ג—א.

ח) יומא נד, ב; ב"ר יב, יא; ק"ר ג, כ; יל"ה ג, א און קמח, א.

ט) ק"ר ג, כ און זעט דאָרט ווער סע זאָגט וואָס.

ביידע סאַי די הימלישע הערשאַפטן, סאַי די ערדישע בעשאַפונגען זיינען געוואָרן בעשאַפן פון ציון, י).

**דער פסוק זאָגט „ואת הארץ", א) צו וואָס „ואת"?**

סע מיינט אַז די ערד איז געוואָרן באַצירט מיט ביימער, גראָזן, גן עדן, ב).

**ווי האָט געפילט די ערד וועגן איר אויפגאַבע, פונקציע אויף דער וועלט?**

זי האָט געפרעהט זיך אַזוי שטאַרק מיט איר ווערן געבאָטן צו פּראָדוצירן, אַז זי האָט אַזש פּראָדוצירט פרוכטן אויך אויף פרוכטלאָזע ביימער, ב*).

**וויפל מדברות האָט ער בעשאַפן?**

זיבן, ב1).

**וועלכע מדבר האָט דער בעשאַפער אויס געקליבן?**

מדבר קדש. לויט אַן אַנדער מיינונג מדבר סיני. און סע איז פאַראַן אַ מיינונג אַז מדבר קדש און מדבר סיני זיינען איינס און דאָס זעלבע, ב2).

**וויפל בערג האָט ער בעשאַפן?**

זיבן, ב3).

**וועלכן באַרג האָט דער בעשאַפער אויס געקליבן?**

דעם באַרג סיני, ב4).

**האָט דער באַרג סיני נאָך נעמען?**

יאָ. ער הייסט זעקס נעמען: הר אלקים, הר בשן, הר גבנונים, הר חמד, הר חורב, הר סיני, ב5).

**וויפל ימים האָט דער בעשאַפער בעשאַפן?**

זיבן, ב6).

**וועלכן ים האָט דער בעשאַפער אויס געקליבן?**

דעם ים כנרת, ב7).

אגב, דער חלזון, דאָס ווערימל פון וועלכן מע האָט געמאַכט תכלת ציצית, געפינט זיך אין דעם ים כנרת, ב8).

---

י) יומא נד, א; יל"ה ג, א. זעט י"ש תהלים תשנט.

א) בראשית א, א.

ב) ב"ר א, יד און י, ה.

ב*) ירושלמי כלאים פרק א, הלכה ז. זעט דעם פירוש אין דער קראָטאָשינער אויסגאַבע, און פני משה אין די אַנדערע אויסגאַבעס. פאַרגלייכט מיט ב"ר ענדע פרשה ה. אין כלאים שטעהט שמחה, אין ב"ר — סמכה און זעט דאָרט: רד"ל, מהרז"ו.

ב1) פר"א פרק יח, און זעט: רד"ל דאָרט סימן מז און פירוש הגר"א אויף דעם ספר יצירה; שו"ט צב, ב; יל"ה צב, א.

ב2) פר"א פרק יח און זעט רד"ל דאָרט סימן מח; שו"ט צב, ב; יל"ה צב, א. זעט שבת פט, א—ב.

ב3) פר"א פרק יח און זעט רד"ל דאָרט סימן מג; שו"ט צב, ב.

ב4) פר"א פרק יח, און זעט רד"ל דאָרט סימן מג; שו"ט צב, ב; יל"ה צב, א.

ב5) תנח. במדבר ז; תנח"ב במדבר ז; במ"ר א, ח; י"ש במדבר תרפד, תהלים תשצו. זעט דאָרט די בעדייטונג פון די נעמען.

אין ש"ר ב, ד הייסט עס פינעף נעמען. חמד פעהלט. אין ש"ר נא, ח הייסט עס דריי נעמען: אלקים, חורב, סיני.

זעט שבת פט, א—ב.

ב6) פר"א פרק יח, און זעט רד"ל דאָרט סימן מד; זהר ויקרא ט, ב; שו"ט צב, ב; יל"ה צב, א.

ב7) פר"א פרק יח, און זעט רד"ל דאָרט סימן מה.

אונקלוס און יוב"ע, דברים ג, יז זעצן איבער כנרת מיט גנוסר, גניסר.

וועגן ים כנרת און ים של טבריא זעט:

ירוש. כלאים פרק ט, הלכה ג [ד]; ירוש. כתובות פרק יב, ענדע הלכה ג; מגילה ה, ב; שו"ט צב, ב; יל"ה צב, א.

ב8) זהר בשלח מח, ב; תרומה קסט, ב;

## תוהו ובוהו, וויסטקייט און לעהרקייט

**וואָס מיינט דער פסוק „והארץ היתה תוהו ובוהו", ג) און די ערד איז געווען וויסט און לעהר?**

דאָס באַציט זיך אויף דער פריער־דיגער וועלט, ד).

מיר ווייסן דאָך אַז דער בעשאַפער בעשאַפט וועלטן און פאַרניכט זיי, ה).

**וואָס מיינט תוהו און בוהו, ו)?**

תוהו מיינט אַ גרינער פּאַס וועלאַכער נעמט אַרום דעם גאַנצן אוניווערס, און פון עס שטראָמט אַרויס פינצטערניש פון אים.

בוהו מיינט פייכטע פעלזן אייַן גע־זונקען אין די אָפּ גרינטן פון וועלאַכע וואַ־סער פליסט אַרויס, ז).

תוהו און בוהו, וויסטקייט און לעהר־קייט, מאַטעריע אָהן ממשות, אָהן קאָנ־קרעטקייט. מע קאָן נישט אָן טאַפּן עס מיט דער האַנט. דער אונטער שייד צווישן די צוויי איז וואָס תוהו האָט קיין צורה, און בוהו האָט אַ צורה.

דער פסוק זאָגט: „ונטה עליה קו תוהו ואבני בוהו", ז1) און דער אייבערשטער וועט נייגן אויף איר אַ שנור פון וויסט־קייט און אַ געוויכט פון לעהרקייט. ער פאַרבינד קו מיט תוהו, מיט דער מאַ־טעריע וועלאַכע האָט קיין ממש. ווייל די שנור איז דער פּלאַן וועלאַכן דער אַרכיטעקט זעט אין זיין געדאַנק ווען ער מקווה האָפט צו אויף בויען דעם גע־פּלאַנטן בנין, די פּלאַנירטע געביידע, ווי „קוה קויתי ה'", ז2) האָפן האָף איך צו דעם אייבערשטן.

און „אבני" שטיינער זיינען אַ קאָנ־קרעטע, אַ ממשות'דיקע זאַך וועלאַכע האָט אַ צורה, אַן אויס זען פאַרבינד ער מיט בוהו.

דער בעשאַפער האָט בעשאַפן אַ „יש מאין", אַן עפּיס פון גאָר נישט, די מאַ־טעריע פאַר הימל און ערד. נאָך דעם דאָזיגן בעשאַף איז די ערד געווען תוהו וויסט, אַ נישט ממשות'דיק, אַ נישט קאָנקרעטע מאַטעריע, און דערנאָך האָט בוהו געגיבן איר אַ צורה.

און דער פסוק „והארץ היתה תוהו ובוהו וחושך על פני תהום ורוח אלקים מרחפת על פני המים", ז3) ענטהאַלט די פיר עלעמענטן:

---

בהעלותך קג, ב; שלח קעה, ב און זעט פר"א פרק יח, און רד"ל דאָרט סימן מה, און הערה ו. זעט זהר שלח קסג, ב.

אגב, אונקלוס זעצט איבער כנרת מיט גנוסר, און יוב"ע זעצט איבער מיט גניסר, דברים ג, ז.

ג) בראשית א, ב.

ד) בחיי בראשית א, ענדע פסוק א. זעט ספר הקנה; רמב"נ אָנהייב בראשית.

ה) פר"א פרק יג; פ"ר פיסקא כא, זייט קד, א; ב"ר ג, ז און ט, ב; ק"ר ג, יא, א; ק"ז זייט 97; זהר בראשית כד, ב און ויחי השמטות רנג, א; שו"ט לד, א; י"ש בראשית טז און קהלת תתקסח, קאַפּיטל ג; זוטא ד', ג, יא; רקאַנטי בראשית ח, א; י"ר בראשית ג, א. זעט זייט 155, נאָטע א.

אין אַ טייל ערטער שטעהט **בורא** עולמות ער בעשאַפט וועלטן, אין אַנדערע **בונה**, ער בויעט.

אין תדא"ר פרק יא, זייט סו, ב לעצטע שורה הייסט עס: „... בעולמות כולן **שברא** מסוף העולם ועד סופו", אין **אַלע** וועלטן וועלאַכע ער האָט בעשאַפן פון איין עק וועלט ביז צו דעם אַנדערן.

ו) בראשית א, ב.

ז) חגיגה יב, א, און זעט דאָרט רש"י; ל"ט בראשית זייט ג, ב.

ז1) ישעיה לד, יא.

ז2) תהלים מ, ב.

ז3) בראשית א, ב. וועגן „יש מאין" זעט אָנהייב חתם סופר אויף חומש, פון דעם ספר יצירה.

**עפר**, והארץ מיינט עפר ערד;

**אש**, והחושך איז דאָס פונדאַמענטאַלע פייער וואָס איז פינצטערניש;

**רוח**, ורוח ווינט;

**מים**, המים וואַסער, ז4).

**לעהרקייט, פינצטערניש, אָפּ גרונט, „רוח", וואַסער, ח). אָבער ער רעקאָר־ דירט נישט, דערצעהלט נישט אַז זיי זיינען געוואָרן בעשאַפן. פון וואַנען זשע האָבן זיי גענומען זיך?**

זיי זיינען געוואָרן בעשאַפן פאַר דעם

**דער פסוק רעד פון: וויסטעניש, אוניוועדם בעשאַף, ט).**

## פינצטערניש

**וועלאַכס איז געוואָרן בעשאַפן פריי־ ער, ליכט צי פינצטערניש?**

דער בעשאַפער האָט געזאָגט: ווי לאַנג נאָך זאָל די וועלט פירן זיך אין פינצטערניש, „זאָל קומען ליכטי־ קייט", א). איז צו דרינגן דערפון אַז פינצטערניש איז געווען פאַר ליכטיקייט.

אלכסנדר [אלכסנדרוס] מוקדון האָט עס שוין געפרעגט, האָבן די חכמים ז"ל געענטפערט אַז סע איז נישט דאָ דאַרויף אַ בעשייד. נאָר מיר לערנען אַרויס דאָס פון אַ פסוק. דער פסוק זאָגט „והארץ היתה תוהו ובוהו וחושך"..., און די ערד איז געווען וויסט, לעהר און פינצ־ טער. און סע שטעהט דערנאָך „ויאמר אלקים יהי אור, ויהי אור", ב) און דער בעשאַפער האָט געזאָגט סע זאָל זיין ליכט, און סע איז געוואָרן ליכט. איז פינצטערניש געווען פריער, ג).

**אָנהייב בראשית שטעהט דאָך נישט אַז ליכט און פינצטערניש זיינען גע־ וואָרן בעשאַפן. פון וואַנעט זשע ווייסט מען עס?**

סע ווערט געלערנט אַרויס פון דעם פסוק „יוצר אור ובורא חושך", ד) ער פורמירט ליכט און שאַפט פינצטערניש.

**פון וואַנען האָט גענומען זיך פינצ־ טערניש?**

די וואַסערן זיינען געוואָרן טראָגענדיג, און זיי האָבן געבאָרן פינצטערניש, ה).

וואַסער איז די סאַמע הויפּט מאַטער־ יע פון אַלע בעשאַפונגען. און צו וואַסער האָט דער בעשאַפער צו געמישט די אַנדערע עלעמענטן, ה1).

פינצטערניש איז אַ בעשאַפונג פאַר זיך אַליין, ה2).

אגב, חושך, פינצטערניש איז דער פועל יוצא, דער רעזולטאַט פון ליכטס אַפּוועזנהייט, פון ליכטס נישט זיין. אַז סע איז נישט דאָ ליכט, איז פינצטער.

ז4) זעט איינצלהייטן בחיי בראשית א, א.

ח) בראשית א, ב.

ט) זעט: ה, 181; ג, 167; ב, 113.

א) ב"ר ב, ג; י"ש בראשית ד, זייט ג', ערשטע שורה.

ב) בראשית א, פסוקים ב, און ג.

ג) תמיד לא, ב—לב, א, אויבן, און זעט רש"י דאָרט; י"ש בראשית ד; יל"ה קג, כא; י"ס בראשית פרשה א, זייט א, ב. זעט ת"ת בראשית א, סימן טו.

ד) ישעיה מה, ז. זעט רד"ל אין פר"א פרק א, סימנים ל און לא און הגהה י; חגיגה יב, א. פאַרגלייכט זהר שמות יח, א.

ה) ש"ר טו, כב; זהר בראשית לב, ב אונטן; און וירא קג, ב. זעט רד"ל פר"א, אָנהייב פרק ד, אותיות א און ג, און הגהה ג'.

ה1) אלשיך בראשית א, פסוק ט.

ה2) אלשיך בראשית א, ד, זייט ח, א—ב. פר"א פרק ו, און זעט די הערות פון רד"ל.

**וועלכעס איז געוואָרן בעשאַפן פרי־ער, פינצטערניש צי די וועלט?**

סע זיינען פאַראַן צוויי מיינונגען:

די וועלט פריער, ו);

פינצטערניש פריער, ז).

ביי דעם וועלט בעשאַף האָט דער בעשאַפער געהייסן דעם שר, אויף זעער, פון פינצטערניש פאַרשווינדן, ווייל ער וויל בעשאַפן ליכט און די מזלות. האָט דער מלאך געטראַכט זיך: אויב איך וועל מאַכן לייכטן מיין פינצטערניש און פאָלגן דעם בעשאַפער, וועל איך דאָך שוין בלייבן אַן אייביגער קנעכט. איז בעסער אַז איך זאָל מאַכן זיך נישט הערנדיג, וועל איך זיין אַ שוגג, אַן אָהן גערנדיגער, און נישט אַ מזיד, אַן באַוויסטזיניגער זינדיגער. האָט דער בעשאַפער געגיבן אַ געשריי אויף אים.

דער מלאך: פאַר וואָס ווילסטו בעשאַפן ליכט?

בעשאַפער: אויב דו טוסט נישט אָפּ דיך פון פאַר מיר, וועל איך טון אַ געשריי, און אום ברייננגן דיך פון דער וועלט.

מלאך: וואָס וועסט דו בעשאַפן נאָך דעם ליכט?

בעשאַפער: דיך.

מלאך: און נאָך מיך וואָס וועסט דו בעשאַפן?

בעשאַפער: דאָס מזל תאומים, צווילינג.

מלאך: פאַר וואָס עפּיס צווילינג?

בעשאַפער: צווילינג איז מענטש. דער מענטש, וועלאַכן איך וועל בעשאַפן, וועט זען אין ליכט און אין פינצטערניש.

מלאך: און נאָך אים וואָס וועסט דו בעשאַפן?

בעשאַפער: סרטן, ראַק, קענסער. ווייל דער מענטש, אין די יאָרן, שלעפּט אַרויס פון די לעכער און שפּאַלטן.

מלאך: און נאָך אים וואָס וועסט דו בעשאַפן?

בעשאַפער: ארי, לייב. נאָך דעם אַרויס שלעפּן פון די לעכער און שפּאַלטן, שטאַרקט ער זיך ווי אַ לייב.

מלאך: און נאָך אים וואָס?

בעשאַפער: בתולה, ווייל דער מאַן פרעהט זיך מיט דער פרוי.

מלאך: און וואָס וועסט דו בעשאַפן דערנאָך?

בעשאַפער: מאזנים, וואָג שאָל. דעם מענטשנס מעשים, טאַטן, ווערן געמאָסטן אויף אַ וואָג שאָל.

מלאך: דערנאָך וואָס?

בעשאַפער: עקרב, עקדיש. נאָך דעם וועהגן זיינע מעשים, אויב סע איז פאַראַן אין אים זינד, נידערט מען אַראָפּ אים אין גיהנם אַריין.

מלאך: און וואָס נאָך אים?

בעשאַפער: קשת, רעגן בויגן. טאָמער וועסט דו זאָגן אויב גענידערט אַראָפּ אין גיהנם קומט מע נישט אַרויף מעהר. איז אַז מע בעט רחמים אויף אים, ווערט ער געוואָרפן אַרויס פון דעם גיהנם ווי אַ פייל פון דעם בויגן.

מלאך: און נאָך וואָס וועסט דו בעשאַפן?

בעשאַפער: גדי, ציגעלע. טאָמער וועסט דו זאָגן אַז מע קומט אַרויס פון גיהנם איז דאָס פנים פערשוואַרצט — ער טאַנצט און קומט אַרויף ווי אַ ציגעלע.

---

ו) תנח. ויקהל ו. זעט ב״ר ב, ג; י״ש בראשית ד און פאָרגעהענדיגע נאָטן.

ז) תנח. ויקהל ו. אזוי האַלט רבי יהודה. ר׳ נחמיה האַלט פריער די וועלט.

מלאך: און וואָס ווייסט דו בעשאַפן נאָך דעם?

בעשאַפער: דלי, העמער, וויאַדרע. איך גיב וואַסער אויף אים צו ריינינגן אים פון זיין זינד.

מלאך: און דערנאָך וואָס?

בעשאַפער: דגים, פיש. ווייל ווען ער ווערט גערייניגט פון זינד, האָט ער עולם הבא. ווירקט נישט אויף אים אַן עין הרע, אַ „גוט אויג", ווי סע ווירקט נישט אויף פיש.

מלאך: און נאָך דעם וואָס?

בעשאַפער: כוכב הנוגה, בליאַסקנדי־גער שטערן. [דער אייבערשטער האָט געזען אַז דער דור המבול, די גענעראַציע וועלכע איז געוואָרן פאַר פליייצט, וועט זינדיקן, האָט ער צוזאַמען געמישט זיי. כוכב איז דער מאַן. נוגה איז די פרוי. און ער האָט בעשאַפן כוכב חמה, שטערן „זון". דאָס מיינט אברהם אבינו וועלא־כער האָט געמאַכט לייכטן די גאַנצע וועלט ווי די זון].

מלאך: און דערנאָך וואָס?

בעשאַפער: שבתי. די פעלקער פון דער וועלט וועלן הערשן איבער די אידן.

מלאך: און דערנאָך וואָס?

בעשאַפער: צדק, גערעכטיקייט. דער אייבערשטער וועט מאַכן גרעכט זייער דין.

מלאך: און נאָך דעם וואָס?

בעשאַפער: מאדים. די זינדיקע פאַלן אַריין אין גיהנם, „רויט" פייער, ח).

די צוועלף מזלות אַנטקעגן די צוועלף חדשים זיינען:

**טלה** שעפעלע, **שור** אָקס, **תאומים** צווילינג, **סרטן** ראַק קענסער, **אריה** לייב, **בתולה** אינג פרוי, **מאזנים** וואָג שאָל, **עקרב** עקדיש, **קשת** רעגן בויגן, **גדי** ציגעלע, **דלי** העמער וויאַדרע, **דגים** פיש, ט).

די זיבן שטערנס, אַנטקעגן די זיבן טעג פון דער וואָך, וועלכע דינען די צוועלף מזלות זיינען:

חנכ"ל שצ"ם — חמה, נוגה, כוכב, לבנה, שבתי, צדק, מאדים, י).

**פון וואַנען האָט דער אייבערשטער געבראַכט דאָס פינצטערניש אויף מצ־רים?**

סע זיינען פאַראַן צוויי מיינונגען:

פון דעם פינצטערניש וואָס ער האָט פאַרבאָרגן.

פון דעם פינצטערניש וואָס געפינט זיך אין גיהנם, א).

---

ח) פ"ר פיסקא כ, זייטן צה, א—צו, ב, און פאַרגלייכט דאָרט מיט הוספה ב', זייט רג, א; י"ר בראשית י, א [פון „סודי רזי", נעמלאַך ספר רזיאל המלאך]. די פעריאָדן פון דעם מענטשנס לעבן זיינען געגליכן צו די צוועלף מזלות.

ט) ספר רזיאל המלאך זייטן ח און י; פר"א פרק ו; ל"ט בראשית א, יד.

י) ל"ט בראשית א, יד, פאַרגלייכט מיט פר"א פרק ו, און זעט די הערות פון רד"ל, אויסגאַבע אום.

זעט: פ"ר פיסקא כ, זייט צו, א—ב און הוספה ב', זייט רג, א, אונטן; ברכות נט, ב און רש"י דאָרט די ערשטע העלפט; רש"י שבת קכט, ב, אונטער דעם וואָרט דקיימא; תוספות עירובין נו, א, אונטער דעם וואָרט ואין; י"ר בראשית טו, א און ב. ל"ט בראשית א, הערה קכט.

זעט ברייתא דשמואל ירחינאי מיט דעם פירוש שבילי המאורות.

א) ש"ר יד, ב; תנח. בא ב; תנח"ב בא, ב; והזהיר ג, עא; שו"ט יח, טז; יל"ה יח, לב; י"ש שמואל ב', קס.

זעט אומעטום ווער סע זאָגט וואָס.

## רוח, גייסט, לופט, ווינט

**די תורה זאָגט „ורוח אלקים מרחפת על פני המים", ב). וואָס מיינט „רוח"?**

סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע טייטשן און אוים טייטשונגען:

**דער הימלישער טראָן איז געווען אין דער לופטן, און ער האָט געשוועבט איבער דעם וואַסער דורך דעם בלאָז פון דעם אייבערשטנס מויל, ג);**

**דער גייסט פון אדם הראשון'ען, ד);**

**דער גייסט פון משיח'ן, ה);**

**אַ ווינט פון פאַר דעם אייבערשטן האָט געבלאָזן אויף דעם וואַסער, ו);**

**אַ ווינט פון באַרם האַרציקייט...., ז);**

אוז דאָס וואָס סע שטעהט רוח צוזאַמען מיט אלקים, איז ווייל ער איז דעם **אייבערשטנס שליח אין אוים פאָלגן זיין פערלאַנג צו אוים טריקענען די וואַסערן. און מים איז לשון רבים, מעהר צאָל, ווייל וואַסערן זיינען זכר און נקבה מענלאַך און ווייבלאַך, ח).**

**וויפל סאָרטן רוח, רוחות זיינען פאַראַן?** אַכט ערלעי, ח*).

**ווען איז געוואָרן בעשאַפן רוח?** דעם ערשטן טאָג, ט).

## ליכט

**פאַר וואָס איז נישט געווען ליכטיקייט?**

ווייל דער גרויסער פיש [לויתן] האָט געבלאָזן אַ ווינט אויף דעם אָפּ גרינד, און ער האָט פאַרפינצטערט אים. אָבער ער האָט נישט געקאָנט פאַרניכטן אים. איז געקומען אַ ווינט פון אויבן, און ער האָט צעטרעטן און איין געשטילט אים.

---

ב) בראשית א, ב.

ג) רש"י בראשית א, ב. זעט דאָרט א"ע, רמב"נ, ספורנו.

ד) תנח. אָנהייב תזריע; תנח"ב תזריע ב; מ"א ויקרא יב, יח; שו"ט קלט, ה; יל"ה קלט, יב; י"ש בראשית ד, תהלים תתפז, און זעט אָנהייב תזריע.

לויט: ב"ר ז, ה און ח, א, און זעט מהרז"ו איןביידע ערטער און יפה תואר אויף ז, ה; ויק"ר אָנהייב תזריע; תנח. אָנהייב תזריע; תנח"ב תזריע ב; שו"ט קלט, ה; [זעט יל"ה קלט, יב]; י"ש בראשית יב און תהלים תתפז; בחיי בראשית א, כד; רקאַנטי בראשית ז, ב; י"ר בראשית יח, ב [מדרש הנעלם]; און זעט: אונקלוס, יוב"ע, רש"י בראשית ב, ז; ל"ט בראשית ב, ז; רמב"נ בראשית א, כו מיינט „תוצא הארץ נפש חיה", [בראשית א, פד] אדם הראשון'ס גייסט.

זעט ביי אדם הראשון, באַנד ג.

ה) פ"ר פיסקא לג, זייט קנב, ב; ב"ר ב, ד און ח, א; ויק"ר יד, א; י"ש בראשית ד; ילה"י יא, ב; בחיי בראשית א, ב; י"ר בראשית יג, ב.

זעט: שו"ט קלט, ה; יל"ה קלט, לב; ס"ת תתתשט; בעה"ט בראשית א, ב; מהרז"ו ביידע ערטער אין ב"ר.

די תרגומים ירושלמי, יוב"ע זעצן איבער רוח מיט רחמין באַרמדיג. זעט דאָרט פירוש יונתן.

ו) אונקלוס, בראשית א, ב.

ז) תרגום ירושלמי בראשית א, ב.

ח) א"ע בראשית א, ב, און זעט דאָרט רד"ק, ספורנו.

ח*) זעט איינצלהייטן אין י"ר בראשית ט, א, פון סודי רזא.

ט) פר"א פרק ג און זעט דאָרט סימנים ל און לא; חגיגה יב, א. פאַרגלייכט זהר שמות יח, ב.

ווי סע שטעהט אין פּסוק „ורוח אלקים מרחפת על פני המים"..., י) ויהי אור, א) און דאָס ליכט פון אויבן האָט אָן געהויבן צו לייכטן, ב).

**וועלכעס איז געוואָרן בעשאַפן פריער ליכט צי די וועלט?**

סע זיינען פאַראַן צוויי מיינונגען:

די וועלט פריער, ג).

דער בעשאַפער האָט געזאָגט: ווי לאַנג נאָך זאָל די וועלט פירן זיך אין פינצטערניש, „זאָל קומען ליכטיקייט". איז צו דרינגען דערפון אַז די וועלט איז געוואָרן בעשאַפן פריער, ד).

ליכט פריער, ה).

סע איז פאַראַן אַ מיינונג אַז דער בעשאַפער האָט איין געוויקלט זיך אין ליכטיקייט און בעשאַפן די וועלט. קומט אויס אַז ליכט איז געוואָרן בעשאַפן פאַר דער וועלט, ו).

נאָך דעם ווי ער האָט בעשאַפן ליכט, האָט ער בעשאַפן דעם הימל, ז). קומט אויס אַז ליכט איז געוואָרן בעשאַפן פאַר דעם הימל.

דער פּסוק זאָגט נישט והיה אור, און סע איז געוואָרן ליכט, נאָר „ויהי אור", ח) און סע איז געוועזן ליכט. לערנט דאָס אונז אַז סע איז געוועזן ליכט שוין פון פריער, ט).

לויט דעם חומש האָט דער בעשאַפער בעשאַפן פריער הימל און ערד און דערנאָך ליכט.

לויט דוד המלך האָט ער בעשאַפן פריער ליכט און דערנאָך הימל און ערד, י).

**ווען איז געוואָרן בעשאַפן דאָס ליכט?**

דעם ערשטן טאָג, א).

**דער בעשאַפער האָט געזאָגט „יהי אור", ב) סע זאָל זיין ליכט. ווי אַזוי איז עס געקומען צו שטאַנד?**

סע זיינען פאַראַן מעהרערע מיינונגען:

די שכינה, די הימלישע הייליקייט איז גאָלע ליכט, און פון איר ליכטיקייט האָט ער בעשאַפן ליכט, ג).

דער בעשאַפער האָט איין געוויקלט זיך אין אַ קלייד, ד).

---

י) בראשית א, ב.

א) בראשית א, ג.

ב) זעט איינצלהייטן אין זהר בא לד, ב—לה, א.

ג) ב״ר ג, א; ש״ר נ, א; יל״ה קיט, עח; י״ש בראשית ד און תהלים תתעח.

ד) ב״ר ב, ג; י״ש בראשית ד.

ה) ב״ר ג, א; ש״ר טו, כב און נ, א; י״ש בראשית ד און תהלים תתעח; יל״ה קיט, עח; רשב״מ א, 5, 4, עדיציע ראָזין, אויס־גאַבע אום.

זעט עקידה בראשית שער ב׳, יז, ב—יט, א.

ו) ש״ר טו, כב; תנח. ויקהל ו; תנח״ב בראשית י און ויקהל ז; יל״ה קד, ו.

זעט תהלים קד, ב.

ז) ש״ר טו, כב.

ח) בראשית א, ג.

ט) זהר בראשית מה, ב, אונטן.

---

י) ש״ר טו, כב; זעט: ב״ר ג, א; ש״ר נ, א.

א) ירושלמי חגיגה פרק ח, הלכה ה; חגיגה יב, א; פ״ר פיסקא כג, זייט קיח, א; ב״ר יא, ב [זעט יב, ו] און מב, ג; ש״ר אָנהייב לה; ויק״ר יא, ז; במ״ר יג, ה; א״ר פתיחתא יא; ר״ר ענדע פתיחתא; תנח. נח ג און שמיני ט; תדא״ז אָנהייב פרק כא; י״ש בראשית ה, איוב תתקכד; ל״ט בראשית א, ג. זעט רד״ק בראשית א, ג.

פאַרגלייכט: זהר בראשית לא, ב; תדא״ז פרק כ, זייט מא, ב; בחיי בראשית א, אָנהייב א, און פּסוק יב.

ב) בראשית א, ג.

ג) ל״ט בראשית א, ג.

ד) ב״ר א, ו און ג, ד; ש״ר נ, א; ויק״ר לא, ז; רקאַנטי בראשית ג, א; אלשיך בראשית א, פּסוק ג, זייט ז, ב.

זעט תהלים קד, ב.

לויט אַנדערע מיינונגען:
אין אַ ווייס קלייד, ה);
אין אַ טלית, ו);
אין אַ ווייסן טלית, ז);

געמלאַך, ער האָט אַרום געוויקלט זיך מיט ליכטיקייט ווי מיט אַ טלית, ח).

און מיר ווייסן דאָך אַז דער אייבערשטער האָט באַנוצט קליידונג ביי פאַרשידענע אַנגעלעגנהייטן אין דער פאַרגאַנגענהייט. און אַז ער וועט באַנוצן עס אין געוויסע פאַלן אין דער צוקונפט, צוזאַמען זיבן מאָל, ט).

לויט אַן אַנדער מיינונג צען מאָל, י).

ער האָט אַרום געוויקלט זיך מיט חכמה, און ער האָט געזאָגט „יהי אור" זאָל זיין ליכט. און די לויטערקייט פון זיין גלאַנץ האָט פערבליאַסקעט די וועלט, א).

סע איז געוואָרן בעשאַפן פון דעם בית המקדש, ב).

דאָס פייער איז געוואָרן טראָגעדיג, און סע האָט געבאָרן ליכט, ג).

סע אורשפרונגט פון וואַסער, ד).

**ווי שטאַרק איז געווען דאָס ליכט?**

אדם הראשון האָט געקאָנט זען דורך דעם פון איין עק וועלט ביז צו דעם צווייטן, ה).

**ווי לאַנג האָט געלויכטן דאָס ליכט?**

סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיינונגען:

זעקס און דרייסיק שעה: צוועלף שעה ערב שבת, צוועלף שעה פרייטיק נאַכט, צוועלף שעה שבת, ו).

דריי טעג, ז);

בלויז דעם ערשטן טאָג, און נישט מעהר. סע איז געוואָרן בעהאַלטן. ווען סע וואָלט נישט געווען געוואָרן בעהאַלטן, וואָלט די וועלט נישט געווען געקאָנט עקזיסטירן אפילו איין רגע, איין סעקונדע, ח).

לויט אַן אַנדער מיינונג: די אַלע זיבן טעג זיינען ליכט און פינצטערניש געווען צונויף געמישט, ט).

**וואָס איז געוואָרן פון דעם ליכט?**

סע זיינען פאַראַן מעהרערע מיינונגען:

---

ה) י"ש בראשית ענדע ד, יחזקאל שפב און תהלים תתסב.

ו) שו"ט כז, א; יל"ה כז, א; רקאַנטי בראשית ג, א.

ז) שו"ט קד, ד; יל"ה קד, א; פע"ר בראשית טז, א. ח) שו"ט כז, א.

ט) פ"ר פיסקא לז, זייט קסג, ב; פר"כ קמט, א, אויסגאַבע אום; יל"ה לא, ח; מה"ג,א', ל.

י) פר"כ קמז, ב—קמח, א, אויסגאַבע אום.

א) רקאַנטי בראשית ג, א. זעט אומעטום ווער סע זאָגט וואָס.

ב) מדרש בראשית רבה ג, ד.

ג) ש"ר טו, כב.

ד) ספר רזיאל המלאך זייט לד; ל"ט בראשית א, ג.

ה) ירושלמי ברכות פרק ח, הלכה ה; חגיגה יב, א; פ"ר פיסקא כג, זייט קיח, א; ב"ר יא, ב; יב, ו און מב, ג; ש"ר אָנהייב לה; ויק"ר יא, ז; במ"ר יג, ה; א"ר פתיחתא יא; ר"ר פתיחתא ז; תנח. שמיני ט; זהר בראשית לא, ב; י"ש איוב תתקכד; ילה"י ט, א; י"ר בראשית י, ב, אונטן; במ"ח בראשית יד, ב—טו, א.

זעט אומעטום ווער סע זאָגט עס.

ו) ירושלמי חגיגה פרק ח, הלכה ה; פ"ר פיסקא כג, זייט קיח, א—ב; ב"ר יא, ב; יב, ו און פב, טו; שו"ט צב, ד; יל"ה קלט, כ; ש"ט וישלח לו, כד; י"ש בראשית טז; תהלים אָנהייב תתפח. זעט רשב"מ א, 4.

זעט אומעטום ווער סע זאָגט עס.

ז) זעט: ב"ר ג, ו; תדא"ז אָנהייב פרק כא; רקאַנטי בראשית ז, א.

אין אש"ה 6 ווערט עס אָן גערופן אור הטוב, דאָס גוטע ליכט.

ח) זהר תרומה קמח, ב—קמט, א.

ט) מדרשי בשלח 112. זעט רש"י בראשית א, ד.

ער האָט בעהאַלטן עס פאַר זיך אַליין, י).

ער האָט בעהאַלטן עס פאַר משיח׳ן און זיין דור, א).

ער האָט אָפּ געשייד עס, בעהאַלטן עס פאַר די צדיקים אויף יענער וועלט, ב).

ער האָט בעהאַלטן עס פאַר די יעניגע וועלכע האַרעווען אין לערנען תורה שבעל פה טאָג און נאַכט, ג).

**וואו האָט ער בעהאַלטן דאָס ליכט?** אין גן עדן, ד).

**איז דאָס ליכט וועלכעס ער האָט בעהאַלטן פאַר די צדיקים, דאָס זעלבע וואָס ער האָט בעשאַפן צו אַלעם ערשטן?**

ניין. ער האָט פאַרגרעסערט עס דריי הונדערט דריי און פערציק מאָל אַזוי פיל, ה).

**פאַר וואָס האָט דער בעשאַפער בעהאַלטן דאָס ערשטע ליכט?**

ווייל ער האָט געזען די זינדיקע דורות [דור אנוש, דור המבול, דור הפלגה] וועלכע וועלן אויף שטעהן. ער האָט געזען זייערע מעשים, טאַטן, אַז זיי זיינען נישט ווירדיג צו באַנוצן זיך מיט דעם דאָזיקן ליכט, ו).

די געצן דינערס זאָלן נישט באַנוצן זיך דערמיט, ז).

**די תורה זאָגט „ויאמר אלקים יהי אור ויהי אור", ח). האָבן די פיר אַלף׳ן עפּיס אַ ספּעציעלן באַדייט?**

יאָ. די פיר אַלף׳ן, נעמלאַך פיר טויזנט [„אלף" אין לשון הקודש מיינט טויזנט] זיינען אַנטקעגן די צוויי טויזנט יאָר תורה, און די צוויי טויזנט יאָר פון משיח׳ן צייטן, ט).

**האָבן די ווערטער „את האור", י) עפּיס אַ ספּעציעלן באַדייט?**

יאָ. די צאָל פון די אותיות פון די ווערטער „את האור" באַטרעפט זעקס הונדערט און דרייצן, פונקט ווי די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט בתורה, א) נעמלאַך תרי"ג, די זעקס הונדערט און דרייצן מצוות, געבאָטן און פאַרבאָטן.

---

י) ירושלמי ברכות פרק ח, הלכה ו; שו"ט כז, א; ילק"ה כז, א; ילה"י קאַפּיטל ס, ב.

א) י"ש ישעיה תשצ.

ב) ירושלמי ברכות פרק ח, הלכה ו; חגיגה יב, א; פ"ר פיסקא כג, זייט קיח, א; ב"ר ג, ו; יא, ב; יב, ו און מב, ג; ש"ר אַנהייב פרשה לה; במ"ר יג, ה; ר"ר פתיחתא ז; זהר בראשית לא, ב—לב, א; תדא"ז אַנהייב פרק כא; שו"ט כז, א; ילק"ה כז, א; י"ש ישעיה תק; תהלים כז; איוב תתקכד; רש"י בראשית א, ד; ל"ט בראשית א, ג.

זעט י"ש בראשית ה.

שו"ט און ילק"ה פאַרבינדן בידע צוזאַמען: ער האָט אָפּ געשייד עס פאַר זיך, צו גיבן עס די צדיקים אויף יענער וועלט.

זעט: ירושלמי ברכות פרק ח, ענדע הלכה ו „איכן נגנז", און איוב לח, יב.

ג) תנח. נח, ג.

ד) ש"ר אַנהייב פרשה לה; ויק"ר יא, ז; א"ר פתיחתא יא; תנח. שמיני ט.

ה) י"ש ישעיה תק. זעט ב"ר ג, ו.

ו) חגיגה יב, א; פ"ר פיסקא כג, זייט קיח, א; ב"ר יא, ב, יב, ו און מג, ב; ש"ר אַנהייב פרשה לה; ויק"ר יא, ז; במ"ר יג, ה; א"ר פתיחתא יא; ר"ר פתיחתא ז; תנח. שמיני ט; תדא"ז פרק כא; י"ש איוב תתקכד. און זעט דאָס לשון אין רש"י בראשית א, ד.

זעט: זהר בראשית לא, ב, אונטן, און מה, ב—מו, א; זהר חדש איכה א, ד; ל"ט בראשית א, ג.

ז) תדא"ז אַנהייב פרק כא.

ח) בראשית א, ג.

ט) בעל הטורים אַנהייב בראשית.

י) בראשית א, ד.

א) בעל הטורים אַנהייב בראשית.

**האָבן די ווערטער „את האור כי טוב", ב) עפּיס אַ ספּעציעלן באַדייט?**

יאָ. די לעצטע אותיות מאַכן ברית, אַן אָנווינק אויף מל זיין, ג).

**וואָס באַדייט „וירא אלקים את האור כי טוב"?**

סע האָט מעהרערע באַדייטן:

דער בעשאַפער האָט געזען אַז דאָס ליכט איז גוט. און סע פּאַסט נישט אַז ליכט און פינצטערניש זאָלן דינען צוזאַמען, צונויף געמישט. „ויבדל אלקים בין האור ובין החושך", ד) האָט ער באַשטימט אַ באַזונדערע ספערע פאַר יעדן: פאַר ליכט האָט ער באַשטימט דעם טאָג, און פאַר פינצטערניש די נאַכט, ה).

ער האָט געזען אַז סע איז גוט צו ווערן בעהאַלטן, די שולדיגע פון דער וועלט זאָלן האָבן קיין הנאה דערפון, ו).

ער האָט געזען אַז סע איז צו גוט די רשעים זאָלן באַדינען זיך דערמיט. האָט ער אָפּ געשייד, בעהאַלטן עס פאַר די צדיקים אויף יענער וועלט, ז).

ער האָט געגיבן אַ קוק אויף דעם ליכט. און ער האָט געזען אַז סע איז גוט, שעהן, ח).

ביי דעם ערשטן טאָג פון דעם וועלט בעשאַף שטעהט פינעף מאָל אור: יהי אור, ויהי אור, ט) וירא... את האור, י) ויבדל... בין האור, ויקרא... לאור, א).

**האָט עס עפּיס אַ ספּעציעלן באַדייט?**

יאָ. די פינעף מאָל אור זיינען אַנטקעגן די פינעף חומשים, ב).

יהי אור איז אַנטקעגן דעם חומש **בראשית** וועלכן דער בעשאַפער האָט באַנוצט ביי דעם בעשאַפן דעם אוניווערס, ג).

ויהי אור איז אַנטקעגן דעם ספר **שמות** אין וועלכן סע ווערט דערצעהלט וועגן די אידנס אַרויס געהן פון פינצטערניש צו ליכטיקייט [יציאת מצרים, דאָס אַרויס ציען פון מצרים, די אידענס בעפרייאונג פון דער עגיפּטישער קנעכטשאַפט].

וירא את האור איז אַנטקעגן דעם ספר ויקרא וועלכער איז פול מיט פילע הלכות, געזעצן.

ויבדל... בין האור איז אַנטקעגן דעם

---

ב) בראשית א, ד.

ג) בעה"ט אַנהייב בראשית; פע"ר בראשית יד, ב.

ד) בראשית א, ד.

ה) בראשית א, ד און רש"י דאָרט; ירושלמי ברכות פרק ח, הלכה ו; ב"ר ג, ו; י"ש איוב תתקכד; ל"ט בראשית א, ה.

ו) זהר בראשית מה, ב—מו, א.

ז) רש"י בראשית א, ד. זעט: חגיגה יב, א; י"ש בראשית ה.

פאַר וועמען ער האָט בעהאַלטן עס, זעט זייטן 204—203.

ח) רשב"ם בראשית א, פסוק 4, סימן 2, עדיציע ראָזין, אויסגאַבע אום.

ט) בראשית א, ג. י) בראשית א, ד.

א) בראשית א, פסוקים ד און ה.

---

ב) י"ש בראשית ד; בעל הטורים אַנהייב בראשית.

ג) ב"ר ג, ה; י"ש בראשית ענדע ד.

אַז דער בעשאַפער האָט געקוקט אין דער תורה און בעשאַפן דעם אוניוועוס, זעט:

ב"ר א, א; תדא"ר פרק לא, זייט קכ, א; תנח"ב בראשית ה; זהר פקודי רכא, א, אויבן; י"ש בראשית ב, און משלי ענדע תתקמב; מנה"מ ג', תל"ת, זייט 206; ל"ט בראשית זייט ב, א; רקאַנטי אַנהייב בראשית, און זייט ג, א; י"ר בראשית ב, א, אונטן, און ח, א.

זעט: אבות פרק ג; אר"נ, נוסחא א', פרק לט, זייט 118; ב"ר ג, ה, און סד, ח; כונן פרשה א; י"ש בראשית; ענדע ד; אלשיך אַנהייב בראשית.

ספר במדבר וועלכער מאַכט דעם צווישן שייד פון די אַרויס ציערם פון מצרים און די אַריין געהערם אין ארץ ישראל.

ויקרא... לאור איז אַנטקעגן דעם ספר דברים וועלכער איז פול מיט פילע הלכות, ד).

## טאָג און נאַכט

**פאַר וואָס האָט ער גערופן ליכטיקייט „יום". און פינצטערניש האָט ער גע־רופן „לילה", ה)?**

יום, איז אַ לשון ים, מים. סע אור־שפּרונגט פון מים. דאָס איז לויט דער מיינונג אַז ליכטיקייט אורשפּרונגט פון וואַסער, ו).

לילה, ווייל סע איז אַ לשון יללה, קלאָגן, ז).

ויקרא אלקים לאור יום...

ער האָט געזאָגט דעם ליכט: דער טאָג איז דיין ספּערע. און דעם פינצ־טערניש האָט ער געזאָגט: די נאַכט איז דיין ספּערע, ח).

**פאַר וואָס זאָגט דער פּסוק „ויהי ערב, ויהי בוקר יום אחד", ט) און סע איז געוועזן אָוונט, און סע איז געוועזן פרי־מאָרגן איין טאָג, און נישט ויהי בוקר, ויהי ערב...?**

מיר דרינגען אַרויס דערפון אַז דער טאָג געהט נאָך דער נאַכט, י).

**פאַר וואָס שטעהט ביי אַלע אַנדערע טעג פון דעם וועלט בעשאַף יום שני, יום שלישי... דער צווייטער טאָג, דער דריטער טאָג. און ביי דעם ערשטן טאָג שטעהט „יום אחד", א) איין טאָג, און נישט יום ראשון, דער ערשטער טאָג?**

סע מיינט דער טאָג פון דעם איינעם. דער טאָג אין וועלכן סע איז געוועזן בלויז איינער און ווייטער קיינער אין דעם גאַנצן אוניווערס, אין דער גאַנצער וועלט, ב).

יום ראשון איז די טייטש ערשטער טאָג. אָבער ערשטער קאָן דאָך זיין נאָר דאָרט, וואו סע איז דאָ אַ צווייטער. און ביי דעם ערשטן טאָג פון דעם וועלט בעשאַף איז דאָך נאָך נישט געוועזן אַ צווייטער, ג).

אגב, די צאָל פון די אותיות פון די ווערטער יום אחד באַטרעפט ניין און זעכציק, פּונקט ווי די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט הדין, ד).

**ווען אַ פרומער איד בויעט אַ הויז פאַר זיך, בויעט ער אויך אַ סוכה. דער בעשאַפער האָט דאָך בעשאַפן די וועלט פאַר זיך. ער איז אַ שומר שבת, דער סאַמע ערשטער שומר שבת. ווי סע שטעהט אין פּסוק „וישבות ביום השבי־**

---

אין מאַנכע ערטער שטעהט דפּתראות. סע מיינט דאָקומענטן.

ד) ב"ר ג, ה. פאַרגלייכט מיט י"ש בראַ־שית ענדע ד.

ה) בראשית א, ה.

ו) ספר רזיאל המלאך, זייט לד; ל"ט בראשית א, ג.

ז) ל"ט בראשית א, ג.

ח) ירושלמי ברכות פרק ח, הלכה ו; ב"ר ג, ו; י"ש איוב תתקכד; י"ש איוב תתקכד. זעט רש"י בראשית א, ד.

ט) בראשית א, ה.

י) חולין פג, א, אין דער משנה.

א) בראשית א, ה.

ב) ב"ר ג, ח; במ"ר יג, ו; רש"י בראשית א, ה.

ג) ר' משה אבן עזרא האַלט: אחד איז אַ סימן פון אַן אָנהייב. און רבינו בחיי אין זיין ספר חובת הלבבות, שער היחוד פרק ח, האַלט אויך אַזוי. רד"ק בראשית א, ה.

ד) פענח רזא בראשית י, א.

**עי״, ה) און ער האָט גערוט דעם זיבעטן טאָג. און ער לייגט תפילין, ו). ווי זשע קומט עס וואָס ער האָט נישט געבויעט אויך אַ סוכה פאַר זיך?**

ער האָט יאָ געבויעט אַ סוכה פאַר זיך אין ירושלים, און ער האָט געדאַוונט אין איר, ז).

**וואָס פאַר אַן איין דרוק האָבן געמאַכט אויף דעם בעשאַפער זיינע בעשאַפונגען פון דעם ערשטן טאָג?**

ער האָט געגליסט צו וואוינען מיט זיי אונטן, ח).

**וועט אַלץ וואָס איז געוואָרן בעשאַפן דעם ערשטן טאָג עקזיסטירן אייביג?**

ניין. סע וועט ווערן פאַרניכטעט, ט).

**זיינען אַלע זעקס טעג פון דעם וועלט בעשאַף פון איין און דער זעלבער וויכטיקייט?**

ניין. דער ערשטער טאָג איז דער וויכטיקסטער. ער האָט גענומען צען קרוינען:

ער איז דער ערשטער טאָג: למעשה בראשית פון דעם וועלט בעשאַף, לנשי־אים, לכהונה, לעבודה, לירידת האש, לאכילת קדשים, לשכון שכינה, לברך את ישראל, לאיסור הבמות, לחדשים, י).

אגב, די פסוקים ווערן אוים גע־טייטשט אויך אַלעגאָריש:

ביי דעם סאַמע אָנהייב פון דעם וועלט בעשאַף האָט דער אַלזעענדיגער געזען אַז דאָס בית המקדש וועט גע־בויעט, פאַרוויסט, און געבויעט.

**בראשית ברא אלקים,** מיינט דאָס בית המקדש געבויעט.

**והארץ היתה תוהו ובוהו,** מיינט דאָס בית המקדש חרוב, פאַרוויסט, צעשטערט.

**ויאמר אלקים יהי אור,** מיינט דאָס בית המקדש געבויעט פערפעקט לעתיד לבוא, אויף אייביק, א).

**תוהו** וויסטעניש, מיינט אדם הרא־שון׳ען, וועלכער איז געוואָרן רעדוצירט צו גאָר נישט.

**בוהו** לעהרקייט, מיינט קין׳ען, וועלכער האָט געוואָלט אום קעהרן די וועלט צוריק צו וויסטקייט און לעהרקייט.

**וחושך** פינצטערניש, מיינט דעם דור אנוש.

**תהום** אָפּ גרינד, מיינט דער דור המ־בול, די גענעראַציע וועלכע דער אַל־מעכטיקער האָט אום געבראַכט דורך פאַרפלייצונג פאַר זייערע זינד.

**ורוח אלקים מרחפת על פני המים,** דער אייבערשטער האָט געזאָגט: ווי לאַנג נאָך וועט די וועלט פירן זיך אין פינצטערניש. זאָל קומען ליכט.

**ויאמר אלקים יהי אור** און דער איי־בערשטער האָט געזאָגט זאָל זיין ליכט, מיינט אברהם׳ן.

---

ה) בראשית ב, ב.

ו) ירושלמי ברכות פרק א, הלכה א; ברכות ו, א; י״ש ואתחנן תתכה און ישעיה תקו; יל״ה כט, לו; ילה״י סב, ח.

ז) ב״ר נו, י; שו״ט עו, ג; י״ש תהלים תתיג, און זעט דאָרט ווער סע זאָגט וואָס.

ח) ב״ר ג, ט; במ״ר יג, ו. זעט תנח. בחוקותי ג.

זעט: תנח. פקודי א, ב, און נשא יא.

ט) אין ויק״ר יא, ז שטעהט לכלות. אין: במ״ר יג, ה; א״ר פתיחתא יא שטעהט להבלות.

י) פאַרגלייכט די פאַרשידענע נוסחאות, און זעט די פירושים אין: סדר עולם רבה פרק ז; ספרא אָנהייב שמיני, אויסגאַבע אום; שבת פז, ב; ב״ר ענדע פרשה ג; במ״ר יג, ו; מדרש תדשא; י״ש שמיני תקכ. זעט תנח. ענדע פקודי.

א) ב״ר ענדע פרשה ב; פר״כ קמה, א, אויסגאַבע אום; י״ש בראשית ד, ישעיה תק

**ויקרא אלקים לאור יום** און דער אייבערשטער האָט גערופן ליכט טאָג, מיינט יעקב׳ן.

**ולחושך קרא לילה** און פינצטערניש האָט ער גערופן נאַכט, מיינט עשו׳ן.

**ויהי ערב** און סע איז געווען אָוונט, מיינט עשו׳ן.

**ויהי בקר** און סע איז געווען פרי מאָרגן, מיינט יעקב׳ן.

**יום אחד** איין טאָג, מיינט יום הכפור, ב).

**תוהו** וויסטעניש מיינט מלכות בבל, דאָס באַבילאָנישע קעניגרייך.

**בוהו** לעהרקייט מיינט מלכות מדי, דאָס קעניגרייך פון מעדיא.

**חושך** פינצטערניש מיינט מלכות יון, דאָס קעניגרייך פון גריכנלאַנד.

**תהום** אָפּ גרינד מיינט מלכות הרשעה, דאָס שלעכטע, בייז ווילדע קעניגרייך [רוים].

**ורוח אלקים** און דער הימלישער גייסט, מיינט דער גייסט פון משיח׳ן.

**מרחפת על פני המים** שווייבט אַרום אויף דעם וואַסער, מיינט אין דעם זכות פון תשובה וועלכע איז געגליכן צו וואַסער, ג).

לויט אַן אַנדער טייטש: **ורוח אלקים מרחפת על פני המים,** ד) און דעם אייבערשטנס גייסט שווייבט אויף דעם וואַסער, מיינט די תורה, אין וועלכער מיר זיינען פאַרזיכערט אַז זי וועט נישט ווערן פאַרגעסן פון אונזערע קינדער אפילו אין גלות, ה).

**תוהו ובוהו** וויסטעניש און לעהרקייט, מיינט די טאַטן פון די רשעים, ו).
**תהום** אָפּ גרינד, מיינט גיהנם, ז).

**יהי אור** זאָל זיין ליכט, מיינט די מעשים פון די צדיקים.

**...האור כי טוב** ...אַז דאָס ליכט איז גוט, מיינט דער אייבערשטער וויל די מעשים פון די צדיקים, און ער וויל נישט די טאַטן פון די רשעים, ח).

**„ויבדל אלקים בין האור ובין החושך"** און ער האָט געשייד צווישן דעם ליכט און דעם פינצטערניש, מיינט ער האָט געשייד צווישן די מעשים פון די צדיקים און די טאַטן פון די רשעים.

**„ויקרא אלקים לאור יום"** און דער אייבערשטער האָט גערופן ליכט טאָג, מיינט די צדיקים׳ס מעשים.

**„ולחושך קרא לילה"** און פינצטערניש האָט ער גערופן נאַכט, מיינט די רשעים׳ס טאַטן.

**„ויהי ערב"** און סע איז געווען אָוונט, דאָס זיינען די טאַטן פון די רשעים.

**„ויהי בוקר"** און סע איז געווען פרי מאָרגן, מיינט די מעשים פון די צדיקים.

**„יום אחד"** איין טאָג, מיינט יום הכיפורים, ט).

---

און משלי תתקנט, קאַפּיטל כ; ילה״י ס, א.
זעט ל״ט בראשית א, ג.
זעט ווער סע זאָגט עס.
ב) ב״ר ב, ג; י״ש בראשית ד.
ג) ב״ר ב, ד. פאַרגלייכט מיט די ווערסיעס אין: י״ש בראשית ד; בחיי בראשית א, ב.
ד) בראשית א, ב.
ה) בחיי בראשית א, ב.
ו) ב״ר ב, ה; ג, ח; י״ש בראשית ד.
ז) ש״ר יד, ב.
ח) ב״ר ב, ה; י״ש בראשית ד.
ט) ב״ר ג, ח; ל״ט בראשית א, ח.

אגב, „**ויאמר אלקים יהי אור**", און דער אייבערשטער האָט געזאָגט זאָל זיין ליכט, מיינט אברהם אבינו.

„**ויקרא אלקים לאור יום**", און דער אייבערשטער האָט גערופן דאָס ליכט טאָג, מיינט יעקב אבינו.

„**ולחושך קרא לילה**", און דאָס פינצ־טערניש האָט ער גערופן נאַכט, מיינט עשו'ן.

„**ויהי ערב**" און סע איז געווען אוונט, מיינט עשו'ן.

„**ויהי בוקר**" און סע איז געווען פרי מאָרגן, מיינט יעקב'ן.

„**יום אחד**", איין טאָג מיינט יום הכפור, י).

**וירא אלקים את האור כי טוב** און דער אייבערשטער האָט געזען אַז דאָס ליכט איז גוט, מיינט אַז דער אַלזעענ־דיגער האָט געזען דעם דור פון משיח'ן און זיינע מעשים נאָך פאַר דעם וועלט בעשאַף, האָט ער בעהאַלטן עס פאַר אים און זיין דור אונטער זיין גלאָרייכן טראָן, א).

**ויבדל אלקים בין האור ובין החו־שך**, ב) און דער אייבערשטער האָט געשייד צווישן דעם ליכט און דעם פינצ־טערניש, מיינט: דער אייבערשטער שייד צווישן די אידן וועלכע האָבן אויף א הילף, און די געצן דינערם וועלכע לעבן אין פינצטערניש, ג).

---

י) בראשית א, פסוקים ב—ו; י"ש בראשית ד.

א) י"ש ישעיה תצט. בחיי בראשית א,

ב בריינגט עס אויף דעם פסוק ויאמר אלקים יהי אור.

ב) בראשית א, ד. ג) בחיי בראשית א, ב.

# דער צווייטער טאָג

## דער הימל פאַר שפּרייט

**דער אייבערשטער האָט געזאָגט „יהי רקיע", א) סע זאָל ווערן [זיין] אַן אויס שפּרייט, אַ הימל. דער הימל איז דאָך שוין געוואָרן בעשאַפן דעם ערשטן טאָג?**

דער הימל וועלאַכער איז געוואָרן בע־שאַפן דעם ערשטן טאָג איז געווען פייכט. ווען דער בעשאַפער האָט גע־גיבן אַ געשריי דעם צווייטן טאָג „יהי רקיע", איז ער געוואָרן פאַרגליווערט, פערהאַרטעוועט, ב).

סע איז פאַראַן אַ מיינונג אַז סע איז אַרויס אַ פייער פון אויבן, האָט געגיבן אַ לעק די הימלען, און זיי זיינען געוואָרן פאַרטריקנט, ג).

**מיט וואָס האָט דער בעשאַפער באַ־פעסטיגט דעם אויס שפּרייט?**

דער שטייגער פון דער וועלט איז, אַז ווען אַ קעניג בויעט פּאַלאַצן בעבאַלקנט [באַדעקט] ער זיי מיט ציגל, האָלץ [שינדלען], ערד. אַבער דער הייליגער, געלויבט זיי ער, האָט בעבאַלקנט זיין וועלט מיט וואַסער, ווי סע שטעהט אין פּסוק „המקרה במים עליותיו", ד) ער בעבאַלקנט זיינע גאַרנס, אייבערשטע שטיבן מיט וואַסער, ה).

**דער בעשאַפער האָט געזאָגט „יהי רקיע בתוך המים", ו). וואָס אייגענטליך האָט ער געמיינט מיט בתוך?**

ער האָט געמיינט סע זאָל ווערן אַן אויס שפּרייט פונקט אין מיטן וואַסער. דער מרחק, די דיסטאַנץ, די ווייטקייט פון די אייבערשטע וואַסערן ביז צו דעם אויס שפּרייט, זאָל זיין אַקוראַט ווי די ווייטקייט פון דעם אויס שפּרייט ביז צו די וואַסערן אויף דער ערד. דער אויס שפּרייט זאָל זיין בתוך [באַטאַוועך] אַקוראַט, פונקט אין מיטן, ז).

אַזוי ווי סע איז פאַראַן אַ חלל, אַ לעה־רער פּלאַץ צווישן דער ערד און דעם הימל. אַזוי איז דאָ אַ חלל, ליידיקייט צווישן דעם הימל און די אייבערשטע וואַסערן, ח).

לויט אַנדערע מיינונגען:

האַלב וואַסער אויבן, און האַלב וואַ־סער אונטן, ט);

האַלב אין הימל, און האַלב אין אוק־ינוס, אָקעאַן, י).

אגב, די מאָדערנע וויסנשאַפט האַלט אַז אויף דעם פּלאַנעט מארס איז פאַראַן וואַסער. און די אַמעריקאַנער וויסנ־שאַפטלערס זיינען געוועזן שטאַרק ענ־טוישט ווען די פאָטאָגראַפיעס וועלאַכע

---

א) בראשית א, ו.

ב) ירושלמי ברכות פרק א, הלכה א [זייט ה, א אין חורב אויסגאַבע; זייט ב, ג אויבן אין קראָטאָשינער אויסגאַבע]; ב"ר ד, ב און ז; י"ש בראשית ג, און ה; רש"י, רמב"נ בראשית א, ו; אלשיך בראשית א, פסוק ז.

ג) מר"א א, יב; ב"ר ד, ב. זעט זייט 188, נאָטע י.

ד) תהלים קד, ג.

ה) ב"ר ד, א. ש"ר טו, כב. תנח. חיי שרה ג; י"ש בראשית ה, תהלים תתסב.

ו) בראשית א, ו.

ז) ירושלמי ברכות פרק א, הלכה א; אונקלוס, יונתן, ירושלמי; רש"י, רמב"נ אויף בראשית א, ו. זעט: ב"ר ד, ג; שו"ט יט, ד; יל"ה יט, ד; י"ש בראשית ה; ת"ת בראשית א, סימן לח.

זעט אלשיך בראשית קאַפּיטל א, פסוק ב.

ח) ב"ר ד, ג; י"ש בראשית.

ט) רשב"מ א, פסוק 6, עדיציע ראָזין, אויסגאַבע אום.

י) י"ש בראשית ה.

„מארינער" האט גענומען דעם פערצנטן יולי 1965 פון מארס, האבן געוויזן קיין וואסער אויף דעם פלאנעט.

איז כדאי צו באמערקן אז אונזערע חכמים ז"ל האבן געהאלטן שוין מיט א צוויי טויזנט יאר צוריק אז אויבן איז דא וואסער. זיי זאגן נישט אויף וועלאכן פלאנעט, צי אויף וועלאכן הימל. און דאס וואס די פאטאגראפיעס ווייזן קיין וואסער, איז נאך אלץ קיין באווייז אז סע איז נישט דא דארט. ווייל די פאטאגראפיעס זיינען דאך בלויז פון א קליינעם טייל פון מארס, און נישט פון דעם גאנצן פלאנעט.

און אפילו ווען סע זאל זיין קיין וואסער דארט, איז מעגלאך אז סע איז געווען, נאר סע איז געווארן אויס געטריקנט אין פארלויף פון די יאר טויזנטער.

און אפילו ווען סע זאל אין גאנצן נישט האבן געווען וואסער אויף דעם מארס, איז פאראן וואסער אויף די אנדערע, אדער אויף א טייל פון די אנדערע פלאנעטן. ווייל ווען אונזערע חכמים ז"ל זאגן, איז עס אזוי.

אלענפאלס, ווי די זאך זאל נישט זיין, האבן אונזערע חכמים ז"ל געוויסט שוין מיט א צוויי טויזנט יאר צוריק אז אויבן איז פאראן וואסער.

און וואס סע איז נאך מעהר אינטערעסאנט איז דער פאקט וואס דער בעל התהילים האט געוויסט דאס שוין מיט א קנאפע דריי טויזנט יאר צוריק. ווי סע שטעהט אין פסוק: „המקרה במים עליותיו", ער בעבאלקנט זיינע גארנס, זיינע אייבערשטע שטיבן מיט וואסער, א).

און מע דארף נאך האבן אין זינען אז סאי דער בעל התהילים, סאי אונזערע חכמים ז"ל האבן געהאט קיינע לאבאראטאריעס, געצייגן, מאשינען, וועלאכע די היינטיגע וויסנשאפטלערס באנוצן.

**ווי האבן די וואסערן רעאגירט אויף דעם בעשאפערס באפעהל „ויהי מבדיל בין מים למים", ב) זיי זאלן טיילן זיך אויף צוויי העלפטן. איין העלפט זאל שטייגן ארויף, און די צווייטע העלפט זאל נידערן אראפ?**

סע זיינען פאראן פארשידענע מיינונגן:

זיי האבן געקווענקלט זיך. זיי האבן נישט געגליסט צו פאלגן. די אונטערשטע וואסערן האבן אפילו געוויינט. און זיי זיינען אלע געשטיגן ארויף אויבן. און דערפאר טאקע ווערן זיי אן גערופן „מים עזים" עזות פנים'דיגע וואסערן, ג).

דער בעשאפער האט אויס געשטרעקט זיין מינדסטן פינגער. ער האט צעריסן [רקיע — קריעה] זיי אויף צוויי טיילן. און ער האט גענומען איין טייל אראפ אונטן, ד).

דער בעשאפער האט צעטיילט די וואסערן. א האלב זיינען אויבן אין הימל, א האלב אין אקעאן, ה).

ווען דער בעשאפער האט צעטיילט די וואסערן און גענומען אוועק די אייבערשטע וואסערן, האבן די אונטערשטע וואסערן געוויינט שטארק, און זיי האבן געוואלט געהן ארויף. זיי האבן געזאגט: ווי צו אונז וואס מיר האבן נישט זוכה געווען צו שטייגן ארויף אויבן, צו זיין נאענט צו אונזער בעשאפער, ו).

---

א) תהלים קד, ג; פארגעהענדיגע נאטע ח.
ב) בראשית א, ו.
ג) י"ר בראשית יג, א פון מדרש כונן; בחיי ויקרא ב, יג.
ד) י"ר בראשית יג, א פון מדרש כונן.
זעט ב"ה, חדר ב, זייטן 23-39.
ה) ב"ר ד, ד; י"ש תהלים תשפט; ילה"ה סה, טז.
ו) זעט איינצלהייטן אין: בחיי ויקרא ב, יג; י"ר בראשית ד, א-ב [סודי רזא].

זיי ווערן אַן גערופן וויינענדיגע וואַ־סערן, ו*).

די אונטערשטע וואַסערן האָבן אַפּ געטיילט זיך פון די אייבערשטע וואַסערן מיט אַ געוויין, ז).

**ווי ווייט איז געווען פון די אייבער־שטע וואַסערן ביז צו די אונטערשטע?**

סע זיינען פאַראַן עטליכע מיינונגען:

אפילו נישט די ברייט פון אַ טפח, פויסט, ח);

די ברייט פון בלויז דריי פינגערס, ט);

די ברייט פון אַ צוויי דריי פינ־גערס, י);

די ברייט פון אַ האָר, א);

אַזוי ווי די ברייט פון אַ שפּאַלט צווישן איין ברייט און דער אַנדערער פון אַ בריק, ב);

אַזוי ווי צוויי דעקן איינע איבער דער צווייטער, ג);

אַזוי ווי צוויי בעכערס איינער איבער דעם צווייטן, ד).

**אויף וואָס האַלטן זיך די אייבערשטע וואַסערן?**

אויף דעם בעשאַפערס געזאָג, ה).

**איז פאַראַן אַן אונטערשיד צווישן די אייבערשטע און די אונטערשטע וואַ־סערן?**

יא. די אייבערשטע וואַסערן זיינען זכרים, מענלאַך, מאַסקולין, ער געשלעכט. די אונטערשטע וואַסערן זיינען נקבות, ווייבלאַך, פעמענין, זי געשלעכט, ו).

**דער פּסוק זאָגט „ויעש אלקים את הרקיע", ז) און דער אייבערשטער האָט געמאַכט דעם הימל. דער הימל איז דאָך געוואָרן בעשאַפן דעם ערשטן טאָג?**

סע מיינט אַז ער האָט באַפעסטיקט אים אויף זיין שטאַנד, ח).

סע איז פאַראַן אַ מיינונג אַז דער רקיע פון דעם צווייטן טאָג פון דעם וועלט בעשאַף מיינט דעם הימל פון די קעפּ פון די חיות, ט).

**די תורה דערצעהלט „ויעש אלקים את הרקיע, ויבדל בין המים... ויהי כן", י) דער אייבערשטער האָט געמאַכט דעם אויס שפּרייט. ער האָט צעשייד די וואַסערן... און סע איז געווען אַזוי. צו וואָס דאַרף מען דעם „ויהי כן"? דאָרט וואו דער פּסוק זאָגט „ויאמר" דער איי־**

---

ו*) י״ר ויקרא ה, ב.

ז) ב״ר ה, ד; י״ש איוב תתקטו.

ח) תוספתא חגיגה ב, 5. אַזוי זאָגט בן זומא. פאַרגלייכט מיט דעם פאָלגנדיגן. זעט עקידה בראשית, שער ג, כח, ב—כט, א.

ט) חגיגה טו, א; י״ש בראשית ד. אַזוי זאָגט בן זומא מיט דעם פאַרגעהענדיגן; זעט תרגום יונתן בראשית א, ז; י״ר בראשית יג, ב.

י) ב״ר ב, ד.

א) חגיגה טו, א.

ב) חגיגה טו, א.

ג) חגיגה טו, א.

ד) חגיגה טו, א.

ה) תענית י, א; ב״ר ד, ג און ד; י״ש בראשית ה און תהלים תשפט; ל״ט בראשית א, ז; ילה״ה סה, טז; רש״י, רמב״ן בראשית א, ו; י״ר ויקרא.

ו) ירושלמי ברכות פרק ט, ענדע הלכה ב; און תענית פרק א, הלכה ג; ב״ר יג, יג; זהר בראשית כט, ב, אונטן און מו, א, אונטן; י״ש ישעיה שכד און תהלים תשמג; ילה״י מה, ח; י״ר בראשית יג, ב. זעט פר״א ענדע פרק ה, און פרק כג; זהר פנחס רנח, א.

ז) זעט בראשית א, ז.

ח) רש״י בראשית א, ז.

ט) די חיות הקודש זיינען די סאַמע העכס־טע קאַטעגאָריע פון די מלאכים. זעט פר״א אָנהייב פרק ד און רד״ל דאָרט; במ״ר יב, ח; י״ש בראשית ה; י״ר בראשית יב, ב און יד, א; רמב״ם, מדע, הלכות יסודי התורה, פרק ב, ז.

י) בראשית א, ז.

בערשטער האָט געזאָגט, ער האָט באַ־פעהלט סע זאָל ווערן דאָס און דאָס, איז שייך, געשיקט זיך צו זאָגן דערנאָך „ויהי כן". נעמלאָך דער אייבערשטער האָט באַפעהלט, און דער באַפעהל איז געוואָרן דורך געפירט. אָבער דאָ שטעהט דאָך „ויעש... ויבדל" און ער האָט געמאַכט... און ער האָט צע־טיילט, צו וואָס זשע דאַרף מען דעם „ויהי כן"?

אונזערע חכמים ז"ל זאָגן: „ויעש אלקים את הרקיע", י1) און דער אייבער־שטער האָט געמאַכט דעם אויס שפּרייט איז איינער פון די פסוקים וועגן וועלכע בן זומא האָט געמאַכט שטורמען די וועלט: וואָס הייסט „דער אייבערשטער האָט געמאַכט"? דער פסוק זאָגט דאָך „בדבר ה' שמים נעשו", י2) מיט דעם אייבערשטנס וואָרט זיינען געוואָרן די הימלען! ?

נאָר בן זומא'ס שטורמען איז נישט וועגן דעם „ויעש". וואָרן ביי דעם פערטן און זעקסטן טאָג שטעהט דאָך אויך „ויעש", א).

נאָר דער רעש, דער שטורם איז גע־ווען וועגן דעם: וואָס ביי אַנדערע טעג שטעהט „ויהי כן" און סע איז געוואָרן [געווען] אַזוי נאָך דעם „און ער האָט געזאָגט", צו ערקלעהרן אַז באַלד נאָך זיין זאָג איז געוואָרן אַזוי. בעת דאָ שטעהט דאָך „ויעש" נאָך „ויאמר"! אָט דאָס איז געווען בן זומא'ס קשיא.

און אפשר האָט בן זומא געהאַט אַ נסתר'דיגן, אַ פאַרבאָרגענעם תירוץ. און ער האָט נישט געוואָלט אַנטפּלעקן דעם סוד. און אָט דאָס איז די באַדייטונג פון דעם שטורמען, ב).

„ויהי כן" מיינט נישט אַז בלויז אין דעם פאַל „איז עס געווען אַזוי", נאָר אין אַלע פאַלן, ג).

לויט אַן אַנדער מיינונג איז דער „ויהי כן" באַהעפט צו דעם ווייטערדיגן פסוק, נעמלאָך: „ויהי כן", נאָך דעם ווי סע איז געווען אַזוי, „ויקרא אלקים לרקיע שמים", ד) האָט דער אייבערשטער גע־רופן דעם אויס שפּרייט הימל, ה).

ביי דעם גאַנצן וועלט בעשאַף שטעהט „ויהי כן" פאַר דעם ווערן בעשאַפן. בלויז ביי „יהי רקיע" שטעהט „ויהי כן" און סע איז געוואָרן אַזוי, נאָך דעם ווי די זאַך איז שוין געוואָרן בעשאַפן, ו).

**וואָס באַדייט „ויקרא אלקים לרקיע שמים", ז) און ער האָט גערופן דעם אויס שפּרייט שמים?**

שמים מיינט שא מים, שם מים, אש ומים, צו זאָגן אונז אַז דער בעשאַפער האָט צונויף געמישט איינס מיט דעם אַנדערן, און ער האָט בעשאַפן פון זיי דעם הימל, ח).

**וואָס געפינט זיך אין דעם צווייטן הימל?**

דער ראַד, די ספערעס פון דער זון און

---

י1) בראשית א, ז.

י2) תהלים לג, ו.

א) בראשית א, פסוקים טז, כה. [ביי דעם פיפטן טאָג, בראשית א, כא, שטעהט ויברא].

ב) ב"ר ד, ו, און זעט דאָרט: [רש"י ?]; מתנות כהונה, יפה תואר, ידי משה, מהרז"ו; רמב"נ און אור החיים בראשית א, ז; י"ר בראשית יג, ב.

ג) רמב"נ בראשית א, ז.

ד) בראשית א, ח.

ה) א"ע בראשית א, ח. דער רמב"נ נעמט נישט אָן דעם דאָזיגן תירוץ.

ו) ל"ט בראשית א, ז.

ז) בראשית א, ח.

ח) חגיגה יב, א, אונטן; ב"ר ד, ז; במ"ר יב, אָנהייב ד; ספר רזיאל המלאך, זייט לג, אויבן; י"ש בראשית ג; רש"י בראשית א, פסוקים א און ח; רמב"נ בראַ־שית א, ח; ל"ט בראשית א, א, זייט ג, ב; רקאַנטי בראשית ב, א.

פון דער לבנה. לויט אַן אַנדער מיינונג אַלע הימלישע ספערעס, ט).

**וואָס מיינט „יום שני", י)?**

סע מיינט נישט דער צווייטער טאָג פון דער וואָך, מאָנטיק. ווייל סע איז דאָך נאָך נישט געווען אַ וואָך דענצמאָל. נאָר סע מיינט דער צווייטער טאָג פון דעם וועלט בעשאַף, א).

**ביי די בעשאַפונגען פון אַלע טעג פון דעם וועלט בעשאַף שטעהט: דער אייבערשטער האָט געזען „כי טוב", אַז דאָס וואָס ער האָט בעשאַפן איז גוט. פאַר וואָס שטעהט נישט „כי טוב" אויך ביי די בעשאַפונגען פון דעם צווייטן טאָג פון דעם וועלט בעשאַף?**

סע זיינען פאַראַן עטלאַכע טעמים:

ווייל אַלע טעג האָט ער אָן געהויבן אַן אַרבעט, און ער האָט געענדיקט זי. און ער האָט געזען „כי טוב", אַז די בעשאַפונג איז גוט. אָבער דעם צווייטן טאָג האָט ער נישט געענדיקט די אַרבעט מיט דעם וואַסער. און אויף אַ נישט געענדיקטער זאַך קאָן מע דאָך נישט זאָגן „סע איז גוט", ב).

ווייל דעם צווייטן טאָג איז געווען דער מבול, דער פאַרפלייץ. ווען אַ וועלט ווערט אָפּ געווישט פון דעם ערד קוגל, זאָגט מען נישט „כי טוב" סע איז גוט, ב*).

סע שטעהט נישט כי טוב, ווייל משה רבינו, וועלאַכער ווערט אָן גערופן טוב אָדער אויך טוביה, ג), איז געוואָרן געשלאָגן דורך וואַסער. נעמלאַך, ער האָט נישט געפירט אַריין די אידן אין ארץ ישראל דערפאַר ווייל ער האָט געשלאָגן דעם פעלז, אויף דעם אָרט פון רעדן צו אים, ער זאָל גיבן וואַסער, ד).

ווייל דעם צווייטן טאָג זיינען געוואָרן בעשאַפן:

---

ט) י"ש מלאכי תקצג.

י) בראשית א, ח.

א) ירושלמי אָנהייב ראש השנה, פני משה דאָרט און פאַרגלייכט מיט קרבן העדה; י"ר בראשית יד, א.

ת"ת בראשית א, פסוק ח, סימן מא באַמערקט „שלא מצינו חשבון לשבוע מן התורה", ווייל מיר געפינען נישט די תורה זאָל רעכענען לויט די טעג פון דער וואָך.

תוספות ראש השנה ג, א אונטער דעם וואָרט שני, ברייננט שוין דאָרט ירושלמי ראש השנה אָנהייב פרק א, אַז „יום שני" ביי דעם וועלט בעשאַף מיינט נישט מאָנטיק, נאָר דעם צווייטן טאָג פון דעם בעשאַף.

ואני הקטן אהרן באאמו"ר ר' משה ז"ל באַמערק: רב אַסי רמי, כתיב „ותוצא הארץ דשא" **בתלת בשבתא** — און די ערד האָט געבראַכט אַרויס גראָזן דעם דריטן טאָג **פון דער וואָך**, „וכתיב וכל שיח השדה טרם יהיה בארץ" **במעלי שבתא**, פרייטיק. זעט חולין ס, ב; י"ש בראשית ח.

יום שני, יום שלישי, יום רביעי... מיינט דאָך מאָנטיק, דינסטיק, מיטוואָך. אין לשון הקודש האָבן מיר דאָך נישט אַפילו היינט צו טאָג אַ ספּעציעל וואָרט פאַר די טעג פון דער וואָך.

ב) ב"ר ד, ו; זהר בראשית מ, ו; י"ש בראשית ה; רש"י בראשית א, ז; ל"ט בראשית א, ז; רשב"ם בראשית א, ו; רקאַנטי בראשית ה, יא.

זעט אלשיך בראשית זייט ט, א־ב.

ב*) בחיי בראשית ב, ג.

ג) זעט: סוטה יב, א; מנחות נג, ב; פר"א פרק מח, אויסגאַבע אום; ש"ר א, כ; ויק"ר א, ג און כ, א; ק"ר ד, ט און ט, א; אגדת אסתר, זייט 48, עדיציע באָבער; י"ש בראשית ו און שמות קסו; יל"ה כא, ד; ל"ט שמות ב, ב און דברים זייט 10.

זעט מיינע ביכער: „משה רבינו זיין לעבן און שאַפונג", אין אידיש; „מאָזעס אים ליכטע דער אגדה" זייט 20, נאָטע 40 און זייט 50, נאָטע 163, אין דייטש.

ד) ב"ר ד, ו; י"ש בראשית ו; ל"ט בראשית א, ז.

דער מלאך פון טויט, ה)؛
מחלוקת, קריגעריי, ו)؛ גיהנם, ו*).

ווייל „ויבדל", ז) ער האָט געמאַכט א צווישן שייד.

# דער גיהנם

**פון וואָס איז גיהנם געוואָרן בעשאַפן?**
פון דער ערד ארקא, ז1).

**וואָס איז געוואָרן בעשאַפן פריער גיהנם צי גן עדן?**
גיהנם. גן עדן איז געוואָרן בעשאַפן דעם דריטן טאָג, ז2).

**אויך ביי דעם ערשטן טאָג שטעהט דאָך „ויבדל", נעמלאַך „ויבדל אלקים בין האור ובין החושך", ח) און דער איבערשטער האָט צעשייד דאָס ליכט און דאָס פינצטערניש, און דאָך שטעהט דאָרט „כי טוב". פאַר וואָס שטעהט נישט אויך דאָ ביי דעם צווייטן טאָג „כי טוב"?**

נאָר דער תירוץ איז: ביי דעם ערשטן טאָג איז דער צווישן שייד געוואָרן געמאַכט צווישן „ליכט" און „פינצטערניש". און אויף דעם איז שייך, געשיקט זיך, צו זאָגן „כי טוב". וואָרן אזוי איז ריכטיג. אזוי דאַרף און מוז זיין. ליכטיקייט און פינצטערניש קאָנען נישט עקזיסטירן צוזאַמען.

אָבער ביי דעם צווייטן טאָג איז דאָך דער צווישן שייד געוואָרן געמאַכט נישט צווישן צוויי געגן געזעצטע עלעמענטן, נאָר צווישן איין און דעם זעלבן עלעמענט. דער צווישן שייד איז געוואָרן געמאַכט „בין מים למים", ט) צווישן וואַסער און וואַסער. צווישן דעם זעלבן מין. אויף אזא צווישן שייד קאָן מען נישט זאָגן „אז סע איז גוט", י).

**פאַר וואָס האָט דער בעשאַפער בעשאַפן דעם גיהנם?**

אַלץ וואָס דער בעשאַפער האָט בעשאַפן, האָט ער בעשאַפן זיין געגן טייל. ער האָט בעשאַפן בערג און בערגלאַך, ימים און טייכן, צדיקים און רשעים, גיהנם און גן עדן און נאָך, און נאָך, א).

---

ה) זהר בראשית מו, ב, אונטן.
לויט: תנח. וישב אָנהייב ד; ילמדנו ב׳ חוקת יא; י״ר בראשית יז, ב, אויבן, איז ער געוואָרן בעשאַפן דעם ערשטן טאָג.
לויט בחיי בראשית ב, ד איז ער נישט געוואָרן בעשאַפן פאַר דעם זעקסטן טאָג.
זעט נאָך מיינונגען אויף זייט 291.

ו) ב״ר ד, ו; זהר בראשית מו, א; י״ש בראשית ה; בחיי בראשית א, ד; י״ס בראשית פרשה ב, זייט ג, ב.
עקידה בראשית שער ג, זייטן כז, ב—כח, א.

ו*) פסחים נד, א; פר״א פרק ד; מדרש כונן; ב״ר ענדע פרשה ד; ש״ר טו, כב; תנח. חיי שרה, ג; תנח״ב בראשית יז; זהר בראשית מו, א; י״ש בראשית ה און ישעיה ענדע תלו; יל״ה קד, ה און קמט, ח; רש״י ישעיה ל, לג און זעט דאָרט תרגום; רש״י נדרים לט, ב אונטער דעם וואָרט כי ערוך; ל״ט בראשית א, ז; בחיי בראשית א, ד.
זעט: ב״ר יא, ט; י״ש בראשית ענדע לד.
לויט: תנח. נשא יא; תנח״ב נשא יט; מדרש הנעלם אין ז״ח ח, א; י״ש בראשית ענדע כ, ירמיה רצח, משלי תתקמב; יל״ה עב, לד; מנה״מ ג, תשובה 113, ד 610; מדה 99 איז דער גיהנם געוואָרן בעשאַפן פאַר דעם וועלט בעשאַף.
לויט שו״ט צ, יב — צוויי טויזנט יאָר פאַר פאַר דעם וועלט בעשאַף.

ז) בראשית א, ג.

ז1) י״ר בראשית ד, ב, אויבן, פון סודי רזא.

ז2) בחיי בראשית ג, כד.

ח) בראשית א, ד.

ט) בראשית א, ו.

י) הרב ש. קליין.

א) חגיגה טו, א. פאַרגלייכט: סוטה כב, א; ב״ב טז, א.

**פאַר וועמען איז דער גיהנם?**

פאַר רשעים, ב) בייזוויכטן;

פאַר עזות פנים'ער, ג) אַראָגאַנטן, פרעכע פאַרשווינען;

פאַר די יעניגע וועלאַכע היטן נישט אָפּ די תורה, ד);

פאַר די וועמענס עבירות זיינען מעהר, שטייגן איבער די צאָל פון זייערע מצוות, ה).

**ווער געהט נישט אַריין אין גיהנם?**

אַ גע'מל'טער, ה*).

**ווי לאַנג ווערן די רשעים גע'משפט, געשטראָפט אין גיהנם?**

צוועלף חדשים, מאַנאַטן, ו) זעקס חדשים מיט היצן, זעקס חדשים מיט קאַלטן, ו*).

**קאָן אַ רשע אַ מאָל אַרויס פון דעם גיהנם?**

יאָ. פאַר ענטפערן איין אמן ווערן רשעים ניצול, אָפּ געראַטעוועט, פון גיהנם, ז).

**ווי אַזוי געהט צו דאָס אָפּ ראַטעווען אַ רשע פון גיהנם פאַר זיין ענטפערן אמן?**

אין דער צוקונפט וועט דער הייליקער, געבענטשט זיי ער, זיצן אין גן עדן און דרש'ענען. אַלע צדיקים זיצן פאַר אים. דאָס גאַנצע הימלישע געריכט שטעהט אויף זייערע פיס; די זון און די פּלאַנעטן פון זיין רעכטער האַנט, די לבנה און די שטערנס פון זיין לינקער האַנט. און דער הייליקער, געלויבט זיי ער, זיצט און דרש'נט אַ נייע תורה וועלאַכע ער וועט גיבן דורך משיח'ן.

נאָך זיין ענדיגן שטעלט אויף זיך זרובבל בן שאלתיאל אויף זיינע פיס, און ער זאָגט **יתגדל ויתקדש**. זיין קול געהט פון איין עק וועלט ביז צו דעם צווייטן, און אַלע מענטשן פון דער וועלט ענטפערן **אמן**. אויך די אידישע רשעים און די געצן דינערישע צדיקים, וועלאַכע זיינען געבליבן אין גיהנם, ענטפערן און זאָגן **אמן**. און די וועלט שטורמט, רוישט ביז דאָס קול פון זייער געשריי ווערט געהערט פאַר דעם הייליקן ברוך הוא.

און ער פרעגט: וואָס אַזוינס איז דאָס גערויש וואָס איך הער? און די דינסט מלאכים ענטפערן און זאָגן פאַר אים: האַר פון דער וועלט, דאָס זיינען די אידישע רשעים און די געצן דינערישע צדי-

---

ב) עירובין יט, א; ב"מ פג, ב; ק"ר ג, ט און ז, ב, ד; א"ר ג, יד; שו"ט א, כב; יל"ה ט, יז.

זעט: פ"ר פיסקא א, זייט ג, א און פיסקא מא, זייט קעג, ב; פר"כ זייטן קג, א און קסא, ב, אויסגאַבע אום.

ג) אבות, ענדע פרק ג; כלה 190, 146.

רבי אליעזר זאָגט: עז פנים מיינט אַ ממזר. רבי יהושע זאָגט: בן הנדה. רבי עקיבא זאָגט: ממזר און בן הנדה.

אַז אַן עזות פנים מעג מען רופן רשע, זעט תענית ז, ב.

ד) ש"ר ב, ב; תנח"ב שמות י; יל"ה יא, י.

ה) ירוש. פאה פרק א, ענדע הלכה א; ירוש. קידושין, פרק א, הלכה ט; שמחות זייט 215.

ה*) שו"ט ו, א. זעט: נאָטע ז; יל"ה ו, ג.

ו) ירוש. סנה. פרק י, הלכה ג; שבת לג, ב; עדיות ענדע פרק ב; אי"ר א, מ; תנח"ב בראשית לג; זהר נח, סח, ב; סא"ר זייט 15; ילמדנו בראשית ג; ילמדנו ג, ראה י; אבד"ע 38-9; י"ש מלאכי תקצג; מ"מ יז, זייט 84 און לא, נה; יל"ה מ, ד און מט, כח; ס"ח תקנה.

זעט ר"ה יז, א, און דאָרט ווערט געבראַכט אַז סע זיינען פאַראַן אַזעלאַכע וועלאַכע ווערן געשטראָפט „לדורי דורות", ווי צום ביי שפיל ירבעם בן נבט און זיינע חברים, קאָלעגן; חידושי אגדות מהר"ל.

ו*) תנח. ראה יג; זעט דזמ"ה בראשית ג, כד.

ז) י"ש ישעיה אָנהייב תכט.

קים, וועלכע זיינען געבליבן אין גיהנם. זיי ענטפערן אמן, און רעכטפארטיקן אויף זיך דעם דין, דעם אורטייל.

באלד דערוועקט זיך זעהר דעם הייליקנס, געבענטשט זיי ער, בארם הארציקייט אויף זיי, און ער זאגט: אבער וואס קאן איך דען טון איצט וועגן זייער דין וועלכן דער יצר הרע האט גורם געווען, פאראורזאכט, זיי. און אין דער דאזיקער שעה נעמט ער דעם שליסל פון גיהנם אין זיין האנט, און ער גיבט אים צו די מלאכים מיכאל און גבריאל אין קעגנווארט פון אלע צדיקים, און ער זאגט צו זיי: געהט און עפנט די טויערן פון דעם גיהנם, און ברענגט זיי ארויף.

געהען זיי באלד מיט די שליסלן, און זיי עפענען אויף אכט טויזנט טויערן פון גיהנם. און יעדער גיהנם איז דריי הונדערט מייל לאנג, דריי הונדערט מייל ברייט, טויזנט מייל דיק און הונדערט מייל טיף. און יעדער רשע וועלכער פאלט אריין אין אים, קאן שוין קיין מאל קומען צוריק ארויף.

וואס זשע טוען מיכאל און גבריאל אין דער דאזיגער שעה? זיי כאפן אן יעדן איינעם פון זיי, און זיי ברענגען אים ארויף, פונקט ווי א מענטש ציט ארויף מיט א שטריק זיין חבר פון א גרוב. און זיי וואשן, פארפיומירן, און קורירן, היילן זיי אוים פון די גיהנם מכות. זיי באקליידן זיי מיט נייע מלבושים, קליידער, און ברענגען זיי פאר דעם הייליקן, געלויבט זיי ער, און פאר אלע צדיקים.

ווען זיי קומען צו דער טיר פון דעם גן עדן, געהען אריין מיכאל און גבריאל צו ערשט, און זיי בארוטן זיך מיט דעם הייליקן ברוך הוא. און ער זאגט צו זיי: לאזט זיי אריין; זאלן זיי קומען און זען מיין כבוד, מיין גלארייכקייט. ווען זיי קומען אריין, פאלן זיי אויף זייערע פנים'ער. זיי בוקן זיך פאר אים, בענטשן און לויבן זיין נאמען. די צדיקים גמורים, די פערפעקטע צדיקים און די רעכט פארטיקע דאנקען און לויבן דעם הייליקן, געבענטשט זיי ער, ח).

**וואס איז דעם גיהנם'ס באציאונג צו רשעים?**

ער וויל זיי. ער וועט שרייען: איך האב קיין געשעפטן מיט צדיקים. איך וויל רשעים, די יעניקע וועלכע האפן אויף הילף פון די געצן דינערס. די וועלכע טוען פאלשקייטן. און דער הייליקער ברוך הוא זאגט: גיבט דעם גן עדן צו די צדיקים און די רשעים צו דעם גיהנם. ווי דער פסוק זאגט: „לעלוקה שתי בנות", ט).

**ווי אזוי פילן די רשעים אין גיהנם וועגן דעם אייבערשטן?**

זיי לויבן אים. זייערע טרערן גיסן זיך ווי קוואלן און קילן אפ דעם גיהנם. זיי זיינען מודה, גיבן צו און אנערקענען אז אלץ וואס ער טוט איז גוט און גערעכט, י).

**וויפל אפטיילן זיינען פאראן אין גיהנם?**

זיבן, י*).

---

ח) י"ש ישעיה אנהייב תכט.

ט) פארגלייכט: ש"ר ז, ענדע ד; שו"ט לא, ט; יל"ה לא, יב; י"ש תהלים תשיז, תתלג און משלי ענדע תתקסב; רש"י משלי ל, טו.

וועגן דעם טייטש פון **לעלוקה שתי בנות**, זעט: ע"ז יז, א און תוספות אונטער דעם ווארט לעלוקה; רש"י, א"ע, רלב"ג, מצודות משלי ל, טו; י"ש משלי ענדע תתקסב; רש"י משלי ל, טו.

זעט מ"מ קאפיטל ז, פסוק ז.

י) ש"ר ז, ד; עירובין יט, א; שו"ט פד, ג; יל"ה פד, יב און יג; י"ש תהלים תתלג.

י*) זהר פקודי רסג, א; י"ר קרח כט, ב פון בחיי. זעט זייט 110, נאטע ז.

לויט י"ש משלי תתקלט פערצן.

**וועלכע זיינען די אויף זעערס איבער די זיבן אָפּטיילונגען פון גיהנם?**

די כרובים, א).

**ווען זיינען געוואָרן בעשאַפן די כרו־בים?**

פאַר דעם גאַנצן וועלט בעשאַף, א*).

ער האָט געטון א בלאָז מיט פייער, און סע האָט אָן געצינדן די שבעה מדורי גיהנם, ב) די זיבן אָפּ טיילן פון גיהנם.

דעם צווייטן טאָג זיינען געוואָרן בע־שאַפן:

דאָס פייער פון דעם גיהנם, ג);

דאָס ליכט פון דעם גיהנם, ד);

לויט אַנדערע מיינונגען איז דער גי־הנם איינס פון די זיבן זאַכן וועלכע זיינען געוואָרן בעשאַפן:

פאַר דעם וועלט בעשאַף, ה);

צוויי טויזנט יאָר פאַר דעם וועלט בעשאַף, ו);

פאַר אַלצדינג, ז);

דער חלל, דער לעדיגער רוים פון דעם גיהנם איז געוואָרן בעשאַפן צוויי טויזנט יאָר פריער, ח).

דאָס ליכט פון דעם גיהנם איז גע־וואָרן בעשאַפן ערב שבת, ט).

אגב אורחא, אין איין וועגס לוינט זיך צו באַמערקן אַז דאָס בעטראַכטן מאָנ־טיק פאַר א נישט מזל'דיקן טאָג צו אָנהייבן, אונטער נעמען, טון א נייע זאַך ווערט שוין דערמאָנט אין ספרים.

און רבינו בחיי ז"ל זאָגט: „ולכך אסרו רז"ל [רבותינו זכרונם לברכה] להתחיל כל מלאכה בו, ואמרו אין מת־חילין בשני". און דערפאַר האָבן אונזע־רע חכמים ז"ל פאַרבאָטן צו אָן הייבן א מלאכה אין דעם טאָג. און זיי האָבן גע־זאָגט: מע הייבט נישט אָן מאָנטיק, י).

אָבער נאָך דעם אַלעמען זאָגט דער פסוק אויף דעם גאַנצן וועלט בעשאַף „טוב". נעמלאָך: „וירא אלקים את כל אשר עשה והנה טוב מאד", א). און דער אייבערשטער האָט געזען אַז אַלץ וואָס ער האָט געמאַכט איז געווען זעהר גוט, ב). דאָס דעקט שוין אויך דעם צווייטן טאָג.

**ווי ערקלעהרט מען די גמרא אַז סע איז נישט דאָ א גיהנם?**

רבי שמעון בן לקיש זאָגט: „אין גיהנם לעולם הבא. אלא הקדוש ברוך הוא מוציא חמה מנרתיקה. צדיקים מת־רפאין בה, ורשעים נידונין בה". דאָס הייסט אַז אין דער קומענדיקער וועלט איז נישט פאַראַן א גיהנם. נאָר דער אייבערשטער פּירט אַרויס די זון פון איר פוטער פאַס. די צדיקים ווערן גע־היילט דורך איר. און די רשעים ווערן גע'משפּט דורך איר. דאָס מיינט נישט אַז סע איז נישט פאַראַן א גיהנם **לעולם**

---

**א)** בחיי בראשית ג, כד.

**א*)** אָנהייב תדא"ר.

**ב)** מדרש כונן.

**ג)** תוספתא ברכות 7; פר"א אָנהייב פרק ד [זעט פרק ג און רד"ל הערה לז]; תנח. חיי שרה ג; י"ש בראשית ה; יל"ה קד, ה.

**ד)** פסחים נד, א; י"ש בראשית ה; רקאַנטי בראשית ה, יא.

**ה)** פסחים נד, א; נדרים לט, ב; פר"א פרק א; תרגום יונתן בראשית ב, ח; תדא"ר פרק לא, זייט קכ, ב; תנח. נשא יא; תנח"ב נשא יט; זהר חדש ח, א, מדרש הנעלם; י"ש בראשית ה [דאָס פייער פון גיהנם] און כ, ירמיה רצח, משלי תתקמב; מנה"מ ג, תשובה, זייט 113; ד זייט 610; מדה 99.

פאַרגלייכט די ווערסיעס מיט זהר צו לד, ב.

**ו)** תרגומים יונתן און ירושלמי בראשית ג, כד.

**ז)** תדא"ר פרק לא, קכ, ב.

**ח)** תנח. חיי שרה ג.

**ט)** פסחים נד, א.

**י)** בחיי בראשית א, ד.

זעט זהר פנחס, רעיא מהימנא תצא רפא, ב.

זעט יום ג'.

**א)** בראשית א, לא.

**ב)** פסחים נד, א; ב"ר ד, ו; י"ש בראשית ו.

**הבא**, נאָך דעם שטאַרבן. ווייל באַלד נאָך דעם שטאַרבן איז יאָ פאַראַן אַ גיהנם. נאָר סע מיינט אַז סע איז נישט דאָ אַ גיהנם **לעתיד לבא, נאָך** תחיית המתים, נאָך דעם ווען די טויטע וועלן ווערן צוריק לעבעדיק. דענצמאָל וועט דער הייליגער, ברוך הוא, אַרויס פירן די זון פון איר פיטער פאָס...., ב*).

אַז רבי שמעון בן לקיש האָט געמיינט מיט זיין באַהויפּט דעם **לעתיד לבא**, דאָס הייסט אַז סע איז נישט דאָ אַ גיהנם **לעתיד לבא** נאָך תחיית המתים, קאָן מען זען דערפון וואָס:

ער אַליין נוצט אויף אַנדערע ערטער דעם אויסדרוק **לעתיד לבא** נישט לעולם הבא, ג).

ער און רבי ינאי נוצן דעם אויסדרוק לעתיד לבא, ג*).

רבי ינאי און רבי ישמעאל נוצן דעם אויסדרוק לעתיד לבא, ד).

סע זיינען פאַראַן מיינונגען אַז:

די זון ברענט די רשעים, ה).

אַז גיהנם מיינט דער טאָג אין וועלאַכן מע ברענט די רשעים, ו).

נישט טאָג און נישט גיהנם, נאָר אַ פייער קומט אַרויס פון דעם רשע'ס קערפּער, און סע ברענט אים, ז).

די חכמים ז"ל זאָגן אויסדריקלאַך אַז סע איז דאָ אַ גיהנם, ח).

לויט אַן אַנדער מיינונג: אידן זעען קיין מאָל דעם גיהנם, ח*).

**וואו געפינט זיך דער גיהנם?**

סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיינונ־גען:

איבער דעם הימל, ט);

הינטער די הרי החושך, די פינצטערע בערג, י);

אין ירושלים, א);

אין צפון־מערב זייט, ב).

**ווי גרויס איז דער גיהנם?**

די וועלט איז אַ זעכציקסטל פון גי־הנם, ג). איז דער גיהנם זעכציק מאָל אַזוי גרויס ווי די וועלט.

מצרים איז געווען פיר הונדערט מייל אויף פיר הונדערט מייל. און מצרים איז אַ זעכציקסטל פון כוש [עטיאָפּיע, אַבע־סיניע?]. כוש איז אַ זעכציקסטל פון דער וועלט. די וועלט איז אַ זעכציקסטל פון גן. גן איז אַ זעכציקסטל פון עדן. עדן איז אַ זעכציקסטל פון גיהנם. קומט אויס אַז גיהנם איז גרעסער זעכציק מאָל פון עדן...., ג*).

---

ב*) נדרים ח, ב און ר"נ דאָרט, לעצטע דריי שורות.

פאַרגלייכט: ב"ר כו, ו; ק"ר א', ה, ב; י"ש מלאכי תקצב, דניאל יב, ב, און די פירושים דאָרט.

ג) ע"ז ג, ב—ד, א; י"ש מלאכי תקצג.

ג*) ב"ר כו, ו; שו"ט יט, יג; יל"ה יט, כ.

ד) ק"ר א, ענדע פסוק ה. אין מהר"י קרא אויף ישעיה לא, ט שטעהט אין גיהנם [לע"ל].

אגב, ר' שלמה באָבער ז"ל מאַכט אויפ־מערקזאַם אין זיינע הערות אויף מדרש שוחר טוב יט, יג הערה פה אַז אין ק"ר א, פסוק ה זאָגט עס בלויז רבי שמעון בן לקיש. איז כדאי צו באַמערקן אַז אין מיין מדרש זאָגן עס רבי ינאי און רבי ישמעאל.

זעט וואָס כביכול זאָגט צו דעם גיהנם אין: תנח. מצורע ב; תנח"ב מצורע ה; יל"ה לד, יז.

ה) שו"ט יט, יג; יל"ה יט, כ.

ו) ב"ר ו, ו און כו, ו; ק"ר א, ענדע פסוק ה.

ז) ב"ר ו, ו; י"ש מלאכי תקצג; מהר"י קרא אויף ישעיה לא, ט.

ח) עירובין יט, א, אונטן; ב"ר ו, ו; שו"ט יט, יג; י"ש ישעיה אָנהייב תלז און מלאכי תקצג. זעט: פר"כ קפו, ב, אויסגאַבע אום; מהר"י קרא אויף ישעיה לא, ט.

ח*) אר"נ נוסחא א', פרק טז.

ט) תמיד לב, ב.

י) תמיד לב, ב.

א) פר"כ קפו, ב, אויסגאַבע אום.

ב) שכ"ל ט, א פון „סודי רזי".

ג) פסחים צד, א.

ג*) פסחים צד, א; תענית י, א; מנה"מ ד, זייט 603.

**פון וואָס באַשטעהט דער גיהנם?**

סע זיינען פאַראַן דריי מיינונגען:

פון פייער מיט וואַסער, ד).

ער איז גאָלע, לויטער פייער, ד1).

דער „להט החרב המתהפכת" איז גי־הנם. ער מאַכט פון ווארעם קאַלט, און פון קאַלט ווארעם פאַר די רשעים, ד2).

**ווי הייס איז די היץ אין גיהנם?**

פייער איז אַ זעכציקסטל פון גיה־נם, ה). קומט אויס אַז די היץ אין גיהנם איז זעכציק מאָל הייסער פון פייער.

**פון וואַנען אור שפּרונגט דאָס וואָרט גיהנם?**

אין תנ"כ געפינט זיך גי בן הנם, גי הנם, ו) גיא הנם, ז) גיא בן הנם, ח).

**וויפל נעמען האָט דער גיהנם?**

זיבן: שאול, אבדון, באר שחת, בור שאון, טיט היון, צלמות, ארץ התח־תית, ט).

די נעמען זיינען באַזירט אויף פאָל־גענדיגע פסוקים:

**שאול,** מבטן שאול שועתי, י); פון דער טיפעניש [בויך] פון דעם גרוב [גיהנם] האָב איך געשריען.

**אבדון,** אמונתך באבדון, א); ...קאָן דען ווערן דערצעהלט דיין אמת אין [קבר] גיהנם.

**באר שחת,** לא תתן חסידך לראות שחת, ב); דו וועסט נישט לאָזן דיינע פרומע זעהן גיהנם.

**בור שאון און**

**טיט היון,** ויעלני מבור שאון מטיט היון, ג); און ער האָט ארויף געבראַכט מיך פון דעם ברימענדיגן גרוב [גיהנם] און פון דעם זומפּיקן ליים [גיהנם].

**צלמות,** יושבי חושך וצלמות, ד); זי־צערס אין פינצטערניש און אין טויטס שאָטן [גיהנם].

**ארץ תחתית,** ה), אונטערשטע ערד [גיהנם].

**די גמרא זאָגט אַז דער גיהנם האָט זיבן נעמען און רעכנט זיי אויס. „גי־הנם" ווערט נישט דערמאָנט. קומט דאָך אויס אַז דער גיהנם האָט אַכט נעמען?**

די גמרא אַליין פרעגט עס, און זי ווייזט אָן אַז דאָס וואָרט גיהנם איז נישט אַ נאָמען, ה*).

אין פסוק שטעהט „כי ערוך מאתמול

---

ד) שו"ט מ, ד; יל"ה מ, יא.

ד1) תנח. פקודי ענדע ג. זעט זייט 109, נאָטע א.

ד2) זעט: בראשית ג, כד און דזמ"ה דאָרט; אַנהייב תדא"ר.

ה) ברכות נז, ב.

ו) יהושע טו, ח און יח, טז.

ז) נחמיה יא, ל.

ח) ירמיה ז, לא, און אין נאָך ערטער, אויך אין תלמוד, און זעט רש"י סוכה לב, ב אויבן אונטער דעם וואָרט גיא בן הנם.

ט) עירובין יט, א; י"ש ישעיה אַנהייב תלז; יל"ה טז, ל און זעט מ, ז.

זעט: שו"ט יא, ענדע ו; בית המדרש חדר ה, זייט מד.

אין זהר פקודי רסג, א, אויבן שטעהט: בור, שחת, דומה, טיט היון, שאול, צלמות, ארץ תחתית.

י) יונה ב, ג.

און איך הקטן, אהרן באאמו"ר ר' משה נבג"ם, באַמערק אַז אין תהלים טז, י שטעהט: „כי לא תעזוב נפשי לשאול".

א) תהלים פח, יב.

ב) תהלים טז, י.

ג) תהלים מ, ג.

אַז בור איז גיהנם, זעט תדא"ז פרק כה, זייטן נו, ב—נז, א.

ד) תהלים קז, י.

ה) דאָס איז אַ גמרא. זעט די פירושים אויף אַלע ערטער, און רש"י, תוספות אין עירובין יט, א.

ה*) עירובין יט, א, אונטן.

תפתה", ו). תפתה מיינט גיהנם, אָבער סע איז נישט אַ נאָמען, ז).

אַ שטייגער ווי אַ פירער פון אַ לאַנד ווערט אָן גערופן פרעזידענט צי קעניג. אָבער זיי זיינען נישט נעמען.

**וויפל טירן זיינען פאַראַן אין גיהנם?**

סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיינונגען:

אין פסוק שטעהט „נאום ה' אשר אור לו בציון ותנור לו בירושלים", ח) דער איבערשטער זאָגט: אַ פייער איז אָן געגרייט פאַר אים אין ציון, און אַן אויוון אין ירושלים. טייטשן די חכמים ז"ל: אַ פייער אין ציון מיינט גיהנם. אַן אויוון אין ירושלים מיינט די טיר פון דעם גיהנם, ט).

צוויי אויוונס זיינען פאַראַן אין **גי בן הנם**, און אַ רויך געהט אויף פון צווישן זיי. און דאָס איז די טיר פון גיהנם, י).

צוויי טייטלביימער געפינען זיך אין **גי בן הנם**, נעבן ירושלים, א). אַ רויך געהט אויף פון זיי. און דאָס איז די טיר פון גיהנם, ב).

דריי טירן, איינע אין דער מדבר, איינע אין ים, איינע אין ירושלים, ג).

זיבן טירן, ד).

דער גיהנם האָט זעכצן מיילער [עפּע-נונגען, טירן], פיר אין יעדער זייט, ה).

אַכט טויזנט גיהנם טויערן.

יעדער גיהנם איז דריי הונדערט מייל [פרסה] לאַנג, דריי הונדערט מייל ברייט, טויזנט מייל דיק און הונדערט מייל טיף, ה1).

**וואָס איז די פונקציע פון דעם גיהנם?**

די רשעים, בייזוויכטן ווערן גע'משפט אין גיהנם צוועלף חדשים, ה2). זעקס חדשים מיט היסן, זעקס חדשים מיט קאַלטן, ה3). דער גיהנם לייטערט זיי. און זיי ווערן ריין פון זינד, ה4).

**מיט וואָס דעקן די רשעים זיך צו אין גיהנם?**

מיט פינצטערניש, ה5).

---

ו) ישעיה ל, לג. רש"י טייטשט דאָרט און אין עירובין יט, א אונטער דעם וואָרט **תפתה** אַז סע מיינט גיהנם, אָבער סע איז נישט אַ נאָמען.

ז) זעט: עירובין יט, א, אונטן; י"ש ישעיה אַנהייב תלז.

ח) ישעיה לא, ט. זעט דאָרט די פירושים.

ט) עירובין יט, א, אונטן; י"ש ישעיה אַנהייב תלז.

י) אין י"ש ישעיה אַנהייב תלז שטעהט **תנורים**. אין עירובין יט, א, אונטן און אין סוכה לב, ב אויבן שטעהט **תמרות**. אין עירובין און י"ש שטעהט **בגי**. אין סוכה שטעהט **בגיא**.

א) רש"י סוכה לב, ב, צווייטע שורה אויבן.

ב) אין עירובין יט, א, אונטן און אין סוכה לב, ב אויבן שטעהט **תמרות**. אין י"ש ישעיה תלז שטעהט **תנורים**.

אין עירובין און אין י"ש שטעהט **בגי**. אין סוכה שטעהט **בגיא**.

ג) עירובין יט, א; י"ש ישעיה אַנהייב תלז. זעט: אג"ב, יהושע טו, ח און תרגום, רש"י, רלב"ג, ביאור הגר"א, רד"ק, מ"צ א' דאָרט.

ד) פר"א ענדע פרק נג, און זעט רד"ל סימן לג.

ה) אגדת בראשית פרשה כ, ג.

ה1) י"ש ישעיה אַנהייב תכט.

ה2) ירוש. סנה. פרק י, הלכה ג; שבת לג, ב; עדיות ענדע פרק ב, משנה ו; אי"ר א, מ; תנח"ב בראשית לג; זהר נח, סח, ב; סא"ר זייט 15; ילמדנו בראשית נ; ילמדנו ג, ראה י; אבד"ע 38-9; י"ש מלאכי תקצג; מ"מ יז, זייט 84 און לא, נה; יל"ה מ, ד און מט, כח; ס"ח תקנה.

זעט ר"ה יז, א, און דאָרט ווערט געבראַכט אַז סע זיינען פאַראַן אַזעלאַכע וועלאַכע ווערן געשטראָפט לדורי דורות, ווי צום ביי שפיל ירבעם בן נבט און זיינע חברים, קאָלעגן.

ה3) תנח. ראה יג. זעט דזמ"ה, בראשית ג, כד; חידושי אגדות מהר"ל.

ה4) זעט: ב"ר ט, ט; תדא"ר פרק לא; רזא דמאיר און פענח רזא, בראשית ז, ב, סימן ט; ת"ת בראשית א, לא, סימן סז.

ה5) ש"ר יד, ב. זעט גן עדן באַנד ג.

# מלאכים

**זיינען פאַראַן נאָך זאַכן, אויסער גיהנם און גיהנם פייער, וועלאַכע זיינען געוואָרן בעשאַפן דעם צווייטן טאָג, און זיי זיינען נישט רעקאָרדירט, אוים גערעכנט אין דער תורה?**

יאָ:

דאָס פייער וועלאַכס מיר באַנוצן, ו).

לויט אַן אַנדער מיינונג איז דאָס פייער וועלאַכס מיר באַנוצן געוואָרן בעשאַפן מוצאי שבת, שבת צו נאַכטס, ז).

די מלאכים, ח).

**איז פאַראַן אַן אָן ווינק אין דער תורה וועגן דעם בעשאַפן די מלאכים?**

יאָ. „ועוף יעופף", ט) און פייגל זאָלן פליען, י). און אַ מלאך האָט דאָך קיין שטענדיגן נאָמען. ווייל זיין נאָמען בייט זיך לויט זיין שליחות, מיסיע, א).

**איז עס אָן גענומען אוניווערסאַל, זיינען אַלע איינשטימיק אַז די מלאכים זיינען געוואָרן בעשאַפן דעם צווייטן טאָג?**

ניין. אלע זיינען איין שטימיק אַז זיי זיינען נישט געוואָרן בעשאַפן דעם ערשטן טאָג. כדי די נישט גלויביגע זאָלן נישט זאָגן אַז דער מלאך מיכאל איז געשטאַנען אין צפון זייט. און דער מלאך גבריאל איז געשטאַנען אין דרום זייט. און זיי האָבן צוזאַמען מיט דעם בעשאַפער געצויגן דעם הימל און די ערד, ב).

אָבער סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיינונגען:

זיי זיינען געוואָרן בעשאַפן דעם צווייטן טאָג, ג);

---

ו) פר"א אָנהייב פרק ד און זעט דאָרט הערה ב; י"ש בראשית ה.

ז) פסחים נד, א.

זעט: ירושלמי ברכות פרק ח, הלכה ה; ב"ר יא, ב און ענדע פרשה פב; פ"ר פיסקא כג, זייט קיח, ב; י"ש בראשית ה און טז.

פאַרגלייכט: עבודה זרה ח, א; פר"א פרק כ.

ח) פר"א אָנהייב פרק ד. זעט ווייטער נאָטע ג.

ט) בראשית א, כ.

י) ב"ר א, ג און ג, ח; תנח"ב אָנהייב בראשית; שו"ט כד, ד, אויסגאַבע אום; יל"ה כד, ב; פו, יב און קד, טו; רקאַנטי בראשית יא, ב און פאַרגלייכט דאָרט ו, ב; שפתי צדיק בראשית לט.

זעט י"ר בראשית יז, ב.

א) רש"י בראשית לב, ל. פאַרגלייכט: ספרי נשא פיסקא מב, אויסגאַבע אום; ב"ר עח, ד; ש"ר מח, א; במ"ר ענדע פרשה יא; תנח. ויקהל אָנהייב ד; תנח"ב ויקהל ב; י"ש וישלח קלג, ישעיה תמו ענדע קאַפּיטל מ און שופטים אָנהייב סט; בחיי וישלח לב, כט; ל"ט בראשית לב, ל.

זעט: ישעיה ו, ב; חגיגה יג, ב, אונטן, און אומעטום ווער סע זאָגט וואָס.

וועגן „עוף יעופף" זעט: **מיכאל**, זייט 247; **גבריאל**, זייט 259; **אוריאל**, זייט 272; **רפאל**, זייט 275; **נוריאל**, זייט 273, נאָטע י.

ב) תנח"ב אָנהייב בראשית; שו"ט פו, ד; יל"ה קד, טו. זעט זייט 224, נאָטע י.

אין: ב"ר א, ג און ג, ח; יל"ה פו, יב; ילה"י מד, כד; י"ש בראשית ה און תהלים אָנהייב תתלו שטעהט: מיכאל אין דרום, גבריאל אין צפון.

אין יל"ה כד, ב הייסט עס: מיכאל אין מזרח זייט און גבריאל אין מערב זייט.

זעט אומעטום ווער סע זאָגט וואָס.

ג) זעט ווער סע זאָגט וואָס אין אַלע פאָלגענדיגע קוועלעס:

ב"ר א, ג; ג, ח; יא, ט; ש"ר טו, כב; תנח. חיי שרה ג; תנח"ב אָנהייב בראשית און אויך סימנים יב און יז הערה קיד; תרגום יונתן בראשית א, כו; מדרש כונן;

סע זיינען פֿאַראַן הייליגע, אייביקע מלאכים וועלכע זיינען געוואָרן בעשאַפֿן דעם צווייטן טאָג, ג*).

דער גן עדן איז געוואָרן בעשאַפֿן דעם דריטן טאָג. און די מלאכים זיינען געוואָרן בעשאַפֿן פֿאַר דעם גן עדן. זיינען זיי, אַלזאָ, געוואָרן בעשאַפֿן דעם צווייטן טאָג, ד).

אגב, אין איין וועגם: סע איז פֿאַראַן אַ מיינונג אַז דער גן עדן איז איינס פֿון די זיבן זאַכן וועלכע זיינען געוואָרן בעשאַפֿן נאָך פֿאַר דעם וועלט בעשאַף. די אַנדערע זעקס זיינען: די תורה, תשובה, גיהנם, כסא הכבוד דער הימלישער טראָן, בית המקדש און משיח'ס נאָמען, ה).

דער מלאך המות איז געוואָרן בעשאַפֿן דעם צווייטן טאָג, ו).

לויט אַן אַנדער מיינונג איז ער געוואָרן בעשאַפֿן דעם ערשטן טאָג, ז).

לויט אַנדערע מיינונגען:

ער איז נאָך נישט געווען ביי דעם וועלט בעשאַף, ח). זעט, ט).

קין איז געוואָרן מלאך המות, י).

דערנאָך איז חנוך געוואָרן מלאך המות, א).

נאָך אים איז למך געוואָרן מלאך המות, ב).

סע זיינען פֿאַראַן זעקס מלאכי המות, מלאכים פֿון טויט: גבריאל, קפֿציאל, משבית, משחית, אף, חמה.

גבריאל איז פֿאַר קעניגס, קפֿציאל פֿאַר בחורים, משבית פֿאַר חיות, משחית פֿאַר קליינע קינדער, אף און חמה פֿאַר מענטשן און בהמות, ג).

אין תלמוד געפֿינט זיך דער אויסדרוק מלאכי מות, ד) מלאכים פֿון טויט. קומט אויס אַז סע זיינען פֿאַראַן מעהרערע טויט מלאכים.

די מלאכים זיינען געוואָרן בעשאַפֿן דעם פֿיפֿטן טאָג, ה).

---

פר"א אָנהייב פרק ד; פרא"א, 6 ערשטע שורה; מר"א כ, זייט 374; שו"ט ב, לג; כד, ד; פו, ד און קד, ז; יל"ה כד, ב; מד, כד; פ"ו יא, יב; קד ב, ה, טו און יט; ילה"י מג, יא; ילמ"ד א', א; ילמ"ד ד', סד; מה"ג, א' ו, זייט 24; שלשה ב, לא; י"ש בראשית ה און ענדע טז; תהלים אָנהייב תתלו; רש"י בראשית א, ה; רש"י ראש השנה לא, א אונטער דעם וואָרט ושליט; בחיי בראשית א, כא; ג, כד; רקאַנטי ו, א; י"ר בראשית ח, ג; וירא לח, ג.

ג*) בחיי ויצא כח, יב; י"ר בראשית יז, ב.

ד) ב"ר יא, ט און טו, ג; י"ש בראשית ענדע לד; בחיי בראשית ג, כד.

ה) זעט: פסחים נד, א; נדרים לט, ב; פר"א פרק ג; תדא"ר פרק לא, זייט קכ, ב. זעט: תרגום יונתן בראשית ב, ח; י"ש בראשית ה און כ.

אין זהר צו לד, ב הייסט עס: אור תורה, אור גיהנם, אור גן עדן, אור כסא הכבוד, אור בית המקדש, אור תשובה, אורו של משיח.

ו) זהר בראשית מו, ב, אונטן.

ז) תנח. וישב אָנהייב ד; ילמדנו ב', חוקת יא.

ח) מדרש שמות רבה ל, ג.

ט) בחיי בראשית ב, ד.

י) תנח. בראשית יא.

א) י"ר בראשית נז, א.

ב) תנח. אָנהייב בראשית און זעט י"ר בראשית נב, א.

ג) מנה"מ ד, זייט 481. לויט זייט 609: גבריאל, קצפיאל, משביר, משחית, אף, חמה.

זעט: חופת ב' 46; ס"ח 31; תורה זייט 98.

ד) ד"א זייטן 105 און 110.

זעט אָנהייב סמאל, זייט 291.

ה) ב"ר א, ג און ג, ח; תנח"ב אָנהייב בראשית און סימן יב; ילמדנו בראשית א; שו"ט ב, לג; כד, ד און פו, ד; יל"ה כד, ב; מד, כד; פו, יב; קד, טו; ילה"י מד, כד; י"ש בראשית ה; ישעיה תס; תהלים אָנהייב תתלו; מה"ג,א' ו, זייט 24; רקאַנטי בראשית ו, א; י"ר בראשית ח, ג; וירא לח, ג. און זעט אומעטום ווער סע זאָגט וואָס.

לויט אַן אַנדער מיינונג זיינען זיי געוואָרן בעשאַפן צום אָנהייב, ו).

פריער, פאַר דעם גאַנצן אוניווערס, ו*).

סע זיינען פאַראַן מלאכים וועלכע זיינען געוואָרן בעשאַפן דעם ערשטן טאָג, ז).

סע זיינען פאַראַן כתות, קאָמפּאַניעס מלאכים וועלכע זיינען געוואָרן בעשאַפן דעם צווייטן טאָג, און אַזעלכע וועלכע זיינען געוואָרן בעשאַפן דעם פינפטן טאָג, ח).

די מלאכים וועלכע זיינען געוואָרן בעשאַפן דעם צווייטן טאָג זיינען אייביג. די וועלכע זיינען געוואָרן בעשאַפן דעם פינפטן טאָג, זאָגן אָפּ זייער שירה און פאַרשווינדן, ט).

אַלע זיינען מודה, אַנערקענען אַז די מלאכים זיינען נישט געוואָרן בעשאַפן אין דעם ערשטן טאָג פון דעם וועלט בעשאַף, ט*).

**פאַר וואָס זיינען די מלאכים נישט געוואָרן בעשאַפן דעם ערשטן טאָג פון דעם וועלט בעשאַף?**

די נישט גלויביגע זאָלן נישט זאָגן אַז דער מלאך מיכאל איז געשטאַנען אין צפון זייט. און דער מלאך גבריאל איז געשטאַנען אין דרום זייט. און זיי צוזאמען מיט דעם בעשאַפער האָבן געצויגן הימל און ערד, י).

לויט אַן אַנדער מיינונג האָט דער „ראשית כל ראשית בלי ראשית״, דער סאַמע אָנהייב פון דעם גאַנצן אָנהייב, אָהן אַן אָנהייב בעשאַפן צו ערשט די וועלט פון די מלאכים, וועלכע ווערן אַן גערופן אין כתובים **אלהים**, די ספערע פון די גלגלים — **השמים**, און אונזער וועלט — **הארץ**. לויט דעם קומט אויס אַז די מלאכים זיינען געוואָרן בעשאַפן פאַר הימל און ערד, י*).

**האָט דער בעשאַפער בעשאַפן אַלע מלאכים אויף איין מאָל?**

ניין. יעדער טאָג בעשאַפט ער נייע מלאכים. זיי זאָגן אַ נייע שירה, אַ נייע לויב געזאַנג. און זיי קעהרן אום זיך צוריק צו דעם טייך „די נור״ פון וועלכן זיי זיינען געוואָרן בעשאַפן. אָבער די מלאכים מיכאל און גבריאל ענדערן נישט זיך. און זייערע נעמען ענדערן נישט זיך. זיי זיינען די זעלבע זינט דעם בעשאַף, א).

**פון וואַנען [וואַנעט] אורשפרונגט דער טייך „די נור״, א1) פון פייער?**

פון דעם שווייס פון די חיות, א2)

---

ו) זהר חדש בראשית ט, א.

ו*) י״ר בראשית יב, ב פון מדרש הנעלם.

ז) זהר בראשית מו, א. אָבער זעט וויטער נאָטע ט*.

ח) זהר בראשית יז, ב און יח, ב; זעט רד״ל אָנהייב פרק ד אין פר״א; בחיי ויצא; י״ר בראשית יז, ב.

ט) בחיי ויצא כח, יב; שכ״ל יד, א אונטן. פאַרגלייכט די ווערסיעס.

ט*) אלשיך בראשית א, ו זייט ח, ב, און זעט אַלע פאַרגעהענדיגע קוועלעס.

י) תנח״ב אָנהייב בראשית; שו״ט פו, ד; ילי״ה קד, טו. זעט זייט 222, נאָטע ב.

אין: ב״ר א, ג און ג, ח; ילי״ה פו, יב; ילה״י מד, כד; י״ש בראשית ה און תהלים אָנהייב תתלו אין צפון.

אין ילי״ה כד, ב שטעהט מיכאל אין מזרח זייט און גבריאל אין מערב זייט.

זעט אומעטום ווער סע זאָגט וואָס.

י*) בחיי בראשית א, ב.

א) זעט: חגיגה יד, א, אויבן; פ״ר פיסקא לג, זייט קנה, ב; ב״ר עח, א; ש״ר טו, ו; איכ״ר ג, ח; ש״ט וישלח לב, ל; י״ש וישלח אָנהייב קלג און דניאל תתרסה; י״ס בראשית ב, ג. זעט יפה תואר אויף ב״ר סג, יד; ילי״ה לג, ט; ה, 262; ב, 251.

א1) דניאל ז, י. אין גמרא און אין מאַנכע מדרשים שטעהט דינור, אין איין וואָרט.

ב2) זעט יחזקאל א, ה.

[הקודש], די העכסטע קאַטעגאָריע מלאכים פון די צען קאַטעגאָריעס מלאכים, וועלכע געפינען זיך ביי דעם כסא הכבוד, ביי דעם הימלישן טראָן, א3). פון זייער טראָגן דעם טראָן גיסט זיך פון זיי אַ שוויים. און פון אָט דעם שוויים אורשפרונגט עס דער די נור טייך, א4).

**און וואוהין גיסט דער דאָזיקער טייך זיך אוים?**

אויף דעם קאָפּ [קעפּ] פון די רשעים אין גיהנם, א5).

פון יעדער וואָרט וואָס געהט אַרוים פון דעם בעשאַפערס מויל ווערט בעשאַפן אַ מלאך, ב).

**פון יעדער מצוה ווערט דאָך בעשאַפן אַ גוטער מלאך, און פון יעדער עבירה ווערט בעשאַפן אַ שלעכטער מלאך, ג). ווען איינער טוט איין מצוה גיט מען אים איין מלאך ער זאָל היטן אים. טוט ער צוויי מצוות גיט מען אים צוויי מלאכים זיי זאָלן היטן אים. טוט ער אַלע מצוות גיט מען אים פילע מלאכים, ג*).**

**ווי אַזוי זעהט אוים אַ שלעכטער מלאך?**

דער רבי ר' זושא, דעם רבי'ן ר' אלימלך'ס ברודער ז"ל, האָט געזען זיי אַ מאָל, האָט ער געזאָגט אַז זיי זיינען וויסטע קאַליקעס. ווייל ווען אַ איד בעגעהט שוין יאָ אַ מאָל אַן עבירה, אַ זינד, קלאַפּט דאָך אים דאָס האַרץ. סע ציטערט אין אים יעדער אבר, יעדער גליד. איז עס דאָך שוין נישט אַ פול בלוטיגע זינד. איז אַזאַ פנים האָט דער מלאך. ער איז אַ קאַליקע, אַ פאַרזעהעניש.

**זעען מלאכים דעם אייבערשטן?**

ניין, ד).

**זאָגן די מלאכים שירה, אַ לויב געזאַנג צום אייבערשטן שטענדיג, ווען זיי ווילן?**

דריי מאָל האָט דער אייבערשטער נישט געלאָזט זיי זאָגן שירה, אַ לויב געזאַנג:

ביי דעם מבול, די פאַרפלייצונג פון דער וועלט, ה);

אגב, דער מבול איז געוועזן טויזנט זעקס הונדערט און זעקס און פיפציק יאָר נאָך דעם וועלט בעשאַף, ה*).

ביי קריעת ים סוף, ביי דער שפּאַלטונג פון דעם ים סוף, נאָך די אידנס פאַרלאָזן מצרים, ו);

ביי דעם חורבן בית המקדש, ווען דאָס הייליגע הויז, טעמפּל, איז געוואָרן חרוב פאַרניכט, ז).

לויט אַן אַנדער מיינונג האָט ער יאָ געלאָזט זיי זאָגן שירה. נאָר ער האָט געוואָלט אַז פריער זאָלן זאָגן די פרויען,

---

א3) רמב"ם הלכות יסודי התורה פרק ב, הלכה ז. זעט: ר"ה כד, ב; חגיגה יב, ב, אונטן; ע"ז מג, ב; מר"י זייט סח, א, אויסגאַבע אום; בחיי וישלח ענדע קאַפּיטל לב.

א4) פאַרגלייכט די ווערסיעס אין:

חגיגה יג, ב אונטן, און זעט תוספות אונטער דעם וואָרט מזיעתן דאָרט; פר"א פרק ד, און זעט רד"ל סימן מט דאָרט; ב"ר אָנהייב פרשה עח; אי"ר ג, ח; י"ש וישלח אָנהייב קלג, איוב תתקח און דניאל תתרסה; בחיי בראשית א, ענדע פסוק ג.

א5) חגיגה יג, ב, דריטע שורה, אונטן; י"ש איוב תתקח און דניאל תתרסה; בחיי בראשית א, ענדע פסוק ג. און זעט די פאָר

געהעגדיגע מקורים.

ב) חגיגה יד, א, אויבן; יל"ה לג, ט.

ג) זעט די פאָרגעהעגדיגע און פאָלגענדיגע נאָטן.

ג*) תנח. ויצא ג, ענדע משפטים און ויקהל א; ש"ר לב, ו; יל"ה צא, כ.

ד) י"ר אָנהייב בראשית [ספר תגין].

ה) פתיחתא אי"ר אָנהייב כד.

ה*) שכ"ל י, ב ערשטע שורה.

ו) מגילה י, ב, אונטן; סנהדרין לט, ב; ש"ר כג, ז; פתיחתא אי"ר אָנהייב כד; תנח"ב בשלח יג; שו"ט קו, ב; יל"ה קו, ה; י"ש בשלח ענדע רלג.

ז) פתיחתא אי"ר אָנהייב כד.

דערנאָך די מענער און צולעצט די מל־אכים, ח).

**ווי אָפט זאָגן מלאכים שירה, אַ לויב געזאַנג?**

סע זיינען פאַראַן מעהרערע מיינונגען:

יעדער טאָג ווערט בעשאַפן אַ כתה, אַ גרופּע מלאכים, וועלכע זאָגט שירה, און זיי געהען אַוועק. די דאָזיגע מלא־כים זיינען געוואָרן בעשאַפן דעם פיפטן טאָג, ח*).

דריי כתות, קאָמפּאַניעס, גרופּעס דינסט מלאכים זאָגן שירה יעדער טאָג.

איינע זאָגט „קדוש", איינע זאָגט „קדוש, קדוש"; און איינע זאָגט „קדוש, קדוש, קדוש ה' צבאות".

זיי זאָגן שירה איין מאָל אַ טאָג, איין מאָל אַ וואָך, איין מאָל אַ חודש, איין מאָל אַ יאָר, איין מאָל „בשבוע" [אין אַ שמיטה, זיבן יאָר?], איין מאָל אין אַ יובל, אין פופציק יאָר, איין מאָל אין דער וועלט, נעמלאָך, בלויז איין איינציק מאָל, ט).

**ווען זאָגן די מלאכים שירה?**

נאָך די אידנס זאָגן שירה אונטן, י).

**הערן מלאכים די אידנס די שירה?**

יאָ. די מלאכים וועלאַכע זינגען שירה ביי נאַכט, פאַרנעמען די אידנס שירה ביי טאָג, י*).

**געפינען זיך נעמען פון מלאכים אין תנ"כ?**

יאָ, אָבער בלויז די נעמען גבריאל, א) און מיכאל, ב).

**פון וואַנען שטאַמען די נעמען פון די מלאכים?**

די אידן האָבן מיט גענומען זיי פון בבל, ג).

**זיינען פאַראַן מלאכים וועלאַכע האָבן דעם זעלבן נאָמען?**

ניין, ד).

**סע זיינען דאָך פאַראַן אָהן צאָליגע מלאכים. ווי זשע אַזוי ווייסט מען זייערע נעמען?**

יעדער מלאך טראָגט אויף זיין האַרץ אַ טאַפל מיט זיין נאָמען, וועלאַכער ענט־האַלט אויך דעם בעשאַפערס נאָמען, ווי צום ביי שפּיל: מיכאל, גבריאל, רפאל, אוריאל, ענאל, ה).

**ווער זיינען די מלאכים?**

רוחות, ו) ווינטן.

ווען מלאכים ווערן געשיקט צו דורך פירן אַ מיסיע ווערן זיי רוחות, ווינטן. ווען זיי דינען דעם בעשאַפער ווערן זיי פייער. ווי סע שטעהט אין פּסוק „עושה מלאכיו רוחות, משרתיו אש לוהט", ז)

---

ח) תנח"ב בשלח יג; י"ש בשלח ענדע רמא און תהלים אָנהייב תשצט. פאַרגלייכט, אָבער, מיט ש"ר כג, ז.

ח*) בחיי ויצא כח, ב.

תשצט. זעט דאָרט נאָך אַ מיינונג און אומע־טום ווער סע זאָגט וואָס.

ט) חולין צא, ב, אונטן; ילה"י ו, ג. אין י"ש ישעיה תד פעהלט „בשבוע".

י) חולין צא, ב, אונטן; ילה"י ו, ג.

י*) זהר שמות יח, ב.

א) דניאל ח, טז און ט, כא.

ב) דניאל י, פּסוקים יג און כא; יב, א.

ג) ירושלמי ראש השנה פרק א, אָנהייב הלכה ב; ב"ר מח, ט; י"ש אָנהייב וירא; ילה"י ו, ב און ו, ו.

ד) ילה"י ו, ג.

ה) תנח"ב יתרו, יד; פּר"כ קח, ב [פאַר־גלייכט מיט פּ"ר פּיסקא כא, זייטן קד, א—ב און ש"ר כט, ב]; שו"ט יז, ג און סח, י; יל"ה יז, ו און סח, נא; י"ש יתרו רפו און תהלים תשצז.

ו) מ"א בראשית א, כו; זעט ילה"י ו, ב.

זעט: ב"ר כא, ט; ש"ר כה, ב; י"ש ברא־שית לד; ל"ט בראשית ג, כד; רקאַנטי בראשית טו, א.

ז) תהלים קד, ז. שו"ט קד, ד; יל"ה קד, כא. זעט: ש"ר כה, ב; ילה"י ו, ב.

ער מאכט זיינע מלאכים ווינטן, זיינע באדינערס, פלאמעדיג פייער, ח).

**וויפל רוחות זיינען פאראן?**

אכט, ח1).

**נידערן אראפ מלאכים א מאל אין גרע־סערע צאלן?**

יא. די שכינה האט געגידערט קיין מצ־רים באגלייט פון זעקס הונדערט טויזנט מלאכים, ח2).

**זיינען אלע מלאכים גלייך, פון איין קאטעגאריע?**

ניין. סע זיינען פאראן צען ערליי קא־טעגאריעס מלאכים:

חיות הקודש, אופנים, אראלים, חש־מלים, שרפים, מלאכים, אלהים, בני אלהים, כרובים, אישים, ט). **אישים** זיי־נען די יעניגע וועלאכע האבן גערעד מיט **איש,** מענטשן.

דאס הייסט חיות הקודש זיינען די העכסט געשטעלטע מלאכים. און אי־שים זיינען די אלערנידעריקסטע קא־טעגאריע.

לויט אן אנדער מיינונג: אראלים, שר־פים, חיות, אופנים, חשמלים, אלים, אל־הים, בני אלהים, אישים... סמאל. די ארדנונג איז אנדערש. און אויף דעם ארט פון **מלאכים** און **כרובים,** הייסט עס **אלים און סמאל, ט*).**

**פון וואס פאר מאטעריע זיינען די מלאכים?**

נישט אלע מלאכים זיינען פון דער זעל־בער מאטעריע.

סע זיינען פאראן מלאכים:
פון פייער, י);
פון האגל, א);
פון וואסער, ב);
האלב וואסער, האלב פייער, ג);
האלב פייער, האלב וואסער, ד);
האלב שניי, האלב פייער, ה).

**פאר וואס האט דער בעשאפער נישט בעשאפן די מלאכים מיט גופים, קער־פערס?**

ווייל זיי האבן משונה'דיגע גע־שטאלטן. ווען א מענטש וועט זען זיי, קאן ער פארלירן די נשמה פון שרעק, ו).

**ווי אזוי זעט אויס א מלאך?**

זיין פנים, געזיכט, איז ווי דאס גע־שטאלט פון א בליץ, ז). זיינע אויגן זיינען ווי פייער פלאמען, ח).

זיינע ארימס און פיס זיינען ווי בלאנ־קער קופער, ט).

**ווי הויך זיינען די מלאכים?**

נישט אלע מלאכים זיינען פון איין און דער זעלבער הויך. אזוי צום ביי־שפיל איז פאראן א מיינונג אז דער

---

ח) תהלים קד, ד.

די געוויינטליכע איבערזעצונג איז: ער מאכט די ווינטן פאר זיינע שלוחים, געשיקטע, זיינע באדינערס זיינען פלאמעדיק פייער.

ח1) זעט זייט 241, נאטע ד.

ח2) זהר שמות ה, ב.

ט) רמב"ם הלכות יסודי התורה, פרק ב, הלכה ז. זעט בחיי וישלח ענדע קאפיטל לב.

זעט: ראש השנה כד, ב; חגיגה יב, ב, אונטן; עבודה זרה מג, ב; מר"י זייט סח, א, אויסגאבע אום.

ט*) זהר בא [רעיא מהימנא] מג, א, אויבן.

י) חגיגה יד, ב; אר"נ נוסחא ב', פרק כד, זייט כה, א; פר"כ זייט ג, א, אויסגאבע אום; בחיי ויצא כח, יב.

א) אר"נ נוסחא ב', פרק כד, זייט כד, א.

ב) ד"א, עדיציע היגער; בחיי ויצא כח, יב.

ג) ראש השנה ירושלמי פרק ב, הלכה ד.

ד) פר"כ ג, ב, אויסגאבע אום; י"ש וארא קפו.

ה) שי"ר ג, יא, א. פארגלייכט מדרש כתפוח כד.

ו) מ"א בראשית ב, ג.

ז) דניאל י, ו; ירושלמי ראש השנה פרק ב, הלכה ד; שי"ר ג, יא, א.

ח) דניאל י, ו; ירושלמי ראש השנה פרק ב, הלכה ד; י"ש וארא קפו.

ט) דניאל י, ו.

מלאך סנדלפון שטעהט אויף דער ערד, און זיין קאָפּ דערגרייכט ביז צו די „חיות" [הקודש]. דאָס מיינט ביז צו דעם כסא הכבוד, דעם הימלישן טראָן, י).

לויט אַן אַנדער מיינונג: סנדלפון איז העכער פון זיינע קאָלעגן מיט פינעף הונ־דערט יאָר גאַנג, א).

**ווי ברייט איז אַ מלאך'ס קערפּער?**

סע זיינען פאַראַן צוויי מיינונגען:

צוויי טויזנט מייל, ווי דער תרשיש ים פון אַפריקא, ב).

די מלאכים זיינען אַ דריטל וועלט, ג).

**וויפל פליגלען האָט אַ מלאך?**

זעקס. מיט צוויי פאַרדעקט ער זיין פנים. מיט צוויי פאַרדעקט ער זיינע פיס. מיט צוויי פליט ער, ג1).

**פאַר וואָס פאַרדעקט אַ מלאך זיין פנים?**

ער זאָל נישט קוקן אין דער ריכטונג פון דער שכינה, ג2).

---

י) חגיגה יג, ב.

א) פ"ר פיסקא כ, זייט צז, א; פרקי היכלות, פרק ו. זעט י"ר משפטים סו, ב און סנדלפון זייט 321.

ב) דניאל י, ו און רש"י דאָרט; חולין צא, ב; ירושלמי ראש השנה פרק ב, הלכה ד; שי"ר ג, יא, א; פר"כ ג, ב, אויסגאַבע אום; י"ש ויצא קיט, וארא קפו; דניאל תתרסו; ס"ח תתתתקסד.

ג) זעט: ב"ר סח, יב; צג, ד; י"ש ויצא קיט, ישעיה תמז און דניאל תתרסו; מה"ג, א' מח, יז; בחיי בראשית א, ב, און ויצא כח, יב; ס"ח תתקסה.

דער חדושי הרש"ש ב"ר סח, יב, סימן י באַמערקט: אַז תרשיש מאַכט תרי שש, צוויי זעקסטלאַך, נעמלאַך אַ דריטל [וועלט].

ג1) ישעיה ו, ב.

ג2) רש"י ישעיה ו, ב.

ד) בראשית א, כ; ב"ר א, ג און ג, ח; תנח"ב אַנהייב בראשית; שו"ט כד, ד; יל"ה כד, ב; פו, יב און קד, טו; רקאַנטי בראשית

די מלאכים האָבן דאָך פליגלען, ד) [פליגלם]. קאָנען זיי געהן אויך? יא, ה).

**ווי אַזוי געהען מלאכים?**

אויף געשטעלט, גלייך, ווי מענטשן, ו).

**קאָנען די מלאכים זיצן?**

ניין. זיי האָבן קיינע קנאָכנס [קנעכל]. זיי קאָנען נישט איין בייגן די קניעס, ז).

לויט אַן אַנדער מיינונג: דער איי־בערשטער מאַכט מיט די מלאכים וואָס ער וויל. אַ מאָל מאַכט ער זיי זיצן, ווי סע שטעהט אין פסוק „ויבא מלאך ה' וישב תחת האלה", ח) און סע איז גע־קומען אַ מלאך פון דעם אייבערשטן, און ער האָט געזעצט זיך אונטער דעם לינדן בוים, ט).

און אַ מאָל מאַכט ער זיי שטעהן, ווי סע שטעהט אין פסוק „שרפים עומ־דים", י) ברענעדיקע מלאכים שטעהען; „ונתתי לך מהלכים בין העומדים

---

יא, ב און פאַרגלייכט דאָרט ו, ב; ש"צ בראשית לט.

זעט ישעיה ו, ב און חגיגה יג, ב, אונטן; אר"נ נוסחא א, אַנהייב פרק לז.

אין דניאל י, ו ווערט געשילדערט אַ מלאך'ס אויס זען, אָבער פליגלען ווערן נישט דערמאַנט.

ה) זעט פאָלגענדיגע נאָטע.

ו) אר"ן נוסחא א, אַנהייב פרק לז.

ז) פאַרגלייכט ווער סע זאָגט וואָס אין:

ירוש. ברכות פ"א, ה"א; ירוש. שבועות פ"ו, ה"ה; חגיגה טו, א; פר"א פרק מו, אויס־גאַבע אום; ב"ר סה, כא; ר"ר אַנהייב פתיח־תא; תנח. קדושים ו; שו"ט א, ב; יל"ה א, ט; ילה"י ו, ב; י"ש תולדות קטו און יחזקאל שלז און אַנהייב שמ; רש"י דניאל ז, טז; רש"י סוטה מ, ב אונטן, אונטער דעם וואָרט אין ישיבה.

ח) שופטים ו, יא.

ט) ש"ר אַנהייב פרשה כה; ילה"י ו, ב.

י) ישעיה ו, ב.

האלה", **א)** און איך וועל גיבן דיר גײה־ערם צווישן די דאָזיקע שטעהענדיגע מל־אכים, **ב)**.

**ווי אַזוי זעען אויס אַ מלאך'ס פיס?**

ווי די פיס פון אַ קאַלב, **ב1)**.

**פאַר וואָס פאַרדעקט אַ מלאך זיינע פיס?**

צוליב צניעות, אַנשטענדיקייט, **ב2)**.

לויט אַן אַנדער מיינונג:

די מלאכים'ס פיס זעען אויס ווי די פיס פון אַן עגל, אַ קאַלב, **ב3)**, ווילן זיי נישט דערמאָנען די אידנס זינד פון מאַכן דעם עגל הזהב, דעם גאָלדענעם קאַלב, **ב4)**.

**עסן און טרינקן די מלאכים?**

ניין, **ג)**.

ווען די מלאכים'ס עסן ביי אברהם אבינו זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיי־נונגן:

סע האָט אויס געוויזן זיך אַז זיי עסן, **ד)**.

יעדער מאכל, יעדע שפייז וואָס מע האָט סערווירט, אַנידער געשטעלט, האָט זייער פייער פאַרצעהרט, **ה)**.

צו ליב אברהם'ס כבוד האָבן זיי גע־עסן און געטרונקען, **ו)**.

די וועלאַכע האַלטן אַז די מלאכים האָבן געעסן, איז עס ווייל ווען מע קומט ערגעץ, דאַרף מען פירן זיך לויט דעם דאָרטיגן מנהג, **ז)**.

דערציילט דאָך די תורה אונז אַז אין פאַרלויף פון די פערציק טעג און פערציק נעכט ווען משה רבינו איז געווען אויף דעם באַרג סיני, האָט ער געעסן קיין ברויט און געטרונקען קיין וואַסער, **ח)**.

**פון וואָס ערנעהרן די מלאכים זיך?**

פון דער לויטערקייט פון דער שכי־נה, **ט)**.

---

**א)** זכריה ג, ז.

**ב)** ש"ר אָנהייב פרשה כה; ילה"י ו, ב.

**ב1)** יחזקאל א, ז.

**ב2)** רש"י ישעיה ו, ב.

**ב3)** יחזקאל א, ז.

**ב4)** זעט און פאַרגלייכט ווער סע זאָגט וואָס אין:

פר"כ עה, ב, אויסגאַבע אום; תנח. אמור טז; תנח"ב אמור יא און כג; ויק"ר כז, ג; מ"א אמור ענדע קאַפיטל כב; י"ש אמור תרמב, ישעיה תד און יחזקאל שסט; ילה"י ו, ב; רש"י ישעיה ו, ב; זעט פר"א פרק ד און רד"ל נאָטע נג.

**ג)** פר"א פרק מו.

**ד)** תרגום יונתן, רש"י בראשית יח, ח; בבא מציעא פו, ב; ב"ר מח, יד; ש"ר מז, ה; ויק"ר לד, ח; ק"ר ג, יד; זהר וירא קב, א; מה"ג,א' וירא רעב; מ"א וירא יח, א; ש"ט וירא יח, ח; ל"ט וירא יח, ח; י"ש וירא פב; בחיי בראשית יח, ח.

**ה)** זהר וירא קא, ב און קד, א.

**ו)** פאַרגלייכט: סא"ר פרק יב, נט; ש"ר מז, ה; במ"ר י, ענדע סימן ה; תנח. וירא יא; י"ש וירא פב.

זעט תוספות בבא מציעא פו, ב אונטער דעם וואָרט נראין.

**ז)** בראשית יח, ח און רש"י דאָרט.

פאַרגלייכט ווער סע זאָגט וואָס אין:

ב"מ פו, ב; מר"י זייט י, ה, ענד; ב"ר מח, יד; ש"ר מז, ה; במ"ר י, ענדע סימן ה; מה"ג,א' רעב; תנח. וירא יא; מ"א וירא יח, ח; י"ש וירא פב; ל"ט תשא לד, כח.

זעט: ויק"ר לד, ח; רש"י בראשית יח, ח.

**ח)** שמות לד, כח; דברים ט, ט. ב"ר מח, יד; ש"ר מז, ה; תנח. וירא יא; י"ש תשא תו. זעט: באַנד א, זייטן 133—132, נאָטן א—ו; מיינע ביכער: „אברהם אבינו'ס לעבן און שאַפונג", זייטן 116—110; „משה רבינו'ס לעבן און שאַפונג", זייט קנח; „מאָזעס אים ליכטע דער אגדה", זייט 114, [אין דייטש].

**ט)** ש"ר לב, ד; במ"ר כא, טז; תנח. פינחס יב.

**וויִ אַזוי איז אַ מלאך׳ס קול?**

ווי דאָס קול פון אַ גרויסער צאָל, מענגע, מענטשן, י).

**זיינט אַ מלאך אַ מאָל?**

יאָ. אָט האָט צום ביי שפּיל דער מלאך, וועלכער האָט געראַנגלט זיך מיט יע־קב׳ן, געוויינט און געבעטן זיך ביי אים ער זאָל לאָזן אים געהן, א).

ביי דעם חורבן פון דעם בית המקדש, האָבן אַפילו די מלאכי שלום, פרידנס מלאכים, געוויינט, א1).

זיי וויינען אויף אידישע צרות, א2).

**וועלכער מלאך האָט געראַנגלט זיך מיט יעקב׳ן?**

סע זיינען פאַראַן עטליכע מיינונגען:

אַ מלאך, ב);

אַ מלאך אין דעם געשטאַלט פון אַ מענטש, ג);

סמאל, ד);

עשו׳ס שר, ה);

אדום׳ס שר, ו);

מיכאל, ז);

גבריאל, ח);

**האָבן מלאכים יצר הרע?**

ניין. דער יצר הרע, דער טרייב, גלוסט, די נייגונג צו טון שלעכטס הערשט נישט איבער מלאכים, ט).

**האָבן מלאכים פערשטאַנד?**

יאָ, י).

**שמועסן אַמאָל די מלאכים אויך אין לערנען?**

יאָ. אָט צום ביי שפּיל קריגן מיכאל און גבריאל אין דעם ענין וועגן פון וואָס פאַר ציגלס סע וועלן זיין די ווענט פון ירושלים, א).

**וואָס פאַר אַ שפּראַך רעדן די מלאַ־כים?**

לשון הקודש, ב).

---

י) דניאל י, ו. זעט די פאָרגעהענדיגע דריי פראַגעס און ענטפערס.

א) הושע יב, ה און רש״י; חולין צב, א; י״ש וישלח קלג.

דער אבן עזרא דאָרט זאָגט אַז דער מלאך האָט כמעט געוויינט. זעט דאָרט רד״ק און תנח. וישלח ד.

א1) חגיגה ה, ב. זעט ישעיה לג, ז און זעט תרגום, רש״י דאָרט.

א2) מ״א מטות ל, יא, זייט קנט, לעצטע שורה.

ב) ש״ט בראשית לג, זייט 188, סימן קכח; ל״ט בראשית לג, כ; א״ע בראשית לב, כו; רשב״ם, רמב״נ און ספורנו בראשית לב, כה.

ג) תרגום יונתן בראשית לב, כה.

ד) תנח. וישלח ח; מ״א בראשית לב, כה.

ה) ב״ר עז, ג; שי״ר ג אויף פסוק ו, סימן ג; תרגום יונתן און רש״י בראשית לב, כה און לג, י; מ״א וישלח לב, כה; י״ש וישלח קלב און קלג; ש״ט בראשית זייט 183, אויבן; ל״ט בראשית לג, פסוקים י און יח; בחיי בראשית לב, כב.

ו) ש״ט און ל״ט בראשית לב, כה. אדום איז עשו.

ז) תנח״ב וישלח ז; י״ש וישלח קלב פון מדרש אבכיר.

ח) זהר בא, רעיא מהימנא, מא, ב.

זעט אומעטום ווער סע זאָגט וואָס.

ט) שבת פט, א, אויבן; אר״נ ב, כו, זייט 53; ב״ר מח, יא; י״ש וירא פב, פד, תהלים תשנז; יל״ה מח, ח; קד, מד; ל״ט וירא יח, ה; רש״י בראשית יח, ה.

י) אר״נ נוסחא א, אָנהייב פרק לז.

א) ב״ב עה, א, רש״י, תוספות דאָרט אונ־טער דעם וואָרט פליגי; זהר ויחי השמטות, זייט רנב, ב און י״ר בראשית נט, ב, אויבן; שו״ט פז, ב, אויסגאַבע אום; יל״ה אָנהייב מזמור פז; י״ש ישעיה תעח; ילה״י נד, אָנהייב סימן יב.

לויט זהר איז דער מלאך אוריאל [נוריאל] דער אויס גלייכער; לויט תוספות — אליהו.

ב) אר״נ נוסחא א, אָנהייב פרק לז.

**פאַרשטייען די מלאכים אַלע שפּראַכן?**
ניין, זיי פאַרשטייען נישט אַראַמע־איש, ג).

**ווייסן מלאכים פאָראויס וואָס סע וועט זיין, פאַסירן?**
יאָ, ד).

**ווייסן די מלאכים וואָס מענטשן טראַכטן?**
ניין, ה).

**איז ביי די מלאכים אַלץ אין אָר־דנונג, שאַ, שטיל. לעבן זיי בשלום, פריד־לאַך איינער מיט דעם אַנדערן?**
ניין. אויך די מלאכים דאַרפן שלום, ו).

**איז פאַראַן צווישן די מלאכים קנאה נייד, שנאה פיינדשאַפט?**
ניין, ז).

**ווי אַזוי באַציען זיך די מלאכים איי־נער צו דעם אַנדערן?**
מיט כבוד, מיט רעספּעקט. ווען סע קומט די צייט פון זאָגן שירה, זאָגט איינער צו דעם אַנדערן: הויב דו אָן, דו ביזט גרעסער פון מיר, ח).

אָבער זיי זיינען קאַמף לוסטיק. ווען סע געפעלט זיי עפּיס נישט, שפּאַרן זיי זיך מיט דעם בעשאַפער, זיי פּראָטעס־טירן. אַט האָט דאָך דער בעשאַפער אַליין געזאָגט צו דעם מלאך הדרניאל: זייט ווייסן אַז איר זענט קאַמף לוסטיק שוין פון שטענדיק אָן, ח1).

אין דריי פאַלן האָבן זיי געשפּאַרט זיך מיט דעם אייבערשטן, ח2):

זיי זיינען געווען געגן גיבן די תורה די אידן, ח3).

זיי האָבן פּראָטעסטירט געגן מאַכן רוען די שכינה אין דעם משכן, ח4).

זיי זיינען געווען געגן בעשאַפן דעם מענטש, ח5).

ווען רבי עקיבא איז געקומען אַרויף אויבן, האָבן די דינסט מלאכים אָן גע־הויבן צו שטופּן אים אַראָפּ. האָט דער אייבערשטער געזאָגט צו זיי: לאָזט צורו דעם אַלטן. ער איז ווערט צו באַנוצן זיך מיט מיין כבוד, ח6).

**וואָס איז די באַציאונג פון די מלאכים צו דער זון?**
פיר מלאכים געפינען זיך אין פראָנט פון איר, זי זאָל נישט פאַרברענען די וועלט. און פיר מלאכים געפינען זיך הינטער איר, זי זאָל נישט פאַרפרירן די וועלט, ט).

פינעף מלאכים פירן זי, ט*).

**זיינען אַלע מלאכים פון איין און דעם זעלבן כאַראַקטער?**
ניין. סע זיינען פאַראַן:
גוטע, י);

---

ג) שבת יב, ב; סוטה לג, א; יל״ה מא, ח; תוספות ברכות ג, א, אונטער דעם וואָרט ועונין; מנה״מ ד, 621; בחיי נח, יא, ט; אבודרהם נט, ב; לעולם זייט 110.

ד) אר״נ נוסחא א, אָנהייב פּרק לז.

ה) מדרש שכל טוב וירא יח, יג.

ו) תנח״ב בראשית יג.

ז) זעט: שבת פּט, א און רש״י דאָרט, ערשטע שורה; ד״א 255; שי״ר ח, יג, א.

ח) ילה״י ו, ג; י״ש ישעיה תד.

ח1) פ״ר פּיסקא ח, זייט צז, א, צווייטע שורה. זעט הדרניאל, זייט 319, נאָטע ז.

ח2) שו״ט ח, ב; יל״ה ח, ג; י״ש תהלים תרלט.

ח3) שבת פּח, ב—פּט, א; שו״ט ח, ב; יל״ה ח, ג, י״ש תהלים תרלט.

ח4) שו״ט ח, ב; יל״ה ח, ג; י״ש תהלים, ענדע תרלט.

ח5) תנח. בחוקותי ד; שו״ט ח, ב; יל״ה ח, ג; י״ש תהלים תרלט. פאַרגלייכט די ווערסיעס אין אַלע פינעף נאָטן.

ח6) חגיגה טו, ענדע ב. זעט 354, נאָטע ז.

ט) י״ש קהלת אָנהייב תתקסז; שכ״ל יד, א.

ט*) י״ר תשא עט, ב.

י) שבת קיט, ב.

שלעכטע, **א)**.

איינע פון זייערע מיסיעס איז צו באַגלייטן יעדער פרייטיק צו נאַכטס יעדן אידן אַ היים פון שוהל.

צוויי מלאכים באַגלייטן יעדן אידן.

ווען זיי קומען אַריין אין הויז און זעהען ליכט ברענען, דער טיש איז געגרייט און דאָס בעט איז פאַרבעט, זאָגט דער גוטער מלאך: „יהי רצון...״ סע זאָל זיין באַוויליקט אַז אויך דעם קומענדיקן שבת זאָל זיין אַזוי. און דער שלעכטער מלאך מוז נאָך זאָגן אמן, בעל כרחו, געגן זיין ווילן.

אָבער ווען סע איז נישט אַזוי. זאָגט דער שלעכטער מלאך: „יהי רצון...״ סע זאָל זיין באַוויליקט אַז אויך דעם קומענדיקן שבת זאָל זיין אַזוי. און דער גוטער מלאך מוז נאָך זאָגן אמן, בעל כרחו, געגן זיין ווילן, **ב)**.

דער וועלאַכער דאַווענט פרייטיק צו נאַכטס און זאָגט „ויכולו״, איז די צוויי מלאכים וועלאַכע באַגלייטן אים אַהיים פון שוהל, לייגן אַרויף זייערע הענט אויף זיין קאָפּ און זאָגן צו אים: „וסר עונך, וחטאתך תכופר״, און דיינע פאַרברעכנס וועלן ווערן אָפּ געטון, און דיין זינד וועט ווערן פאַרגיבן, **ג)**.

ווען אַ צדיק געהט אַוועק פון דער וועלט, געהען דריי כתות, גרופּעס, דינסט מלאכים אַנטקעגן אים. איינע זאָגט: „בא בשלום״, ער קומט בשלום. איינע זאָגט „הולך נכוחו״, ער איז געגאַנגען אין זיין רעכטפאַרטיקייט. און איינע זאָגט „ינוחו על משכבותם״, זאָלן זיי רוען אויף זייערע געלעגערס, **ג1)**.

ווען אַ רשע ווערט פאַרלאָרן פון דער וועלט, געהען דריי כתות, גרופּעס, מלאכי חבלה, פערדאַרבנדיקע מלאכים אַנטקעגן אים. איינע זאָגט „אין שלום אמר ה׳ לרשעים״, **ג2)** קיין פרידן, זאָגט דער אייבערשטער, צו די רשעים, בייזוויכטן. איינע זאָגט „למעצבה ישכב״, **ג3)** אין טרויעריקייט זאָל ער ליגן. און איינע זאָגט „רדה והשכבה את ערלים״, **ג4)** נידער אַראָפּ [אין גיהנם אַריין] און ליג דאָרט מיט די נישט באַשניטענע, **ג5)**.

**מלאכי חסד, ד)** גנוד מלאכים;

**מלאכי רחמים, ה)** מלאכים פון באַרם הארציקייט;

**מלאכי שלום, ו)** פרידן מלאכים;

זיי שטעהען פאַר דעם הייליקן, געבעטשט זיי ער, **ו*)**.

**מלאכי דין, ז)** געזעץ מלאכים;

**מלאכי פחד, ח)** שרעק מלאכים;

---

**א)** שבת קיט, ב.

**ב)** שבת קיט, ב; זעט חגיגה טז, א אונטן; י״ש בראשית טז, מקץ קמח, איוב תתצט, ישעיה תז און תכג; ילה״י ו, ו; מג, יא; נו, יב; י״ר ויצא נה, ב; והזהיר א׳, ויקהל קכו, ב; אבודרהם יב, א; מג, ב. זעט בחיי בראשית ג, כד. זעט שדא״ג בראשית א, יב.

**ג)** ישעיה ו, ז. שבת קיט, ב; י״ש ישעיה ענדע תז; ילה״י ו, ענדע פסוק ו.

**ג1)** כתובות קד, א. אין ישעיה נז, ב שטעהט **יבוא שלום**.

**ג2)** ישעיה מח, כב.

**ג3)** אין ישעיה נ, יא שטעהט **תשכבון**.

**ג4)** יחזקאל לב, יט.

**ג5)** כתובות קד, א.

**ד)** בחיי וירא יח, ב.

**ה)** ב״ר נ, א; תרגום יונתן תזריע יא; תנח״ב וירא כא; ש״ט וירא יט, א און כב, יח, זייט 65; ל״ט וירא יח, לג; רש״י וירא יט, א און בלק כב, כב; בחיי שופטים כד, ד.

**ו)** חגיגה ה, ב. ביי דעם חורבן, פאַרניכטונג פון דעם בית המקדש האָבן זיי געוויינט; תנח. וישלח ח; שו״ט קד, ג; ילי״ה ה, יד; צא, כב; קד, א; אג״א ט, כח, 84.

**ו*)** תנח. תזריע ט; תנח״ב תזריע יא; יל״ה ה, יד. זעט ווער סע זאָגט עס.

**ז)** ש״ט וירא כב, יח זייט 65.

**ח)** רש״י יומא כב, ב אונטער דעם וואָרט **סיוטא**.

**מלאכי אימה, ט) פורכט מלאכים;**

**מלאכי חבלה,** פארדארבנדיקע, פאר־ניכטנדיקע מלאכים; ווי צום ביי שפיל פאלגענדיגע זעקס: **קצף** ברויזנדיקער צארן, **אף** צארן, **חמה** גרים צארן, **משחית** פארדארבער, **משבר** צעברעכער, **מכלה** פארלענדער, י).

לויט אן אנדער גירסא: קצף, אף, חמה, משביר, משחית, מכלה, א).

אין אנדערע ערטער ווערן רעקאר־דירט בלויז פינעף, דריי, צוויי, אין פאר־שידענע ווערסיעס, מיט פארשידענע נעמען, ב).

משחית, אף און חמה זיינען די אויף זעערס איבער די רשעים, און די גיהנם יסורים, ב*).

אט זיינען עטליכע ביי שפילן פון די מלאכי חבלה'ס טעטיקייטן:

ווען משה רבנו איז געצויגן מיט זיין ווייב און קינדער קיין מצרים, האבן די מלאכי חבלה אף און חמה, ג) איין גע־שלינגען אים ביז צו דער דיך, צו הרג'ע־נען אים.

לויט אן אנדער מיינונג: ער איז גע־ווארן איין געשלינגען פון דעם קאפ ביז צו דער דיך, אוים געשפיגן, און איין געשלינגען פון די פים ביז צו דער דיך. ווייל ער האט נאך נישט געהאט גע־מל'ט זיין קינד אליעזר, ד).

לויט אן אנדער מיינונג זיין בכור, צוערשט געבארענער, גרשם, ה).

לויט נאך א מיינונג: דער **שטן** האט געוואלט טויטן דאס קינד, ו).

---

ט) י"ר משפטים סו, ב, אונטן.

י) שבת נה, א; רש"י יחזקאל ט, ב, און זעט דארט רד"ק, מצ"א.

א) י"ש יחזקאל שנ.

ב) אין תרגום יונתן דברים ט, יט: אף, חמה, קצף, משחית, חרן; אין ש"ר ענדע פרשה מא; מד, ח הייסט עס: אף, חמה, קצף, השמד, השחת; אין ד"ר ג, יא: אף, חמה, קצף, משחית, מכלה; אין ק"ר ד, ג: קצף, משחית, השמד פארטיליקער, אף, חמה; אין תנחומא תשא ו: קצף, אף, חמה, משחית, השמד; אין: תנח"ב תשא יג; י"ש תשא שצא: אף, קצף, משביר, משחית, חמה; אין שו"ט ז, ו [זעט אויך יח, יג]: אף, קצף, חמה, השמד, משחית; אין יל"ה עח, מב: קצף, אף, חמה, משחית, חרון; אין יל"ה ז, יד: אף, חמה, קצף, חשמר [עס דארף שטעהן, השמד] משחית; אין י"ש עקב תתנג: אף, חמה, קצף, משחית, השמד; אין י"ש תהלים תרלז: אף, חמה, קצף, השמד, משחית; אין רבינו בחיי קרח יז, יא: אף, חמה, קצף, השמד, חרון; אין: פר"א פרק מה; י"ר תשא פג, א: קצף, אף, חמה, משחית, חרון, און זעט רד"ל נאטע נג; אין ירושלמי תענית פרק ב, ענדע הלכה א און אין בחיי תשא לד, ו; אף חמה; אין רש"י יומא סז, ב, אונטער דעם ווארט עוזא: עוזא און עזאל.

זעט: עוזא, זייט 321; קמואל, זייט 322.

זעט: דברים ט, יט, אונקלוס און רמב"נ דארט; עוזא זייט 321; קמואל זייט 322.

ב*) בחיי יתרו כ, ח.

ג) נדרים לב, ב; י"ש דברים תתנג און ישעיה תלה.

ד) ש"ר ה, ח; מ"א יתרו יח, ג; ויושע זייט 43; רש"י, ל"ט, בחיי, און א"ע אין נאמען פון ר' שמואל בן חפני, אין שמות ד, כד; רמב"נ שמות ד, כ. זעט זהר לך לך צג, ב.

ה) תרגום יונתן שמות ד, כד און כד; ספר הישר ענדע פרשה שמות; י"ש שמות ענדע קסח; ל"ט יתרו יח, ג; ראב"נ אין יוצר אשכנז צו ברית מילה.

זעט י"ש לך לך פא.

ו) נדרים לב, ב, דריטע שורה. אין: ירושלמי נדרים ענדע פרק ג; מר"י יתרו נה, א, אויסגאבע אום; מה"ג,ב' זייט 41; ל"ט שמות יח, ג; א"ע שמות ד, כד שטעהט מלאך.

זעט: ל"ט שמות ד, כד; ש"ה זייט 340; פשיטא שמות זייט עב, הערה יט און פאר־גלייכט מיט נוסח השומרוני פון הגאון ר' חיים העליר ז"ל.

לויט אַנדערע מיינונגען אין די פאָרגעהענדיגע קוועלעם האָט ער געוואָלט טויטן משה׳ן ווייל „ויהי בדרך במלון", ז). ווייל משה האָט געהאַט אין זינען צו באַזאָרגן זיך פריער אַ סטאַנציע, אַ האָטעל איידער ער האָט גע׳מל׳ט דאָס קינד.

סע איז פאַראַן אויך אַ מיינונג אַז משה איז געווען קראַנק אין האָטעל, און ער האָט נישט געקאָנט אַליין מל זיין דאָס קינד.

לויט אַנדערע מיינונגען:

דער אייבערשטער האָט געשיקט אוריאל׳ן, ח) אין דער געשטאַלט פון אַ שלאַנג און ער האָט איין געשלינגען אים, ט);

גבריאל׳ן אין דער געשטאַלט פון אַ פייער שלאַנג, י);

אַ מלאך, א).

אגב, סע איז פאַראַן אַ מיינונג אַז משה רבינו האָט גע׳הרג׳עט חמה׳ן, ב).

ווען די אידן זיינען געווען אַזוי גיעריק אָן צו נעמען די תורה, אַז זיי האָבן אַזש געפעדערט, געזאָגט פריער, נעשה מיר וועלן טון, פאַר נשמע מיר וועלן הערן. האָבן גענידערט אַראָפּ זעכציק מיריאַדן, דאָס הייסט זעקס הונדערט טויזנט דינסט מלאכים. און זיי האָבן צו געבינדן צו יעדער אידן צוויי קרוינען, איינע פאַר זייער זאָגן נעשה, און איינע פאַר זייער זאָגן נשמע.

ווען די אידן האָבן געמאַכט דעם „עגל הזהב" דעם גאָלדענעם קאַלב, האָבן גענידערט אַראָפּ הונדערט און צוואָנציק מיריאַדן, דאָס הייסט אַ מיליאָן און צוויי הונדערט טויזנט פאַרדאַרבנדיקע מלאכים, און זיי האָבן גענומען אַוועק די קרוינען פון זיי, ג).

ווען אידן געפינען זיך אין אַ שלעכטער לאַגע, און איינער שייד אָפּ זיך פון זיי [און עסט און טרינקט]. קומען צוויי מלאכים וועלאַכע באַגלייטן אים, איינער רעכטס און איינער לינקס. זיי לייגן אַרויף זייערע הענט אויף זיין קאָפּ, און זאָגן: דער דאָזיקער וועלאַכער האָט אָפּ געטיילט זיך פון דעם ציבור, זאָל נישט זען דעם ציבור׳ס, דער געמיינדעס טרייסט, ד).

דואג איז געווען אַ גבור, אַ העלד, ה);

אַן עושר, אַ רייכער, ו);

---

ז) שמות ד, כד.

ח) מר״י נח, א, אויסגאַבע אום; ש״ר א, לא און כח, א; מ״א שמות ד, כד.

ט) מ״א און רש״י שמות ד, כד; בחיי שמות ד, כד.

י) זעט זהר לך לך צג, ב. זעט זהר פקודי רסו, ב, צווייטע שורה.

אין י״ר שמות טו, א הייסט עס אַז דער מלאך גבריאל האָט געוואָלט טויטן משה׳ן, אָבער נישט פאַר נאָך נישט האָבן גע׳מל׳ט זיין קינד.

א) ירושלמי נדרים ענדע פרק ג; תרגום יונתן שמות ד, כד; מר״י יתרו, זייט נח, א, אויסגאַבע אום; י״ש שמות קסט; בחיי שמות ד, כד.

אין: ירושלמי נדרים ענדע פרק ג; נדרים לב, ב; מר״י יתרו זייט נח, א; תרגום ירושלמי שמות ד, כה; דב״ה 8 איז אָן געגיבן קיין נאָמען.

ב) נדרים לב, א; תוספות שבת נה, א אונטער דעם וואָרט קצף; תוספות בבא בתרא ט, ב אונטער דעם וואָרט חמה; י״ש תהלים תרלז.

זעט מיינע ביכער: „משה רבינו זיין לעבן און שאַפונג", אין אידיש; „מאָזעס אים ליכטע דער אגדה", אין דייטש.

ג) שבת פח, א.

ד) תענית יא, א; יל״ה צא, יח. אין ש״ט שמות ב, ענדע פסוק י, זייטן 16—17 שטעהט „אוכלין" אויף דעם אָרט פון „ידיהן" און פאַרגלייכט דעם גאַנצן לשון. זעט שדא״ג לב, זייטן רט—רי.

ה) שו״ט נב, ו און ז; יל״ה נב, ד; י״ש תהלים תשסז.

ו) שו״ט נב, אָנהייב סימן ו און ז; יל״ה נב, ד; י״ש תהלים ענדע תשסז.

א חכם, א קלוגער, ז);
א גדול בתורה, גרויס אין לערנען, ח);
אב בית דין, הויפט פון דעם גע־ריכט, ט);

ראש לסנהדרין, הויפט פון די סנהד־רין, דאָס סאַמע העכסטע געריכט, י).

ער ווערט געגליכן צו „כל ישראל", צו אַלע אידן, א).

איז ער אָבער אַרויס לתרבות רעה, ער איז געוואָרן א דעגענעראַט, ב).

ווי א פוסק, א דיין, א פסק'ענער פון שאלות האָט ער מתיר געווען, ערלויבט גילוי עריות אוים געלאָסן לעבן, און שפיכת דמים מאָרד, ג).

ער אליין האָט אום געבראַכט פינעף און אַכציק כהנים אין איין טאָג, ד).

ער האָט געוואָלט אום ברענגען דוד המלך'ן. דוד המלך האָט באַקלאָגט זיך: פונקט ווי דער לייב זיצט איבער זיין פאַרציקונג און רייסט שטיקער דערפון. אַזוי לעכצט דואג [און אחיתופל] צו רייסן שטיקער פון מיר, ה).

איז ווען דואג איז געשטאָרבן אין על־טער פון פיר און דרייסיג יאָר, ו) זיי־נען געקומען צו אים דריי מלאכי חבלה. פאַרדאַרבנדיקע מלאכים. איינער האָט געמאַכט פאַרגעסן אים דאָס לערנען. איינער האָט פאַרברענט זיין נשמה. און איינער האָט צעשפּרייט זיין ערד [קער־פער] אין די בתי כנסיות, פערזאַמלונגס הייזער און אין די בתי מדרשות, ז).

ווען דער משחית, דער פאַרדאַרבנדי־קער מלאך באַקומט רשות, ערלויב, אונ־טער שייד ער נישט צווישן צדיקים און רשעים. נאָך מעהר, ער הייבט אָן פון די צדיקים, ז1).

די רשעים זיינען איבער געגיבן אין זייערע הענט, ז2).

זיי באַזיגן די רשעים מיט פייערדיקע שטעקנס. די רשעים שרייען „וועה, וועה", אָבער זיי האָבן קיין רחמנות, דערבאַרמקייט אויף זיי, ז3).

**ווערן די מלאכי חבלה, פאַרדאַרבנדי־קע מלאכים באַצייכנט מיט עפּיס אַ ספּעציעלן נאָמען?**

יאָ. זיי ווערן אָן גערופן אסתלגנית, ח).

**האָבן די מלאכים שטענדיק דאָס זעל־בע געשטאַלט, דעם זעלבן אויסזען?**

ניין. זיי זעהען אוים פאַרשידן אַרטיק. זייער אוים זען, זייער געשטאַלט פאַר־ענדערט זיך לויט זייערע שליחות'ן, מי־סיעס, אויפגאַבעס, ט).

דער אייבערשטער מאַכט די מלאכים פאַר וואָס ער וויל. א מאָל מאַכט ער זיי פאַר מענער, ווי סע שטעהט אין פסוק „והנה שלשה אנשים נצבים

ז) שו"ט נב, ו און ז; יל"ה נב, ד.
ח) ירושלמי סנהדרין פרק י, הלכה ב.
ט) שו"ט ג, ד.
י) שו"ט מט, ב; נב, ג, ד, ו, ז; יל"ה ג, י; נב, ד; י"ש תהלים תשסז, יחזקאל שמא, תהלים תשסז און משלי תתקסא; ימ"מ כו, כו.
א) מ"ש יח, ד; י"ש שמואל א, קכא.
ב) תוספות ברכות יז, ב, ערשטע שורה.
ג) ב"ר לב, א און לח, א.
ד) שמואל א', כב, יח און זעט שו"ט נב ענדע סימן ה.
ה) שו"ט ד, ז; י"ש תהלים תרלז; יל"ה ז, יב.
ו) סנהדרין סט, ב און קו, ב; יל"ה מא, יב און נה, כו; מנה"מ ד, זייט 339.
ז) סנהדרין קו, ב, אונטן; יל"ה מא, יב און נה, כח; י"ש משלי תתקלח; מה"ג,ג' זייט 323.
ז1) בבא קמא ס, א, אונטן.
ז2) שמחות זייט 229.
ז3) שמחות זייט 255.
ח) ברכות נא, א. אסתלגינית, איסתלגנית, איסטגלילית, אסתלגיגית. איסתלגינית מיינט א גרופּע.
ט) סנהדרין צז, א; ב"ר כא, ט. זעט ב"ר כה, ב.

עליו״, י) און דריי מענטשן שטעהען פאר אים, א).

אזוי צום ביי שפּיל:

ווען די מלאכים מיכאל, גבריאל, רפאל, זיינען געקומען צו אברהם אבינו, און האָבן געשפּילט די ראָליע פון אורחים, געסט, ב) האָבן זיי באַוויזן זיך ווי לאַנד רייזנדיגע, ג), ווי אַראַבערס, ד): איינער ווי אַ תבואה הענדלער, איינער ווי אַ מאַטראָז [שיפס קאַפּיטאַן] און איינער ווי אַ טערק [אַראַבער], ה).

סע ווענדעט זיך אין דעם מענטשן צו וועלאַכן זיי בעווייזן זיך.

אברהם אבינו׳ס כוח איז געווען „שעהן״. און מלאכים פלעגן באַזוכן אים אָפּט. האָבן זיי אוים געזען אים ווי מענטשן.

לוט׳ם כוח איז געווען „שלעכט״. האָבן זיי אוים געזען אים ווי מלאכים, ו).

---

י) בראשית יח, ב.

א) ש״ר אָנהייב פּרשה כה; תנח״ב וירא כ; ילה״י ו, ב.

ב) מ״א וירא יח, ב; רש״י בראשית יח, א.

לויט זהר וירא קא, א האָבן זיי געניידערט אַראָפּ ווי מלאכים, לויט ילמדנו ווי בני מלאכים.

ג) פּר״א פּרק לו; מה״ג,א׳ זייט רסז.

ד) בראשית יח, ב און רש״י פּסוק ד. קידושין לב, ב; מר״י נט, א, אויסגאַבע „אום״; ספרי עקב פּיסקא לח, אויסגאַבע „אום״; ל״ט וירא יח, ד. פאַרגלייכט בבא מציעא פו, ב און י״ש וירא פב.

ה) ב״ר מח, ט; י״ש אָנהייב וירא.

אגב, לויט זהר וירא קא, א האָבן זיי באַוויזן זיך ווי מלאכים.

זעט באַנד א, זייטן 127—126, נאָטן א—ז.

ו) ב״ר נ, ב; י״ש וירא אָנהייב פּד. זעט רש״י בראשית יט, א.

ז) בראשית יח, ב.

ח) ב״ר נ, ב; ל״ט בראשית יט, א; י״ש

**פאַר וואָס ווערן די מלאכים, וועלאַכע האָבן באַזוכט אברהם אבינו, אָן גערופן „אנשים״, ז) מענטשן?**

צו ליב צוויי טעמים, אורזאַכן:

ווייל די שכינה איז געווען מיט זיי, ח);

ווייל אברהם האָט געזען זיך אָפּט מיט מלאכים ווי מיט מענטשן, ווערן זיי אָן גערופן אנשים, מענטשן, ט).

וועגן דעם אוים זען פון דעם מלאך וועלאַכער האָט געראַנגלט זיך מיט יעקב אבינו, י) זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיינונגן. ער האָט אוים געזען ווי:

אַ תלמיד חכם, א);

אַ געצן דינער, ב);

אַ גוי, ג);

אַ פאַסטאַך, ד).

סע זיינען פאַראַן מיינונגען אַז ער איז געווען:

עשו׳ס שר, פאַרטרעטער אין הימל, ה);

סמאל, ו);

דער מלאך מיכאל, ז);

---

וירא אָנהייב פּד. זעט: ש״ט וירא יט, א; בחיי בראשית יט, א.

ט) רש״י בראשית יט, א.

אגב, סע זיינען פאַראַן צען קאַטעגאָריעס מלאכים. אישים זיינען די קלענצטע קאַטעגאָריע. און זיי הייסן **אישים**, ווייל זיי האָבן גערעד מיט **איש**, אנשים, מענטשן, רמב״ם, הלכות יסודי התורה, פּרק ב, הלכה ז.

י) בראשית לב, כו.

א) חולין צא, א; י״ש וישלח קלג.

ב) חולין צא, א.

ג) י״ש וישלח קלג.

ד) ב״ר עז, ב; שי״ר ג, פּסוק ה, סימן ג; תנח״ב וישלח ז; י״ש וישלח קלב; ל״ט וישלח לב, כה; ש״ט וישלח לג, יז.

ה) ב״ר עז, ג; שי״ר ג, פּסוק ה, סימן ג; תנח. וישלח ח; מ״א וישלח לב, כה; י״ש וישלח קלב; רש״י בראשית לב, כה; בחיי וישלח לב, כד און כח.

אין ל״ט וישלח לב, כד הייסט עס דער שר פון אדום. אדום איז עשו.

ו) ילה״י כ, כה.

ז) י״ש וישלח קלב. זעט תנח. וישלח

דער מלאך גבריאל, ח).

ווען משה איז געווען אַלט דריי יאָר, איז זיצענדיג אויף דער פּרינצעסן בת־יה'ס שויס אין קעגנוואָרט פון דער קעניגין אַלפרענית, ט) בלעם בן בעור און אַנדערע גרויסע רעגירונג לייט, האָט ער גענומען אַראָפּ די קרוין פון דעם קעניגס קאָפּ, און ער האָט אַרויף געלייגט זי אויף זיין קאָפּ. די דאָזיגע טאָט האָט צעשראָקן זעהר דעם קעניג. ער האָט געפרעגט אַן עצה זיינע ראָט גיבערס. האָט בלעם אָן גערופן זיך און געזאָגט:

אָה, קעניג, געדענקסט דו אַז דו האָסט אַ מאָל גע'חלום'ט ווי דו זיצט אויף דעם טראָן, און סע שטעהט פאַר דיר אַן אַלטער מאַן מיט אַ וואָג אין דער האַנט. דער מאַן בינד אַלע מצריים, עגיפּטערס, זייערע פירשטן און די גרויסע לייט פון דעם לאַנד. ער לייגט אַרויף זיי אויף איין וואָג שאָל. אויף דער אַנדערער וואָג שאָל לייגט ער אַרויף נישט מעהר ווי איין לעמעלע. און דאָס לעמעלע האָט איבער געוואויגן.

איך האָב בעשייד דעם חלום פאַר דיר, אַז אַ גרויס אומגליק הענגט איבער מצרים, עגיפּטען. ביי די אידן וועט ווערן געבאָרן אַ מאַן. ער וועט פאַרניכטן גאַנץ מצרים. ער וועט פירן אַרויס די קינדער פון ישראל פון מצרים מיט אַ שטאַרקער האַנט. מיין עצה איז אַז דו זאָלסט טויטן דאָס קינד.

דאַרויף האָט דער קעניג געענטפערט אַז ער וועט באַרוטן זיך צוערשט מיט די קלוגע לייט פון זיין לאַנד, צי סע קומט דעם קינד טויט שטראָף דערפאַר. צי סע איז איבער הויפּט שוין פעראַנט־וואָרטלאַך פאַר דער טאָט.

דער קעניג האָט גערופן צוזאַמען אַלע קלוגע לייט. ער האָט דערצעהלט זיי די גאַנצע פּאַסירונג. צווישן די פערזאַמלטע האָט געפינען זיך אויך דער מלאך גבריאל אין דער געשטאַלט פון אַ מענטש. ער האָט געזאָגט אַז צוערשט מוז מען איבער צייגן זיך צי דאָס קינד האָט געהאַנדלט מיט פערשטאַנד.

ער האָט פאָרגעשלאָגן מע זאָל שטעלן אַוועק אַ שוהם שטיין [בריליאַנט] און גליענדיקע קוילן, און זען צו וועלאַכן דאָס קינד וועט אויס שטרעקן די האַנט. וועט דאָס אינגעלע וועלן נעמען דאָס צירונג איז אַ סימן אַז סע איז אַ פערשטאַנדיג קינד. וועט דאָס קינד שטרעקן אויס די האַנט צו נעמען דאָס פייער, איז אַ באַ־ווייז אַז סע איז נאָך נישט פאַראַנט־וואָרטלאַך פאַר דער טאָט.

דער דאָזיקער פאָרשלאַג איז געוואָרן געפעלן. און אַזוי ווי מע האָט געשטעלט אַנידער דעם בריליאַנט און די גליענ־דיקע קויל, האָט דאָס קינד געשטרעקט אויס די האַנט צו דעם בריליאַנט. אַבער דער מלאך גבריאל האָט געוועגט זיין הענטל צו דער גליענדיקער קויל. דאָס קינד האָט גענומען די קויל, צו גערירט זי צו דעם מויל, און האָט אָפּ געבריט די ליפּן. זייט דענצמאָל איז דאָס קינד געבליבן אַ „כבד פה", י) שוועהר אויף דעם מויל.

פּרעה און זיינע ראָט גיבערס זיינען

---

ענדע ב און עץ יוסף דאָרט, אַז יעקב האָט גענומען דעם „שר הגדול ורפש" און אַנידער געשליידערט אים אויף דער ערד, געטרעטן אים מיט די פיס [האָט באַזיגט אים].

זעט דאָרט ווער סע זאָגט וואָס.

ח) רבינו בחיי וישלח לב, כט האַלט אַז לויט דעם שכל איז עס אַזוי, זעט דאָרט.

ט) פּרעה איז דער טיטל פון די קעניגס אין מצרים. מעגליך אַז אַלפרענית איז דער קעניגינס טיטל.

י) געוויינטלאַך טייטשט מען „כבד פה וכבד לשון": זאַאיקן, פּאַראיקן, שטאַטערן, שטאַמלען. אַבער דער רשב"ם ז"ל טייטשט נישט אַזוי. ער טייטשט: משה האָט גע־טענה'ט צום איבערשטן: איך באַהערש נישט די עגיפּטישע שפּראַך, דעם עגיפּטישן דיאַ־

געוועז איבער צייגט אַז דאָס קינד איז נאָך נישט פאַראַנטוואָרטלאַך פאַר זיין טאַט, און מע האָט נישט באַשטראָפט עס. אַזוי איז דאָס קינד געבליבן אַלס בתיה'ס זון אין דעם קעניגס פּאַלאַץ אין דער געזעלשאַפט פון פרינצן, א).

---

לעקט, וואָרן איך בין אַנטלאָפן פון מצרים אין מיין איגנט. און איצט בין איך שוין אַן אַכציקער.

ער באַזירט זיין טייטש אויף דעם פסוק: „ויאמר אלי, בן אדם, לך בא אל בית ישראל ודברת דברי [אין פסוק שטעהט בדברי] אליהם. כי לא אל עם עמקי שפה וכבדי לשון אתה שלוח אל בית ישראל. לא אל עמים [אין פסוק שטעהט עמים רבים] עמקי שפה וכבדי לשון אשר לא תשמע דבריהם", וגומר [יחזקאל ג, ד—ו].

און דאָ איז דאָך „וכבדי לשון" **נישט** די טייטש שווערער אויף דער שפּראַך, זאַאיקן, שטאַטערן. דאָ מיינט עס דאָך אַז דער אייבערשטער האָט געזאָגט צו דעם נביא יחזקאל: דו ביזט געשיקט צו אַ פאָלק וועמענס שפּראַך דו **פאַרשטעהסט נישט** [זעט רש"י און רד"ק דאָרט].

און דער רשב"ם פרעגט: וכי אפשר נביא אשר ידעו השם פנים אל פנים, וקיבל התורה מידו לידו, היה מגמגם בלשונו! ואין דבר זה בדברי התנאים והאמוראים, ואין לחוש לספרים החצונים". איז עס דען מעגלאַך אַז אַ נביא [משה רבינו] וועמען דער אייבערשטער האָט געקענט פנים אל פנים, און וועלאַכער האָט מקבל געווען די תורה דירעקט פון זיין האַנט, איז געווען שווערער אויף דעם לשון, אויף דער שפּראַך, אַ שטאַמלער! און מיר געפינען דאָס נישט אין די ווערטער פון די תנאים און פון די אמוראים.

און דאָס וואָס דער טייטש אַז משה איז געווען שווערער אויף דעם לשון ווערט גע־בראַכט אין אַנדערע ערטער [צום ביי שפּיל אין „דברי הימים של משה רבינו", אין בית המדרש, עדיציע יעללינעק, חדר ב, זייט 4] דאַרף מען נישט רעכענען זיך מיט ספרים חיצונים. זעט רשב"ם על התורה, עדיציע ראָזין, אויסגאַבע אום, שמות ד, 11.

אַזוי ערקלערט דער רשב"ם ז"ל.

דער אבן עזרא ז"ל שטימט נישט איין מיט דעם רשב"ם'ס טייטש. ער זאָגט: „והאומר ששכח לשון מצרים איננו נכון", און דער וועלאַכער זאָגט אַז משה רבינו האָט פאַרגעסן די עגיפּטישע שפּראַך, טייטשט נישט ריכטיק. זעט דעם אבן עזרא'ס טעם אין זיין פירוש אויף שמות ד, י.

און איך הקטן אהרן באאמו"ר ר' משה ז"ל באַמערק, אַז דער נביא עמוס ווערט אַן גע־רופן עמוס ווייל „עמוס בלשונו", ער איז געווען **מגמגם בלשונו**, אַ שטאַמלער.

זעט: פסיקתא דרב כהנא קכה, ב, אויס־גאַבע אום; ויקרא רבה י, ב; קהלת רבה א, ב; רש"י ישעיה ו, ח און ג, ה, און עמוס ז, יד; אברבנאל עמוס ג, זייט רמד, ד.

און דער אייבערשטער האָט דאָך געזאָגט משה'ן: „לא תוכל לראות את פני, כי לא יראני האדם וחי", דו קאָנסט נישט זען מיין פנים, ווייל קיין מענטש קאָן זען מיך און בלייבן לעבן, שמות לג, כ.

„והסירותי את כפי וראית את אחורי ופני לא יראו", און איך וועל אָפּ טון מיין האַנט, וועסט דו זען מיין רוקן; אָבער מיין פנים קאָן נישט ווערן געזען, שמות לג, כג.

משה האָט געזאָגט צו די אידן: „פנים בפנים דיבר ה' עמכם" [דברים ה, ד], פנים צו פנים האָט דער אייבערשטער גערעדט מיט אייך. מיינט דאָס דען אַז דער אייבערשטער האָט גערעדט ממש פנים צו פנים מיט די אידן!

ווי איז דאָס מעגלאַך. דער אייבערשטער האָט דאָך געזאָגט „... לא יראני האדם וחי", קיין מענטש קאָן זען מיך, און בלייבן לעבן.

זעט: די תרגומים אונקלוס, יונתן בן עוזיאל, ירושלמי און די מפרשים רש"י, אבן עזרא, רמב"ג, רשב"ם, ספורנו אויף שמות לג, פסוקים יא, כ און כג; דברים ה, ד און לד, י.

זעט מיינע ביכער:

„משה רבינו'ס לעבן און שאַפונג" [אין אידיש], זייטן סה—סו; „מאָזעס אים ליכטע דער אגדה" [אין דייטש], זייטן 55—54.

**א)** זעט: ספר הישר; מדרש ויושע זייט 41; ש"ר א, לא; תנחומא שמות ח; מה"ג,ב', זייט 14; י"ש שמות קסו; ל"ט שמות ד,

אגב, מלאכים האָבן באַגלייט יעקב'ן פון ארץ ישראל און אין חוץ לארץ, אָבער סע ווערט נישט געזאָגט ווי אַזוי זיי האָבן אויס געזען, א*).

אוריאל האָט פערוואַנדלט זיך אין אַ שלאַנג. און ער האָט איין געשלינגן משה'ן ביז דער דיך פאַר זיין פאַרשפעטיגן צו מל זיין זיין קינד, ב).

ווען דתן און אבירם האָבן גע'מסר'ט משה רבינו אַז ער האָט געטויט אַ מצרי. און פרעה האָט געוואָלט הרג'ענען אים. האָט גענידערט אַראָפּ אַ מלאך אין משה'ס געשטאַלט. זיי האָבן געכאַפּט דעם מלאך, און משה איז אַנטלאָפן, ג).

ווען משה איז אַרויף געשטיגן צו דעם אייבערשטן, האָבן די מלאכים געוואָלט דערטשעפּן אים. האָט דער בעשאַפער פערוואַנדלט זיין פּנים אין אברהם אבינו'ס געשטאַלט. און ער האָט געזאָגט צו זיי: צי שעהמט איר אייך גאָר נישט פאַר אים. איז ער דען נישט דער יעניגער ביי וועמען אין הויז איר האָט געגעסן?!, ג1).

די מלאכים האָבן געוואָלט די תורה. האָט דער בעשאַפער געזאָגט צו זיי: איז דען פאַראַן ביי אייך טויט... זינד... גזלה... גנבה... ווייבער... ליגענט... גלוסטיקייט...? צו וואָס דאַרפט איר די תורה..., ג2).

אליהו הנביא האָט פאַרשטעלט זיך ווי חרבונה, און אויך ווי פילע אַנדערע מענטשן, ד).

ווען שלמה המלך איז געוואָרן בעזייטיקט צייט ווייליק פון זיין קעניגליכן טראָן, האָט גענידערט אַראָפּ אַ מלאך אין שלמה'ס געשטאַלט און האָט באַשטיגן דעם טראָן.

[מע הערט אָפט דעם זאָג „גוה שריי אני שלמה". איז כדאי צו באַמערקן אַז שלמה המלך האָט קיין מאָל געשריען „אני שלמה". ווען ער איז געוואָרן צייט ווייליק אויס מלך, איז ער געגאַנגען אַרום איבער די הייזער. און וואוהין ער איז געקומען האָט ער געזאָגט „אני קהלת", נישט שלמה.

און ער האָט נישט געקאָנט זאָגן אַנדערש. ווייל ער אַליין זאָגט דאָך אין זיין בוך [מגילה] קהלת א, יב, „**אני קהלת** הייתי מלך על ישראל בירושלים". און די אַלע וועלאַכע זאָגן אני שלמה ציטירען פאַלש], ה).

---

כב; דברי הימים של משה רבינו, חדר ב, יעללינעק זייט 3; פטירת משה, יעללינעק, בית המדרש חדר א, 128; רבינו בחיי שמות ב, י; שלשלת הקבלה, זייט כא, אויסגאַבע ירושלים תשכ"ב.

**א***) בחיי ויצא כח, יב.

**ב**) מ"א שמות ד, כד. זעט **אוריאל**, זייטן 273—274, און מיינע ביכער:

„משה רבינו, זיין לעבן און שאַפונג", אין אידיש, זייט פו; „מאָזעס אים ליכטע דער אגדה", אין דייטש, זייט 85.

**ג**) ירושלמי ברכות פרק ט, הלכה א; ש"ר א, לא; ד"ר ב, כט, שי"ר ז, אויף דעם פסוק ה; מר"י נח, א, אויסגאַבע אום; שו"ט ד, ג; ש"ט יתרו יח, ד; ל"ט יתרו יח, ד; מה"ג,ב' זייטן 190, 16.

פאַרגלייכט: תנח. שמות י; רש"י שמות ב טו; בחיי שמות ב, טו און זעט אומעטום די פאַרשידענע נוסחאות, ווערסיעס, און ווער סע זאָגט וואָס.

זעט מיינע ביכער:

„משה רבינו'ס לעבן און שאַפונג" [אין אידיש], קאַפּיטל „יוגנד"; „מאָזעס אים ליכטע דער אגדה" [אין דייטש], זייט 58.

**ג1**) ש"ר אַנהייב פרשה כח.

**ג2**) זהר שמות ג, א.

**ד**) א"ר י, סימן ט; י"ש אסתר תתרנט.

**ה**) ירושלמי סנהדרין פרק ב, הלכה ו; ר"ר ה, יד, טו; ק"ר ב, ב, ג; תנח. אחרי א; תנח"ב אחרי ב; פר"כ קסט, א, אויסגאַבע אום; י"ש מלכים א', קפב און קהלת תתקסז, אַנהייב קאַפּיטל ב.

זעט: גטין זייטן סח און סט; מר"י זייט מ, ב; שו"ט עח, יב; יל"ה עח, נג וועגן שלמה המלך'ס צייט ווייליק ווערן אויס קעניג; בחיי אַנהייב פקודי.

אַ מלאך האָט גענידערט אַראָפּ אין דעם געשטאַלט פון אַ שטיינערנעם לייב. ער האָט געזעצט זיך נעבן דניאל'ס לייבן גרוב, און ער האָט באַפעהלט די לייבן נישט צו טשעפּן דניאל'ן, ו).

דער מלאך מיכאל האָט פאַרשטעלט זיך פאַר המן'ס אַ זון. און ער האָט אויסגעהאַקט פלאַנצן [פלאַנצונגען] אין אחשורוש'ס פּאַרק, ז).

לויט אַן אַנדער ווערסיע: מלאכים האָבן פאַרשטעלט זיך פאַר מענטשן. און זיי האָבן אויסגעהאַקט ביימער אין אחשורוש'ס פּאַרק, ח).

אַ מלאך איז ערשינען אין דעם געשטאַלט פון פּינחס בן יאיר, ט).

ווען אַ מלאך ווערט געשיקט אין ראובן'ס זכות צו ראַטעווען שמעון'ען, איז דעם מלאך'ס געשטאַלט ווי ראובן'ס, י).

אַ מאָל בעווייזן מלאכים זיך ווי פרויען. ווי סע שטעהט אין פּסוק „והנה שתים נשים יוצאות ורוח בכנפיהם", א) און צוויי ווייבער געהען אַרויס [פון דעם בית המקדש], און אַ ווינט איז אין זייערע פליגלען [פליגלם], ב).

אַ מאָל ווי ווינטן, ווי סע שטעהט אין פּסוק „עושה מלאכיו רוחות", ג) ער

---

אגב רז"ל פרעגן: אני קהלת... שטעהט ערשט אין פּסוק יב. ער וואָלט דאָך געווען בעדאַרפט אָן הייבן דעם סאַמע ערשטן פּסוק מיט „אני קהלת הייתי מלך...". און זיי ענטפערן „שאין מוקדם ומאוחר בתורה". אין תנ"כ איז נישט פאַראַן אַ פריער און אַ שפּעטער. דער תנ"כ איז נישט שטאַרק מקפיד, לייגט קיין גרויס געוויכט אויף כראָנאָלאָגיע, סאַידן דאָרט וואו דער כראָנאָלאָגישער עלעמענט איז פון היסטאָרישער, געשיכטליכער וויכטיקייט. זעט:

ירוש. שקלים פרק ו, ענדע הלכה א; ירוש. מגילה פרק א, הלכה א; ירוש. סוטה ענדע פרק ח; פּסחים ו, ב; שקלים טז, ב, אונטן; מר"י זייט מ, ב, אויסגאַבע אום, און דאָרט זיינען אָן געגיבן מעהרערע ביי שפּילן; פ"ר פּיסקא כב, זייט קיא, א; שי"ר א, ב, ב; ק"ר א, פּסוק יב, עטליכע מאָל; י"ש בשלח רמט; רש"י ברכות ז, ב; רמב"נ בראשית לב, כג; תוספות יומא לח, ב; כתובות קד, ב אונטער דעם וואָרט **שני**; א"ע בשלח טז, טו; ל"ט שמות טו, ט און במדבר פא, ב; בחיי וירא כא, ענדע יז און יתרו כ, יד; י"ר תצוה עג, א, פון מדרש הנעלם.

און איך הקטן אהרן באַאמו"ר ר' משה נבג"ם באַמערק: קהלת גיבט אַ לעבנס פילאָזאָפיע באַזירט אויף זיינע פּערזענלאַכע ערפאַרונגען, אָבזערוואַציעס, אַנשויאונגען. ער קומט צו דעם באַשלוס אַז דאָס גאַנצע לעבן איז איין לאַנגע קייט פון פּוסטע נאַרישקייטן, רייכקייט, לוקסוס, הערשאַפט, כבוד, גלאָריע, אַלץ, אַלץ איז גאָר נישט ווערט. דאָס איינציקע וויכטיקע, אַלער וויכטיקסטע איז **פּורכטן דעם אייבערשטן און אָפּהיטן זיינע מצוות. וואָרן אָט דאָס איז דער גאַנצער מענטש** [ענדע קהלת].

די ערשטע עלעף פּסוקים זיינען אַ קורץ געפּאַסטע סומירונג, אַ „סינאַפּסעס" פון דעם גאַנצן אינהאַלט. זיינען זיי, אַלזאָ, אַן איינלייטונג, אַן אַריין פיר צו דעם ווערק. ווי סע האָט שוין איינער געזאָגט: „ספר בלי הקדמה, כגוף בלי נשמה", אַ בוך אָהן אַ הקדמה איז ווי אַ קערפּער אָהן אַ נשמה.

ו) במ"ר יד, ג; שו"ט כד, י; יל"ה כד, לג.

זעט דניאל ו, כג און רס"ג [רבינו סעדיה גאון] דאָרט; פ"ר פּיסקא ו, זייט כה, א—ב און הערה נה דאָרט.

ז) פר"א פרק נ און זעט דאָרט רד"ל, הערה קכה; א"ר י, סימן ט.

ח) י"ש אסתר תתרנח. זעט אג"א ה, ב, זייט 55; ז, ו און ח; ט, יב.

ט) שקלים פרק ה, הלכה א און זעט ירושלמי שקלים פרק ה, הלכה א; ס"ח תתתתשנא.

י) שכ"ל יד, ב, אונטן, פון „סודי רזי"; י"ר וישב קנד, זייט 305.

א) זכריה ה, ט.

ב) ש"ר אָנהייב פרשה כה; ילה"י ו, ב.

ג) תהלים קד, ד.

מאַכט די ווינטן פאַר זיינע מלאכים, שלוחים, שטאַפעטן, ד).

א מאָל ווי פייער, ווי סע שטעהט אין פסוק „משרתיו אש לוהט", ה) זיינע באַדינערס זיינען פלאַמעדיק פייער, ו).

א מאָל זעט מען אין גאַנצן נישט דעם מלאך. ווען אברהם אבינו'ס קנעכט אליעזר האָט געוואָלט מיט נעמען בתואל'ס טאָכטער רבקה, זי זאָל האָבן חתונה מיט יצחק'ן, האָבן זיי ביי דעם עסן אריין געטון סם, גיפט, אין אליעזר'ס שיסל, צו פאַרגיפטן אים. איז געקומען א מלאך, און ער האָט איבער געביטן די שיסלען. ער האָט אַנידער געשטעלט די שיסל מיט דעם גיפט נעבן בתואל'ן. בתואל האָט געעסן. און ער איז געשטאָרבן אין דער זעלבער נאַכט, ז).

ווען דוד'ס שטיינדל האָט געטראָפן גלית'ן אין שטערן אריין. און ער האָט אָן געהויבן צו פאַלן. האָט א מלאך געגיבן א שטופ אים. און ער איז געפאַלן מיט דעם פנים אַראָפּ, ח).

**זיינען אויך מלאכים מקריב קרבנות אַ מאָל?**

יאָ. די גמרא זאָגט „...מזבח בנוי, ומיכאל, שר הגדול, עומד ומקריב עליו...", ט) א מזבח, אַן אַלטאַר איז אויף געבויעט, און מיכאל, דער גרויסער האר [דער הויפט מלאך] שטעהט און אָפּפערט אויף אים.

**וואָס זיינען די פונקציעס פון די מלאכים?**

אויף יעדער איינציגער זאַך איז פאַראַן א מלאך וועלאַכער האָט צו זאָגן איבער דעם, י).

דער בעשאַפער טוט קיין זאַך איידער ער באַרוט זיך מיט דעם הימלישן געריכט, א).

אָט ווייסן מיר דאָך צום ביי שפּיל, אַז ער האָט באַרוטן זיך מיט די מלאכים צי ער זאָל בעשאַפן דעם מענטש, ב).

ווען אדם איז געווען אין גן עדן, האָט דער אייבערשטער געגיבן אים דעם **ספרא דאדם** דורך דעם הייליקן מלאך רזיאל וועלאַכער איז דער אויף זעער איבער די הימלישע הייליקע סודות, סעקרעטן. נאָך אדם'ס זינדיקן איז דער ספר געפלויגן אַוועק פון אים. ער האָט געהאַקט זיך אין קאָפּ אריין. ער האָט געוויינט. ער האָט גע'טובל'ט זיך אין דעם טייך גיחון ביז אין האַלז אריין. דער אייבערשטער האָט געגיבן א ווינק צו דעם מלאך רפאל, האָט ער געבראַכט צוריק דעם ספר צו אדם'ן, ג).

---

ד) ש"ר אַנהייב פרשה כה; ילה"י ו, ב.
זעט: ב"ר כא, ו און ג, ב; י"ש בראשית לד; ל"ט בראשית ג, כד; רקאַנטי בראשית טו, א.

ה) תהלים קד, ד.

ו) ש"ר אַנהייב פרשה כה; ילה"י ו, ב.

ז) פאַרגלייכט די נוסחאות, ווערסיעס אין: מ"א חיי שרה כד, נג; ש"ט חיי שרה כד, לג; ל"ט חיי שרה כד, לג [גבריאל]; י"ש חיי שרה קח; רש"י חיי שרה כד, נה.
אַז בתואל איז געשטאָרבן אין יענער נאַכט זעט:
תרגום יונתן בראשית כד, נה; ב"ר ס, יב; י"ש חיי שרה קט און משלי תתקמז; בחיי חיי שרה כד, לג.

ח) שו"ט יח, לב, אויסגאַבע אום.

ט) חגיגה יב, ב; זבחים סב, א; י"ש מלכים א', קפט; ילה"י נז, טז, זייט 223; ארקים זייט 19. זעט **מיכאל**, זייט 250.

י) שו"ט קד, ג.

א) ירוש. סנה. ענדע פרק א; סנה. לח, ב; ל"ט בראשית א, כו.

ב) יוב"ע, רש"י, בראשית א, כו.
זעט באַנד ג, ביי **נעשה אדם**.

ג) זעט מעהר איינצלהייטן אין זוהר בראשית נה, ב.
זעט: **לביאל**, זייט 320; **רזיאל**, זייט 322; **רפאל**, זייטן 276—275.

אַ מלאך האָט אַן געזאָגט הגר'ן, שרי'ס [שרה'ס] דינסט, אַז זי וועט געבאָרן אַ זון, ד).

מיכאל האָט אַן געזאָגט אברהם'ן די גוטע בשורה אַז שרה וועט געבאָרן אַ זון.

רפאל, דער שר, הויפּט, אויף זעער איבער די רפואות, מעדיקאַמענטן, איז געקומען קורירן, היילן אברהם'ן נאָך זיין מל'ן זיך.

גבריאל איז געקומען איבער קעהרן סדום, ה).

מלאכים ראַטעווען לוט'ן מיט זיין פאַמיליע, ו).

מלאכים האָבן באַגלייט יעקב'ן, ז).

אַ מלאך האָט געראַנגלט זיך מיט יעקב'ן, ח).

אַ מלאך האָט באַגעגנט יוסף'ן און געזאָגט אים וואו זיינע ברידער געפינען זיך, ט).

אַ מלאך האָט איין געשלינגען משה'ן, און אויס געשפּיגן אים, י), און נאָך און נאָך אַהן אַן ענד.

סע זיינען פאַראַן מלאכים וועלכע האָבן אַ באַשטימטע פונקציע, אַ ספּעציפישע אויפגאַבע, ווי צום ביי שפּיל:

אויף זעערם איבער די טעג, איבער יעדער טאָג, א).

סע איז פאַראַן אַ מלאך איבער יעדער:

שטערן, ב);

גראָזעלע, ג);

טראָפּן רעגן, ד);

איבער די וואָלקנס, ה);

איבער דעם גיהנם, ו);

אויף נשמות, ז);

אויף רוחות, ח);

אויף זעערם:

אויף רשעים, בייזוויכטן, ט);

איבער קברים, י);

איבער תפילה, דאַווענען, געבעטן, א);

---

ד) בראשית טז, פסוקים ז, יג.

ה) פאַרגלייכט די פאַרשידענע ווערסיעס, און ווער סע זאָגט וואָס אין:

ב"מ פו, ב און תוספות דאָרט אונטער דעם וואָרט **ההוא**; כלה יג, ב; פר"א פרק כה; ב"ר נ, ב; תנח. וירא ח; תנח"ב וירא כ; מ"א וירא יח, ב; יוב"ע און תרגום ירושלמי בראשית יח, ב; רש"י בראשית יח פסוקים א, ב; יח, לג; יט, טז און כב; מה"ג,א' וירא זייט רסו; ל"ט וירא יח, ג און יט, יז; י"ש אָנהייב וירא פב; בחיי בראשית יח, ב; אגדת תפילת שמונה עשרה אין בית המדרש חדר ה, עדיציע יעללינעק, ווינא, תרל"ג, זייטן 54—56.

זעט **מיכאל** זייטן 252—253; **גבריאל** זייט 264; **רפאל** זייט 276, נאָטע ח.

ו) זעט בראשית קאַפּיטל יט.

ז) אין תנח. וישלח ג שטעהט מלאכי ארץ ישראל. זעט תנח"ב וישלח ז; ב"ר עה, ד און עח, יא; י"ש וישלח קלג; ל"ט וישלח לג, ח.

ח) בראשית לב, כה, און רש"י דאָרט.
זעט **גבריאל**, זייט 264, נאָטן ח, ט.

ט) בראשית לז, פסוקים טו—יח.

י) זעט: **גבריאל** זייט 268; **אוריאל**, זייטן 273—274, נאָטע ח.

זעט וועגן מלאכים אין אַלגעמיין סדר רבה דבראשית און פרקי היכלות רבתי אין בתי מדרשות, עדיציע אברהם יוסף ורטהימר.

א) א"ר ז, יא.

ב) ספר חסידים 35.

ג) י"ר בראשית יד, ב. אין ב"ר י, ו שטעהט אַז יעדעס גראָזעלע האָט אַ „מזל" אין הימל, וואָס שלאָגט עס און זאָגט צו דעם „וואַקס".

אין זהר נאָך פרשת ויחי, אָנהייב השמטות צו פרשת בראשית זייט רנא, א הייסט עס ממונה אַן אויף זעער, אַן אויף פאַסער.

ד) ד"ר ז, ו.

ה) רש"י איוב לז, יא. זעט אבן עזרא דאָרט.

ו) שבת קד, א.

ז) תנחומא תשא לג.

ח) סנהדרין צד, א.

ט) בחיי יתרו מ, ב—ג.

י) זהר חיי שרה קכד, א [מדרש הנעלם].

א) ש"ר כא, ד; שו"ט יט, ז און פח, ב; יל"ה יט, ט; סה, ו; פח, יא; י"ש תהלים תתמ.

איבער סליחה, ב) פאַרגיבן די זינד;
איבער צדקה, ג);
איבער תאוה, גליסטן, ד);
איבער כעס, צאָרן, ה);
איבער שוואַנגערשאַפט, ו);
איבער דעם פאָרמירן דאָס קינד אין דער מוטערס טראַכט, ז);

ער לערנט די גאַנצע תורה מיט דעם קינד אין דער מוטערס טראַכט, ח).

ווען דאָס קינד ווערט געבאָרן קומט אַ מלאך, דערלאַנגט עס איבער דעם פּיסקעלע, און סע פאַרגעסט די גאַנצע תורה, ט).

אַ מלאך איבער יעדער פאָלק, י);

זיבעציק שרים, רעפּרעזענטאַנטן, פאַרטרעטערס פון די זיבעציק פעלקער שטעהען אַרום דעם כסא הכבוד, דעם הימלישן טראָן, א);
פאַרטיידיגערס, ב);
אָן קלאָגערס, ג).

**שיקט דער בעשאַפער איין מלאך צו אויס פירן עטליכע שליחות'ן?**

ניין. איין מלאך פירט נישט אויס צוויי שליחות'ן, מיסיעס, ד). אָבער נאָר צוויי געגן געזעצטע מיסיעס. וואָרן סע געשיקט זיך דאָך נישט אַז דער מלאך וועלאַכער האָט צו זאָגן איבער רחמים, באַרם האַרציקייט, זאָל ווערן געשיקט צו דורך פירן אַ באַשטראָפונגס מיסיע. ווען, אָבער, צוויי אָדער מעהר מיסיעס זיינען פון איין און דער זעלבער קאַטעגאָריע, פון איין סאָרט, קאָן יאָ איין מלאך אויס פירן זיי. אַזוי צום ביי שפּיל געפינען מיר אַז מיכאל האָט אויס געפירט צוויי מיסיעס פון חסד, גנוד גלייך צייטיג, ה). ער האָט אָן געזאָגט שרה'ן די בשורה אַז זי וועט געבאָרן אַ זון, ו). און ער האָט געראַטעוועט לוט'ן, ז).

לויט אַן אַנדער מיינונג האָט אוריאל אָן געזאָגט שרה'ן די בשורה, ז*).

---

ב) רבינו בחיי משפטים מט, ג.
ג) שו"ט פח, ב; ילק"ה פח, יא; פט, כד.
ד) ב"ר נג, ו; פה, ח; מ"א וישב לח, יג; ש"ט וירא כא, א; וישב לח, טז; י"ש וישב קמה; י"ר נשא קלב, ג.
ה) תרגום יונתן תזריע יא; א"ר ג, יב און טו; שו"ט ה, ז; ילק"ה פו, יט; שכ"ל י, ב, אונטן.
ו) שמחות 254; תנח. פקודי ג; קרח יב; פר"כ פיסקא י, זייט פב, ב, אויסגאַבע אום; ש"ט וירא כא, א; ל"ט וירא כא, א; מה"ג,ג' זייט 261.
ז) תנח. תולדות א און ו; מצורע א; תנח"ב מצורע ג. זעט ילק"ה צ, יט.
ח) מה"ג,ג' זייט 262.
ט) אין נדה ל, ב, אונטן, שטעהט „וסטרו על פיו". אין טעגליכן גערעד זאָגט מען אַ שנאָל אין דער נאָז.
י) ילק"ה נה, ב.
א) י"ר וישב קס, א. פאַרגלייכט בחיי נח יא, ט.
ב) ילה"י ו, ו. ג) ילה"י ו, ז.
ד) ב"ר אָנהייב פרשה נ; זהר חיי שרה קכז, א [נעלם]; תנח"ב וירא כ; מ"א וירא יח, י און יט, יז; ש"ט וירא יט, א; י"ש וירא אָנהייב פד, איוב ענדע תתקח; רש"י בראשית יח, ב און יט, כב; בחיי וירא יח, ב. זעט ל"ט בראשית יח, טז; י"ר בראשית יח, א, און וישלח קלח, א; באַנד א, זייט 127, נאָטע ט.
ה) זעט פאָלגנדיגע נאָטע.
ו) בחיי וירא יח, ב; רקאַנטי בראשית ז, ב.
פאַרגלייכט די פאַרשידענע ווערסיעס און ווער סע זאָגט זיי אין:
יומא לז, א; בבא מציעא פו, ב און תוספות אונטער דעם וואָרט **ההוא**; מסכת כלה יג, ב אויבן אונטער דעם וואָרט **חוץ**; שכ"ל יד, ב"ר ג, ב; תנח. וירא ח; תנח"ב וירא כ; מ"א וירא יח, ב; תרגומים יונתן און ירושלמי בראשית יח, ב; ש"ט בראשית יח, ב; מה"ג,א' רסו; ל"ט בראשית יח, ג און יט, יז; י"ש אָנהייב וירא; רש"י בראשית יט פסוקים א, יט און כב; רש"י שבועות לה, ב אויבן אונטער דעם וואָרט חוץ; שכ"ל יד, א. זעט באַנד **א**, זייט 127.
ז) זעט בראשית קאַפּיטל יט.
ז*) י"ר וירא פט, ב.

אַי פֿאַר וואָס זשע האָט ער שוין נישט אוים געפירט אויך די דריטע מיסיע צו אוים היילן אברהם'ן. אוים קורירן איז דאָך אויך אין דער קאַטעגאָריע פון חסד, גנוד. איז דער תירוץ, דער ענטפער אַז דאָס געהערט נישט צו זיין געביט. דאָס געהערט צו דעם מלאך רפאל. ווען ער וואָלט געווען געטון דאָס, וואָלט עס גע־ווען השגת גבול, אוועק נעמען עפּים וואָס געהערט אַ צווייטן, ח).

**ווערן צוויי מלאכים געשיקט צו פירן דורך איין שליחות, איין מיסיע?**

ניין, ט).

**וועלאַכע ערטער באַזוכן מלאכים?**

זיי האָבן קיינע באַשטימטע, קיינע באַשרענקטע ערטער. זיי געהען פון איין עק וועלט ביז צו דעם צווייטן עק וועלט, י).

**זיינען געווען מענטשן וועלאַכע זיינען געוואָרן מלאכים?**

סע זיינען פאַראַן מיינונגן אַז חנוך, מתושלח'ס פאָטער, איז געוואָרן אַ מל־אך, דער מלאך מטטרון, א).

אגב, סע זיינען פאַראַן מיינונגן:

ער איז איינער פון די יעניגע וועלאַכע זיינען אַריין לעבעדיקערהייט אין גן עדן, ב).

ער איז געוואָרן טראַנספאָרמירט, פאַר־וואַנדלט פון פלייש אין פייער, ג).

לויט אַן אַנדער מיינונג:

ער איז געשטאָרבן, ד).

אליהו הנביא איז אַרויף אין הימל, ה) און ער איז געוואָרן דער מלאך פון ברית מילה, ו).

**ווערן אַ מאָל אויך מלאכים באַ־שטראָפט?**

יאָ. אָט האָט דער מלאך גבריאל אוים געפירט אַ מיסיע נישט ווי סע האָט בעדאַרפט צו זיין, האָט מען מקיים פסק געווען, באַשטראָפט, אים מיט זעכציק פייערדיקע שמיץ, ז).

די מלאכים גבריאל און רפאל זיינען געוואָרן אָפּ גערוקט פון זייער אָרט הונדערט און אַכט און דרייסיק יאָרן אַלס שטראָף פאַר זייער האָבן אַנטפּלעקט דעם בעשאַפערס אַ סוד, סעקרעט. זיי האָבן, נעמלאַך, געזאָגט לוט'ן „כי משחיתים אנחנו את המקום הזה", ח) וואָרן מיר פאַרדאַרבן דאָס דאָזיקע אָרט.

לויט אַן אַנדער מיינונג: ווייל זיי האָבן געגרויסט זיך און געזאָגט „אנחנו" מיר פאַרדאַרבן..., ט).

מטטרון איז געוואָרן באַשטראָפט מיט זעכציק פייערדיקע שמיץ צו אינפאָרמירן,

---

ח) רבינו בחיי וירא יח, ב.

ט) ב"ר נ, ב; מ"א וירא יט, יז; ש"ט וירא יט, א; י"ש וירא אָנהייב פּד און איוב תתקח; רש"י וירא יט, כב. זעט די פאָרגע־הענדיגע פראַגע, ענטפער און נאָטע.

י) אר"נ נוסחא א, אָנהייב פרק לז.

א) בראשית ה, כא, כה. זעט: תרגום יונתן בראשית ה, כד; מ"א בראשית ה, כד; רקאַנטי בראשית יז, ב—ג, און זעט דאָרט טו, א ענדע פון צווייטן שפּאַלט; ספר היכ־לות; י"ר בראשית 110.

ב) ד"א זייט 68; זעיר. זייט 74; י"ש בראשית מב, לך לך עו און יחזקאל שסז.

ג) תוספות יבמות טז, ב און חולין ס, א, אונטער דעם וואָרט פסוק.

ד) תרגום אונקלוס, רש"י, א"ע בראשית ה, כד און זעט רד"ק דאָרט. אין אונקלוס שטעהט איין געריגגלט [לא].

זעט ב"ר אָנהייב פרשה כה און אַלע פירושים דאָרט; י"ש בראשית מב; רד"ל אין פר"א פרק כט, הערה סז און פרק מג, הערה פה. זעט איינצלהייטן מטטרון, זייטן 283־277.

ה) מלכים ב', ב, פסוקים א און יא.

ו) רד"ל אין פר"א פרק כט, הערה סז, און זעט דאָרט פרק מג, הערה פה.

זעט איינצלהייטן אליהו, זייטן 291—283.

ז) יומא עז, א.

ח) בראשית יט, יג.

ט) ב"ר נ, ט; סח ענדע יב און זעט עח, ב; ילמדנו א', וירא, כד; ש"ט וירא יט, יג

לאָזן וויסן אים אַז ער האָט נישט מעהר מאכט פון די אַנדערע מלאכים, י).

פאַר גיבן אָרוים אַ הימלישן סוד, סעקרעט, איז אליהו ז"ל געוואָרן באַשטראָפט מיט זעכציק פייערדיקע שמיץ, י*).

**ווערט נאָך עמיצער אָן גערופן מלאך?**

יאָ. די נביאים ווערן אָן גערופן מלאכים, א).

**איז פאַראַן עמיצער וועלכער איז גלייך צו אַ מלאך?**

יאָ. די נביאים זיינען געגליכן צו מלאכים, ב).

כהנים זיינען געגליכן צו מלאכים, ג).

**ווער איז גרעסער אַ מלאך צי אַ צדיק?**

צדיקים גדולים ממלאכי השרת, ד) צדיקים זיינען גרעסער פון דינסט מלאכים.

סע איז פאַראַן אויך אַ מיינונג אַז: דער אייבערשטער זאָגט, איר אידן זענט באַליבטער פאַר מיר מעהר פון די מלאכי השרת, די דינסט מלאכים, ה).

אשריהם הצדיקים, שהם יתר ממלאכי השרת, וואויל איז די צדיקים, ווייל זיי זיינען מעהר, וויכטיגער פון די דינסט מלאכים, ו).

# שדים

**זיינען שדים מלאכים?**

ניין, ז).

**וואָס זיינען שדים אין פאַרגלייך מיט מענטשן און מלאכים?**

אין דריי זאַכן זיינען שדים גלייך ווי מענטשן, און אין דריי זאַכן זיינען זיי ווי מלאכי השרת, דינסט מלאכים.

זיי עסן און טרינקן ווי מענטשן, פרוכטפערן זיך ווי מענטשן, און שטאַרבן ווי מענטשן.

זיי האָבן פליגלען ווי מלאכי השרת, זיי וויסן פאָראויס וואָס סע וועט זיין ווי מלאכי השרת. און זיי געהען פון איין עק וועלט צו דעם צווייטן עק וועלט ווי מלאכי השרת, ח).

סע איז פאַראַן אויך אַ מיינונג אַז זיי

---

און ויצא כח, יב; י"ש וירא פד און זעט דאָרט „זית רענן", ויצא קיט און וישלח קלג; ל"ט בראשית יט, יג; בחיי וירא יט, יג.

זעט אומעטום ווער סע זאָגט וואָס, און די פאַרשידענע ווערסיעס.

י) זעט חגיגה טו, א און דעם ערשטן תוספות דאָרט.

י*) זעט איינצלהייטן אין: בבא מציעא פה, ב, אונטן; ב"ר ג, ט; ס"ח ענדע סימן יב; י"ש וירא פד און זעט דאָרט „זית רענן" און ויצא קיט, און זעט אומעטום ווער סע זאָגט 'עס.

באַמערקט, אגב, אין איין וועגס, אַז די אַלע באַשטראָפטע האָבן באַקומען צו זעכציק פייערדיקע שמיץ.

א) ב"ר סח, יב; אַנהייב ויק"ר; תנח. אַנהייב פרשה שלח; תנח"ב אַנהייב ויקרא און אַנהייב שלח.

ב) במ"ר אַנהייב פרשה טז; תנח"ב אַנהייב שלח.

ג) תנח. אַנהייב פרשה שלח; תנח"ב אַנהייב פרשה שלח; י"ש יהושע רמז ח, קאַפּיטל ב; זעט רש"י יהושע ב, ד.

ד) סנהדרין צג, א, ערשטע שורה, און זעט דאָרט רש"י ערשטע שורה; פ"ר קס, ב; תנח. וישלח ב; תנח"ב ויקרא א; י"ש יואל תקלד, דניאל תתרס און תתסב; בחיי וישלח לב, כד; ספורנו בראשית לב, כו.

ה) חולין צא, ב; אר"נ נוסחא ב, פרק מד, זייט 124; סא"ר אַנהייב פרק כא און פרק כה, פז, א; נסא"ז זייט 47; י"ש ישעיה תד; ילה"י ו, ג און ו.

ו) מ"א אַנהייב ויקרא.

ז) י"ר אַנהייב בראשית.

ח) אר"נ נוסחא א, אַנהייב פרק לז. פאַרגלייכט חגיגה טז, א, און דאָרט שטעהט טסין זיי שווימבן, אויף דעם אָרט פון ומהלכין און זיי געהען. זעט שכ"ל יג, א, צווייטע שורה.

קאָנען ענדערן זייער אוים זען ווי זיי ווילן. זיי זעען און ווערן נישט געזען, ט).

**ווער איז די מוטער פון די שדים?**

פיר מוטערם: לילית, נעמה [תובל קין׳ס שוועסטער], אגרת און מחלת, י).

וועגן נעמה׳ן זיינען פאַראַן פאַרשידע־נע מיינונגען:

זי שטאַמט פון לילית׳ן. זי האָט גע־האַט אַ מאַן שומדון, א). פון זיי איז געוואָרן געבאָרן אשמדי. אשמדי איז דער קעניג פון די שדים. און נעמה איז די מוטער פון די שדים. זי הייסט נעמה צו ליב איר שעהנקייט, ב).

זי איז די מוטער פון די שדים, ג).

זי איז געווען נח׳ס ווייב, ד).

זי איז געווען אַ צדקת, ה).

**ווי אַזוי זעען אוים שדים?**

זיי זיינען באַוואַקסן מיט האָר אויף זייערע פּנים׳ער און אויף זייערע גאַנ־צע קערפּערם. אויף די קעפּ האָבן זיי קיין האָר, ו).

**איז פאַראַן עפּים אַ שייכות צווישן די מלאכים און די נקודות פון דעם אלף בית?**

יאָ. די נקודות זיינען ראשי תבות, די ערשטע אותיות פון די נעמען פון מל־אכים.

קמץ — קדומיאל, מלכיאל, צוריאל;
פּתח — פּדואל, תומיאל, חסריאל;
צרי — צוריאל, רזיאל, יופיאל;
סגול — סמטוריה, גזריאל, ועגאל, למיאל;
שבא — שמעיאל, ברכיאל, אהניאל;
חלם — חניאל, להריאל, מחניאל;
חרק — חזקיאל, רהטיאל, קרשיאל;
שרק — שמועאל, רעמיאל, קניאל;
שרק — שמשיאל, רפאל, קדמיאל.

צוזאַמען כ״ח, אַכט און צוואַנציג.

דאָס איז מיט באַצוג אויף „כח מעשיו הגיד לעמו״, ז).

די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט כח באַטרעפט אַכט און צוואַנציק.

**זיינען אַלע מלאכים פון דער זעלבער מאַטעריע, פון דעם זעלבן ראַנג, פון דעם זעלבן כאַראַקטער. זיינען זיי איין אַרטיק צי פאַרשידן אַרטיק?**

זיי זיינען זעהר פאַרשידן אַרטיק. און אַזוי ווי סע זיינען דאָך פאַראַן טריליאָנען מאָל טריליאָנען און אַזוי ווייטער, ענדלאָז מלאכים, און יעדער טאָג ווערן בעשאַפן אָהן צאָליגע נייע, וועלן ווערן רעקאָרדירט דאָ אָלס ביי שפּיל בלויז עטלאַכע פון די וויכטיקסטע און מעהר פּאָפּולערע מלאכים, און עטלאַ־כע פון די וויינינגער וויכטיקע, ווייניגער בעקאַנטע.

ט) אר״נ נוסחא א, אָנהייב פּרק לז. זעט ברכות מג, ב לשלשה אינו נראה כל עיקר, צו דריי ווערט ער אין גאַנצן נישט געזען.

זעט רמב״נ ויקרא יז, ז. אַז שדים ווערן אָן גערופן שעירים, זעט: ספרא, אחרי מות, ענדע פּרק ט, אויסגאַבע אום, אונקלוס, יונתן, רש״י, אבן עזרא, רמב״נ, ספורנו ויקרא יז, ז; תרגום, רש״י, רד״ק, ישעיה יג, כא.

י) בחיי בראשית ד, כב; שכ״ל יג, א. זעט פּסחים קיא, א און רש״י דאָרט וועגן אגרת.

א) לויט בחיי בראשית ד, כב אשמדון.

ב) י״ר בראשית נב, ב.

ג) זהר הקדמה ט, ב און בראשית נה, א; רקאַנטי טז, ד; י״ר בראשית נ, ב.

ד) ב״ר כג, ג און זעט דאָרט אַן אַנדער מיינונג; רש״י בראשית ד, כב און זעט תרגום יונתן דאָרט.

ה) י״ר בראשית נב, ב.

ו) שכ״ל יג, ב; פון גלי רזיא.

ז) שכ״ל יד, א, פון זהר ספר שמות. וועגן די מלאכים אין די היכלות זעט זהר פקודי רסג, א ביז ענד.

# מיכאל

די נעמען פון די מלאכים מיכאל און גבריאל ווערן דערמאַנט אָפט צוזאַמען אין תלמוד, מדרש, אגדה, זהר און אין קבלה ספרים. סע זיינען פאַראַן מיסיעס וועלאַכע ווערן צו געשריבן לויט געוויסע מיינונגען צו מיכאלין, און לויט אַנדערע מיינונגען צו גבריאלין. פאַרגלייכט אַלצדינג מיט דעם קאַפּיטל **גבריאל**.

**ווען איז געוואָרן בעשאַפן מיכאל?**

ביי דעם פיפטן טאָג פון דעם וועלט בעשאַף זאָגט די תורה: „ועוף יעופף על הארץ על פני רקיע השמים”, ח). איז ער געוואָרן בעשאַפן דעם פיפטן טאָג.

**ועוף** מיינט דעם מלאך מיכאל. ווי סע שטעהט אין פסוק „ויעף אלי אחד מן השרפים”, ט) און סע איז געפלויגן צו מיר איינער פון די ברענעדיקע מלאכים.

**יעופף** מיינט דעם מלאך גבריאל. ווי סע שטעהט אין פסוק „מועף ביעף”, י) ער איז געפלויגן צו מיר מיט אַ פלי און מיט אַ שווייב, א).

**על הארץ** מיינט דעם מלאך רפאל.

**על פני רקיע השמים** מיינט דעם מלאך אוריאל.

לויט אַן אַנדער מיינונג:

**ועוף** מיינט מיכאל׳ן,

**יעופף** מיינט גבריאל׳ן,

**יעופף על הארץ** מיינט אליהו׳ן, וועלאַכער געפינט זיך שטענדיק אויף דער ערד.

**על פני** מיינט דעם מלאך המות, דעם מלאך פון טויט, וועלאַכער פאַר פינצטערט די וועלט. ווי סע שטעהט געשריבן: „וחושך על פני תהום”, און פינצטערניש אויף דעם פנים פון **תהום**, און **תהום** ענטהאַלט די זעלבע אותיות ווי **המות**,

**הארץ** מיינט רפאל׳ן,

**על פני רקיע השמים** מיינט אוריאל׳ן, א*).

און אָט דאָס איז דער סוד פון „מרכבו ארגמן”, ב) זיין [דעם אייבערשטנס] רייט וואָגן איז ארגמן, ג). קומט אויס אַז מיכאל איז געוואָרן בעשאַפן דעם פיפטן טאָג.

ארגמן מאַכט אוריאל, רפאל, גבריאל, מיכאל, נוריאל, ד). אוריאל און נוריאל

ח) בראשית א, כ.

ט) ישעיה ו, ו.

י) דניאל ט, כא.

א) רש״י דניאל ט, כא.

אַז גבריאל גיט אַ פלי איבער דער גאַנ־צער וועלט מיט צוויי שווייב, זעט: ברכות ד, ב, אונטן; י״ש ישעיה אָנהייב תז און דניאל תתרסו; יהל״י ו, ו; מהר״י קרא ישעיה ו, ו.

אגב, לויט י״ש בשלח רמג, מיט איין שווייב, און פאַרגלייכט דאָרט מיט רמא.

א*) בראשית א, כ, און א, ב. י״ר בראשית יז, ב, אויבן. זעט תנח. וישב ד.

ב) שיר השירים ג, י.

ג) שי״ר ג, פסוק ח; בחיי בראשית א, ענדע פסוק כא אין נאָמען פון מדרש רבי שמעון בן יוחאי, און ער באַמערקט „והמשכיל יבין”. זעט י״ש דניאל תתרסו, קאַפּיטל ט. פאַרגלייכט אַן אַנדער ווערסיע אין זהר בראַשית מו, ב.

אין: יל״ה נ, ו; י״ש שי״ר קאַפּיטל ג מיינט עס כסא הכבוד, דער הימלישער טראָן.

ד) רקאַנטי בראשית ז, א אויבן; י״ר בראַשית יז, ב.

זעט אַנדערע טייטשן פון ארגמן אין במ״ר יב, ד.

זעען אוים צו זיין איין און דער זעלבער מלאך, **ה)**.

### **ווערט דער מלאך מיכאל דערמאָנט אין תנ"כ?**

**יאָ.** ער און גבריאל זיינען די איינציגע מלאכים וועלכע ווערן דערמאָנט אין תנ"כ. ער ווערט דערמאָנט דריי מאָל, **ו)**. גבריאל ווערט דערמאָנט צוויי מאָל, **ז)**.

### **פאַר וואָס הייסט ער מיכאל?**

ווייל ווען די אידן זיינען געגאַנגען אריבער דעם ים סוף, האָט משה רבינו געזאָגט „מי כמוך"..., **ח)** ווער איז ווי דו... און ביי דעם ענד פון דער תורה שטעהט „אין כאל ישורון", **ט)** נישט דאָ אזא אייבערשטער..., **י)**.

### **וואָס איז מיכאל'ס סטאַטוס?**

איינער פון די העכסטע.

### **וואָס פאַר אַ טיטל האָט ער?**

ער ווערט באַצייכנט מיט:

**המשל, א)** געוועלטיקער;

**פּחד, ב)** פורכטיקער;

**פּלמוני, ג)**;

**פּליט, ד)** אַנטרינענער, אָפּ געראַטעוועטער.

ער ווערט אָן גערופן פּליט, ווייל ווען דער אייבערשטער האָט געוואָרפן אַראָפּ סמאל'ן און זיין קאָמפּאַניע פון זייער הייליגן שטאַנד אין הימל, האָט סמאל געכאַפּט אָן מיכאל'ן ביי דער פּאָלע צו מיט שלעפּן אים, האָט דער אַלמעכטיקער אָפּ געראַטעוועט אים.

**פרכן חכמתא, ה)** פּרינץ, האַר פון חכמה;

**רב ממנא, ו)** דער אַלער וויכטיקסטער;

**רב סגנין, ז)** דער גרויסער הויפּט;

**שר, ח)** האַר;

**אחד מן השרים, ט)** איינער פון די האַרן;

**שר של מעלה, י)** דער האַר אויבן, אין הימל;

**שר ימינו, א)** דער האַר אין זיין [אייבערשטנס] רעכטער האַנט.

---

**ה)** זעט זהר בראשית כג, ב, אונטן; זהר רעיא מהימנא ב, מא, ב אונטן, און מב, א אויבן.

זעט אַנדערע טייטשן פון ארגמן אין במ"ר יב, ד.

**ו)** דניאל י, פסוקים יג און כא; יב, א.

**ז)** דניאל ח, טז און ט, כא.

**ח)** שמות טו, יא.

**ט)** דברים לג, כו.

**י)** זעט איינצלהייטן אין: במ"ר ב, י. פאַרגלייכט: זהר בראשית מו, ב; פ"ר פיסקא מו, זייט קפח, א; מדרש כונן.

**א)** איוב כה, ב, און רש"י דאָרט. תנח. ויגש ו; במ"ר יב, ח; שי"ר ג איף דעם פסוק יא; פר"כ ג, א, אויסגאַבע אום; ד"א 255; זעיר. זייטן 104, 100; י"ש וארא קפו, איוב תתקיב און שיר השירים תתקפו; בחיי אַנהייב סדרה שופטים.

**ב)** איוב כה, ב. ב"ר יב, ענדע סימן ח.

**ג)** דניאל ח, יג, און זעט דאָרט רבינו סעדי' גאון, רש"י, א"ע וועגן דעם טייטש פון דעם וואָרט. תנח"ב בראשית כג; י"ש דניאל תתרסו, ענדע קאַפּיטל ח; רש"י [?] ב"ר אַנהייב פרשה כא.

**ד)** פר"א פרק כז. זעט **סמאל**, זייט 293.

**ה)** תרגום יונתן שמות כד, א. וועגן דעם טייטש פון סרכן [סרכין] זעט: דניאל ו, ג, דעם פירוש יונתן אויף דעם אָרט, א"ע, מ"צ,א' און פאַרגלייכט מיט רס"ג [רבינו סעדיה גאון], תרגום יונתן בראשית מא, מא.

**ו)** זהר בראשית מא, א.

**ז)** זהר ויקהל ענדע רט, ב.

**ח)** י"ש ישעיה תכ. סע געפינט זיך שוין אין דניאל י, כא: „מיכאל שרכם".

**ט)** יומא עז, א; י"ש וישלח קלב פון מדרש אבכיר.

**י)** אי"ר ג, ח; ש"ט וישלח לב, ל; י"ש וישלח קלג, פון מדרש אבכיר.

**א)** במ"ר ב, י; תרגום איוב כה, ב;

**שר הגדול, ב)** דער גרויסער האַר;

**שר צבא הגדול, ג)** דער הויפּט האַר איבער די קאָנסטעלאַציעס;

**שר צבא ה׳, ד)** דער האַר איבער דעם אייבערשטנס הערשאַפֿטן;

**עליון למלאכי השרת, ה)** דער געהויבנ־סטער איבער אַלע דינסט מלאכים;

**ראש למלאכי השרת, ו)** דער עלצטער פֿון די דינסט מלאכים;

**כהנא רבא, ז)** הויפּט כהן;

**כהן גדול, ח)** הויפּט כהן;

**כהן גדול של מעלה, ט)** דער הויפּט כהן אויבן;

**כהני ברקיע, ט*)** מיין כהן אין הימל. אַזוי זאָגט דער אייבערשטער וועגן אים.

**מלכיהון דמלאכיא, י)** קעניגם פֿון די מלאכים. אַזוי ווערן אָן גערופֿן מיכאל און גבריאל.

**שר התורה, י*)** דער האַר פֿון [דער ?] תורה.

**אמוראי דרקיע;** מיכאל און גבריאל זיינען די אמוראים פֿון הימל. זיי פֿירן מחלוקת׳ן לשם שמים אין הימל. ווי די בית הלל און די בית שמאי טוען דאָס אויף אונזער וועלט. זיי שפּאַרן זיך פֿון וואָס פֿאַר שטיינער וועלן זיין די ווענט פֿון ירושלים. און דער שר שלום, דער האַר איבער פֿרידן, גלייכט אוים זיי, **א)**.

**שרו של עולם,** דער האַר פֿון דער וועלט, **ב)**;

**שר של יעקב,** יעקב׳ס פֿאַרטרעטער אין הימל, און דער פֿאַרטרעטער פֿון זיינע נאָך קומענדיגע ביז דעם ענד פֿון אַלע דורות, **ג)**;

---

רקאַנטי בראשית ב, ב; י״ר בראשית יח, א.
זעט: פּר״א פּרק ד; זייט 250, נאָטע **א**.

**ב)** דניאל יב, א. פֿאַרגלייכט דאָרט מיט פּסוק כא.

זעט: חגיגה יב, ב; עבודה זרה מב, ב; זבחים סב, א; מנחות קי, א; שמחות 253; פּר״א פּרק מב; ש״ר יח, ה; שי״ר א, ו, ד און יב, א; שו״ט כ, ג און קלד, א; ש״ט בראשית מח, טז און מט, כה; ל״ט בראשית יח, ג; משפּטים כג, כ; י״ש וישלח קלב, יחזקאל שלט; ילמדנו ג׳, עקב, יז; יל״ה כ, ב און נ, כד; ילה״י מא, כא און נז, טז; בחיי אָנהייב סדרה שופטים; ס״ח קצד; י״ר בראַ־שית יז, ב אונטן, און משפּטים סד, א.

**ג)** תוספתא חולין פּרק ב, 18.

**ד)** יהושע ה, פּסוקים יד און טו און רש״י דאָרט פּסוק טו.

**ה)** י״ש וישלח קלב.

**ו)** י״ש וישלח קלב.

**ז)** זהר לך לך פּא, א, צווייטע שורה; יתרו סז, ב, אויבן; י״ר תרומה קג, א.

**ח)** רקאַנטי בראשית ז, א, אויבן; י״ר משפּטים סג, ב; צט, ד און ויקרא קטו, א.

**ט)** ילקוט ראובני בראשית יח, א; ארקים 19.

**ט*)** אבכיר 8, כא; י״ש וישלח קלב.
זעט: תנחומא צו, ערשטע דריי שורות.

**י)** במ״ר יא, ג; ק״ר ט, אויף דעם פּסוק יא, סימן ב; זוטא ד׳, ט, ענדע יא.

אין יל״ה כז, ד שטעהט „מלכי מלכיהון דמלאכיא״.

אין שי״ר ג פּסוק ו, ה שטעהט „מלכיהון דמלכיא״.

זעט: פּר״כ מה, ב, אויסגאַבע אום; פּ״ר פּיסקא החודש, סט, א; מדרש שמואל [ווערט אָן גערופֿן אויך אגדת שמואל, אגדתא דש־מואל] ענדע פּרשה יז; י״ש משפּטים שסב און תהלים תשצה.

**י*)** י״ר שמות י, ב און תצוה עג, א. אגב, אויך זגנוגאל ווערט באַצייכנט אַזוי דאָרט.

**א)** ב״ב עה, א, רש״י, תוספות דאָרט אונ־טער דעם וואָרט **פּליגי**; זהר ויחי השמטות זייט רנב, ב, און י״ר בראשית נט, ב, אויבן; שו״ט פּז, ב, אויסגאַבע אום; יל״ה אָנהייב מזמור פּז; י״ש ישעיה תעח; ילה״י נד, אָנהייב סימן יב.

לויט זהר איז דער מלאך גוריאל [אוריאל] דער אויס גלייכער, לויט תוספות — אליהו.

**ב)** פּר״א אָנהייב פּרק כז.

**ג)** י״ש וישלח קלב; י״ר ויצא נב, יב.

**שר של ישראל,** ד) דער האַר פון די אידן, ביז צו דעם ענד פון אַלע דורות, גענעראַציעס, ה);

**שר על כל שרים,** ה*) האַר איבער אַלע האַרן.

**ממונה על ישראל,** דער אויף זעער איבער די אידן, ו).

**איז מיכאל אַ כהן בלויז אין טיטול, צי פירט ער טאַקע דורך די פונקציעס פון אַ כהן?**

ער איז טעטיק אַלס כהן,

טראָגט כהן הגדול'ס קליידער, ז),

איז מקריב קרבנות, ח),

איז מקריב קרבנות אויף דעם מזבח אין דעם בית המקדש אויבן, ט).

אָבער לויט אַן אַנדערער מיינונג, דער אייבערשטער זאָגט: ווען איך וואָלט פערלאַנגט אַ קרבן, אַן אָפּפער, וואָלט איך דען נישט געזאָגט מיכאל'ן וועלכער איז נעבן מיר צו אָפּפערן מיר אַ קרבן! נאָר פון וועמען דען פערלאַנג איך אַ קרבן, פון די אידן, י).

אגב אורחא, אין איין וועגס: מיכאל האָט גענומען מקריב זיין דעם ווידער צו ראַטעווען יצחק'ן פון דער עקידה. האָט דער שטן אָפּ געשטיפּט אים, כדי יצחק זאָל ווערן גע'שחט'ן, י*).

**וואו געפינט זיך דער מלאך מיכאל?**

ער שטעהט ביי דעם אַלקעגנוואַרטיקנס רעכטער האַנט, א).

ער איז נעבן דעם אַלקעגנוואַרטיקן, ב).

ער איז איינער פון די פיר מלאכים וועלכע רינגלען אַרום מיט זייערע כתות, קאָמפּאַניעס דעם כסא הכבוד, דעם הימלישן טראָן. די אַנדערע דריי זיינען גבריאל, אוריאל, רפאל, ג).

פיר כתות, גרופּעס פון דינסט מלאכים לויבן פאַר דעם אייבערשטן: מיכאל אין זיין רעכטער האַנט, גבריאל אין זיין לינקער האַנט, אוריאל פאַר אים, רפאל הינטער אים, ג*).

אומעטום וואו ער ווערט געזען, דאָרט געפינט זיך די שכינה, ד) די הימלישע הייליקייט.

**פון וואָס פאַר מאַטעריע איז דער מלאך מיכאל?**

---

ד) י״ש בשלח אָנהייב רמא; י״ר בראשית, יח, א.

ה) י״ש וישלח קלב.

ה*) י״ר בראשית יח, א.

ו) ל״ט משפטים כג, כ.

ז) י״ר משפטים סג, ב.

ח) זעט: חגיגה יב, ב; זבחים סב, א; ענדע מנחות און זעט תוספות דאָרט אונטער דעם וואָרט ומיכאל; ילה״י נז, טז, זייט 223; ארקים זייט 19.

ט) חגיגה יב, ב; זבחים סב, א; י״ש מלכים א, קפט; ילה״י נז, טז זייט 223; ארקים זייט 19.

י) מדרש תנחומא אָנהייב סדרה צו.

י*) זעט איינצלהייטן אין י״ר בראשית יח, א, פון האר״י ז״ל.

א) פר״א פרק ד; תרגום אויף איוב כה, ב; במ״ר ב, י; רקאַנטי בראשית ב, ב; י״ר בראשית יח, א.

ב) תנחומא אָנהייב פרשה צו.

ג) פר״א פרק ד און זעט דאָרט רד״ל, סימנים יב—טו; פ״ר תוספתא קפח, א; במ״ר ב, י.

זעט: זהר בראשית מו, ב און במדבר קיח, ב; רקאַנטי אָנהייב במדבר.

ג*) פר״א פרק ד. זעט רד״ל סימן יב דאָרט וועגן נאָך מקורים, קוועלעס.

זעט תרגום איוב כה, ב.

לויט: פ״ר פיסקא מו, תוספתא, זייט קפח, א; במ״ר ב, יא, און זעט מדרש כונן איז מיכאל אין זיין רעכטער האַנט, אוריאל אין זיין לינקער האַנט, גבריאל פאַר אים, און רפאל הינטער אים.

ד) ש״ר ב, ה; בחיי וירא יח, ב.

סע זיינען פאראן פארשידענע מיינונגען:

ער איז פון פייער, ה);
פון גאָלע פייער, ו);
שרף, ו*) אַ ברענעדיקער מלאך;
עבים, ז) ער איז וואָלקנס;
ער איז פון וואסער, ח);
מים שכליים, שכל'דיג וואסער, ח*);
פון וואסער און האָגל, ט);
פון שניי, י);
גאָלע שניי, א).

**ענדערט זיך אַ מאָל מיכאל?**

ניין. יעדער טאָג בעשאפט דער בעשאפער נייע מלאכים. זיי זאָגן אַ נייע שירה, און זיי קעהרן אום זיך צוריק אין דעם טייך דינור פון וועלאכן זיי זיינען געוואָרן בעשאפן, ב). אָבער מיכאל און גבריאל ענדערן נישט זיך. און זייערע נעמען ענדערן נישט זיך. זיי זיינען די זעלבע זינט דעם וועלט בעשאף, ג).

**איבער וואָס האָט מיכאל צו זאָגן?**

איבער דעם פארגיבן די זינד, ד);
איבער שניי, ה);
ער לערנט מיט די קליינע, ו).

**וואָס פאַר אַ שטעלונג האָט מיכאל גענומען ווען דער בעשאַפער האָט גערעכנט צו בעשאַפן דעם מענטש?**

---

ה) תרגום איוב כה, ב, און זעט: רש"י דאָרט; י"ש וישלח קלב.
ו) דר"ל שופטים 100.
ו*) י"ר בראשית יז, ב און יח, א פון סודי רזא.
ז) זהר משפטים צח, ב, אויבן.
ח) מדרש תנחומא ויגש ו. זעט רקאַנטי אָנהייב במדבר; אלשיך בראשית א, פסוק ט.
ח*) זהר, רעיא מהימנא, פנחס רכה, א.
ט) רקאַנטי בראשית ב, ב.
י) במ"ר יב, ח; שי"ר ג, פסוק יא.
א) ד"ר ה, יב.
ב) חגיגה יד, א. זעט: ה, 262; א, 224.
ג) אי"ר ג, ח; ש"ט וישלח לב, ל; י"ש אָנהייב קלג.

ווען דער אייבערשטער האָט באַרוטן זיך מיט די מלאכים, איז מיכאל'ס כתה, קאָמפּאַניע געווען געגן דעם. האָט ער פאַרברענט זיי, ז).

**ווער פאַרנעמט אַ העכערע פּאָזיציע מיכאל צי גבריאל?**

מיכאל, ח).

**איז מיכאל אַ גוטער, צי אַ שלעכטער מלאך?**

אַ גוטער. ער איז דער מלאך פון חסד גנוד, און פון רחמים באַרם הארציקייט, ט).

מלאך רחמים, מלאך פון באַרם הארציקייט, י).

יועץ ונכבד, י1) ראַט גיבער, און ער ער ווערט פאַרעהרט.

ער איז על רוח מערב, איבער דעם גייסט [?] פון מערב, די שכינה איז אין מערב, י2).

**וואָס פאַר אַ פונקציעס האָט מיכאל דורך געפירט?**

ווען דער בעשאַפער האָט געוואָלט בעשאַפן אדם הראשון'ען, דעם סאַמע ערשטן מענטש, האָט ער געהייסן מי־

---

זעט יפה תואר אויף בראשית סג, יד און אומעטום ווער סע זאָגט וואָס.
ד) בחיי משפטים מט, ג.
ה) שי"ר ג, יא, א.
ו) שכ"ל יד, ב [פון סודי רזי].
ז) י"ר בראשית יט, א [פון מדרש כונן].
ח) ברכות ד, ב, אונטן.
ט) בחיי וירא יח, ב; אָנהייב פרשה משפטים; רקאַנטי בראשית ז, א, אויבן. אין זהר בראשית לד, ב, אונטן, איז אוריאל חסד.
י) י"ש יחזקאל שמט; י"ר בראשית יח, א. זעט אָבער אי"ר ב, ג און מתנות כהונה, מהרז"ו, יפה ענף און רד"ל דאָרט.
י1) י"ר בראשית יח, א, פון סודי רזא.
י2) י"ר בראשית יח, א, פון סודי רזא.

כאַל׳ן, **א)** געהן און ברייגגען ערד פון דעם אָרט וואו דאָס בית המקדש וועט שטעהן, און ער האָט געטון אַזוי, **ב)**.

אגב, לויט אַנדערע מיינונגען איז די ערד געוואָרן גענומען:

פון דער גאַנצער וועלט, **ג)**;

פון דער גאַנצער ערד פון אַלע פיר זייטן, **ד)**;

פון דער ערד פון דעם בית המקדש און פון אַלע פיר עקן פון דער וועלט, **ה)**;

פון דעם באַרג מוריה, **ו)** וואו סע איז פאָר געקומען עקידת יצחק, וואו אברהם אבינו האָט געזאָלט מקריב זיין, זיין זון יצחק, **ז)**;

פון דער ערד וועלכע איז נאָענט צו דעם גן עדן, **ח)**.

מיכאל און גבריאל זיינען געווען אדם הראשון׳ס אונטער פירערס, ווען ער האָט גענומען חוה׳ן פאַר אַ ווייב, **ט)**.

לויט אַן אַנדער מיינונג איז דער אייבערשטער געווען דער אונטער פירער, **י)**.

ווען דער אַלמעכטיקער האָט געוואָלט נידערן אַראָפּ צו ראַטעווען אַרויס אברהם אבינו פון דעם קאַלך אויוון אין וועלאַכן דער רשע, קעניג נמרוד האָט אַריין געוואָרפן אים, האָבן די מלאכים מיכאל און גבריאל געזאָגט צו אים אַז זיי ווילן טון דאָס. האָט ער געענטפערט זיי: ווען איינער פון אייערע זאָל זיין אין דעם קאַלך אויוון, וואָלט איר אַרויס געראַטעוועט אים. אָבער אַזוי ווי אברהם איז דאָך אין קאַלך אויוון צוליב מיין נאָמען, וועל איך נידערן אַראָפּ און ראַטעווען אים, **א)**.

ער האָט געראַטעוועט אברהם אבינו פון דעם קאַלך אויוון, **ב)**.

ווען די קעניגס האָבן גענומען געפאַנגען לוט׳ן, איז געקומען מיכאל, און ער האָט געלאָזט וויסן עם אברהם׳ן, **ג)**.

ער איז געקומען אַן זאָגן אונזער מו־

---

**א)** י״ר בראשית זייט יט, א—ב, פון מדרש כונן.

**ב)** זהר תזריע מו, ב; בחיי בראשית ב, ז; י״ר בראשית, זייט יט, א—ב.

**ג)** סנהדרין לח, א, אונטן; יל״ה קלט, כט; ל״ט בראשית ב, ו.

**ד)** רש״י בראשית ב, ו.

**ה)** תרגום יונתן בראשית ב, ז; י״ר בראשית כט, א—ב.

**ו)** תרגום יונתן, בראשית ג, כג.

**ז)** זעט וועגן מוריה:

תענית ז, א, רש״י און תוספות דאָרט; ירושלמי ברכות פרק ד, הלכה ה; ב״ר נה, ז; שי״ר פרשה ד, ענדע פסוק ד; פ״ר פיסקא מ, זייט קסט, ב; תנח״ב וירא מה; מ״א וירא כב, ב; ל״ט וירא כב, ב; מה״ג,א׳ 317—318; י״ש וירא צו און שיר השירים תתקפח; רש״י א״ע, רמב״נ בראשית כב, ב.

די תרגומים אונקלוס און יונתן זעצן איבער דאָרט מוריה מיט פולחנא. זעט דברי הימים ב׳ ג, א און פאַרגלייכט מיט תרגום ירושלמי בראשית כב, יד.

זעט: באַנד א, זייט 163 נאָטן ב, ד, ה. מיין בוך „אברהם אבינו׳ס לעבן און שאַפונג״, קאַפּיטלאַך: דער צענטער נסיון, אויפן וועג צו דער עקידה, די עקידה.

**ח)** אבן עזרא בראשית ב, יב.

**ט)** ב״ר ח, יב; י״ש בראשית טז.

**י)** ברכות סא, א.

**א)** ש״ר יח, ה; תנח. יב; תנח״ב תצוה ח. אַז דער אַלמעכטיקער האָט אָפּ געראַטעוועט אברהם׳ן, זעט: ב״ר מד, יג; ד״ר ב, כט; שי״ר א, פסוק יב, סימן א; תנח. תולדות ד; זהר לך לך עז, ב.

זעט **גבריאל**, זייט 263, נאָטע ה.

זעט: באַנד א, זייטן 63—67; מיין בוך „אברהם אבינו׳ס לעבן און שאַפונג״, זייטן 45—51.

**ב)** ב״ר מד, יג. זעט **גבריאל**, זייט 263.

**ג)** בראשית יד, ג. פר״א פרק כז. זעט: תנח״ב חוקת נה; י״ש יחזקאל שעג; מה״ג,א׳ רטז; בחיי בראשית יד, יג.

לויט: תרגום יונתן און רש״י בראשית יד, יג; נדה סא, א; ב״ר מב, ח און נג, ט; במ״ר יט, לב; ד״ר א, כה; תנח. חוקת כה;

טער שרה די גוטע בשורה, אז זי וועט געבארן א זון, ד).

ער איז געגאנגען העלפן גבריאל'ן איבערקעהרן סדום, ה).

ער איז געקומען ראטעווען לוט'ן, ווען סדום איז געווארן איבער געקעהרט, ו).

ער איז געקומען טויטן אבימלך'ן פאר טשעפן זיך צו אונזער מוטער שרה, ז).

ער איז עס געווען דער יעניגער וועלאכער האט אוים געשריען ביי דער עקידה „אברהם, אברהם". און ער האט געזאגט אים ער זאל נישט אפפערן, נישט מקריב זיין יצחק'ן, און טון גאר נישט אים, ז*).

ער האט נישט געלאזט סמאל'ן, עשו'ס פארטרעטער אין הימל, ח) טויטן יעקב'ן אין זיין מוטערס טראכט, ט).

ווען יעקב האט אפ געקויפט די בכורה, דאס ספעציעלע רעכט פון דעם צו ערשט געבארענעם זון, פון עשו'ן, י) האבן די מלאכים מיכאל און גבריאל באשטעטיגט שריפטלאך אז די בכורה געהערט צו יעקב'ן, א).

ווען יצחק האט געוואלט בענטשן עשו'ן, און ער האט געזאגט צו יעקב'ן: „גשה נא ואמושך... למען תברכך נפשי", ב) געהנטער צו, איך בעט, און לאז מיך אן טאפן דיך... כדי מיין ווען זאל בענטשן דיך. און געווען איז עס דאך גאר יעקב. האט יעקב'ס קערפער אן געהויבן צו ציטערן, און האט געבויגן זיך ווי וואקס. האט דער אלמעכטיקער געהייסן מיכאל'ן און גבריאל'ן צו אונטער האלטן אים. האט מיכאל אונטער געהאלטן יעקב'ן פון רעכטס, גבריאל פון לינקס. און דער אלמעכטיקער אין

---

תנח"ב חוקת נה; שו"ט קלו, יב; מ"א לך לך יד, יג; מה"ג,א' לך לך רטז; י"ש לך לך עב, חוקת תשסה, תהלים תתפג; בחיי בראשית יד יג איז דאס געווען עוג מלך הבשן.

זעט: באנד א, זייט 89, נאטע צ; מיין בוך „אברהם אבינו'ס לעבן און שאפונג", קאפיטל אברהם... באפרייט לוט'ן.

ד) בבא מציעא פו, ב און תוספות דארט אונטער דעםווארט ההוא; כלה 315; ד"א 174; תנח"ב וירא כ; ב"ר נ, ב; מ"א וירא יח, ב; ש"ט וירא יט, א; י"ש אנהייב וירא און איוב ענדע תתקח; ל"ט בראשית יח, ג; בחיי וירא יח, ב.

ה) בבא מציעא פו, ב, אונטן; בחיי וירא יח, ב. לויט דעם קומט אויס אז דער מלאך האט אום געקעהרט זיך נאך זיין אויס היילן אברהם'ן.

לויט: ב"ר נ, ב און יא; מ"א וירא יט, יז; ל"ט וירא יט, יז; ש"ט וירא יט, א און יז; י"ש וירא אנהייב פד און איוב ענדע תתקח האט מיכאל אום געקעהרט זיך. גבריאל איז געגאנגען איבער קעהרן סדום. און רפאל איז געגאנגען מיט אים צו ראטעווען לוט'ן.

זעט: תנח. וירא ענדע ח; תנח"ב וירא טו; רש"י בראשית יט, א.

ו) רבינו בחיי וירא יח, ב.

ז) זעט בראשית קאפיטל כ. פרקי רבי אליעזר ענדע פרק כו, אויסגאבע אום; פארגלייכט מה"ג,א' כ, ג.

ז*) י"ר וירא ק, ב.

ח) תנח. וישלח ח; רש"י סוכה כט, א אונטן, אונטער דעם ווארט אלהיה; י"ר תולדות קי, ב; וישלח קלו, א; פרשה שמות; ימ"מ כ, כה; דרשות ב', וישלח טז, א.

אין רש"י סוטה י, ב אויבן אונטער דעם ווארט סימניה ווערט ער אן גערופן אדום'ס שר.

אז אדום מיינט עשו, זעט: תנח"ב וישלח ד; ל"ט בראשית לב, כה.

אז ער איז רוים'ס שר, פארטרעטער אין הימל, זעט רש"י מכות יב, א אויבן, אונטער דעם ווארט שרו.

ט) י"ש תולדות קי פון מדרש אבכיר 6, 17; י"ר תולדות קיא, א.

זעט: הושע יב, ד און תרגום, רש"י, א"ע, רד"ק דארט; חולין צב, א צווייטע שורה אויבן, און רש"י דארט.

י) בראשית כה, פסוקים לא—לד.

א) ב"ר סג, יד.

ב) בראשית כז, פסוקים כא—כו.

זיין אייגענעם כבוד האָט אונטער גע־לעהנט אים פון הינטער אים, ג).

סע איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן אַז ביי יעקב׳ס האָבן מורא צו באַגעג־נען זיך מיט זיין ברודער עשו ווערט אויך דערצעהלט אַז זיין קערפּער האָט געבויגן זיך ווי וואַקס, און סע ווערן דערמאָנט די זעלבע מלאכים, ד).

ווען רבקה האָט געגיבן דאָס עסן יעקב׳ן ער זאָל גיבן עס יצחק׳ן, זאָגט דער פּסוק „ותתן את המטעמים ואת הלחם", ה) אַז זי האָט געגיבן יעקב׳ן דאָס געקעכטס און דאָס ברויט. סע שטעהט נישט אַז זי האָט געגיבן אים וויין. ווען יעקב האָט געבראַכט דאָס עסן צו יצחק׳ן, זאָגט די תורה „ויבא לו יין", ו) און ער האָט געבראַכט וויין אים. וואו האָט ער גענומען? דער מלאך מיכאל האָט געבראַכט וויין פון דעם גן עדן, ז).

ווען לבן האָט נאָך געיאָגט יעקב׳ן צו טויטן אים, האָט מיכאל גענידערט אַראָפּ, אַרויס געצויגן די שווערד און האָט געוואָלט הרג׳ענען לבן׳ען, ח).

ער האָט געראַנגלט זיך מיט יע־קב׳ן, ט).

---

ג) תנח״ב תולדות טו. דאָרט זאָגט עס רבי יהושע. און דער לשון איז אַז יעקב׳ס קערפּער „שוחה כשעוה", האָט געבויגן זיך ווי וואַקס.

אין ב״ר סה, יט שטעהט נישט ווער סע זאָגט עס. סע ווערן אויך נישט דערמאַנט די נעמען פון די מלאכים. און די גירסא, די ווערסיע, איז „לבו רפה כשעוה", זיין האַרץ איז געוואָרן שלאַבעריג ווי וואַקס. און סע איז צו געגיבן „נשפכו מים על שוקיו".

אין: ב״ר מד, ג; י״ש ישעיה קאַפּיטל מא, דמז תמט זאָגט עס רבי הושעיא, און די נעמען פון די מלאכים ווערן נישט דער־מאַנט.

אין י״ש תולדות קטו איז די ווערסיע ווי אין ב״ר סה, יט. נאָר אויף דעם אָרט פון „שוקיו", זיינע ענקלס, שטעהט „ברכיו", זיינע קניעס.

ד) זעט איינצלהייטן אין תנח״ב וישלח ו.

ה) בראשית כז, יז.

ו) בראשית כז, כה.

ז) תנח״ב תולדות טז. אין י״ש תולדות קטו שטעהט פון עדן. יונתן בן עוזיאל תול־דות כז, כה זאָגט בלויז אַ מלאך, אָהן אַ נאָמען. זעט פירוש יונתן דאָרט, און רקאַנטי.

לויט ל״ט תולדות כז, כה האָט רבקה געגיבן אים וויין.

ח) פּר״א פּרק לו. דער רד״ל דאָרט סימן מו זאָגט אַז דאָס שטעהט אויך אין תרגום יונתן. מאַך איך הקטן אהרן באאמו״ר ר׳ משה מנוחתו כבוד אויפמערקזאַם, אַז אין מיין תר־גום יונתן בן עוזיאל בראשית לא, כד שטעהט בלויז אַז אַ מלאך מיט אַ בלויזער שווערד האָט געוואָרנט לבן׳ען אין אַ חלום ביי נאַכט געגן רעדן מיט יעקב׳ן פון גוטס ביז שלעכטס. סע ווערט נישט דערמאַנט דער נאָמען פון דעם מלאך, און אויך נישט „ובקש להרגו", אַז ער האָט געוואָלט הרג׳ענען אים.

ט) תנח״ב וישלח ז; י״ש וישלח קלב פון מדרש אבכיר.

לויט אַנדערע מיינונגען:

סע איז געווען גבריאל.

סע איז געווען „שרו של עשו", עשו׳ס רעפּרעזענטאַנט, פאַרטרעטער אין הימל, און סע איז אָן געגיבן קיין נאָמען, ב״ר עז, ג; שי״ר ג, פּסוק ה, סימן ג; מ״א וישלח לב, כה; י״ש וישלח קלב; רש״י בראשית לב, כה, און הושע יב, ה; בחיי בראשית לב, כד.

סע איז געווען "שרו של אדום", אדום׳ס פאַרטרעטער אין הימל, און סע איז אָן גע־גיבן קיין נאָמען, ל״ט בראשית לב, כה; ש״ט בראשית לב, כה. און אדום איז דאָך עשו.

סע איז געווען סמאל, עשו׳ס פאַרטרע־טער אין הימל, תנח. וישלח ח.

דער מלאך האָט באַוויזן זיך צו אים ווי אַ פּאַסטאַך, ב״ר עז, ב; שי״ר ג, פּסוק ה, סימן ג; י״ש בשלח קלב; תנח״ב וישלח ז; ל״ט בראשית לב, כה.

ווי דער הויפּט פון די גזלנים, רויבערס, ב״ר עז, ב; שי״ר ג, פּסוק ה, סימן ג; י״ש וישלח קלב.

ווען דער אייבערשטער האָט געמאַכט אויפמערקזאַם מיכאל'ן אַז ער האָט פאַרווינדעט זיין כהן, האָט מיכאל געענטפערט אים: „איך בין דאָך דיין כהן". האָט דער אייבערשטער געזאָגט צו אים: „דו ביזט מיין כהן אין הימל, און ער איז מיין כהן אויף דער ערד".

האָט מיכאל גערופן רפאל'ן, און ער האָט געזאָגט צו אים: „מיין חבר, איך בעט דיך, העלף מיר אין אַ נויט. דו ביזט דאָך דער אויף זעער איבער די מעדיקאַמענטן, מעדיצינען". האָט רפאל גענידערט אַראָפּ, און ער האָט אויס געהיילט יעקב'ן, י).

ער האָט גענומען לוי בן יעקב אַרויף פאַר דעם אַלמעכטיקן, ער זאָל בענטשן אים. ווי סע שטעהט אין פסוק „העשירי יהיה קודש לה'", א) דער צענטער זאָל זיין הייליג צו דעם אייבערשטן, ב).

דינה, יעקב אבינו'ס טאָכטער איז געווען אַ שטיל, סאָליד מיידל. זי איז געזעסן שטענדיק אין דער היים, ווי סע פּאַסט פאַר יעקב אבינו'ס אַ טאָכטער. איז געגאַנגען שכם, און ער האָט געבראַכט מיידלאַך מיט פויקן און פייקלאַך פאַר איר הויז. זיי האָבן געשפּילט. און אַזוי אַרום האָבן זיי אַרויס געלאָקט דינה'ן אין דרויסן. שכם האָט אַוועק געשלעפּט מיט געוואַלד די זעקס יאָריגע דינה [געקידנעפּט]. און דינה האָט געבאָרן פון אים אסנת'ן אַ יאָר שפּעטער, ג).

די אידן [די שבטים] האָבן געוואָלט טויטן זי, מע זאָל נישט זאָגן אַז סע איז פאַראַן אויס געלאַסנקייט אין יעקב'ס געצעלטן. האָט יעקב גענומען אַ פּלאַטע, און ער האָט אַן געשריבן אויף איר דעם הייליגן נאָמען, אויף געהאָנגען זי אויף אסנת'עס האַלדז, און ער האָט אַוועק געשיקט זי. האָט דער מלאך מיכאל גענידערט אַראָפּ, און ער האָט געבראַכט זי אין פּוטיפרע'ס הויז. ווייל זי איז געווען ראוי, ווירדיג צו זיין יוסף הצדיק'ס ווייב.

פּוטיפרע'ס ווייב זליכה איז געווען אַן עקרה, קינדערלאָז, האָט זי ערצויגן אסנת'ן ווי אַן אייגענע טאָכטער. און יוסף האָט גענומען זי פאַר אַ ווייב, ד). אסנת האָט מגייר געווען זיך, ה).

און אסנת מאַכט:

אָן כשם הגדול שגדל בו,
סתירה היתה בשביל יפיה;
נוהמת וצועקת שיצילנה מיד פוטיפרע,
תמה היתה במעשיה, ו).

ער האָט באַוויזן זיך צו משה'ן ביי דעם סנה, ברענעדיקן דאָרן בוים, ז).

ווען דער אייבערשטער האָט געזאָגט צו משה'ן: זע, איך שיק אַ מלאך פאַר אויס, צו היטן דיך אין וועג, און צו ברייגגן דיך צו דעם אָרט וועלאַכס איך

---

ווי אַ געצן דינער, חולין צא, א.

וועגן מיכאל'ן און גבריאל'ן זעט: ב"ר אַנהייב פרשה עח און מתנות כהונה, מהרז"ו, יפה תואר, ידי משה און רש"ש דאָרט.

זעט גבריאל, זייט 264, נאָטע ד.

זעט אומעטום ווער סע זאָגט וואָס.

י) י"ש וישלח קלב.

א) ויקרא כז, לב.

ב) יוב"ע בראשית לב, כה; פר"כ צח, א; ב"ר ע, ז; תנח. ראה יד.

ג) זעט: ענדע מסכת סופרים; י"ר וישלח קמא, ב.

ד) זעט פאָלגענדיגע קוועלעס, מקורים [מקורות], פאַרגלייכט די פאַרשידענע ווערסיעס, און ווער סע זאָגט וואָס אין:

בראשית מא, מה און תרגום יונתן דאָרט; פר"א פרק לח [און פאַרגלייכט דאָרט פרק לו]; ענדע מסכת סופרים; פ"ר יב, א; מ"א בראשית מא, מה; י"ש וישלח ענדע קלד און וישב קמו; בחיי בראשית מא, מה; מדרשי ויחי 83; שה"ק ט, ב; ס"ה לא, ד.

ה) י"ש יהושע ענדע רמז ט.

ו) מדרש אגדה מקץ מא, מה.

ז) ש"ר ב, ה; אג"ב 47; י"ר שמות י, ב. לויט אַן אַנדער מיינונג איז עס געווען גבריאל.

זעט זגנזגזאל, זייט 319, נאָטע י.

האָב אָן געגרייט. היט דיך פאַר אים און פאָלג אים... ווייל מיין נאָמען איז אין אים, מיינט עם מיכאל׳ן, ח).

לויט אַן אַנדער מיינונג מיינט עם דעם מלאך מטטרון. די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט מטטרון באַטרעפט דריי הונדערט און פערצן, פונקט ווי די צאָל פון די אותיות פון דעם אַלמעכטיקנס נאָמען שדי, אַלמעכטיקער, ט).

ווען מיכאל האָט געזען ווי די האַרן, די פאַרטרעטערס אין הימל פון די פעלקער פאַרטיידיגען מצרים, האָט ער געגיבן אַ ווינק צו גבריאל׳ן. האָט גבריאל געגיבן אַ פלי איין שוויב קיין מצרים. און ער האָט געשלעפּט אַרוים אַ ציגל מיט ליים און מיט אַ קינד וואָס איז געווען איין געמויערט אין אַ געביידע. ער האָט געשטעלט זיך פאַר דעם הייליגן, געלויבט זיין נאָמען, און ער האָט געזאָגט צו אים: האַר פון דער וועלט, אָט אַזוי האָבן די מצריים פערשקלאַפט דיינע קינדער, י).

אין דער קנעכטשאַפט צייט אין מצרים זיינען רחל, תושלח׳ס איינִיקל, און איר מאַן געשטאַנען און געקנאָטן ליים. זי האָט געשוואַנגערט, און דאָס קינד איז אַרוים פון אירע געדערים [טראַכט] און האָט אוים געמישט זיך מיט דעם ליים. האָט מיכאל גענידערט אַראָפּ, און ער האָט געבראַכט עס אַרויף פאַר דעם כסא הכבוד, הימלישן טראָן. אין יענער נאַכט זיינען געוואָרן דערשלאָגן די בכורים, די ערשטע געבאָרענע אין מצרים, א).

ווען די מצריים האָבן נאָך געיאָגט די אידן, האָט דער אייבערשטער געשיקט מיכאל׳ן. ער איז געוואָרן אַ וואַנט פון פייער צווישן די אידן און די מצריים, ב).

ווען דער אַלמעכטיקער האָט גענידערט אַראָפּ צו דעם באַרג סיני, האָבן גענידערט אַראָפּ מיט אים מיכאל מיט זיין קאָמפּאַניע, און גבריאל מיט זיין קאָמפּאַניע, ג).

ווען די אידן זיינען נישט געווען בכוח, אים שטאַנד, צו פאַרנעמען דעם אַלמעכטיקנס שטימע ביי דעם גיבן די תורה די אידן. און זיי האָבן געבעטן משה׳ן ער זאָל רעדן צו זיי. האָט דער אייבערשטער געשיקט מיכאל׳ן און גבריאל׳ן. זיי האָבן אָן גענומען אים ביי זיינע הענט. און געגן זיין ווילן האָבן זיי צו גענענטערט אים צו דעם נעפל. און ער האָט איבער געגיבן די ווייטערדיקע רייד זיי, ד).

ער איז געווען משה רבינו׳ס רבי, ה).

---

ח) שמות כג, פסוקים כ און כא. מ״א משפטים כג, כ; רש״י יהושע ה, טו; ל״ט משפטים כג, כ; א״ע משפטים כג, כ; רבינו בחיי אין נאָמען פון רבינו חננאל ז״ל.

ט) סנהדרין לח, ב; רש״י שמות כג, כא, און זעט דאָרט רמב״ן; י״ש משפטים ענדע שבט.

זעט תדא״ז, פרק כ, זייט לט, א. בעה״ט בראשית ה, יד; י״ר בראשית נו, ב.

זעט די אַנדייטונג און די תרגומים אונקלוס און יוב״ע אויף דעם פסוק „כי שמי בקרבו״, שמות כג, כא.

י) י״ש בשלח רמג, פאַרגלייכט מיט רמא.

לויט ברכות ד, ב אונטן און י״ש דניאל תתרסו גיט גבריאל אַ פלי איבער דער וועלט מיט צווי שוויב.

א) י״ש שמות קעו.

אין בראשית ה, פסוקים כא, כב, כה, כו, כז און אין דברי הימים א׳, א, ג איז פאַראַן מתושלח.

ב) פר״א פרק מב; י״ר בשלח פח, ג.

זעט וועגן דעם דין תורה מיט עוזא׳ן אין באַנד ג ביי נפילים, עוזא.

ג) ד״ר ב, לד. אין פ״ר פיסקא כא, זייט קד, א שטעהט „מיכאל ודגלו״, מיכאל און זיין פאָן, און גבריאל און זיין פאָן.

ד) שמות כ, טז און רש״י דאָרט פסוק טו. פר״א פרק מא און זעט רד״ל דאָרט; י״ש יתרו שא.

ה) ד״ר יא, י; י״ש וילך; י״ר שמות י, ב.

אגב, ער האָט נישט געקאָנט קוקן אין משה רבינו'ס שטראַלנדיק פּנים, ו).

ער האָט געהאָט מורא פאַר משה רבינו, ז).

ווען דער אייבערשטער האָט געהייסן אים געהן ברייננען משה רבינו'ס נשמה, האָט ער געזאָגט צו אים: האַר פון דער וועלט, איך בין געווען זיין רבי, און ער איז געווען מיין תלמיד, קאָן איך נישט צו זען זיין טויט, און ער איז נישט געגאַנגען, ח).

ווען משה רבינו איז נפטר געוואָרן האָט מיכאל פאַרשפּרייט זיין בעט, ט).

ווען שלמה המלך האָט גענומען די טאָכטער פון פרעה נכה קעניג פון מצרים פאַר אַ ווייב, האָט מיכאל גענידערט אַראָפּ, און ער האָט געשטעקט אריין אַ טשערעט אין ים אריין. סע האָט אָן געזאַמלט זיך זאַמד, בלאָטע, ליים אַרום דעם. און אויף אָט דעם איז געוואָרן אויס געבויעט די שטאָט רוים, י).

ער האָט געשלאָגן סנחריב'ן, א).

ער האָט דערלאַנגט נבוכדנאצר'ן איבער דעם מויל, ב).

מיכאל האָט אריין געפירט נבוכדנאצר'ן אויף זיין פערד אין בית המקדש, ג).

אחאב בן קוליה און צדקיה בן מעשיה זיינען געווען פאַלשע דאָקטאָרים, ד). זיי פלעגן „קורירן", היילן די כאַלדעאישע פרויען און פאַרקעהרן מיט זיי. דער קעניג האָט פאַראורטיילט זיי צום טויט דורך פאַרברענען. האָבן זיי געטראַכט זיך: „אַזוי ווי יהושע בן יהוצדק איז אַ צדיק, זאָל ער געהן מיט אונז, וועלן מיר ווערן געראַטעוועט אין זיין זכות". האָבן זיי געזאָגט דעם קעניג, אַז יהושע האָט מיט געאַרבעט מיט זיי אין אַלצדינג. האָט דער קעניג באַפעהלט צו פאַרברענען אַלע דריי. האָט מיכאל גענידערט אַראָפּ און געראַטעוועט יהושע'ן פון ווערן פאַרברענט. און ער האָט געבראַכט אים אַרויף פאַר דעם כסא הכבוד, הייליגן טראָן, ה).

ער האָט אַרוים געראַטעוועט חנניה'ן, מישאל'ן און עזריה'ן פון דעם קאַלך אויוון אין וועלאָכן דער רשע נבוכדנאצר האָט אריין געוואָרפן זיי, ו).

ווען אסתר המלכה איז געקומען צו אחשורוש'ן נישט גערופענערהייט, פאַר וועלאָכן סע איז געקומען טויט שטראָף,

ו) פּ"ר סט, א; שי"ר ג, אויף פּסוק ו, סימן ה.

ז) במ"ר יא, ג; ק"ר ט, יא, ב; י"ש קהלת תתקפּט.

ח) ד"ר יא, י; י"ש וילך.

ט) ד"ר יא, י; י"ש וילך.

זעט מיינע ביכער: „משה רבינו'ס לעבן און שאַפונג", זייט קפּט; „מאָזעס אים ליכטע דער אגדה" [אין דייטש], זייט 145, נאָטע 608.

י) ירושלמי עבודה זרה פרק א, ענדע הלכה ב; שי"ר א, ו, ד; א"ה ד, 341.

לויט: שבת נו, ב און רש"י דאָרט; סנהדרין כא, ב; ספרי עקב פּיסקא נב, אויסגאַבע אום; י"ש מלכים א' קעב און קצו, האָט גבריאל געטון עס. אין אַ טייל ערטער שטעהט בלויז פרעה.

א) ש"ר יח, ה.

ב) שי"ר ז, פּסוק ט. אין ש"ר כ, י שטעהט ...למלאך השטן. זעט אין ש"ר יח דעם גאַנצן סימן.

פאַרגלייכט סנהדרין צב, ב אונטן.

זעט ילה"י מו, א און סב, ו.

ג) תנח"ב וישב טו; י"ש קהלת תתקפּד אָנהייב סימן י.

ד) אין ירמיה כט, כא ווערן זיי באַצייכנט אַלס פאַלשע נביאים.

ה) פּר"א פּרק לג, און זעט דאָרט רד"ל סימן צב.

ו) ב"ר מד, יג; שי"ר א, פּסוק יב סימן א; ל"ט לך לך טו, ז.

לויט תנח. נח י האָט דער אַלמעכטיקער אַרויס געראַטעוועט זיי. זעט גבריאל, זייטן 269—270, נאָטע א.

האָט מיכאל געטון אַ צי זי. און זי האָט אָן געריררט דעם שפּיץ פון דעם צעפּטער, ז).

אין דער נאַכט ווען אחשורוש האָט נישט געקאָנט שלאָפן, האָט מיכאל עס פאַרוואָגלט זיין שלאָף. ער האָט געקלאַפּט אים צו דער ערד דריי הונדערט און זעקס און זעכציק מאָל, ח).

מיכאל האָט געטון אַ שטופּ המן'ען אויף דעם בעט אויף וועלכן אסתר איז געזעסן. ווען אחשורוש איז געקומען אריין פון דעם פּאַלאַץ גאָרטן, און ער האָט דערזען דאָס, האָט ער געזאָגט: דו ווילסט נאָך באַצווינגן אויך די קעניגן ביי מיר אין הויז!, ט). און ער האָט באַלד באַפוילן צו אויף הענגען אים, י).

ער האָט פאַרשטעלט זיך ווי המן'ס אַ זון, און ער האָט אוים געהאַקט פלאַנצן [פלאַנצונגען] אין אחשורוש'ס פּאַרק, א).

**וואָס איז מיכאל'ס באַציאונג צו אידן?**

ער איז די אידנס מליץ יושר, ב).

ער האָט ליב אידן, ג);

ער איז דער היטער פון די אידן, ד);

ער איז דער אפּוטרופּוס, אַפּיקון, אַכטונג גיבער איבער די אידן, ה).

ער האָט צו זאָגן איבער די אידן, ו).

ער איז די אידנס פאַרטיידיגער, ז).

ווען דער אייבערשטער האָט געזאָגט צו מיכאל'ן: „סרחה אומתך", דיין פאָלק איז דעגענערירט, האָט ער געזאָגט צו דעם בעשאַפער: רעכן זיך מיט די גוטע פון זיי..., ח).

מיכאל און סמאל שטעהען פאַר דער שכינה. דער שטן איז מקטרג, ער קלאָגט איין. מיכאל לערנט זכות אויף די אידן. דער שטן וויל רעדן. מיכאל מאַכט שווייגן אים, ט).

ער לערנט זכות אויף די אידן, י).

ער לערנט גוטס אויף אידן, י*).

---

ז) זעט איינצלהייטן אין: י"ש אסתר תתרנו, קאַפּיטל ה; אג"א ה, ב 53; פ"א ב ה, 71.

ח) מגילת אסתר ו, א—ד; תרגום מגילת אסתר ו, א; פ"א,א', זייט 48.

לויט א"ג.ב', אָנהייב פּרשה ו, איז עס געווען גבריאל.

אין י"ש אסתר תתרנז שטעהט אַז דער אייבערשטער האָט געהייסן דעם מלאך וועלכער האָט צו זאָגן איבער שלאָף [שלאָפן], נידערן אַראָפּ און פאַר וואָגלען אחשורוש'עס שלאָף. און ירד **המלאך**, און דער מלאך [אָהן אַ נאָמען] האָט גענידערט אַראָפּ...

ר' שלמה באָבער ז"ל אין זיין עדיציע פון מדרש **אבא** גוריון [א"ג.ב'] אָנהייב פּרשה ו, הערה א, זאָגט אַז סע דאַרף שטעהן ירד המלאך **גבריאל**. איז דען גבריאל דער אויפזעער איבער שלאָף?!

סע איז פאַראַן אַ מיינונג אַז אומעטום וואו סע שטעהט „בא מלאך וחבטן בקרקע" און אַ מלאך איז געקומען, און ער האָט געקלאַפּט זיי צו דער ערד, מיינט עס גבריאל'ן, י"ר בראשית יח, א פון סודי רזא. און אַזוי ווי אין א"ג.ב' אָנהייב פּרשה ו שטעהט אַזוי, בויעט ער אפשר אויף דעם. זעט זייט 270, ד1.

ט) מגילת אסתר ז, ח.

י) פר"א פּרק נ; א"ר י, ט. אין רש"י אסתר ז, ח שטעהט בלויז אַ מלאך, אָהן אַ נאָמען.

א) פר"א פּרק נ, און זעט דאָרט רד"ל, הערה קכה; א"ר י, ט. זעט 265, נאָטע י.

ב) י"ר בראשית יח, א. זעט ווייטער נאָטע ז.

ג) י"ר בראשית יז, ב, אונטן. דאָס זעלבע גבריאל.

ד) ש"ר יח, ה, דאָס זעלבע גבריאל.

ה) י"ר משפּטים קא, ג.

ו) ל"ט משפּטים כג, כ.

ז) ש"ר יח, ה; א"ר ז, יב; ר"ר אָנהייב פּתיחתא; פ"ר קפּה, א; שו"ט כ, ג; ילק"ה צד, כ; ילה"י מא, כא; י"ש ישעיה תקז און אסתר תתרנד; קונדריס 87.

זעט **גבריאל** זייט 271, נאָטן **ט—א**.

ח) יומא עז, א, זעט דאָרט איינצלהייטן.

ט) ש"ר יח, ה. סמאל = שטן.

י) ש"ר יח, ה; ל"ט ג', ג, ח; א"ג 27, דאָס זעלבע גבריאל.

י*) י"ר בראשית יז, ב, אונטן.

ווען איינער האָט זכות אבות געהען מיט אים מיכאל אין אברהם'ס זכות, גבריאל אין יצחק'ס זכות, נוריאל אין יעקב'ס זכות. און רפאל אין אדם הרא־שון'ס זכות, א).

**איז מיכאל געוואָרן אַ מאָל באַ־שטראָפט?**

ווען דער בעשאַפער האָט באַרוטן זיך מיט די דינסט מלאכים צי ער זאָל בע־שאַפן דעם מענטש, איז זיין כתה, קאָמ־פּאַניע געווען געגן דעם. האָט ער פאַר־ברענט זיי אַלע באַלד מיט דעם גרויסן פייער. ער האָט איבער געלאָזט בלויז מיכאל'ן, ב). דאָס זעלבע מיט גבריאל'ן.

ער גיט אַ פלי איבער דער גאַנצער וועלט מיט איין שווייב, ג).

# גבריאל

**ד**י נעמען פון די מלאכים מיכאל און גבריאל ווערן דערמאָנט אָפט צוזאַמען אין תלמוד, מדרש, אגדה, זהר און אין קבלה ספרים. סע זיינען פאַראַן מיסיעס וועלכע ווערן צו געשריבן לויט געוויסע מיינונגען צו מיכאל'ן, און לויט אַנדערע מיינונגען צו גבריאל'ן. פאַרגלייכט אַלצדינג מיט דעם קאַפּיטל **מיכאל**.

**ווען איז געוואָרן בעשאַפן דער מלאך גבריאל?**

ביי דעם פינפטן טאָג פון דעם וועלט בעשאַף זאָגט די תורה „ועוף יעופף על הארץ על פני רקיע השמים", ד). איז ער געוואָרן בעשאַפן דעם פינפטן טאָג.

ועוף מיינט דעם מלאך מיכאל. ווי עס שטעהט אין פסוק „ויעף אלי אחד מן השרפים", ה) און סע איז געפלויגן צו מיר דער איינער פון די ברענעדיקע מלאכים, און דאָס מיינט מיכאל'ן.

יעופף מיינט דעם מלאך גבריאל, ווי דער פסוק זאָגט „מועף ביעף", ו) ער איז געפלויגן צו מיר מיט אַ פלי און מיט אַ שווייב, ז).

על הארץ, אויף דער ערד, מיינט דעם מלאך רפאל.

על פני רקיע **השמים**, אויף דעם הימלס אוים שפרייט, מיינט דעם מלאך אוריאל.

לויט אַן אַנדער מיינונג:
ועוף מיינט מיכאל'ן,
יעופף מיינט גבריאל'ן,
יעופף על הארץ מיינט אליהו'ן, ווע־

---

א) זהר בא, רעיא מהימנא, מא, ב.
ב) י"ר בראשית יט, א, אונטן.
ג) ברכות ד, ב, אונטן; י"ש ישעיה תז, דניאל תתרסו; רקאַנטי בראשית ז, א.
ד) בראשית א, כ.
ה) ישעיה ו, ו.
ו) דניאל ט, כא.
ז) רש"י דניאל ט, כא. אַז גבריאל גיט אַ פלי איבער דער גאַנצער וועלט מיט צוויי שווייבן, זעט ברכות ד, ב, אונטן; י"ש ישעיה אָנהייב תז און דניאל תתרסו; ילה"י ו, ו; מהר"י קרא ישעיה ו, ו.

רס"ג דניאל ט, כא זאָגט אַז פון „מועף ביעף" איז געדרינגען מיט צוויי שוויבן, און זעט מ"צ,א'.

א"ע, ווידער, טייטשט ביעף ווי „יעף" מיד פון פליען. ער קלאַסיפיצירט עס מיט „ואדם ביקר בל ילין", תהלים מט, יג.

אגב, דאָרט פסוק כא שטעהט „אדם ביקר ולא יבין", און זעט די פירושים דאָרט.

לאַכער געפינט זיך שטענדיק אויף דער ערד,

על פּני מיינט דעם מלאך המות, דעם מלאך פון טויט, וועלאַכער פאַר פינצ־טערט די וועלט. ווי סע שטעהט געשריבן: „וחושך על פּני תהום", און פינצטערניש על פּני תהום, און תהום ענטהאַלט די זעלבע אותיות ווי המות,

הארץ מיינט רפאל'ן,

על פּני רקיע השמים מיינט אוריאל'ן, ז*).

און אָט דאָס איז דער סוד פון „מרכבו ארגמן", ח) זיין [דעם אייבערשטנס] רייט וואָגן איז ארגמן, ט). קומט אויס אַז גבריאל איז געוואָרן בעשאַפן דעם פיפטן טאָג.

ארגמן מאַכט אוריאל, רפאל, גבריאל, מיכאל, נוריאל, י). אוריאל און נוריאל זעען אויס צו זיין איין און דער זעלבער מלאך, א).

**וועט דער מלאך גבריאל דערמאַנט אין תנ"כ?**

יאָ. ער און מיכאל זיינען די איינציגע

---

ז*) בראשית א, כ און א, ב. י"ר בראשית י, ב, אויבן. זעט תנח. וישב ד.

ח) שיר השירים ג, י.

ט) שי"ר ג, פסוק ח; בחיי בראשית א, ענדע פסוק כא אין נאָמען פון מדרש רבי שמעון בן יוחאי, און ער באַמערקט „והמשכיל יבין". זעט י"ש דניאל תתרסו, קאַפּיטל ט. פאַרגלייכט אַן אַנדער ווערסיע אין זהר בראשית מו, ב.

אין: י"ש שי"ר קאַפּיטל ג; יל"ה נ, ו מיינט עס דעם כסא הכבוד, דעם הימלישן טראָן.

י) רקאַנטי בראשית ז, א אויבן; י"ר בראשית יז, ב.

זעט אַנדערע טייטשן פון ארגמן אין במ"ר יב, ד.

א) זעט זהר בראשית כג, ב אונטן און זהר רעיא מהימנא ב, מא, ב אונטן און מב, א אויבן.

מלאכים וועלאַכע ווערן דערמאַנט אין תנ"כ. ער ווערט דערמאַנט צוויי מאָל, ב). מיכאל ווערט דערמאַנט דריי מאָל, ג).

**פאַר וואָס הייסט ער גבריאל?**

„כי יהודה גבר באחיו", ד) ווייל יהודה האָט געשטאַרקט זיך איבער זיינע ברידער. און די תורה זאָגט „ויקרא אל משה", ה) און ער האָט גערופן צו משה'ן. און משה ווערט אָן גערופן גבור.

אין פסוק שטעהט „ויקרא שמו פלא יועץ אל גבור", ו) און דער אייבערשטער וועלאַכער איז אַ ווינדערליכער עצה גיבער און מעכטיקער אייבערשטער און אייביגער פאָטער האָט גערופן אַזוי אים, ז).

**וואָס איז גבריאל'ס סטאַטוס?**

איינער פון די העכסטע.

**וואָס פאַר אַ טיטל האָט ער?**

ער ווערט באַצייכנט מיט:

המשל, ח) געוועלטיקער;

פּחד, ט) פורכטיקער;

---

זעט אַנדערע טייטשן פון ארגמן אין במ"ר יב, ד.

ב) דניאל ח, טז און ט, כא.

ג) דניאל י, פסוקים יג און כא; יב, א.

ד) דברי הימים א', ה, ב.

ה) ויקרא א, א; זעט מהרז"ו אין במ"ר ב, י.

ו) זעט ישעיה ט, ה און רש"י דאָרט.

ז) במ"ר ב, י; פ"ר פיסקא מו, תוספתא קפּח, א. זעט רקאַנטי בראשית ז, א, אויבן.

אין זהר בראשית לד, ב איז נוריאל גבורה. זעט מדרש כונן.

ח) איוב כה, ב. ב"ר יב ענדע סימן פּ; י"ש וארא קפּו.

ט) איוב כה, ב און רש"י דאָרט; ירושלמי ראש השנה פרק ב, הלכה ד; פּר"כ ג, א, אויסגאַבע אום; במ"ר יב, ח; שי"ר ג, אויף פסוק יא, סימן א; תנח. ויגש ו;

**פלמוני, י)**;

**פיסקון,** ווייל ער פסק׳נט אפילו געגן דעם אייבערשטן, **א)**;

**דיין, א*)** א פסק׳ענער.

**סיגרון,** פערמאכער; ער פערמאכט. דאס הייסט אז ווען ער הערט אויף צו בעטן רחמים, בארם הארציקייט, קאן שוין קיינער אויף מאכן. קאן שוין קיין אנ־דער מלאך בעטן, ווייל סע ועט נישט העלפן, **ב)**.

**איטמון,** ער בעהאלט די זינד פון די אידן, מע זאל נישט זען זיי, **ג)**.

**סופר של מעלה, ג*)**;

**שר, ד)** האר;

**שר גדול, ד*)** א גרויסער האר;

**שר של מעלה, ה)** דער האר אויבן, אין הימל;

**שר שמאלו, ו)** דער האר אין זיין [דעם אייבערשטנס] לינקער האנט;

**שר צבא, ז)** האר איבער די הימלישע הערשאפטן.

**שר ישראל, ז1)** האר איבער די אידן;

**שר על כל שרי אומות העולם, ז2)** האר איבער אלע הארן פון די פעלקער פון דער וועלט.

ער ווייזט זיין שטארקייט די פעלקער פון דער וועלט איין מאל א יאר, כדי צו אפ שוואכן זייער כוח. זיי זאלן נישט שעדיקן די אידן, **ז3)**.

**מלכיהון דמלאכיא, ח)** קעניגס פון די מלאכים. אזוי ווערן אן גערופן גבריאל און מיכאל.

**אמוראי דרקיע, ט)** גבריאל און מיכאל זיינען די אמוראים פון הימל. זיי פירן מחלוקת׳ן לשם שמים אין הימל, ווי די בית הלל און די בית שמאי טוען דאס אויף אונזער וועלט. זיי שפארן זיך פון וואס פאר שטיינער וועלן זיין די ווענט פון ירושלים. און דער שר שלום, דער האר איבער פרידן גלייכט אוים זיי.

---

י״ש וארא קפו, שיר השירים תתקפו, איוב תתקיב. זעט ד״א 255.

**י)** פלמוני ווערט געטייטשט פארהוילן. דני־אל האט נישט געוויסט דעם נאמען פון דעם מלאך, האט ער באצייכנט אים מיט „דער וועמענס נאמען סע איז נישט בעקאנט״. ווי מיר, צום ביי שפיל, נוצן דאס ווארט **עקס.**

דניאל ח, יג. תנח״ב בראשית כג; י״ש דניאל תתרסו, קאפיטל ח; רש״י [?] ב״ר אנהייב פרשה כא.

זעט: רס״ג, רש״י, א״ע, די מצודות אויף דניאל ח, יג.

**א)** סנהדרין מד, ב. רוח פסקונים, טייטשט דארט רש״י, מיינט גבריאל.

**א*)** י״ר בראשית יח, א.

**ב)** סנהדרין מד, ב און רש״י דארט.

**ג)** סנהדרין מד, ב.

**ג*)** י״ר בראשית יח, א.

**ד)** י״ש ישעיה תכ.

**ד*)** י״ר בראשית יז, ב, אונטן.

**ה)** אי״ר ג, ח; ש״ט וישלח לב, ל; י״ש וישלח קלג, פון מדרש אבכיר.

**ו)** רקאנטי בראשית ב, ב.

**ז)** רקאנטי בראשית ז, א אויבן.

**ז1)** י״ר בראשית יח, א.

**ז2)** י״ר בראשית יח, א.

**ז3)** י״ר בראשית יח, א, אויבן.

**ח)** במ״ר יא, ג, ו; ק״ר ט, פסוק יא, סימן ב. אין יל״ה כז, ד שטעהט מלכי מלכיהון דמלאכיא. אין שי״ר ג, פסוק ו, סימן ה שטעהט מלכיהון דמלכיא.

זעט: פר״כ מה, ב, אויסגאבע אום; פ״ר פיסקא החודש סט, א; מדרש שמואל [ווערט אן גערופן אויך אגדת שמואל, אגדתא דש־מואל]; י״ש משפטים שסב און תהלים תשצה.

**ט)** ב״ב עה, א, רש״י, תוספות דארט אונ־טער דעם ווארט פליגי; זהר ויחי השמטות, זייט רנב, ב און י״ר בראשית נט, ב, אויבן; שו״ט פז, ב, אויסגאבע אום; יל״ה אנהייב מזמור פז; י״ש ישעיה תעח; ילה״י נד, אנ־הייב סימן ב.

לויט זהר איז דער מלאך נוריאל [אוריאל] דער אויס גלייכער, לויט תוספות — **אליהו.**

אוריאל און נוריאל איז איין און דער זעל־

ער איז על רוח מזרח, ט*) איבער דעם גייסט [?] פון מזרח, דער סוד פון יעדער אָרט [?].

**וואו געפינט זיך דער מלאך גבריאל?**

ער איז איינער פון די פיר מלאכים וועלכע רינגלען אַרום דעם כסא הכבוד, דעם הימלישן טראָן. די אַנדערע דריי זיינען מיכאל, אוריאל, רפאל, י).

פיר כתות, גרופּעס פון דינסט מלאַכים לויבן פאַר דעם אייבערשטן: מי־כאל אין זיין רעכטער האַנט, גבריאל אין זיין לינקער האַנט, אוריאל פאַר אים, רפאל הינטער אים, י*).

**פון וואָס פאַר מאַטעריע איז דער מלאך גבריאל?**

סע זיינען פאַראַן מעהרערע מיינונגען:
ער איז פון פייער, **א**);
פון גאָלע פייער, **ב**);
**אש שכלי, ב1**) שכל'דיג פייער.
**שרף, ב2**) ברענעדיגער מלאך.

**עבים, ג**) ער איז וואָלקנס.
ער איז פון וואַסער, ד).

**ענדערט זיך אַ מאָל גבריאל?**

ניין. יעדער טאָג בעשאַפט דער בעשאַפער נייע מלאכים. זיי זאָגן אַ נייע שירה, און זיי קעהרן אום זיך אין דעם טייך דינור פון וועלכן זיי זיינען געוואָרן בעשאַפן, ה). אָבער גבריאל און מיכאל ענדערן זיך נישט. און זייערע נעמען ענדערן זיך נישט. זיי זיינען די זעלבע זינט דעם וועלט בעשאַף, ו).

**איבער וואָס האָט גבריאל צו זאָגן?**

איבער דין, אורטייל, ז);
**דיין, ז***) ער איז ריכטער;
איבער פייער, ח).
ער מאַכט פאַרטיק די פירות, פרוכטן, ט).

**ווי שטאַרק איז זיין קול?**

סע איז ווי דאָס גערויש פון פילע וואַסערן. סע געהט פון איין עק וועלט ביז צו דעם צווייטן, י).

---

בער מלאך, זהר פקודי רנד, א, צווייטע שורה, אונטן.

**ט***) י"ר בראשית יח, א, פון סודי רזא.

י) פר"א פרק ד און זעט רד"ל דאָרט סימנים יב—טו; פ"ר, תוספתא, קפה, א; במ"ר ב, ט.

זעט: זהר בראשית מו, ב און במדבר קיח, ב; רקאַנטי אָנהייב במדבר.

י*) פר"א פרק ד. זעט רד"ל סימן יב דאָרט וועגן נאָך מקורים, קוועלעס.

זעט תרגום איוב כה, ב.

לויט: פ"ר פיסקא מו, תוספתא, זייט קפה, א; במדבר ב, יא און זעט מדרש כונן איז מיכאל אין זיין רעכטער האַנט, אוריאל אין זיין לינקער האַנט, גבריאל פאַר אים און רפאל הינטער אים.

**א**) יומא כא, ב; במ"ר יב, ח; ד"ר ד, יב; שי"ר ג, אויף פסוק יא; תנח. ויגש ו; בחיי וארא יג, ד, ערשטע שורה; רקאַנטי בראשית ב, ב און זעט אָנהייב במדבר.

זעט אלשיך בראשית א, פסוק ט.

**ב**) ד"ר ה, יב; תנח. ה, יב.

**ב1**) זהר רעיא מהימנא, פנחס רכה, א, אויבן.

**ב2**) י"ר בראשית יח, א.

ג) זהר משפטים צח, ב, אויבן.

ד) תרגום איוב כה, ב און זעט רש"י דאָרט.

ה) חגיגה יד, א. זעט: **ב**, 251; **א**, 224.

ו) אי"ר ג, ח; ש"ט וישלח לב, ל; י"ש וישלח אָנהייב קלג.

זעט יפה תואר אויף ב"ר סג, יד, און אומעטום ווער סע זאָגט וואָס.

ז) זעט: שבת נה, א; יומא עז, א; רד"ל ד"ר יא, י, סימן לד.

ז*) י"ר בראשית יח, א.

ח) פסחים קיח, א, לעצטע שורה; במ"ר יב, ח; שי"ר ג, יא, א; מר"א 276; שו"ט קיז, ג.

ט) סנהדרין צה ב און זעט רש"י דאָרט אונטער דעם וואָרט גבריאל.

י) אר"נ נוסחא א, פרק ב, זייט ז, א.

**וואָס פאַר אַ שטעלונג האָט גבריאל געגומען ווען דער בעשאַפער האָט גע־רעכנט צו בעשאַפן דעם מענטש?**

ווען דער בעשאַפער האָט בערוטן זיך מיט די מלאכים צי ער זאָל בעשאַפן דעם מענטש, איז גבריאל'ס כתה, קאָמ־פּאַניע געווען געגן. האָט ער פאַרברענט זיי, א).

**ווער פאַרנעמט אַ העכערע פּאָזיציע גבריאל צי מיכאל?**

מיכאל, ב).

**וואָס פאַר אַ סאָרט מלאך איז גבריאל?**

מלאך קשה שביניהם, ב*) ער איז דער האַרטסטער מלאך צווישן זיי.

**וואָס פאַר אַ פונקציעס האָט גבריאל דורך געפירט?**

גבריאל און מיכאל זיינען געווען אדם הראשון'ס אונטער פירערס, ווען ער האָט גענומען חוה'ן פאַר אַ ווייב, ג).

לויט אַן אַנדער מיינונג איז דער איי־בערשטער געווען דער אונטער פי־רער, ד).

ווען דער אַלמעכטיקער האָט געוואָלט נידערן אַראָפּ צו אַרויס ראַטעווען אב־רהם אבינו פון דעם קאַלך אויוון אין וועלכן דער רשע, קעניג נמרוד, האָט אַריין געוואָרפן אים, האָבן די מלאכים גבריאל און מיכאל געזאָגט צו אים אַז זיי ווילן טון דאָס. האָט ער געענטפערט זיי: ווען איינער פון אייערע זאָל זיין אין קאַלך אויוון וואָלט איר אַרויס געראַטעוועט אים. אָבער אַזוי ווי אב־רהם איז דאָך אין קאַלך אויוון צו ליב מיין נאָמען, וועל איך נידערן אַראָפּ און ראַטעווען אים, ה).

ווען נמרוד הרשע האָט אַריין געוואָרפן אברהם אבינו אין קאַלך אויוון האָט גבריאל געזאָגט צו דעם אייבערשטן: האַר פון דער וועלט, איך וועל נידערן אַראָפּ, אָפּקילן, און ראַטעווען דעם צדיק פון דעם קאַלך אויוון. האָט דער הייליגער, געלויבט זיי ער, געענטפערט אים: איך בין דער איינציגער אין מיין וועלט. און ער איז דער איינציגער אין זיין וועלט. פּאַסט עס פאַר דעם איינציגן צו ראַטעווען דעם איינציגן. און אַזוי ווי דער אייבערשטער „אינו מקפח שכר כל בריה", ו) פערמייד נישט, האַלט נישט צוריק דעם לוין פון וועלכער עס איז בעשאַפעניש, האָט ער געזאָגט אים: דו וועסט זיין זוכה, און דו וועסט ראַטעווען דריי פון זיינע אייניקלאָך [אָפּשטאַמלינגע]: חנניה'ן, מישאל'ן און עזריה'ן, ז).

---

א) י"ר בראשית יט, א [פון מדרש כונן].

ב) ברכות ד, ב, אונטן.

ב*) אי"ר ב, ג. זעט מ"כ, מהרז"ו, יפה ענף, רד"ל דאָרט.

אין י"ש יחזקאל שמט שטעהט מלאך רחמים און סע מיינט מיכאל'ן.

ג) ב"ר ח, יב; י"ש בראשית טז.

ד) ברכות סא, א.

ה) ש"ר יח, ה; תנח. תצוה יב; תנח"ב תצוה ח.

אַז דער אַלמעכטיקער האָט אָפּ געראַטע־וועט אברהם'ן, זעט: ב"ר מט, יג; ד"ר ב, כט; שי"ר א' פסוק יב, סימן א; תנח. תול־דות ד; זהר לך לך עז, ב.

זעט: באַנד **א**, זייטן 67—63; מיין בוך „אברהם אבינו'ס לעבן און שאַפונג", דאָס קאַפּיטל „די פאַרניכטונג פון סדום . . . ", זייט 132; **מיכאל** זייט 252, נאָטן **א**, **ב**.

ו) פסחים קיח, א, אונטן; נזיר כג, ב; בבא קמא לח, ב; הוריות י, ב, לעצטע צוויי שורות; במ"ר יב, ט; תנח. אַנהייב סימן ג; מ"א שמות ב, ד; שו"ט קיז, ג.

ז) פסחים קיח, א, אונטן; מר"א 276; תנח. תצוה יב; תנח"ב תצוה ח; שו"ט קיז, ג; י"ש לך לך אַנהייב עז.

פאַרגלייכט: ב"ר מד, ג; ש"ר יח, ה; ד"ר ב, כט; שי"ר א, פסוק יב, סימן א; תנח. נח י; זהר לך לך עז, ב; י"ש תהלים תתעז און

ער האָט געמאַכט רעגענען פּעך און שוועבל אויף סדום, ח).

ער האָט איבער געקעהרט סדום, ט).

אגב, ער [און רפאל] איז געוואָרן אויף געהאַלטן אויף דער ערד ביז יעקב אבינו איז געקומען קיין בית אל, און ער האָט געדאַוונט מעריב. ערשט מיט דעם כוח פון דער דאָזיגער תּפילה, זיינען ער און רפאל צוריק אַרויף אין הימל, ט*).

ווען יעקב האָט אָפּ געקויפט די בכו־רה, י) דאָס ספּעציעלע רעכט פון דעם צו ערשט געבאָרענעם זון, פון עשו׳ן, האָבן די מלאכים גבריאל און מיכאל באַשטעטיגט שריפטלאַך אַז די בכורה געהערט צו יעקב׳ן, א).

ווען יצחק האָט געוואָלט בענטשן יעקב׳ן, און ער האָט געזאָגט: „גשה נא ואמושך... למען תברכך נפשי", ב) נעהנטער צו, איך בעט, און לאָז מיך אָן טאַפּן דיך... כדי מיין וועזן זאָל בענטשן דיך. און סע איז דאָך געווען גאָר יעקב. האָט יעקב׳ס קערפּער אָן געהויבן צו ציטערן, און האָט געבויגן זיך ווי וואַקס. האָט דער אַלמעכטיקער געהייסן מי־כאל׳ן און גבריאל׳ן צו אונטער האַלטן אים. האָט מיכאל אונטער געהאַלטן אים פון רעכטס, גבריאל פון לינקס, און דער אַלמעכטיקער אין זיין אייגענעם כבוד האָט אונטער געלעהנט אים פון הינטער אים, ג).

ער האָט געראַנגלט זיך מיט יע־קב׳ן, ד).

לויט אַנדערע מיינונגען איז עס גע־ווען:

שרו של עשו, ה) עשו׳ס האַר, פאַר־טרעטער אין הימל;

---

יל״ה קיז, ה; מה״ג,א׳ תקנה; זעט זייט 257.

זעט: סא״ר פּרק ה; נסא״ז 49; מ״א, ג׳ 45; י״ש ויחי קנה, תהלים תתמ; ישר 33; באַנד א, זייט 65, נאָטע ס. מיין בוך: „אברהם אבינו׳ס לעבן און שאַפונג", זייט 50—45.

ח) ב״ר נא, ב; מדרש ילמדנו וירא כז; י״ש וירא ענדע פּד; ל״ט וירא יט, כד; בחיי וירא יט, כד; רשב״מ וירא יט, כד.

זעט פאָלגענדיגע נאָטע.

זעט רמב״ן וירא יט, כד.

ט) בבא מציעא פו, ב.

זעט: כלה 315; ד״א 174.

ט*) י״ר וירא פט, ב.

אגב, לויט דעם דאָזיגן מקור, קוועלע, קומט אויס אַז אוריאל נישט מיכאל איז געווען דער דריטער מלאך פון די דריי מלאכים וועלכע זיינען געקומען צו אברהם אבינו.

זעט: די קוועלעס אין באַנד א, זייט 127 און נאָטע ב; מיין בוך „אברהם אבינו׳ס לעבן און שאַפונג", זייט 111.

י) בראשית כה, פּסוקים לא—לד.

א) בראשית סג, יד.

ב) זעט בראשית כז, פּסוקים כא—כו.

ג) תנח״ב תולדות טו. דאָרט זאָגט עס רבי יהושע. און דער לשון איז אַז זיין קער־פּער „שוחה כשעוה".

אין ב״ר סה, יט שטעהט נישט ווער סע זאָגט עס. סע ווערן נישט דערמאַנט די נעמען פון די מלאכים. דאָס לשון איז „לבו רפה כשעוה", זיין האַרץ איז געוואָרן שלאַבעריג ווי וואַקס. און סע איז צו געגיבן „בשפכו מים על שוקיו".

אין: ב״ר מד, ג; י״ש ישעיה קאַפּיטל מא, רמז תמט זאָגט עס רבי הושעיא, און די נעמען פון די מלאכים ווערן נישט דערמאַנט.

אין י״ש תולדות קטו איז די ווערסיע ווי אין ב״ר סה, יט. נאָר אויף דעם אָרט פון „שוקיו" זיינע ענקלס, שטעהט „ברכיו" זיינע קניעס.

סע איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן אַז ביי יעקב׳ס האָבן מורא צו באַגעגענען זיך מיט זיין ברודער עשו ווערט אויך דערצעהלט אַז זיין קערפּער האָט געבויגן זיך ווי וואַקס. און סע ווערן דערמאַנט די זעלבע מלאכים.

זעט איינצלהייטן אין תנח״ב וישלח, ו.

ד) בראשית לב, כה. זהר בא, רעיא מהימנא מא, ב. זעט זייט 254, נאָטע ט.

ה) ב״ר עז, ג; שי״ר ג, פּסוק ה, ג;

שרו של אדום, ו) אדום'ס פארטרעטער אין הימל;

סמאל, ז) עשו'ס פארטרעטער אין הימל.

ער האט באוויזן זיך צו אים ווי א פאסטאך, ח).

לויט אנדערע מיינונגען:

ווי דער הויפט פון די גזלנים, רויבערס, ט);

ווי א געצן דינער, י).

ווען תמר האט געוויזן די סימנים, צייכנס, צו באוויזן אז זי שוואנגערט, טראגט פון יהודה'ן, א) איז געקומען סמאל, אדום'ס פארטרעטער אין הימל און האט אוועק געררוקט זיי. ווייל ער האט געוואלט מע זאל פאר אורטיילן זי צו ווערן פארברענט, כדי דוד המלך וועלכער וועט באזיגן אדום'ן אין גיא מלח, ב) זאל נישט אפ שטאמען פון איר. איז געקומען גבריאל, און ער האט געררוקט צוריק די סימנים, ג).

ווען יוסף האט געבלאנדזעט אין פעלד זוכנדיג זיינע ברידער, איז געקומען גבריאל, און ער האט געפירט אים צו זיי, ד).

לויט די דענצמאלדיקע עגיפטישע געזעצן האט דער קעניג בעדארפט קענען זיבעציק שפראכן. ווען פרעה האט געוואלט באשטימען יוסף'ן פאר וויצע קעניג פון מצרים, זיינען זיינע הויף לייט געווען נישט צו פרידן דערמיט. זיי האבן ארגומענטירט, גע'טענה'ט אז לויט זייער געזעץ דארף דאך א קעניג קענען זיבעציק שפראכן. איז געקומען גבריאל, און ער האט געלערנט זיי אים. אבער יוסף האט נישט אויס געלערנט זיך זיי. איז געגאנגען גבריאל און ער האט צו געגיבן צו דעם נאמען יוסף אן אות פון דעם אייבערשטנס נאמען, נעמלאך א „ה" ווי סע שטעהט אין פסוק „עדות ביהוסף שמו, בצאתו על ארץ מצרים, **שפת לא ידעתי אשמע"**, ה). און ער האט אויס געלערנט אים די

---

מ"א וישלח לב, כה; י"ש וישלח קלב; רש"י בראשית לב, כה און הושע יב, ה; בחיי בראשית לב, כד. סע איז נישט אן געגיבן א נאמען.

ו) ל"ט בראשית לב, כה; ש"ט בראשית לב, כה. סע איז אן געגיבן קיין נאמען. אדום איז עשו.

ז) תנח. וישלח ח.

ח) ב"ר עז, ב; שי"ר ג, ה, ג; תנח"ב וישלח ז; י"ש וישלח קלב; ל"ט בראשית לב, כה.

ט) ב"ר עז, ב; שי"ר ג, ה, ג; י"ש וישלח קלב.

י) חולין צא, א.

וועגן מיכאל'ן און גבריאל'ן זעט: ב"ר אנהייב פרשה עח און מתנות כהונה, מהרז"ו, יפה תואר, ידי משה און חידושי הרש"ש דארט.

זעט זייט 258, נאטע א, און זעט אומעטום ווער סע זאגט וואס.

---

א) בראשית לח, כו.

ב) זעט: שמואל ב', ח, יג און רד"ק דארט; תהלים ס, ב און רש"י דארט.

ג) סוטה י, ב און רש"י דארט אונטער דעם ווארט סימניה.

ד) תרגום יונתן און רש"י בראשית לז, טו; פר"א פרק לח; תנח. וישב ב; זהר וישב קפד, א; ש"ט וישב לז, טו; י"ש וישב קמא; מה"ג.א' לז, טו; מ"א וישב לז, טו; י"ר וישב קנב, א.

אין ל"ט וישב לז, טו שטעהט „ויאמר האיש", אבער סע שטעהט נישט ווער דער „האיש" איז געווען, ווארשיינליך א דרוק פעהלער.

אין ב"ר עה, ד; פד, יד [זעט דארט מהרז"ו]; מ"א וישב לז, טו; י"ש וישב קמא; בחיי וישב לז, ב הייסט עס אז דריי מלאכים האבן באגעגנט אים.

ה) תהלים פו, א.

זיבעציק שפראַכן, ו) אין איין נאַכט, ז).

ער איז געווען יוסף׳ס רבי, ז*).

אגב, אין בחיי נח יא, ט שטעהט נישט ווער סע האָט צו געגיבן די „ה״ צו זיין נאָמען, און ווער סע האָט געלערנט אים, ח).

אַז יוסף האָט פעדשטאַנען און גערעד לשון הקודש, ט).

אַז יוסף האָט געקענט זיבעציק שפראַכן אַ חוץ, אויסער, לשון הקודש, י).

אַז יוסף האָט געקענט אַלע שפראַכן זעט פר״א פרק לט.

לויט אַן אַנדער מיינונג: דערפאַר וואָס יוסף האָט געהייליקט דעם אייבערשטנס נאָמען פאַרבאָרגענערהייט, נעמלאַך ער האָט באַזיגט דעם יצר הרע און נישט געזינדיקט מיט פוטיפרע׳ס ווייב, האָט מען צו געגיבן אַן אות פון דעם אייבערשטנס נאָמען, נעמלאַך „ה״, צו זיין נאָמען — עדות ביהוסף, א).

יוסף האָט באַקומען די „ה״ צו זיין נאָמען פאַר זיין נישט זינדיקן מיט פוטיפר׳ס ווייב, אָבער סע שטעהט נישט ווער סע האָט צו געגיבן, ב).

מע האָט צו געגיבן יוסף׳ן די „ה״ צו זיין נאָמען, אָבער סע שטעהט נישט ווער און פאַר וואָס, ג).

יוסף איז איינער פון די דריי, ד) וועלאַכע זיינען אַנטלאָפן פון אַן עבירה און דער אייבערשטער האָט באַהעפט זיין נאָמען מיט זייערע נעמען, ה).

פוטיפר, איינער פון פרעה׳ס הארן האָט געקויפט יוסף׳ן פאַר זיך פאַר סעקסועלע צוועקן. איז געקומען גבריאל און ער האָט געמאַכט פוטיפר׳ן אימפאָטענט, ו).

„וילך איש מבית לוי״ מיינט גבריאל׳ן, ו*).

ווען פרעה׳ס טאָכטער האָט געוואָלט דאַטעווען ארויס משה׳ן פון דעם טייך, האָבן אירע דינסטן וועלאַכע האָבן באַגלייט זי, געזאָגט צו איר: דיין פאָטער

---

ו) סוטה לו, ב, אונטן, און זעט רש״י דאָרט אונטער דעם וואָרט **עדות**. במ״ר יד, ה; ש״ט ויחי ג, ה; ילמדנו ב׳, חוקת ב; ל״ט ויחי ג, ה; י״ש מקץ קמח און תהלים תתלא; יל״ה פא, כב; י״ר מקץ סז, א [קסא, ב]; רש״י סוטה לג, א אונטער דעם וואָרט **ולמדו**; רש״י תהלים פא, ו.

זעט זהר לך לך, סתרי תורה, זייט פט, א.

אגב, דער פסוק הויבט אָן זיך מיט **עדות**... מיט „ע״ — זיבעציק, און ענדיגט זיך מיט אשמע, „ע״ — זיבעציק. דאָס איז אַ רמז, אַן אָנדייט אויף די זיבעציק שפראַכן וועלאַכע גבריאל האָט געלערנט יוסף׳ן, י״ש תהלים תתלא. זעט מנחת שי תהלים פא, ו.

ז) סוטה לו, ב, אונטן; ישר מקץ קעז [136]; ש״ט ויחי ג, ה; ל״ט ויחי ג, ה; י״ש מקץ קמח; יל״ה פא, כב.

ז*) י״ר שמות י, ב.

ח) זעט: חסר ב׳, נב; לקוטי 158; ס״ה לא, ג; **אתשע** זייט 54.

ט) זעט: ב״ר ל, י; תרגום יונתן מה, יב; פר״כ לד, ב, אויסגאַבע אום; ל״ט ויגש מה, יב; מה״ג,א׳, מה, יב; ש״ט מקץ מב, כג; נסא״ז ו, 5; י״ש ויגש אָנהייב קנב.

י) זעט: סוטה לו, ב, אונטן; במ״ר יט, ג; ק״ר ז, כג, א; תנח״ב חוקת יג; מ״א ויחי ג, ה; רש״י בראשית ג, ו.

זעט אומעטום ווער סע זאָגט וואָס.

א) סוטה י, ב; פאַרגלייכט מיט דער ווערסיע און ווער סע זאָגט וואָס אין: סוטה לו, ב, און זעט מהרש״א אין בידע ערטער; תרגום תהלים פא, ו; י״ש וישב אָנהייב קמו.

ב) שו״ט פא, ז.

ג) י״ש תצוה שעט.

ד) די אַנדערע צוויי זיינען יעל און פלטי.

ה) ויק״ר כג, י; יל״ה פא, כג; י״ש שופטים מד.

ו) סוטה יג, ב און רש״י דאָרט אונטער דעם וואָרט **פרעו**.

לויט: ב״ר פו, ג; י״ש וישב קמה און תהלים תשלב, האָט דער אייבערשטער געטון דאָס.

ו*) שמות ב, א; זהר שמות יט, א.

דער קעניג האָט דאָך באַפעהלט צו טויטן אַלע ניי געבאָרענע אינגעלאַך, און דו ווילסט גאָר לאָזן לעבן אים?! איז געקומען גבריאל, און ער האָט גע־קלאַפּט זיי צו דער ערד, ז).

ווען פּרעה'ס טאָכטער האָט געזען דאָס קעסטעלע מיט משה'ן אין ים סוף, האָט גבריאל געשלאָגן משה'ן ער זאָל וויינען, כדי זי זאָל דערבאַרעמען זיך איבער אים, ח).

ווען משה איז געווען אַלט דריי יאָ־ריג קינד אויף דעם שויס פון דער פּרינ־צעסין בתיה, פּרעה'ס טאָכטער, אין קעגנוואַרט פון דער קעניגין אַלפּרענית, בלעם דער זון פון בעור און אַנדערע גרויסע רעגירונגס לייט, האָט ער גע־נומען אַראָפּ די קרוין פון פּרעה'ס קאָפּ, און ער האָט אַרויף געזעצט זי אויף זיין קאָפּ.

לויט יוסיפוס האָט פּרעה צו געדרוקט משה'ן צו זיין ברוסט, און ער האָט אַלס שפּאַס געזעצט אַרויף די קרוין אויף זיין קעפּעל, צו שטעלן צופרידן זיין טאָכטער. משה, אָבער, האָט געוואָרפן אַראָפּ די קרוין אויף דער ערד, גע־קייקלט און געטראָטן זי מיט די פיס.

די דאָזיגע טאַט האָט זעהר צעשראָקן דעם קעניג. ער האָט באַראָטן זיך מיט זיינע ראַט גיבערים. בלעם האָט געזאָגט אים אַז אַ גרויס אומגליק הענגט איבער מצרים. סע וועט ווערן געבאָרן ביי אידן אַ מאַן וועלאַכער וועט פאַרניכטן גאַנץ מצרים, און ער וועט פירן אַרויס די קינדער פון ישראל מיט אַ שטאַרקער האַנד פון דעם לאַנד. „לויט מיין עצה זאָלסט דו טויטן דאָס קינד".

דער קעניג האָט גערופן אַלע זיינע קלוגע לייט. צווישן זיי האָט געפינען זיך אויך דער מלאך גבריאל אין דעם געשטאַלט פון אַ מענטש. ער האָט גע־ראָטן מע זאָל צו ערשט איבער צייגן זיך צי דאָס קינד האָט געהאַנדלט מיט פערשטאַנד. מע זאָל אַלזאָ ברענגען אַ דימענט און אַ גליענדיגע קויל, און זען צו וועלאַכן ער וועט אויס שטרעקן די האַנט. וועט ער נעמען דעם דימענט, איז אַ סימן אַז ער איז אַ פאַרשטענדלאַך קינד. וועט ער וועלן נעמען דאָס פייער, בעווייזט עס אַז מע קאָן נאָך נישט האַלטן דאָס קינד פעראַנטוואָרטלאַך פאַר זיין טאַט.

האָט מען געטון אַזוי. דאָס קינד האָט גענומען אויס שטרעקן די האַנד אין דער ריכטונג פון דעם דימענט שטיין. האָט גבריאל געווענד, געלענקט, זיין הענטל צו דער גליענדיקער קויל. דאָס קינד האָט צו געריהרט זי צו דעם מויל און האָט אָפּ געבריט זיינע ליפּן. זייט הענצמאָל איז משה פאַרבליבן אַ „כבד פה", אַ שטאַמלער, ט).

ער האָט באַוויזן זיך צו משה'ן ביי דעם סנה, דאָרן בוים, י).

---

ז) סוטה יב, ב; ש"ר א, כג; ש"ט שמות ב, ענדע פסוק א; י"ש שמות קסו; ל"ט שמות ב, ה.

ח) שמות רבה פרשה א, כד; בחיי שמות ב, ו.

ט) פאַרגלייכט די ווערסיעס, און ווער סע זאָגט זיי אין:

ש"ר א, לא; תנח. שמות ח; י"ש שמות קסו; ישר שמות קיג, ב—קיד, א; דב"ה 7; ויושע 41; פ"מ, א, 128; ל"ט שמות ד, כב; בחיי שמות ד, י; מה"ג,ב' 14; שה"ק כא, אונ־טער דעם וואָרט **משה**.

זעט מיינע ביכער: „משה רבינו'ס לעבן און שאַפונג", זייטן סה, סו, און נאָטע א אויף זייט פד. „מאָזעס אים ליכטע דער אגדה" [אין דייטש] זייטן 55, 54.

וועגן זיין שטאַמלען, זעט זייט 237, נאָטע י.

י) ש"ר ב, ה. לויט אַן אַנדער מיינונג איז עס געווען מיכאל.

זעט זגנזגזאל ביי דעם דאָרן, זייט 319, י.

ווען משה האָט געצויגן קיין מצרים אויף דעם אייבערשטנס באַפעהל, האָט גבריאל באַוויזן זיך צו אים אין דער געשטאַלט פון אַ שלאַנג. ער האָט געוואָלט טויטן אים, דערפאַר וואָס ער האָט מיט גענומען זיין ווייב און קינדער, י״).

ער האָט געפירט אַריין משה׳ן און אהרן׳ען צו פרעה׳ן, א).

ווען מיכאל האָט געזען ווי די רעפּרעזענטאַנטן, די פאַרשטעהערם אין הימל פון די פעלקער פאַרטיידיגן מצרים, האָט ער געגיבן אַ ווינק צו גבריאל׳ן. האָט גבריאל געגיבן אַ פלי מיט איין שוויב קיין מצרים, און ער האָט געשלעפּט אַרויס אַ ציגל מיטן ליים מיט אַ קינד וואָס איז געווען איין געמויערט אין אַ געביידע. ער האָט געשטעלט זיך פאַר דעם הייליגן, געלויבט זיין נאָמען, און ער האָט געזאָגט צו אים: האַר פון דער וועלט, אַט אַזוי האָבן די מצריים פערשקלאַפט דיינע קינדער, ב).

ווען די אידן זיינען אַריין אין ים סוף, איז גבריאל אַריין מיט זיי, ג).

ווען דער אַלמעכטיקער האָט גענידערט אַראָפּ צו דעם באַרג סיני, האָבן גבריאל מיט זיין קאָמפּאַניע, מיכאל מיט זיין קאָמפּאַניע באַגלייט אים, ד).

ווען די אידן זיינען נישט געווען בכוח, אין שטאַנד צו פאַרנעמען דעם אַלמעכטיקנס שטימע ביים גיבן די תורה. און זיי האָבן געבעטן משה׳ן ער זאָל רעדן צו זיי. האָט דער אַלמעכטיקער געשיקט גבריאל׳ן און מיכאל׳ן. זיי האָבן אָן גענומען אים ביי זיינע הענט, און האָבן צו געבראַכט אים צו דעם נעפל [נעבל], געגן זיין ווילן. און ער האָט איבער געגיבן די וויטערדיקע רייד זיי, ה).

ער האָט געוויזן משה רבינו ווי אַזוי די מנורה איז געמאַכט, ו).

ער האָט נישט געקאָנט קוקן אין משה רבינו׳ם שטראַלנדיג פּנים, ז).

ער האָט געהאַט מורא פאַר משה רבינו, ח).

ווען דער אייבערשטער האָט געהייסן אים געהן ברייגגן משה רבינו׳ס נשמה, האָט ער געזאָגט צו אים: האַר פון דער וועלט, ווי אַזוי קאָן איך צו זען דעם טויט פון דעם וועלאַכער איז גלייך ווי זעקס הונדערט טויזנט! און ער איז נישט געגאַנגן, ט).

ווען משה רבינו איז נפטר געוואָרן האָט גבריאל אונטער געלייגט אַ ביזוס געוואַנד אים צו קאָפּנס, י).

ווען שלמה המלך האָט גענומען פרעה נכה׳ס טאָכטער פאַר אַ ווייב, האָט גב־

---

י*) י״ר שמות טו, א [פון גלי רזיא]. זעט אויך דאָרט אַז ער האָט גענידערט אַראָפּ אין אַ פלאַם פייער צו פאַרברענען אים.

זעט שטן, זייט 30, נאָטע ד.

א) י״ש שמות קעה, פון מדרש אבכיר.

ב) י״ש בשלח רמג, פאַרגלייכט מיט רמא. לויט ברכות ד, ב אונטן; י״ש דניאל תתרסו; רקאַנטי בראשית ז, א גיט גבריאל אַ פלי איבער דער וועלט מיט צוויי שוויב.

זעט בעה״ט בראשית א, יח.

ג) י״ש שמות רלד.

ד) ד״ר ב, לד. אין פ״ר פיסקא כא, זייט קד, אַ שטעהט: מיכאל ודגלו, מיכאל און זיין פאָן, גבריאל ודגלו, גבריאל און זיין פאָן, און

זעט: דאָרט נאָטע א; במ״ר ב, ג.

ה) שמות כ, טז און רש״י דאָרט פסוק טו; פר״א פרק מא און זעט רד״ל דאָרט; י״ש יתרו שא.

ו) מנחות כט, א.

ז) פ״ר סט, א; שי״ר ג, פסוק ו, סימן ה.

ח) במ״ר יא, ג; ק״ר ט, יא, ב; י״ש קהלת תתקפט.

ט) ד״ר יא, י; י״ש וילך.

י) ד״ר יא, ו; י״ש וילך.

זעט מיינע ביכער: „משה רבינו׳ס לעבן און שאַפונג״, זייט קפט;

„מאָזעס אים ליכטע דער אגדה״ [אין דייטש], זייט 145.

ריאל גענידערט אראָפּ, און ער האָט אריין געשטעקט אַ טשערעט אין ים אריין, ארום וועלאַכן סע האָט אָן גע־זאַמלט זיך זאַמד, בלאָטע, ליים, און אויף דעם איז געוואָרן אויס געבויעט די שטאָט רוים, א).

ווען סנחריב איז בעפאַלן די אידן, האָט דער אייבערשטער געטון אַ פרעג גבריאל'ן: איז דיין סערפּ אָן געשאַרפט? האָט ער געענטפערט: יאָ, ער איז אָן געשאַרפט און שטעהט גרייט זינט ששת ימי בראשית, זייט דעם וועלט בעשאַף.

האָט דער אַלמעכטיקער געזאָגט צו אים: ווען דו וועסט געהן מאַכן פּאַרטיק די פּירות, פרוכטן, זאָלסטו דו אָפּ רעכע־נען דיך מיט סנחריב'ן און מיט זיינע אַרמעיען, ב).

ווען שבנא, דער אויף זעער איבער חזקיהו המלך'ס הויז, און זיינע נאָך פאָלגערס האָבן געוואָלט מאַכן שלום מיט סנחריב'ן, און זיי האָבן געהאַלטן שוין ביי דעם אַרויס געהן פון ירושלים צו שליסן שלום מיט סנחריב'ן, איז געקומען גבריאל..., ג).

ער האָט פּראָטעסטירט, געשריען אַז די מלכים זאָלן נישט הערשן איבער די אידן, ד).

זעקס יאָר, ה) האָט ער געהאַלטן אין דער האַנט צוויי, ו) גליענדיקע קוילן וועלאַכע זיינען געוואָרן ביסלאַכווייז קי־לער און קילער, ווייל ער האָט געטראַכט אפשר וועלן די אידן טון תשובה...

ווען די זעקס מלאכי חבלה, פערדאַר־בנדיקע מלאכים: קצף, ברוגזנדיקער צאָרן; אף, ברענעדיקער צאָרן; חימה, גרים צאָרן; משחית, פערדאַרבער; מש־בר, צעברעכער; מכלה, פאַרלענדער זיי־נען געקומען פאַרניכטן ירושלים, ז) האָט דער אייבערשטער געשיקט גבריאל'ן, ח).

דער אייבערשטער האָט געשיקט אים צו אָן צייכענען אַ „תיו" פון טינט אויף די שטערנס פון די צדיקים, גערעכטע. די מלאכי חבלה, די פערדאַרבנדיקע מלאַ־כים זאָלן האָבן קיין שליטה, מאַכט, איבער זיי; און אַ „תיו" פון בלוט אויף די שטערנס פון די רשעים, בייזוויכטן, די מלאכי חבלה, די פאַרניכטנדיקע מל־אכים זאָלן יאָ האָבן שליטה, מאַכט, איבער זיי, ט).

ווען דער רשע נבוכדנאצר האָט אריין געוואָרפן חנניה'ן, מישאל'ן און עזריה'ן אין קאַלך אויוון, האָט יורקמו דער שר, האַר איבער האָגל געזאָגט פאַר דעם הייליגן אַז ער וויל נידערן אראָפּ צו אָפּ קילן דעם אויוון. האָט גבריאל גע־זאָגט אים: נישט אַזוי איז דעם אַלמעכ־

א) שבת נו, ב און רש"י דאָרט; סנהדרין כא, ב; ספרי עקב פיסקא נב, אויסגאַבע אום; י"ש מלכים א' רמזים קעב און קצו.
זעט זהר, רעיא מהימנא, פנחס רנא, ענדע ב.
וועגן דער שטאָט רוים זעט מגילה ו, ב.
לויט: עבודה זרה ירושלמי פרק א, הלכה ב; א"ה ד, 341 האָט מיכאל געטון עס.
אין אַ טייל ערטער שטעהט בלויז פרעה.

ב) סנהדרין צה, ב און זעט רש"י אונ־טער דעם וואָרט גבריאל; י"ש מלכים ב, רמא.

ג) זעט סנהדרין כו, א—ב.

ד) יומא עז, א און רש"י אונטער דעם וואָרט עזי.

ה) אי"ר א, מא; מ"ש כד, ח.

ו) ויק"ר כו, ח; אי"ר א, מא; תנח. אמור ג. פאַרגלייכט יומא עז, א. זעט ב"ר כא, ה; תנח"ב אמור ה; י"ש אָנהייב אמור און מלכים א, רכ.

ז) זעט יחזקאל ט, ב, רש"י און די אַנ־דערע פירושים, קאָמענטאַרן דאָרט. אין שבת נה, א זאָגט עס רב חיסדא. אין י"ש יחזקאל שנ זאָגט עס רב.

ח) זעט איינצלהייטן אין: תנח. תזריע ט; תנח"ב תזריע יב און פאַרגלייכט מיט י"ש יחזקאל אָנהייב שמט.

ט) שבת נה, א; תנח. משפטים ז; תזריע ט; תנח"ב תזריע יג. זעט י"ש יחזקאל שנ.

טיקנס מעכטיקייט. דו ביזט דאָך דער שר, דער האַר פון האָגל. און אַלע ווייסן אַז וואַסער לעשט אָפּ פייער. אָבער איך בין דאָך דער שר, דער האַר פון פייער. וועל איך נידערן אַראָפּ. איך וועל אָפּקילן דעם אויוון פון אינווייניג און פאַרברענען די אַריין וואַרפערס פון אויסווייניג, י). און דאָס וועט זיין אַ „נס בתוך נס", אַ נס אין אַ נס, אַ ווינדער אין אַ ווינדער. האָט דער הייליגער, געבענטשט זיי ער, געזאָגט צו אים: נידער אַראָפּ.

האָט ער גענידערט אַראָפּ, און געגיבן אַ באַפעהל דעם פייער. איז אַרויס אַ פלאַם, און סע האָט פערפלאַמט די אַלע וועלכע האָבן אַריין געוואָרפן זיי, **א)**.

אתא גבריאל..., **ב)**.

ווען אחשורוש האָט געשיקט נאָך ושתי'ן, איז געקומען גבריאל, און ער האָט צו געטשעפּעט אַן עק [ווידל] איר, **ג)**.

גבריאל האָט געאונרואיקט אחשורוש'עס האַרץ „אין יענער נאַכט". ער האָט גע'טענה'ט צו אים: דו נישט דאַנקבאַרער מענטש וואָס דו ביזט. באַצאָל גוטס צו דעם וועלכער האָט געטון גוטס דיר. האָט אחשורוש געטראַכט אין זיין האַרץ: ווער איז דאָס דער יעניגער וועלכער האָט געטון גוטס מיר, און איך האָב נישט אָפּ געדאַנקט אים!, **ג*)**.

און ער האָט טאַקע באַלד געהייסן ברייגען דעם ספר הזכרונות, די קראָניקעס. האָט זיין אַנטיסעמיטישער, שונא ישראל'דיגער סעקרעטאַר שמשי אויסגעמעקט אַז מרדכי האָט געראַטעוועט אַמאָל אחשורוש'ן פון אַ זיכערן טויט. האָט גבריאל אַריין געשריבן עס צוריק, **ד)**.

אין דער נאַכט ווען אחשורוש האָט נישט געקאָנט שלאָפן, האָט גבריאל עס פאַרוואָגלט זיין שלאָף, **ד1)**.

ווען המן הרשע האָט באַפעהלט זיינע לייט צו מאַכן אַ פיפציק איילן הויכע תליה צו אויף הענגען מרדכי'ן, און זיי האָבן געזאָגט אים אַז אַזאַ הויכער בוים געפינט זיך בלויז אין זיין מאַיאָנטעק, גאָרטן. האָט גבריאל אָן גערופן זיך: דער דאָזיקער בוים פּאַסט זיך צו, און טאַקע פאַר דיינעט וועגן. און ער איז

---

י) סע זיינען פאַראַן זעקס סאָרטן פייער: דאָס פייער פון דער שכינה פאַרצעהרט פייער. גבריאל'ס פייער שטופּט אָפּ פייער... זעט: יומא כא, ב; י"ש ישעיה תד; רקאַנטי בראשית ה, א.

אַז סע איז דאָ פייער וואָס פאַרצעהרט פייער, זעט א"ג,ב' זייט 34.

**א)** פסחים קיח, א—ב; פר"א פרק ד און פרק לג; אין מר"א זייט 276 שטעהט ירקמי.

זעט: ש"ר יח, ה; פ"ר קס, ב; מה"ג,א' ח, ט און טז.

**ב)** סנהדרין צו, א, און רש"י ענדע.

**ג)** מגילה יב, ב; י"ש אסתר תתרמט.

**ג*)** מגלת אסתר ו, א. אג"א ו, א.

**ד)** מגילת אסתר ו, א—ד. מגילה טז, א, ערשטע שורה, און רש"י דאָרט. פאַרגלייכט פר"א פרק ג.

**ד1)** מגילת אסתר ו, א. א"ג,ב', אָנהייב פרשה ו. לויט: תרגום מגילת אסתר ו, א; פ"א,א', זייט 48 איז עס געווען מיכאל און ער האָט געקלאַפּט אחשורוש'ן צו דער ערד דריי הונדערט זעקס און זעכציק מאָל.

אין י"ש אסתר תתרנז שטעהט אַז דער איבערשטער האָט געהייסן דעם מלאך, וועלכער האָט צו זאָגן איבער שלאָף [שלאָפן], נידערן אַראָפּ און פאַרוואָגלען אחשורוש'עס שלאָף. און ירד **המלאך**, און דער מלאך [אָהן אַ נאָמען] האָט גענידערט אַראָפּ...

ר' שלמה באָבער ז"ל אין זיין עדיציע פון מדרש **אבא** גוריון [א"ג,ב'] אָנהייב פרשה ו הערה א, זאָגט אַז סע דאַרף שטעהן ירד המלאך **גבריאל**. איז דען דער מלאך גבריאל דער אויף זעער איבער שלאָף?!

אָבער סע איז פאַראַן אַ מיינונג אַז אומעטום וואו סע שטעהט „בא מלאך וחבטן בקרקע", אַ מלאך איז געקומען, און ער האָט געקלאַפּט

אָן געגרייט פאַר דעם דאָזיקן צוועק נאָך פון דעם וועלט בעשאַף אָן, ד2).

דעם מלך ינאי׳ס אַ קנעכט האָט גע׳הרג׳עט אַ מענטשן. האָט שמעון בן שטח געזאָגט אַז מע דאַרף פּראָצעסירן, מש־פּט׳ן אים. האָט מען געשיקט זאָגן דעם מלך אַז זיין קנעכט האָט גע׳הרג׳עט אַ מענטשן. האָט ער געשיקט דעם קנעכט צו זיי. האָבן זיי געשיקט אויך נאָך אים. איז ער געקומען, און ער האָט אַנידער געזעצט זיך. האָט שמעון בן שטח גע־זאָגט צו אים: מלך ינאי, שטעל דיך אויף, און מע וועט זאָגן עדות געגן דיך..., און נישט פאַר אונז שטעהסט דו, נאָר פאַר דעם „וועלכער האָט גע־זאָגט, און די וועלט איז געוואָרן״, ה) [נעמלאַך, פאַר דעם וועלט בעשאַפער]. האָט ינאי געזאָגט אים: נישט ווי דו הייסט מיך, נאָר ווי דיינע חברים וועלן זאָגן. האָט שמעון בן שטח געווענד זיך רעכטס, האָבן זיי געקוקט אַראָפּ אויף דער ערד. האָט ער געווענד זיך לינקס, האָבן זיי געקוקט אַראָפּ אויף דער ערד אוים מורא פאַר אים. האָט ער אָן גע־רופן זיך צו זיי: איר זענט בעלי מח־שבות, טראַכטערס. זאָל קומען דער בעל מחשבות [דער אייבערשטער] און באַ־צאָלן אייך. איז געקומען באַלד גבריאל. ער האָט געקלאַפּט זיי צו דער ערד, און זיי זיינען געשטאָרבן. און זיי האָבן געזאָגט דענצמאָל אַז אַ קעניג אורטיילט נישט, און מע אורטיילט נישט אים. ער זאָגט נישט עדות, און מע זאָגט קיין עדות געגן אים, ו).

ער וועט אַראַנזשירן אין דער צו־קונפט אַ געיעג מיט דעם לויתן, ז).

**וואָס איז גבריאל׳ס באַציאונג צו אידן?**

ער האָט ליב אידן, ח), דאָס זעלבע מיכאל.

ער איז דער היטער פון די אידן, ט);

ער לערנט זכות אויף די אידן, י).

ער לערנט גוטס אויף אידן, י*).

ווען איינער האָט זכות אבות געהען מיט אים מיכאל אין אברהם אבינו׳ס זכות, **גבריאל** אין יצחק אבינו׳ס זכות, נוריאל אין יעקב אבינו׳ס זכות, און רפאל אין אדם הראשון׳ס זכות, א).

**איז גבריאל געוואָרן אַ מאָל באַ־שטראָפט?**

יאָ. פאַר נישט אוים פירן אַ מיסיע ווי מע האָט געהייסן אים, האָט ער באַקו־מען זעכציק פייערדיקע שמיץ, ב).

ווען דער בעשאַפער האָט באַרוטן זיך מיט דינסט מלאכים צי ער זאָל בעשאַפן דעם מענטש, איז גבריאל׳ס כתה, קאָמ־פּאַניע געווען געגן דעם. האָט ער פאַר־ברענט זיי אַלע באַלד מיט דעם גרויסן פייער. ער האָט איבער געלאָזט בלויז גבריאל׳ן, ג); דאָס זעלבע מיט מיכאל׳ן.

גבריאל און רפאל זיינען געוואָרן אָפּ גערוקט פון זייער אָרט אויף הונדערט אַכט און דרייסיק יאָר דערפאַר וואָס זיי האָבן אַנטפּלעקט דעם אייבערשטנס אַ סוד. זיי האָבן געזאָגט לוט׳ן: „כי מש־

---

זיי צו דער ערד, מיינט עס גבריאל׳ן, י״ר בראשית יח, א, פון סודי רזא. און אַזוי ווי אין א״ג.ב׳ אָנהייב פרשה ו שטעהט אַזוי. בויעט ער אפשר אויף דעם. זעט 258, נאָטע ח.

ד2) פ״נ.א׳ זייט 48. פאַרגלייכט: מדרש אבא גוריון, ענדע.

ה) זעט „מי שאמר והיה העולם״, זייט 144, נאָטע ו.

ו) סנהדרין יט, א—ב; י״ש משפטים שמ.

ז) בבא בתרא עד, ב—עה, א. י״ש איוב תתקכו.

ח) ילקוט ראובני בראשית יז, ב, אונטן.

ט) ש״ר יח, ה, דאָס זעלבע מיכאל.

י) יומא עז, א, דאָס זעלבע מיכאל.

י*) י״ר בראשית יז, ב, אונטן.

א) זהר בא, רעיא מהימנא מא, ב, אונטן.

ב) יומא עז, א. זעט: ו, 290; ו, 283.

ג) י״ר בראשית יט, א, אונטן.

חיתים אנחנו את המקום הזה", ד) מיר פאַרניכטן דאָס דאָזיגע אָרט. זיי האָבן געגרויסט זיך: מיר פערדאָרבן, ה).

ער וועט פאַנגען, כאַפּן דעם לויתן, ה*). גבריאל גיט אַ פלי איבער דער גאַנ־צער וועלט מיט צוויי שווייב, ו).

# אוריאל

**ווען איז אוריאל געוואָרן בעשאַפן?**
ביי דעם פיפטן טאָג פון דעם וועלט בעשאַף זאָגט די תורה: „ועוף יעופף על הארץ על פני רקיע השמים", **א)**.

ועוף מיינט דעם מלאך מיכאל. ווי סע שטעהט אין פסוק „ויעף אחד מן השרפים", **ב)** און סע איז געפלויגן צו מיר דער איינער פון די ברענעדיקע מל־אכים, און דאָס מיינט מיכאל'ן.

יעופף מיינט דעם מלאך גבריאל. ווי דער פסוק זאָגט „מועף ביעף", **ג)** ער איז געפלויגן צו מיר מיט אַ פלי און מיט אַ שווייב, **ד)**.

על הארץ, אויף דער ערד, מיינט דעם מלאך רפאל.

על פני רקיע השמים, אויף דעם הימלס אויס שפרייט, מיינט דעם מלאך אוריאל. קומט אויס אַז ער איז געוואָרן בעשאַפן דעם פיפטן טאָג.

לויט אַן אַנדער מיינונג:
ועוף מיינט מיכאל'ן,
יעופף מיינט גבריאל'ן,
יעופף על הארץ מיינט אליהו'ן, וועל־כער געפינט זיך שטענדיק אויף דער ערד,
על פני מיינט דעם מלאך המות, דעם מלאך פון טויט, וועלכער פאַר פינצ־טערט די וועלט. ווי סע איז געשריבן: „וחושך על פני תהום" און פינצטערניש על פני תהום, און תהום ענטהאַלט די זעלבע אותיות ווי המות,
הארץ מיינט רפאל'ן,
על פני רקיע השמים מיינט או־ריאל'ן, **ד*)**.

און אָט דאָס איז דער סוד פון „מרכבו ארגמן", **ה)** זיין [דעם אייבערשטנס] רייט וואָגן איז ארגמן, **ו)**: **אוריאל, רפאל, גבריאל, מיכאל, נוריאל, ז)**.

---

**ד)** בראשית יט, יג.
**ה)** ש"ט ויצא כח, יב.
זעט די פאַרשידענע ווערסיעס און ווער סע זאָגט וואָס אין: ב"ר ג, ט; סח, יב און עח, ב; תרגום יונתן בראשית יט, יג; תנח"ב וירא כא; ילמדנו א', וירא כד; ש"ט וירא יט, יג; מ"א וירא יט, יג; י"ש וירא פד, ויצא קיט און וישלח קלג; ל"ט בראשית יט, יג; בחיי וירא יט, יג; י"ר וירא פט, ב.
**ה*)** ב"ב עה, א; י"ש איוב תתקכו. זעט זייט 341.
**ו)** ברכות ד, ב, אונטן; י"ש ישעיה תז און דניאל תתרסו; רקאַנטי בראשית ז, א.
לויט י"ש בשלח רמג, פאַרגלייכט דאָרט מיט רמא — מיט איין שווייב.

**א)** בראשית א, כ.
**ב)** ישעיה ו, ו.
**ג)** דניאל ט, כא.
**ד)** רש"י דניאל ט, כא. אַז גבריאל גיט אַ פלי איבער דער גאַנצער וועלט מיט צוויי שווייב, זעט: ברכות ד, ב אונטן; י"ש ישעיה אָנהייב תז און דניאל תתרסו; ילה"י ו, ו; מהר"י קרא ישעיה ו, ו.
**ד*)** בראשית א, כ און א, ב. י"ר בראשית יז, ב, אויבן. זעט תנח. וישב ד.
**ה)** שיר השירים ג, י.
**ו)** בחיי בראשית א, ענדע פסוק כא. זעט י"ש דניאל תתרסו, קאַפּיטל ט. פאַרגלייכט זהר בראשית מו, ב. און דאָרט איז פאַראַן **אליהו** אויף דעם אָרט פון **רפאל**.
**רבינו בחיי א, ענדע פסוק כא ענדיגט מיט „והמשכיל יבין", און דער פערשטאַנדיקער וועט פאַרשטעהן.**
זהר, השמטות צו דעם ספר בראשית רנב, ב; רעיא מהימנא בא, מא, ב אונטן און מב, א אויבן.
**ז)** רקאַנטי בראשית ז, א, אויבן; י"ר ברא־שית יז, ב.

**פאַר וואָס הייסט ער אוריאל?**

ער הייסט אוריאל מיט באַצוג אויף „קומי אורי", ח) שטעה אויף און לייכט, און אויף „אל ה' ויאר לנו", ט) דער אַל־מעכטיקער איז דער האַר, און ער האָט דערלייכט אונז.

**האָט אוריאל נאָך נעמען?**

ער ווערט אַן גערופן אויך נוריאל, י).

**פון וואָס פאַר אַ מאַטעריע איז אוריאל?**

ער איז רוח שכלי, י*) שכל'דיקער גייסט.

**האָט אוריאל עפּיס ספּעציעלע באַצייכענונגען?**

יאָ.

רב ממנא, א).

רב חכמתא, ער איז איינער פון די פיר האַרן פון חכמה. די אַנדערע דריי זיינען מטטרון, יופיאל, יפיפיה, ב).

**איז אוריאל אַ גוטער אָדער אַ שלעכטער מלאך?**

ער איז אַ מלאך פון רחמים, באַרעמהאַרציקייט, ג).

**וואָס זיינען אוריאל'ס פונקציעס?**

ער איז איינער פון די פיר מלאכים וועלכע רינגלען אַרום דעם כסא הכבוד, דעם הימלישן טראָן. די אַנדערע דריי זיינען מיכאל, גבריאל, רפאל, ד).

מימיני מיכאל, ומשמאלי גבריאל, ומלפני אוריאל ומאחורי רפאל. ביי מיין רעכטער האַנט מיכאל, און ביי מיין לינקער האַנט גבריאל, און פאַר מיר אוריאל, און הינטער מיר רפאל, ד*).

סע איז פאַראַן אַ מיינונג אַז זיבעציק מלאכים רינגלען אַרום דעם כסא הכבוד, דעם הימלישן טראָן, ה).

ער שליכטעט, גלייכט אוים די לומד'ישע מחלוקת'ן צווישן די אמוראים אין הימל, מיכאל און גבריאל, ה*).

ער האָט אַן געזאָגט אונזער מוטער שרה אַז זי וועט געבאָרן יצחק'ן, ו).

לויט אַן אַנדער מיינונג איז עס געווען מיכאל, ז).

---

זעט אַנדערע טייטשן פון ארגמן אין במ"ר יב, ד; פ"ר, תוספתא, פיסקא מו, זייט קפח, א.

ח) ישעיה ס, א.

ט) תהלים קיח, כז. במ"ר ב, י. זעט פ"ר, תוספתא, פיסקא מו, זייט קפח, א; שו"ט יז, ג; רקאַנטי בראשית ז, א, אויבן.

י) זהר ענדע ספר בראשית, השמטות רנב, ב, און רעיא מהימנא, בא, מא, ב, אונטן, און מב, א אויבן; פקודי רנד, א, צווייטע שורה, אונטן; י"ר בראשית נט, ב. זעט נוריאל, זייט 321, נאָטן ב, ג.

י*) זהר רעיא מהימנא, פנחס רכה, א.

א) זהר יתרו עח, ב.

ב) תרגום יונתן דברים לד, ו.

ג) רקאַנטי בראשית ז, א אויבן.

ד) פר"א פרק ד; פ"ר, תוספתא, קפח, א; במ"ר ב, ט.

זעט: זהר בראשית מו, ב; במדבר קיח, ב; רקאַנטי אָנהייב במדבר.

ד*) קריאת שמע על המטה.

ה) פר"א פרק כד, און זעט דאָרט רד"ל סימן מה; תרגום יונתן בראשית יא, ז; י"ש נח ס, ב, און זעט רמב"נ במדבר יא, טז.

ה*) זהר בראשית השמטות רנב, ב. זעט: ב"ב עה, א און רש"י, תוספות דאָרט אונטער דעם וואָרט פסח; י"ר בראשית נט, ב.

זעט זייט 230, נאָטע א, אונטן.

ו) י"ר וירא פט, א.

ז) זעט די פאַרשידענע ווערסיעס און ווער סע זאָגט וואָס אין:

בבא מציעא פו, ב לעצטע פיר שורות און תוספות דאָרט אונטער דעם וואָרט ההוא; כלה יג, ב; פר"א פרק כה; ב"ר נ, ב; תנח. וירא ח; תנח"ב וירא כ; מ"א וירא יח, ב; תרגומים יונתן און ירושלמי בראשית יח, ב; רש"י דאָרט פסוקים א, ב; יח, לג; יט, טז און כב; מה"ג,א' וירא רסו; ל"ט וירא יח, ג און יט, יז; י"ש אָנהייב וירא פב; בחיי בראשית יח, ב; אגדת תפילת שמונה עשרה אין בית המדרש חדר ה', הוצאת

ער האָט פאַרשטעלט זיך פאַר אַ שלאַנג, און ער האָט עס איין געשלונגען משה׳ן פאַר זיין פאַרשפעטיקן צו מל זיין זיין קינד, ח).

ער האָט אָן געזאָגט מנוח׳ן אַז אים וועט ווערן געבאָרן אַ זון [שמשון הגיבור], ט).

**איז אוריאל געוואָרן אַמאָל באַשטראָפט?**

יאָ, ווייל ער האָט נישט דורך געפירט זיין שליחות, מיסיע, ווי סע האָט בעדאַרפט זיין. וואָרן ער האָט בעדאַרפט אָן זאָגן די בשורה פון יצחק׳ס ווערן געבאָרן אברהם׳ן נישט שרה׳ן, י).

**ווי קומט עס טאַקע וואָס אַ מלאך זאָל נישט אוים פירן זיין מיסיע ווי געהעריק?**

שולדיג אין דעם איז געווען סמאל. אוריאל איז נישט געווען זיכער וועמען ער דאַרף אָן זאָגן די בשורה, אברהם׳ן צי שרה׳ן. סמאל האָט געפונען זיך ביי אברהם׳ס געצעלט מיט דעם צוועק צו שטרויכלען די דריי מלאכים׳ס מיסיעס, צו מאַכן קאַליע זייערע שליחות׳ן. האָט ער געראָטן דעם בספק׳דיקן אוריאל: דו דאַרפסט אָן זאָגן די בשורה שרה׳ן. ווייל זי ווייסט דאָך גאָר נישט דערפון. אברהם׳ן האָט דאָך שוין דער אייבערשטער אליין אָן געזאָגט, א).

**מיט וואָס איז אוריאל געוואָרן באַשטראָפט?**

זיין שטראָף איז געווען אַ שווערע. ער האָט געמוזט בלייבן לאַנג אויף דער וועלט; ביז ער האָט אָן געזאָגט מנוח׳ן אַז ער וועט ווערן דער טאַטע פון אַ זון. ערשט נאָך דעם האָט ער אום געקעהרט זיך אַהין פון וואַנען ער איז געקומען, ב).

**פאַר וואָס זיינען די מיסיעס צו אָן זאָגן אברהם׳ן און מנוח׳ן די גוטע בשורות געוואָרן איבער געגיבן אוריאל׳ן?**

ווייל די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט רחם, דער מוטערס טראַכט, באַטרעפט צוויי הונדערט אַכט און פערציק, פונקט ווי די צאָל פון די אותיות פון אוריאל, ג).

---

יעללינעק, ווינא, תרל״ג, זייטן 54—56; באַנד א, זייט 127, נאָטע ב.

ח) מ״א שמות ד, כד. פאַרגלייכט מיט זהר לך לך צג, ב. זעט זייט 230, נאָטע ב.

אין: ירוש. נדרים ענדע פרק ג; מר״י זייט נה, א. איסגאַבע אום; אונקלוס, יוב״ע שמות ד, כד, און זעט: רש״י, א״ע, רשב״ם, בחיי, און רש״י פסוק כו, הייסט עס מלאך.

אין: נדרים לב, א; י״ש דברים תתנג און ישעיה תלה שטעהט שטן.

אין: נדרים לב, א; ויושע 43—44 שטעהט אף און חמה.

אין: ש״ר ה, ח; בחיי שמות ד, כד הייסט עס אַ מלאך פון רחמים, באַרם האַרציקייט.

אין: בחיי שמות ד, כו; ל״ט שמות ד, כה הייסט עס המשחית.

וועגן וועמען דער מלאך האָט געוואָלט טויטן, משה׳ן צי זיין זון גרשם׳ן, אָדער זיין זון אליעזר׳ן, זעט די פאַרגעהענדיגע קוועלעס, און:

פשיטא שמות זייט עב, נאָטע 19, און נוסח השומרוני עדיציעס ר׳ חיים העליר ענגלישע אויסגאַבע זייטן 96—97, נאָטע 11; ספר הישר שמות; ש״ה זייט 340; מה״ג,ב׳ זייט 41; ויושע 43; י״ש שמות קסט; א״ע שמות ד, כד; ל״ט שמות יח, ד.

ט) י״ר וירא פט, א.

זעט נוריאל, זייט 321, נאָטן ב, ג.

י) י״ר וירא פט, א.

א) י״ר וירא פט, א—ב. זעט בראשית טו, ד און יז, טז, און וויטער זייט 293.

ב) י״ר וירא פט, ב.

ג) י״ר וירא פט, ב.

# רפאל

**ווען איז רפאל געוואָרן בעשאַפן?**
ביי דעם פיפטן טאָג פון דעם וועלט בעשאַף זאָגט די תורה „ועוף יעופף על הארץ על פני רקיע השמים", ד).

**ועוף**, פויגל, מיינט דעם מלאך מיכאל. ווי סע שטעהט אין פסוק „ויעף אחד מן השרפים", ה) און סע איז געפלויגן צו מיר **דער איינער** פון די ברענעדיקע מלאכים, און דאָס מיינט מיכאל'ן.

**יעופף**, פליט, מיינט דעם מלאך גבריאל. ווי דער פסוק זאָגט „מועף ביעף", ו) ער איז געפלויגן צו מיר מיט אַ פלי און מיט אַ שוויב, ז).

**על הארץ**, אויף דער ערד, מיינט דעם מלאך רפאל.

קומט אוים אַז ער איז געוואָרן בעשאַפן דעם פיפטן טאָג.

**על פני רקיע השמים**, אויף דעם הימלם אוים שפרייט, מיינט דעם מלאך אוריאל.

לויט אַן אַנדער מיינונג:
ועוף מיינט מיכאל'ן,
יעופף מיינט גבריאל'ן,
יעופף על הארץ מיינט אליהו'ן, וועלאַכער געפינט זיך שטענדיק אויף דער ערד,

**על פני** מיינט דעם מלאך המות, דעם מלאך פון טויט, וועלאַכער פאַר פינצטערט די וועלט, ווי סע איז געשריבן „וחושך על פני תהום", און פינצטערניש **על פני** תהום, און **תהום** ענטהאַלט די זעלבע אותיות ווי **המות**,

**הארץ** מיינט רפאל'ן,

**על פני רקיע השמים** מיינט אוריאל'ן, ז*).

און אָט דאָס איז דער סוד פון „מרכבו ארגמן", ח) זיין [דעם אייבערשטנס] רייט וואָגן איז ארגמן, ט): **אוריאל, רפאל, גבריאל, מיכאל, נוריאל**, ט*).

**פון וואָס פאַר אַ מאַטעריע איז רפאל?**
פון **אפר, אַש**, גענמליך **עפר שכלית**, ט**) שכל'דיקע, גייסטיקע ערד.

**פאַר וואָס הייסט ער רפאל?**
ווען דער בעשאַפער פון דער וועלט האָט בערוטן זיך מיט די מלאכים צי ער זאָל בעשאַפן דעם מענטש, זייגען מיכאל'ס און גבריאל'ס כתות, קאָמפּאַניעס

---

ד) בראשית א, כ.
ה) ישעיה ו, ו.
ו) דניאל ט, כא.
ז) רש"י דניאל ט, כא. אַז גבריאל גיט אַ פלי איבער דער גאַנצער וועלט מיט איין שוויב זעט ברכות ד, ב אונטן; י"ש אָנהייב תז און דניאל תתרסו; ילה"י ו, ו; מהר"י קאַראַ ישעיה ו, ו.
ז*) בראשית א, כ און א, ב. י"ר בראשית יז, ב, אויבן. זעט תנח. וישב ד.
ח) שיר השירים ג, י.
ט) בחיי בראשית א, ענדע פסוק כא. זעט י"ש דניאל תתרסו, קאַפּיטל ט. פאַרגלייכט זהר בראשית מו, ב, און דאָרט איז פאַראַן אַ מיינונג: אליהו אויף דעם אָרט פון רפאל.

רבינו בחיי ענדיגט דאָרט מיט „והמשכיל יבין", און דער פערשטאַנדיגער וועט פאַרשטעהן.

**אוריאל** און **נוריאל** איז דער זעלבער מלאך, זעט זהר, השמטות ענדע ספר בראשית רנב, ב און רעיא מהימנא, בא, מא, ב אונטן און מב, א אויבן, און פקודי רנד, א, צווייטע שורה, אויבן.

זעט אַנדערע טייטשן פון **ארגמן** אין במ"ר יב, ד.

ט*) רקאַנטי בראשית ז, א אויבן; י"ר בראשית יז, ב.
ט**) זהר, רעיא מהימנא, פנחס רכה, א.

געוועזן געגן דעם. האָט ער פֿאַרברענט זיי, און סע זיינען געבליבן בלויז מיכאל און גבריאל.

ער האָט גערופֿן לביאל'ס כתה, האָט לביאל געזאָגט: האַר פֿון דער וועלט, ווער וועט זאָגן דיר וואָס דו זאָלסט טון? טו לויט דיין ווילן אין דיין וועלט. וואָרן אַזוי פּאַסט פֿאַר דיר. דאָס האָט אימפּאָנירט, געפֿעלן דעם בעשאַפֿער. ער האָט געזאָגט צו אים: דו האָסט אויס „געהיילט" דאָס וואָס דיינע חברים, קאָלעגן, האָבן צעשטערט. ער האָט באַלד געביטן זיין נאָמען לביאל אויף רפאל. און ער האָט איבער געגיבן אים אַלע סאָרטן מעדיצינען, מעדיקאַמענטן וועלכע געפֿינען זיך אין דער וועלט, י).

ער הייסט רפאל, ווייל „אל נא רפא נא לה", א) ווען מרים הנביאה איז געוואָרן באַשטראָפֿט מיט אַ הויט קראַנקהייט פֿאַר רעדן לשון הרע אויף משה רבינו, האָט משה געבעטן צו דעם אייבערשטן מיט אָט די דאָזיגע ווערטער, ב).

ער הייסט רפאל, צו היילן דעם בראָך פֿון ירבעם'ן, ג).

**וואָס פֿאַר אַ טיטול האָט רפאל, ווי ווערט ער אָן גערופֿן?**

השר הקדוש, דער הייליגער האַר, ד);

שר הרפואות, ער איז דער אויף זעער איבער די רפואות, מעדיצינען, מעדיקאַמענטן, ה).

**וואָס זיינען זיינע פֿונקציעס?**

ער איז איינער פֿון די פֿיר וועלכע רינגלען אַרום דעם כסא הכבוד, דעם הימלישן טראָן. די אַנדערע דריי זיינען מיכאל, גבריאל, אוריאל, ו).

ער שטעהט מיט זיין כתה, קאָמפּאַני, הינטער דעם אייבערשטן, אויב מע קאָן אויס דריקן זיך אַזוי, און זיי לויבן אים, ז).

אין הימל האָט געפֿונען זיך אַ ספר וועלכער האָט ענטהאַלטן די וויכטיקסטע הייליגע, הימלישע סודות. דער דאָזיגער ספר איז געוואָרן געגיבן אדם הראשון'ען. אדם האָט געלערנט יעדער טאָג אין דעם ספר, און ער האָט געוויסט הימלישע סודות, סעקרעטן, וועלכע די מלאכים האָבן נישט געוויסט.

נאָך זיין זינד פֿון עסן די פֿאַרבאָטענע פֿרוכט איז דער ספר געפֿלויגן אַוועק פֿון אים. ער האָט געקלאַפּט אין קאָפּ זיך. ער האָט געוויינט און געקלאָגט. ער איז אַריין אין טייך גיחון ביז דעם האַלדז, זיין לייב איז געוואָרן גריבלדיק, געלעכערט. זיין געשטאַלט איז געוואָרן פֿאַרענדערט.

אין יענעם מאָמענט האָט דער הייליגער, געלויבט זיי ער, געגיבן אַ ווינק צו דעם מלאך רפאל, און ער האָט אום געקעהרט דעם ספר צו אדם'ן, ז*).

ער איז געקומען קורירן, אויס היילן אברהם'ן ווען ער האָט גע'מל'ט זיך, ח).

---

י) י"ר בראשית יט, א—ב, פֿון מדרש כונן. אָבער זעט: פּ"ר, תוספתא פּיסקא מו, זייט קפח, א; במ"ר ב, י; מדרש כונן.

א) בהעלותך יב, יג.

ב) במ"ר ב, ט; פּ"ר פּיסקא מו, תוספתא, זייט קפח, א. זעט זהר בראשית מו, ב, אונטן.

ג) זעט איינצלהייטן אין פּ"ר תוספתא פּיסקא מו, קפח, א; ב"ר ב, י.

ד) נח 158, אין ב"ה, חדר ג', יעללינעק.

ה) תנח. חוקת, הוספה א; זהר בראשית מו, ב, אונטן; זהר [סתרי תורה] וירא צט, א; מדרש כונן; י"ר יט, ב, צווייטע שורה.

ו) פּר"א פּרק ד; פּ"ר, תוספתא, קפח, א; במ"ר ב, ט.

זעט: זהר בראשית מו, ב און במדבר קיח, ב; ריקאַנטי אָנהייב במדבר.

זעט מיכאל, זייט 250; גבריאל, זייט 262; אוריאל, זייט 273, נאָטע ד.

ז) פּר"א פּרק ד.

ז*) זהר בראשית נה, ב.

ח) זעט די פֿאַרשידענע ווערסיעס און ווער סע זאָגט וואָס אין:

בבא מציעא פו, ב לעצטע פֿיר שורות און תוספות דאָרט אונטער דעם וואָרט ההוא;

ווען איינער האָט זכות אבות, געהען מיט אים מיט מיכאל אין אברהם׳ס זכות, גבריאל אין יצחק׳ס זכות, נוריאל אין יעקב׳ס זכות, און רפאל אין אדם הראשון׳ס זכות, ט).

ער איז געווען יעקב אבינו׳ס רבי, ט1).

ער דרשן׳נט גימטריאות, ט2).

**איז רפאל געוואָרן אַ מאָל באַשטראָפט?**

**יא.** רפאל און גבריאל זיינען געוואָרן אָפּ גערוקט פון זייער אָרט אויף הונדערט אַכט און דרייסיק יאָרן, דערפאַר וואָס זיי האָבן אַנטפּלעקט דעם אייבערשטנס אַ סוד. זיי האָבן געזאָגט לוט׳ן: „כי משחיתים אנחנו את המקום הזה", י) מיר פאַרניכטן דאָס דאָזיגע אָרט. זיי האָבן געגרויסט זיך און געזאָגט „אנחנו" מיר פערדאַרבן, א).

זיי זיינען געבליבן אויף דער וועלט. ערשט ווען יעקב אבינו איז געקומען קיין בית אל, און ער האָט געדאַוונט דאָרט תפילת ערבית, מעריב. איז מיט דעם כוח פון דער דאָזיגער תפילה האָבן זיי אום געקעהרט זיך אהין פון וואַנען זיי זיינען געקומען, ב).

# מטטרון, חנוך

**ווער איז מטטרון?**

ער איז די סאַמע ערשטע בעשאַפעניש פון די בעשאַפענע הערשאַפטן אין הימל, ג).

סע איז פאַראַן אַ מיינונג אַז מטטרון איז געווען פריער אַ מענטש. ער איז געווען חנוך, ירד׳ס זון און מתושלח׳ס פאָטער, ג*). און ער איז געוואָרן דער מלאך מטטרון, ד). און פאַרגעקומען איז עס אַזוי:

חנוך איז געווען אַ שוסטער. ביי יעדער נעי, ביי יעדער שטאָך האָט ער מכוון געווען און געזאָגט „ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד", ה) געלויבט זיי דער נאָמען פון זיין גלאָרייך קעניגטום אויף אייביג.

---

כלה יג, ב; פר״א פרק כה; ב״ר ג, ב; תנח. וירא ח; תנח״ב וירא כ; מ״א וירא יח, ב; תרגומים יונתן און ירושלמי בראשית יח, ב; רש״י דאָרט פסוקים א, ב; יח, לג; יט, טז און כב; מה״ג.א׳ וירא רסו; ל״ט וירא יח, ג און יט, יז; י״ש אַנהייב וירא פב; בחיי בראשית יח, ב; אגדת תפילת שמונה עשרה אין בית המדרש חדר ה׳, הוצאת יעללינעק, ווינא, תרל״ג, זייט 56—54; באַנד א, זייט 127, נאָטע ב.

ט) זהר, רעיא מהימנא, בא מא, ב; מב, א.

ט1) י״ר שמות י, ב.

ט2) בית המדרש, יעללינעק, חדר ב, 27, 43, 39.

י) בראשית יט, יג.

א) ש״ט ויצא כח, יב.

פאַרגלייכט די פאַרשידענע ווערסיעס און ווער סע זאָגט וואָס אין:

ב״ר ג, ט; סח, יב און עה, ב; תרגום יונתן בראשית יט, יג; תנח״ב וירא כא; ילמדנו א׳ וירא כד; ש״ט וירא יט, יג; מ״א וירא יט, יג; י״ש וירא פד, ויצא קיט און וישלח קלג; ל״ט בראשית יט, יג; בחיי וירא יט, יג; י״ר וירא פט, ב.

ב) י״ר וירא פט, ב.

ג) זהר חיי שרה, רעיא מהימנא, קכו, ב; אַנהייב ילקוט ראובני.

ג*) בראשית ה, יח, כב.

ד) תרגום יונתן בראשית ה, כד; מ״א בראשית ה, יח; י״ר בראשית נה, ב.

זעט: תוספות חולין ס, א, אונטער דעם וואָרט פסוק; בעה״ט בראשית ה, יד; יוצר פאַר שמחת תורה.

ה) י״ר בראשית ס, ב.

לויט אַן אַנדער מיינונג איז יעקב אבינו געווען דער ערשטער צו זאָגן דאָס, ו).

ער איז געווען אַ מאָל אַ צדיק, און אַ מאָל אַ רשע. האָט דער אייבערשטער געזאָגט: בעת, ווייל, ער איז נאָך אַ צדיק, וועל איך נעמען אים אַוועק פון דער וועלט, ז).

**ווי אַזוי האָט דער אַלמעכטיקער אַוועק־גענומען חנוך׳ן פון דער ערדישער וועלט?**

ער האָט גענומען אים אַרויף אין הימל אַריין אין אַ שטורם ווינט, ווי ער האָט גענומען אַרויף אליהו׳ן, ח).

חנוך איז איינער פון די ניין מענטשן וועלכע זיינען אַריין לעבעדיקערהייט אין גן עדן. די אַנדערע אַכט זיינען: אליהו, משיח, אליעזר אברהם אבינו׳ס קנעכט, עבד קעניג פון כוש, חירם קעניג פון צור, יעבץ רבי יהודה הנשיא׳ס אייניקל, סרח אשר׳ס טאָכטער און יעקב אבינו׳ס אייניקל, און בתיה פרעה׳ס טאָכטער.

לויט אַן אַנדער מיינונג רעכנט רבי יהושע בן לוי אויף דעם אָרט פון חירם קעניג פון צור, ט).

**וואָס האָט חנוך געטון אין גן עדן?**

ער איז געגאַנגען אַרום מיט די מל־אכים אין גן עדן דריי הונדערט יאָר. ער האָט געלערנט פון זיי עיבור, תקופות, מזלות און פילע וויסנשאַפטן. און ווייל ער איז געווען אַ צדיק, האָט דער איי־בערשטער געמאַכט אים פאַר אַ מלאך, און ער איז עם דער מלאך מטטרון, י).

לויט אַן אַנדער מיינונג איז ער גע־שטאָרבן ווי יעדער מענטש, א).

**חנוך איז דאָך געווען אַ מענטש פון פלייש און בלוט, ווי זשע אַזוי איז ער געגאַנגען אַרום אין הימל צווישן מלא־כים?**

ער איז געוואָרן פערוואַנדלט פון פלייש אין פייער, ב).

**וואָס מיינט מטטרון?**

סע אורשפרונגט פון דעם גריכישן וואָרט וואָס מיינט אַ שליח, אַ שטעפּעט,

---

ו) פסחים נו, ב; תענית טז, ב, אונטן; ספרי ואתחנן פיסקא לא, אויסגאַבע אום; ב״ר צח, ג; ד״ר ענדע פרשה ב; תנח. ויחי ח; תנח״ב ויחי ט; אגדת בראשית פרשה פ; ש״ט ויחי מט, א; י״ש ויחי קנז און ואתחנן תתלג; ל״ט בראשית מט, א.

דער מאמר געפינט זיך אויך אין יומא לה, ב, לעצטע שורה.

לויט תרגום ירושלמי בראשית מט, א האָט יעקב געזאָגט יהא שמיה רבא מברך לעלמי עלמין.

ז) ב״ר אָנהייב פרשה כה; י״ש בראשית אָנהייב מב, דברי הימים א׳ תתרעב. פאַר־גלייכט מיט: מ״א בראשית ה, יח; רש״י בראשית ה, כב.

ח) י״ר בראשית נו, א און שמות יא, א. זעט וועגן אליהו זייט 383, נאָטע א.

ט) זעט די פאַרשידענע נוסחאות, ווער־סיעס אין:

ד״א זייט 70—68; זעיר. זייטן 131—129; שו״ט כו, ז; רש״י בבא בתרא נח, א, אונטער דעם וואָרט אשכחיה; פרה״ק אין ספר הלקו־טים, עדיציע גרינהוט חלק ג, ט; מדרש תלפיות סימן א, זייט לט, א; י״ש בראשית מב, לך לך עו, חיי שרה קט, וירא מב און יחזקאל שסז; מ״א בראשית כד ענדע סד; „ענין חירם מלך צור״ אין תדא״ז זייט 29, עדיציע הורוויץ; „מעשה תורה״ אין „כבוד חופה״, זייט 32, עדיציע הורוויץ; ס״ה כא, א.

זעט באַנד א, זייט 188, נאָטע י, און זייט 189, נאָטע ת.

י) מ״א בראשית ה, כד.

א) זעט בראשית ה, כד און די תרגומים אונקלוס און יונתן, רש״י, א״ע דאָרט פסוק כב.

אין אונקלוס שטעהט אַריין געגרינגלט „[לא] אמית יתה״. קומט אויס אַז ער איז געשטאָרבן.

תוספות יבמות טז, ב אונטער דעם וואָרט פסוק, איז ביישט גורס דאָס וואָרט לא.

ב) זעט תוספות יבמות טז, ב אונטער

אַ געשיקטער, אַן אַמבאַסאַדאָר, אַוואַנ־גאַרד. אין איטאַליעניש מיינט עס אַ וועג ווייזער. אצבעו של הקדוש ברוך הוא נעשה מטטרון למשה והראהו כל ארץ ישראל, ג) דעם אייבערשטנס פינ־גער איז געוואָרן אַ ווייזער, אַ צייגער פאַר משה׳ן, און ער האָט געוויזן גאַנץ ארץ ישראל אים.

לויט אַן אַנדער מיינונג: באצבעו של משה היה מטטרון מראה למשה והראהו את כל ארץ ישראל, ד) מיט משה׳ס פינגער האָט מטטרון געצייגט משה׳ן און געוויזן אים גאַנץ ארץ ישראל.

נעשה קולו של הקדוש ברוך מטטרון למשה, נעשה קולו של הקדוש ברוך הוא מטטרון על המים, ה) דעם אייבערשטנס קול איז געוואָרן אַ וועג ווייזער פאַר משה׳ן...

לויט נאָך אַ מיינונג: משה אַליין האָט געזען עס. סע איז געוואָרן געגיבן אים כוח אין זיינע אויגן. און ער האָט געזען פון איין עק וועלט ביז צו דעם צווייטן, ו).

מטטרון מאַכט מיט טורין, ז).

**האָט מטטרון נאָך נעמען?**

יאָ. סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיי־נונגען:

זיבן נעמען, ח);

אַכט נעמען, ט);

זיבעציק נעמען, י).

ער ווערט אַן גערופן מיט דעם איי־בערשטנס נאָמען שדי, א).

די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט מטטרון באַטרעפט דריי הונדערט און פערצן, פונקט ווי די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט שדי, ב).

לויט אַן אַנדער מיינונג מיינט עס מיכאל׳ן, ג).

ער ווערט אַן גערופן מלאך המות, ד).

**פאַר וואָס שטעהט געשריבן אַ מאָל מיטטרון מיט אַ י, און אַ מאָל מטטרון אָהן אַ י?**

מיטטרון מיט אַ י מיינט די שכינה, אָהן אַ י מיינט מלאך שלם, ה).

**האָט מטטרון עפּיס טיטלס?**

יאָ:

שר שלום, ה*) האַר פון פרידן.

המלאך הגדול, ו) וועג ווייזער;

שר הפנים, ז) אינערן מיניסטער;

---

דעם וואָרט פּסוק; חולין ס, א אונטער דעם וואָרט פּסוק; י״ר בראשית נז, א.

ג) פאַרגלייכט: ספרי האזינו פיסקא שלח, אויסגאַבע אום; רמב״נ שמות יב, יב; תנח. תשא לה [מיטטור] און עץ יוסף דאָרט.

ד) י״ש האזינו תתקמט.

ה) ב״ר ה, ד. אין [רש״י?] דאָרט שטעהט מיטיטור. אין ילק״ה כט, יא שטעהט מטרטון.

ו) י״ש האזינו תתקמט.

ז) זהר חדש רות סו, ג.

ח) יוסיפוס. זעט תוספות חולין ס, א אונטער דעם וואָרט פּסוק.

ט) תוספות יבמות טז, ב אונטער דעם וואָרט פּסוק אין נאָמען פון פסיקתא.

י) זעט: ספר היכלות; אלפא ביתא דרבי עקיבא; של״ה זייט מו; בית המדרש, עדיציע יעללינעק; י״ר בראשית נו, ב.

א) סנהדרין לח, ב. אונטן; י״ש משפטים ענדע שנט; רש״י שמות כג, כא, און זעט רמב״נ דאָרט; מהרש״א חולין ס, א.

ב) רש״י שמות כג, כא. זעט רמב״נ שמות די פסוקים כג, כב [כא] און כד, א, און די אַנדייטונג אין די תרגומים אונקלוס און יונתן בן עוזיאל אויף דעם פּסוק „כי שמי בקרבו״ [פּסוק כא], ווייל מיין נאָמען איז אין אים; י״ר בראשית נו, א. זעט בעל הטורים ברא־שית ה, יד; י״ר בראשית נו, ב. זעט מהרש״א חולין ס, א.

ג) אבן עזרא שמות כג, כ.

ד) זעט י״ר בראשית נז, א.

ה) י״ר בראשית נו, א.

ה*) י״ר שמות יא, א.

ו) רמב״נ שמות יב, יב.

ז) זהר חיי שרה קכו, מדרש הנעלם און

**שר העולם, ח)** אויף זעער איבער דער וועלט, ווייל ער טיילט אוים שפּייז צו אַלע הארן פון די פעלקער פון דער וועלט, ט).

**נער,** [„נער הייתי גם זקנתי", י)] ווייל ער באַדינט פאַר דער שכינה דורך צעטיילן שפּייז צו אַלע כתות, קאָמפּאַניעס מלאכים פון דעם „עולם השפל", פון דער נידעריקער וועלט, **א)**.

דעם דאָזיגן פּסוק האָט געזאָגט דער שר העולם, **ב)**. און מטטרון ווערט דאָך אָן גערופן שר העולם. זעט ערשטע שורה.

**מטטרון האָט געזאָגט דעם פּסוק „נער הייתי גם זקנתי..." ב1), האָט ער געזאָגט נאָך פּסוקים?**

יאָ. אָט למשל האָט ער געזאָגט דעם פּסוק „יהי כבוד ה' לעולם, ישמח ה' במעשיו", **ב2)**.

**ספרא רבא, ג)** גרויסער שרייבער [גענעראַל סעקרעטאַר];

**רב חכמתא,** ער איז איינער פון די פיר הארן פון חכמה. די אַנדערע דריי זיינען יופיאל, אוריאל, יפיפיה, **ד)**.

**כהנא רבא, כהן גדול, ה).**

עבדו של מקום, ה*) דעם אַלקעגנוואַרטיקנס קנעכט.

**ווי הויך איז מטטרון?**

ער איז העכער פון זיינע חברים, קאַלעגן, פינעף הונדערט יאָרן גאַנג, ו).

**ווי אָפּט ערשיינט מטטרון פאַר דעם אייבערשטן?**

ווען דער אייבערשטער רופט די מלאכי השרת, די דינסט מלאכים רופט ער צו ערשט מטטרון'ען, ז).

**ווי אַזוי איז דעם בעשאַפער באַציאונג צו מטטרון'ען?**

ער האָט ליב אים מעהר פון אַלע הימלישע קינדער.

רבי ישמעאל דערצעהלט: דער שר הפנים מטטרון האָט מיר געזאָגט, אז דערפאַר וואָס דער הייליגער, געבענטשט זיי ער, האָט מיך ליבער פון אַלע הימלישע קינדער, האָט ער געמאַכט מיר אַ שעהנעם מלבוש וועלאַכן איך האָב אָן געטון, און אָן עהרן מאַנטל וועלאַכער האָט אַלע סאָרטן לויטערקייטן און ליכטיקייטן, און אַ קעניגליכע קרוין פון

---

מהימנא פּנחס ריט, א; י"ש בראשית טו, א און נו, א. זעט דאָרט עמוד ב וועגן ממטיר.

**ח)** זעט תוספות יבמות טז, ב אונטער דעם וואָרט פּסוק; תוספות חולין ס, א אונטער דעם וואָרט פּסוק; מהרש"א חולין ס, א.

רש"י אין סנהדרין צד, א אונטער דעם וואָרט **שר העולם** טייטשט: דער מלאך אין וועמענס האַנט סע איז געגיבן איבער די גאַנצע וועלט. אָבער דער נאָמען פון דעם מלאך איז נישט אָן געגיבן.

**ט)** י"ר בראשית נז, ב, אונטן.

י) תהלים לז, כה.

**א)** בית המדרש חדר ג, זייט 139 און זעט דאָרט נאָטע ב. זעט זהר תרומה קמג, א אונטן, און קנט, א.

זעט: תוספות חולין ס, א, אונטער דעם וואָרט פּסוק; זכריה ב, ח און א"ע דאָרט.

**ב)** יבמות טז, ב און זעט דאָרט תוספות אונטער דעם וואָרט פּסוק, און זעט עהנליכס אין חולין ס, א אונטן, און תוספות דאָרט אונטער דעם וואָרט פּסוק מיט באַצוג אויף אָן אַנדער פּסוק; יל"ה לו, ל; רש"י תהלים לז, כה.

**ב1)** תהלים לז, כה.

**ב2)** תהלים קד, לא. חולין ס, א, אונטן, און זעט תוספות דאָרט, אונטער דעם וואָרט פּסוק.

**ג)** תרגום יונתן בראשית ה, כד.

**ד)** תרגום יונתן דברים לד, ו.

**ה)** זעט איינצלהייטן אין זהר תרומה קנט, א.

ה*) זהר חיי שרה, רעיא מהימנא קכו, ב.

**ו)** ב"ה חדר ג, גן עדן, זייט 139; אבּרבנאל, מורה נבוכים מ"ב, לד.

לויט פּיוט אחרון של פסח איז עס גבריאל.

ז) תנא דבי אליהו זוטא, פּרשה כ.

צען טייערע שטיינער אין דער ליכטיקייט פון דעם זון־ראָד..., ח).

**וויאַזוי איז מטטרון'ס באַציאונג צום אייבערשטן?**

ווען דער אייבערשטער האָט געוויינט אויף דעם חרוב ווערן פון דעם בית המקדש, איז געקומען מטטרון. ער איז געפאַלן אויף זיין פנים, און ער האָט געזאָגט צו דעם אייבערשטן: איך וועל וויינען, און דו זאָלסט נישט וויינען. אָבער דער אייבערשטער האָט געזאָגט צו אים: אויב דו לאָזט נישט מיך וויינען איצט, וועל איך געהן אריין אין אַן אָרט וואוהין דו האָסט קיין רשות, קיין ערלויב צו געהן אריין, און איך וועל וויינען, ט).

**וואָס איז די מלאכים'ס באַציאונג צו מטטרון'ען?**

דער בעשאַפער האָט אָן געשריבן מיט דעם פינגער אין מטטרון'ס קרוין די אותיות מיט וועלאַכע ער האָט בעשאַפן הימל און ערד, די ימים און טייכן, די שטערנס, פלאַנעטן, בליצן, ווינטן, דינערס, שניי, האָגל, שטורם, און די אותיות מיט וועלאַכע ער האָט בעשאַפן דעם גאַנצן אוניווערס. און דערפאַר האָבן אַלע מלאכים און די שרים, די האַרן פון די מלכים, און אַפילו סמאל, מורא, און זיי ציטערן פאַר אים, י).

**איז מטטרון אַ גוטער צי אַ שלעכטער מלאך?**

ער איז איינער פון די דריי באַרמהאַרציגע מלאכים, א).

**וואָס זיינען מטטרון'ס פונקציעס, טעטיקייטן?**

דער בעשאַפער האָט איבער געגיבן אים די אויפזיכט, די הערשאַפט, איבער אַלע זיינע הימלישע הערשאַפטן, א*).

ווען שמחזאי [עזה] און עזאל זיינען געפאַלן אַראָפּ פון דעם הימל אויף דער ערד, און זיי האָבן פאַרקערט מיט די פרויען און געבראַכט קינדער, היווא און הייא, אויף דער וועלט, האָט מטטרון געשיקט באַלד אַ שליח, אַ שטעפעט צו שמחזאי'ן און געלאָזט וויסן אים, אַז דער בעשאַפער וועט מאַכן חרוב, פאַרניכטן די וועלט און ברייננגן אַ מבול, אַ פאַרפלייצונג. האָט שמחזאי אָן געהויבן באַלד צו וויינען. ער האָט געוויטאָגט אויף דער וועלט און געזאָרגט זיך וועגן זיינע קינדער. וואו וועלן זיי נעמען שפייז? יעדער איינער פון זיי פלעגט דאָך פאַרצעהרן יעדער טאָג טויזנט קעמלען, טויזנט פערד און טויזנט אָקסן!... שמחזאי האָט געטון תשובה. ער האָט אויף געהאָנגען זיך צווישן הימל און ערד, מיט דעם קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף... עזה האָט נישט געטון תשובה..., ב).

ער זיצט דריי שעה אַ טאָג און פאַרשרייבט די נעמען פון די נפל'אַך וועלאַכע שטאַרבן אין זייערע מוטערס טראַכטן, די זויגלינגע וועלאַכע שטאַרבן ביי זייערע מוטערס ברוסטן, און די קינדערלאַך וועלאַכע זיינען געשטאָרבן פאַר די פינעף חומשים. ער בריינגט זיי אונטער דעם כסא הכבוד, הימלישן טראָן, זעצט אוים זיי אין גרופּעס און לערנט מיט זיי תורה, חכמה, און נאָך גוטע זאַכן, ג).

---

ח) י"ר בראשית נג, א, פון סודי רזא.
ט) פתיחתא אי"ר כד; י"ש איכה תתקצו.
י) י"ר בראשית נט, ב.
א) ילקוט חדש, סימנים ט און לח.
א*) זהר חיי שרה, רעיא מהימנא קכו, ב.

ב) זעט איינצלהייטן אין י"ש בראשית מד; עזא און עזאל [עוזיאל], זייטן 321—322, נאָטע ג; זהר בראשית לז, א; באַנד ג, ביי נפילים, עזא.
ג) י"ר בראשית נז, ב [פון סודי רזא].

ער לערנט די קליינע קינדער תורה, ד).

ער ברענגט די אידנס תפילות, געבעטן פאַר דעם כסא הכבוד, הימלישן טראָן, ה). און זיי מאַכן פון זיי קרוינען פאַר דעם בעשאַפער, ו).

ער שרייבט זכות אויף אידן, ז).

ביי משה רבינו'ס פטירה האָט דער אייבערשטער געזאָגט: ווער וועט איין שטעלן זיך פאַר די אידן, ווען איך בין אין כעס. ווער וועט פירן מלחמה פאַר זיי. ווער וועט בעטן רחמים, באַרם האַרציקייט פאַר זיי, ווען זיי זינדיקן פאַר מיר? אין דעם מאָמענט איז געקומען מטטרון, ער איז געפאַלן אויף זיין פּנים, און ער האָט געזאָגט: האר פון דער וועלט, משה איז געווען דיינער ביי זיין לעבן, און ער איז דיינער אין זיין טויט, ח).

**האָט מטטרון געהאַט קאָנטאַקטן, פאַרבינדונגען מיט מענטשן נאָך זיין ווערן אַ מלאך?**

יאָ. ווען דער אייבערשטער האָט געזאָגט צו משה'ן: „זע, איך שיק אַ מלאך פאַראויס צו היטן דיך אין וועג, און צו ברענגען דיך צו דעם אָרט וועלכס איך האָב אָן געגרייט. היט דיך פאַר אים און פאָלג אים..., ווייל מיין נאָמען איז אין אים", ט) מיינט עס דעם מלאך מטטרון. די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט מטטרון באַטרעפט דריי הונדערט און פערצן, פונקט ווי די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט שדי, אַלמעכטיקער, י).

לויט אַן אַנדער מיינונג מיינט עס דעם מלאך מיכאל, א).

משה רבינו האָט געפרעגט מטטרון'ען פאַר וואָס דער בעשאַפער האָט נישט בעשאַפן די וועלט מיט „א", האָט ער געענטפערט אים: **א** איז דאָך זכר. **ב**, נעמלאָך **בית** איז אשה. ווי מיר געפינען: רבי יוסי האָט געזאָגט „איך האָב קיין מאָל גערופן מיין ווייב **ווייב**, נאָר **ביתי**", ב).

ער איז געווען משה רבינו'ס רבי, ב*).

ער האָט געצייגט מיט משה'ס פינגער און געוויזן גאַנץ ארץ ישראל אים, ג).

סע איז פאַראַן אויך אַ מיינונג אַז מטטרון מיינט אַ צייגער, אַ ווייזער, אַ וועג ווייזער. אצבעו של הקדוש ברוך הוא נעשה מטטרון למשה והראהו כל ארץ ישראל, ד) דעם אייבערשטנס פינגער איז געוואָרן אַ צייגער, אַ ווייזער, אַ וועג ווייזער פאַר משה'ן. און ער האָט געוויזן גאַנץ ארץ ישראל אים.

לויט אַן אַנדער מיינונג: משה אַליין האָט געזען עס. סע איז געוואָרן געגיבן אים כוח אין זיינע אויגן. און ער האָט

---

ד) עבודה זרה ג, ב. דאָרט שטעהט מיטטרון.

ה) זעט ילקוט חדש, סימנים ט און לח.

ו) זעט סנדלפון, זייט 321, נאָטע ט.

ז) זעט חגיגה טו, א.

ח) תנחומא ענדע ואתחנן. זעט דאָרט דעם משל וועלכן דער אייבערשטער האָט געגיבן.

ט) שמות כג, פסוקים כ און כא.

י) זעט סנה, לח, ב; רש"י שמות כג, כא; רמב"ן פסוקים כג, כב [כא] און כד, א; י"ש משפטים ענדע שנט.

זעט: אונקלוס און יוב"ע שמות כג, כא; בעה"ט בראשית ה, יד; י"ר בראשית נו, ב.

א) מ"א משפטים כג, כ; רש"י יהושע ה, טו; ל"ט משפטים כג, כ; א"ע משפטים כג, כ; רבינו בחיי אין נאָמען פון רבינו חננאל ז"ל.

ב) י"ר בראשית ג, ב פון ספר הקנה. שבת קיח, ב. אין ר"ר ב, פסוק ז שטעהט רבי יוסי בן חלפתא.

ב*, י"ר שמות י, ב.

ג) י"ש האזינו תתקמט. זעט אַנהייב מטטרון.

ד) פאַרגלייכט: ספרי האזינו פיסקא שלח, אויסגאַבע אום; רמב"ן שמות יב, ב; תנח. תשא לה [מיטטור] און עץ יוסף דאָרט.

געזעגן פון איין עק וועלט ביז צו דעם צווייטן, ה).

**איז מטטרון אַ מאָל געוואָרן באַ־שטראָפט?**

יאָ, מיט זעכציק פייערדיקע שמיץ, צו אינפאָרמירן, לאָזן וויסן אים אַז ער האָט נישט מעהר מאַכט פון די אַנדערע מל־אכים, ו).

## אליהו זכור לטוב

**וו**עגן אליהוין: דער מענטש, דער נביא, זיין לעבן און שאַפונג, אַז ער איז מתושלח, פינחס... וועט געפינען זיך אין די ווייטערדיקע בענדער.

**ווער איז געוועזן אליהו?**

סע איז פאַראַן אַ מיינונג אַז ער איז געוועזן מתושלח, ו*).

**האָט אליהו געהאַט נאָך נעמען?**

יאָ, פיר, ז).

**איז אליהו הנביא געשטאָרבן?**

ניין, ח).

ער איז איינער פון די דרייצן וועלא־כע האָבן נישט פאַרזוכט דעם טעם פון טויט, ט).

ער איז איינער פון די וועלאַכע זיינען אַריין אין גן עדן לעבעדיקערהייט, י).

ער האָט נישט געזינדיקט, און ער לעבט אייביג, י*).

**ווי אַזוי האָט אליהו פאַרלאָזט אונזער וועלט?**

סע איז געוועזן ווען ער איז געגאַנגען מיט זיין תלמיד אלישע, און זיי האָבן געשמועסט. און אָט איז אַ רייט וואָגן פון פייער, און פערד פון פייער. זיי האָבן צעשייד צווישן זיי ביידע. און אליהו איז אַרויף אין הימל אַריין מיט אַ שטורם ווינט, א).

**וואָס איז געוועזן די מלאכים'ס שטעל־לונג צו אליהו'ן?**

ווען דער אייבערשטער האָט גענומען אליהו הנביא זכור לטוב אַרויף אין הימל אַריין, האָט דער מלאך המות געשטעלט זיך געגן דעם. האָט דער אייבערשטער

---

ה) י"ש האזינו תתקמט.

ו) זעט חגיגה טו, א און דעם ערשטן תוספות דאָרט.

סע איז כדאי צו באַמערקן אַז די באַשטראָפ־טע מלאכים זיינען געוואָרן באַשטראָפט מיט זעכציק פייערדיקע שמיץ, זעט זייט 271, נאָטע ב; 290, נאָטע ו.

ו*) י"ר בראשית כ, ב, אונטן.

ז) תנח. תשא יג; ש"ר מ, ד.

ח) מועד קטן כו, א; ענין חירם מלך צור אין תנא דבי אליהו [צוויי נוסחאות, עדיציע הורוויץ זייט 29].

ט) ב"ר כא, ה; י"ש יחזקאל שסז; חירם א', 29.

י) פאַרגלייכט: דרך ארץ זייטן 68—69; זעיר. זייט 74; י"ש בראשית מב, לך לך עו און יחזקאל שסז; פרקי רבינו הקדוש אין ספר הלקוטים חלק שלישי, עדיציע גרינהוט, פרק ט און זעט פרק י, א; מדרש מעשה תורה אין בית המדרש, חדר ב, זייט 100, עדיציע יעללינעק, גרינהוט; „מעשה תורה" אין „כבוד החופה", עדיציע הורוויץ, זייט 25; תורה א, 25.

י*) ויק"ר כז, ד; ק"ר ג, פסוק טו; תנח. אמור אַנהייב ט; פר"כ זייט עו, א, אויסגאַבע אום; זוטא ד', ג, טו.

א) מלכים ב', ב פסוק יא, און זעט פסוק א; זעט י"ר שמות יא, א.

געזאָגט צו אים: איך האָב בעשאַפן דעם הימל כדי אליהו זאָל געהן אַרויף אַהין. האָט דער מלאך המות גע'טענה'ט, אַז דאָס וועט גיבן די מענטשן אַ גע־לעגנהייט צו רעדן. האָט דער אייבערש־טער געזאָגט אים: דער דאָזיגער איז נישט ווי די אַנדערע מענטשן. ער קאָן אום ברייגגן דיך אין גאַנצן פון דער וועלט. דו קענסט נישט זיין שטאַר־קייט..., ב).

סע איז פאַראַן אַ מיינונג אַז אליהו איז נישט אַרויף אויף דעם הימל; אַז ער איז אַרויף ביז צען טפחים [אַ טפח איז די ברייט פון די לענגערע פיר האַנט פינגערם] אונטער דעם הימל, ג).

**וועמער איז געווען אליהו'ס רבי?**
דער מלאך מלתיאל, ג*).

**האָט אליהו עפּיס ספּעציעלע פּריווי־לעגיעס?**

ער איז איינער פון די פיר מייסטערס וועלכע דער אייבערשטער האָט געוויזן דעם נביא זכריה. די אַנדערע דריי זיי־נען משיח בן דוד, משיח בן יוסף און כהן צדק [נעמלאַך שם בן נח], ד).

לויט אַן אַנדער מיינונג:

ער געפינט זיך שטענדיק אויף דער ערד, ה).

**איז פאַראַן אַ רמז, אַן אָן דייט, אַן אָן ווינק אין דער תורה אַז אליהו געפינט זיך שטענדיק אויף דער ערד?**

יאָ:

ועוף מיינט מיכאל'ן,

יעופף מיינט גבריאל'ן,

יעופף על הארץ מיינט אליהו'ן, וועלכער געפינט זיך שטענדיק אויף דער ערד,

על פני מיינט דעם מלאך המות, דעם מלאך פון טויט, וועלכער פאַר פינצ־טערט די וועלט. ווי סע איז געשריבן „וחושך על פני תהום", און פינצטערניש על פני תהום, און תהום ענטהאַלט די זעלבע אותיות ווי המות,

הארץ מיינט רפאל'ן,

על פני רקיע השמים מיינט אוריאל'ן, ה*).

**ווי אַזוי ווערט אליהו באַצייכנט?**

**איש אלקים**, הימלישער מאַן, ו);

**כהנא רבא**, כהן גדול, ז);

**מלאך הברית**, ח).

אגב, די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט **אליהו** באַטרעפט צוויי און פופ־ציק, פונקט ווי די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט **בן**.

**אפּוטרופּוס** [אפיטרופוס], אויף זעער, אַדמיניסטראַטאָר, אָפּ היטער, אַכטונג

**ב)** שכ"ל ד, א—ב; זהר רות, און זעט דאָרט איינצלהייטן.

**ג)** סוכה ה, א, אויבן. פאַרגלייכט: מכילתא סה, ב, אויסגאַבע אום; י"ש יתרו רפד און מלכים ב', רכה.

**ג*)** י"ר שמות י, ב.

**ד)** זכריה ב, ג. סוכה נב, ב.

אין פר"כ נא, א, אויסגאַבע אום; פ"ר עה, א שטעהט משיח מלחמה אויף דעם אָרט פון משיח בן יוסף. און זעט ווער סע זאָגט וואָס.

זעט ילה"י נב, ז די לעצטע צוויי שורות וועגן די פיר מייסטערס.

**ה)** זהר בראשית מו, ב; י"ר בראשית יז, ב. זעט דאָרט וועגן **יעופף על הארץ**.

**ה*)** בראשית א, כ און א, ב. י"ר בראשית יז, ב, אויבן. זעט תנח. וישב ד. פאַרגלייכט די נוסחאות, ווערסיעס: אָנהייב **מיכאל** זייט 245, אָנהייב **גבריאל** זייט 259, אָנהייב **אוריאל** זייט 272, אָנהייב **רפאל** זייט 275.

**ו)** מלכים א' יז, כד.

**ז)** תרגום יונתן דברים ל, ד; תרגום קהלת י, כ.

**ח)** פר"א פרק כט, סימן סז, און זעט דאָרט פרק מג, סימן פה; מ"א פינחס כה, יג; זעט זהר פינחס אָנהייב רעיא מהימנא רטו, א; ספר חסידים, עדיציע וויסטינעצקי, תקפה.

זעט זייט 316, נאָטע ו.

גיבער. ער האָלט וואָך איבער דעם אייבערשטנס קינדער, ח*).

**איז אליהו פון די מלאכים וועלאָכע ענדערן אַ מאָל זייער געשטאַלט?**

יאָ. צו קאָנען פאַרווירקליכן זיינע מי־סיעס קומט אוים זעהר אָפט אים צו פאַרענדערן זיין אוים זען, זיין געשטאַלט.

ער האָט פאַרשטעלט זיך פאַר חרבו־נה, ט),

פאַר אַן געזעענע רעגירונגס בעאַמ־טע, י),

ווי אַן אַראַבישער סוחר, געשעפטס מאַן, א),

ווי אַ רייטער, אַ ריטער, ב).

רבינו הקדוש האָט געליטן ציין וויי־טאָג דרייצן יאָר. איז אליהו זכור לטוב געקומען צו אים אין דעם געשטאַלט פון רבי חייא רבה. ער האָט אַרויף געלייגט זיין האַנט אויף דעם צאָן, און ער איז געוואָרן געהיילט באַלד, ג).

**באַווייזט ער זיך צו מענטשן?**

יאָ. אַזוי צום ביי שפּיל פלעגט ער זיין אַן אָפטער גאַסט אין רבי׳ס מתיבתא, ד).

ער האָט געטראָפן זיך מיט פילע אַנ־דערע חכמי התלמוד, ה).

ער האָט געלערנט מיט רב ענן׳ען סדר אליהו, ו).

ער האָט געפּרעגט נהוריי׳ן צו וואָס האָט דער בעשאַפער בעשאַפן שקצים און רמשים, אינסעקטן און קריכנדיקע בעשאַפענישן. האָט ער געענטפערט אים: זיי זיינען געוואָרן בעשאַפן צו ליב אַ צוועק. ווען די מענטשן זינדיקן קוקט דער בעשאַפער אויף די דאָזיגע בעשאַ־פענישן און זאָגט: מה דאָך די דאָזיקע וועלאָכע מע דאַרף נישט. זיי ברייננגן קיין נוצן. האַלט איך זיי אויף. מכל שכן די מענטשן וועלאָכע מע דאַרף יאָ, דאַרף איך דאָך געוויים אויף האַלטן אויף דער וועלט. האָט אליהו ז״ל געזאָגט צו אים:

---

ח*) י״ר בראשית כ, ב, לעצטע צוויי שורות. זעט ווייטער זייטן 288—287, נאָטע ג.

ט) פר״א פרק נ; א״ר י, ט; י״ש אסתר אַנהייב תתרנט, און נאָך.

י) תענית כא, א, אונטן; עבודה זרה יז, ב, אונטן.

א) ברכות קט, ב.

ב) שבת קט, ב, אונטן.

ג) ב״ר לג, ג. אין ב״ר צו, ענדע סימן ה שטעהט הגדול. אין ירושלמי כלאים פרק ט, הלכה ג, שטעהט רובה. אין תנח. ויחי ג שטעהט בלויז ר״ח [רבי חייא].

ד) ב״מ פה, ב. זעט: ב״ר ענדע צנ; תנח. ויחי ו.

ה) זעט צום ביי שפּיל:

ברכות ג, א; ו, ב; נח, א; שבת לג, ב; תענית כב, א [עלפטע שורה] און כד, ב; מגילה טו, ב; חגיגה טו, ב; יבמות סג, א; כתובות קו, א; נדרים נ, א; גיטין ו, ב; קידושין מ, א; בבא מציעא נט, ב; פד, א ערשטע שורה; פה, ב; קיד, א; סנהדרין סג, ב אונטן; צח, א; קט, א; קיג, א, אונטן און רש״י אונטער דעם וואָרט שלש; מכות יא, א; עבודה זרה יז, ב; אר״נ נוסחא א, פרק ב; ירושלמי ברכות פרק ט, אַנהייב הלכה ב; תרומות פרק א, הלכה ד; ירושלמי סנהדרין פרק י, הלכה ב; ב״ר לג, ג און צו ענדע ה; ד״ר ד, טו; ר״ר ד, כא, א [זעט א״ר י, ט]; תנח. ויחי ג און האזינו ח; תנח״ב בראשית יב און כז, ויחי ו; פר״כ זייט פז, ב, אויסגאַבע אום; צב, ב און צג, א [זעט קלא, א]; פ״ר פיסקא כב, זייט קיא, ב און פיסקא לב, זייט קמח, ב; שו״ט יח, יב; לו, ח און קד, כה; ילי״ה לח, ב און צה, ט; י״ש אסתר תתרנו; י״ר ויקרא קיג, ב; מנה״מ ח״ב, 44, און ג׳ תלמוד תורה 315; ספר חסידים תתתתיז; מדרש רות זוטא, אין מדרש זוטא, עדיציע באָבער זייט 55; פרקי רבינו הקדוש אין ספר הלקוטים חלק שלישי, עדיציע גרינהוט פרק ג, טו; מעשה דרבי יהושע בן לוי אין בית המדרש חדר ב׳ עדיציע יעללינעק, זייט 48; אלפא ביתא דבן סירא, עדיציע שטיינשניידער ה, א און י, א.

ו) כתובות קו, א, פיפטע שורה.

זיי גופא, זיי אַליין זיינען נייטיג. די פליג איז נייטיג דער בין..., ז).

ער בעוויזט זיך צו פרויען, ח).

אָבער ער בעוויזט זיך נישט צו קפּדנים, נישט געדולדיקע, ט).

**וואָס זיינען אליהו׳ס פונקציעס, טעטיקייטן?**

ער דערלאַנגט די אבות וואַסער ביים דאַווענען צו וואַשן זייערע הענט, י).

ווען סע זיינען געווען נביאים, פלעגן זיי פאַרשרייבן אַ מענטשנס מצוה. זינט סע זיינען נישט פאַראַן נביאים, איז ווען אַ מענטש טוט אַ מצוה, פאַרשרייבן עס אליהו און דער מלך המשיח. און דער הייליגער געלויבט זיין נאָמען חתמ׳עט, שרייבט עס אונטער, א).

ער גלייכט אוים אַ מחלוקת, אַ מיינונג פאַרשידענהייט אין לערנען צווישן די מלאכים מיכאל און גבריאל, ב).

דער שליסל פון רעגן איז אין זיינע הענט, ג).

לויט אַנדערע מיינונגען איז דער שליסל פון רעגן איינער פון די דריי שליסלען וועלאַכע זיינען אין דעם אייבערשטנס האַנט. און זיי זיינען נישט געוואָרן איבער געגיבן אין די הענט פון אַ שליח. די אַנדערע צוויי זיינען די שליסלען פון געבורט, און פון תחיית המתים, ד).

סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיינונגען אויך וועגן די שליסלען פון וועלאַכע זאַכן; די שליסלען פון:

קבורה, רעגן און דער מוטערס טראַכט, ה);

תחיית המתים, עקרה קינדער לאַזיקייט, און רעגן, ו);

מוטערס טראַכט, קברים ביי תחיית המתים און רעגן, ז).

לויט אַן אַנדער מיינונג זיינען פאַראַן פיר שליסלען: פון רעגן, פרנסה, קבר און עקרה קינדער לאַזיקייט, ח).

אגב, אליהו זכור לטוב האָט נאָך ביי זיין לעב צייט אויף געהאַלטן רעגן, ט).

---

ז) ירושלמי ברכות פרק ט, אָנהייב הלכה ב. זעט אויך אָנהייב ר״ר וועגן אַן אַנדער ענין, און דאָרט שטעהט נהוראי.

ח) אר״נ נוסחא א, אָנהייב פרק ב.

ט) כלה זייט 273.

י) שכ״ל ד, ב [סודי רזי].

א) ויק״ר לד, ח; ר״ר פרשה ה, ענדע סימן ו, אויף דעם פסוק „ויאמר לה בועז לעת האוכל״ אין רות ב, יד; י״ש בהר תרסה און מלאכי תקצ.

ב) בבא בתרא עה, א, און זעט דאָרט רש״י און תוספות אונטער דעם וואָרט פליגי.

ג) תענית כג, א; תנח״ב ויצא טז; ב״ר עז, א. פאַרגלייכט: תענית ב, א, רש״י און תוספות אונטן; סנהדרין קיג, א אונטן און רש״י; ד״ר י, ג; יל״ה סט, כז.

אין יומא כא, א ערשטע שורה איז פאַראַן „רידייא״, און אין תענית כה, ב געפינט זיך רידיא. און אין ביידע ערטער טייטשט רש״י אַז דאָס איז דער נאָמען פון דעם מלאך וועלאַכער האָט צו זאָגן איבער רעגן.

לויט רש״י תענית ז, ב אונטער דעם וואָרט אפילו, און תוספות נידה טז, ב אונטער דעם וואָרט מלאך, איז דער מלאך אַף ברי דער אויף זעער איבער רעגן.

זעט: ב״ר עז, א; ד״ר י, ג; מ״ש פרשה כט.

אגב, די וועלאַכע מיינען אַז דאָס וואָרט ראַדיאָ אין דעם היינטיגן זין געפינט זיך אין תלמוד האָבן אַ טעות.

זעט: אַף ברי 316, נאָטע ז; ברי 317, ח.

ד) תענית ב, א, אונטן; סנהדרין קיג, א, אונטן.

ה) ב״ר עג, ד.

ו) ד״ר ז, ו.

ז) שו״ט עח, ה.

ח) תרגום ירושלמי בראשית ל, כב. פאַרגלייכט מיט: ש״ט ויצא, ל, כב; ל״ט ויצא ל, כב. זעט אומעטום ווער סע זאָגט וואָס.

ט) מלכים א׳, יז, פסוקים א—ח. ירושלמי ברכות פרק הלכה ה און תענית פרק א, הלכה א; ב״ר אָנהייב פרשה עז; ד״ר י, ג;

ער בענטשט דאָס ווייניגע, י).

ווען איינער נעמט אַ פּאַסיגע פרוי, קושט אליהו אים, און דער אייבערשטער האָט ליב אים. ווען איינער נעמט אַ נישט פּאַסיגע פרוי, האָט דער אייבערשטער אים, און אליהו שלאָגט אים מיט אַ לעדערנעם פּאַסיק, א).

לויט אַן אַנדער מיינונג: ווער סע נעמט אַ נישט פּאַסיגע פרוי בינד אליהו אים, און דער אייבערשטער שלאָגט אים מיט אַ לעדערנעם פּאַסיק, ב).

ער איז אַנוועזנד ביי יעדער ברית, ג).

ווען די אידן זיינען געוואָרן צעטיילט אויף צוויי מלוכות. און מלכות אפרים [ירבעם] האָט אויף געהערט צו מל זיין די קינדער. האָט אליהו הנביא, דער גרויסער קנאי, אייפעריגער, אָן געהויבן אַ קאַמף. ער האָט באַשוואוירן דעם הימל ער זאָל גיבן קיין רעגן און קיין טוי. די קעניגין איזבל, דעם קעניג אחאב׳ס ווייב, האָט געוואָלט טויטן אים, איז ער אַנטלאָפן. האָט דער אייבערשטער געזאָגט צו אים, אַז דערפאַר וועט ער זיין דער מלאך הברית, ד).

ער פליט אַרום איבער דער גאַנצער וועלט מיט פיר שווייבן, ה).

אגב, מיכאל מאַכט עס מיט איין שווייב, ו) גבריאל מיט צוויי, ז) דער מלאך המות מיט אַכט [פינעף] און אין דער צייט פון אַ מגפה, אַ פּעסט מיט איין שווייב, ח).

לויט אַנדערע מיינונגן:

ער פליט אַרום איבער דער וועלט ווי אַ פויגל, ט);

ווי אַן אָדלער, י).

**פּסח ביי די סדרים גיסט מען אָן „אליהו הנביא׳ס כוס" מיט וויין. ווי אַזוי קאָן ער באַזוכן יעדען סדר אין דער גאַנצער וועלט?**

ער פליט אַרום איבער דער גאַנצער וועלט מיט פיר שווייבן, א).

**מען זאָגט אַז ווען הינט שפּילן זיך איז אַ סימן אַז אליהו איז אין שטאָט. פון וואַנען ווייסט מען דאָס?**

פון דער גמרא, ב).

**וואָס איז אליהו׳ס באַציאונג צו אידן?**

אַ זעהר גוטע. ער איז זעהר געטריי די אידן.

די קליינע קינדערלאך וועמענס יאָרן ווערן אָפּ געשניטן פאַר זייערע עלטערנס זינד שטייען לעתיד לבא צוזאַמען מיט די צדיקים. זייערע זינדיקע עלטערן שטייען מיט די רשעים. טענה׳ן די קינ־דערלאַך: האַר פון דער וועלט, מיר

מ״א כט, ב; תנח. בראשית ז; י״ש וישלח אָנהייב קלב און שמואל ב׳, קסה.

י) מלכים א׳, יז פסוקים א—ח. ב״ר עז, א; י״ש וישלח אָנהייב קלב.

זעט: זייט 286, נאָטע ט און וועגן **תחיית המתים**, זייט 286, נאָטע ו.

**א)** ד״א 274—275, און זעט זעיר. 94.

**ב)** קידושין ע, א.

ג) פּר״א פּרק כט, סימן סז, און זעט דאָרט פּרק מג, סימן פּה; מ״א פּנחס כה, יג; זעט זהר פינחס אָנהייב רעיא מהימנא רטו, א.

זעט זייט 284, נאָטע ח; 316, נאָטע ו.

ד) זעט מעהר איינצלהייטן אין:

פּר״א פּרק כט און רד״ל סימנים סו און סז; פּרק מג הערה פּה; די הקדמה צו דעם זהר יג, א און זהר לך לך צג, א; תשא קצ, א; פינחס אָנהייב רעיא מהימנא רטו, א; ס״ח תקפה; מ״א פינחס כה, יג; מלאכי ג, א און רד״ק אויף דעם אָרט. אָבער פאַרגלייכט מיט רש״י און אבן עזרא.

ה) ברכות ד, ב, אונטן; י״ש ישעיה תז.

ו) זעט **מיכאל**, זייט 259, נאָטע ג.

ז) זעט **גבריאל**, זייט 272, נאָטע ו.

ח) זעט **מלאך המות**, זייט 287, ח, ט.

ט) שו״ט ח, ז; יל״ה ח, כז; י״ש תהלים תרמא און דניאל תתרסו קאַפּיטל ט; ילה״י ו, ו.

י) תרגום קהלת י, כ.

**א)** ברכות ד, ב אונטן; י״ש ישעיה תז.

**ב)** בבא קמא ס, ב.

זיינען דאָך געשטאָרבן בלויז דורך אונזערע עלטערנס זינד. זאָלן אונזערע עלטערן ווערן אַריין גערעכנט אין אונזערע זכות׳ן [זכיות]. אָבער דער אייבערשטער זאָגט זיי: אייערע עלטערן האָבן געזינדיקט, און זייערע זינד קלאָגן איין זיי.

קומט אליהו, זכור לטוב, ער זעצט זיך אַנידער און לערנט זיי אויס ווי אַזוי צו פאַרטיידיקן זייערע עלטערן, און זיי געווינען דעם פּראָצעס, ג).

ער איז דער אַפּוטרופּוס, אַכטונג גיבער, אַדמיניסטראַטאָר, פון די אידן, ג*). אַזוי צום ביי שפּיל: ער האָט געזאָגט צו רבי יהודה׳ן, ברודער פון רב סלא חסידא:

קאָך דיך נישט, צאָרן נישט, וועסט דו נישט זינדיקן; שיכור נישט וועסט דו נישט זינדיקן, ד).

ווען אחשורוש האָט אונטער געשריבן דעם באַפעהל צו אום ברייננגן די אידן, איז אליהו געלאָפן באַלד אין צעשראָקענער איילעניש צו די צדיקים פון דער וועלט, און צו די ערשטע נביאים, און ער האָט געזאָגט צו זיי: הימל, ערד, און אַלע הימלישע הערשאַפטן קלאָגן ביטער. אַ ציטערניש פון אַ געווינערין האָט אַרום געכאַפּט די גאַנצע וועלט, און איר זיצט און שווייגט! האָבן זיי געפרעגט אים „פאַר וואָס?״ האָט ער געענטפערט זיי, „ווייל די אידן האָבן באַטייליקט זיך אין אחשורוש׳ס סעודה״...

האָט משה רבינו געפרעגט אים: „איז פאַראַן אַ כשר׳ער מענטש אין דעם דור?״ און ער האָט געענטפערט אים: „סע איז פאַראַן צווישן זיי איינער מיט דעם נאָמען מרדכי״. האָט משה געזאָגט צו אים: „לאָז וויסן אים אַז ער זאָל בעטן פון דאָרטן, און מיר וועלן בעטן פון דאַנען״. האָט אליהו געזאָגט צו אים: „געטרייער פּאַסטאַך, דער באַפעהל צו פאַרלענדן דיינע שאָף איז שוין געשריבן און גע׳חתם׳עט, אונטער געשריבן״. האָט משה געזאָגט באַלד צו די אבות פון דער וועלט: „אויב סע איז אונטער געשריבן מיט ליים, וועט רחמים ווערן אָן גענומען, וועט העלפן. טאָמער, אָבער, איז עס אונטער געשריבן מיט בלוט, איז וואָס סע איז געווען וועט זיין״.

און אליהו איז געקומען באַלד צו מרדכי׳ן און האָט געלאָזט אים וויסן. מרדכי האָט גענומען צונויף אַלע חדר אינגלאַך. זיי האָבן אַלע געפאַסט, געטון תפילה... און ווי מיר ווייסן איז די גזרה געוואָרן אָפּ געשריען, ה).

וואָס וועלן זיין אליהו׳ס פונקציעס אין דער צוקונפט?

ער וועט קומען „להשוות המחלוקת״, צו אויס גלייכן דאָס שפּאָרן זיך. ער וועט אויס גלייכן די תלמידי חכמים׳ס מחלוקת׳ן, מיינונג פאַרשידנהייטן אין לערנען, ו).

ער וועט נישט קומען לערנען נייע ענינים, דינים. נאָר אויס טייטשן דאָרט וואו סע איז נייטיג, ווי צום ביי שפּיל די פרשה יחזקאל. „פרשה זו עתיד אליהו לדורשה״, די דאָזיגע פרשה וועט אליהו ערקלערן, ז).

ער וועט פאַר ענטפערן אַלע קושיות און אבעיות; אַלע פראַגעס, דיספּוטן, דעבאַטעס אין גמרא, וועלאַכע זיינען נישט געוואָרן פאַר ענטפערט, נישט געוואָרן געלייזט, און וואָרטן „לכשיבוא

ג) ק״ר ד, א; י״ש יחזקאל, ענדע תתקסט.

ג*) י״ר בראשית כ, ב, אונטן.

ד) ברכות כט, ב, אונטן, און זעט יומא יט, ב—כ, א.

ה) פאַרגלייכט די נוסחאות, ווערסיעס אין א״ר ז, ענדע יג און י״ש אסתר תתרנז.

ו) זעט ענדע מסכת עדיות.

ז) מנחות מה, א און רש״י דאָרט.

אליהו", ח) ביז אליהו וועט קומען, ט).

אפשר וועט קומען אליהו און דער־קלעהרן פאר ריין, זאכן וועלאכע מע האט געהאלטן פאר נישט ריין, י).

ער גלייכט אויס אפילו א מחלוקת, מיינונגס פארשידנהייט אין לערנען צווישן די מלאכים מיכאל, גבריאל, א).

אבער סע זיינען פאראן אכצן זאכן, וועגן וועלאכע מע וועט נישט פאלגן אפילו אליהו'ן מיט זיין בית דין, ב).

ער לערנט קינדער ווי צו בעטן דעם אייבערשטן מחילה, פארגיבונג פאר זייערע עלטערנס זינד, ג).

ער איז געווארן בעהאלטן ביז משיח וועט קומען, ג*).

ער וועט לעבן ביז משיח וועט קו־מען, ד).

אין משיח'ס צייטן וועט ער ווערן אנטפלעקט, און ער וועט באלד פאר־שווינדן, ה).

ער וועט קומען דריי טעג איידער משיח וועט קומען. ער וועט אוועק שטעלן זיך אויף די בערג פון ישראל און וועט וויינען און קלאגן און זאגן: לאנד פון ישראל, ווי לאנג נאך וועסט דו שטעהן פארוויסט! זיין קול וועט ווערן געהערט פון איין עק וועלט ביז צו דעם צווייטן. און ער וועט זאגן צו זיי: שלום, פרידן איז געקומען אויף דער וועלט, ווי דער פסוק זאגט „הנה על ההרים רגלי מבשר משמיע שלום", ו) זע, אויף די בערג שטייען דעם בשורה אן זאגערס פיס, ער פראקלאמירט, לאזט הערן שלום, פרידן. ווען די רשעים וועלן הערן דאס, וועלן זיי אלע פרייען זיך און זאגן איינער צו דעם אנדערן, שלום, פרידן איז געקומען צו אונז.

דעם צווייטן טאג וועט ער קומען און אוועק שטעלן זיך אויף די בערג פון ישראל און זאגן: גוטס קומט אויף דער וועלט, ווי דער פסוק זאגט „מבשר טוב", ז) ער זאגט אן גוטס.

---

ח) ברכות לב, ב, אונטן; ירושלמי ברכות פרק א, הלכה א.

ט) זעט צום ביי שפיל: שקלים ז, א, הלכה ה; בבא מציעא ג, א; כ, א און פאר־גלייכט דאס לשון אין בבא מציעא כט, ב און ל, א; בבא בתרא צד, ב; ירושלמי בבא מציעא פרק ב, הלכה ט, און פרק ג, הלכה ג.

די גמרא נוצט אפט דאס ווארט „תיקו" צו זאגן אז די פראגע איז נישט געווארן פאר ענטפערט. סע איז פאראן א מיינונג אז תיקו מאכט תשבי יתרץ קושיות ואבעיות, אליהו וועלאכער וועהרט אן גערופן תשבי וועט פאר ענטפערן די נישט פארענטפערטע פרא־געס, ארגומענטן...

בעלי דקדוק, די גראמאטיקערס זאגן פשוט אז דאס ווארט תיקו קומט פון דעם ווארט „קום", סע בלייבט שטעהן, סע איז נישט פארענטפערט. אויף פארלאמענטארישן ענג־ליש הייסט עס, אוועק לייגן אויף דער פאלי־צע, אריין לייגן אין די „פיילס".

סע איז פאראן א מיינונג אז תיקו מיינט א טעקע, „בריף טאש", אריין לייגן אין דער טעקע, און זאל עס ליגן דארט. ביז...

אלזא, ווי סע ווייזט אויס וועט אויך דאס ווארט „תיקו" דארפן ווארטן אויף אליהו'ס זכור לטוב, אויסטייטשונג.

י) פסחים יג, א.

א) בבא בתרא עה, א און זעט דארט רש"י און תוספות אונטער דעם ווארט פליגי.

ב) עבודה זרה לו, א, און זעט רש"י דארט. וועגן די אכצן זאכן זעט שבת יג, ב, אונטן.

ג) ק"ר ד, א; י"ש זכריה, ענדע תתקסט.

ג*) סע"ר פרק טו. זעט רד"ל אין פר"א ענדע פרק מג, נאטע פה; רמב"נ שמות יז, ענדע פסוק ט. פארגלייכט בחיי ענדע בשלח.

זעט זוטא א' ענדע פרשה ז.

ד) אר"נ נוסחא ב', ענדע פרק לח. זעט סע"ר פרק טז. אין תוספתא סוטה פרק יב, 5, איז דאס לשון „שנגנז אליהו", ער איז גע־ווארן בעהאלטן.

ה) שה"ק זייט לז; ס"ה נז, א.

ו) נחום ב, א. זעט ישעיה נב, ז.

ז) ישעיה נב, ז.

דעם דריטן טאָג וועט ער קומען און זאָגן: אַ הילף קומט אויף דער וועלט, ווי דער פּסוק זאָגט „משמיע ישועה", ז) ער לאָזט הערן הילף..., ח).

ער וועט קומען אָן זאָגן די גוטע בשורה וועגן משיח'ס קומען.

דער פּסוק זאָגט: „הנה אנכי שולח לכם את אליה הנביא לפני בוא יום הגדול והנורא", ט) דער אייבערשטער זאָגט: איך וועל שיקן צו אייך דעם נביא אליה איידער סע וועט קומען דער טאָג פון דעם אייבערשטן, דער גרויסער און דער פורכטיגער, י).

ער וועט אוים לייזן די אידן, א).

תחיית המתים, דאָס לעבעדיק מאַכן די טויטע, וועט ווערן דורך געפירט דורך אליהו'ן, ב).

ער וועט ברייגגן צוריק דאָס בעהאַל־טענע קריגל מיט דעם מן, דעם שמן המשחה, דעם זאַלב בוימל, ג) און אהרן הכהן'ס שטעקן, ד).

אגב, ער וועט נישט קומען פרייטאָג און ערב יום טוב, כדי די אידן זאָלן נישט דאַרפן איבער לאָזן זייער צו גרייטן אויף שבת און געהן מקבל זיין, אויף נעמען, אים, ה).

**איז אליהו געוואָרן באַשטראָפט אַ מאָל?**

יאָ. פאַר גיבן אַרוים אַ הימלישן סוד, סעקרעט, האָט מען מקיים פּסק געווען, באַשטראָפט, אים מיט זעכציק פייערדיקע שמיץ, ו).

און סע איז כדאי צו נאָטירן, באַמערקן אַז כמעט אומעטום אין תלמוד, מדרש, אגדה, זהר, ליטורגיע תפילות, וואו סע ווערט דערמאַנט דער נאָמען אליהו ווערט געזאָגט זכור לטוב. דאַקעגן ביי די נעמען פון די אַנדערע טויזנטער מלאכים און תנ"כ'ישע און תלמוד'ישע פערזענלאַכקייטן, וועלאַכע ווערן דער־מאַנט, געפינט זיך דער אויסדרוק זכור לטוב געציילטע מאָל.

ח) פ"ר פיסקא לה, זייט קסא, א.

ט) מלאכי ג, כג.

י) פ"ר קסא, א; רש"י עירובין מג, ב, ערשטע שורה און תוספות דאָרט אונטער דעם וואָרט דלא; פסחים יג, א; מעשה דניאל ע"ה אין בית המדרש חדר ה, עדיציע יע־ללינעק, זייט 128. זעט ס"ה נז, א.

א) פ"ר פיסקא ד, יג, א.

ב) זעט: מסכת שקלים ענדע פרק ג; ירושלמי שקלים ענדע פרק ג; ב"ר עז, א; שי"ר א, א, ט; ד"ר י, י; שו"ט עח, ה; י"ש וישלח קלב; יל"ה סט, כז.

ג) מר"י בשלח נא, ב, אויסגאַבע אום; מר"ש 80; תנח. בשלח כא; מה"ג,ב' 179.

ד) תנחומא בשלח כא.

ה) פסחים יג, א; רש"י עירובין מג, ב, ערשטע דריי שורות, און תוספות דאָרט אונ־טער דעם וואָרט האי.

ו) זעט איינצלהייטן אין בבא מציעא פה, ב, אונטן.

זעט זייטן ז, 283; ב, 271.

וועגן דער אידענטיטעט פון אליהו'ן מיט פנחס'ן וועט געפונען זיך אין דער אָפּהאַנדלונג, אין דעם קאַ־פּיטל, **אליהו דער מענטש**.

# דער מלאך המות
## סמאל

אזוי ווי מלאך המות, סמאל, שטן, יצר הרע, משחית, נחש ווערן אָפט אידענטיפיצירט אין תלמוד, מדרש, אגדה, זהר, קבלה, ראשונים און אחרונים ליטעראַטור, איז עס רוטזאַם צו פאַרגלייכן אומטעום די פאַרשידענע נוסחאות, גירסאות, ווערסיעס און ווער סע זאָגט וואָס.

**ווען איז געוואָרן בעשאַפן דער מלאך המות, דער מלאך פון טויט?**

סע זיינען פאַראַן מעהרערע מיינונגען וועגן דעם:

דעם ערשטן טאָג פון דעם וועלט באַשאַף, א).

ביי דעם ערשטן טאָג פון דעם וועלט באַשאַף געפינט זיך דאָס וואָרט „תהום", ב). תהום און המות ענטהאַלטן די זעלבע אותיות. דרינגט מען דערפון אַז דער מלאך המות איז געוואָרן בעשאַפן דעם ערשטן טאָג, ג).

דער פסוק זאָגט „וחושך על פני תהום". און **תהום** איז דאָך **המות**, וחושך, נעמלאַך המחשיך, ער פאַר פינצטערט די פנים'ער פון די מענטשן, ג*).

דעם צווייטן טאָג, ד).

ביי דעם וועלט באַשאַף איז דער מלאך המות נאָך נישט געוועזן. ערשט נאָך אדם הראשון'ס זינדיקן, האָט דער בעשאַפער איין געפירט טויט אין דער וועלט, ה). קומט אויס אַז ער איז נישט געוואָרן בעשאַפן פאַר דעם זעקסטן טאָג.

סע איז פאַראַן אַ מיינונג אַז קין איז געוועזן מלאך המות הונדערט און דרייסיק יאָר, ו).

דעם זעקסטן טאָג זיינען געשעען דריי ווינדערם: אדם און חוה זיינען געוואָרן בעשאַפן, ו*); זיי האָבן פאַרקעהרט; און זיי זיינען געוואָרן עלטערן, ז). קומט אויס אַז דער מלאך המות איז געוואָרן בעשאַפן דעם זעקסטן טאָג.

חנוך ווערט באַצייכנט מיט מלאך המות, ח) און חנוך איז געוועזן דער זעקסטער דור פון אדם הראשון'ען, ט).

לויט נאָך אַ מיינונג איז למך געוועזן מלאך המות, י). למך איז געוועזן מתושלח'ס זון, און דער אַכטער דור פון אדם הראשון'ען, א).

---

א) תנח. וישב אָנהייב ד; ילמדנו ב'. חוקת יא.

ב) בראשית א, ב.

ג) י"ר בראשית יז, ב, אויבן. זעט איינצלהייטן דאָרט.

פאַרגלייכט מיט אָנהייב **מיכאל** זייט 247; אָנהייב **גבריאל** זייט 259; אָנהייב **אוריאל** זייט 272; אָנהייב **רפאל** זייט 275; **אליהו** זייט 283.

ג*) מדרש תנחומא וישב ד.

ד) זהר בראשית מו, ב, אונטן. זעט זייט 215, נאָטע ה.

ה) בחיי בראשית ב, ד.

ו) תנח. בראשית אָנהייב יא; י"ר בראשית נב, ב.

ו*) בראשית א, פסוקים כו—כט.

ז) ב"ר כב, ב און כד, ז; מדרש אבכיר; י"ש בראשית לה; רש"י בראשית ה, א; שה"ק ט. זעט איינצלהייטן אין אר"ג נוסחא א, פרק א; **אדם הראשון** באַנד ג.

ח) י"ר בראשית נז, א.

ט) זעט בראשית ה, פסוקים ה—יט.

י) תנח. בראשית יא.

א) זעט בראשית ה, פסוקים ה—כו.

**האָט דער מלאך המות נאָך נעמען?**

**יאָ.** ער האָט עטליכע באַצייכענונגען:

**שטן, ב)**;

**יצר הרע, ג)**;

**מלאך המשחית, ד)** דער פּערדאַרבנ־דיקער מלאך;

חושך, ה) פינצטערניש. ער פאַרפינצ־טערט די מענטשנס פּנים'ער, ה*).

נחש, ו) דער שלאַנג וועלכער האָט אַן געבעדט חוה'ן צו עסן פון די פאַרבאָטענע פּרוכט, ז) און דורך דעם האָט ער גע־בראַכט טויט אויף דער וועלט, ח).

לויט אַן אַנדער מיינונג איז ער געווען טאַקע אַן אמת'ער שלאַנג, ט).

**סמאל, י)**;

**איז פאַראַן בלויז איין מלאך המות?**

ניין. סע זיינען פאַראַן זעקס **מלאכי המות**, מלאכים פון טויט: גבריאל, קפ־ציאל, משבית, משחית, אף, חימה.

**גבריאל** איז פאַר מלכים, קעניגס;

**קפציאל** פאַר בחורים;

**משבית** פאַר חיות;

**משחית** פאַר קליינע קינדער;

**אף, חימה** פאַר מענטשן און בה־מות, א).

סע געפינט זיך אויך דער אויסדרוק **מלאכי מות, ב)** מלאכים פון טויט, קומט אוים אַז סע זיינען פאַראַן מעהרערע טויט מלאכים.

**פון וואָס פאַר אַ מאַטעריע איז סמאל געוואָרן בעשאַפן?**

פון גיהנם פייער, ג).

**ווי אַזוי זעט אוים דער מלאך המות?**

זיין לענג איז פון איין עק וועלט ביז צו דעם צווייטן, ד).

ער איז גאַלע אויגן, ה).

זיינע פים זיינען פון פייער, ו).

ער האָט צוועלף פליגלען, ז).

זיין קליידונג איז פון פייער, ח).

**וואָס פאַר אַ פּאָזיציע, שטעלע, אָרט פאַרנעמט דער מלאך המות?**

ער איז:

---

**ב)** בבא בתרא טז, א; מה"ג,א' ו, ה און כב, א, זייט 316; תוספות שבת פט, א, אונטער דעם וואָרט **תורה**; רש"י עירובין כו, א, אונטן, אונטער דעם וואָרט **שטן**; מנה"מ ב, תפילה, זייט 377 און ד, זייט 587; בחיי בראשית ג, ענדע פסוק טו און אחרי טז, ז; רקאַנטי בראשית יב, ב); מדה 145.

זעט: **שטן** זייט 300; **יצר הרע** זייט 309; **שלאַנג** ביי **אדם הראשון**, באַנד ג.

**ג)** בבא בתרא טז, א. זעט: זהר בראשית לה, ב, אונטן; און פקודי רסב, ב—רסג, א; מה"ג,א' ו, ה און כב, א, זייט 316; בחיי בראשית ג, טו און אחרי טז, ז; רקאַנטי בראשית יב, ב; מדה זייט 145.

**ד)** זעט: ברכות טז, ב צווייטע שורה אונטן; בחיי בראשית א, לא.

**ה)** ויק"ר יח, ג; שי"ר ח, ו סימן **א**.

**ה*)** תנח. וישב ד.

**ו)** זהר בראשית לה, ב, אונטן; זהר חדש בראשית לה; רקאַנטי בראשית יב, ב.

**ז)** בראשית ג, פסוקים א—ז.

**ח)** י"ר בראשית לה, א; **אדם**, באַנד ג.

**ט)** זהר בראשית לה, ב.

**י)** תרגום יונתן בראשית ג, ו. זעט: זהר בראשית לה, ב; תרגום איוב כח, ז. אין י"ר בראשית לח, א שטעהט **מלכא דמותא**, דער קעניג פון טויט.

**א)** מנה"מ ד, זייט 184. לויט זייט 609 קצפיאל, **משביר** אויף דעם אָרט פון קפציאל, משבית. זעט חופת ב' זייט 46; ס"ח 31; תורה, זייט 98.

**ב)** ד"א זייטן 105 און 110.

**ג)** מדרש פטירת משה רבינו ע"ה, זייט 128; דרש לפטירת משה רבינו ע"ה, זייט 588. זעט אָפּקירצונגען זייט 94, אונטער דעם וואָרט פּמ, ג.

**ד)** כלה 214; **שמחות** 258.

**ה)** עבודה זרה כ, ב; כלה 214; **שמחות** 588. זעט אָפּקירצונגען זייט 94, אונטער דעם וואָרט פּמ,ג'.

**ו)** כלה 214.

**ז)** פר"א פרק יג; י"ש בראשית כה; מה"ג, א', זייט 86.

**ח)** כלה 214.

**השר הגדול שבשמים,** דער גרויסער האַר וועלאַכער איז אין הימל. אַבער דער אַלמעכטיקער האָט אַראָפּ געוואָרפן אים מיט זיין קאָמפּאַניע שפּעיטער פון זייער הייליגן שטאַנד אין הימל. סמאל האָט אָן געכאַפּט מיכאל'ן צו מיט שלעפּן אים. אַבער דער אייבערשטער האָט אָפּ געראַטעוועט אים, **ט).**

**ער איז דער קעניג פון די שדים, י).**

**ער איז עשו'ס שר,** פאַרטרעטער אין הימל, **א)** אדום'ס שר, פאַרטרעטער אין הימל, **ב).**

**ער איז רוים'ס שר,** פאַרטרעטער אין הימל, **ג).**

ער איז דער אויף זעער אויף החי־מה, **ג1)** צאָרן; לויט אַן אַנדער מיינונג *על המהומה, מהומתא,* **ג2)** איבער צערו־דערטקייט, צעטומלניש; לויט נאָך אַ מיינונג — איבער ביידע, **ג3).**

**וואָס איז סמאל'ס באַציאונג צו אַנדע־רע מלאכים?**

אַ נעגאַטיווע, אַ באַטריגערישע. ער האָט געשטרויכלט גבריאל'ן און רפאל'ן דורך רוטן זיי צו זאָגן „כי משחיתים אנחנו את המקום הזה" **ד)** מיר פאַר־ניכטן דאָס דאָזיגע אָרט. זיי האָבן אַנט־פלעקט דעם אייבערשטנס אַ סוד. און זיי זיינען געוואָרן באַשטראָפט דערפאַר צו ווערן אָפּ געדרוקט פון זייער אָרט הונ־דערט און אַכט און דרייסיק יאָרן, **ה).**

ער האָט פאַרפירט דעם מלאך אור־יאל. ווען אוריאל איז געקומען אָן זאָגן וועגן יצחק'ס ווערן געבאָרן, האָט ער נישט געוויסט וועמען צו אָן זאָגן די גוטע בשורה, אברהם'ן צי שרה'ן. סמאל האָט געפינען זיך דענעמאָל ביי אבר־הם'ס געצעלט מיט דעם צוועק צו שטרויכלען די דריי מלאכים'ס מיסיעס, צו מאַכן קאַליע זייערע שליחות'ן. האָט ער גערוטן דעם בספק'דיקן, נישט זי־כערן אוריאל: דו דאַרפסט אָן זאָגן די גוטע בשורה שרה'ן. ווייל זי ווייסט דאָך גאָר נישט דערפון. אברהם'ן האָט דאָך שוין דער אייבערשטער אַליין אָן גע־זאָגט, **ו).**

ווען אליהו איז אַרויף אין הימל, האָט דער מלאך המות געשטעלט זיך קעגן דעם. האָט דער אייבערשטער געזאָגט צו אים: איך האָב בעשאַפן דעם הימל כדי אליהו זאָל אַרויף גיין. האָט דער מלאך המות גע'טענה'ט אַז דאָס וועט גיבן די מענטשן אַ געלעגנהייט צו רעדן. האָט דער אייבערשטער געזאָגט אים:

---

**ט)** פר"א פרקים יג, יד, כז, אויסגאַבע אום; י"ש בראשית כה, אַן כז. זעט **מיכאל** זייט 248, נאָטע ד.

**י)** זהר תצא רפב, ב, לעצטע שורה.

**א)** תנח. וישלח ח; רש"י סוכה כט, א אונטן, אונטער דעם וואָרט **אלהיה**; י"ר תולדות קי, ב; וישלח קלו, א; שמות עה, א; ימ"מ כ, כה; דרשות ב' וישלח טז, א.

אין רש"י סוטה י, ב אויבן, אונטער דעם וואָרט **סימניה** ווערט ער אָן גערופן אדום'ס שר.

**ב)** אדום מיינט עשו. זעט: תנח"ב וישלח ד; ל"ט בראשית לב, כה.

**ג)** רש"י מכות יב, א אויבן, אונטער דעם וואָרט **שרו**.

**ג1)** א"ג,ב' זייט ז, ב. אין א"ר ג, יב הייסט עס על החמה. זעט: רד"ל אות יח און רש"ש אות ד דאָרט.

**ג2)** תרגום מגילת אסתר א, י.

**ג3)** א"א א, י.

**ד)** בראשית יט, יג.

**ה)** פאַרגלייכט די פאַרשידענע ווערסיעס, און ווער סע זאָגט וואָס, אין:

ב"ר נ, ט; סח, יב און עח, ב; תרגום יונתן בראשית יט, יג; תנח"ב וירא כא; ילמדנו א', וירא כד; ש"ט וירא יט, יג; מ"א וירא יט, יג; י"ש וירא פד, ויצא קיט און וישלח קלג; ל"ט בראשית יט, יג; בחיי וירא יט, יג; י"ר וירא פט, ב.

**ו)** י"ר וירא פט, א—ב. זעט בראשית יז, פסוקים טו, טז. זעט **אוריאל**, זייט 274.

דער דאָזיקער איז נישט ווי די אַנדערע מענטשן. ער קאָן אום ברייננגן דיך אין גאַנצן פון דער וועלט. דו קענסט נישט זיין שטאַרקייט..., ז).

**וואָס זיינען געווען סמאל'ס סאַמע ערשטע טעטיקייטן?**

ער האָט געריטן אויף דעם שלאַנג וועלכער האָט אָן גערעד חוה'ן צו עסן פון די פאַרבאָטענע פרוכט, ח).

אַלץ וואָס דער שלאַנג האָט געטון און גערעדט צו אדם הראשון'ען האָט גע־שטאַמט פון סמאל'ן. ער האָט באַוויזן אים צו טון עס, ט).

ער האָט פאַרקעהרט מיט חוה'ן, י).

לויט אַן אַנדער מיינונג האָט קיין בעשאַפעניש פאַרקעהרט מיט חוה'ן פאַר אדם'ן, א).

ער האָט געוואָלט טויטן אדם'ן, ב).

ער איז געקומען צו אברהם'ן צו אָפּ רעדן אים פון צו פירן יצחק'ן צו דער עקידה; און צו יצחק'ן צו אָפּ רעדן אים פון צו לאָזן פירן זיך צו דער עקידה, ג).

ער איז געקומען אַן זאָגן שרה'ן אַז אברהם פירט זייער זון יצחק'ן צו דער עקידה, און די נשמה איז אַרויס געפלויגן פון איר, ד).

**סמאל איז דאָך עשו'ס שר, פאַרטרע־טער אין הימל. וואָס זשע איז געווען זיין באַציאונג צו יעקב'ן?**

ער האָט געוואָלט טויטן יעקב'ן נאָך אין זיין מוטערס טראַכט, ה). אָבער דער מלאך מיכאל האָט נישט דערלאָזט, ו).

ווען יעקב האָט געקריגן שטאַרק מורא פאַר עשו'ן, ז) און זיין קערפּער איז גע־וואָרן ווי וואַקס, ח) האָט דער אַלמעכ־טיקער געזאָגט צו אים: „אל תירא כי עמך אני, אל תשתע כי אני אלוקיך, אמצתיך אף עזרתיך, אף תמכתיך בימין צדקי", ט). האָב קיין מורא וואָרן איך בין מיט דיר, זאָל דיין האַרץ נישט צע־געהן ווי וואַקס, י). וואָרן איך בין דיין אייבערשטער. איך האָב געשטאַרקט דיך דורך מיכאל'ן. איך האָב געהאָלפן דיר דורך גבריאל'ן. און איך האָב נאָך אונ־

---

ז) שכ"ל ד, א—ב; זהר רות און זעט איינצלהייטן דאָרט.

ח) פר"א פרק יג; זהר בראשית לה, ב; י"ש בראשית כה, און זעט לה. זעט באַנד ג.

ט) פר"א פרק יג; י"ש בראשית כה. זעט נחש אין באַנד ג.

י) שבת קמו, א; יבמות קג, ב; סוטה ט, ב, ערשטע שורה; עבודה זרה כב, ב; פר"א אָנהייב פּרקים כא און כב; תרגום יונתן ד, א און פירוש יונתן דאָרט; זהר בראשית לז, א; מו, ב אויבן; חיי שרה קכו, א און ב; אחרי עו, ב און עט, א, אונטן; מ"א בראשית ג, יב; מה"ג,א' א, ו, 88 און ד, א; רש"י סוטה ט, ב ערשטע שורה; י"ש בראשית ענדע כח, אָנהייב לב און אָנהייב לה; רקאַנטי בראשית יב, ג; טו, ג און ד; לא, ב; י"ר בראשית יג, א; לח, א; מא, ב; מו, א און ס, ב; יתרו נו, ב, דריטע שורה; ואתחנן ז, א; רוכל ספר ב', כג, ג, א.

א) ב"ר אָנהייב פרשה כב; י"ש אָנהייב לב און אָנהייב לה; ל"ט בראשית ד, א.

זעט: **אדם הראשון**, אין באַנד ג; מיין בוך „אברהם אבינו'ס לעבן און שאַפונג", 154...

ב) י"ר בראשית טז, ג.

זעט **אדם הראשון**, אין באַנד ג.

ג) ב"ר נו, ד. זעט באַנד א, זייטן 166—167 און די קוועלעס דאָרט.

ד) ש"ט וירא כב, יח, זייט 64. זעט איינצלהייטן אין באַנד א, זייט 167.

ה) י"ש תולדות קי, פון מדרש אבכיר 6, 17; י"ר תולדות קיא, א.

ו) י"ש תולדות קי, פון מדרש אבכיר, 6, 17; י"ר תולדות קיא, א.

זעט: הושע יב, ד און תרגום, רש"י, א"ע, רד"ק דאָרט; חולין צב, א, צווייטע שורה אויבן, און רש"י דאָרט.

ז) בראשית לב, ח.

ח) תנח"ב וישלח ו.

ט) ישעיה מא, י.

י) זעט רש"י ישעיה מא, י.

טער געלעהנט דיך מיט דער גרעכטיקייט פון מיין רעכטער האַנט, **א)**.

ער האָט געראַנגלט זיך מיט יעקב אבינו, **ב)**.

לויט אַן אַנדער מיינונג איז עס געווען מיכאל, **ג)**.

**ווי ווער האָט דער מלאך באַוויזן זיך צו יעקב'ן?**

סע זיינען פאַראַן צוויי מיינונגען:

ווי אַ פּאַסטאַך, **ד)**;

ווי דער הויפּט פון אַ רויבער באַנדע, **ה)**.

**ווי האָט סמאל באַצייגן זיך צו יעקב'ס קינדער?**

ווען סע זיינען געוואָרן געפינען די סימנים וועלכע יהודה האָט געגיבן תמר'ן נאָך זיין פאַרקעהרן מיט איר, **ו)** איז געקומען סמאל, אדום'ס שר, פאַרטרעטער אין הימל, און ער האָט דערווייטערט זיי, כדי מע זאָל פאַראורטיילן זי צו ווערן פאַרברענט. סע זאָל נישט קומען אַרויס פון איר דוד המלך, וועלכער וועט שלאָגן אדום'ן אין גיא מלח. איז געקומען גבריאל, און ער האָט צוריק געגעהנטערט זיי, **ז)**.

**ווער איז געווען די תמר?**

שם בן נח'ס טאָכטער, **ח)** און יהודה'ס שנור, **ט)**.

לויט אַן אַנדער מיינונג איז זי נישט געווען שם'ס טאָכטער, **י)**.

**ווי אַזוי האָט סמאל באַצייגן זיך צו משה'ן?**

זיין גאַנץ לעבן האָט משה רבינו געוואָלט בענטשן די אידן, און דער מלאך המות האָט נישט געלאָזט אים. אָבער ענדליך פאַר זיין פּטירה, האָט משה געבינדן אים אונטער זיינע פיס. און ער האָט געבענטשט די אידן, **א)**.

---

**א)** תנח"ב וישלח ו. פאַרגלייכט: ב"ר מד, ג און סה, יט; י"ש תולדות קטו און ישעיה תמט אויף קאַפּיטל מא.

זעט **מיכאל** זייט 253; **גבריאל** זייט 264.

**ב)** תנח. וישלח ח; מ"א בראשית לב, כה.

אין: ב"ר עז, יג; שי"ר ג, אויף פסוק ו סימן ג; י"ש וישלח קלב און קלג; תרגום יונתן און רש"י בראשית לב, כה און לג, י; ש"ט בראשית זייט 183, אויבן; ל"ט בראשית לג, פסוקים י און יח שטעהט בלויז עשו'ס שר.

אין: ל"ט בראשית לג, כ; ש"ט בראשית לג, זייט 188, סימן קכח שטעהט בלויז מלאך.

**ג)** זעט: תנח"ב וישלח ז; י"ש וישלח קלב, פון מדרש אבכיר. זעט אומעטום ווער סע זאָגט וואָס.

**ד)** זעט: ב"ר עז, ב; שי"ר ג, אויף פסוק ו, סימן ג; תנח"ב וישלח ז; ש"ט בראשית זייט 182; י"ש וישלח אָנהייב קלב; ל"ט בראשית לב, כה.

**ה)** ב"ר עז, ב; שי"ר ג, אויף פסוק ו, סימן ג.

זעט אומעטום ווער סע זאָגט וואָס און פאַרגלייכט די פאַרשידענע נוסחאות, ווערסיעס.

זעט **מיכאל** 254, ח, ט; **גבריאל** 264-265.

**ו)** בראשית לח, כד—כו.

**ז)** סוטה יב און רש"י דאָרט אויבן, אונטער דעם וואָרט **סימניה**.

**ח)** ב"ר פה, י; און מהרז"ו דאָרט; תנח"ב וישב יז; מ"א וישב לח, כד; אג"ב סג; רש"י בראשית לח, כד און זעט דאָרט רמב"ן; י"ש וישב קמה; ל"ט וישב לח, כד; ש"ט וישב לח, כד; מה"ג.א' לח, ו; בחיי בראשית לח, כד.

**ט)** בראשית לח, פסוקים יא, און יג; דברי הימים א', ב, ד.

**י)** זעט רש"י סוטה י, א אונטן, אונטער דעם וואָרט **יתומה**; תרגום יונתן בראשית לח, ו.

**א)** פר"כ קצח, ב, אויסגאַבע אום; י"ש הברכה תתקנא.

משה רבינו האָט גענומען אַוועק אַפילו דעם גלאַנץ פון סמאל'ס אויגן, ב).

**איז סמאל געווען גענוג מעכטיק צו נעמען אַוועק משה רבינו'ס נשמה?**

ניין. ווען סע איז געקומען משה רבינו'ס צייט צו פאַרלאָזן אונזער ערדישע וועלט, האָט דער אַלמעכטיקער געהייסן מי־כאל'ן געהן און ברייננגען משה'ס נשמה. האָט מיכאל געזאָגט צו דעם איי־בערשטן: האַר פון דער וועלט, איך בין געווען משה'ס רבי. ער איז געווען מיין תלמיד. קאָן איך נישט צו זען זיין טויט. און ער איז נישט געגאַנגען, ג).

האָט דער אַלמעכטיקער געהייסן גב־ריאל'ן געהן און ברייננגען משה'ס נשמה. האָט גבריאל געזאָגט צו דעם איי־בערשטן: האַר פון דער וועלט, ווי אַזוי קאָן איך צו זען דעם טויט פון דעם יעניגן, וועלכער איז גלייך ווי זעקס הונדערט טויזנט! און ער איז נישט געגאַנגען, ד).

האָט דער אַלמעכטיקער געבאָטן סמ־אל'ן צו געהן און ברייננגען משה'ס נשמה.

האָט סמאל אין איין סעקונדע אָן גע־נומען זיך מיט צאָרן, אָן געגורט די שווערד, געוויקלט זיך איין אין אכז־ריות, גרויזאַמקייט און געלאָזט זיך צו משה'ן.

ער האָט געטראָפן משה'ן זיצן און שרייבן דעם שם המפורש, דעם איי־בערשטנס נאָמען וועלאַכן מע טאָר נישט אַרויס רעדן. דער גלאַנץ פון משה'ס פנים איז געווען גלייך ווי דער זון שיין. ער אַליין האָט אויס געזען ווי אַ מלאך. האָט סמאל דערשראָקן זיך און געטון אַ זאָג: „אמת, מלאכים קאָנען טאַקע נישט נעמען זיין נשמה".

סמאל'ן האָט אָן געכאַפּט אַ ציטערן און אַ טרעסלען, ווי דאָס ציטערן און טרעסלען פון אַ געווינערין. ער האָט נישט געקאָנט אָן הייבן צו רעדן, ביז משה האָט ענדליך אָן גערופן זיך צו אים און געזאָגט:

„קיין פרידן צו די רשעים, זאָגט דער אייבערשטער. וואָס ווילסטו דו דאָ"?

סמאל: „איך בין געקומען נעמען דיין נשמה".

משה: „ווער האָט געשיקט דיך"?

סמאל: „דער וועלכער האָט בעשאַפן אַלע בעשאַפענישן".

משה: „דו וועסט נישט באַקומען מיין נשמה".

סמאל: „די נשמות פון אַלע באַוואוי־נערס זיינען איבער געגיבן מיר".

משה: „איך האָב מעהר קראַפט פון אַלע וועלט באַוואוינערס".

סמאל: „אין וואָס באַשטעהט דיין קראַפט"?

משה: „איך בין עמרם'ס זון. איך בין געוואָרן געבאָרן גע'מל'ט. אין דעם טאָג פון מיין געבורט האָב איך געקאָנט גלייך רעדן און געהן. איך האָב גערעדט מיט מיין פאָטער און מיט מיין מוטער, און איך האָב אַפילו געזויגן קיין מילך.

ווען איך בין געווען אַלט דריי חדשים, האָב איך שוין געזאָגט נביאות אַז איך וועל מקבל זיין, אָן נעמען, דאָס געזעץ פון פייער פלאַם. איך בין געגאַנגען אין דעם קעניגס פּאַלאַץ און האָב גע־נומען אַראָפּ די קרוין פון זיין קאָפּ.

ווען איך בין געווען אַלט אַכציק יאָר האָב איך געטון צייכנס און ווינדערס אין מצרים. איך האָב געפירט אַרויס זעקס הונדערט טויזנט אידן פון דאָרט פאַר די אויגן פון אַלע מצריים. איך האָב

ב) ד"ר ענדע הברכה; דרש לפטירת משה רבינו ע"ה נז, ב. זעט מיינע ביכער: „משה רבינו זיין לעבן און שאַפונג", זייטן קפו—קפט, אין אידיש; „מאָזעס אים ליכטע דער אגדה", זייט 144, נאָטע 605, אין דייטש, ניו יאָרק, 1932.

ג) ד"ר יא, י; י"ש וילך תתקמ.

ד) ד"ר יא, י; י"ש וילך תתקמ.

געשפאָלטן דעם ים סוף אויף צוועלף טיילן און האָב פערוואַנדלט דאָס ביטער־רע וואַסער אין זיס וואַסער.

איך בין געשטיגן ארויף און באַטרעטן דעם וועג פון דעם הימל. איך האָב גע־פירט מלחמה געגן די מלאכים און האָב מקבל געווען, אָן גענומען די תורה פון פייער. איך האָב פאַרבאָרגן מיך הינטער אַ פייער זייל און גערעדט מיט דעם אַל־מעכטיקן „פנים אל פנים". איך האָב גע־זיגט אין דער הימלישער פאַמיליע און אַנדעקט זייערע געהיימנישן צו די מענטשן קינדער.

איך האָב דערהאַלטן דאָס געזעץ פון דעם אייבערשטנס רעכטער האַנט, און האָב געלערנט עס דעם פאָלק ישראל. איך האָב געפירט קריג מיט סיחון'ען און מיט עוג'ן, די העלדישע קעניגים פון דער וועלט, וועלכע זיינען געווען אַזוי הויך, אַז אין דער צייט פון דעם מבול האָט דאָס וואַסער דערגרייכט בלויז צו זייערע קנעכלס. איך האָב געהייסן דער זון און דער לבנה צו שטעהן שטיל, און מיט דעם שטעקן אין מיין האַנט האָב איך אום געבראַכט ביידע קעניגים. ווער פון די באַוואוינערס פון דער וועלט האָט באַוויזן אַזעלכעס?

געה אַוועק פון דאַנען, דו רשע. האָסט קיין רעכט צו רעדן אַזוי צו מיר. געה, פלי פון מיר. איך גיב דיר נישט מיין נשמה".

סמאל האָט אום געקעהרט זיך צו דעם אייבערשטן און געזאָגט: „האַר פון דער וועלט, ווען דו זאָלסט באַ־פעהלן מיר צו איבער קעהרן דאָס גיהנם, וועל איך קאָנען טון דאָס. אָבער עמרם'ס זון קאָן איך נישט ביי קומען. איך בעט דיך, שיק נישט מיך צו אים".

„דו רשע", זאָגט דער אַלמעכטיקער צו אים, „פון גיהנם פייער ביזט דו בע־שאַפן און אין גיהנם פייער וועסט דו ווערן פערוואַנדלט צוריק. צו ערשט ביזט דו געגאַנגען פול מיט פרייד. און נאָך דעם ווי דו האָסט געזען זיין גרויסקייט ביזט דו געקומען צוריק. געה און בריינג זיין נשמה".

האָט סמאל באַלד געצויגן ארויס זיין שווערד פון דער שייד, און ער איז אַוועק צו משה'ן. משה איז געוואָרן אין כעס. ער האָט געכאַפּט דעם שטעקן אויף וועלכן סע איז געווען אויס געקריצט דער שם המפורש, דעם אייבערשטנס נאָמען וועלכן מע טאָר נישט ארויס רעדן, און ער האָט דערלאַנגט סמאל'ן מיט זיין גאַנצן כוח, ה).

סמאל איז געפלויגן אַוועק פון אים. משה איז נאָך געלאָפן אים מיט דעם שם המפורש. ער האָט גענומען אַוועק פון סמאל'ן דעם גלאַנץ פון זיינע אויגן. און דער רשע, דער בייזוויכט סמאל איז געוואָרן בלינד, ו).

**האָט נאָך עמיצער אַ חוץ, אויסער משה'ן, געזען סמאל'ן?**

יאָ. שלמה המלך האָט געזען ווי דער מלאך המות קוקט אויף זיינע סעקרע־טאָרן אליחורף און אחיה, און קריצט מיט די ציין, ז).

**האָט עמיצער אַ חוץ, אויסער משה רבינו, גערעדט מיט סמאל'ן?**

---

ה) מדרש פטירת משה רבינו ע"ה, זייט 128; דרש לפטירת משה רבינו ע"ה נח, ב. זעט די אָפּקירצונגען זייט 94, אונטער דעם וואָרט פמ.ג'.

ו) ד"ר יא, י; י"ש וילך תתקמ.
זעט מיינע ביכער:
„משה רבינו'ס לעבן און שאַפונג" [אין אידיש], זייטן קפו—קפה.
„מאָזעס אים ליכטע דער אגדה" [אין דייטש], זייטן 142—144.

ז) ירושלמי כתובות פרק יב, הלכה ג. זעט דאָרט איינצלהייטן, און פאַרגלייכט מיט סוכה נג, א.

**יאָ.** סמאל האָט גערוטן רבי יהושע בן לוי ער זאָל נישט טון דריי זאַכן, ח).

ווען רבי יהושע בן לוי האָט בעדאַרפט שטאַרבן, האָט מען געהייסן דעם מלאך המות געהן טון זיין ווינטש. ווען ער האָט באַוויזן זיך צו ר' יהושע'ן האָט ער געזאָגט צו אים: פיר מיך אין גן עדן, און וויוז מיר מיין אָרט...., ט).

רבי שמעון בן חלפתא, האָט גערעדט מיט אים, און ער האָט אפילו אָפּ געראַטעוועט אַ קינד פון אים, י).

דעם אמורא שמואל'ס פאָטער האָט גערעדט מיט אים, א).

**שטעלט סמאל זיך איין אַ מאָל פאַר מענטשן?**

יאָ, אָבער נאָר פאַר אַ געווויסן קלאַס מענטשן.

ווען יעקב'ס קינדער האָבן געטויט די איין וואוינערס פון שכם, איז סמאל געקומען פאַר דעם הימלישן געריכט, און ער האָט געמאָנט זייער בלוט. האָט מען געענטפערט אים: ווער האָט באַשטימט דיך אַלס מאָנער פאַר גע'מל'טע מענטשן. דו קאָנסט טענה'ן בלויז פאַר געצן דינערס, ב).

ווען סמאל זעט אַז סע איז נישט געוואָרן געפינען אַן עבירה ביי די אידן יום הכיפורים, זאָגט ער פאַר דעם הייליקן ברוך הוא: האַר פון די וועלטן, דו האָסט איין פאָלק אויף דער ערד וואָס איז ווי מלאכי השרת, די דינסט מלאכים אין הימל. פונקט ווי דינסט מלאכים זיינען בורוויס, אַזוי אויך זיינען די אידן בורוויס [באָרפוס, אָהן שיך] יום הכיפורים. פונקט ווי די דינסט מלאכים עסן נישט, טרינקען נישט; אַזוי אויך די אידן. זיי עסן נישט, טרינקען נישט יום הכיפורים. פונקט ווי די דינסט מלאכים שטייען אויף זייערע פיס, ג) אַזוי די אידן. זיי שטייען אויף זייערע פיס יום הכיפורים. פונקט ווי ביי די דינסט מלאכים הערשט שלום, פרידן, אַזוי אויך הערשט שלום צווישן די אידן יום הכיפורים. פונקט ווי די דינסט מלאכים זיינען ריין פון יעדער זינד. אַזוי אויך זיינען די אידן ריין פון יעדער זינד יום הכיפורים. ווען דער הייליגער, געלויבט איז ער, הערט דאָס פון די אידנס אָן קלאָגער אַליין, פאַרגיבט ער אַלע אידן פון גרוים ביז קליין, ד).

**וואָס איז סמאל'ס באַציאונג צו אידן?**

ער קלאָגט אָן די אידן, ה). ער האָט אָן געקלאָגט די אידן ווען זיי האָבן פאַרלאָזט מצרים. ער האָט גע'טענה'ט צו דעם אייבערשטן: האַר פון דער וועלט, ביז איצט זיינען זיי דאָך געווען געצן דינערס, וואָס זשע שפּאַלטסט דו דעם ים פאַר זיי...., ו).

ח) זעט: ברכות נא, א; י"ש זכריה תקע.
ט) כתובות עז, ב.
י) ד"ר ט, א; ק"ר ג, פסוק ב, סימן און זעט מהרז"ו דאָרט; י"ש משלי תתקמז.
א) עבודה זרה כ, ב.
ב) שכ"ל יא, ב, אונטן.
ג) די מלאכים האָבן קיינע קנאָכלן, [קנעכל, קנעכלס]. זיי קאָנען נישט זעצן זיך.
זעט ווער סע זאָגט וואָס, און פאַרגלייכט די נוסחאות, ווערסיעס אין:
ירוש. ברכות פרק א, הלכה א; חגיגה טו, א; פר"א פרק מו, אויסגאַבע אום; ב"ר סה, כא; ש"ר מג, ד; ר"ר אָנהייב פתיחתא; תנח. קדושים ו; שו"ט אָנהייב מזמור א; ילו"ה א, ט; י"ש תולדות קטו און יחזקאל שמ; רש"י דניאל ז, טז; רש"י סוטה מ, ב אונטער דעם וואָרט אין **ישיבה**. זעט ישעיה ו, ב און רש"י, א"ע דאָרט.
ד) בחיי אחרי טז, ז. אין פר"א פרק מו איז עס פאַרקירצט. דאָרט שטעהט **השטן** אויף דעם אָרט פון סמאל, און זעט דאָרט רד"ל סימנים נה—סא.
ה) ש"ר יח, ה. זעט **שטן**, זייט 301.
ו) ויק"ר כא, ז; מדרש אבכיר מב.

**וואָס טוט סמאל ווען אַ קראַנקער האַלט ביי שטאַרבן?**

ער שטעהט נעבן דעם קראַנקן צו קאָפּענס מיט זיין אַרויס געצויגענער שווערד אין זיין האַנט, ז).

דוד המלך האָט געבעטן:

„הודיעני ה' את קצי", לאָז מיך וויסן, אַ אייבערשטער, מיין ענד; „ומדת ימי מה היא", און וואָס איז די מאָס פון מיינע טעג; „אדעה מה חדל אני", ח) איך וויל וויסן ווען איך וועל אויפהערן לעבן.

אייבערשטער: סע איז אַ גזרה פאַר מיר, נישט צו לאָזן וויסן אַ מענטשן זיין ענד, און די מאָס [צאָל] פון זיינע טעג. דו וועסט שטאַרבן אין אַ שבת.

דוד: לאָז מיך שטאַרבן אין אַ זונטיק.

אייבערשטער: סע איז שוין געקומען די צייט פון דיין זון שלמה'ס קיניגן. און איין מלכות, קעניגרייך, רירט נישט אָן דאָס צווייטע אפילו אַ האָרם ברייט.

דוד: לאָז מיך שטאַרבן פרייטיק.

אייבערשטער: „כי טוב יום בחצריך מאלף", ט) מיר איז ליבער איין טאָג ווען דו זיצסט און לערנסט תורה, פון טויזנט קרבן עולות וואָס דיין זון שלמה וועט מקריב זיין פאַר מיר אויף דעם מזבח.

איז דוד געזעסן יעדער שבת, און ער האָט געלערנט אַ גאַנצן טאָג. וואָרן תורה שיצט געגן טויט, י).

דעם שבת ווען דוד האָט בעדאַרפט אויס הויכן די נשמה, איז דער מלאך המות געשטאַנען פאַר אים. אָבער ער האָט געקאָנט טון אים גאָר נישט. ווייל דוד האָט נישט אויף געהערט צו לערנען.

הינטער דעם הויז איז געווען אַ סוד. איז געגאַנגען דער מלאך המות, און ער האָט געשאָקלט די ביימער צו מאַכן אַ גערויש. דוד האָט געלאָזט זיך געהן אַרויס זען וואָס סע טוט זיך דאָרט. האָט די טרעפּ איין געבראָכן אונטער אים. ער איז געבליבן שטיל. זיין נשמה איז אויס געגאַנגען, א).

**נעמט סמאל אַוועק די נשמה פון יעדן מענטשן?**

ניין. ער האָט געהאַט קיין שליטה, קיין מאַכט איבער אברהם'ן, יצחק'ן, יעקב'ן, אהרן'ען, מרים'ן, ב).

דער מלאך המשחית, דער פערדאַרבנ-דיקער מלאך האָט קיין שליטה, קיין מאַכט, איבער די פרומע. ווייל זייער טויט איז דורך דער שכינה, ג).

**האָט סמאל מאַכט איבער מענטשן אָהן אונטערשיד וואו זיי געפינען זיך?**

ניין. ער האָט געהאַט קיין מאָל שליטה, מאַכט, אין לוז, ד).

**זיינען פאַראַן אַ מאָל סימנים, צייכנס אַז סמאל קומט נעמען אַוועק עמיצנס נשמה?**

ווען ער קומט אין אַ שטאָט אַריין וויינען די הינט.

אגב, ווען אליהו זכור לטוב קומט אין אַ שטאָט אַריין שפּילן די הינט זיך, ה).

---

ז) עבודה זרה כ, ב. זעט מסכת שמחות, זייט 252.

ח) תהלים לט, ה און תרגום דאָרט.

רש"י טייטשט: ווען וועלן מיר ווערן פטור פון דער צרה. זעט דאָרט: א"ע, רד"ק, מצו-דות'ן.

ט) תהלים פד, יא.

י) רש"י שבת ל, ב, ערשטע שורה. און זעט סוטה כא, א.

---

א) שבת ל, א—ב.

ב) בבא בתרא יז, א; מה"ג.א' כד, א; י"ש חיי שרה קו.

ג) בחיי בראשית א, לא.

ד) זעט: ב"ר סט, ח; סוטה מו, ב; תדא"ז פרשה טז; י"ש ספר שופטים לח; רש"י סוכה נג, א אונטער דעם וואָרט דקא.

ה) בבא קמא ס, ב.

**ווי אַזוי קאָן דער מלאך המות זיין אומעטום איבער דער גאַנצער וועלט?**
ער פליט אַרום איבער דער גאַנצער וועלט מיט אַכט שוויבן, ו); אין אַ מגפה, אין דער צייט פון אַ פּעסט, מיט איין שוויב, ז).

**וואָס וועט זיין סמאל׳ס פונקציע, מע־טיקייט אין דער צוקונפט?**
לעתיד לבוא, אין דער צוקונפט, אין משיח׳ס צייטן וועט ער ווערן דער אויף־זעער איבער די געצן דינערס, ח).

## דער שטן

**פון וואַנען אורשפּרונגט דער שטן?**
ער איז געקומען אויף דער וועלט אין איינעם מיט חוה׳ן. אין דער תורה גע־פינט זיך קיין „ס״ ביז חוה איז געוואָרן בעשאַפן, ביז „ויסגר״, א). אַ „ס״ פער־בייט זיך אויף אַ „ש״. דרינגט מען דער־פון אַז דער שטן איז געקומען אויף דער וועלט אין איינעם מיט חוה׳ן, ב).

**האָט דער שטן נאָך נעמען?**
יאָ, ער ווערט באַצייכנט מיט:
**מלאך המות, ג)**;
**סמאל, ג*)**;
**יצר הרע, ד)**;
**נחש**, דער שלאַנג וועלכער האָט אָן גערעדט חוה׳ן צו עסן פון דעם עץ הדעת, פון די פאַרבאָטענע פרוכט, ה).
לויט אַן אַנדער מיינונג, איז דער שלאַנג געווען טאַקע אַן אמת׳ער שלאַנג, ו).
די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט **הנחש** צוזאַמען מיט דעם וואָרט, באַ־טרעפט דריי הונדערט פיר און זעכציק, פונקט ווי די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט **השטן**, ז).

**וויפל שטן׳ס, שטנים, זיינען פאַראַן?**
דריי, ח).

---

ו) ברכות ד, ב, אונטן; ילה״י ו, ו. אין י״ש ישעיה תז שטעהט בחמישה, מיט פינעף שוויבן.
ז) ברכות ד, ב, אונטן; ילה״י ו, ו.
ח) ב״ר כו, ב. פאַרגלייכט ילה״י יז, יא.
א) בראשית ב, כא.
ב) ב״ר יז, ו; י״ש בראשית כג און דאָרט שטעהט סטן; ל״ט בראשית ב, כא; בחיי בראשית ב, כא און אָנהייב קאַפּיטל ג; י״ר בראשית לה, ב.
זעט: זהר בראשית לה, א, לעצטע צוויי שורות; כלי יקר בראשית ב, כא.
זעט חוה, באַנד ג.
ג) בבא בתרא טז, א; מה״ג,א׳ ו, ה און כב, א, זייט 316; תוספות שבת פט, א אונ־טער דעם וואָרט **תורה**; רש״י עירובין כו, א, אונטן, אונטער דעם וואָרט **שטן**; מנה״מ ב, תפילה, זייט 377 און ד, זייט 587; בחיי בראשית ג, ענדע פסוק טו און אחרי טז, ז; רקאַנטי בראשית יב, ב.
זעט **מלאך המות** זייט 292; **יצר הרע** זייט 309; **שלאַנג, נחש**, זעט ביי **אדם**, באַנד ג.
ג*) זעט אָנהייב **סמאל**.
ד) בבא בתרא טז, א; זהר פקודי רסב, ב—רסג, א; מה״ג,א׳ ו, ה און כב, א, זייט 316; רש״י שבת פט, א אונטער דעם וואָרט **בא השטן** און יומא סז, ב אונטער דעם וואָרט **השטן**; רש״י קידושין ל, א, ערשטע שורה, און פא, א, דריטע שורה אונטן; בחיי בראשית ג, ענדע פסוק טו, און אחרי טז, ז; מנה״מ ד, זייט 587; ספורנו בראשית ג, א.
ה) זהר בראשית לה, ב, אונטן; ספורנו בראשית ג, א; רקאַנטי בראשית יב, ב.
ו) זהר בראשית לה, ב; רקאַנטי בראשית יב, ב.
ז) בחיי בראשית ג, אָנהייב פסוק א.
ח) שי״ר א, א, יא.

**וועלכער שטן איז דער ערגסטער?**
סמאל איז דער גרעסטער רשע, בייז־ וויכט צווישן אלע שטנים, שטן׳ס, ט).

**וואס זיינען דעם שטן׳ס פונקציעס, טעטיקייטן?**
ער איז דער מקטרג, דער אן קלאגער, דער פראקוראר, דער „דיסטריקט אטויר־ ני״, י).

ער איז מקטרג, ער קלאגט אן די אידן, א). און די פארטיידיגערם פאר־ טיידינגן, ב).

ער איז מקטרג, קלאגט אן די אידן, און מיכאל לערנט זכות אויף די אידן. דער שטן וויל רעדן. און מיכאל מאכט אים שווייגן, ג).

ווען אכצן טויזנט פינעף הונדערט אידן האבן באטייליגט זיך אין אחשורוש׳עס סעודה געגן מרדכי הצדיק׳ס פארבאט, האט דער שטן מקטרג געווען, איין גע־ קלאגט די אידן, ד).

ער קומט יום הכפור מקטרג זיין, אן קלאגן די אידן. דער אייבערשטער בע־ האלט זייערע זינד אונטער דער קעניג־ ליכער רעגאליא. דער שטן קומט, און ער געפינט קיין זינד, ה).

ער איז מקטרג, ער קלאגט אן אין הימל די יעניגע וועלכע סע לעבט זיך גוט, ו).

ער קלאגט אן די צדיקים וועלכע לעבן זיך רואיג, און די וועלכע פירן א רואיג לעבן אויף דער וועלט, ז).

**קלאגט דער שטן אן אויך גרויסע, וויכטיקע פערזענלאכקייטן?**
יא.

ער האט אן געקלאגט אברהם׳ן פאר דעם אייבערשטן. ער האט גע׳טענה׳ט פאר אים: דו האסט געלייטזעליקט אים מיט א זון צו הונדערט יאר. איז פון דער גרויסער סעודה, ח) וועלאכע ער האט געמאכט ביי דעם אנטוויינען דאס קינד, האט ער נישט געפונען פאר נייטיק צו מקריב זיין, צו אפפערן צו דיר אפילו א אינג טייבעלע, ט).

ער פארפירט די אידן, י).

**ווי אזוי פירט דער שטן דורך זיין מיפיע?**
ער נידערט אראפ, פארפירט די מענטשן צו זינדיקן, געהט ארויף אויבן, רעגט אויף דעם מלך׳ס צארן, נעמט רשות, ערלויבעניש, און נעמט אוועק די נשמה, א).

**פארפירט ער אויך גאר גרויסע, וויכ־ טיקע פערזענלאכקייטן?**
יא.

---

ט) מדרש דברים רבה פרשה יא, י.
י) ש״ר מא, ז. זעט: ש״ר אנהייב פרשה מג; מה״ג,א׳ כח, יא; מב, לח; 446, 445; שו״ט קו, ו; י״ש תהלים תתסד; יל״ה קו, מח.
זעט אומעטום די פארשידענע ווערסיעס, און ווער סע זאגט וואס.
א) נדרים לב, ב; תנח. קרח; ש״ר לא, ב; ויק״ר כא, ד.
ב) ש״ר לא, ה.
ג) ש״ר יח, ב.
ד) א״ר ז, יג.
ה) שכ״ל יב, א; פון י״ש תהלים.
סע איז פאראן א מיינונג אז יום הכיפור איז דער איינציגער טאג אין יאר ווען ער קאן נישט אן קלאגן. זעט זייט 308, נאטע ג.
ו) ב״ר לח, ז.
ז) ב״ר פד, ג; י״ש איוב ענדע תתקד; ש״ט וישלח לו, מג.
זעט: סנהדרין קו, א, אונטן; י״ש וישב קמ; רש״י בראשית לז, ב.
ח) בראשית כא, ח.
זעט: גיטין עה, ב; סנהדרין פט, א; מ״א וירא כא.
ט) סנהדרין פט, ב און זעט באנד א, זייט 159, נאטן ר און ש.
י) רש״י יומא סז, ב אונטער דעם ווארט השטן.
א) בבא בתרא טז, א.

ער האָט פאַרפירט דעם צדיק נח, **ב**) ביי זיין פלאַנצן דעם וויין גאָרטן, און ער איז געוואָרן שיכור, **ג**).

ער איז געקומען צו אברהם'ן צו אָפּ רעדן אים פון צו פירן יצחק'ן צו דער עקידה; און צו יצחק'ן צו אָפּ רעדן אים פון צו לאָזן פירן זיך צו דער עקידה, **ד**). אָבער סע איז נישט געלינגען אים.

ער האָט פאַרדרעהט דעם וועג אויף וועלכן אברהם האָט געפירט יצחק'ן צו דער עקידה, **ה**).

ער האָט פאַרשטעלט זיך פאַר אַן אַלטן מאַן, און האָט אָן געוועגט פאַרשידענע טייוועלשע פאַרטלען צו אָפּ רעדן אברהם'ן פון צו דורך פירן די עקידה. ווען סע איז נישט געלינגן אים, האָט ער פערוואַנדלט זיך אין אַ אינגן מאַן און אָן געווענד אַלע כוחות צו ווירקן אויף יצחק'ן ער זאָל נישט לאָזן זיך שחט'ן. ער האָט אַפילו פערוואַנדלט זיך אין אַ טייך, אין וועלאַכן אברהם און יצחק זיינען געגאַנגען אַריין ביז צו דעם האַלדז. אָבער סע איז דאָך נישט געלינגן אים צו אָפּ רעדן זיי, **ו**).

ער איז דער יעניגער וועלאַכער האָט דערצעהלט שרה'ן אַז אברהם פירט יצחק'ן צו דער עקידה, און די נשמה איז אַרויס פון איר, **ז**).

ער האָט עס געטון אַ שטופּ אברהם'ס האַנט ביי דער עקידה און דאָס מעסער איז געפאַלן אַראָפּ, **ח**).

ער האָט געשטעהרט עשו'ן אין זיין פאַנגן אין פעלד, כדי יעקב זאָל קאָנען דערוויל נעמען די ברכות פון יצחק'ן, **ט**).

אגב, עשו'ס שטן איז געקומען אויף דער וועלט, ווען יוסף איז געוואָרן געבאָרן, **י**).

ער האָט געוואָלט הרג'ענען משה רבינו'ס קינד וועלאַכס ער האָט פאַרשפּעטיקט צו מל זיין, **א**). סע שטעהט נישט וועלאַכס קינד, גרשם'ן צי אליעזר'ן.

סע זיינען פאַראַן אַנדערע מיינונגען וועגן ווער דאָס איז געווען, וועמען ער האָט געוואָלט טויטן, און פאַר וואָס:

**אַ מלאך, ב) און סע שטעהט נישט ווער.**

**אַ מלאך, און סע שטעהט נישט וועמען** ער האָט געוואָלט טויטן, **ג**).

---

**ב**) בראשית ו, ט און ז, א.

**ג**) בראשית ט, פסוקים כ און כא. תנח. נח, יג; ילמדנו א', נח, יט [כט, ב]; יל"ה קד, מג.

**ד**) ב"ר נו, ד. זעט באַנד **א**, זייטן 166—167, און די מקורים, קוועלעס דאָרט.

**ה**) ל"ט וירא כב, ד.

**ו**) זעט איינצלהייטן און די פאַרשידענע ווערסיעס אין:

ישר וירא 61—60; בבא מציעא נח, ב און תוספות אונטער דעם וואָרט **הלא**; סנהדרין פט, ב; ב"ר נו, ד און צד, ג; תנח. וירא כב; תנח"ב וירא מו; פ"ר קע, ב; מה"ג,א' 314; מ"א וירא כב, ד און ו; ל"ט וירא כב, ד; מדרש ויושע לו; י"ש וירא רמזים צח, צט, ק און קא; בחיי בראשית כב, ז.

זעט: באַנד **א**, זייטן 167—166 נאָטן פד, ק, און מיין בוך „אברהם אבינו'ס לעבן און שאַפונג", זייטן 158—154.

**ז**) תנח. וירא כג; מה"ג,א' כב, יג; י"ש תהלים תתיא; מנה"מ ב, תפילה, 377.

**ח**) מדרש תנחומא וירא כג.

**ט**) מדרש תנחומא תולדות יא.

**י**) ב"ר עג, ז; ל"ט בראשית ל, כה.

זעט: ב"ב קכג, ב; פ"ר פיסקא יב, זייטן מח, ב—נ, א; פר"כ כא, ב; און כח, א; ב"ר עה, ה און פד, ה; ש"ט בראשית ל, כה; י"ש וישלח קל און עובדיה; יונתן און רש"י בראשית ל, כה; ל"ט בראשית לב, ה.

**א**) נדרים לב, א, דריטע שורה אויבן.

**ב**) ירושלמי נדרים ענדע פרק ג; מר"י יתרו זייט נח, א, אויסגאַבע אום.

**ג**) תרגום אונקלוס שמות ד, פסוק כד און רש"י פסוק כו.

ער האָט געוואָלט טויטן משה'ן, און סע שטעהט נישט ווער, ד).

אַ מלאך האָט געוואָלט טויטן משה'ן, ווייל ער האָט נישט גע'מל'ט זיין צו ערשט געבאָרן אינגל גרשם. דאָס נישט מל זיין גרשם'ן איז געווען לויט דעם קאָנטראַקט, אָפּמאַך וואָס משה'ס שווער יתרו האָט געמאַכט מיט אים, ה). און סע שטעהט נישט ווער.

מלאך חבלא, ו) אַ פערדאַרבנדיקער מלאָך;

מחבלא, ז) אַ פערדאַרבנדיקער [מל־אך].

**אף** און **חמה**, ח) פערדאַרבנדיקע מל־אכים, האָבן איין געשלינגן משה'ן ביז צו די פים.

מלאך המות, ט) דער מלאך פון טויט.

אַ מלאך אין דעם געשטאַלט פון אַ שלאַנג האָט איין געשלינגן אים..., י).

דער **מלאך אוריאל**, אין דעם געשטאַלט פון אַ שלאַנג, האָט איין געשלינגן אים ביז צו די פים..., א).

דער **מלאך גבריאל**, אין דער גע־שטאַלט פון אַ שלאַנג, האָט געוואָלט טויטן משה'ן פאַר זיין מיט נעמען זיין הויז געזינד קיין מצרים, ב).

אַ מלאך פון רחמים, פון באַרם האַר־ציקייט האָט איין געשלינגן משה'ן ביז צו דער דיך. ער האָט געוואָלט טויטן אים פאַר זיין פאַרשפעיטיקן צו מל'ן זיין זון אליעזר, ג).

משה איז געוואָרן באַשטראָפט נישט ווייל ער איז נישט געווען איילק געננג צו מל'ן זיין קינד, נאָר ווייל ער האָט פאַרנומען זיך צו ערשט מיט דער סטאַנ־ציע, ד). און סע זאָגט נישט ווער סע האָט געוואָלט טויטן וועמען.

ווען משה רבינו האָט פאַרשפעיטיקט צו קומען אַראָפּ מיט די לוחות, האָט דער שטן צעמישט די וועלט. ער האָט געוויזן די אידן משה'ן אין אַ בעטל אין דער לופטן. זיי האָבן געמיינט אַז ער איז טויט. און זיי האָבן געמאַכט דעם עגל הזהב, דעם גאָלדענעם קאַלב, ה).

די תורה דערצעהלט „וירא העם כי בשש משה לרדת מן ההר", ו) און דאָס פאָלק האָט געזען אַז משה האָט פאַר־שפעיטיקט צו אַראָפּ נידערן פון דעם באַרג. בושש ווערט געטייטשט פאַרשפעי־טיקט, ז).

אַנדערע טייטשן באו שש שעות: סע איז געווען שוין זעקס שעה אין דעם פערציקסטן טאָג. דאָס הייסט די באַ־שטימטע צייט ווען משה האָט בעדאַרפט נידערן אַראָפּ פון דעם באַרג, און ער איז נאָך נישט געקומען, ח).

בשש [בשעיש] שעות ביום, ט) אין

ד) רש"י שמות ד, כד. זעט 268, נאָטע י*.

ה) תרגום יונתן שמות ד, כד.

ל"ט שמות ד, כד ברייננט דעם פסוק „ויפגשהו ה' ויבקש המיתו", למשה, און סע זאָגט נישט ווער סע האָט געוואָלט טויטן משה'ן.

ו) תרגום יונתן שמות ד, פסוקים כה און כו.

ז) תרגום ירושלמי שמות ד, כה.

ח) י"ש עקב תתנג.

ט) תרגום ירושלמי שמות ד, כו.

י) רש"י שמות ד, כד.

א) מ"א שמות ד, כד.

ב) י"ר שמות טו, א [פון גלי רזיא].

ג) ש"ר ה, ח.

ד) י"ש לך לך פא.

זעט אָבער זייט 268, נאָטע י*.

ה) שבת פט, א; ש"ר מא, ז; תנח. תשא יט; תנח"ב תשא יג; מ"א שמות אָנהייב קאַפּיטל לב; י"ש תשא שצא, אָנהייב קאַפּיטל לב; רש"י תשא לב, א; ל"ט תשא לב, א; יל"ה קו, לו.

ו) שמות לב, א.

ז) אונקלוס, יונתן, רש"י שמות לב, א.

ח) שבת פט, א; ב"ר ענדע פרשה יח; ש"ר תשא ז; תנח. תשא יט; תנח"ב תשא יג; י"ש תשא שצא; יל"ה קו, לו; ל"ט ת.

ט) מ"א תשא לב, א; ל"ט שמות לב, א. זעט פר"כ יט, ב און הערה קנ.

דער זעקסטער שטונדע פון דעם טאָג האָבן די אידן געזינדיקט.

בשש [בשעיש] מיט זעקס תורות, דאָס הייסט מיט די פינעף חומשים און מיט דעם ספר יהושע, י).

ווען דער גאָלדענער קאַלב איז געקומען ארויס פון דעם פייער, איז דער שטן אריין אין אים און האָט גימעריקעט כדי צו פאַרפירן די אידן, א).

ווען משה האָט גענידערט אראָפּ פון פאַר דעם הייליקן, געלויבט זיין נאָמען, איז געקומען דער שטן, און ער האָט געזאָגט פאַר אים: האַר פון דער וועלט, וואו איז די תורה? האָט ער געענטפערט אים אַז ער האָט געגיבן זי צו דער ערד.

איז דער שטן געגאַנגען, און ער האָט געפרעגט די ערד, דעם ים, דעם אָפּגרונט... אָבער אַלע האָבן געזאָגט אים אַז זיי האָבן נישט זי. האָט דער אייבערשטער געהייסן אים געהן צו עמרם'ס זון. איז ער געגאַנגען צו משה'ן, און ער האָט געפרעגט אים: וואו איז די תורה וועלאַכע דער הייליגער האָט געגיבן דיר? האָט ער געענטפערט אים: וואָס בין איך דען, אַז דער הייליגער זאָל גיבן די תורה מיר! האָט דער אייבערשטער געזאָגט צו משה'ן: משה, צי ביזט דו דען אַ ליגנער. האָט משה געענטפערט אים: האַר פון דער וועלט, דו האָסט אַזאַ גליסטיקע, טייערע, זאַך בעהאַלטן ביי דיר, מיט וועלאַכער דו שפּילסט דיך יעדער טאָג, זאָל איך בעטראַכטן עס פאַר מיינס!

האָט דער הייליגער געזאָגט צו אים: פאַר דיין האַלטן דיך קליין וועט די תורה ווערן אָן גערופן אויף דיין נאָמען. ווי דער פסוק זאָגט „זכרו תורת משה עבדי, ב) געדענקט מיין קנעכטס משה'ס תורה...., ג).

ביי מתן תורה, ווען די תורה איז געוואָרן געגיבן די אידן, האָט דער שטן געפאָדערט פון דעם אייבערשטן ער זאָל גיבן אים רשות, ערלויב, אויף איבער די צדיקים. האָט ער געזאָגט צו אים: דו האָסט רשות, ערלויב איבער זיי יום הכיפור, אויב זיי האָבן אַ זינד, ד).

סע איז אָבער פאַראַן אַ מיינונג אַז יום הכפור האָט דער שטן קיין רשות, ערלויב צו אָן קלאָגן.

די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט השטן באַטרעפט דריי הונדערט פיר און זעכציק. דאָס יאָר באַשטעהט פון דריי הונדערט פינעף און זעכציק טעג. דריי הונדערט פיר און זעכציק טעג מעג ער אָן קלאָגן, אָבער יום הכיפור נישט, ה).

דער שטן איז געוועזן געגן גיבן די לוחות צו משה'ן, ו).

ער האָט „איין געלעגט וועלטן" צו באַוועגן איוב'ן צו זינדיקן, ז).

**פאַרשטעלט דער שטן זיך אַ מאָל?**

ער פאַרשטעלט זיך זעהר אָפט צו

---

י) י"ר תשא עט, ב.

א) פר"א פרק מה, און זעט רד"ל דאָרט סימנים כה, כו.

ב) מלאכי ג, כב.

ג) שבת פט, א.

ד) פר"א פרק מו, אויסגאַבע אום.

ה) יומא כ, א; נדרים לב, ב, ערשטע שורה און זעט דאָרט ר"נ; ויק"ר כא, ד; במ"ר יא, ז און יח, כא; תנח. קרח יב; פ"ר פיסקא מה, זייט קפו, א; פר"כ זייט קעו, א, אויסגאַבע אום; שו"ט כז, ד און קלד, ד, אויסגאַבע אום; יל"ה כז, ה; י"ש תהלים תשיח; מה"ג,ג' זייט 409 און מה"ג,ד' זייט 109; אבודרהם עח, ב.

זעט זהר פנחס רלב, א.

ו) שבת פט, א און תוספות דאָרט ערשטע שורה; סנהדרין כו, ב און רש"י דאָרט אונטער דעם וואָרט מפני.

ז) זעט: די ערשטע צוויי קאַפּיטלאַך אין ספר איוב. בבא בתרא טז, א; ב"ר נז, ד; ש"ר כא, ז און לא, יב; תנח. משפטים יא; אבן עזרא משפטים כג, כא.

דורך פירן זיינע רשעות׳דיגע, בייזוויכ־טע טאטן. אט האט ער פערוואנדלט זיך א מאל אין א גאזעל [הירש] צו פאר־פירן דוד המלך. און פאסירט האט עס אזוי:

ישבי בנוב וועלאכער האט געשטאמט פון ריזן, מיט א שפיז וואס האט גע־וואויגן דריי הונדערט קופער־שקלים, אנ־געגורט מיט א נייעם פאנצער האט גע־וואלט הרג׳ענען דוד׳ן. ישבי בנוב מיינט א מאן וועלאכער איז געקומען וועגן דעם וואס איז געשעהן מיט די איין וואוינערס פון דער שטאט נוב. נעמלאך, דער איי־בערשטער האט געזאגט צו דוד המלך: ווי לאנג נאך וועסט דו האלטן די דאזי־קע זינד אין דיין האנט? דורך דיך איז געווארן חרוב נוב, די שטאט פון די כהנים. דורך דיך איז געקומען די צרה אויף דואג האדומי. און דורך דיך זיינען געווארן געטויט שאול און זיינע דריי זין. ווילסט דו איך זאל פארלענדן דיינע קינדער, צי זאל איך גיבן דיך איבער אין דעם פיינטס האנט? האט דוד גע־זאגט פאר אים: האר פון דער וועלט, סע איז בעסער איך זאל ווערן איבער געגיבן אין דער האנט פון דעם פיינט, און מיינע קינדער זאלן ניט ווערן פאר־לענד.

איין מאל איז דוד געגאנגען אין א דערפל אריין. האט באגעגנט אים דער שטן אין דעם געשטאלט פון א הירש. דוד האט געצילעוועט א פייל צו אים, אבער זי האט נישט דערגרייכט אים. האט דוד נאך געיאגט אים ביז ער איז אריבער די גרעניץ פון דעם לאנד פלש־תים.

ווען ישבי בנוב האט דערזען דוד׳ן, האט ער געזאגט: אט דאס איז דער וועלאכער האט דער׳הרג׳עט מיין ברודער גלית.

ער האט געבונדן און געלייגט דוד׳ן אונטער דעם מילשטיין וועלאכער פרעסט און ער איז ניצול געווארן.

פאסירט האט דאס אין א פרייטיק פארנאכט. אבישי בן צרויה האט דאן געוואשן זיך מיט פיר לאגלען וואסער. ער האט באמערקט אין דעם וואסער עפעס, וואס האט אויס געזען אים ווי בלוט פלעקן. לויט אן אנדער מיינונג: א טויב איז געקומען און האט געקא־טשעט זיך, געריסן די פעדערן, געברימט טרויעריק. האט ער געטראכט זיך: די כנסת ישראל איז דאך געגליכן צו א טויב, ווי אין פסוק שטעהט, „כנפי יונה נחפה בכסף״, ח) דער טויבס פליגלם זיינען אויסבירטן. אבער סע איז געשעהן א נס. די ערד אונטער אים האט געזעצט זיך. באדעקט מיט זילבער. און ער האט גע־דרינגען דערפון, אז דוד דער מלך פון ישראל געפינט זיך אין א צרה.

איז ער געגאנגען צו דוד׳ן אהיים, און האט נישט געפונען אים. האט ער גע־שיקט אין בית המדרש אריין, איז ער ניט געווען דארט. האט ער געזאגט: מיר האבן געלערנט אז קיינער מעג רייטן אויף דעם קעניגס פערד; קיינער מעג זיצן אויף דעם קעניגס שטול; קיינער מעג באנוצן דעם קעניגס צעפטער. אבער ווי איז עס אין א צייט פון געפאר? איז ער געגאנגען אין בית המדרש אריין פרעגן, און מען האט געענטפערט אים אז אין א צייט פון געפאר מעג מען. האט ער ארויף געזעצט זיך אויף דעם קעניגס מויל אייזל. און דער וועג איז געשפרונ־גען אנטקעגן אים.

דערווייל האט ער דערזען ערפה׳ן, ישבי בנוב׳ס מוטער, וועלאכע איז געזעסן און האט געשפינט. ווי נאר זי האט דערזען אים, האט זי איבער געריסן דעם פאדעם און געווארפן דאס שפינדל אויף אבישי׳ן צו טויטן אים. אבער סע האט

ח) תהלים סח, יד און רש״י דארט.

נישט געטראָפן אים. האָט זי געזאָגט צו אים: איינגערמאַן, דערלאַנג מיר דאָס שפּינדל. האָט ער געצילעוועט עס אין איר קאָפּ אַריין, און ער האָט געטויט זי.

ווען ישבי בנוב האָט דערזען אבישי׳ן, האָט ער געזאָגט: „איצט זיינען זיי צוויי, וועלן זיי דאָך הרג׳ענען מיך״. האָט ער געכאַפּט דוד׳ן אַ שליידער גע־טון אים אין דער הויך. און ער האָט אונטער געשטעלט זיין שפּיז כדי דוד זאָל פאַלן אויף אים, און ווערן דער־שטאָכן. אָבער אבישי האָט אַרויס גע־זאָגט דעם שם המפורש, און דוד איז געבליבן שטעהן אין דער לופטן. אַ פּאָר וואָס האָט דוד אַליין נישט אַרויס געזאָגט דעם שם המפורש? ווייל „אין חבוש מתיר עצמו מבית האסורים״, **ט)** אַן אַרעסטאַנט קאָן נישט אַליין באַפרייען זיך פון טורמע.

אבישי האָט דאַן געפרעגט דוד׳ן וואָס האָט געבראַכט אים אַהינצו. און דוד האָט דערצעהלט אים וואָס דער איי־בערשטער האָט געזאָגט אים, און וואָס ער האָט געענטפערט אים. האָט אבישי געזאָגט צו אים: דרעה איבער דיין תפילה [זאָלן בעסער דיינע קינדער ווערן פאַרלענד, איידער דו זאָלסט ווערן אי־בער געגיבן אין דעם פיינטס האַנט]. ווי זאָגט דאָס ווערטל: זאָל דיין אייניקל פאַרקויפן וואקס [זיין אָרעם] אַבי דו זאָלסט ניט ליידן [זיי ניט מקריב די קעגנוואַרט פאַר דער צוקונפט]. און דוד האָט געענטפערט אים: „אויב אַזוי, בעט צוזאַמען מיט מיר״. און דאָס מיינט דער

פסוק „ויעזר לו אבישי בן צרויה״, **י)** און אבישי האָט געהאָלפן אים בעטן. אבישי האָט אַרויס געזאָגט נאָך אַ מאָל דעם שם המפורש, דעם טעטראַגראַמאַ־טאָן, דעם אייבערשטנס נאָמען וועלכן מע טאָר נישט אַרויס רעדן, און דוד האָט גענידערט אַראָפּ.

ווען ישבי בנוב האָט דערזען זיי, האָט ער נאָך געיאָגט זיי. ווען זיי זיינען צו־געקומען צו דעם דאָרף קובי, וואָס איז געווען אויף דער גרעניץ צווישן ארץ ישראל און דעם לאַנד פלשתים, האָבן זיי געזאָגט איינער צו דעם אַנדערן: לאָמיר אָפּ שטעלן זיך און קעמפן געגן אים. אָבער זיי זיינען דאָך געלאָפן וויי־טער. ביז זיי זיינען געקומען צו דעם דאָרף בי תרי. זיי האָבן געזאָגט: קאָ־נען דען צוויי [תרי] קליינע לייבעלאַך טויטן דעם לייב?!

אָבער איידער דער קאַמף האָט אַן געהויבן זיך, האָבן זיי געטון אַ זאָג צו אים: געה צוריק. וועסט דו געפינען דיין מוטער אין איר קבר. ווי נאָר זיי האָבן דערמאָנט זיין מוטערס נאָמען, איז זיין כוח געוואָרן אָפּ געשוואַכט, און זיי האָבן גע׳הרג׳עט אים. און אָט דאָס מיינט דער פסוק: „אז נשבעו אנשי דוד לו לאמר, לא תצא עוד אתנו למלחמה, ולא תכבה את נר ישראל״, **א)** דאַן האָבן דוד׳ס לייט געשוואוירן אים אַזוי צו זאָגן: דו זאָלסט נישט געהן מעהר אַרויס מיט אונז האַלטן מלחמה. דו זאָלסט נישט אויס לעשן דאָס ליכט פון ישראל, **ב)**.

אגב:

**ט)** ברכות ה, ב; נדרים ז, ב; זהר תצא רפב, א; שו״ט יח, ל, הוצאת אום; י״ש שמואל ב׳, קנה.

אגב אין סנהדרין צה, א שטעהט: אין חבוש מוציא...

**י)** שמואל ב׳, כא, יז און רש״י דאָרט.

**א)** שמואל ב׳, כא, יז. זעט פאָרגייענדיגע פראַגע און ענטפער און פאָרגייענדיגע נאָטע ט.

**ב)** זעט: סנהדרין צה, א, און דאָרט שטעהט אין חבוש מוציא...; ברכות ה, ב; נדרים ז, ב; שו״ט יח, ל, אויסגאַבע אום; ילק״ה יח, עג; י״ש שמואל ב׳, קנה; תהלים סח, יד און רש״י דאָרט; שמואל ב׳, כא, יז און רש״י דאָרט. באַנד א, זייטן 39—37.

**ווי קומט עס וואָס אבישי און יואב האָבן געטויט אבנר'ן אַפילו אַחן אַ געריכטליכן פּראָצעס, בפרט נאָך ווען דוד המלך האָט אַזוי שטאַרק געהאַלטן פון אבנר'ן?**

סע איז יאָ פאַר געקומען אַ פּראָצעס. דער סנהדרין האָט גע'משפט אים.

צוויי אינצידענטן האָבן גורם געווען אבנר'ס טויט. ווען דוד האָט אַוועק גענומען פון שאול'ס צוקאָפּנס זיין שפּיז און קריגל וואַסער ווען ער איז געשלאָפן, האָט אבנר געווען בעדאַרפט זאָגן שאול'ן: „זע וואָס פאַר אַ צדיק דוד איז, ער האָט דאָך געקאָנט טויטן דיך, און ער האָט געלאָזט דיך לעבן". אָבער אבנר האָט נישט געמאַכט אויפמערקזאַם אים אויף דוד'ס צדקות. שאול האָט זיך גאָר געטראַכט אפשר האָט איינער פון די סאָלדאַטן זיי איבער געגיבן דוד'ן.

ווען שאול איז געווען אין דער הייל, און דוד האָט אָפּ געשניטן אַ שטיק פון שאול'ס מאַנטל, האָט אבנר בעדאַרפט מלמד זכות זיין אויף דוד'ן און זאָגן שאול'ן: „זע וויפל רחמנות דוד האָט אויף דיר. ער האָט דאָך געקאָנט דיך טויטן, אָבער ער האָט דיך געלאָזט לעבן", און אבנר האָט נישט געטון עס..., ב*).

לויט אַן אַנדער מיינונג איז אים געקומען טויט־שטראָף פאַר זיין ניט וועהרן שאול'ן צו אויס הרג'ענען נוב, די שטאָט פון די כהנים. אָבער די יעניגע וועלכע האַלטן אַז ער האָט פּרובירט אָפּ האַלטן שאול'ן, נאָר ער האָט אים נישט געפאָלגט, זיינען מיט דער מיינונג אַז סע איז אים געקומען טויט־שטראָף, ווייל דורך זיין פאַרקלאַמירן איש בושת'ן, שאול המלך'ס זון, אַלס קעניג האָט ער אויף געהאַלטן מלכות דוד צוויי און אַ האַלב יאָר, ב**).

אין דעם פאַל פון דוד און בת־שבע האָט דער שטן פערוואַנדלט זיך אין אַ פייגעלע, ג).

ער האָט באַוויזן זיך צו רבי מאיר'ן, צו רבי עקיבא'ן ווי אַ פרוי, ד).

ווען אַ רשע לאָזט אַרויס זיך אין וועג אַריין באַהעפט דער שטן זיך צו אים, ה).

ווען אַ מענטש געהט טון אַן עבירה טאַנצט דער שטן אַנטקעגן אים, ו).

אין געוויסע צייטן און אין אונטער באַשטימטע שטאַנדן טאַנצט דער שטן צווישן די הערנער פון אָקסן, ז).

ווען אחשורוש האָט באַנוצט ביי דער סעודה די כלים פון דעם בית המקדש, ח) איז געקומען דער שטן. ער האָט געטאַנצט און גע'הרג'עט ושתי'ן, ט).

**קלאָגט דער שטן אָן צו יעדער צייט, ווען סע פאַר גליסט, פאַר ווילט זיך אים?**

ניין. ער איז מקטרג, קלאָגט אָן נאָר אין אַ צייט פון געפאַר, י).

---

ב*) שמואל א', כו, ז—כג און כד פסוקים ה, ו; סנהדרין מט, א און רש"י דאָרט; י"ש שמואל ב' ענדע קמא; רש"י און רד"ק שמואל ב', ג, כו אונטער דעם וואָרט **הסירה**.

ב**) סנהדרין כ, א און רש"י דאָרט; י"ש שמואל ב' אָנהייב קמב.

ג) סנהדרין קז, א; יל"ה יז, יא.

זעט שי"ר קאַפּיטל א, סימן א, אות י וועגן שלמה המלך און די דריי שטנים.

ד) קידושין פא, א.

ה) תנח. וישלח ח.

ו) במ"ר כ, יא; תנח. בלק ז; תנח"ב בלק י; י"ש בלק תשסה.

ז) ברכות לג, א. זעט רש"י דאָרט אונטעם דעם וואָרט **ביומי**; פסחים קיב, ב.

ח) מגילה יא, ב, אונטן און יט, א; א"ר פרשה ב, סימן י; י"ש אסתר תתרמח; אג"א א, ג [9].

ט) מגילה יא, ב, אונטן און יט, א.

י) ירושלמי שבת פרק ב, הלכה ו; ש"ה 74; ב"ר צא, ט; תנח. ויגש ד; תנח"ב מצורע יז; ש"ט מקץ מב, פסוקים ד און לח; ל"ט נח, ט, יד און מקץ מב פסוקים ד און לח; מה"ג,א' כה, כד; י"ש בראשית לא און מקץ קמט; ילה"י נח, יג; יל"ה קט, ז; רש"י מקץ מב, ד און מד, כט.

**ווען, און אונטער וועלכע שטאַנדן קלאָגט אָן דער שטן?**

געוויינטלאַך קלאָגט ער אָן:

ווען אַ מענטש געהט אַליין אונטער וועגס; ווען איינער שלאָפט אַליין אין דער פינצטער; ווען איינער לאָזט אַוועק זיך אויף דעם גרויסן ים, א).

**ראש השנה איז דאָך דער יום הדין, דער טאָג ווען דאָס הימלישע געריכט משפּט, אורטיילט די וועלט. דער שטן איז דאָך דער מקטרג, דער פּראָקוראָר, דער אָן קלאָגער, דער „אַטוירני דזשענעראַל". ווי אַזוי פירט ער זיך אויף אין דעם דאָזיקן טאָג לגבי, מיט באַצוג אויף, די אידן?**

מע בלאָזט שופר ראש השנה צו צעמישן דעם שטן, ער זאָל נישט וויסן ווען צו מקטרג זיין, צו אָן קלאָגן. קאָן ער אַלזאָ, איבער הויפּט נישט אָן קלאָגן, ב).

**דאָס בלאָזן שופר צעמישט דעם שטן. ווייסט ער נישט ווען צו אָן קלאָגן די אידן. קלאָגט ער אָן זיי יום הכיפּור?**

ניין. די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט השטן, באַטרעפט דריי הונדערט פיר און זעכציק. אין דעם יאָר זיינען פאַראַן דריי הונדערט פינעף און זעכציק טעג. דער שטן מעג אָן קלאָגן אידן בלויז דריי הונדערט און פיר און זעכציק טעג, ווי די צאָל פון דעם וואָרט השטן. יום הכיפּור טאָר ער נישט אָן קלאָגן, ג).

ווען אהרן הכהן פלעגט אַריין געהן יום הכיפּור אין קדשי קדשים, און דער שטן איז געקומען מקטרג זיין און ער האָט דערזען אהרן׳ען, איז ער אַנטלאָפן, ד).

**זיינען פאַראַן מענטשן וועלכע דער שטן לאָזט צו רו?**

יאָ. ער טשעפּעט נישט די וועלכע היטן אָפּ דעם איבערשטנס געזעצן, ה); די וועלכע לעבן בשלום צווישן זיך, ו); אַפילו געצן דינערס אויב זיי לעבן בשלום צווישן זיך, ז).

ווען צוויי מענטשן פון צוויי פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן זיינען צוזאַמען, האָט דער שטן קיין שליטה, קיין מאַכט איבער זיי, ח).

דער שטן פאַרטיידיגט די אידן יום הכיפּור, ט).

---

זעט אומעטום די פאַרשידענע גירסאות, און ווער סע זאָגט וואָס.

א) ירושלמי שבת פרק ב, הלכה ו; תנח. ויגש א; ק״ר ג, ב, ב; ק״ז זייט 96; י״ש בראשית ענדע לא און קהלת תתקסח.

ב) ראש השנה טז, א—ב; ש״ט וירא כב, יח, זייט 65; מה״ג,א׳ 578; מנה״מ ב, תפילה 357; ס״ח 31; אבודרהם עב, ב, א און עח, ב, ב, א׳.

זעט: שבת קד, א; שי״ר ה, יה.

ג) יומא כ, א; נדרים לב, ב, שורה א׳; ויק״ר כא, ד; במ״ר יא, ז און יח, כא; תנח. קרח אָנהייב יב; פ״ר פיסקא מה, זייטן קפה, ב—קפו, א; פר״כ פיסקא כז, קעו, א; שו״ט כז, ד; י״ש תהלים תשיח; מה״ג,א׳ ד, ז, זייטן 109 און 409; יל״ה כז, ה; אבודרהם עח, ב, א׳.

זעט זהר פנחס, רלב, א.

אין י״ש אחרי תקעת שטעהט „סמאל".

ד) פ״ר פיסקא מז, זייט קצא, א.

זעט ווען דער שטן איז נישט מקטרג אין: ירושלמי ברכות פרק א ביי ענדע הלכה א [חורב אויסגאַבע זייט ו, א]; ברכות נו; ד״ר ב, י; שו״ט ד, ט און קלד, ד; י״ש תהלים תרעח, תתפג קאַפּיטל קלד.

זעט אומעטום ווער סע זאָגט וואָס און פון וואַנען סע ווערט אַרויס געלערנט.

ה) תנח. בחוקותי א.

ו) זעירות 109.

ז) ספרי נשא, פיסקא מב, זייט יב, ב, אויסגאַבע אום.

ח) שבת לב, א.

ט) זעט סמאל ענדע זייט 298.

**וואָס מיינט אל תפתח פה לשטן?**
די גירסא, די ווערסיע אין גמרא איז „לעולם אל יפתח אדם פיו לשטן", י). אַ מענטש זאָל קיין מאָל גיבן דעם שטן אַן אויסרייד צו אַן קלאָגן.

**איז פאַראַן אַ רמז, אַן אָנדייט, אַן אָנווינק אַז דער שטן איז אַ פאַרטיליי־קער?**
יאָ. די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט השטן באַטרעפט דריי הונדערט פיר און זעכציק פונקט ווי די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט **ישמיד**, פאַר־טיליקט, א).

**ווי לאַנג וועט דער שטן לעבן?**
ער איז אייביג, ב).

**וועט דער שטן זיין טעטיק אויך נאָך משיח'ס קומען?**
ניין.

דער שטן: האָר פון דער וועלט, פאַר וועמען איז דאָס ליכט וואָס איז בע־האַלטן אונטער דיין גלאָרייכן טראָן.

אייבערשטער: פאַר דעם וועלאַכער וועט פאַרשעמען דיך אמאָל.

שטן: האָר פון דער וועלט, ווייז אים מיר.

אייבערשטער: קום, און דו וועסט זען אים.

אַזוי ווי דער שטן האָט דערזען אים, איז ער געפאַלן אויף זיין פנים, און ער האָט געזאָגט: דער דאָזיקער איז געוויס דער משיח וועלאַכער וועט מאַכן אריין פאַלן מיך און אַלע געצנדינערס אין גיהנם, ג).

# יצר הרע

**ווער איז דער יצר הרע?**
**מלאך המות**, דער מלאך פון טויט, ד);
**שטן**, ה) באַשולדיקער, אַן קלאָגער, פאַרפירער, פאַרפאַלגער, מסר'ניק, פיינט, אַן רעדער [צו זינדיקן], דער רשעות'־דיקער מלאך סמאל, צרה, אום גליק;
**נחש**, ו) דער שלאַנג וועלאַכער האָט אַן גערעדט חוה'ן צו עסן פון די פאַר־באָטענע פרוכט.

לויט אַן אַנדער מיינונג איז דער נחש געווען טאַקע אַן אמת'דיגער שלאַנג, ז).

**ווער איז עלטער דער יצר הרע, צי דער יצר טוב?**
דער יצר הרע איז עלטער מיט דרייצן יאָר פון דעם יצר טוב, ח).
לויט אַן אַנדער מיינונג איז ער על־

---

י) ברכות יט, א און ס, א; כתובות ח, ב.
א) מגן אברהם, וילך צג, ג, צווייטע שורה אויבן, פון טריסקער מגיד זצ"ל.
ב) תמיד לב, א.
ג) י"ש ישעיה תצט.
ד) בבא בתרא טז, א; זהר פקודי רסב, ב—רסג, א; מה"ג,א' ו, ה און כב, א, זייט 316; בחיי בראשית ג, ענדע פסוק טו און אחרי טז, ז; רקאַנטי בראשית יב, ב.
ה) בבא בתרא טז, א; רש"י שבת פט אונטער דעם וואָרט **בא השטן**; זהר פקודי רסב, ב—רסג, א; רש"י יומא סז, ב, אונטער דעם וואָרט **השטן**; רש"י קידושין ל, א, ערשטע שורה און פא, א, דריטע שורה, אונטן; מה"ג,א' ו, ה און כב, א, זייט 316; בחיי בראשית ג, ט און אחרי טז, ז; מנה"מ ד, זייט 587; ספורנו בראשית ג, א; רקאַנטי בראשית יב, ב; דרשות ב', בראשית ד, ג; מדה זייט 145.
ו) זהר בראשית לה, ב; פקודי רסב, ב—רסג, א און זעט זהר הקדמה יב, א—ב; רקאַנטי בראשית יב, ב; ספורנו בראשית ג, א.
ז) זהר בראשית לה, ב.
ח) אר"נ נוסחא א, אַנהייב פרק טז; ק"ר ט, טז, ח; תנח"ב ויגש א; בחיי נח ח, כא.

טער פון דעם יצר טוב מיט דרייצן יאָרן און אַ טאָג, ט).

**ווי אַזוי ווערט כאַראַקטעריזירט דער יצר הרע?**

**רע,** שלעכט. דער אייבערשטער האָט אָן גערופן אים אַזוי: „כי יצר לב האדם רע מנעוריו", י) וואָרן דער אימפּעט, דער טרייב, די נייגונג פון דעם מענטשנס האַרץ איז שלעכט פון זיין איגנט אָן.

**ערל,** פאַרשטאָפּט, נישט גע'מל'ט. משה רבינו האָט באַצייכנט אים אַזוי: „ומלתם את ערלת לבבכם", **א)** און איר זאָלט באַשניידן די פאָדער הויט פון אייער האַרץ.

**טמא,** אום ריין. דוד המלך האָט גערופן אים אַזוי. וואָרן ער האָט דאָך געזאָגט „לב טהור ברא לי אלקים", **ב)** אַ ריין האַרץ בעשאַף מיר אַ אייבערשטער. איז דאָך אַ סימן אַז סע איז פאַראַן אַן אום ריין האַרץ.

**שונא,** פיינט. שלמה המלך האָט כאַראַקטעריזירט אים אַזוי: „אם רעב שונאך", ג) ווען דיין פיינט איז הונגעריק.

**מכשול,** אַ שטרויכלינק. אַזוי האָט ישעיה הנביא דעזיגנירט אים: „הרימו מכשול מדרך עמי", ד) נעמט אַוועק די שטרויכלינק פון דעם וועג פון מיין פאָלק.

**אבן,** אַ שטיין. יחזקאל הנביא האָט באַצייכנט אים אַזוי: „והסירותי את לב האבן מבשרכם", ה) און איך וועל אָפּטון דאָס שטיינערנע [שלעכטע] האַרץ פון אייער פלייש.

**צפוני,** דער בעהאַלטענער. יואל הנביא האָט כאַראַקטעריזירט אים אַזוי: „ואת הצפוני ארחיק מעליכם", ו) און דעם בעהאַלטענעם וועל איך דערווייטערן פון אייך, ז).

ער איז גלייך צו אַ גזלן, ח).

---

ט) תנח"ב אָנהייב ויגש; יל"ה מא, ב. זעט ק"ר צ, יג. פאַרגלייכט: פר"כ זייט פּ, א, אויסגאַבע אום; תנח"ב בשלח ג; ל"ט נח, ח, כא; רמב"ג נח, ח, כא.

י) בראשית ח, כא.

**א)** דברים י, טז.

**ב)** תהלים נא, יב.

ג) משלי כה, כא. און זעט דאָרט רש"י.

ד) ישעיה נז, יד.

ה) יחזקאל לו, כו, און זעט תרגום דאָרט.

דער „גליון הש"ס" אין סוכה נב, א באַמערקט אַז ברכות לב, א פעהלט שורה אויבן, און ב"ר ענדע לד ברייגגען דעם פּסוק פון יחזקאל לו, כו. פאַר וואָס ברייגגען זיי נישט דעם פּסוק פון יחזקאל יא, יט? באַמערק איך הקטן אהרן באאמו"ר ר' משה ז"ל אַז אפשר איז דאָס דערפאַר ווייל:

אין יא, יט רעד דער פּסוק פון אַ „לב אחד". און רש"י טייטשט דאָרט, און זעט מהר"י קרא, „לב בשר" אַ ווייך האַרץ אין געגן טייל צו „לב האבן" אַ שטיינערן האַרץ.

אין לו, כו זאָגט דער פּסוק „לב חדש" אַ ניי האַרץ, טייטשן רש"י און מהר"י קרא אַז דאָס מיינט דעם **יצר טוב.**

אגב, אין יא, יט רעד דער פּסוק אין דריטער פּערזאָן, און סע איז נישט דאָ דאָס וואָרט „את". אין לו, כו רעד דער פּסוק דירעקט צו די אידן.

ו) יואל ב, כ, און זעט רש"י דאָרט.

ז) סוכה נב, א; ד"ר ענדע פרשה תצא; פרה"ק ז, ו; זהר חדש רות סב, א; י"ש נח סא און יחזקאל שעה; יל"ה יב, ב און נא, יד און קמג, ג; ילה"י נז, יד; מה"ג,א' ח, כא; מנה"מ, תשובה, זייטן 6—105, און ד, זייטן 483; חופת ב', זייט 55, אונטן; תורה זייט 99; דרשות ב', עה, א.

אין: פרה"ק ג, קכא; מנה"מ ד, זייט 587: דריי נעמען.

זעט: ספרי עקב פיסקא מה, אויסגאַבע אום; חגיגה טז, א; קידושין ל, ב; ויק"ר לה, ה.

אין זהר פקודי רסב, ב—רסג, א שטעהט נחש עקלתון, און פאַרגלייכט די גאַנצע גירסא. זעט נחש אין באַנד ג, ביי אדם הראשון.

ח) ב"ר כב, ו.

**ווען הייבט אָן דער יצר הרע צו באַ־הערשן דעם מענטש?**

פון דעם מאָמענט אָן, ווען ער דערזעט די ליכטיקע שיין, ט).

„כי יצר לב האדם רע מנעוריו", י) וואָרן דאָס טראַכטן פון דעם מענטשנס האַרץ איז שלעכט פון זיין איגנט אָן.

**ווען איז דער יצר הרע טעטיק?**

שטענדיק. „וכל יצר מחשבות לבו רק רע כל היום", א) און דעם מענטשנס האַרצנס טראַכטן אַ גאַנצן טאָג איז בלויז שלעכטס.

**פון וואַנען [וואַנעט] נעמט זיך דעם מענטשנס יצר הרע?**

פון די אויגן. דער יצר הרע האָט שלי־טה, הערשט, בלויז אין דעם וואָס דעם מענטשנס אויגן זעען, א*).

**אין וואָס באַשטעהט דעם יצר הרע'ס כוח, מאַכט?**

אין אָן רעדן, איבער רעדן, צו רעדן, באַווירקן, באַאיינפלוסן צום שלעכטן.

דער יצר הרע רעד אָן דעם מענטשן אויף דער וועלט צו טון שלעכטס, און ער זאָגט עדות געגן אים אויף יענער וועלט, ב).

דער יצר הרע פאַרפירט דעם אידן, ג).

אזוי לאַנג ווי ער געפינט זיך אויף דער וועלט איז פינצטערניש און טויט אויף דער וועלט, ד).

**איז דער יצר הרע גלייך ביי אַלע מענטשן?**

ניין. וואָס גרעסער איינער איז פון דעם צווייטן, אַלץ גרעסער איז זיין יצר הרע פון יענעמס, ה).

**וואָס איז דער רעזולטאַט פון זיין טעטיקייט?**

ער נעמט אַוועק פון דעם מענטשןביידע וועלטן, ו).

דער יצר הרע איז איינער פון די דריי וועלאַכע באַזייטיקן דעם מענטשן פון דער וועלט. די אַנדערע צוויי זיינען עין הרע אַ „גוט אויג", און פיינדשאַפט, ז).

**געפינט דער יצר הרע זיך אומעטום?**

ניין. ער געפינט זיך נישט אויף דעם בית הקברות, אויף דעם הייליקן אָרט, ח).

ער געפינט זיך נישט אין די איי־בערשטע ספערן, ט).

**האָט ער שליטה, מאַכט איבער מל־אכים?**

ניין, י).

**האָט דער יצר הרע שליטה, מאַכט, איבער יעדער מענטש?**

ניין. ער האָט געהאַט קיין מאַכט איבער אברהם'ן, יצחק'ן און יעקב'ן. לויט אַן אַנדער מיינונג אויך נישט אי־בער דוד המלך, א).

---

ט) סנהדרין צא, ב. זעט: ב"ר לד, י; נד, א; ק"ר ד, יג; שו"ט לד, ב; י"ש נח סא.

י) בראשית ח, כא.

א) בראשית ו, ה.

א*) סוטה ח, א, אונטן.

ב) סוכה נב, ב.

ג) רש"י יומא סז, ב אונטער דעם וואָרט השטן.

ד) ב"ר פט, א.

ה) סוכה נב, א, לעצטע שורה.

ו) ירושלמי סנהדרין פרק י, הלכה א; ויק"ר כט, ז; במ"ר טו, טז.

ז) פרקי אבות פרק ב, און זעט די מפר־שים אויף דעם אָרט; אר"נ נוסחא א, אָנהייב פרק טז; יל"ה קלט, מ; מנה"מ ד, זייט 462; תורה א, 25.

ח) ירושלמי קידושין ענדע פרק ד.

ט) ויק"ר כד, ח; כו, ה.

י) ב"ר מח, יא; י"ש וירא פב, תהלים תשנז; יל"ה מח, יח און קד, מד; רש"י וירא יח, ה; ל"ט וירא יח, ה.

א) בבא בתרא יז, א; י"ש חיי שרה קג

**ווי אַזוי פירט דורך דער יצר הרע זיין אויפגאַבע?**

שטופנווייז. אין אָנהייב איז ער ווי שפין וועבס, און צום ענד איז ער ווי אַ גראָבער שטריק, ב).

צו ערשט איז ער שוואַך ווי אַ פרוי, און דערנאָך שטאַרקט ער זיך ווי אַ מאַנספאַרשוין, ב1).

צום אָנהייב איז ער אַ גאַסט, און דערנאָך ווערט ער אַ בעל הבית, ב2).

דער יצר הרע שטאַרקט זיך איבער דעם מענטשן יעדער טאָג, און ער זוכט צו טויטן אים. ווען נישט דעם אייבערשטנס העלפן דעם מענטשן, וואָלט ער נישט ביי געקומען, באַזיגט דעם שטן, ג).

**איז פאַראַן עפּיס אַ מיטל, אַ באַוואָרעניש, אַ שוץ, אַ שיצונג געגן דעם שטן?**

דער יצר הרע שטאַרקט זיך איבער דעם מענטשן יעדער טאָג, ד). און ער וויל טויטן אים, ה). און וואָס גרעסער דער מענטש איז, אַלץ גרעסער איז זיין יצר הרע, ו). און ווען דער הייליקער ברוך הוא זאָל נישט העלפן דעם מענטשן, וואָלט ער נישט געקאָנט ביי קומען דעם יצר הרע, ז). האָט דער בעשאַפער אַליין שוין באַזאָרגט דעם מענטשן מיט אַ מיטל געגן דעם יצר הרע.

דער הייליגער, ברוך הוא, האָט שוין געזאָגט צו די אידן: מיינע קינדער, איך האָב בעשאַפן דעם יצר הרע, און איך האָב בעשאַפן די תורה אַלס מיטל געגן אים. ווען איר זענט עוסק אין תורה, איר לערנט תורה, ווערט איר נישט איבער געגיבן אין זיין האַנט, ח). וואָרן די תורה איז דאָס איינציגע מיטל געגן אים, ט). איז ווען דער דאָזיקער מנוול באַגעגנט דיך, שלעפּ אים אין בית המדרש אריין. דער בעשאַפער האָט בעשאַפן, נעמלאַך, די רפואה פאַר דער מכה, די תורה.

איז ער פון שטיין, ווערט ער צעריבן, י). ווי סע שטעהט אין פסוק „הוי כל צמא לכו למים", א) אוי, יעדער דאָרשטיגער זאָל געהן צום וואַסער. און „אבנים שחקו מים", ב) שטיינער וועלאַכע דאָס וואַסער צערייבט. און די תורה איז דאָך געגליכן צו וואַסער, ג).

איז ער אייזן, ברעכט דאָך פייער דורך,

---

און קו; מה"ג,א' כד, א, זייט 354; ילי"ה קט, יח.

ב) סוכה נב, א; סנהדרין צט, ב; ב"ר כב, ו; י"ש ישעיה תג; ילה"י ה, יח.

ב1) ב"ר כב, ו; י"ש בראשית לו. זעט דאָרט נאָך.

ב2) סוכה נב; ב"ר כב, ו; י"ש שמואל ב', קמח. זעט דאָרט נאָך.

ג) סוכה נב, ב; קידושין ל, ב; פערגלייכט מה"ג,ב' זייט 129.

ד) סוכה נב, א, לעצטע שורה; קידושין ל, ב. פאַרגלייכט מה"ג,ב', זייט 129.

ה) אין סוכה נב, ב, ערשטע שורה זאָגט עס רבי שמעון בן לקיש. אין קידושין ל, ב זאָגט עס ר"ש בן לוי.

ו) סוכה נב, א לעצטע שורה.

ז) סוכה נב, ב; קידושין ל, ב.

ח) סוכה נב, ב, אויבן; קידושין ל, ב; ספרי עקב פיסקא מה, אויסגאַבע אום.

זעט: ב"ר כב, ו; י"ש בראשית לו.

ט) סוכה נב, ב, אויבן; קידושין ל, ב; י"ש ישעיה אָנהייב קאַפּיטל נה.

י) זעט: אר"נ נוסחא א, פרק טז; ספרי עקב פיסקא מה, אויסגאַבע אום; בבא בתרא טז, א; קידושין ל, ב; שו"ט קיט, ז, הוספה און סד; ילי"ה ד, יב און לז, לז.

א) ישעיה נה, א.

ב) איוב יד, יט.

ג) תענית ז, א און רש"י אונטער דעם וואָרט ואין; קידושין ל, ב; מ, ב אונטן און רש"י דאָרט אונטער דעם וואָרט פוטר; סנהדרין ז, א און רש"י אונטערן וואָרט פוטר; בבא קמא, יז א און פב, א; עבודה זרה ה, ב; רש"י סוכה נב, ב אונטער דעם וואָרט לכו.

צעבייגט אייזן. ווי סע שטעהט אין פסוק „הלוא כה דברי כאש נאם ה׳, וכפטיש יפוצץ סלע״, ד) מיין וואָרט איז ווי פייער, זאָגט דער אייבערשטער, און ווי אַ האַמער צעשמעטערט, צעפּיצלט עס אַ פעלז. און די תורה איז דאָך געגליכן צו פייער, ה).

אגב, די תורה ווערט אָן גערופן, באַצייכנט אָדער געגליכן אויך צו:

אַ בוים, לעבנס בוים, פייגן בוים, פלאַנץ;

ליכט, לויטערקייט, אמת, חסד גענוד, כבוד עהרע, שלום פרידן, גוטס;

ברויט, וויין, בוימעל, האָניג, אַ פּאַס מיט האָניג, מילך, אַ טיפער ברונעם;

זילבער, זילבערנע כלים, אַ שנורל פּערל;

נגיד [פּרינץ, פירער], פרוי, אַ שעהנע פרוי, ברוסט, דיך, אַ אינדן;

אַ שווערד, זיילן, ו).

**וואָס זאָל טון אַ מענטש וואָס דער יצר הרע שטאַרקט זיך איבער אים?**

ער זאָל געהן אין אַן אָרט וואו מע קען נישט אים, ז).

אַ מענטש זאָל שטענדיק אָן רעדן דעם יצר טוב צו קעמפן געגן דעם יצר הרע. באַזיגט ער אים איז גוט. אויב נישט זאָל ער אָפּ גיבן זיך מיט לערנען תורה. האָט ער באַזיגט אים איז גוט. אויב נישט זאָל ער לייענען קריאת שמע. האָט ער באַזיגט אים איז גוט. אויב נישט זאָל ער דערמאָנען אים דעם שטאַרב טאָג, ח).

און גאָר גוט איז ווען אַ מענטש שטאַרקט זיך איבער דעם יצר הרע. דאָס הייסט ווען דער יצר הרע האַלט אין אָן רעדן אים צו טון אַן עבירה. און דער מענטש נישט נאָר פאָלגט אים נישט, נאָר ער געהט און טוט נאָך אַ מצוה. איז דאָס טאַקע זעהר גוט. וועגן אַזעלאַכן זאָגט דער פסוק „ולגבורה״, ט) דער אייבערשטער וועט זיין צו אים פאַר אַ שטאַרקייט, י).

ווען מע לערנט און טוט גמילות חס־

---

ערשטע שורה; רש״י ישעיה נה, א און זעט תרגום דאָרט; מסכת סופרים פרק טו, הלכה ו; מסכת זעיר. 90; ד״א 126; מכילתא בשלח ד, א, אויסגאַבע אום; מר״ש 100; ספרי עקב, פיסקא מח, אויסגאַבע אום; מר״א יג, 250; מ״ת 42; ב״ר סו, א; סט, ה: פד, טז; ד״ר ז, ג; שי״ר א, פסוק ב; תנח. בראשית א; בשלח יט; ויקהל ח; תבא ג; [אין תנחומא האזינו ג שטעהט למטר, צו רעגן]; זהר בשלח ס, א, אונטן; שו״ט א, יח; פז, ה; ילק״ה א, כד; פז, ה; י״ש לך לך ע, עקב תתעג, ברכה תתקנא, ישעיה אָנהייב קאַפּיטל נה; תהלים תתלז; מה״ג,ג׳ 375; מה״ג,ד׳ 155; ל״ט יתרו כ, ב; והזהיר.

ד) ירמיה כג, כט.

ה) זעט: ירושלמי שקלים פרק ו, ענדע הלכה א און זעט אויך בבלי און די מפרשים אויף דעם אָרט; ירושלמי סוטה פרק ח, ענדע הלכה ג; סוכה נב, ב; קידושין ל, ב; מר״י זייט סה, א, אויסגאַבע אום; מר״ש 100; ספרי ברכה, פיסקא שמג, אויסגאַבע אום; פר״כ זייט ר, א, אויסגאַבע אום; מת״נ 211; תנח. אָנהייב בראשית און יתרו יב; תנח״ב בראשית ד; ד״ר ג, יב; שי״ר ה, ענדע פסוק יא; שו״ט כט, ב; ילק״ה א, כג; י״ש ברכה תתקנא און ישעיה אָנהייב קאַפּיטל נה; מה״ג,ב׳ 212—211; ל״ט יתרו כ, ב; ספר והזהיר; רש״י דברים לג, ב און פאַרגלייכט מיט די תרגומים אונקלוס און יונתן בן עוזיאל, און אבן עזרא דאָרט.

ו) אָבער וועגן דעם אין מיין קומעדיקן ווערק „דער תנ״כ דערצעהלט״ וואָס איז שוין אין דרוק, ברוך השם.

זעט זייטן 133—123.

ז) מועד קטן יז, א; חגיגה טז, א; קידושין מ, א, אונטן.

ח) ברכות ה, א, און זעט רש״י דאָרט צווייטע און דריטע שורות, זעט פאָרגעהענדיגע זייט 312.

ט) ישעיה כח, ו.

י) סנהדרין קיא, ב, און רש״י דאָרט אונטער דעם וואָרט ומתגבר.

דים, מע טוט מענטשן טובות, ווערט דער יצר הרע געגיבן איבער אין זייערע הענט, א).

ווער סע נעמט איין, באזיגט דעם יצר הרע, איז גלייך ווי ער האט איין גע־נומען א שטאט פול מיט העלדן. ער איז א העלד צווישן העלדן, ב).

און וואויל איז דעם יעניגן וועלאכער שטארקט זיך איבער דעם יצר הרע, ער באזיגט אים ווי א מאן ווי א שטאר־קער, נישט צוליב באקומען שכר דער־פאר, ג).

ווען א מענטש הרג'עט דעם יצר הרע, דאס הייסט ער טוט תשובה נאך דעם ווי דער יצר הרע האט אן גערעד אים צו זינדיקן. איז ער מכבד, ער עהרט דעם הייליגן ברוך הוא אין ביידע וועלטן, אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט, ד).

**וואס וועט טון דער יצר הרע [שטן] ווען משיח וועט קומען?**

לעתיד לבא, אין דער צוקונפט, אין משיח'ס צייטן וועט דער אלמעכטיקער בריינגען דעם יצר הרע, און ער וועט שחט'ן אים אין קעגנווארט פון די צדי־קים און פון די רשעים. די צדיקים וועט ער אויס זען ווי א הויכער בארג. די רשעים וועט ער אויס זען ווי א האר. די וויינען און די וויינען.

די צדיקים וויינען און זאגן: ווי אזוי האבן מיר געקאנט ביי קומען אזא הויכן בארג. די רשעים וויינען און זאגן: ווי אזוי האבן מיר נישט געקאנט באזיגן די דאזיגע האר, ה).

די צדיקים וויינען ווייל זיי דערמאנען זיך דעם צער, די ליידן וועלאכע זיי האבן געהאט צו אויס שטעהן, צו ביי קומען דעם דאזיקן רשע אין זייער לעב צייט, ו).

דער אייבערשטער זאגט, אויב מע קאן אויס דריקן זיך אזוי, אז אין דער צוקונפט וועט ער אויס רייסן, אויס ווארצלן דעם יצר הרע, ז).

לויט אן אנדער מיינונג: דער יצר הרע וועט קיין מאל ווערן בטל. ער וועט עקזיסטירן שטענדיק. אויב אפילו ער וועט נישט זיין אין גאנצן, וועט ער זיין א ביסל, ח).

**ווי אזוי קוקט דער בעשאפער אויף דעם יצר הרע?**

דער יצר הרע איז איינער פון די פיר אויף וועלאכע דער בעשאפער האט חר־טה. סע טוט אים באנג, וואס ער האט בעשאפן זיי. די אנדערע דריי זיינען כשדים, ישמעאלים, גלות, ט).

---

א) עבודה זרה ה, ב.

ב) אר"נ נוסחא א, אנהייב פרק כג.

ג) עבודה זרה יט, א און רש"י דארט אונטער דעם ווארט **כאיש**.

ד) סנהדרין מג, ב ערשטע פיר שורות און רש"י דארט.

ה) סוכה נב, א.

ו) רש"י סוכה נב, א אונטער דעם ווארט צדיקים.

ז) פארגלייכט די ווערסיעס, און ווער סע זאגט זיי אין:
ב"ר מח, יא; ש"ר מא, ז און מו, ד; במ"ר יז, ו; ד"ר ב, ל; תנח. תולדות ענדע יג, תשא יט, ויקרא ו, קדושים טו, בהעלותך י, שלח טו, עקב יא; תנח"ב בראשית מ, תשא יג, ויקרא יב, קדושים יד און טו, שלח לא, ואתחנן הוספה ב; מה"ג,א' מב, ח; יל"ה יב, ו; קו, לו און קמג, ג; ילה"י ה, יח; ספר חסידים 5; דר"ל דברים 9.

ח) זהר חיי שרה, מדרש הנעלם קכח, ב.

ט) סוכה נב, ב. זעט: סא"ר זייט 62; י"ש ישעיה תרה; מה"ג,א' ח, כא, זייט 167; ילה"י נב, ה; מנה"מ ד, זייטן 603, 477; חופת ב, 49; תורה 97.

# פאַרשידענע מלאכים

**אדמיאל**, **א)** אויף זעער איבער אד־מה, דער ערד;

**אוריאל**, **ב)**;

**אכזריאל**, **ג)** אוים רופער.

אגב, רבי ישמעאל בן אלישע דער־צעהלט: איך בין געגאַנגען אַ מאָל אַריין אין דעם אַלער היילִיקסטן אָרט אין בית המקדש צו רויכערן ווייררויך. האָב איך געזען **אכתריאל כה ה׳ צבאות** זיצן אויף אַ הויכער, דערהויבענער שטול. ער האָט געזאָגט צו מיר: ישמעאל, מיין זון, בענטש מיך. האָב איך געזאָגט צו אים: „יהי רצון מלפניך שיכבשו רחמיך את כעסך, ויגולו רחמיך על מדותיך, ותתנהג עם בניך במדת הרחמים, ותכנס להם לפנים משורת הדין". סע זאָל זיין באַוויליקט פאַר דיך אַז דיין באַרם האַר־ציקייט זאָל בעהערשן, באַזיגן דיין כעס. אַז דיין באַרם האַרציקייט זאָל איבער וויקלען דיינע מידות, אייגנשאַפטן. און דו זאָלסט פירן דיך מיט דיינע קינדער מיט דער מדה, אַטריבוט, מאָס פון באַרם האַרציקייט, און בעהאַנדלען זיי אויסער האַלב דעם ראָם פון געזעץ. און ער האָט צו געשאָקלט מיט דעם קאָפּ, גלייך ווי ער שטימט צו צו מיין ברכה, און ענטפערט אמן, **ד)**.

דער אייבערשטער באַצאָלט דאָך מדה כנגד מדה, **ד1)** מאָס פאַר מאָס. פאַר גוטס באַצאָלט ער גוטס. פאַר שלעכטס באַצאָלט ער שלעכטס. האָט רבי יש־מעאל געבעטן אַז טאָמער קומט די אידן שטראָף, זאָל זיין באַרם האַרציקייט אי־בער וויקלען זיינע מדות, זיין מאָס פון „מדה כנגד מדה", און בעהאַנדלען זיי מיט באַרם האַרציקייט, **ד2)**.

**נאָך אַ מאָל אגב, סע איז כדאי צו באַ־מערקן אַז דער בעשאַפער פון דער וועלט אַליין זאָגט די דאָזיגע תפילה. ער בעט: יהי רצון מלפני שיכבשו רחמי את כעסי ויגולו רחמי על מדותי ואתנהג עם בני במדת רחמים ואכנם להם לפנים משורת הדין, ה).**

---

**א)** י"ר בראשית ד, א.

**ב)** זעט **אוריאל** זייטן 275—272.

**ג)** ד"ר יא, ענדע י.

רד"ל באַמערקט דאָרט אין סימן כו אַז סע דאַרף שטעהן אכרזא [אכריזיאל].

**ד)** **ברכות ז, א און רש"י דאָרט, ערשטע שורה.**

זעט ס"ה, תנאים ואמוראים, אות י, זייט קכג, ג, אויבן. וועגן לפנים משורת הדין זעט: ברכות מה, ב, אונטן; כתובות צז, א; ב"ק צט, ב, לעצטע שורה; ב"מ כד, ב און ל, ב.

**ד1)** פאַרגלייכט די נוסחאות, ווערסיעס אין: ירוש. סוטה פרק א, אָנהייב הלכה ז; תוספ־תא סוטה אָנהייב פרק ג; סוטה ח, ב; מר"י בשלח זייטן לב, א און נה, א, אויסגאַבע אום; ספרי האזינו פיסקא שיח, אויסגאַבע אום; תדא"ר פרק ג, זייט כו, ב; פרק יא, זייט סז, ב, צווייטע שורה, און ענדע פרק יא; מגילה יב, ב; סנה. ק, א, דריטע שורה, אונטן; פ"ר פיסקא לט, זייט קסה, ב; ב"ר ט, יא; ש"ר כה, ח; במ"ר ט, כד; י, ב און יד, ו צוויי מאָל „מדה כנגד מדה", איין מאָל „שלא ימדו לו כמדתו"; זהר תולדות קמג, א; שו"ט פא, ב; יל"ה פא, ב; י"ש ישעיה אָנהייב תטו; ילה"י ט, ד; בחיי נח יא, ד.

זעט: תוספתא סוטה אָנהייב פרק ד; י"ש שמואל ב, קסה; מהרש"א ק, א.

אין ב"ר ט, יא הייסט עס „כל המדות בטלו, מדה כנגד מדה לא בטלה". פאַרגלייכט מיט: סוטה ח, ב, אונטן; י"ש בראשית טז.

**ד2)** פאַרגלייכט די תפילה אין סידור „רבונו של עולם כמו שכבש אברהם אבינו"... מיט דער תפילה אין דעם מוסף פון ראש השנה. זעט דעם פירוש ענף יוסף אויף דער תפילה רבונו של עולם אין דעם סידור אוצר התפי־

**אליהו**, מלאך פון ברית, ו);

**אף ברי, ז)** אויף זעער איבער די וואָלקנס.

**אריאל**, ער האָט צו זאָגן אויף זכרון, געדעכעניש. די צאָל פון די אותיות פון דער וואָרט אריאל באַטרעפט צוויי הונ־דערט און צוויי און פערציק, פונקט ווי די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט זכירה, ח).

**ארציציאל**, אויף זעער איבער דער אונטערשטער ערד, ט);

**ארקאאל**, אויף זעער איבער, ארקא, דער ערד פון וועלאַכער דער גיהנם איז געוואָרן בעשאַפן, י).

סע זיינען פאַראַן זיבן ערדן, י1): ארץ, אדמה, חרסא, יבשה, ארקא, תבל, חלד, י2).

חלד, תבל, ארקא, יבשה, חרבה, אדמה, ארץ התחתונה.

די אַטשיקים פון חלד זיינען פאַרבונדן מיט די אַטשיקים פון דעם הימל וילון.

די אַטשיקים פון תבל זיינען פאַר־בונדן מיט די אַטשיקים פון דעם הימל רקיע.

די אַטשיקים פון ארקא זיינען באַפעס־טיקט צו די אַטשיקים פון דעם הימל שחקים.

די אַטשיקים פון יבשה זיינען באַפעס־טיקט מיט די אַטשיקים פון דעם הימל זבול.

די אַטשיקים פון חרבה זיינען פאַר־קיימלט מיט די אַטשיקים פון דעם הימל מעון.

די אַטשיקים פון אדמה זיינען צו גע־טשעפּעט צו די אַטשיקים פון דעם הימל מכון.

די אַטשיקים פון ארץ האַלטן זיך אָן אין די אַטשיקים פון דעם הימל ערבות.

און דער הימל ערבות הענגט אויף דעם אָרעם פון דעם הייליגן, געלויבט זיי ער, א).

פאַר וואָס ווערט זי אָן גערופן אדמה, ווייל פון איר איז געוואָרן בעשאַפן אדם הראשון, דער ערשטער מענטש, ב).

געוויינטלאַך טייטשט מען אַז ער האָט געהייסן **אדם**, ווייל ער איז געוואָרן בע־שאַפן פון **אדמה**, ג).

די ערד איז געוואָרן פון שניי פון אונ־טער דעם כסא הכבוד, דעם הימלישן טראָן, ד).

**את השמים** מיינט די הימלן, און אַלץ וואָס סע געפינט זיך אין זיי.

**ואת הארץ** מיינט די ערד און אַלץ וואָס סע געפינט זיך אויף און אין איר, ה).

לויט אַן אַנדער מיינונג: דער בעשאַ־

---

לות, אין דעם נאָמען פון אבודרהם. און מערקט אַז רבי ישמעאל בעט אין זיין תפילה אַז דער איבערשטער זאָל בעהאַנדלען די אידן „לפנים משורת הדין״, און דאָס מיינט דאָך **אויסער האַלב** דעם דין, נעמלאַך מיט באַרם האַרצי־קייט. און דער איבערשטער אין זיין תפילה בעט אויך אַזוי!

ה) ברכות ז, א אויבן.

ו) זעט זייטן ג, 287; ח, 284.

ז) רש״י איוב לז, יא. זעט דאָרט אבן עזרא.

ח) מגן אברהם, פקודי ופרשת החודש לה, ב, ערשטע שורות, פון דעם טריסקער מגיד אין נאָמען פון האר״י ז״ל.

---

ט) י״ר בראשית ד, א. זעט פאָלגנדיגע נאָטע.

י) ילקוט ראובני בראשית ד, ב, אויבן.

י1) י״ר בראשית ג, ב—ד, א.

י2) פר״א פרק יח; שו״ט צב, ב; יל״ה אַנהייב צב.

זעט וועגן זעקס, פיר, צען ערדן, זייט 194.

א) שכ״ל ה, א. זעט ילקוט חדש, אונטער דעם וואָרט **ארץ**, סימן ב.

ב) י״ר בראשית ד, א.

ג) זעט בראשית ב, ז.

ד) שכ״ל יד, א—ב.

ה) בחיי בראשית א, א.

פער האָט בעשאַפן צוויי מאַטעריעס. פון איינער האָט ער געמאַכט דעם הימל. פון דער אַנדערער האָט ער געמאַכט די ערד.

דער וועלט בעשאַף איז בעשטאַנען פון דריי פּראָצעסן: בריאה בעשאַף, יצירה פורמירונג, עשיה מאַכן, באַפעסטיגן, ו).

**בן נץ**, אויף זעער איבער די ווינטן. ער הייסט נץ, ווייל ער זעט אויס ווי דער פויגל נץ, ז).

**ברי**, אויף זעער איבער רעגן, ח).

אונזערע חכמים ז״ל זאָגן: דריי שליסלען געפינען זיך אין דעם אייבערשטנס האַנט. און סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע ווערסיעס וועגן פון וועלכע זאַכן די שליסלען זיינען, פון:

**גשם** רעגן, **חיה** געבורט, **תחיית המתים** מאַכן לעבעדיק די טויטע, ט);

**חיה** געבורט, **גשמים** רעגן, **תחיית המתים**, י);

**תחיית המתים** לעבעדיק מאַכן די טויטע, **עקרות** קינדערלאָזע, און **גשמים** רעגן, א);

**רחם** מוטער טראַכט, **קברים**, **תחיית המתים**, ב);

**רחם** מוטער טראַכט, **תחיית המתים**, **גשמים** רעגן, ג).

און ער האָט איבער געגיבן זיי צו קיין שליח, ד);

צו קיין בעשאַפעניש, ה).

קיין שום בעשאַפעניש הערשט איבער זיי, קיין מלאך און קיין שרף, ברענעדיקער מלאך, ו).

אַז מיר ווייסן דאָך אַז דער שליסל פון רעגן איז געוואָרן איבער געגיבן אליהו׳ן, ז). און אַז דער שליסל פון תחיית המתים, לעבעדיק מאַכן טויטע, איז געוואָרן איבער געגיבן אליהו׳ן און אלישע׳ן, ח). נאָר דאָס מיינט אַז אַלע שליסלן צוזאַמען זיינען נישט געוואָרן איבער געגיבן צו איין שליח, ט).

לויט אַן אַנדער מיינונג: זיי זיינען נישט געוואָרן איבער געגיבן צו אַ שליח ער זאָל זיין אייביג דער אויף זעער איבער זיי, י).

לויט אַן אַנדער מיינונג פיר שליסלען. די שליסלען פון:

**מטרא** רעגן, **פרנסה** איינקונפט, **קבריא** קברים, **עקרות** קינדערלאָזע, א).

**גשמים** רעגן, **כלכלה** שפּייז, **קברות** קברים, **עקרות** קינדערלאָזע, ב);

אויף אַן אַנדער אָרט שטעהט די שליסלען פון:

**כלכלה** שפּייז פרנסה, **מטר** רעגן, **קברות** קברים, **עקרות** קינדערלאָזיקייט, ג).

**קבורה** באַערדיקונג, **גשמים** רעגן, **רחם**

---

ו) בחיי בראשית א, א—ב.

ז) בבא בתרא כה, א און רש״י דאָרט אונטער דעם וואָרט בן נץ, און זעט איוב לט, כו.

ח) רש״י תענית ז, ב אונטער דעם וואָרט אפילו; תוספות נדה טז, ב, אונטער דעם וואָרט מלאך. זעט ווייטער רידייא, זייט 323.

ט) תענית ענדע ב, א.

י) סנהדרין קיג, א, אונטן.

א) ד״ר ז, ו.

ב) שו״ט עח, ה.

ג) ילי״ה סט, כז.

ד) תענית ענדע ב, א. פאַרגלייכט מיט: סנהדרין קיג, א, אונטן; שו״ט עח, ה.

ה) ילי״ה סט, כז.

ו) ד״ר ז, ו.

ז) תענית כג, א; ב״ר עז, א; תנח״ב ויצא טז; ילי״ה סט, כז. זעט 286, נאָטען ג, ט.

ח) ב״ר אָנהייב פרשה עז; ד״ר י, ג. אין שי״ר א, א, ט הייסט עס: תחיית המתים על ידי אליהו הנביא ז״ל.

ט) רש״י תענית ב, א לעצטע דריי שורות.

י) תוספות תענית ב, א אונטער דעם וואָרט שלשה.

א) תרגום ירושלמי בראשית ל, כב.

ב) תנח״ב ויצא טז.

ג) תנח״ב וירא לה.

מוטער טראַכט, און לויט אַן אַנדער מיינונג אויך דער שליסל פון פּרנסה, ד).

דער שליסל פון רעגן, וואָרן אַזוי שטעהט געשריבן בפירוש, אויסדריקלאַך: „יפתח ה׳ לך את אוצרו הטוב, את השמים לתת מטר ארצך בעתו״, ה) דער אייבערשטער וועט עפענען זיין גוטע שאַץ קאַמער, דעם הימל, צו געבן דיין לאַנדס רעגן אין זיין צייט, ו).

דעם שליסל פון פּרנסה, וואָרן אַזוי שטעהט געשריבן בפירוש, אויסדריקלאַך: „פּותח את ידיך ומשביע לכל חי״, ז) דו עפנסט דיין האַנט און זעטיקסט יעדער לעבעדיקן.

דעם שליסל פון קברים, וואָרן אַזוי שטעהט געשריבן בפירוש, אויסדריקלאַך: „בפתחי את קברותיכם, ובהעלותי אתכם מקברותיכם״..., ח) איך וועל עפענען אייערע קברים, און איך וועל אויף ברייננגען אייך פון אייערע קברים.

דעם שליסל פון קינדערלאָזיקייט, וואָרן אַזוי שטעהט געשריבן בפירוש, אויסדריקלאַך: „ויזכר אלקים את רחל, וישמע אליה אלקים, ויפתח את רחמה״, ט) און דער אייבערשטער האָט געדאַכט וועגן רחל׳ן, און ער האָט צו געהערט צו איר, און ער האָט געעפנט איר טראַכט, י).

ער האָט איבער געגיבן זיי צו קיין בעשאַפעניש אין דער וועלט, א).

אָבער ווען סע איז געוועזן נייטיק, האָט ער איבער געגיבן זיי צו צדיקים.

דעם שליסל פון שפּייז האָט ער געגיבן איבער נח׳ן. ווי סע ווערט געזאָגט: „ואתה קח לך מכל מאכל אשר יאכל״, ב) און דו נעם דיר פון יעדער עסנוואַרג וואָס ווערט געעסן.

דעם שליסל פון רעגן האָט ער געגיבן איבער אליהו׳ן. ווי סע ווערט געזאָגט: „אם יהיו השנים האלה טל ומטר כי אם לפי דברי״, ג). אליהו האָט געזאָגט צו דעם מלך אחאב... אויב סע וועט זיין טוי, ראָסע, אָדער רעגן, נייערט לויט מיין וואָרט.

דעם שליסל פון קינדערלאָזיקייט האָט ער געגיבן איבער דעם נביא אלישע. ווי סע ווערט געזאָגט: „למועד הזה כעת חיה, את חובקת בן״, ד) און אלישע האָט געזאָגט צו דער פּרוי פון שונם: איבער אַ יאָר אין דער צייט וועסט דו האַלדזן אַ זון.

דעם שליסל פון קברים האָט ער געגיבן איבער דעם נביא יחזקאל, ה) ווי סע ווערט געזאָגט: „ואמרת אליהם העצמות היבשות שמעו דבר ה׳״, ו) און דו זאָלסט זאָגן צו זיי: איר דאַרע ביינער, הערט דעם אייבערשטנס וואָרט.

סע איז פאַראַן אַ מיינונג אַז גשמים רעגן מיינט אויף פּרנסה, ז) לעבנס נייטיקייטן.

**גבריאל**, ח).

**גלגיאל**, אויף זעער איבער דער זון, ט).

---

ד) ב״ר עג, ד; ש״ט ויצא ל, כב.
ה) דברים כח, יב.
ו) תרגום ירושלמי בראשית ל, כב; תנח״ב ויצא טז.
ז) תהלים קמה, טז.
ח) יחזקאל לז, יג.
ט) בראשית ל, כב.
י) תרגום ירושלמי בראשית ל, כב.
א) תנח״ב ויצא טז.
ב) בראשית ו, כא.
ג) מלכים א׳, יז, א. תנח״ב ויצא טז. זעט תענית כג, א; ב״ר עז, א; יל״ה סט, סז; **אליהו** זייט 286, נאָטן ג, ט.

ד) מלכים ב׳ ד, טז.
ה) תנח״ב ויצא טז.
ו) יחזקאל לז, ד.
ז) זעט רש״י תענית ב, ב, ערשטע שורה. פאַרגלייכט די פּסוקים און ווער סע זאָגט וואָס אין די פּסוקים אין אַלע קוועלעס פון ברי, 317 ביז **גבריאל** זייט 318; **אליהו** און **אלישע** אין די קומענדיגע בענדער.
ח) זעט זייטן 272—259.
ט) י״ר בראשית יז, א און ואתחנן קנז, ב, ג. זעט דעם תוספות פּסחים קיח, ב.

**גליצור,** ער רופט אוים: היינטיגם יאָר וועט דער ווייץ געראָטן, וויין וועט זיין ביליג.... י).

**דוביאל,** ער איז דער פאַרשטעהער פון פרס, פערסיע אין הימל, א).

**דומה,** אויף זעער איבער:
די מתים. ער רופט אוים: איצט זאָל קומען אַריין דער און דער, ב);
איבער די נשמות, ג);
איבער די קברים, ד);
איבער די רוחות, ה);
איבער דעם גיהנם, ה*).

**הדרניאל.** ער איז העכער פון זיין חבר [קמואל] מיט זעקס הונדערט טויזנט פרסאות, (פערסישע) מיילן, ו). און יעדער וואָרט וואָס געהט אַרוים פון זיין מויל איז צוועלף טויזנט בליצן פון פייער, ז).

**זגזגאל,** הסופר במרום, דער שרייבער, דער סעקרעטאַר אין הימל, ח).
ווען משה רבינו איז נפטר געוואָרן, האָט ער אוים געשפרייט אַ ביזום גע־וואַנט צו משה'ס פיסנס, ט).

**זגנוגאל,** ט*) שר התורה, האַר פון דער תורה.

**זגנזגאל.** ער האָט באַוויזן זיך צו משה רבינו ביי דעם ברענעדיקן דאָרן, י).

**חלדיאל,** א) אויף זעער איבער, חלד, דער וועלט.

**חרביאל,** אויף זעער איבער **חרבה,** דער ערד וועלאַכע ציט אַריין אין זיך, טרינקט אוים, אַלע וואַסערן אין דער וועלט, ב).

**חתך,** ג) אויף זעער איבער פרנסה.

**יבשהאל,** ד) אויף זעער איבער **יבשה,**

---

י) פ"ר, פיסקא כ, זייט צז, ב. ער איז רזיאל המלאך, זעט **רזיאל,** זייט 322.
**א)** יומא עז, א. זעט אלפא ב', צא, צב.
**ב)** רש"י ברכות יח, ב, אונטער דעם וואָרט **דילמא.**
ער איז געווען פריער דער פאַרטרעטער פון מצרים. אָבער דער דאָזיקער אַמט איז געוואָרן אַוועק גענומען פון אים. זעט זהר שמות יח, א.
ג) פ"ר, פסקא כג, קכ, א; תנח. תשא לג.
**ד)** זהר חיי שרה קכד, א [נעלם].
ה) סנהדרין צד, א און רש"י דאָרט אונ־טער דעם וואָרט **שר;** רש"י שבת קנב, ב אונטער דעם וואָרט **לדומה;** י"ש ישעיה תכ.
זעט שדא"ג בראשית א, זייט ט.
ה*) זהר שמות יח, א.
ו) פ"ר, פיסקא צו, ב; י"ר משפטים סו, ב. זעט וועגן הדרניאל אין זהר בראשית נה, ב.
ז) י"ר משפטים סו, ב. אין פ"ר פיסקא צו, ב שטעהט ... יוצאים בדיבור שנים ברקים של אש [?]. זעט זייט 231, נאָטע ח1.
**ח)** ענדע מדרש דברים רבה.
**ט)** מדרש דברים רבה, פרשה י.

ט*) י"ר תצוה עג, א. זעט **יפיפיה, יופיאל,** זייט 320.
אויך מיכאל האָט דעם דאָזיקן טיטל, י"ר שמות י, ב.
י) ש"ט שמות ג, ב.
אין תרגום יונתן שמות ג, ב שטעהט **זגנוגאל.**
אין ד"ר יא, הייסט עס **זגזגאל.**
אין מדרש פטירת משה, עדיציע יעללינעק שטעהט **זגנזגאל.**
זעט מיינע ביכער:
„משה רבינו, זיין לעבן און שאַפונג", זייט קפט [אין אידיש];
„מאָזעס אים ליכטע דער אגדה", זייט 145, נאָטע 607 [אין דייטש].
לויט ש"ר ב, ה האַלט איינער אַז סע איז געווען דער מלאך מיכאל, לויט אַ צווייטער מיינונג איז עס געווען דער מלאך גבריאל.
זעט: זייטן 255, נאָטע ז; 267, נאָטע י.
**א)** י"ר בראשית ג, א [ד, ב].
**ב)** י"ר בראשית ד, א, אונטן.
ג) מגן אברהם [פון דעם טריסקער מגיד זצ"ל] לשמחת בית השואבה, קה, ב.
ד) י"ר בראשית ד, א, אונטן.

טריקעניש. ער הייסט אזוי, ווייל ער טריקנט אוים אלע וואסערן.

**יופיאל**, ה) אויף זעער איבער תורה, לערנען.

ער ווערט באצייכנט אויך:

**רב ממנא**, ו);

**רב חכמתא**, ז). ער איז איינער פון די פיר הארן פון חכמה. די אנדערע דריי זיינען מטטרון, אוריאל, יפיפיה.

**שר הפנים**, ח).

ער איז געווען שם בן נח'ס רבי, ח*).

**יורקמו**, אויף זעער איבער האגל.

ער האט געוואלט ראטעווען חנניה'ן, מישאל'ן און עזריה'ן פון דעם קאלך אויוון אין וועלאכן נבוכדנאצר, דער קעניג פון בבל, האט אריין געווארפן זיי, ט).

**יפיפיה**, י) שר התורה, דער אויף זעער איבער תורה, לערנען.

ער ווערט באצייכנט אויך:

**רב חכמתא**, ער איז איינער פון די פיר הארן פון חכמה. די אנדערע דריי זיינען מטטרון, יופיאל, אוריאל, א).

**כרובאל**. רבי ישמעאל דערצעהלט: מטטרון, דער שר הפנים... האט דערצעהלט מיר אז סע איז פאראן א שר, א האר, וועלאכער, איז ווינדערליך, און ער ווערט געלויבט מיט כל'ערליי לויבונגען. זיין נאמען איז כרוביאל.

ער טראגט א הייליגע קרוין אויף דעם קאפ. סע איז אוים געקריצט אויף איר דער שם המפורש, טעטראגראמאטאן, דעם אייבערשטנס נאמען וועלאכן מע טאר נישט ארוים רעדן. סע קומען ארוים בליצן פון איר. זיין קערפער איז פול מיט אויגן. זיין גאנצע הויך איז פול מיט פליגלען. ער הייסט **כרוביאל**, ווייל ער האט צו זאגן איבער מרכבות, איבער די קארעטעס פון די מלאכים וועלאכע הייסן חיות, ב).

**לביאל**. ווען דער בעשאפער האט באראטן זיך מיט די מלאכים צי ער זאל בעשאפן דעם מענטש, זיינען מאנכע פון זיי געווען געגן דעם. ווען ער האט געפרעגט לביאל'ן, האט ער געזאגט צו אים:

האר פון דער וועלט, ווער קאן זאגן דיר וואס צו טון. טו ווי דיין ווילן איז אין דיין וועלט. האט דער אייבערשטער געזאגט צו אים: רפאית, דו האסט אוים געהיילט, אוים קורירט דאס וואס דיינע חברים, קאלעגן האבן צעשטערט, ג). ער האט געביטן זיין נאמען אויף רפאל. און ער האט געגיבן איבער אים אלע סארטן רפואות, מעדיצינען, מעדיקאמענטן, רעצעפטן וועלאכע זיינען דא אויף דער וועלט, ד).

**לילה**, נאכט, אויף זעער איבער שוואנגערשאפט, ה). ער האט געהאלפן אב-

---

ה) ס"ה, תנאים ואמוראים אות י, זייט קכג, א.

זעט **מיכאל** זייט 249, נאטע י*.

ו) זהר ויקהל רו, ב.

ז) תרגום יונתן דברים לד, ו.

ח) י"ר בראשית יח, ב.

ח*) י"ר שמות י, ב.

ט) פסחים קיח, א, אונטן.

אין: מר"א 276; שו"ט קיז, ג; יל"ה קיז, ה; י"ש תהלים תתעג שטעהט יורקמי.

י) י"ר ענדע פרשה משפטים, זייט סז, ב, אונטן.

א) תרגום יונתן דברים לד, ו.

ב) י"ר בראשית נד, א.

ג) מיכאל'ס און גבריאל'ס כתות, קאמפאניעס זיינען געווען געגן, האט דער אייבערשטער פארברענט זיי.

זעט: **מיכאל** ב, 259; **גבריאל** ג, 271.

ד) י"ר בראשית יט, א, אונטן.

זעט **רפאל**, זייט 276, נאטע י.

ה) נדה טז, ב; תנח. פקודי אנהייב ג

רהם אבינו אין זיין מלחמה געגן די מלכים, ו).

**מטטרון,** ז).

**מיכאל,** ח).

**מלאך המות,** דער מלאך פון טויט, ט).

**מצרים,** י) פרעה'ס פאַרטרעטער אין הימל.

**נבל,** אויף זעער איבער אַרימקייט, א).

**נוריאל,** ב). ער איז אוריאל.

ווען איינער האָט זכות אבות, געהען מיט אים מיכאל אין אברהם'ס זכות, גבריאל אין יצחק'ס זכות, נוריאל אין יעקב'ס זכות, און רפאל אין אדם הראשון'ס זכות, ג).

**נקיד,** אויף זעער איבער שפייז, ד).

**סוריאל,** שר הפנים, אינערן האַר, אַ חשוב'ער, אַן געזעענער מלאך, וועלכער ערשיינט פאַר דעם הייליגן, געלויבט זיי זיין נאָמען, ה).

ער האָט גערוטן רבי ישמעאל בן אלישע נישט צו טון דריי זאַכן, ו).

**סמאל,** ז) עשו'ס פאַרטרעטער אין הימל.

**סמליון.** סע איז פאַראַן אַ מיינונג אַז ער איז אַ מלאך. אַנדערע האַלטן אַז ער איז אַ חכם, אַ געלערנטער, ח).

**סנדלפון,** אויף זעער איבער תפילה, געבעטן, ט).

ער איז העכער פון זיינע קאַלעגן מיט פינעף הונדערט יאָר גאַנג, י).

ער שטעהט אויף דער ערד און זיין קאָפּ דערגרייכט „אצל החיות" [דאָס מיינט ביז צו דעם כסא הכבוד, דעם הימלישן טראָן], א).

**עוזא,** שר של מצרים, פאַרטרעטער פון מצרים אין הימל, ב).

**עזא** און **עזיאל** [עוזיאל], ווען זיי זיינען געפאַלן אַראָפּ פון זייער הייליג אָרט פון אויבן, און זיי האָבן געזען פרויען, האָבן זיי פאַרקעהרט מיט זיי

---

און קרח יב; זעט שמחות זייט 25פ ווי אַזוי אַ קינד וועהרט פורמירט אין דער מוטערס טראַכט.

ו) בראשית קאַפּיטל יד. סנהדרין צו, א און רש"י אונטער דעם וואָרט מלאך.

זעט: זהר וירא קיב, ב; סא"ר פרק ה, כח; מה'ג'א' יד, טו; י"ש לך לך עג; באַנד א, זייט 92, נאָטע ש.

ז) זעט זייטן 283—277.

ח) זעט זייטן 259—247.

ט) זעט: **מלאך המות־סמאל** זייטן 291—300; **שטן,** זייטן 309—300; **יצר הרע** זייטן 315—309.

י) שי"ר כא, ה; זהר שמות יט, ב. זעט **עוזא** ווייטער, נאָטע **ב.**

**א)** פסחים קיא, ב, אונטן. זעט דאָרט רש"י אונטן, צווייטע שורה.

**ב)** זעט **ארגמן** זייט 272, נאָטן ה—ז. זעט **אוריאל,** זייטן 275—272.

**ג)** זהר, רעיא מהימנא, בא, מא, ב, אונטן.

**ד)** פסחים קיא, ב.

**ה)** ברכות נא, א און רש"י דאָרט אונטער דעם וואָרט **סוריאל.** מנה"מ ד, זייט 463; תורה א, 25; ס"ה תנאים ואמוראים אות י, זייט קכג, ג.

מעהרערע מלאכים ווערן באַצייכנט מיט שר הפנים.

ו) זעט איינצלהייטן אין ברכות נא, א.

ז) תנח. וישלח ח. **מלאך המות,** זייט 293, נאָטן **א, ב, ג.**

**ח)** זעט: ספרי פיסקא שנז, זייט קמט, ב, אויסגאַבע אום; י"ש דברים תתקסג; רש"י סוטה יג, ב, לעצטע שורה און תוספות דאָרט.

**ט)** חגיגה יג, ב; שו"ט ח, ב, אויסגאַבע אום.

זעט י"ש תהלים אָנהייב תתמ.

י) פ"ר פיסקא כ, זייט צז, א; פרקי היכלות פרק ו; י"ר משפטים סו, ב.

ר' יעקב [פון] עמדין ברייגגט עס אין זיין סידור פון פרקי היכלות פרק ו.

**א)** חגיגה יג, ב.

**ב)** י"ש בשלח, אָנהייב רמא. זעט **מצרים,** אויבן נאָטע **י.**

און געבראַכט קינדער אויף דער וועלט. און זיי זיינען עס געוועזן די נפילים, ג).

**פּלאי**, דער מלאך וועלכער האָט באַוויזן זיך צו מנוח'ן.

יעדער מלאך טראָגט דעם נאָמען לויט זיין שליחות, זיין מיסיע וועלכע ער דאַרף אויס פירן. דער מלאך וועלכער האָט באַוויזן זיך צו מנוח'ן, איז געקומען אָן זאָגן אים אַז ער וועט ווערן אַ טאַטע פון אַ זון, שמשון, וועלכער וועט זיין אַ נזיר. אין פאַרבינדונג מיט נזירות נוצט די תורה דאָס וואָרט „יפלא", ד) דערפאַר הייסט ער פלאי, פון דעם וואָרט פלא, וווּנדער, נישט פאַרשטענדליך, ה).

**צדקיאל**, ער איז געווען אברהם אבינו'ס רבי, ה*).

**קל**, נבוכדנאצר'ס פּאָרטרעטער אין הימל, ו).

**קמואל**, אויף זעער אין דעם הימל וילון. ער האָט צו זאָגן איבער צוועלף טויזנט מלאכי חבלה, פּערדאַרבנדיקע מלאכים, ז).

ווען ער האָט באַגעגנט משה'ן אין הימל, האָט ער אָן געשריען אויף אים: וואָס טוסט דו דאָ אין די הימלישע הייליקייטן. דו קומסט פון אַן אום ריין אָרט, און שפּאַצירסט אַרום אין אַ הייליק אָרט! געבאָרן פון אַ פרוי, שפּאַצירסט דו אין אַ פייערדיק אָרט! האָט משה געענטפערט אים, אַז ער איז עמרם'ס זון, און ער איז געקומען נעמען די תורה פאַר די אידן. אָבער אַזוי ווי קמואל האָט נישט געלאָזט, האָט משה דערלאַנגט אים, און דער מלאך איז פאַרשווּנדן פון דער וועלט, ח).

**רדיא**, ט).

**רהב**, אויף זעער איבער דעם ים, י).

דער פסוק „ובתבונתו מחץ רהב", א) באַציט זיך אויף דעם שר של ים, אויף דעם אויף זעער איבער דעם ים, ב).

**רזיאל**, אדם הראשון'ס רבי. ער האָט געשריבן אַ ספר פאַר אדם'ן. ער האָט געגיבן עס אדם'ן. חזקיה המלך האָט געהאַט דעם דאָזיגן ספר, ג).

ער הייסט אויך גליצור און אכרזיאל, זעט אכזריאל, ג1).

**רזיאל**, ווייל ער ווייסט די הימלישע סודות, סעקרעטן. ער איז אויף זעער איבער די הימלישע, הייליגע סודות, סעקרעטן, ג2).

**גליצור**, ווייל ער אַנטפּלעקט, גלי צור, הימלישע סודות.

**אכרזיאל**, ווייל ער רופט אויס.

---

ג) זהר בראשית לז, א.

זעט יומא סז, ב, און זעט דאָרט רש"י אונטער דעם וואָרט **עוזא**; זהר בראשית כג, א; כה, א—ב; י"ש בראשית מד פון מדרש אבכיר; רש"י במדבר יג, לג; י"ר בראשית מא, א; באַנד ג, ביי **נפילים, עזא**.

ד) זעט במדבר ו, ב.

ה) חמדה גנוזה.

ה*) י"ר שמות י, ב.

ו) שי"ר כא, ה.

ז) י"ר בראשית ו, א—ב און משפטים סז, א, אויבן. אין י"ר משפטים סו, ב אויבן שטעהט קמיאל.

ח) פ"ר פיסקא כ, זייט צו, ב; שמע 165.

ט) מה"גא' א, יז, זייט 43. זעט **רידייא**, זייט 323.

י) בבא בתרא עד, ב; תנחומא אָנהייב חוקת; במ"ר יח, גב.

א) איוב כו, יב.

ב) זעט תנח. חיי שרה ג.

לויט ש"ר טו, כב באַציט זיך „רהב" אויף דעם „אוקיינוס".

אָגב, רש"י, איוב כו, יב טייטשט רהב מיינט די מצריים. זעט ישעיה ל, ז און רש"י דאָרט.

ג) י"ר בראשית נג, א און שמות י, ב.

זעט **רפאל** זייט 276, נאָטע ז*.

ג1) זייט 315, נאָטע ג.

ג2) זהר בראשית נה, ב, אויבן.

ער רופט אויס יעדער טאָג פון דעם הימל אויף דעם באַרג חורב. זיין קול געהט איבער דער גאַנצער וועלט. אליהו זכור לטוב הערט עס און פאַרשפּרייט עס איבער דער וועלט, ד).

**ריגיון,** אַ טייך פון פייער. מע ברענט אין אים מלאכים און מענטשן, ה).

**רידייא,** ער איז דער מלאך וועלאַכער האָט צו זאָגן איבער דעם בעוואַסערן די ערד פון דעם רעגן פון אויבן, און פון דעם אַפּ גרונד אונטן, ו).

אויף אַן אַנדער אָרט געפינט זיך דאָס וואָרט רידיא, איז עס דער נאָמען פון דעם מלאך וועלאַכער איז דער אויף זעער איבער די רעגנס, ז).

**רפאל, ח).**

**שטן, ט).**

**שמשיאל,** אויף זעער איבער דעם גן עדן, ט*).

**תבאל,** אויף זעער איבער דער וועלט און אירע איין וואוינערס, י).

---

ד) זעט: תרגום קהלת י, כ; י״ר ענדע פרשה משפטים, זייט סו, ב; נח 157 אין בית המדרש חדר ג, עדיציע יעללינעק; **אכזריאל** זייט

וועגן ספר „רזיאל המלאך" זעט ספרא דאדם, זייט

ה) פ״ר, פיסקא כ, זייט צז, א—ב. זעט י״ר משפטים סז, א.

ו) יומא כא, א, ערשטע שורה און רש״י דאָרט.

ז) תענית כה, ב און רש״י דאָרט אונטער דעם וואָרט האי רידיא.

זעט **ברי,** זייט 317. און די וועלאַכע מיינען אַז ראַדיאַ אין דעם היינטיגן זין געפינט זיך אין תלמוד, האָבן אַ טעות.

אגב, אין ש״ס און אין די תרגומים געפינען זיך לרדיא, תורה דידיה [תורא דרדיא], תורא דרדיא, ברידיא, רדיה, רדיא, רדו רדיא, און סע מיינט אַקערן, אַן אָקס צום אַקערן.

זעט: בבא קמא מו, א; בבא בתרא צב, א; ירושלמי דמאי פרק ו, הלכה ה און זעט דאָרט „פני משה"; ירושלמי שביעית; די תרגומים יונתן בן עוזיאל און ירושלמי שמות לד, כא; תרגום יונתן שמות כא, לז; תרגום אויף עמוס ט, יג; תרגום אויף תהלים קכט, ג.

ח) זעט זייטן 277—275.

ט) זעט זייטן 309—300.

ט*) כתפות, כט.

י) ילקוט ראובני בראשית ד, ב.

זעט אַ גרעסערע צאָל נעמען פון מלאכים אין זהר, סתרי תורה קח, א—ב.

# דער דריטער טאָג

## די וואַסער איין זאַמלונג

**וואָס פאַר אַן אַרבעט האָט דער בעשאַפער אַן געהויבן דעם דריטן טאָג?**
ער האָט נישט געענדיקט זיין אַרבעט מיט די וואַסערן פון דעם צווייטן טאָג, האָט ער אַן געהויבן צו ענדיקן זי, א).

**ווען דער בעשאַפער האָט געזאָגט „יקוו המים", ב) די וואַסערן זאָלן איין זאַמלען זיך, ווי אַזוי האָבן די וואַסערן רעאַגירט אויף דעם?**
זיי האָבן געזאָגט: לאָמיר געהן לויבן דעם היילגן. זיי האָבן, אלזא, אַן גענומען דעם בעשאַפערס באַפעהל מיט שמחה, מיט פרייד, ג).

**ווער האָט געלויבט דעם בעשאַפער, איידער די וואַסערן האָבן געלויבט אים?**
קיינער, קיין איינער. פון דעם סאַמע אַנהייב פון דעם אוניווערס בעשאַף, זיינען די וואַסערן געווען די ערשטע צו לויבן דעם בעשאַפער, ג1).

**אין וואָס איז בעשטאַנען דאָס לויב פון די וואַסערן?**
זיי האָבן געזאָגט „... אדיר במרום ה׳", ג2) [פון די קולות פון וואַסערן וועלכע ברומען, און מעהר פון די שטאַרקע אינדיין פון דעם ים] ביזט דו, אַלמעכטיקער אין הימל שטאַרקער, ג3).

**וואָס פאַר אַ ווירקונג האָט דאָס לויבן פון די וואַסערן געמאַכט אויף דעם בעשאַפער?**
ער האָט געטראַכט זיך: מה דאַך די דאָזיקע וועלכע האָבן קיין מויל, קאָנען נישט רעדן, און דאָך לויבן זיי מיך. מכל שכן, אַ פשיטא שוין אַז ווען איך וועל בעשאַפן מענטשן, וועלן זיי דאָך אַ ודאי און אַ ודאי לויבן מיך, ג3).

**אין מדרש שטעהט אַז די וואַסערן זיינען געוואָרן בעשאַפן דעם דריטן טאָג. מיינט דאָס טאַקע בעשאַפן ממש?**
ניין. סע מיינט „יקוו המים", די וואַסערן זאָלן איין זאַמלען זיך, ד).
אַט זאָגן די חכמים ז״ל „ומה נברא ביום השלישי" און וואָס איז געוואָרן בעשאַפן דעם דריטן טאָג? און זיי ענטפערן „יקוו המים", די וואַסערן זאָלן איין זאַמלען זיך, ה).
אויף אַן אנדער אָרט פרעגן די חכמים ז״ל: וואָס איז געוואָרן בעשאַפן דעם דריטן טאָג, און דער ענטפער איז: וואַסער, ווי סע שטעהט אין פסוק „יקוו המים", ו) זאָלן די וואַסערן איין זאַמלען

א) ב״ר ד, ו; זהר בראשית מ, ו; י״ש בראשית ה; רש״י, ל״ט בראשית א, ז; רשב״ם בראשית א, ו; רקאַנטי בראשית ה, יא.
זעט זייט 214, נאָטע ב.
ב) בראשית א, ט.
ג) ב״ר ה, ג, און זעט מתנות כהונה דאָרט.
ג1) י״ש תהלים תתמח.
פאַרגלייכט דאָס לשון, און ווער סע זאָגט עס אין: ב״ר צה, ג; יל״ה צג, יב.
ג2) תהלים צג, ד.
ג3) י״ש תהלים תתמח.
פאַרגלייכט מיט די פאַרגעהענדיגע קוועלעס.
ד) ב״ר יב, ה; יל״ה נא, ו.
ה) שו״ט צב, ב. זעט מהרז״ו אין ב״ר יב, ה.
ו) יל״ה צב, א.

**זיך. דאָס איין זאַמלען זיך ווערט בעט־ראַכט ווי אַ שאַפונג.**

**דער שטייגער פון דער וועלט איז דאָך צו אויס ליידיגן פון אַ פולע כלי אין אַ לעהרע, ליידיגע כלי. אָבער דער גאַנצער אוניווערס איז דאָך געווען פול מיט וואַסער. פון וואַנעט זשע האָט מען אויס געליידיגט און וואוהין?**

שהחזיק מועט את המרובה, ו*). דאָס איז איינער פון די פאַלן, וואו ווייניג ענטהאַלט פיל.

**ווי הויך האָבן די וואַסערן אויף גע־הויבן זיך?**

זיי האָבן דערגרייכט ביז צו דעם כסא הכבוד, דעם הימלישן טראָן, ז) ווי סע שטעהט געשריבן „ורוח אלוקים מרחפת על פני המים", ח) און דעם אייבערשטנס גייסט האָט געשוועבט אויף דעם וואַסער.

**ווי אַזוי איז צו געגאַנגען דאָס איין זאַמלען זיך פון די וואַסערן?**

ווען דער בעשאַפער האָט געגיבן אַ זאָג „יקוו המים", ט) די וואַסערן זאָלן איין זאַמלען זיך, האָבן די בערג און די בערגלאַך פון אַלע עקן וועלט פאַר־שפרייט זיך איבער דעם גאַנצן ערד קוגל, און זיי זיינען געוואָרן טאָלן. די וואַסערן האָבן געקאַטשעט אריין זיך אין זיי. און אַט די דאָזיקע וואַסער זאַמ־לונגען האָט ער גערופן ימים, י).

די וואַסערן האָבן אָן געהויבן באַלד צו גרויסן זיך. זיי האָבן אויף געהויבן זיך און ווידער פאַרדעקט די ערד ווי פרי־ער. האָט דער בעשאַפער אָן געשריגן אויף זיי. ער האָט געפרעסט זיי צוזאַמען אונטער זיינע פיס. ער האָט געמאַכט אַ צוים פון זאַמד פאַר דעם ים, ווי אַ מענטש מאַכט אַ צוים, אַ פּאַרקען, אַ פלויט פאַר זיין וויין גאָרטן.

איידער די וואַסערן זיינען געוואָרן איין געזאַמלט זיינען געוואָרן בעשאַפן די ליכטערס און די אָפּ גרונטן. די אָפּ גרונטן זיינען אונטער דער ערד. די ערד איז פאַרשפרייט אויף דעם וואַסער, ווי אַ שיף וועלכע שווימט אויף דעם מיטן ים. ווי סע שטעהט אין פסוק „לרוקע הארץ על המים", א) לויבט דעם וועלאַ־כער האָט פאַרשפרייט די ערד אויף דעם וואַסער, ב).

**פון וואַנען האָבן די וואַסערן געוויסט וואוהין צו פאַרזאַמלען זיך?**

סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע ער־קלעהרונגען:

זיי האָבן טאַקע נישט געוויסט, צי צו געהן קיין צפון זייט, צי קיין דרום זייט. זיינען זיי געפלאָסן אַהין און צו־ריק, ביז דער בעשאַפער האָט געגיבן [אַ פּאַטש] אַ ווענד זיי אין דער ריכ־טונג פון דעם לויתן, און ער האָט געטון אַ זאָג צו זיי: איך האָב דאָך געהייסן געהן אַהין. און ער האָט אָפּ געשלאָסן

---

ו*) ב"ר ה, ז; ש"ר יא, ה; ויק"ר י, ט; במ"ר יט, ט; י"ש בראשית ז. אויף צו פאַר־שטעהן בעסער דעם ענין זעט תנח. צו יב.

ז) שו"ט צג, ה. ר' ברכיה זאָגט עס אין נאָמען פון בן עזאי בן זומא.

אין יל"ה צג, ח שטעהט ר' ברכיה בשם בן עזאי.

אין חגיגה יד, ב, אונטן, ביי די פיר וועלאַ־כע זיינען געגאַנגען אַריין אין פרדס, ווערן בן עזאי און בן זומא גערעכנט פאַר צוויי.

אין: תוספתא חגיגה פרק ב, ז; ירושלמי חגיגה פרק ב, אָנהייב הלכה א; חגיגה טו, ב, אויבן הייסט עס בן זומא...

אין ב"ר ב, ד שטעהט ר"ש בן זומא.

זעט: ב"ר ה, ב, און יפה תואר דאָרט; שו"ט צג, ה הערה טז וועגן כתבי יד.

ח) בראשית א, ב.

ט) בראשית א, ט.

י) בראשית א, ו.

א) תהלים קלו, ו.

ב) פר"א אָנהייב פרק ה, און זעט דאָרט רד"ל; שו"ט צג, ה; יל"ה צג, ח, און פאַר־גלייכט די נוסחאות, ווערסיעס.

זעט: א"ע, רד"ק, מ"צ,א' אויף תהלים קלו, ו.

דאָס וואַסער פון דעם ים מיט זאַמד און באַשוואָוירן עס, סע זאָל נישט גיין ארויס פון דעם זאַמד. ווי סע ווערט געזאָגט „גבול שמת בל יעבורון", ג) דו האָסט געמאַכט אַ גרעניץ דאָס ים וואַסער זאָל נישט אַריבער פליסן, ד).

די וואַסערן האָבן געשושקעט זיך און געפרעגט איינע די אַנדערע: וואוהין זאָלן מיר גיין? האָט דער הייליגער, ברוך הוא געזאָגט צו זיי: „דכים", ה) געהט דרכ ים, דורך דעם ים. דער טייל וואַסער זאָל גיין להדך ימא, צו דער זייט ים, און די מאַסע וואַסער זאָל גיין צו דער זייט פון ים. די מאַסע וואַסער זאָל גיין צו דעם אָרט וואָס געהערט צו דער זייט ים, ו). די מאַסע וואַסער זאָל גיין צו דעם דאָזיקן לאַנד וואָס געהערט צו דעם און דעם הערשער. די וואַסערן זאָלן גיין צו דעם אָרט, און די וואַסערן זאָלן גיין צו יענעם ווינקל, ז). זיינען די וואַסערן געגאַנגען אַרויף די בערג, האָבן געניידערט אַראָפּ אויף די אָפּ גרונטן, ביז זיי האָבן דער־גרייכט דעם אָקעאַן, ח). זיי האָבן גע־זאָגט צו דעם אָקעאַן: מיר זיינען צע־שטויסן פון דעם אַלמעכטיקנס גזירה, נעם אונז אויף, ט).

דעם אייבערשטנס קול האָט געפירט זיי, י).

דער אייבערשטער, דרך, האָט געגיבן אַ טרעט אויף דעם וואַסער, און זיי זיי־נען אַריין אין ים אוקיינוס, א).

די וואַסערן האָבן נישט געוויסט וואו־הין צו ציען, האָט דער ים צו געצויגן זיי, ב).

**דער גאַנצער אוניווערס איז דאָך גע־ווען מים במים, ג) וואַסער אין וואַסער. וואָס זשע מיינט דער פסוק: די וואַ־סערן זאָלן איין זאַמלען זיך „אל מקום אחד", ד)?**

מע קאָן פאַרגלייכן דאָס צו צען אָן געבלאָזענע לוגלען, פענכערס, פאַכירן וועלאַכע ליגן אין דעם קעניגס פּאַלאַץ. און דער קעניג דאַרף נייטיק האָבן דעם פּלאַץ. וואָס זשע טוט ער? מע בינד אויף די לוגלען. מע לאָזט אַרויס די לופט. און מע לייגט אַוועק די לוגלען אין אַ ווינקל.

אַזוי אויך האָט געטון דער בעשאַפער. ער האָט געטון אַ טרעט אויף די וואַסערן [איז אַרויס די לופט פון זיי. ער האָט צוזאַמען געפרעסט, קאָנדענסירט זיי], און ער האָט אַריין געזאַמלט זיי אין אָקעאַן אַריין, ה).

---

ג) תהלים קד, ט. זעט לויתן זייט 339.
ד) ש"ר טו, כב; תנח. חיי שרה ג; יל"ה קד, ה.
שו"ט צג, ה ברייננט דעם פסוק פון ירמיה ה, כב „אשר שמתי חול גבול לים", איך האָב געמאַכט דעם זאַמד פאַר אַ גרעניץ צו דעם ים.
ה) תהלים צג, ג.
ו) זעט: ב"ר ה, ג און מתנות כהונה דאָרט; שו"ט צג, ה און פאַרגלייכט מיט יל"ה צג, ח; י"ש תהלים תתמח.
ז) ב"ר ה, ג.
ח) ב"ר ה, ג; י"ש תהלים תתמח.
ט) ב"ר ה, ג; י"ש תהלים תתמח.
י) ב"ר ה, ד. אין שו"ט צג, ה שטעהט מטטרון, אין יל"ה צג, ח שטעהט מטטור. ביידע בעדייטן פירער.
זעט מטטרון, זייטן 279—278.
א) ב"ר ה, ב; ש"ר טו, כב.
אין שו"ט צג, ה שטעהט כבש.
אין י"ש תהלים תתמח שטעהט דרך.
ב) ב"ר ה, ג.
ג) ירושלמי חגיגה פרק ב, אָנהייב הלכה א; חגיגה יב, א; ב"ר ה, ב און ז; ש"ר טו, כב און נ, א; תנח. חיי שרה ג און ויקהל אָנהייב ו; פ"ר פיסקא פא, זייט קצג, א; שו"ט צג, ה; יל"ה צג, ח.
זעט זייט 114, נאָטע א.
ד) בראשית א, ט.
ה) אין: ב"ר ה, ב; י"ש תהלים תתמד

**ווען דער בעשאַפער האָט געהייסן די וואַסערן איין זאַמלען זיך אין איין אָרט, ו) ווער אָדער וואָס האָט איין געזאַמלט זיי?**

א ווינד, ז).

**נאָך דעם ווי די וואַסערן האָבן איין געזאַמלט זיך, וואָס איז געווען אויף דעם וואַסערלאָזן אָרט?**

טריקעניש, ח).

ער האָט בעשאַפן טריקעניש דעם דריטן טאָג, ט). ווי סע ווערט געזאָגט: „יסד ארץ על מכוניה בל תמוט עולם ועד", י), ער האָט געגרונט פעסטיקט די ערד אויף אירע געשטעלן, זי זאָל קיין מאָל אוים גליטשן זיך.

**האָט די טריקעניש געהאַט אַ נאָמען?**

יאָ. דער בעשאַפער האָט גערופן זי ארץ, ערד, א).

**פאַר וואָס האָט דער בעשאַפער גערופן די טריקעניש ארץ?**

ווייל רצתה לעשות רצון קונה, ב) ווייל זי איז געלאָפן צו טון דעם בעשאַפערס ווילן.

**האָט די וואַסער איין זאַמלונג געהאַט אַ נאָמען?**

יאָ. דער בעשאַפער האָט גערופן זי ימים, ג).

**ווי אַזוי איז געוואָרן בעשאַפן דער ים?**

ווען דער בעשאַפער האָט בעשאַפן אים, האָט ער געהאַלטן אין איין פאַר שפרייטן זיך ווייטער און ווייטער, ביז דער בעשאַפער האָט געגיבן אַ געשריי אויף אים, ד).

**ווי קומט עס וואָס דער ים געהט קיין מאָל אַרויס פון זיינע ברעגעס?**

דער בעשאַפער האָט אַרום געצוימט אים מיט זאַמד. און ער האָט באַשוואוירן אים נישט צו טרעטן אַריבער, ה). ווי סע ווערט געזאָגט „גבול שמת בל יעבורון", ו) דו האָסט געמאַכט אַ גרעניץ, דאָס ים וואַסער זאָל נישט פליסן אַריבער.

„אשר שמתי חול גבול לים", איך האָב געמאַכט דעם זאַמד פאַר אַ גרעניץ צו דעם ים, ז).

**ווי אַזוי האָט דער בעשאַפער בעטראַכט זיין איין אָרדענען דאָס וואַסער און די ערד?**

סע איז געפעלן אים. ער האָט געזען „כי טוב", ח) אז סע איז גוט.

## גרינצייג און פּרוכטן

**דער בעשאַפער האָט געזאָגט „תדשא הארץ דשא עשב", ט) די ערד זאָל באַקליידן זיך מיט „דשא עשב".ביידע זיינען דאָך די טייטש גראָז?**

---

שטעהט דרך. אין: שו"ט צג, ה; יל"ה צג, ה שטעהט כבש. זעט אלשיך בראשית א, אָנהייב פסוק ט.

ו) בראשית א, ט.

ז) רשב"מ בראשית א, זייט 4 סימן 12 און פסוק 9, עדיציע ראָזין, אויסגאַבע אום.

ח) בראשית א, ט.

ט) תנח. חיי שרה ג. זעט ל"ט בראשית א, ז.

י) תהלים קד, ה.

זעט ב"ר יב, טז און פאַרגלייכט מיט: שו"ט צג, ב; י"ש תהלים תתמז.

א) בראשית א, י. זעט דאָרט רמב"נ.

ב) ב"ר ה, ח; י"ש בראשית ז.

ג) בראשית א, י.

ד) חגיגה יב, א אונטן; י"ש אָנהייב נחום.

ה) ש"ר טו, כב; תנח. חיי שרה ג; יל"ה קד, ה.

ו) תהלים קד, ט.

ז) ירמיה ה, כב. שו"ט צג, ה.

ח) בראשית א, י.

ט) בראשית א, יא.

**„דשא" מיינט אַ קאָלעקציע פון גראָזן, פילע פאַרשידן אַרטיקע, פאַרשידענע סאָרטן גראָזן צוזאַמען. „עשב" מיינט איין מין, איין סאָרט גראָז, י).**

דער גאַנצער וועלט בעשאַף איז באַשריבן „דרך כלל ופרט", פריער אין אַלגעמיינע באַהויפּטונגען, און דערנאָך אין איינצלהייטן. „תדשא הארץ" איז אַן אַלגעמיינע באַהויפּטונג, נאָך דעם קומט אַ דעטאַלע, אַן איינצלהייטן באַשרייבונג.

דאָס זעלבע איז אויך דער פאַל ביי דעם מענטש בעשאַף: „זכר ונקבה ברא אותם". דערנאָך קומט די באַשרייבונג אין איינצלהייטן, י*).

**„דשא" מיינט ווען סע הייבט אָן צו שפּראָצן. „עשב" מיינט ווען סע ווערט גרעסער, א).**

לויט אַן אַנדער מיינונג: „דשא" מיינט גראָזן פאַר בהמות. ווי „דשאו נאות מדבר", ב) זיי האָבן געגראָזט די וואוינונג פון דער מדבר, וויסטע. „עשב מזריע זרע" מיינט גרינצייג פאַר מענטשן, ג).

**וואָס מיינט „מזריע זרע"?**

סע מיינט אַז דאָס געוויקס, געוואוקס זאָל ענטהאַלטן אין זיך זאָמען וועלאַכע מע זאָל קאָנען פאַרזעצן, פאַרזייען אויף אַן אַנדער אָרט, ד).

**וואָס הייסט „עץ פרי עושה פרי למינו"?**

סע מיינט אַז דער טעם, דער געשמאַק פון דעם בוים זאָל זיין דער זעלבער, ווי דער טעם פון דער פרוכט, ה).

**האָט די ערד פּראָדוצירט ביימער וועלאַכע האָבן דעם זעלבן טעם ווי די פרוכט?**

ניין, ו).

**ווי אַזוי האָט דער בעשאַפער רעאַגירט אויף דער ערדס נישט פאָלגן צו פּראָדוצירן ביימער, וועלאַכע זאָלן האָבן דעם זעלבן טעם ווי די פרוכטן?**

ער האָט באַשטראָפט, פאַרשאָלטן זי, ווען ער האָט באַשטראָפט אדם'ן, ז).

**וואָס מיינט אַז דער בוים זאָל ענטהאַלטן „זרעו בו", ח) זיין זאָמען אין אים?**

סע מיינט אַז יעדער בוים זאָל ענטהאַלטן אין זיך זיינע אייגענע זאָמען פון וועלאַכע ער וואַקסט אַרויס ווען מע פאַרזייעט זיי, ט).

**פאַר וואָס זאָגט נישט דער פסוק „למינו", י) ביי די גראָזן, און ביי די ביימער זאָגט ער יאָ?**

די גראָזן האָבן געדרינגען דאָס אַרויס מיט אַ קל וחומר, א): אויב סע איז דעם בעשאַפערס ווילן די ביימער זאָלן וואַקסן צוזאַמען, געמישט צוזאַמען, געשטופּט איינער אויף דעם צווייטן, צו וואָס זשע האָט ער געזאָגט „למינו"?

---

י) רש"י ברכות א, יא; רשב"מ בראשית א, א. דער רמב"ן בראשית א, יא האַלט נישט מיט רש"י.

י*) זעט: רשב"א אויף תורה; שו"ת רשב"א שאלה ס, זייט א.

א) רד"ק בראשית א, א.

ב) יואל ב, כב.

ג) ספורנו בראשית א, יא.

ד) בראשית א, יא, און רש"י דאָרט.

ה) בראשית א, יא און רש"י דאָרט, און זעט ספורנו דאָרט.

ו) רש"י בראשית א, יא.

ז) בראשית ג, יז; רש"י בראשית א, יא. זעט ביי אדם, אין באַנד ג.

אגב, דער פסוק זאָגט דאָך „ויהי כן", און סע איז געוועזן אַזוי. קומט דאָך אויס אַז די ערד האָט יאָ געפאָלגט?!

ח) בראשית א, יא.

ט) רש"י בראשית א, יא; רשב"מ בראשית א, 11, עדיציע ראָזין, אויסגאַבע אום.

י) בראשית א, יא.

א) קל וחומר מיינט: לערנען אַרויס, דרינגען אַרויס אַ האַרבע זאַך פון אַ לייכטערער.

און נאָך אַ קל וחומר: מה דאָך ביי־מער, וועמענס נאַטור סע איז נישט צו וואַקסן צוזאַמען געשטופּט. ווייל זיי זיי־נען דאָך גרויס, און זייערע צווייגן זיי־נען פילע און צעשפּרייט. זאָגט דער פּסוק „למינו", אַז יעדער בוים זאָל וואַקסן באַזונדער, אַפּ געטרעטן איינער פון דעם צווייטן, מע זאָל קאָנען דערקענען אים. מכל שכן מיר, וועלכע זיינען זעהר פילע, און פון נאַטור אויס וואַקסן מיר דאָך צוזאַמען געשטופּט, צוזאַמען געמישט. דאַרפן מיר דאָך אַ וודאי און אַ וודאי, געוויס, וואַקסן אַרויס יעדער גראָזעלע באַזונדער. ווייל אויב מיר וועלן נישט גיבן אַכטונג אַז יעדער גראָזעלע זאָל קומען אַרויס באַזונדער, וועט מען דאָך נישט קאָנען אונטער שיידן איינס פון דעם אַנדערן, ב).

יעדער גראָזעלע האָט אַ מלאך וועלכער גיט אַכטיק אויף דעם, ב*). איז פאַראַן אַ מיינונג אַז דער מלאך האָט אַפּ געלערנט דעם קל וחומר, ג).

און מיר געפינען עהנליכע פאַלן:

רבי פּנחס בן יאיר איז געגאַנגען אויס לייזן געפאַנגענע [פדיון שבויין]. ווען ער איז געקומען צו דעם טייך גינאי, האָט ער געזאָגט צו אים: שפּאַלט, צע־טייל דיין וואַסער, איך זאָל קאָנען געהן אַריבער. האָט דער טייך געענטפערט: דו געהסט טון דיין בעשאַפערס ווילן, און איך געה טון מיין בעשאַפערס ווילן. אין דיין פאַל איז ערשט אַ ספק צי דו וועסט טון עס. אָבער איך טו עס זי־כער... קאָן דען דער טייך רעדן?!

איז פאַראַן אַ מיינונג: מעגלאָך אַז דער שר של ים, דער אויף זעער איבער דעם ים האָט גע'טענה'ט אַזוי. אָדער רבי פּנחס בן יאיר האָט געטראַכט אַזוי אין הארצן.

אויף אַן עהנליכן אופן דאַרף מען פאַרשטעהן ר' אלעזר בן דורדיא'ס בעטן די בערג, דעם הימל, די ערד, די זון, די לבנה, די שטערנס, די פּלאַנעטן, זיי זאָלן בעטן דעם אייבערשטן פאַר אים. און זיי האָבן געענטפערט אים...., ד).

**איז פאַראַן אַ רמז, אַן אָנדייט אַז יעדער גראָזעלע האָט אַ מזל אויבן אין הימל?**

יאָ. די ערשטע אותיות פון „מזריע זרע למינהו", מאַכן מזל, ה).

**ווען האָט די ערד אָן געהויבן צו פּראָדוצירן גראָזן?**

אין דעם זעלבן טאָג ווען מע האָט פאַרזייעט, ו).

אָבער זיי האָבן געשפּראָצט בלויז ביז צו דעם אויבערפלאַך פון דער ערד, און זיי זיינען געבליבן שטעהן. זיי זיינען נישט געוואַקסן אַרויס איבער דער ערד. ערשט ווען אדם הראשון איז געקומען, און ער האָט געבעטן רחמים, האָט אָן געהויבן צו רעגענען. און זיי זיינען גע־וואַקסן אַרויס פון דער ערד, ו*).

**ווען האָבן די ביימער אָן געהויבן צו פּראָדוצירן פרוכטן?**

אין דעם זעלבן טאָג ווען זיי זיינען געוואָרן געפלאַנצט, ז).

---

ב) חולין ס, א, אונטן, און רש"י דאָרט; י"ש בראשית ח; רש"י, דזמ"ה בראשית א, יב.

ב*) ב"ר י, ו; י"ר בראשית יד, ב.

ג) מהרש"א חולין ס, א. זעט ת"ת בראשית א, פּסוק יא, סימן מה.

ד) חולין ז, א און דעם לעצטן תוספות דאָרט; זעט עבודה זרה יז, א.

ה) בעל הטורים בראשית א, יא. אגב, אין פּסוק יא שטעהט: מזריע זרע... למינו. און אין פּסוק יב שטעהט: מזריע זרע למינהו.

ו) ספרא אָנהייב בחוקתי און זעט דאָרט ראב"ד, אויסגאַבע אום; יל"ה קיא, ה.

ו*) חולין ס, ב.

ז) ספרא אָנהייב בחוקתי, אויסגאַבע אום, און זעט דאָרט ראב"ד; יל"ה קיא, ה.

**פאַר וואָס שטעהט צווייי מאָל „כי טוב״, ח) סע איז גוט ביי דעם דריטן טאָג פון דעם וועלט בעשאַף?**

דער בעשאַפער האָט נישט געענדיקט די אַרבעט מיט די וואַסערן דעם צווייטן טאָג. ער האָט געענדיקט זי ערשט אין דעם דריטן טאָג. באַציט זיך דער ערש־טער „כי טוב״ אויף דער געענדיקטער אַרבעט פון דעם צווייטן טאָג.

דעם דריטן טאָג האָט ער אָן געהויבן בעשאַפן די גראָזן און די ביימער. און ער האָט געענדיקט די דאָזיקע אַרבעט אין דעם זעלבן טאָג. באַציט זיך דער צווייטער „כי טוב״ אויף דער אַרבעט וועלאַכע ער האָט אָן געהויבן און גע־ענדיקט דעם דריטן טאָג, ט).

## גן עדן, אייל̈בירט בוימל, ים, אייזן

**זיינען געוואָרן בעשאַפן אין דעם דריטן טאָג זאַכן וועלאַכע זיינען נישט רעקאָר־דירט, ווערן נישט דערמאָנט אין דער תורה?**

יאָ:

דער גן עדן, י).

**וואו געפינט זיך דער גן עדן?**

סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיינונ־גען:

אויב ער איז אין ארץ ישראל, איז בית שאן זיין אריין גאַנג, א).

אויב ער איז אין אַראַביע, איז בית גרם זיין אריין גאַנג, ב).

אויב ער איז אין מעסאָפּאָטאַמיע, איז בבל זיין אריין גאַנג, ג).

אין צפון־מזרח זייט, ד).

דעם דריטן טאָג זיינען געוואָרן בע־שאַפן:

שמן זית, ה) אייל̈בירט בוימל;

דער ים, ו);

אייזן, ז).

דעם דריטן טאָג האָט דער בעשאַפער בעשאַפן אַלערליי ביימער אין גן עדן;

---

ח) בראשית א, פסוקים י און יב.

ט) ב״ר ד, ו; זהר בראשית מו, א; י״ש בראשית ה און ישעיה שב; רש״י בראשית ז; ל״ט בראשית א, י; בחיי בראשית א, ד. רשב״ם בראשית א, 6, עדיציע ראָזין, אויס־גאַבע אום.

זעט זייט 214, נאָטע **ב**.

י) ב״ר יא, ט; יב, ה; טו, ג און ענדע פרשה כא; י״ש בראשית ענדע לד; יל״ה עד, י און קמט, ח; בראשית ג, כד. זעט בחיי בראשית ג, כד.

לויט: פסחים נד, א; נדרים לט, ב איז דער גן עדן געוואָרן בעשאַפן נאָך פאַר דעם וועלט בעשאַף.

זעט: פר״א פרק ג; תדא״ר פרק לא; זהר צו לד, ב.

פאַרגלייכט מהרז״ו הארוך אויף ב״ר א, ד און אויף טו, ג.

זעט ביי **אדם הראשון**, באַנד **ג**.

א) עירובין יט, ב, אונטן.

ב) עירובין יט, א, אונטן.

ג) עירובין יט, א, אונטן.

ד) שכ״ל ט, א פון סודי רזי. זעט **אבד״ע** 40.

ה) י״ש ענדע פרשה בראשית; י״ר תצוה עג, א.

ו) ש״ר כא, ו; שו״ט קיד, ט; יל״ה קיד, יט; מה״ג,ב׳ זייט 144; מ״ה, זייט 96.

זעט די נוסחאות, ווערסיעס אין: מר״י בשלח, ל, ב, אויסגאַבע אום; מר״ש בשלח זייט 50—49; פר״א פרק מב; שו״ט קיד, ט; יל״ה קיד, יח; י״ש בשלח רלד און תהלים תתעג; ל״ט בשלח יד, כא; ויושע זייטן 51, „3; י״ר בשלח לה, א.

זעט בראשית א, י.

ז) ב״ר ענדע פרשה ה; מעה״מ ב׳ זייט 19; אזכרה 64; י״ר בראשית יד, ב, אונטן פון מדרש כונן.

און אויף דער וועלט האָט ער בעשאַפן אַלערליי פּרוכטלאָזע און פּרוכטבאַרע ביימער. ווען די צעדער ביימער פון לבנון, די שטאַרקע ביימער פון בשן, און אַלע הויכע ביימער האָבן געזען אַז זיי זיינען געוואָרן בעשאַפן צו ערשט אויף דער ערד, האָבן זיי אָן געהויבן באַלד צו האַלטן זיך גרויס. האָט דער בעשאַפער געטון אַ זאָג צו זיי: איך האָב פיינט די וועלאַכע האַלטן זיך גרויס. און ער האָט בעשאַפן באַלד דעם אייזן באַרג. ווען זיי האָבן דערזען דעם אייזן באַרג, האָבן זיי געוויינט.

אויף דעם בעשאַפערס פראַגע פאַר וואָס זיי וויינען, האָבן זיי געענטפערט אים: ווייל דו האָסט בעשאַפן דעם אייזן באַרג ער זאָל אוים רייסן אונז פון אונזער וואָרצל. מיר האָבן געמיינט אַז סע זיינען נישט פאַראַן אין דער וועלט הויכע ווי מיר. און איצט איז גאָר גע־וואָרן בעשאַפן אַ פערדאַרבער צו פער־דאַרבן אונז.

האָט דער הייליגער, ברוך הוא, גע־זאָגט צו זיי: שטעלט נישט צו אַ הענטל דער האַק זי זאָל קאָנען פאַרניכטן אייך. און איך וועל מאַכן אַז איר זאָלט גע־וועלטיקן איבער איר, און זי איבער אייך. און ער האָט געמאַכט שלום, פרידן, צווישן זיי, ח).

לויט אַן אַנדער מיינונג: ווען אייזן איז געוואָרן בעשאַפן, האָבן די ביימער אָן געהויבן צו ציטערן. האָט דאָס אייזן געזאָגט צו זיי: וואָס ציטערט איר עס אַזוי. אַז איר וועט גיבן קיין הענטל, וועט קיין איינער [קיינער] פון אייך ווערן באַשיידיגט, ט).

---

ח) י״ר בראשית יד, ב, פון מדרש כונן; מעה״מ ב׳, זייט 19; אזכרה, זייט 64.

ט) ב״ר ענדע פרשה ה, און מתנות כהונה דאָרט; י״ש בראשית ח.

# דער פערטער טאָג

## די ליכטער, די זון, די לבנה, די שטערנס

**פאַר וואָס ווערט גענוצט דאָס וואָרט „אור" ביי דעם ערשטן טאָג פון דעם וועלט בעשאַף א). און ביי דעם פערטן טאָג שטעהט מאורות, מאור, מיט אַ „מ", ב)?**

סע שטעהט פינעף מאָל „אור", ג) און פינעף מאָל מיט אַ „מ", ד). ווי באַוויסט איז דאָס ליכט וואָס איז געוואָרן בעשאַפן דעם ערשטן טאָג פון דעם וועלט בע־שאַף, געוואָרן בעהאַלטן, ה).

און די ליכטער זיינען געוואָרן אויף געהאָנגן ערשט דעם פערטן טאָג פון דעם וועלט בעשאַף. די דאָזיקע ליכ־טער זיינען נישט דאָס אָריגינעלע ליכט וואָס איז געוואָרן בעשאַפן דעם ערשטן טאָג. נאָר זיי האָבן גענומען זייער ליכט מאור פון, ו) אַ פונק פון דעם איי־בערשטן ליכט וואָס איז געוואָרן בע־שאַפן דעם ערשטן טאָג. דערפאַר שטעהט ביי דעם פערטן טאָג פינעף מאָל מאור פון אור, פון די פינעף מאָל אור, ז).

**אין וואָס פאַר אַ צייט פון דעם טאָג האָט דער בעשאַפער געזאָגט „יהי מאו־רות", ח) סע זאָלן זיין ליכטער?**

אָנהייב נאַכט פון דעם פערטן טאָג, ט). אויף ווי פיל מיר איז בעקאַנט איז עס דאָס איינציקע מאָל ווען דער בעשאַפער האָט געאַרבעט אין אָוונט.

**ליכט איז דאָך געוואָרן בעשאַפן דעם ערשטן טאָג, י). וואָס זשע עפּיס האָט דער בעשאַפער באַפעהלט דעם פערטן**

---

א) בראשית א, פסוקים ג, ד, ה.

אגב, די פינעף מאָל אור זיינען אַנטקעגן די פינעף חומשים, בעה"ט בראשית א, ה.

ב) בראשית א, פסוקים יד, טו, טז.

ג) בראשית א, פסוקים ג, ד, ה.

ד) בראשית א, פסוקים יד, טו, טז.

ה) ירושלמי ברכות פרק ה, הלכות ה און ו; חגיגה יב, א; פ"ר פיסקא כג, זייט קיח, א; ב"ר ג, ו; יא, ב; יב, ו; מב, ג און פט, מו; ש"ר אָנהייב פרשה לה; ויק"ר יא, ז; במ"ר יג, ה; א"ר פתיחתא יא; ר"ר פתיחתא ז; תנח. שמיני ט; זהר בראשית לא, ב און מו, א; זהר חדש איכה א, ד; תדא"ז פרק כא; שו"ט צב, ד; יל"ה צג, יד און קלט, כ; ש"ט וישלח לו, כד; י"ש בראשית אָנהייב ה, טז, ישעיה תק, תהלים תתפח און איוב תתקכד.

לויט ילה"י ס, ב האָט דער בעשאַפער בע־האַלטן דאָס ליכט פאַר זיינעט וועגן.

ו) זעט: תנח. נח ג; זהר תרומה קמח, ב—קמט, א; דאָס לשון אין רש"י, רמב"נ בראשית א, ד; ל"ט בראשית א; ענדע ג; רקאַנטי בראשית ו, א; בד"י פרקים ז און ז.

ו) מ איז די טייטש פון.

ז) כלי יקר בראשית א, ג.

ח) בראשית א, יד.

ט) פר"א אָנהייב פרק ז און זעט דאָרט רד"ל סימן ז; תוספות ראש השנה ח, א אונטער דעם וואָרט לתקופות; רמב"ם הלכות קדוש החודש אָנהייב פרק ט.

און איך הקטן אהרן באאמו"ר ר' משה ב"ר יעקב ב"ר יוסף ע"ה באַמערק: רבינו בחיי תצוה כח, טו באַהויפּט „שהרי העולם נברא ביום" אַז די וועלט איז געוואָרן בע־שאַפן ביי טאָג, באַזירט אויף דעם פסוק „ביום עשות ה' אלקים ארץ ושמים", בראַ־שית ב, ד, אין דעם טאָג ווען דער בעשאַפער האָט געמאַכט הימל און ערד. און אויף דעם דאָזיגן סמך באַהויפּט דער סדר הדורות זייט ט, קאָלום ב „כי בלילה לא היה [היתה] בריאה", אַז דער בעשאַפער האָט נישט בע־שאַפן ביי נאַכט, און דאָס איז דאָך געגן פר"א, אתמהא, ווינדערט מיך.

י) בראשית א, ג.

**טאָג „יהי מאורות", א) עס זאָלן ווערן ליכטער?**

אַלע קערפּערשאַפטן אין הימל און אויף דער ערד זיינען געוואָרן בעשאַפן דעם ערשטן טאָג. און יעדער איינער האָט באַקומען זיין אָרט אין דעם טאָג באַשטימט פאַר אים. דער אייבערשטער האָט געבאָטן די צוויי גרויסע ליכטער און די שטערנס צו פאַרנעמען זייערע ערטער אין הימל, ב).

**פאַר וואָס שטעהט „מארת", ליכטער, אָהן אַ „ו"?**

ווייל בלויז די זון איז געוואָרן בעשאַפן צו לייכטן. די לבנה איז געוואָרן בעשאַפן בלויז צוליב דעם מע זאָל נישט דינען צו דער זון, אויב זי וועט זיין אַליין, ג).

די צאָל פון די אותיות פון דעם וואָרט שמש, צוזאַמען מיט דעם וואָרט באַטרעפט זעקס הונדערט איין און פערציק, פונקט ווי דאָס וואָרט מארת, ד).

**צו וואָס זיינען געוואָרן בעשאַפן די ליכטער?**

**לאותות,** צו דינען אַלס צייכנס. ווען די ליכטער ווערן געשלאָגן איז עס אַ שלעכטער סימן פאַר דער מענטשהייט.

**ולמועדים,** די אידן זאָלן וויסן ווען צו פייערן די ימים טובים, וועלכע ווערן באַשטימט לויט דער געבורט פון דער לבנה.

**ולימים,** די זון זאָל דינען אַ האַלבן מעת לעת [מעסלעס], און די לבנה זאָל דינען אַ האַלבן מעת לעת, צוועלף שעה. פיר און צוואַנציק שעה [שעות] זיינען אַ מעת לעת.

**ושנים,** און יאָרן, ענדע דריי הונדערט און פינעף און זעכציק טעג וועלן זיי ענדיקן זייער קרייזן אַרום די צוועלף מזלות וועלכע זיי באַדינען. און דאָס געדויערט אַ יאָר, ה).

און אויך צו בעלייכטן די וועלט, ו).

סע איז פאַראַן אויך אַ מיינונג אַז די לבנה איז געוואָרן בעשאַפן מע זאָל באַשטימען לויט איר די ראש חודש'ן פון דעם יאָר, ז).

אַגב, ווען סע איז אַ ליקוי חמה, די זון ווערט געשלאָגן, אַן עקליפּס, איז עס אַ שלעכטער סימן, אַנדייט פאַר די גאַנצן דינערס.

ווען סע איז אַ ליקוי לבנה, די לבנה ווערט געשלאָגן איז עס אַ שלעכטער סימן, אַנדייט פאַר די שונאי ישראל, פאַר די אידנס פיינט [בלשון סגי נהור], ח).

לויט אַן אַנדער מיינונג: ווען די ליכטער ווערן געשלאָגן איז עס אַ שלעכטער סימן פאַר דער וועלט, ט).

---

א) בראשית א, יד.

ב) רש"י בראשית א, יד. זעט מ"א בראשית א, יב.

ג) זעט: י"ש בראשית ח; בעה"ט בראשית א, יד.

ד) בעה"ט בראשית א, יד.

ה) רש"י בראשית א, יד. פאַרגלייכט די ווערסיעס, און ווער סע זאָגט זיי אין:

פ"ר פיסקא טו, אָנהייב פרשת החודש; פר"כ אָנהייב פרשת החודש, אויסגאַבע אום; ב"ר ו, א; שו"ט קד, טז; יל"ה קד, נה; י"ש בראשית ח און תהלים תתסב; מ"א בראשית א, יד; ל"ט בראשית א, יד.

זעט: רש"י עירובין צו, א אונטער דעם וואָרט מי; און חולין ס, ב, אויבן; ירושלמי ראש השנה ענדע פרק ב; די תרגומים ירושלמי און יונתן בן עוזיאל, א"ע און רד"ק בראשית א, יד.

ו) ב"ר ו, א; רש"י בראשית א, טו און זעט דאָרט רד"ק און אור החיים.

ז) רש"י בראשית א, יד און זעט די קוועלעס צו די צוויי פאַרגעהענדיגע ענטפערס.

ח) סוכה כט, א; מר"י בא, זייט ג, א, אויסגאַבע אום.

ט) רש"י בראשית א, יד.

**די תורה זאָגט „להאיר על הארץ", י) צו באַלייכטן די ערד. פאַר וואָס זשע זאָגט רש"י זיי זאָלן באַלייכטן „לעולם", די וועלט?**

רש"י מאַכט אויפמערקזאַם אַז דאָס וואָרט „הארץ" דאָ מיינט נישט ערד. ווייל ערד דאַרף דאָך קיין ליכט. נאָר סע מיינט די וועלט, נעמלאַך די מענטשן פון דער וועלט, א).

**פאַר וואָס שיינט נישט די זון ביי נאַכט?**

ווייל זי איז דענצמאָל אונטער דער ערד, ב).

**די תורה רופט אָן די זון און די לבנה „די צוויי גרויסע ליכטער". זיינען ביידע געווען גלייך?**

יאָ, אָבער די לבנה איז געווען נישט צופרידן דערמיט, ג).

אגב, דער פסוק זאָגט „בור כרה ויחפרהו, ויפול בשחת יפעל", ג*) ער גראָבט אַ גרוב פאַר אַ צווייטן, און ער אַליין פאַלט אַריין אין אים.

לבנה: האַר פון דער וועלט, איז עס דען מעגלאַך אַז צוויי מלכים זאָלן באַנוצן זיך מיט איין קרוין?!

בעשאַפער: גיי און פאַרקלענער דיך.

לבנה: דערפאַר וואָס איך האָב געזאָגט אַ פּאַסנדיקע זאַך דיר, זאָל איך פאַרקלענערן מיך!

בעשאַפער: גיי און הערש ביי טאָג און ביי נאַכט. און ער האָט צו געגיבן איר די שטערנס. נעמלאַך, ער האָט געטרייסט די לבנה.

לבנה: וואָס איז דאָ דער אויפטו, אַ ליכט ביי טאָג ברענגט דאָך קיין נוצן.

בעשאַפער: די אידן וועלן ציילן די טעג און די יאָרן לויט דיר, ד).

ווען דער בעשאַפער האָט געזען אַז די לבנה באַרואיגט זיך נישט, האָט ער געזאָגט: ברענגט אַ כפרה, אַ פאַרגיבונג קרבן פאַר מיר דערפאַר וואָס איך האָב פאַרקלענערט די לבנה, ה).

**איז פאַראַן אַן ענליכער אויסדרוק ווי „אין שני מלכים..." אין אונזער אַלטן אוצר?**

יאָ, „ואין שני נביאים מתנבאין בסיגנון אחד", ה*) און צוויי נביאים פּראָפעצייען נישט, זאָגן נישט נביאות מיט דעם זעלבן סיגנון, סטיל.

**פאַר וואָס האָט דער בעשאַפער פאַרקלענערט די לבנה. ער האָט דאָך געקאָנט פאַרגרעסערן די זון?**

ווייל ער האָט איין געזען אַז די וועלט איז נישט ווערט צו באַדינען זיך מיט דעם גרויסן ליכט, האָט ער באַהאַלטן עס פאַר די צדיקים אויף יענער וועלט, ו).

לויט אַנדערע מיינונגען:

ביידע האָבן באַקלאָגט זיך. יעדע איינע פון זיי האָט גע'טענה'ט: איך בין גרעסער פון דיר, ז).

---

י) בראשית א, יז.
א) שפתי חכמים בראשית א, טו.
ב) רד"ק בראשית א, טז.
ג) חולין ס, ב; רש"י בראשית א, טז.
ג*) תהלים ז, טז.
ד) חולין ס, ב, אויבן און רש"י דאָרט.

פאַרגלייכט די פאַרשידענע נוסחאות, ווערסיעס, און ווער סע זאָגט וואָס אין:

ב"ר ו, ד; מ"א בראשית א, טז; ל"ט בראשית א, טז; י"ש בראשית ח; רש"י בראשית א, טז; כונן זייט 26; בחיי בראשית א, ד; רקאַנטי בראשית ו, ב; י"ר בראשית טז, א, אונטן; פרור בראשית זייט ד; י"ס אַנהייב פרשה ג.

ה) חולין ס, ב; שבועות ט, א; ב"ר ו, ג; פר"א פרק נא; זוהר חדש, בראשית. זעט ילה"י ס, א.
ה*) סנהדרין פט, א, אונטן.
ו) לחמי תודה.
ז) פר"א אַנהייב פרק ו.

ער האָט פאַרגרעסערט איינע און פאַרקלענערט די צווייטע, ח).

**ווען די לבנה האָט באַקלאָגט זיך וואָס האָט געטון די זון?**

זי האָט געשוויגן, ט).

די חכמים זאָגן: די וועלאַכע ווערן באַליידיגט און באַליידיגן נישט, זיי רעאַגירן נישט אויף דער באַליידיגונג. זיי הערן זייער שאַנד און שווייגן. אויף זיי זאָגט דער פסוק „ואוהביו כצאת השמש בגבורתו", י) דעם אייבערשטנס ליב האָבערס וועלן זיין ווי דער אויף גאַנג פון דער זון אין איר מעכטיקייט לעתיד לבא, אין דער צוקונפט. ווען איר ליכטיקייט וועט זיין דריי הונדערט און דריי און פערציק מאָל שטאַרקער ווי זי איז היינט צו טאָג, א).

**אין וועמענס זכות זיינען די זון און די לבנה געוואָרן בעשאַפן?**

אין אברהם אבינו'ס זכות, ב).

**ווען זיינען די זון און די לבנה געוואָרן בעשאַפן?**

לויט רבי אליעזר וועלאַכער האַלט אַז די וועלט איז געוואָרן בעשאַפן אין תשרי, ג) זיינען די זון און די לבנה געוואָרן בעשאַפן כ"ח אלול, אַכט און צוואָנציק טאָג אין דעם חודש אלול, ד).

סע איז פאַראַן אַ מיינונג אַז די בעשאַפונג פון דער וועלט האָט אָן געהויבן זיך כ"ה אלול, פינעף און צוואָנציק טעג אין חודש אלול, ה). די זון און די לבנה זיינען דאָך געוואָרן בעשאַפן דעם פערטן טאָג, ו). איז רעכט וואָס רבי אליעזר זאָגט אַז די זון און די לבנה זיינען געוואָרן בעשאַפן אַכט און צוואָנציק טעג אין חודש אלול.

און אָט דערפאַר טאַקע ווערט דער מענטש גע'משפט, געאורטיילט ראש השנה, ווייל ער איז געוואָרן בעשאַפן ראש השנה. וואָרן דער אָנהייב פון דעם וועלט בעשאַף איז געוועזן כ"ה אלול, פינעף און צוואָנציק טעג אין חודש אלול, ז).

---

ח) זעט: פר"א פרקים ו און נא; פר"א, א, זייט 8.

ט) דזמ"ה בראשית א, טז.

י) שופטים ה, לא.

א) שבת פח, ב; יומא כג, א; גיטין לו, ב; תרגום, רש"י אין שופטים ה, לא. זעט דזמ"ה בראשית א, טז.

ב) ב"ר מח, ח.

ג) ירושלמי ראש השנה פרק א, הלכה א; ירושלמי עבודה זרה פרק א, הלכה ב; סע"ר פרק ד; ראש השנה ח, א; יא, א; און כז, א; עבודה זרה ח, א; ב"ר כד, ד; פר"כ זייט צה, א, אויסגאַבע אום; י"ש בראשית ח און לה; מה"ג,א' א, יא, זייט 34; ל"ט נח ז, יא און פינחס זייט 272; יל"ה סה, כה; רשב"מ בא, יב, 2, עדיציע ראָזין, אויסגאַבע אום; בחיי בראשית ד, א און יז, ד; אבודרהם עג, ב; י"ר בראשית ה, א.

אַז די וועלט איז געוואָרן בעשאַפן אין חודש תשרי זעט די אינטערעסאַנטע דערקלעהרונג פון אבן עזרא ז"ל, ויקרא כה, ט.

ד) פר"א אָנהייב פרק ח. זעט דאָרט רד"ל און ר"נ ראש השנה טז, א.

אין בחיי אמור לה, ב שטעהט בכ"ה אלול אָבער סע דאַרף שטעהן בכ"ח.

אין יל"ה קי, טז שטעהט בכ"ד באלול פיר און צוואָנציק טעג אין אלול.

ה) פ"ר פיסקא מו, קפו, ב; פר"כ פיסקא כג, קנ, א, אויסגאַבע אום; ויק"ר כט, אָנהייב פרשה א; י"ש פינחס תשפב; יל"ה קיט, מד; בחיי בראשית י, ב; וישב סב, ד; מנה"מ ג', תשובה זייטן 77—76; דר"ל דברים 11.

זעט אלפס אויף דער משנה „בארבעה פרקים העולם נידון", ראש השנה טז, א, ערשטע שורה.

אין מה"ג,א' א, יא, זייט 34 און אין ליקוטים זייט 17, ב; אבודרהם עג, ב שטעהט בלויז באלול, אין חודש אלול.

ו) בראשית א, פסוקים יד—כ.

ז) זעט ר"נ ראש השנה טז, א און כז.

**פון וואָס פאַר אַ מאַטעריע זיינען די שטערנס?**

פון פייער, ח).

**פון וואַנען אורשפּרונגען די שטערנס?**

ווען דער בעשאַפער האָט באַשטראָפט די לבנה, איז זי געפאַלן אראָפּ, און פונקען זיינען געפאַלן מיט איר אויף דעם פאַרשפּרייט, און פון זיי זיינען עס געוואָרן די שטערנס, ט).

**דער פסוק זאָגט „ויתן אותם אלקים ברקיע השמים", י). ויתן איז דאָך די טייטש און ער האָט געגיבן. איינער גיט עפּיס דעם צווייטן. וואָס זשע פאַר אַ זין האָט „ויתן" דאָ?**

סע מיינט אַז ער האָט איין געאָרדנט, באַזעצט זיי אין דעם פאַרשפּרייט פון דעם הימל. ער האָט באַזעצט זיי דאָרט, א). סע איז אַן אייגן אָרטיקער אידיאָם, אויסדרוק אין לשון הקודש. ווי צום ביי שפּיל „את קשתי נתותי בענן", ב) מיין רעגן בויגן האָב איך געגיבן, איין געאָרדנט, באַזעצט אין דעם וואָלקן, ג).

**איז פאַראַן אין דער תורה אַ רמז, אַן אָנדייט אויף מזלות?**

יאָ. את השמים, ד) מיינט אויך די זון, די לבנה, און די מזלות, ה).

**זיינען געוואָרן בעשאַפן דעם פערטן טאָג בעשאַפענישן וועלכע ווערן נישט דערמאָנט אין דער תורה?**

יאָ, דוד המלך'ס טראָן, ו).

---

א; די הערות אין: פר"א, פ"ר, פר"כ און יפה תואר אין ויק"ר אין נאָטע ה.

ח) ירושלמי ראש השנה פרק ב, אָנהייב הלכה ד; פר"כ ג, א, אויסגאַבע אום; פר"א פרק כ, אויסגאַבע אום; במ"ר יב, ח; י"ש וארא קפו. זעט מאור עינים פרק יא, אויסגאַבע ברלין, זייט נד, א.

ט) י"ר בראשית טו, ב.

י) בראשית א, יז.

א) תרגום יונתן בראשית א, יז.

ב) בראשית ט, יג.

ג) אבן עזרא א, יז.

ד) אָנהייב בראשית.

ה) ב"ר א, יד. אין י"ש בראשית ג שטעהט אויך כוכבים, שטערנס.

ו) י"ש ענדע פרשה בראשית.

# דער פיפטער טאָג

## קריכנדיקע בעשאַפענישן

**וואָס האָט דער בעשאַפער בעשאַפן אין דעם פיפטן טאָג?**

ער האָט אָן געהויבן צו בעשאַפן לעבעדיקע בעשאַפענישן. ער האָט באַפעהלט:

„ישרצו המים...", **א**) זאָל דאָס וואַסער ווידמין אַ ווידמינג פון לעבעדיקע בעשאַפענישן.

דער שטייגער פון דער וועלט איז אַז אַ מענטש מאָלט, שאַפט אַ צורה אויף דער טריקעניש, אויף דער ערד. אין וואַסער קאָן ער נישט מאָלן. אָבער דער בעשאַפער פון דער וועלט האָט געמאָלן אין וואַסער. ווי סע שטעהט אין פסוק „ישרצו המים שרץ נפש חיה", **ב**) זאָל דאָס וואַסער ווידמין אַ ווידמינג פון לעבעדיקע בעשאַפענישן, **ג**).

אַ מאַלער קאָן נישט מאָלן אין דער פינצטערניש. אָבער דער אייבערשטער קאָן יאָ, **ג1**) ווי סע שטעהט אין פסוק: „אשר עשיתי בסתר, רוקמתי בתחתיות ארץ", **ג2**) וואָס איך בין געוואָרן געמאַכט אין פאַרבאָרגעניש; אין בין געוואָרן געוועבט אין דער אונטערשטער ערד, נעמלאַך אין דער מוטערס בויך.

אַ מאַלער מאָלט אַ בילד. דער מאַלער שטאַרבט, און דאָס בילד בלייבט. אָבער דער אַלמעכטיקער איז נישט אַזוי. ער מאָלט דעם מענטש. דער מענטש שטאַרבט. אָבער ער לעבט אייביק, **ד**).

אַ מענטש קאָן נישט מאָלן אַ בילד איינערהאַלב אַ בילד. אָבער דער אַלמעכטיקער מאָלט אַ בילד אין דער מוטערס טראַכט, **ה**).

אַ מענטש מאָלט אַ בילד אויף אַ וואַנט, אָבער ער קאָן נישט טון אַריין אין דעם גייסט, נשמה, קישקעס, געדערים. דער הייליגער, געבענטשט זיי ער, איז נישט אַזוי. ער מאָלט אַ געשטאַלט אין אַ געשטאַלט, און ער טוט אַריין אין דעם גייסט, נשמה, קישקעס, געדערים, **ו**).

אַ מאַלער מאָלט נישט דאָס גאַנצע בילד גלייך צייטיק. נאָר ער הייבט אָן פון דעם קאָפּ אָדער פון אַן אַנדער אבר. אָבער דער אייבערשטער איז נישט אַזוי. ער מאָלט דאָס גאַנצע בילד גלייך צייטיק, **ז**).

אַ מענטש עסט, אָבער זיין בילד עסט נישט. דאַקעגן, דער אייבערשטער איז נישט אַזוי. זיין בילד עסט, אָבער ער עסט נישט, **ח**).

אַ מענטש מאָלט אַ בילד, לויבט נישט

---

**א**) בראשית א, כ.

**ב**) בראשית א, כ.

**ג**) מר"י זייטן מא, ב—מב, א; ב"ר אָנהייב פרשה ז; מ"ש ה, ו; שו"ט יח, כו און פו, ג; יל"ה יח, סט און פו, ח; י"ש בראשית יא און תהלים תתלה; זעט תנח. תזריע ב.

**ג1**) שו"ט יח, כו; יל"ה יח, סט, און זעט פאָלגענדיגע קוועלעס ביז נאָטע י.

**ג2**) תהלים קלט, טו, און רש"י, א"ע, רד"ק און מצודות דאָרט.

ד) שו"ט קג, ב; יל"ה קג, ב.

ה) ברכות י, א; מגילה יד, א, אונטן; מ"ש ה, ו; רש"י שמואל א', ב, ב.

ו) ברכות י, א; מגילה יד, א, אונטן; יל"ה אָנהייב מזמור קג. פאַרגלייכט: שו"ט קג, ב; י"ש תהלים תתנו; א"א ה, א זייט 48.

ז) מר"י זייט מב, א, אויסגאַבע אום; יל"ה קג, ב.

**ח**) שו"ט קג, ב; יל"ה קג, ב.

דאָס בילד אים. אָבער אַז דער אייבער־שטער מאַלט אַ בילד, לויבט דאָס בילד אים, ט).

די ווערק פון אַ מענטשנס הענט לעבן אים איבער. אָבער דער אייבערשטער לעבט איבער זיינע ווערק, ט*).

און דאָס אַלץ איז ווייל „ואין צור כאלקינו״, ט1), נעמלאָך אין צייר כאל־קינו. סע איז נישט פאַראַן אַ מאַלער ווי אונזער אייבערשטער, ט2).

**וואָס מיינט „שרץ נפש חיה״, י)?**

יעדער מין, סאָרט בעשאַפעניש, וואָס איז נישט הויך פון דער ערד, ווערט אָן גערופן שרץ. צום ביי שפּיל:

ביי פליענדיקע בעשאַפענישן פליגן;

ביי שקצים, מיאוס׳ע, אום ווירדיקע בעשאַפענישן: מילבן, וואַנצן [?], ווע־רים;

ביי אַנדערע בעשאַפענישן: אַ קרעט, אַ מויז, אַ שנעק און עהנליכע, און די פיש, א).

אגב, רבי חנוך צבי פון בענדין האָט שוין באַמערקט: מיר לערנען אָפּ דער־פון אַז דער מענטש זאָל נישט זיין באַ־העפט צו פיל צו דעם ערדישן. צו דעם חומר׳דיקן, צו דעם מאַטעריעלן. דער מענטש דאַרף זיין אַ ביסעלע העכער פון דער חומר׳דיקער ערד. ער זאָל נישט זיין אין דער מדרגה, אין איין קלאַס, אין דער זעלבער קאַטעגאָריע מיט דעם שרץ. און פאַרשטעהט זיך אַז סע זיינען פאַראַן מדרגות, שטופעס פון „העכער״, מע קאָן זיין אַ ביסעלע העכער, אַ ביסעלע מעהר העכער, און נאָך מעהר העכער...

„נפש חיה״ מיינט אַ בעשאַפעניש וואָס האָט לעבן אין זיך, ב).

**צו וואָס האָט דער בעשאַפער בעשאַפן די קריכנדיקע בעשאַפענישן?**

אַלץ וואָס דער בעשאַפער האָט בע־שאַפן איז נייטיג, ג).

אליהו זכור לטוב האָט געפרעגט עס ר׳ נהוראי׳ן, האָט ער געענטפערט אים: ווען די מענטשן זינדיקן, קוקט דער אַלץ זעענדיקער אויף זיי און זאָגט: מה דאָך אָט די דאַזיקע, וועלאָכע מע דאַרף נישט האָבן, האַלט איך זיי אויף. מכל שכן די מענטשן וועלאָכע מע דאַרף יאָ האָבן, וואָרן ווען זיי טוען תשובה, זיינען זיי דאָך ווי צדיקים גמורים, פערפעקטע צדי־קים, דאַרף איך דאָך געוויס אויף האַלטן זיי. האָט אליהו געזאָגט אים אַז אויך די דאַזיקע דאַרף מען האָבן. די פליג דאַרף מען פאַר דער בין, די וואַנץ פאַר דער פּיאַווקע, דעם שלאַנג פאַר אַ מכה, אַ

---

ט) י״ש תהלים תתנו. זעט אַלע פאַרגע־הענדיגע קוועלעס פון נאָטע ג ביז אַהער.

ט*) ברכות י, א. פאַרגלייכט די נוסחאות ווענן „מעשיו״ און מעשה ידיו אין: מגילה יד, א, אונטן; מ״ש ה, ו; שו״ט יח, אָנהייב כו; ילי״ה אָנהייב מזמור קג; י״ש שמואל א׳ אָנהייב פג.

פאַרגלייכט אַלע קוועלעס פון נאָטע ג ביז אַהער.

אין: ברכות י, א; י״ש שמואל א׳, פג טייטשט עס ר׳ יהודה בר מנסיא. אין מגילה יד, א, אונטן, הייסט עס בר מנשיא.

אין מ״ש ה, ו; שו״ט יח, אָנהייב כו, שטעהט קיין נאָמען.

אין ילי״ה יח, סט שטעהט נישט דער גאַנ־צער טייטש. אין ילי״ה קג, א שטעהט בר מעשה.

ט1) די דאַזיקע ווערטער האָט געזאָגט חנה, שמואל הנביא׳ס מוטער, זעט שמואל א׳ ב, ב.

ט2) ברכות י, א; ילי״ה קג, א. און זעט מגילה יד, א, אונטן.

י) בראשית א, כ.

א) זעט רש״י בראשית א, פסוקים כ און כד. זעט זייט 344, נאָטע ג.

ב) זעט רש״י בראשית א, פסוקים כ, און כד.

ג) שבת עז, ב. זעט ב״ר י, ז.

שנעק פאַר אַ פערד, אַ שפּין פאַר אַ סקאָרפּיאָן, עקדיש, ד).

**פון וואָס זיינען געוואָרן בעשאַפן די שרצים, די קריכנדיקע בעשאַפענישן?**

פון בלאָטע, ה).

**דער פסוק זאָגט „ועוף יעופף על הארץ, על פני רקיע השמים", ו) און פייגל זאָלן פליען אויף דער ערד, איבער דעם הימלס אויס שפּרייט. פון וואָס זיינען געוואָרן בעשאַפן עופות, געפליגלם?**

אויף איין אָרט זאָגט די תורה: „ישרצו המים... ועוף יעופף", ז) די וואַסערן זאָלן ווידמין... און פייגל.

אויף אַ צווייט אָרט זאָגט דער פסוק: „ויצר... מן האדמה... ואת כל עוף...", ח) און ער האָט בעשאַפן [פורמירט] פון ערד... אַלע געפליגלם. און וואַסער געמישט מיט ערד איז בלאָטע. זיינען אַלזאָ די געפליגלם געוואָרן בעשאַפן פון בלאָטע, ט).

## דער לויתן

**דער פסוק זאָגט אַז דער בעשאַפער האָט בעשאַפן „התנינם הגדולים", י). וואָס מיינט עס?**

סע זיינען פאַראַן עטליכע טייטשן:

גרויסע ים פיש, א). און אַלע זעהר גרויסע פיש ווערן אָן גערופן לויתן, ב).

ים אָקסן, ג);

דעם לויתן און זיין פּאָר, ד).

אַלץ וואָס דער בעשאַפער האָט בעשאַפן, האָט ער בעשאַפן פּאָרלאַכווייז, אַן ער און אַ זי, ד1).

**זיינען אַלע מיט דער מיינונג אַז דער לויתן איז געוואָרן בעשאַפן דעם פיפטן טאָג?**

---

ד) שו"ט יח, יב; יל"ה יח, כ.
פאַרגלייכט מיט דעם לשון אין שבת עז, ב, אויבן.

ה) זעט: חולין כז, ב; פר"כ לה, א, אויסגאַבע אום; במ"ר יט, ג; תנח"ב חוקת טו; ל"ט בראשית א, כ. זעט י"ש מלכים א', קעח.

ו) בראשית א, כ.

ז) בראשית א, כ.

ח) בראשית ב, יט.

ט) עירובין כח א; חולין כז, ב; פר"כ לה, א; במ"ר יט, ג; ק"ר כג, ג; תנח. חוקת ו; תנח"ב חוקת טו; מ"א בראשית א, פסוקים כ און כב; י"ש בראשית יב און מלכים א', קעח; רש"י בראשית ב, פסוקים ח און יט; ל"ט בראשית א, כב און זעט פסוק כ; א"ע בראשית ב, יח; בחיי חוקת יט, ב, זייט 184.

זעט אומעטום די פאַרשידענע ווערסיעס און ווער סע זאָגט וואָס, און פאַרגלייכט מיט פ"ר פיסקא יד, זייט ס, ב—סא, א.

ר' שלמה באָבער ז"ל אין זיינע אויסגאַבעס פון מדרש תנחומא חוקת סימן טו און הערה קסז און פר"כ פרשת פרה לה, א הערה פז, אויסגאַבע אום, באַמערקט אַז אין חוליך כז, ב שטעהט „ר' שמואל קפוטקא". אָבער אין מיין גמרא שטעהט **קפוטקאה**. אין פ"ר פיסקא יד, זייט סא, א ערשטע שורה שטעהט **קפודקיא**, און זעט אין די אַנדערע קוועלעס.

אגב, אויף גריכיש מיינט **קפו** באַלקענס, און **דקיא** צוואָנציק. זעט ב"ר סח, יב און מ"כ דאָרט אונטער דעם וואָרט **מן קפוטקיא** וועגן אַ חלום.

י) ב"ר א, כא. זעט: 146, **ח**; 147, **ב**; 326, **ג**.

**א**) רש"י בראשית א, כא. זעט א"ע איוב מ, פסוקים יב און טו.

**ב**) רד"ק בראשית א, כא און זעט רש"י.

ג) בבא בתרא עד, ב און זעט דאָרט רש"י אונטער דעם וואָרט **ארזילי**.

ד) בבא בתרא עד, ב; זהר בא לד, ב, אויבן; בראשית מו, ב אונטן; י"ש איוב תתקכו; רש"י בראשית א, כא. זעט ת"ת בראשית א, כא, סימן נו. זעט בחיי בשלח טז, ד.

ד1) ב"ב עד, ב; י"ש איוב תתקכו אָנהייב קאַפּיטל מ; בחיי בראשית א, כא; רקאַנטי בראשית יא, ג; י"ר יג, ב; כלי יקר בראשית לא, לא.

ניין. סע איז פאַראַן אַ מיינונג, אַז ער און זיין פּאָר זיינען געוואָרן בעשאַפן דעם צווייטן טאָג, ד2).

**איז דער לויתן אַ ריינער פיש?**

יאָ, ד3).

**ווי אַזוי האָבן דער לויתן און זיין פּאָר געלעבט זיך?**

ווען דער לויתן און זיין פּאָר וואָלטן געווען פאַרקעהרט, וואָלטן זיי געווען געמאַכט חרוב, פאַרניכט די גאַנצע וועלט. וואָס זשע האָט געטון דער היי־ליגער ברוך הוא. ער האָט קאַסטרירט, אוים כאַראַשעט דעם זכר, דעם ער, ה). ער האָט געטויט די נקבה, די זי און איין געזאַלצן זי פאַר די צדיקים לעתיד לבא, אויף דער קומענדיקער וועלט.

לויט אַן אַנדער מיינונג: ער האָט געטויט אים און איין געפרוירן זי, ו).

מען זעט דערפון אַז איין פרירן, איין זאַלצן עסנוואַרג, איז שוין אַזוי אַלט ווי דער וועלט בעשאַף. לכל הפחות האָט שוין די גמרא געוויסט פון דעם.

ווען ער ווערט הונגעריק לאָזט ער אַרוים אַ היץ פון זיין מויל, און ער מאַכט זידן אַלע וואַסערן אין דער טי־פעניש פון דעם ים. ווי דער פּסוק זאָגט: „ירתיח כסיר מצולה", ו1) ער מאַכט זידן ווי אַ טאָפּ די טיפעניש, ו2).

אגב, אויך דער לעגענדאַרישער פויגל בר יוכני, וועלאַכער איז אָן געגרייט פאַר די צדיקים אויף יענער וועלט, איז גע־וואָרן בעשאַפן דעם פיפטן טאָג, ז). ער איז אַזוי גרוים, אַז ווען זיינס אַן איי איז געפאַלן אַראָפּ, האָט עס פאַרטרענקען זעכציק שטעט, און צעבראָכן דריי הונ־דערט צעדער ביימער, ח).

**פון וואָס האָט ער בעשאַפן דעם לויתן און זיין פּאָר?**

פון ליכט מיט וואַסער, ט).

**ווי אַזוי זעט אוים דעם לויתן'ס הויט?**

די קאָלירן, די פאַרבן פון זיין הויט, זיינען אַזוי בליאַסקענדיק אַז זיי פאַר טונקלן דעם זון ראָד, ט*).

לויט נאָך אַ מיינונג האָט דער לויתן געהאַט קיין פּאָר. דאָס ווערט געלערנט אַרוים דערפון וואָס התנינם, י) שטעהט אָהן אַ „י" פאַר דעם ם, א).

ד2) י"ר בראשית יז, ב, פון מדרש כונן.

ד3) חולין ענדע פרק ג.

זעט: פ"ר אָנהייב פּיסקא טז; ויק"ר ענדע פרשה כב; י"ש ענדע איוב.

זעט וועגן שחיטה: ויק"ר יג, ג; י"ש שמואל ב', ענדע קסא.

ה) בבא בתרא עד, ב; זהר בראשית לד, ב, אויבן און מו, ב, אונטן; מ"א בראשית א, כא; יל"ה כד, עג; ילה"י ס, ג; י"ש בראשית יב און ישעיה תלד; רש"י, רמב"נ ל"ט; בעה"ט בראשית א, כא; מה"ג,א', א, כא, זייט 44; י"ס בראשית ג, ז; בחיי בראשית א, ענדע פּסוק ד און פּסוק כא; אבודרהם יט, ב; י"ר יח, א פון זהר פרשה בא; עקידה שער ד, זייט לט, א; רקאַנטי בראשית ז, א; ת"ת בראשית א, כז, סימן כג.

זעט זהר בא לד, ב, און באַמערקט דאָרט וואָס סע טוט זיך ווען ער פאַרלירט די שיבן. און זעט דאָרט ערשטע שורה.

זעט אומעטום ווער סע זאָגט וואָס.

ו) ב"ב עד, ב און רש"י דאָרט; י"ש איוב תתקכו, אָנהייב קאַפּיטל מ. זעט זהר בא, לד, ב, אונטן; בעה"ט בראשית א, כא.

ו1) איוב מא, כג.

ו2) ב"ב עה, א, אויבן; י"ש איוב ענדע תתקכו.

ז) בחיי בשלח טז, ד.

ח) בכורות נז, ב. זעט רש"י יומא פ, א אונטער דעם וואָרט **דבר יוכני**; רש"י סוכה ה, ב, ערשטע שורה.

ט) י"ר בראשית יז, ב פון מדרש כונן.

ט*) י"ש איוב אָנהייב תתקכו.

י) בראשית א, כא.

א) זעט ב"ר ז, ד און מהרז"ו דאָרט. אָבער

**וואָס איז געוואָרן, אָדער וועט ווערן פון דעם לויתן?**

ער וועט ווערן געשאָכטן פאַר דער גרויסער סעודה פאַר די צדיקים, ב).

**וואָס וועט ווערן פון זיין הויט?**

דער אייבערשטער וועט מאַכן פון איר אַ סוכה פאַר די צדיקים אויף יענער וועלט, ב*).

סע איז פאַראַן אויך אַ מיינונג אַז דער לויתן און זיין פאַר זיינען געוואָרן בעשאַפן דעם צווייטן טאָג, ג).

**וואָס איז דעם בעשאַפערס באַציאונג צו דעם לויתן?**

ער שפּילט זיך מיט אים טאָג טעגלאַך, ג1).

**וואָס איז די מלאכים'ס באַציאונג צו דעם לויתן?**

זיי האָבן מורא פאַר אים. ווען זיי דערזעען אים, אַנטלויפן זיי, ג2).

סע איז פאַראַן אַ מיינונג אַז דער מלאך גבריאל וועט פאַנגען, כאַפּן דעם לויתן . . . , ג3).

לויט אַן אַנדער מיינונג וועט יונה הנביא כאַפּן אים:

ווען דער פיש האָט איין געשלינגען יונה'ן, איז ער געשטאַנען אין אים ווי אַ מענטש שטעהט אין אַ גרויסער שול. צוויי אויגן ווי ליכטיקע פענצטערס, לויט אַן אַנדער מיינונג: אַ פּערל אין דעם פיש'עס געדערים, האָבן געלויכטן יונה'ן אַזוי ווי די זון שיינט ביי טאָג. און אַזוי אַרום האָט יונה געזען אַלצדינג וואָס סע געפינט זיך אין דעם ים, און אין די אָפּ גרונטן.

און דער פיש האָט געזאָגט צו יונה'ן: צי ווייסטו דו דען נישט אַז סע איז געקומען מיין טאָג דער לויתן זאָל פאַרצעהרן מיך. האָט יונה געהייסן פירן זיך צו דעם לויתן.

און יונה האָט געזאָגט צו דעם לויתן: צוליב דיך האָב איך געניד ערט אַראָפּ אַהער, צו זען וואו דו האַלטסט דיך אויף. וואָרן איך וועל טון אַרויף דעם שטריק אויף דיין צונג, ג4) צו ברייגגען דיך אַרויף, און קוילענען דיך פאַר דער גרויסער סעודה פאַר די צדיקים. יונה האָט געוויזן אים אברהם אבינו'ס חתימה, דעם אות ברית. און דער לויתן איז אַנטלאָפן פון יונה'ן אַ מהלך פון צוויי טעג, ג5).

**איז לויתן אַ תלמוד'יש וואָרט?**

ניין. סע געפינט זיך שוין זעקס מאָל אין תנ"ך, ד).

פאַרגלייכט מיט: יפה תואר ויק"ר יג, ג; פר"א ענדע פרק ט און רד"ל דאָרט; שו"ט קד, כג; יל"ה קד, עה; י"ש שמואל ב' קסא.

ב) אין ב"ב עה, א: אמר רבה אמר ר' יוחנן. אין י"ש איוב אָנהייב תתקכז: אמר רבה בר בר חנה. פאַרגלייכט פר"א פרק י און רד"ל דאָרט; בחיי בראשית א, כא; פרו"ר בראשית זייט ה.

אַז דאָס מיינט נישט סתם אַן פילן דעם בויך, מאָגן, מיט שפייז, זעט בחיי דאָרט.

ב*) ב"ב עה, א; י"ש איוב אָנהייב תתקכז.

ג) י"ר בראשית יז, ב, פון מדרש כונן.

ג1) פר"א ענדע פרק ט; שו"ט קד, כג; יל"ה קד, עה.

ג2) י"ש איוב אָנהייב תתקכז.

ג3) ב"ב עה, א, ערשטע שורה; י"ש איוב ענדע תתקכו. זעט זייט 272, נאָטע ה*.

ג4) אין איוב מ, כה שטעהט: „תמשוך לויתן בחכה, ובחבל תשקיע בלשונו, דער איבערשטער זאָגט איוב'ן: ווע סט דו דען קאָנען ציען דעם לויתן מיט דער ווינטקע, און מיט דעם שטריק... זיין צונג!

ג5) פר"א פרק י און רד"ל דאָרט סימנים מח—נז. זעט: זהר בשלח מח, א, אויבן; י"ש איוב תתקכו, קאַפּיטל מ.

ד) אין: תהלים עד, יד און קד, כו; ישעיה כז, א צוויי מאָל; איוב ג, ח און מ, כה.

**פון וואָס זיינען געוואָרן בעשאַפן די פיש?**

פון וואַסער, ה).

**ביי די ערשטע פיר טעג פון דעם וועלט בעשאַף זאָגט נישט די תורה אַז דער בעשאַפער האָט געבענטשט די בעשאַפונגען, אַז זיי זאָלן מעהרן זיך. פאַר וואָס זשע האָט ער געבענטשט גרוד [גראָד, גראַדע] די שרצים, די פיש און די געפליגלטע?**

ווייל מע פאַנגט, מע כאַפּט זעהר פילע פון זיי, און מע פאַרנוצט זעהר פילע פון זיי צום עסן. און פיש פאַרשלינגען איינע די אַנדערע. ווערט זייער צאָל פיל פאַרמינערט, וויניקער. דערפאַר האָט ער געבענטשט זיי, זיי זאָלן פרוכטפערן און מעהרן זיך אין די וואַסערן. און די געפליגלס זאָלן מעהרן זיך אויף דער ערד, ו).

**דער בעשאַפער האָט געבענטשט די שרצים, די פיש, די געפליגלס. פאַר וואָס האָט ער נישט געבענטשט אויך די בהמות און די חיות. מענטשן עסן דאָך אויך בהמות. און אויך די חיות פאַרציקן דאָך איינע די אַנדערע?**

סע איז געווען אַנטפּלעקט פאַר דעם בעשאַפער אַז דער שלאַנג וועלכער געהערט צו די חיות וועט מאַכן זינדיקן אדם'ן און זיין ווייב. און דורך דעם וועט נידערן אַראָפּ טויט אויף דער וועלט. און ער וועט שעלטן דעם שלאַנג דערפאַר. האָט ער, דעריבער, נישט געבענטשט זיי.

וואָרן ווען ער וואָלט יאָ געווען געבענטשט זיי, וואָלט דאָך אויך דער שלאַנג געווען געוואָרן אַריין גערעכנט אין דער ברכה. וואָלט ער דאָך שוין נישט געווען געקאָנט שעלטן אים שפּעטער.

און אָט אים מיינט דער פסוק „וחוטא אחד יאבד טובה הרבה", ז) איין זינדיקער פאַרניכט פיל גוטס. וואָרן דורך דעם שלאַנג זיינען דאָך אַלע בהמות, חיות און די קריכנדיקע בעשאַפענישן נישט געוואָרן געבענטשט, ח).

**זיינען פאַראַן זאַכן וועלכע זיינען געוואָרן בעשאַפן דעם פינפטן טאָג, און זיי נען נישט רעקאָרדירט, אוים גערעכנט אין דער תורה?**

יאָ, בליצן, ט).

סע איז פאַראַן אַ מיינונג אַז די מלאכים זיינען געוואָרן בעשאַפן דעם פינפטן טאָג, י).

---

ה) חולין כז, ב; מ"א בראשית א, כב.

ו) מ"א בראשית א, כב; רש"י, בחיי, אור החיים, ספורנו, בראשית א, כב; און זעט רמב"ן דאָרט.

ז) קהלת ט, יח.

ח) מ"א בראשית א, כה; רש"י בראשית א, כב.

אין מדרש תנחומא בראשית א, ד שטעהט: „וכן כשברה [סע דאַרף שטעהן כשברא] את החיות ואת העופות, ויברך אותם אלקים". איז כדאי צו באַמערקן אַז אין פסוק שטעהט נישט אַז ער האָט געבענטשט די חיות, און דער מדרש אגדה פרעגט דאָך שוין „ולמה לא ברכן..." פאַר וואָס האָט ער נישט געבענטשט די חיות ווי ער האָט געבענטשט די געפליגלס. און רש"י בראשית א, כב באַהויפּט „ואף החיות הוצרכו לברכה אלא...", און אויך די חיות האָבן געהאַט בייטיק אַ ברכה, נאָר...

ט) י"ש ענדע פרשה בראשית.

י) זעט ב"ר א, ג, און ג, ח; תנח"ב אָנהייב בראשית און סימן יב; ילמדנו בראשית א; שו"ט ב, לג; כד, ד און פו, ד; יל"ה כד, ב; מד, כד; פו, יב; קד, טו; ילה"י מד, כד; י"ש בראשית ה; ישעיה תס; תהלים אָנהייב תתלו; מה"ג,א' ו, זייט 24; רקאַנטי בראשית ו, א; י"ר בראשית ח, ג; ויקרא לח, ג. און זעט אומעטום ווער סע זאָגט וואָס.

**פאַר וואָס שטעהט נישט ביי דעם פיפטן טאָג „ויהי כן" און סע איז געווען אַזוי?**

אפשר דערפאַר ווייל דער בעשאַפער האָט גע'הרג'עט דעם לויתן'ס פּאָר, און ער האָט איין געזאַלצן זי פאַר די צדיקים לעתיד לבוא, פּאַסט זיך נישט צו זאָגן „און סע איז געווען אַזוי", **א)**.

אגב, דער בעשאַפער האָט געזאָגט צו די רשעים: איך האָב בעשאַפן דעם אור־גיוועדם מיט ויהי כן, **א*)**.

---

לויט אַן אַנדער מיינונג זיינען זיי געוואָרן בעשאַפן דעם צווייטן טאָג.

זעט ווער סע זאָגט וואָס אין אַלע פאָלגענדיקע קוועלעס:

ב"ר א, ג; ג, ח; יא, ט; ש"ר טו, כב; תנח. חיי שרה ג; תנח"ב אָנהייב בראשית און אויך סימנים יב און יז הערה קיד; תרגום יונתן בראשית א, כו; מדרש כונן; פּר"א אָנהייב פּרק ד; פּרא"א, 6 ערשטע שורה; מר"א כ, זייט 374; שו"ט ב, לג; כד, ד; פו, ד און קד, ז; יל"ה כד, ב; מד, כד; פו יא, יב, קד ב, ה, טו און יט; ילה"י מג, יא; ילמ"ד א', א; ילמ"ד ד', סד; מה"ג,א' ו, זייט 24; שלשה ב, לא; י"ש בראשית ה און ענדע טז; תהלים אָנהייב תתלו; רש"י בראשית א, ה; רש"י ראש השנה לא, א אונטער דעם וואָרט **ושליט**; בחיי בראשית א, כא; ג, כד; רקאַנטי ו, א; י"ר בראשית ח, ג; וירא לח, ג.

וועגן נאָך מיינונגען זעט דאָס קאַפּיטל **מלאכים** זייטן 247—222.

**א)** רמב"ן בראשית א, כא.

**א*)** שו"ט א, כא; יל"ה א, ל; י"ש בראשית ז, תהלים תריח און משלי תקנג.

# דער זעקסטער טאָג

## בעשאַף פון בהמות, קריכנדיקע, חיות, אדם׳ס גייסט

די תורה זאָגט „תוצא הארץ, ב) די ערד זאָל ברייננגן אַרוים לעבעדיקע בעשאַפענישן. דאָס ווערט דאָך שוין דער־מאַנט פריער. און וואָס עפּים דער לשון „תוצא". סע וואָלט דאָך בעדאַרפט שטעהן ויברא, און ער האָט בעשאַפן, ג)?

אַלע זאכן, אלצדינג איז געוואָרן בע־שאַפן אין דעם ערשטן טאָג. סע איז געוועזן בלויז נייטיק צו ברייננגן אַרוים זיי. דעם זעקסטן טאָג האָט דער בע־שאַפער באַפעהלט „תוצא הארץ...", די ערד זאָל ברייננגן אַרוים זיי, ד).

אַזוי צום ביי שפּיל: ער האָט בע־שאַפן די ליכטער אין דעם ערשטן טאָג. אָבער איין געאָרדנט זיי האָט ער ערשט אין דעם פערטן טאָג, ה).

**וואָס מיינט „נפש חיה", ו)?**

סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע טייטשן:

אַ לעבעדיק בעשאַפעניש, אַ קערפּער וועלאַכער האָט לעבן אין זיך, ז).

אדם הראשון׳ס גייסט, ח);

דער שלאַנג וועלאַכער האָט אָן גערעד חוה׳ן צו עסן פון די פאַרבאָטענע פרוכטן, ט).

שדים. דער בעשאַפער האָט בעשאַפן זייערע נשמות. ווען ער האָט געהאַלטן ביי דעם בעשאַפן זייערע קערפּערס, האָט ער געהייליקט דעם שבת, און ער האָט נישט בעשאַפן זיי, י).

**פון וואָס זיינען געוואָרן בעשאַפן די בהמות?**

פון טריקענער ערד, א).

**וואָס מיינט „ורמש", ב)?**

שרצים, בעשאַפענישן וועלאַכע זיינען נידעריק, ניט הויך פון דער ערד. זיי קריכן אויף דער ערד. סע זעט אוים ווי זיי שלעפּן זיך אויף דער ערד, וואָרן סע איז נישט צו דערקענען, באַמערקן זייער געהן, ג).

**פון וואָס זיינען געוואָרן בעשאַפן די פעלד חיות?**

פון בלאָטע, ד).

---

ב) בראשית א, כד.

ג) שפתי חכמים בראשית א, כד.

ד) תנח״ב אָנהייב בראשית, און זעט דאָרט הערה ו; מ״א בראשית א, יב; י״ש בראשית ענדע ה, און זעט דאָרט דעם ענטפער וועלאַכן רבי יוסי בן חלפתא האָט געגיבן דער מאַט־ראָנע אויף איר פראַגע אין וויפל טעג דער בעשאַפער האָט בעשאַפן די וועלט; רש״י בראשית א, פסוקים יד און כד, און ב, ד; ליקוטי זייט 155; בחיי בראשית א, א; י״ס בראשית ב, זייט ד, א.

ה) חגיגה יב, א.

ו) בראשית א, כד.

ז) רש״י בראשית א, כד.

ח) ב״ר ענדע פרשה ז, און זעט מהרז״ו דאָרט, און ח, א; ויק״ר און תנח. אָנהייב תזריע; תנח״ב תזריע ב; שו״ט קלט, ה; יל״ה קלט, יב; י״ש בראשית יב; בחיי בראשית א, כד. זעט רמב״נ בראשית א, כו.

ט) ב״ר ענדע פרשה ז; בחיי בראשית א, כד.

י) ב״ר ענדע פרשה ז.

א) חולין כז, ב; פר״כ זייט לה, א; במ״ר יט, ג; ק״ר ז, פסוק כג, ג; תנח. חוקת ו; תנח״ב חוקת טו; י״ש בראשית יב און מלכים א׳, קעח.

ב) בראשית א, כד.

ג) רש״י בראשית א, כד. זעט רש״י בראשית א, כ.

זעט זייט 388, נאָטע א.

ד) זעט: חולין כז, ב; תנח״ב חוקת טו; ל״ט בראשית א, כ.

**וואָס מיינט „ויעש אלקים את חית הארץ", ה) און דער בעשאַפער האָט געמאַכט [בעשאַפן] די חיות וועלאַכע געהען אויף דער ערד, ו)?**

ער האָט געמאַכט זיי לויט דעם געשטאַלט וואָס זיי האָבן געווינטשט; מיט זייער אוים בעסערונג, פאַרבעסערונג, מיט זייער הויך. די חיה און די בהמה זיינען נישט געוואָרן בעשאַפן קליין און זיינען אוים געוואָקסן. זיי זיינען געוואָרן בעשאַפן מיט זייער פולער, גאַנצער הויך. און נאָך וואָס: ווען ער וואָלט געוועזן געפרעגט זיי צי זיי זיינען ווילק צו ווערן בעשאַפן, וואָלטן זיי געוועזן געענטפערט „יאָ", ז).

אלע בעשאַפענישן זיינען געוואָרן בעשאַפן לקומתן, לדעתן, לצביונן, ח).

צביון ווערט געטייטשט שעהן, זייער שעהנקייט, פון דעם וואָרט צבי, ווי „צבאות לעטרת צבי", ט). דער שטייגער פון בהמות, חיות און געפליגלס איז, אַז מיט זייער ווערן עלטער ענטוויקלט זיך זייער וואוקס, זייער פערשטאַנד און זייער געשטאַלט. ביי דעם וועלט בעשאַף, זיינען זיי געוואָרן בעשאַפן מיט זייער פולן וואוקס, פערשטאַנד און מיט זייער פולער שעהנקייט, י).

ארץ ישראל ווערט באַצייכנט מיט צבי, י*).

**איז צבי שטענדיג די טייטש שעהן?**

ניין. סע איז אויך די טייטש אַ הירש, ווי צום ביי שפיל „הוי... רץ כצבי", א) לויף ווי אַ הירש.

אַוועק לעגן געלד „על קרן הצבי", מיינט בעהאַלטן אָדער אינוועסטירן געלט, נישט זייענדיק זיכער צי מע וועט נאָך זען עם אַ מאָל צוריק, א*). סע ווענד זיך אין דעם אינהאַלט פון דעם זאַץ.

ווי זאָגט דאָס פאָלק ווערטל: סע ווענד זיך וואו דער „חמור" שטעהט איין. שטעהט ער אין קעלער איז ער ווייַן. שטעהט ער אין שטאַל איז ער אַן אייזל.

**דער פסוק זאָגט: און דער בעשאַפער האָט געזען „את כל אשר עשה והנה טוב מאד", ב) אַז אַלץ וואָס ער האָט געמאַכט איז זעהר גוט. ער האָט דאָך בעשאַפן אויך דעם גיהנם. נו, איז דען דער גיהנם גוט?!**

די רשעים, בייזוויכטן ווערן גע'משפט אין גיהנם צוועלף חדשים, ג). דער גיהנם

---

ה) בראשית א, כה.

ו) זעט „פירוש לתורת אלקים" אין חומש בית יהודא.

ז) זעט: רש"י חולין ס, א, אונטער דעם וואָרט לצביונם און דעם ערשטן תוספות דאָרט; רש"י ראש השנה יא, א, אונטער דעם וואָרט לדעת און תוספות דאָרט אונטער דעם וואָרט לקומתן; שפתי חכמים בראשית א, כה. י"ר בראשית כה, ב; מהרש"א חולין ס, א.

ח) ראש השנה יא, א. אין חולין ס, א: בקומתן... בדעתן... בצביונן.

זעט: רש"י א, כה. אין ברלינר'ס עדיציע פון רש"י שטעהט בלויז „בצביונם ובקומתן"; בחיי אַנהייב פרשה שופטים; רד"ק בראשית א, יד.

ט) ישעיה כח, ה.

י) תוספות ראש השנה יא, א אונטער דעם וואָרט לקומתן. זעט רש"י דאָרט אונטער דעם וואָרט בצביונם.

זעט פאָרגעהענדיגע נאָטן ז און ח.

צבא אין אַראַמעאיש מיינט וועלן, גליסטן, ווי צום ביי שפיל „ולמן די יצבא" [דניאל ד, יד], ווער סע וועט וועלן.

י*) זעט: ירמיה ג, יט און רש"י דאָרט; יחזקאל כ, ו; דניאל ח, ט און רש"י, א"ע דאָרט; יא, טז און רש"י, א"ע דאָרט.

א) אבות פרק ה. זעט כתובות קיב, א.

א*) ירוש. כתובות פרק יג אַנהייב הלכה ב; כתובות קז, ב.

ב) בראשית א, לא.

ג) שבת לג, ב; עדיות פרק ב, משנה י; י"ש מלאכי תקצג.

לייטערט זיי. זיי ווערן ריין פון זינד. און דאָס איז דאָך גוט, ד).

**אגב, מיט וואָס דעקן די רשעים זיך צו אין גיהנם?**

מיט פינצטערניש, ה).

**אויף דעם פּסוק „והנה טוב מאד", ו) זאָגן אונזערע חכמים ז"ל אַז דאָס מיינט דעם מלאך המות. ווי קומט עס אַז דער מלאך המות זאָל ווערן באַצייכנט מיט „טוב מאד", ז)?**

סע זיינען פאַראַן עטליכע ערקלערונגען:

ווען דער מענטש פּראַקטיצירט מצוות און מעשים טובים, גוטע טאַטן, איז דער מלאך אַ מלאך חיים, אַ מלאך פון לעבן. ווען איינער פּראַקטיצירט נישט גוטע טאַטן, דענצמאָל איז דער מלאך אַ מלאך המות, אַ מלאך פון טויט, ח).

סע מיינט דעם יצר הרע, אַמביציע. ווייל אָהן דעם וואָלט אַ מענטש נישט געבויעט אַ הויז. ער וואָלט נישט געהאַט חתונה. ער וואָלט נישט געבראַכט קינדער אויף דער וועלט. וואָלט דאָך די וועלט געוואָרן חרוב, פאַרניכט. דערפאַר איז עס גוט, ט).

אין רבי מאיר'ס תורה האָט מען געפינען געשריבן „והנה טוב מות", ט1).

טוב מאד מיינט שלאָפן;

טוב מיינט יצר טוב;

מאד מיינט יצר הרע;

טוב מיינט די מדה פון גוטס;

מאד מיינט די מדה פון יסורין, דורך דעם קומט מען אויף יענער וועלט;

טוב איז גן עדן;

מאד איז גיהנם;

טוב מיינט מלאך פון לעבן;

מאד איז מלאך פון טויט;

טוב איז די מידה פון גוטס;

מאד איז די מידה פון אומגליק, שטראָף;

מאד ענטהאַלט די זעלבע אותיות ווי אדם;

טוב איז מלכות שמים, הימלישע הערשאַפט;

מאד איז מלכות הרומיים, רומישע הערשאַפט; מלכות הארץ, ערדישע הערשאַפט, ט2).

סע באַציט זיך נישט בלויז אויף דעם מענטשנס טויט. סע מיינט אויך דעם פאַרניכט און שאָדן פון אַלצדינג וואָס סע געפינט זיך אין דער וועלט. וואָרן טויט מיינט אויך יעדער סאָרט פאַרלענדונג, יעדער מין פאַרניכט, יעדע אַרט ווערן קאַליע, צעבראָכן, צעריסן. ווי די גמרא דריקט אויס זיך וועגן „כלים שבירתן זו היא מיתתן", י) דאָס ווערן צעבראָכן פון כלים, דאָס איז זייער טויט.

און אָהן „טויט", שאָדן וואָלט די וועלט נישט פּראָגרעסירט, נישט ענטוויקלט זיך מעהר און מעהר, נישט פאָרגעשריטן מעהר און מעהר. יעדע נייע ערפינדונג, יעדע נייע ענטדעקונג איז דער פּועל יוצא, דער רעזולטאַט פון אַ שאָדן, פון אַ פאַרלוסט, פון אַ נייטיקייט.

---

ד) זעט: ב"ר ט, ט; תדא"ר פּרק לא; „רזא דמאיר" אין פענח רזא, בראשית ז, ב, סימן ט; ת"ת בראשית א, לא, סימן סז.

ה) ש"ר יד, ב.

ו) בראשית א, לא.

ז) ב"ר ט, י. זעט: ל"ט, בחיי, רד"ק אויף בראשית א, לא.

ח) ב"ר ט, י.

ט) זעט די נוסחאות, ווערסיעס, אין: ב"ר ט, ז; ק"ר ג, יא, ג; שו"ט ט, א; יל"ה ט, א; י"ש בראשית טז און קהלת תתקסח; בחיי בראשית א, לא; רד"ק בראשית א, לא.

ט1) ב"ר ט, ה; זעט ק"ר ג, יא, סימן ג; י"ש בראשית טז.

זעט באַנד ג, ביי **אדם, כתנות עור.**

ט2) ב"ר ט, ה ביז ענדע פּרשה; י"ש בראשית טז; בחיי בראשית א, לא.

י) בבא קמא נד, א.

און אַט דאָס איז אויסן דער טייטש, ביי דעם ענד פון דעם וועלט בעשאַף, אַז „טוב מאד" מיינט טויט: טויט אין דעם ברייטערן, אַלגעמיינעם זין. סע מיינט: פאַרלענדונג, שאָדן, פאַרניכט אין אַלע זיינע פאַרשידענע פאַרמען, פאַזן.

וואָרן אַט דער „טויט", שאָדן, פירט צו נייע ענטדעקונגען ערפינדונגען, וועלכע מאַכן אין געוויסע הינזיכטן, אין געוויסע פאַלן, דאָס אַלטעגליכע לעבן באַקוועמער, איין גנעמער, צו פרידענער, א).

ער האָט בעטראַכט אַלע זיינע שאַפונגען צי מע דאַרף אויס בעסערן עפּיס, און ער האָט געזען אַז אַלץ איז געווען פערפעקט, ב).

**דער פסוק זאָגט „כי ששת ימים עשה ה' את השמים ואת הארץ", ג) סע וואָלט דאָך בעדאַרפט שטעהן בששת?**

דאָס ווינקט אָן אויף די זעקס טויזנט יאָר וואָס די וועלט דאַרף שטעהן. דעם אייבערשטנס טאָג איז טויזנט יאָר, ד).

## בעשאַפונגען נישט רעקאָרדירט אין דער תורה

**זיינען פאַראַן זאַכן וועלכע זיינען געוואָרן בעשאַפן דעם זעקסטן טאָג פון דעם וועלט בעשאַף, און זיי זיינען נישט רעקאָרדירט, נישט דערמאָנט אין דער תורה?**

יאָ, דער שור הבר וועלכן די צדיקים וועלן עסן אויף יענער וועלט, ה). אין גמרא ווערט ער באַצייכנט מיט „שור המדבר", ו).

ער איז געוואָרן בעשאַפן אין יעקב אבינו'ס זכות, ו*).

סע איז פאַראַן אַ מיינונג אַז צען זאַכן, ז) זיינען געוואָרן בעשאַפן ערב

א) זעט ת"ת בראשית א, לא, סימן סז.

ב) רשב"ם בראשית א, יד, שמות ב, ב. אויסגאַבע אום.

ג) שמות כ, יא און לא, יז.

ד) אַז דעם אייבערשטנס טאָג איז טויזנט יאָר, איז געבויעט אויף דעם פסוק: „כי אלף שנים בעיניך כיום אתמול כי יעבור", תהלים צ, ד. זעט ווער סע זאָגט וואָס וועגן דעם, און וועגן דער וועלטס זעקס טויזנט יאָריקער עקזיסטענץ אין:

תדא"ר אָנהייב פרק ב; פ"ר פיסקא א, זייט ד, א—ב און פיסקא מ זייט קסז, א; ר"ה לא, א; סנה. צז, א, לעצטע דריי שורות און רש"י דאָרט; ע"ז ט, א; ב"ר ח, ב און יט, ח; ויק"ר אָנהייב פרשה יט; במ"ר ה, ענדע ד און יד, יב; שי"ר ה, אָנהייב פסוק יא; תנח. וישב ד און וילך ב; מ"ש ה, ב; שו"ט צ, יב און יז; יל"ה צ, ז, יב און כו; י"ש תהלים תתו; רש"י תהלים צ, ד; רמב"ן בראשית ב, ג; בחיי בראשית ב, ג; שכ"ל ה, ב, אונטן.

ה) פר"א פרק א.

ו) בבא קמא מד, ב, ערשטע משנה. זעט כלאים ענדע אַכטן פרק אין בבלי, ירושלמי.

ו*) זעט: איוב מ, טו און רש"י, א"ע, רלב"ג און מצודות דאָרט; ויק"ר ענדע פרשה כב; שו"ט יח, כה.

ווי אַזוי דער לויתן מיט דעם שור הבר וועלן ווערן גע'שחט'ן, זעט: ויק"ר יג, ג; י"ש שמואל ב', קסא.

דער לויתן איז אַ ריינער פיש, חולין סז, ב.

זעט פ"ר אָנהייב פיסקא טז; ויק"ר ענדע פרשה כב; י"ש ענדע איוב.

ז) אָן געגיבן לויט משניות תפארת ישראל.

פאַרגלייכט ביי יעדער איינער פון די אויס גערעכנטע בעשאַפונגן די פאַרשידענע נוסח־אות, ווערסיעס, און ווער סע זאָגט וואָס אין:

אבות פרק ה, משנה ו אין ש"ס, און זעט דאָרט: רש"י, רמב"ם און רבינו יונה; אבות אין משניות פרק ה, משנה ו און זעט דאָרט: ברטנורה, עיקר תוספות יום טוב, תפארת ישראל, אויסגאַבע אום; משניות יכין ובועז; אר"נ נוסחא א, פרק ב; אר"נ נוסחא ב, פרק לז; מר"י בשלח, זייט נא, א, אויסגאַבע אום; ספרי הברכה, פיסקא שנה, אויסגאַבע אום;

שבת, אָוונד דעמערונג צייט, פון דעם וועלט בעשאַף:

**פי הארץ**, די עפענונג פון דער ערד וואָס האָט איין געשלינגען קורח'ן און זיינע נאָך פאָלגערס, ח);

**ופי הבאר**, ט) און מרים'ס ברונעם, אַ קיילעכדיקער פעלז וועלכער האָט געקאַטשעט זיך נאָך די אידן און באַגלייט זיי אין דער מדבר ביז איר פּטירה, י);

אגב, פונקט ווי דער מן האָט געהאַט די טעמים פון אַלערליי שפּייזן, עסנוואַרגן, א) אַזוי האָט אויך דער ברונעם געהאַט די טעמים פון כל'ערליי סאָרטן, מינים געטראַנקן, ב).

**ופי האתון**, ג) און בלעם'ס אייזל'ס מויל. סע איז געוואָרן גוזר אויף דעם אייזל, סע זאָל עפענען דאָס מויל און שפּאַרן זיך מיט בלעם'ן, ד).

**והקשת**, און דער רעגן בויגן. ער איז אַ צייכן פאַר די אידן אַז זיי קומט חלילה אַ שטראָף. אָבער דער באַרם האַרציקער אין זיין באַרם האַרציקייט, האַלט זיין צו זאָג נישט צו ברייננגן מעהר אַ מבול אויף דער וועלט, ה).

---

פסחים נד, א אויבן און אונטן; פר"א פרקים ג, יט, לא און מ, אויסגאַבע אום; מת"נ זייט 219; ב"ר ז, ה; כד, ד און לא, יג; תנח. וירא ענדע כג און שלח יד; תרגום יונתן כב, כח; זהר משפטים קיג, ב;

מ"ע; מ"ע,ב'; אבד"ע; אבד"ע,ב; אבד"ע,ג; פרה"ק י, ד; נסא"ז זייט 53; מ"א וירא כב, יג; י"ש שמות רמז, בשלח רסא און הברכה תתקסב; ש"ט וירא כב, יג; שמות ד, יז און וארא ז, ט; מה"ג,א' ט, יג; מה"ג,ב', ב, 59 און זייט 178, לעצטע שורה; ל"ט בראשית ב, ג; בשלח טז, לג און בלק זייט קכג; יל"ה יח, יד און לד; רש"י בראשית כב, יג און דברים לד, ו; בחיי בשלח יד, כז; י"ר תשא א—ב; סיב"י קצד, א; תורה א', 27 און זייט 100; ישמעאל ג, ז.

אין פרקי רבי אליעזר פרק ג שטעהט אַז אַכט זאַכן זיינען געוואָרן בעשאַפן „ביום השני", דעם צווייטן טאָג: „הבאר, והמן, והמטה, והקשת, והכתב, והמכתב, והכתונת, והמזיקין". אָבער דאָס זעט אויס צו זיין אַ קאָפּירערס טעות. סע איז געשטאַנען **ביה"ש**, די ראשי תיבות פון **בין השמשות**, האָט דער קאָפּירער געמיינט אַז דאָס מאַכט **ביום השני**. זעט דאָרט רד"ל סימן לג.

ח) רש"י און רבנו יונה, אבות פרק ה, משנה ו; פסחים נד, א, אונטן, און רש"י דאָרט, אונטער דעם וואָרט **לבלוע**.

ט) אבות פרק ה, משנה ו. אין פסחים נד, א שטעהט **באר**.

י) רש"י שבת לה, א, אונטער דעם וואָרט **כמין**.

לויט רש"י פסחים נד, א, אונטער דעם וואָרט **באר** אויבן, איז עס געווען דער פעלז פון וועלכן סע איז געפלאָסן אַרויס וואַסער דורך משה רבינו'ס שלאָגן אים. פאַרגלייכט מיט רש"י, אבות פרק ה, משנה ו, און זעט דאָרט רבינו יונה.

זעט כלאים פרק ט, הלכה ד; ירוש. סוטה פרק א, הלכה ט; ירוש. כתובות פרק יב, הלכה ג; תוספתא סוטה פרק יא; תענית ט, א; מר"י בשלח, זייט נא, ב, אויסגאַבע אום; ויק"ר כז, א; במ"ר א, ב און יג, כ.

א) זעט זייטן 273—272.

ב) מר"י יתרו, זייט נט, א; י"ש יתרו ענדע רסח; ש"ט יתרו יח, ט.

ג) זעט במדבר כב, פסוקים כח—לא.

ד) רש"י אבות פרק ה, משנה ו.

רבינו סעדיה גאון ז"ל האַלט אַז נישט בלעם'ס אייזל און נישט דער שלאַנג וועלכער האָט אָן גערעד חוה'ן צו עסן פון דעם עץ הדעת, פון די פאַרבאָטענע פרוכט האָבן גערעד, נאָר אַ מלאך האָט גערעד פאַר זיי. זעט: א"ע בראשית ג, א און במדבר כב, כח; רד"ק בראשית ג, א; באַנד ג, ביי נחש.

ה) בראשית ט, פסוקים יא—יח און רש"י, רמב"ן, א"ע, רבינו בחיי, רד"ק, ספורנו און ת"ת דאָרט סימן טז; ישעיה נד, ט און רש"י, א"ע, רד"ק, כלי יקר, אור החיים און מ"צ, א' דאָרט; כתובות עז, ב און רש"י אונטער דעם וואָרט **אם כן**; שבועות לו, א; ב"ר לה, ב און מהרז"ו דאָרט; מ"א נח ט, ו; שו"ט ענדע מזמור לו; יל"ה לח, ב; י"ש נח

# והמן, און דער מן

**והמן**, און דער מן וועלכער האָט געשפּייזט די אידן אין דער מדבר אַן ערך פון פערציק יאָר. ער איז געווען בעהאַלטן אויבן, ו).

**ווער האָט גערופן אים מן?**

די תורה זאָגט אונז „ויראו **בני ישראל** ויאמרו איש אל אחיו מן הוא", די קינדער פון ישראל האָבן געזען, האָבן זיי געזאָגט [געפרעגט] איינער דעם אַנדערן „מן הוא", ז).

די דרשנים, האָמילעטישע קאָמענטאַטאָרס, אויסטייטשערס האָבן געזאָגט אַז „ישראל", די אידן האָבן גערופן אים מן, ח).

לויט אַן אַנדער קוועלע: די דרשנים האָבן געזאָגט אַז „בני ישראל" האָבן גערופן אים מן, ט).

די תורה זאָגט ויקראו „בית ישראל את שמו מן, י). און די דרשנים האָבן געזאָגט אַז **בית ישראל** האָט [האָבן] געזאָגט דאָס, א).

סע איז פאַראַן אַ מיינונג אַז „בית ישראל" מיינט די פרויען, ב).

צו ערשט האָט דער מן געהייסן לחם אבירים, ווי סע שטעהט אין פּסוק, ג) „לחם אבירים אכל איש", ברויט וואָס נידערט אַראָפּ פון די הימלן. נאָר ווען די אידן האָבן געזאָגט „מן הוא", האָט מען גערופן עס דערפאַר מן, ד).

מן איז אַן עגיפּטיש, אַ מצרים׳דיק וואָרט. אַזוי ווי די אידן האָבן דאָך גערעדט עגיפּטיש דענצמאָל, האָט משה רבינו געשריבן דאָס דאָזיקע וואָרט אין עגיפּטיש, ה).

---

סא; י"ס נח יב, ט; ל"ט נח ט, טז; רש"י, רבינו יונה, ברטנורה, תפארת ישראל, סיב"י אויף משניות פרק ה, משנה ו, אויסגאַבע אום.

אַז דער רעגן בויגן איז געווען פון פריער איז געדרינגען פון „את קשתי **נתתי** בענן" [בראשית ט, יג] מיין רעגן בויגן **האָב איך געגיבן**..., נעמלאַך שוין פריער.

ו) רש"י אבות, פרק ה, משנה ו.

ז) שמות טז, טו. זעט דאָרט אונק., יוב"ע, פשיטא ב׳, נאָטע 11.

ח) מר"י בשלח מט, ב; י"ש בשלח רס.

ט) י"ש בשלח רסא; ל"ט בשלח טז, לא.

י) בשלח טז, לא.

א) מר"י בשלח, זייט נא, א, אויסגאַבע אום.

ב) דער כלי יקר בשלח טז, טו דרינגט עס אַרויס פון דעם וואָס דער פּסוק [בשלח טז, לא] זאָגט „ויקראו בית ישראל" און נישט בני ישראל. און ער שטיצט זיך אויף דעם וואָס די חז"ל און רש"י ז"ל טייטשן דעם פּסוק „כה תאמר לבית יעקב" [בשלח יט, ג] מיינט די פרויען.

באַמערק איך הקטן אהרן באַאמו"ר ר׳ משה ז"ל אַז אין בשלח טז, טו שטעהט „ויראו **בני ישראל** ויאמרו **איש אל אחיו**". און מיט באַצוג אויף דעם פּסוק „כה תאמר לבית יעקב", זאָגט דאָך דער פּסוק ווייטער „ותגיד לבני ישראל" און זיי טייטשן אַז בית **יעקב** מיינט די פרויען, און בני **ישראל** מיינט די זכרים, די מאַנסבילן, די מענער, [**בית!**].

ג) תהלים עח, כה.

ד) ש"ט בשלח טז, לא, זייט 247. אַזוי טייטשן אויך א"ע, רד"ק, מ"צ,א׳ אויף תהלים עח, כה, תרגום, רש"י דאָרט טייטשן: מלאכים ברויט. זעט: יומא עה, ב; שו"ט עח, ד; יל"ה עח, כב.

ש"ט דאָרט זאָגט „ודומה לו „אביר ישראל" [שמואל א׳, כא, ח]. אָבער דאָרט שטעהט „אביר הרעים". און רש"י און מהר"י קרא דאָרט טייטשן אב בית דין. תרגום, רלב"ג, מ"צ,א׳ טייטשן דער הויפּט פון שאול המלך׳ס פאַסטאַכאַר [דואג האדומי].

ה) ל"ט בשלח טז, טו; רשב"ם שמות טז, טו, אויסגאַבע אום. דער מדקדק, גראַמאַטיקער דונש בן לברט טייטשט אויך אַזוי אין זיין ספר געגן מנחם בן סרוק ז"ל, זייט 20, אויסגאַבע לאָנדאָן. זעט י"ש בשלח רס.

א"ע בשלח טז, טו זאָגט: רבינו שלמה [רש"י] זאָגט „בלשון ישמעאל" זעצט מען איבער מן הוא מיט **מה הוא**. און דער וועלאַ־

סע איז כדאי צו באַמערקן אַז אויך דאָס וואָרט **אנכי** אָנהייב עשׂרת הדברות איז אַן עגיפּטיש וואָרט. און סע איז געוואָרן גענוצט כדי די דענצמאָל עגיפּטיש רעדנדיקע אידן זאָלן פאַרשטעהן עס בעסער, ו).

**וואָס מיינט מן?**

סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע טייטשן:

מן מיינט אַן גרייטן שפּייז, אַזוי ווי „וימן להם המלך... מפּת בג״, ז) און דער קעניג האָט אַן געגרייט פאַר זיי שפּייז, ח).

סע מיינט: פון וואַנען, פון וואַנעט נעמט זיך דאָס, ט).

אַ גוב, אַ מתּנה, י) אַזוי ווי „למשה היה למנה״, א) סע איז געווען אַ געשענק משה׳ן. „ולחנה יתן מנה״...., ב) און חנה׳ן האָט ער געגיבן אַ געשענק, אַ מתּנה.

**האָט דער מן נאָך באַצייכענונגן?**

יאָ.

**ודגן השמים,** ג) ווען ער האָט גענידערט אַראָפּ פון דעם הימל, איז ער געוואָרן פערוואַנדלט אין קאָרן אין דער לופטן, ד).

**מטל השמים,** ה) הימל ראָסע, טוי. יצחק האָט געבענטשט יעקב׳ן אַז דער אייבערשטער זאָל גיבן אים פון דעם הימל טוי. טייטשן די חכמים ז״ל אַז דאָס מיינט דעם מן, ו).

**לחם אבירים,** ז) דאָס ברויט פון מלאָכים, ח). אַי מלאכים עסן דאָך נישט, ט).

---

כער האָט געזאָגט דאָס אים, האָט געזאָגט נישט ריכטיק אים.

איז כדאי צו באַמערקן אַז אין מיינע רש״י׳ס אויף דעם דאָזיקן פּסוק איז עס נישט דאָ. און זעט דאָרט אבן עזרא׳ס טייטש.

אגב, געווינטלאַך טייטש מען לשון מצרי אַראַביש, און לשון ישמעאל טערקיש.

ו) פּ״ר, פּיסקא כא, זייט קה, ב; פּר״כ זייט קט, ב, אויסגאַבע אום; י״ש יתרו רפּו.

ז) דניאל א, ה, און זעט רש״י דאָרט.

ח) סוכה לט, ב און רש״י דאָרט אונטער דעם וואָרט **בכדי**; רש״י, כלי יקר שמות טז, טו; ש״ט בשלח טז, טו, זייט 242. און אַזוי טייטשט אויך דער מדקדק, גראַמאַטיקער מנחם בן סרוק ז״ל.

ש״ט דאָרט ברייננגט ראיות פון „וימן ה׳ דג גדול״ [יונה ב, א] און דער אייבערשטער האָט אַן געגרייט [אָן געברייט] אַ גרויסן פיש; און פון „וימן האלקים תולעת״ [יונה ד, ז] און דער אייבערשטער האָט אַן געגרייט אַ ווערימל.

אגב, דער מן איז געוואָרן אָן געגרייט צו ווערן פאַרצעהרט. דער פיש און דאָס ווערימל זיינען געוואָרן אָן געגרייט צו פאַרצעהרן.

ט) בחיי בשלח טז, טו אין נאָמען פון רבינו חננאל ז״ל.

י) בחיי בשלח טז, טו.

א) ויקרא ח, כט.

ב) שמואל א׳, א, ה.

געווינלאַך [געווינטלאַך] טייטשט מען אין בידע ערטער מנה אַ חלק, אַ פּאָרציע. זעט אונקלוס אין חומש, דעם תרגום און רש״י אין שמואל א׳, א, ה.

זעט פּשיטא שמות, טז, טו, הערה 11, פון הגאון ר׳ חיים העליר ז״ל.

ג) תהלים עח, כד.

ד) א״ע תהלים עח, כד.

ה) בראשית כז, כח. זעט דאָרט: די תרגומים אונקלוס און יונתן בן עוזיאל, רש״י, רמב״נ, רד״ק, ספורנו.

ו) ב״ר סו, ג; אג״ב ענדע פּרק מב; י״ש תולדות קטו; ש״ט תולדות כח, יד, לעצטע שורה; ל״ט תולדות כז, כח.

מהרז״ו אין ב״ר סו, ג טייטשט: סע מיינט דעם מן וועלאַכער האָט גענידערט אַראָפּ מיט דעם טוי. ווי סע שטעהט אין פּסוק „וברדת הטל על המחנה בלילה, ירד המן עליו״ [במדבר יא, ט], ווען דער טוי האָט גענידערט אַראָפּ אויף דעם לאַגער ביי נאַכט, האָט דער מן גענידערט אַראָפּ אויף אים.

זעט ש״ר לח, ד.

ז) תהלים עח, כה.

ח) תרגום, רש״י תהלים עח, כה; כלי יקר שמות טז, ד.

ט) זעט די קוועלעס אין דער פאָלגענדיגער נאָטע א.

**לחם אבירים, י)** דאָס ברויט וואָס איז געוואָרן פאַרדייעט אין אַלע צוויי הונדערט אַכט און פערציק אברים, **א)**. די סומע פון די אותיות פון דעם וואָרט „מחספס", **ב)** באַטרעפט צוויי הונדערט און אַכט און פערציק, **ג)**.

דער מן ווערט אַן גערופן:

**לחם** ברויט, **דבש** האָניק, **שמן** בוימל, **ד)**.

אגב, דער פסוק זאָגט אַז דער מן האָט געהאַט דעם טעם פון **לשד השמן**, **ה)**. און די אותיות פון דעם וואָרט לשד מאַכן לחם, שמן, דבש, **ו)** ברויט, אויל, האָניק.

**לחם הקלקל, ז)** לייכט ברויט, ווייל זיי האָבן פאַרדייעט עס זעהר גרינג אין זייערע געדערים, **ח)**.

סע ווערן גענוצט פאַרשידענע אויסדרוקן פאַר פאַרדייען:

**נבלע, ט)** פאַרשלינגן געוואָרן אין אַלע צוויי הונדערט אַכט און פערציק אברים;

**נימוח, י)** אַ זאַך וואָס **מחספס**, מח ווערט צעריבן, **פס** אויף **פיסת היד**, אויף דעם לעפל פון דער האַנט. מחספס איז אַ נוטריקון.

**נתעכל, א)** פאַרדייעט;

**נטור, ב)** אָפּ געהיט.

זיי האָבן געעסן מן אַ גאַנצן טאָג, און סע האָט נישט געשאַד זיי. ווען אַפילו אַ זויגלינג האָט געעסן דעם מן אַ גאַנצן טאָג, האָט עס נישט פאַרשאַד, **ג)**.

זיי האָבן נישט בעדאַרפט האָבן דעם מאָגן, אָפּן זיין, געהן אַרויס, **ד)**.

**ווי אַזוי האָבן די אידן בעטראַכט זייער נישט האָבן דעם מאָגן?**

סע האָט געהאַרט זיי. זיי האָבן באַקלאָגט זיך. זיי האָבן געזאָגט: האָסט דו שוין געזען אַז אַ געבאָרענער פון אַ פרוי זאָל עסן, און נישט אַרויס גיבן עס. האָסט דו שוין געזען זינט דו לעבסט אַז

---

**י)** תהלים עח, כה.

**א)** אבירים אין דעם זין פון אברים. מר"י בשלח זייט מט, ב; י"ש בשלח רס; יל"ה עח, כג.

**ב)** שמות טז, יד. אגב, מחספס געפינט זיך בלויז איין מאָל אין תנ"כ.

**ג)** יומא עה, ב צווייטע שורה אונטן און רש"י דאָרט זאָגט „מחספס נוטריקון"; תנח"ב בשלח כב; מ"א בשלח טז, יד; שו"ט עח, ג; ש"ט בשלח טז, לא, זייט 248; בחיי און בעה"ט בשלח טז, ד.

זעט וועגן **מחספס** זייט 362.

**ד)** י"ש בשלח רנח.

**ה)** במדבר יא, ח.

**ו)** פענח רזא בהעלותך, זייט קעג, ב.

**ז)** במדבר כא, ה. אגב, דאָס וואָרט הקלקל געפינט זיך בלויז איין מאָל אין תנ"כ.

**ח)** פר"כ זייט קלא, א, אויסגאַבע אום; במ"ר טז, כד; רש"י במדבר כא, ה און תהלים עח, כה; ש"ט בשלח טז, זייט 248; יל"ה עח, כ"ד; ל"ט בשלח טז, יד.

**ט)** יומא עה, ב, צווייטע שורה אונטן און פאַרגלייכט מיט: שו"ט עח, ג; יל"ה עח, כב און קו, יח; י"ש בשלח רס און תהלים תתיט; רש"י חוקת כא, ה און תהלים עח, כה; ש"ט בשלח טז, לא, זייט 248; ל"ט בשלח טז, יד; רקאַנטי בשלח מד; כלי יקר שמות טז, ד.

**י)** יומא עה, ב, און רש"י אונטער דעם וואָרט **נימח**.

**א)** ש"ט בשלח טז, יד זייט 242; בעה"ט בשלח טז, לג.

**ב)** תנח"ב בשלח כב.

**ג)** ספרי בהעלותך פיסקא פט, זייט כד, ב, אויסגאַבע אום.

**ד)** פאַרגלייכט די אויסדרוקן אין:

תנח"ב שלח, הוספה ג, און בשלח כב; במ"ר ז, ד און טז, כד; שו"ט עח, ג; יל"ה עח, כג און פב, יט; ילה"י ה, ד; רש"י חוקת כא, ה און תהלים עח, כה; ש"ט בשלח טז, לא, זייט 248; בחיי בשלח טז, ד.

סאַ"ר זייט 89.

אַ מענטש זאָל אַריין טון ווייץ אין מיהל און סע זאָל נישט קומען אַרויס מעהל, ה).

**ווי אַזוי האָט דער אייבערשטער גע־קוקט אויף די אידנס נישט צופרידנקייט מיט זייער נישט האָבן דעם מאָגן?**

סע האָט פאַרדראָסן אים. ער האָט גע־זאָגט: פאַר דער טובה, פאַר דעם גוטס וואָס איך טו זיי; איך מאַך זיי גלייך צו מלאכים, זיי זאָלן נישט דאַרפן האָבן דעם מאָגן, פאַרדריסט עס נאָך זיי! ו).

## די וויכטיקייט פון דער מצוה פון הכנסת אורחים

**אין וועמענס זכות האָט דער אייבער־שטער געמאַכט רעגענען מן פון דעם הימל פאַר די אידן, ז)?**

סע זיינען פאַראַן מעהרערע מיינונגען:

אין אברהם אבינו'ס זכות, ח):

פאַר „ואקחה פת לחם...", ט) פאַר אברהם אבינו'ס זאָגן צו די דריי מענטשן [מלאכים] איך וועל ברייננגן ברויט, און איר וועט אונטער לעהנען אייערע הער־צער. נעמלאַך, פאַר זיין איינלאַדן די פרעמדע מענטשן צום עסן, פאַר זיין מקיים זיין מצות הכנסת אורחים, י).

פאַר זיין גיבן „חמאה וחלב", א) פו־טער און מילך די געסט, ב).

אין דעם זכות פון די אבות, און דאָס מיינט אברהם'ן און יעקב'ן. דער איי־בערשטער האָט געזאָגט „הנני ממ־טיר", ג). און אויך אברהם ד) און יעקב ה) האָבן געזאָגט „הנני", ו).

אין דעם זכות פון אברהם, יצחק, יעקב, ז);

אין משה רבינו'ס זכות, ח).

**ווען אברהם האָט דערזען די דריי מלאכים וועלאַכע ער האָט געהאַלטן פאַר מענטשן, „וירץ לקראתם", ט) איז ער געלאָפן אַנטקעגן זיי. און ער האָט איינ־געלאַדן זיי צום עסן. אברהם איז דאָך געווען שטענדיק אַ גרויסער מכנים אורח. ווי דער פּסוק זאָגט „ויטע אשל", י) און די חכמים ז"ל טייטשן אַז אשל מאַכט**

---

ה) יומא עה, ב; שו"ט עח, ד; יל"ה עח, כה; י"ש' חוקת תשסד און תהלים תתיט.

ו) זעט די קוועלעס צו דער פאָרגעהענ־דיגער פראַגע און ענטפער.

ז) שמות טז, ד און ווייטער.

ח) זעט פאָלגענדיגע נאָטן, ט, א, ב.

ט) בראשית יח, ה.

י) תוספתא סוטה פרק ד, 3; פ"ר יד, זייט נז, א; תנא דבי אליהו רבה פרק יב; [סא"ר פרק יב]; ב"ר מח, י; ש"ר כה, ה און כז, ה; במ"ר יד; ק"ר יא, א; תנח. לך לך ד; והזהיר א', בשלח כ, א; ש"ט יט, לה, זייט 42; יל"ה קו, לט; י"ש וירא פב און בשלח רכח; ל"ט וירא יח, ד; י"ר בשלח מא, א און בהעלותך יד, א, ערשטע שורה.

א) בראשית יח, ח.

ב) בבא מציעא פו, ב; ב"ר מח, יב; ש"ר כה, ה; י"ש וירא פב און שמות רכח; ל"ט וירא יח, ד. זעט סע"ר פרק יב.

זעט באַנד א, זייטן 136—135 און נאָטע ד.

ג) שמות טז, ד.

ד) בראשית כב, א. ה) בראשית לא, יא.

ו) זעט ז"ר אין י"ש בשלח רנח, סימן פז.

ז) מר"י בשלח זייט מז, א.

ח) סע"ר פרק י; ספרי נצבים פיסקא שה, אויסגאַבע אום; תוספתא סוטה יא, 2 און 10; תענית ט, א; ויק"ר כז, ב; במ"ר א, ב און יג, כ; שי"ר ד, ה, ב; תנח. במדבר ב; תנח"ב במדבר ב; מ"מ יד, זייט 74; מ"א חוקת כ, ב; מת"נ זייט 227; זהר אמור קב, ב לעצטע שורה; זהר חדש בראשית טו, א; י"ש וירא פב, במדבר תרפג, יהושע טו, און זכריה תקעח; יל"ה מז, ח; ילה"י מב, יא; מה"ג,א' ו, ד, זייט 129; ל"ט ויצא כט, ג; השכם ב', במדבר ה; מנה"מ ד', זייט 466; פמ"א זייט 91; רקאַנטי בשלח מד. זעט: סע"ז י, כב; ילמדנו ב', במדבר ו; תורה א, 25.

ט) בראשית יח, ב.

י) בראשית כא, לג.

**אכילה, שתיה, לויה עסן, טרינקן, באַ־גלייטן; לויט אַן אַנדער מיינונג אכילה, שכיבה, לינה עסן, אַ געלעגער, איבער נעכטיקן, א) האָט ער דאָך אויף גענומען אַלע אורחים פיין. פאַר וואָס זשע עפּיס האָט די תורה אויס געקליבן צו דער־צעהלן וועגן זיין גאַסט פריינדליכקייט גרוד [גראָדע] דאָ?**

די תורה איז אויסן צו אונטער שטרייכן מיט דעם, אַז ווען סע האַנדלט זיך וועגן הכנסת אורחים, צו גיבן אַן אָרימאַן אַ מאָלצייט און אַ געלעגער, אָדער צו גלאָט העלפן אַ נויט ליידנדיקן, טאָר מען נישט פּערנאַכלעסיקן עס מיט דער אַנטשולדי־גונג, מיט דעם אויס רייד, אַז מע עוסק׳ט זיך, מע איז פאַרנומען מיט טון אַן אַנ־דער מצוה. הכנסת אורחים, העלפן, שטיצן אַ נויט ליידנדיקן, קומט פריער פאַר אַלץ.

אברהם איז געווען דעמאָלט אַ ניין און ניינציק יאָריגער זקן. סע איז געווען דענצמאָל דער דריטער טאָג פון זיין מל זיין זיך. און דאָס איז דער קריטישס־טער טאָג. דער צו נאָך איז די שכינה געשטאַנען נעבן אים. און דאָך, ווי נאָר ער האָט דערזען די פרעמדע מענטשן, האָט ער געלאָזט שטעהן די שכינה. ער האָט איגנאָרירט, פאַרקוקט זיינע גרויסע שמערצן. און ער איז געלאָפן אַנטקעגן זיי, צו איין לאַדן זיי צום עסן, ב).

און דער אייבערשטער האָט אָפּ גע־שאַצט אברהם׳ס גאַסט פריינדליכקייט אַזוי שטאַרק, אַז אַלץ וואָס אברהם האָט געטון אַליין פאַר די אורחים, געסט, האָט דער אייבערשטער געטון אַליין פאַר זיינע נאָך קומענדיקע. און אַלץ וואָס אברהם האָט געטון פאַר זיי דורך אַ שליח, האָט דער אייבערשטער געטון עס דורך אַ שליח פאַר זיינע אָפּ שטאַמלינגע.

אברהם איז געלאָפן דריי מאָל פאַר די געסט: „וירץ... וימהר... ואל הבקר רץ”. איז דער אייבערשטער געלאָפן דריי מאָל פאַר זיינע קינדער.

אברהם האָט געזאָגט „יקח נא מעט מים”, זאָל ווערן געבראַכט אַ ביסל וואַ־סער, האָבן די אידן זוכה געווען צו האָבן מרים׳ס ברונעם אין דער מדבר.

אברהם האָט געזאָגט צו זיי „והשענו תחת העץ”, און לעהנט אייך אָן אונטער דעם בוים, האָבן די אידן זוכה געווען צו די זיבן וואָלקנס; פיר פון אַלע פיר זייטן, איינער איבער זיי, די שכינה צווישן זיי, און דער וואָלקן וועלכער איז געצויגן פאַר זיי; און ער האָט גענידער־ריקט די בערג, אַרויס געהויבן די טאָלן, געטויט די שלאַנגן און עקדישן, פאַר־

---

**א)** פאַרגלייכט: מ״א וירא כא, לג; שו״ט לז, א; ל״ט וירא יח, פסוקים טז, כא און לג; י״ש תהלים ענדע תשכח; רש״י סוטה י, א לעצטע שורה; בחיי בראשית כא, לג און כב, א.

וועגן די פאַרשידענע טייטשן פון דעם וואָרט אשל, זעט: באַנד א, זייטן 157—156.

סוטה י, א, ב; אר״נ נוסחא א, פרק ז און נוסחא ב, פרק יד; תרגומים יונתן און ירו־שלמי בראשית כא, לג; פ״ר פיסקא ז, זייט קעא, א; ב״ר מג, ז; מט, ד; נד, ו און מהרז״ו דאָרט; נג, ה און פד, ד; ש״ר א, טו און כח, ה; ויק״ר א, ט; במ״ר ב, יב; ד״ר א, ג און יא, ג; שי״ר א אויף פסוק יג; תנח. לך לך יב; תנח״ב וירא ד און תולדות יג; אגדת בראשית יט, לט; ספר הישר זייט 75; מ״א וירא כא, לג; שו״ט לז, א; קי, א; מה״ג,א׳, וירא רסט; ל״ט וירא יח, טז און כא, לג; רש״י וירא כא, לג און רש״י סוטה י, א, לעצטע שורה; י״ש וירא צה, קא און תהלים ענדע תשכח; ילקוט א׳ מא, ג, קיח [צווי טירן]; בחיי בראשית כא, לג און ככב, א [פיר טירן].

זעט: באַנד א, זייטן 176־157, נאָטן ס—ב; מיין בוך „אברהם אבינו׳ס לעבן און שאַפונג”, זייטן 114—109.

**ב)** קהלת יצחק אַנהייב וירא.

ברענט די דערנער, און געמאַכט גלייך דעם וועג.

פאַר זיין זאָגן „ואקחה פת לחם", און איך וועל ברענגען אַ שטיקל ברויט, האָט דער אייבערשטער געגיבן דעם מן די אידן.

פאַר דעם „ואל הבקר רץ אברהם", און אברהם איז געלאָפן צו די רינדער, האָט דער אייבערשטער געגיבן וואכט פייגל פון דעם ים די אידן.

פאַר דעם „והוא עומד עליהם", און ער, אברהם, איז געשטאַנען פאַר זיי, האָט דער אַלמעכטיקער באַשיצט זיינע קינדער אין מצרים.

און פאַר דעם „הולך עמם לשלחם", פאַר זיין באַגלייטן די מלאכים, האָט דער אייבערשטער באַגלייט זיינע קינדער אין דער מדבר פערציק יאָר, ג).

**ווי גרויס זשע, ווי וויכטיק איז טאָקע די מצוה פון הכנסת אורחים?**

זי איז גרעסער „מהקבלת פני שכי־נה", פון מקבל זיין, אויף נעמען די שכינה, ד).

הכנסת אורחים מאַכט פאַרהוילן בב־יכול'ם אויגן, פאַרקוקן דעם רשע'ס טאָטן, ער זאָל נישט ווערן באַשטראָפט ווי סע קומט אים, ה).

אַז די מצוה פון הכנסת אורחים איז זעהר גרויס, קאָן מען זען פון פאָלגענ־דיגע ביי שפילן:

משה רבינו האָט אָן געשריבן דעם שם המפורש, דעם אייבערשטנס נאָמען וועלאַכן מע טאָר נישט רעדן אַרויס, און ער האָט געוואָרפן אים אַריין אין דעם טייך נילוס, יוסף'ס ארון זאָל קומען אַרויף. איז מיכה געקומען נאָך דעם, און ער האָט גע'גנב'עט אים. און ער האָט מיט גענומען אים ווען די אידן האָבן פאַרלאָזט מצרים. ער האָט געמאַכט אַן אָפּגאָט, און ער האָט מיט גענומען אים, ווען די אידן זיינען אַריבער דעם ים סוף, ו).

ווען די מלאכים האָבן געוואָלט גיבן „אַ שטופּ" מיכה'ן, האָט דער אייבער־שטער געזאָגט צו זיי: לאָזט צורו אים, ער שפּייזט די רייזנדיקע. און פאַר דעם טאָקע ווערט ער נישט גערעכנט צווישן די יעניגע, וועלאַכע האָבן קיין חלק אין יענער וועלט, ז).

---

ג) בראשית יח, פסוקים ב, ו, ז, ד, ה, ז, ח, טז.

זעט די פאַרשידענע נוסחאות, ווערסיעס, און ווער סע זאָגט זיי אין: מר"י בשלח, זייט כה, א; בבא מציעא פו, ב; תוספתא סוטה פרק ד, 1, 2 און 3; פ"ר פיסקא פרה, זייט נז, א; תדא"ר פרק יב; סא"ר 60—59; ב"ר מח, י; ש"ר כה, ה; ויק"ר לד, ח; במ"ר יד, ב; ק"ר יא, א; תנח. וירא ד; תנח"ב וירא ה און תצוה ב; מ"א וירא יח, ד; ל"ט וירא יח, ד; מה"ג,א' זייט 272; ילקוט א' 182; י"ש וירא פב; ב"מ,א', קנג.

ד) שבת קכז, א, אונטן. זעט: שבועות לה, ב; מ"א וירא יח, ג; שו"ט יח, כט; י"ש וירא פב; מה"מ,א' יח, ג און טז; רמב"ם הלכות אבל, פרק יד, הלכה ב; מנה"מ, א', הצדקה, זייטן 42, 520 און 627; גדולה זייט 121. זעט מה'ג,ג 483 ערשטע שורה.

זעט שדא"ג, וירא, שאילתא יא.

ה) סנהדרין קג, ב, לעצטע שורה און רש"י דאָרט.

ו) פאַרגלייכט די פאַרשידענע ווערסיעס אין: אר"ב נו"א, רק לד; ירוש. סוכה פרק ד, ענדע הלכה ג; מר"י בא, זייט טז, א, אויסגאַבע אום; ספרי בהעלותך פיסקא פד, אויסגאַבע אום; ש"ר טז, כו; כד, א און מא, א; תנח. תשא יד און ראה טז; פר"כ פיסקא יא, זייט צט, א; שו"ט קא, ב; י"ש בשלח רנד, פרשה שופטים עד, זכריה תקעה און תהלים תתנה; רש"י סנה. קג, ב, אונטער דעם וואָרט ועל דבר זה.

ז) זעט סנהדרין קג, ב אונטן און רש"י אונטער דעם וואָרט פתו; קד, א און רש"י אונטער דעם וואָרט ממיכה; י"ש שופטים אָנהייב עב. זעט זייט 377, נאָטע ז.

פאַר אָפּ היטן די מצוה פון הכנסת אורחים, האָט דער אייבערשטער געמאכט רוען די שכינה אויף די נביאים פון דעם אָפּגאָט בעל, ח).

עדו הנביא האָט געזאָגט נביאות אַז דער מזבח אין בית אל וועט ווערן חרוב, פאַרניכטעט, ווייל ירבעם האָט אויף געשטעלט דאָרט צלמים. „ער האָט אויס גערופן מזבח, מזבח . . .". און ער האָט געגיבן אַ סימן אַז דער מזבח וועט ווערן צעריסן, און דאָס אַש וואָס אויף אים וועט ווערן צעשיט, צעשאָטן. ווען דער מלך ירבעם האָט דערהערט דאָס, האָט ער אויס געשטרעקט זיין האַנד איבער דעם מזבח צו אָן כאַפּן עדו'ן. איז זיין האַנט געוואָרן פערדאַרט, און ער האָט נישט געקאָנט ציען זי צוריק. דער מזבח איז געוואָרן צעריסן, און דאָס אַש איז געוואָרן צעשאָטן. פונקט ווי דער נביא עדו האָט געזאָגט.

דער מלך האָט געבעטן עדו'ן, ער זאָל טון תפילה צו דעם אייבערשטן פאַר אים. דער נביא האָט געבעטן, און דעם מלך'ס האַנט איז געוואָרן צוריק ווי געוועזן. דער מלך האָט איין געלאַדן דעם הימלישן מאַן צו זיך אַהיים צום עסן. אָבער ער האָט אָפּ געזאָגט. ווייל דער אייבערשטער האָט פאַרבאָטן אים צו עסן ברויט און טרינקן וואַסער אין דעם דאָזיקן אָרט, און אַז ער זאָל נישט אום קערן זיך אויף דעם זעלבן וועג. און דער נביא האָט געלאָזט זיך אין וועג אַריין.

ווען אַ פאַלשער נביא פון בית אל האָט געהערט פון דער דאָזיקער פּאַסירונג, האָט ער נאָך געיאָגט עדו'ען, און ער האָט איין געלאַדן אים צום עסן. דער נביא עדו האָט געזאָגט אים וועגן דעם אייבערשטנס פאַרבאָט. דער פאַלשער נביא האָט געזאָגט אים אַז אויך ער איז אַ נביא, גלייך ווי ער. און אַז אַ מלאך האָט געזאָגט אים אין דעם אייבערשטנס נאָמען, ער זאָל אום קערן אים צו זיך אַהיים צו עסן און טרינקן. עדו האָט אָן גענומען זיין איין לאַדונג. אין דעם זכות וואָס דער פאַלשער נביא האָט געגיבן צו עסן אים, האָט גערוט אויף אים די שכינה. ווי עס שטעהט אין פסוק „ויהי הם יושבים אל השולחן. ויהי דבר ה' אל הנביא", ט). און עס איז געווען ווען זיי זיינען געזעסן ביי דעם טיש, איז געווען דעם אייבערשטנס וואָרט צו דעם פאַלשן נביא . . ., י).

אגב, עדו איז געוואָרן באַשטראָפט. אַ לייב האָט פאַרצוקט אים. ער איז נישט געוואָרן באַערדיקט אין זיינע עלטערנס קבר, א). ווייל אַ תלמיד חכם'ס שוגג, אַן אום גערן געטוענע זינד, ווערט גערעכנט אַלס מזיד, ווי אַ גערן בעגאַנגענע זינד, ב).

הכנסת אורחים דערנענטערט ווייטע, ג). מדין איז געווען ווייט פון די אידן. אָבער דערפאַר וואָס יתרו האָט איין געלאַדן משה'ן צום עסן. ער האָט געהייסן זיינע טעכטער געהן רופן משה'ן „ויאכל לחם", ד) ער זאָל עסן ברויט. האָבן זיינע אָפּ שטאַמלינגע זוכה געווען, זיי זיינען געווען ווירדיק צו זיצן אין דער „לשכת הגזית", ה) אין דעם גרויסן סנהדרין, סינאָד [סענאַט].

ח) סנהדרין קג, ב, לעצטע שורה. זעט רש"י מלכים א', יג, ב.

ט) מלכים א', יג, פסוקים א—כא.

י) סנהדרין קד, א און רש"י דאָרט, אונטער דעם וואָרט ומשרה.

א) זעט מלכים א', יג, פסוקים כא—לג.

ב) אבות פרק ד, משנה יג און זעט דאָרט ברטנורה און תפארת ישראל; בבא מציעא לג, ב אויבן; סנהדרין קג, ב לעצטע שורה [ושגגתו] און קד, א, רש"י אונטער דעם וואָרט ושגגתה.

ג) סנהדרין קג, ב, צווייטע שורה, אונטן.

ד) שמות ב, כ.

ה) סנהדרין קד, א, אויבן און רש"י אונ־

אגב, סע איז פאַראַן אַ מיינונג אַז לחם דאָרט מיינט אַ ווייב. נעמלאָך, יתרו האָט איין געלאַדן משה'ן, אפשר וועט ער האָבן חתונה מיט איינער פון זיינע זיבן טעכטער, ה*).

איין לאַדן אַ נויט ליידנדיקען מענטשן צום עסן, גיבן אים אַ געלעגער, איז אויסערסט וויכטיק. סע איז איין פון די זעקס זאַכן פאַר וועלאַכע מע געניסט די פּירות, די פּרוכטן, אויף דער וועלט. און דעם קרן קיימת האָט מען אויף יענער וועלט, ו).

הכנסת אורחים איז אַזוי גרויס, אַזוי וויכטיק, ווי קומען גאַנץ פרי אין בית המדרש אַריין, ז).

סע איז גרעסער פון קומען גאַנץ פרי אין בית המדרש אַריין, ח). און קומען גאַנץ פרי אין בית המדרש אַריין איז דאָך איין פון די זעקס זאַכן פאַר וועלאַכע מע עסט די פּירות, די פּרוכטן אויף דער וועלט. און דעם קרן קיימת געניסט מען אויף יענער וועלט, ט).

דער וועלאַכער לאַד איין אַ תלמיד חכם, איז גלייך ווי ער האָט מקריב גע־ווען ביכורים, ערשטע צייטיק געוואָרענע פּרוכטן, י).

סע איז די וויכטיקסטע צדקה, א).

מע דאַרף אוים רוימען, בעזייטיקן אפילו פיר און פינף קערב שטרוי, תבואה צו מאַכן פּלאַץ פאַר אורחים, ב).

אין דער צייט ווען דאָס בית המקדש איז געשטאַנען פלעגט דער מזבח פאַר־גיבן אַ מענטשנס זינד. היינט פאַרגיבט אַ מענטשנס טיש, נעמלאָך הכנסת אור־חים, זיינע זינד, ג).

דער וועלאַכער לאַד איין אַן אורח זעט נישט „אפילו דינה של גיהנם", ד) די שטראָף פון דער צוקונפט.

פאַר מקיים זיין הכנסת אורחים באַ־קומט מען גן עדן.

---

טער דעם וואָרט וישבו, און קו, א; ל"ט שמות ב, כ.

וועגן לשכת הגזית זעט ענדע מסכת מדות.

זעט איינצלהייטן אין: ספרי בהעלותך פּיסקא עח; רש"י סוטה יא, א, אונטער דעם וואָרט וישבי; חדושי מהרש"א, סנהדרין אָנ־הייב קד, א.

ה*) תנח. שמות יא; ש"ר א, לב; מ"א שמות ב, ענדע פסוק כ; רש"י שמות ב, כ.

ו) שבת קכז, א, אונטן; קידושין לט, ב; פאַרגלייכט: רמב"ם אהבה, אָנהייב סדר התפילות; די סידורים פון של"ה, הגר"א, סיב"י, אוצר התפילות אָנהייב תפילת שחרית.

זעט: פּרה"ק ו, ב; י"ש וירא פּב און קדושים תריא; מה"ג,ג' יח, ג; ל"ט וירא כ, א; חופּת ב', זייט 47; תורה 98; מנה"מ ג', זייט 554, ד' זייטן 593 און 606.

אגב, אין: פּיאה ירושלמי און בבלי; קידו־שין מ, א ווערט הכנסת אורחים נישט גע־רעכנט. זעט גליון הגרי"ב [הגאון ר' ישעיה ברלין] אין אוצר התפילות, אָנהייב תפילת שחרית.

ז) שבת קכז, א, אונטן, אָבער זעט דאָרט די לעצטע דריי שורות; י"ש וירא פּב.

אגב, אין פּאה ירושלמי און בבלי; קידו־שין נט, ב און מ, א ווערט „השכמת בית המדרש" קומען גאַנץ פרי אין בית המדרש אַריין נישט גערעכנט. זעט די קוועלעס צו דער פאָרגעהענדיגער פראַגע און ענטפער.

ח) שבת קכז, א, אונטן; אוצר התפילות אָנהייב תפילת שחרית; מנה"מ ד' מדרש לעולם, זייט 627. זעט פאָרגעהענדיגע נאָטע.

ט) שבת קכז, א, אונטן. זעט פאָרגעהענ־דיגע נאָטע ז.

י) י"ש בהר תרסה, זייט 420, ערשטער שפּאַלט, קאָלום לעצטע צוויי שורות. זעט סא"ר זייט 89.

א) מנה"מ א', זייט 39.

ב) זעט: שבת קכו, ב, אָנהייב פּרק יח: ביצה לה, ב, אָנהייב פּרק ה.

ג) ברכות נה, א אויבן; ענדע מסכת חגיגה און רש"י דאָרט, ערשטע שורה. זעט דעם ערשטן תוספות דאָרט; מנחות צז, א.

ד) שמחות זייט 259.

אין דער מסורה געפינען זיך צוויי ויטע, און ער האָט געפלאַנצט. איינער „ויטע גן בעדן", ה) און ער האָט געפלאַנצט אַ בוים אין עדן; דער צווייטער „ויטע אשל", ה1) און ער [אברהם] האָט עטאַבלירט, געמאַכט אַן אכסניא. דאָס לערנט אונז אַז דער וועלכער האַלט אָן די מצוה פון הכנסת אורחים, האָט גן עדן, ה2).

**ווי גרויס איז די זינד פון נישט מקיים זיין די אויסער געוויינלאַך שעהנע, נאָבעלע, הומאַניטאַרע מצוה פון הכנסת אורחים, פון איין לאַדן אַ נויט ליידנדיקן אויף אַ מאָלצייט?**

די איין וואוינערס פון סדום פלעגן נישט לאָזן אריין רייזנדיקע, דורך פאַרערס אין זייער שטאָט. פאַר זייער נישט אָפּ היטן די מצוה פון הכנסת אורחים, איז זייער שטאָט געוואָרן אָפּ געווישט פון דער ערד, ו).

דאָס נישט מקיים זיין די מצוה פון הכנסת אורחים, האָט דערווייטערט צוויי משפחות פון די אידן, ז).

דערפאַר וואָס עמון און מואב האָבן נישט באַגעגנט מיט ברויט און וואַסער די אידן אויף דעם וועג פון זייער אַרויס צוג פון מצרים „לא יבא עמוני ומואבי בקהל ה'... עד עולם", ח) זאָלן אַן עמוני און אַ מואבי נישט קומען אייביק אין דעם אייבערשטנס עדה. אַן עמוני [און אַ מואבי] זאָל נישט נעמען אַ אידישע טאָכטער פאַר אַ ווייב, ט).

דאָס נישט מקיים זיין די מצוה פון הכנסת אורחים האָט דערווייטערט נאָנטע, י). עמון און מואב האָבן דאָך אָן געקערט זיך מיט די אידן. זיי האָבן דאָך געשטאַמט פון אברהם'ס פלימעניק [פלעמיאַניק, נעפּע] לוט. און דער אַלקעגנוואַרטיקער האָט דערווייטערט זיי, זיי זאָלן נישט קומען אריין אין זיין געמיינדע, עדה, א).

**וואָס האָבן די אידן געעסן אין דער צייט פון זייער פאַרלאָזן מצרים, ביז דער מן האָט אָן געהויבן צו נידערן אַראָפּ?**

סע איז געשען אַ נס. זיי האָבן געעסן, די גאַנצע צייט, פון דעם „געטריקנטן" ברויט וואָס זיי האָבן גענומען מיט זיך פון מצרים, ב).

---

ה) בראשית ב, ח.

ה1) בראשית כא, לג.

ה2) בראשית כא, לג. בחיי בראשית כא, לג.

ואני הקטן אהרן באאמו"ר ר' משה ואמי מורתי בראַנצי נבג"מ באַמערק, אַז סע איז פאַראַן אין תורה נאָך אַ ויטע, נעמלאַך, „ויטע כרם", בראשית ט, כ.

נאָר אַזוי ווי דער דריטער ויטע, מיינט דאָך אַז נח האָט געפלאַנצט אַ ווייַן גאָרטן פאַר זיין אייגענעם, פּערזענלאַכן געברויך. איז אפשר דערפאַר רעכנט נישט רבינו בחיי ז"ל אים.

און אפשר רעכנט ער נישט אים דערפאַר וויל מיט נח'ס „ויטע כרם" איז נישט דאָ מיט וואָס צו שטאָלצירן. ער האָט דאָך אָן גע'שיכור'ט זיך.

אגב, אויך אין נ"כ געפינט זיך אַ „ויטע" מיט אַ שוא אונטער דער ו, „ויטע אהלי אפדנו", דניאל יא, מה.

זעט באַנד א, זייט 158, נאָטע ו.

ו) סנהדרין קט, א.

ז) סנהדרין קג, ב און רש"י דאָרט, אונטן. פאַרגלייכט ווער סע זאָגט עס אין שדא"ג, שמות, אָנהייב שאילתא לט.

ח) דברים כג, ד.

ט) רש"י דברים כג, ד און זעט דאָרט רמב"נ און ספורנו פסוק ה. פאַרגלייכט ספרי כי תצא פיסקא רמט, מיט יבמות עז, א וועגן ווער סע זאָגט וואָס.

י) סנהדרין קג, ב.

א) רש"י סנהדרין קד, א, ערשטע שורה, און זעט דאָרט נאָך אַ מיינונג. זעט בראשית יא, פסוקים כז און לא; חדושי אגדות מהרש"א אין ש"ס אויפן אָרט.

ב) פאַרגלייכט: תוספתא סוטה יא, 6; סע"ר

אגב, דאָס מיט גענומענע געטריקנטע ברויט האָט געהאַט דעם טעם פון מן, ג).

**וויפל טעג, וויפל סעודות האָבן די אידן געגעסן פון דעם געטריקנטן געבעקס וועלכס זיי האָבן גענומען מיט זיך פון מצרים?**

סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיינונגען וועגן וויפל טעג נאָך די אידנס אַרויס צוג פון מצרים האָט דער מן אָן געהויבן צו נידערן אַראָפּ: דרייסיק, איין און דרייסיק, פינעף און פערציק, זיבעציק... איז ווענדעט עס זיך מיט וועלאַכער מיינונג מע האַלט. אויב דרייסיק טעג איז זעכציק מאָלצייטן; אויב איין און דרייסיק טעג — צוויי און זעכציק מאָלצייטן, און אַזוי ווייטער, ד).

**וואָס פאַר אַ טעם האָט געהאַט דאָס געטריקנטע געבעקס וועלאַכס זיי האָבן גענומען מיט זיך פון מצרים?**

דעם טעם פון מן, ה).

**די תורה זאָגט „הנני ממטיר לכם לחם מן השמים", ו) איך וועל רעגענען אַראָפּ פאַר אייך ברויט פון דעם הימל. מטר רעגן איז דאָך וואַסער. לחם, ברויט צי תבואה, איז דאָך נישט אַ גיסנדיקער פּראָדוקט. ווי זשע אַזוי פּאָרן זיך די צוויי אויסדרוקן צוזאַמען?**

סע זיינען פאַראַן עטליכע ערקלערונגען, טייטשן:

מאַכן נידערן אַראָפּ, ז);

„כדמות מטר", ווי דאָס אויס זען פון רעגן, וועלאַכער נידערט אַראָפּ פון דעם הימל, ח).

ער האָט גענידערט אַראָפּ ווי סע נידערט אַראָפּ אַ רעגן, ט).

ער האָט גענידערט אַראָפּ ווי אַ דין רעגנדל, י).

נאָך די אידנס דורך ציען דעם ים סוף, זיינען זיי געקומען אין דער מדבר שור. זיי האָבן געצויגן דריי טעג אָהן וואַסער. קומענדיק קיין מרה, האָבן זיי נישט געקאָנט טרינקען דאָס וואַסער ווייל סע איז געווען ביטער. דאָס פאָלק האָט געפאָדערט וואַסער. זיי האָבן געקריגט אויף משה'ן. משה האָט געשריען צו דעם איי־

---

פרק ס; ענדע פרק י; תרגום יונתן שמות יב, לט; מר"י בא, זייט טו, א און בשלח מו, ב; קידושין לח, א; ש"ר ג, ד און כה, ד; שי"ר א, ז, ג; תנח. בא ט; רש"י שמות טז, א; י"ש בא רט; בשלח רנז און רסא; יהושע טו; און שיר השירים תתקפב; ש"ט בא יב, לט, זייט 142; ל"ט בא, יב, לט.

ג) קידושין לח, א; י"ש בשלח רנז און יהושע טו.

ד) פאַרגלייכט אַלע קוועלעס אין דער פאַרגעהענדיגער נאָטע.

ה) קידושין לח, א; י"ש בשלח רנז און יהושע טו.

ו) שמות טז, ד.

ז) אונקלוס, יוב"ע שמות טז, ד.

ח) א"ע, רמב"נ שמות טז, ד.

ט) תנח"ב בשלח כ.

י) בחיי בשלח טז, ד.

רמב"נ באַמערקט אַז דער אויסדרוק מטר ווערט גענוצט אויך מיט אַנדערע עלעמענטן, נישט דוקא בלויז מיט רעגן: וה' המטיר על סדום ועל עמורה גפרית ואש [בראשית יט, כד], און דער אייבערשטער האָט געמאַכט רעגענען אויף סדום און אויף עמורה שוועבל און פייער. „ימטר על רשעים פחים אש וגפרית", ער מאַכט רעגענען אויף די רשעים פייערדיקע קוילן און שוועבל, תהלים יא, ו.

און איך הקטן אהרן באאמו"ר ר' משה ז"ל בין מוסיף: „אש וגפרית אמטיר עליו", פייער און שוועבל וועל איך רעגענען אויף אים [יחזקאל לח, כב]; „וימטר עליהם כעפר שאר" [תהלים עח, כז] און ער האָט געמאַכט רעגענען אויף זיי פלייש ווי שטויב. סע איז פאַראַן אויך „הנני ממטיר... ברד" [שמות ט, יח], איך וועל מאַכן רעגענען אַ האָגל. אָבער האָגל איז דאָך אויך וואַסער, געפרוירן וואַסער.

פשיטא שמות טז, ד זעצט איבער מיט ממטר.

בערשטן. דער בעשאַפער האָט געוויזן משה'ן אַ בוים, אַ האָלץ. ער האָט אַריין געוואָרפן אים אין וואַסער אַריין. און דאָס וואַסער איז געוואָרן זיס. קומענדיק קיין אילם האָבן זיי געפינען דאָרט צוועלף וואַסער קוואַלן און זיבעציק טייטל ביימער, י1).

**פאַר וואָס עפּיס גראַד צוועלף און זיבעציק?**

די צוועלף וואַסער קוואַלן זיינען אַנט־קעגן די צוועלף שבטים, י2).

די זיבעציק טייטל ביימער זיינען אַנט־קעגן די זיבעציק מיט גלידערס פון דעם סנהדרין, י3).

**דער אייבערשטער האָט געזאָגט „הנני ממטיר לכם לחם מן השמים, א) איך וועל מאַכן רעגענען פאַר אייך ברויט פון דעם הימל. ווי קומט וואָס דער בעשאַ־פער האָט געענדערט דעם גאַנג פון דער וועלט. דער שטייגער פון דער וועלט איז דאָך אַז ראָסע, טוי, נידערט אַראָפּ, און דאַקעגן ברויט, תבואה וואַקסט אַרויף. און מיט דעם מן איז דאָך געוועזן גאָר פאַרקעהרט. דאָס ברויט האָט געני־דערט אַראָפּ, ב) און דער טוי איז אויף געגאַנגען פון דער ערד, „ותעל שכבת הטל", ג) און די שיכט טוי האָט אויף געהויבן זיך?**

די אידן זיינען אַזוי באַליבט ביי דעם בעשאַפער, אַז ער האָט געענדערט דעם גאַנג פון דער וועלט צוליב זיי, ד).

**דער אייבערשטער האָט געזאָגט „הנני ממטיר לכם לחם מן השמים", ה) איך וועל מאַכן רעגענען פאַר אייך ברויט פון הימל. סע האָט דאָך גענידערט אַראָפּ מן, נישט ברויט?**

ער ווערט אָן גערופן לחם, ווייל מע האָט געמאַכט פון אים ברויט. אַ שטיי־גער ווי „ארץ ממנה יצא לחם", ו) דאָס לאַנד [סדום] פון וועלאַכן סע איז געקו־מען אַרויס ברויט, און סע מיינט תבואה פון וועלאַכער מע באַקט ברויט, ז).

אגב, לחם מיינט נישט בלויז ברויט ממש. סע מיינט אויך שפּייז אין אַלגע־מיין, ח). „בזעת אפיך תאכל לחם", ט) מיינט נישט דוקא אַז מיט דעם שוויים פון דיין פּנים זאָלסט דו עסן בלויז ברויט. סע מיינט שפּייז אין אַלגעמיין. היינט קאָן עס מיינען אויך פּרנסה. מיט דעם שוויים פון דיין פּנים זאָלסט דו פאַרדינען פּרנסה [„מאַכן אַ לעבן"].

---

י1) שמות טו, כב ביז ענדע קאַפּיטל.

י2) מר"י בשלח, זייט מו, ב, אויסגאַבע אום; יוב"ע, מ"א, רש"י, דזמ"ה שמות טו, כז.

י3) תרגום ירושלמי און מ"א בשלח טו, כז.

רמב"נ דאָרט ווינדערט זיך פאַר וואָס דער פּסוק דערצעהלט אַז סע זיינען געוועזן אין אילם צוועלף וואַסער קוואַלן און זיבעציק טייטל ביימער. וואָרן אין די נידעריגערע ערטער, טאָלן, געפינען זיך דאָך טויזנט טייטל ביימער און מעהר, און פילע וואַסער קוואַלן, און זעט דאָרט אבן עזרא; י"ש בשלח רנז; ל"ט שמות טו, כז; ש"ט בשלח טו, כז; בחיי בשלח טו, כז.

ואני הקטן אהרן באאמו"ר ר' משה מנוחתו כבוד באַמערק: דער פּסוק איז אויסן צו דער־צעהלן אַז דאָס דאָזיקע אָרט איז געוועזן באַ־זונדערס רייך, רייכער פון אַלע אַנדערע ער־טער, אין וואַסער. זעט: מר"י בשלח, זייט מו, ב, אויסגאַבע אום; תנח"ב בשלח יח; ל"ט בשלח טו, כז; י"ר בשלח מ, א.

א) שמות טז, ד.

ב) במדבר יא, ט.

ג) שמות טז, יד.

ד) פאַרגלייכט: מר"י בשלח זייט מז, א, אויסגאַבע אום; ש"ר לח, ד; תנח. בשלח כ; י"ש בשלח רנח; ל"ט און בחיי בשלח טז, ד.

ה) בשלח טז, ד.

ו) איוב כח, ה.

ז) בחיי בשלח טז, ד.

ח) זעט א"ע שמות טז, ד.

ט) בראשית ג, יט.

אגב, בדרך הלצה טייטשט מען „בזעת אפּיך" אויב דו וועסט אַרבעטן מיט דעם שווייס פון דיין פּנים, וועסט דו פאַרדינען בלויז אויף דעם טריקן שטיקל ברויט, און נישט מעהר.

לחם מיינט אויך אַ סעודה, אַ מאָלצייט. ווען דער גרעסטער מכניס אורח, אונזער פאָטער אברהם, האָט איין געלאַדן די דריי „אנשים", און ער האָט געזאָגט „ואקחה פת לחם וסעדו לבכם", י) און איך וועל ברענגען אַ לאַבן ברויט און איר וועט אונטער לעהנען אייערע הערצער. מיינט עס דאָך זיכער נישט פשוט, אַ טריקן שטיקל ברויט. אַ סימן, ער האָט דאָך טאַקע מכבד געווען זיי מיט פּוטער, מילך, פאַרשידענע געבעקסן, און שפּעטער מיט צונגען מיט גאָרשיצע. און לויט אַן אַנדער מיינונג האָט ער געשחט'ן אַ קעלבל, א).

יתרו האָט געהייסן זיינע טעכטער געהן רופן משה'ן „ויאכל לחם", ב) ער זאָל עסן ברויט. מע לאַד דאָך נישט איין אַ גאַסט צו עסן בלויז אַ טריקן שטיקל ברויט.

ווען דוד איז נישט געקומען אַ פּאָר טעג צו דעם עסן, האָט דער מלך שאול געפרעגט זיין זון יהונתן פאַר וואָס דוד איז נישט געקומען „אל הלחם", ג). און דאָס מיינט צו דער סעודה, צו דעם מאָלצייט, און נישט צו עסן בלויז אַ שטיקל טריקן ברויט.

„ממטיר לכם לחם" מיינט מזון, שפּייז, ד).

**דער אייבערשטער האָט געזאָגט זיי זאָלן קלויבן דעם מן „יום ביומו", ה). וואָס מיינט עס?**

סע זיינען פאַראַן צוויי מיינונגען:

זיי זאָלן קלויבן היינט אויף מאָרגן.

זיי זאָלן נישט קלויבן היינט אויף מאָרגן. זיי זאָלן קלויבן יעדער טאָג נאָר וויפל זיי דאַרפן אין דעם באַטרעפנדיקן טאָג. „מי שברא יום, ברא פרנסתו", ו). דער וועלאַכער האָט בעשאַפן דעם טאָג, האָט בעשאַפן אויך זיין פרנסה, זיין בעדאַרף.

**דער אייבערשטער האָט געגיבן מן די אידן יעדער טאָג פאַר דעם טאָגס געברויך, „למען אנסנו הילך בתורתי אם לא", ז) צו אויס פּרוּוון זיי צי זיי וועלן אָפּהיטן די מצוות פון דער תורה, צי נישט. ווי אַזוי האָט דאָס געקאָנט ווערן באַוויזן דורך דעם מן?**

סע זיינען פאַראַן צוויי הויפּט מניעות, שטערונגען וועלכע הינדערן דעם מענטשן צו לערנען תורה, און צו אָפּהיטן די מצוות: צו פיל אָרימקייט און

---

י) בראשית יח, ה.

א) רש"י, רמב"ן, בראשית יח, ז. פאַרגלייכט די פאַרשידענע ווערסיעס אין: בבא מציעא פו, ב; אר"נ נוסחא א, פרק יג און נוסחא ב, פרק כג; תנח. וירא ד; מה"ג,א' רסח, רע, רעא; ל"ט וירא יח, ז; מ"א וירא יח, ז; ספר הישר זייט 47.

זעט: באַנד א, זייט 130, נאָטע כ; מיין בוך „אברהם אבינו'ס לעבן און שאַפונג", זייט 110.

ב) שמות ב, כ. זעט אויך שמות יח, יב. אגב, די חכמים ז"ל טייטשן דעם דאָזיגן „לחם" אין דעם זין פון ווייב. בעמלאָך יתרו האָט איין געלאַדן משה'ן, מיט דעם געדאַנק, אפשר וועט ער נעמען איינע פון זיינע זיבן טעכטער פאַר אַ ווייב. תנח. שמות יא; ש"ר א, לב; מ"א שמות ב, ענדע פסוק כ; רש"י שמות ב, כ.

ג) שמואל א', כ, כז.

ד) ספורנו שמות טז, ד.

ה) שמות טז, ד.

ו) זעט מר"י בשלח זייט מז, ב; תנח. בשלח, כ; י"ש בשלח רנח; רש"י, רשב"ם שמות טז, ד.

ז) שמות טז, ד; יוב"ע, און פאַרגלייכט מיט אונקלוס און רש"י; תנח. בשלח, כ.

צו פיל רייכקייט. ווי זאָגט דאָס ווערטל: וואָס צו פיל איז איבעריק. איז איינער אַ גרויסער אָרימאַן. ער האָט קיין פּרנסה. דער דלות פּייפּט אין אַלע ווינקעלאַך. די קינדערלאַך בעטן אַ שטיקל ברויט, און סע איז נישט דאָ. און פון אַ מלבוש איז דאָך שוין אָפּ גערעדט. ווי זשע אַזוי קאָן אַזאַ איינער אין אַזאַ מצב, אין אַזאַ לאַגע זיצן און לערנען און עוסק זיין אין מצוות. אונזערע חכמים ז״ל זאָגן דאָך אַז אָרימקייט איז איין פון די דריי זאַכן וועלאַכע מאַכן עם אָהן מעגלאַך, ח).

איז איינער ווידער צו פיל רייך, איז דאָך „ורם לבבך ושכחת את ה׳ אל-קיך״, ט) אַז דאָס האַרץ ווערט דער-הויכט, פאַרגעסט מען דעם אייבערשטן. „וישמן ישורון ויבעט, שמנת, עבית, כשית, ויטוש אלקי עשהו״, י). ישראל איז געוואָרן פעט, דיק, גראָב האָט ער געבריקעט און פאַרלאָזט דעם איי-בערשטן, וועלאַכער האָט בעשאַפן אים.

און דאָס האָט שלמה המלך געמיינט ווען ער האָט געזאָגט „ראש ועושר אל תתן לי״, א) גיב מיר קיין אָרימקייט און קיין רייכקייט; נישט צו ווייניק, און נישט צו פיל. צו פיל רייכקייט, אָדער צו ווייניק פּרנסה האַלטן אָפּ פון לערנען תורה, און פון צו אָפּ היטן די מצוות.

האָט דער אייבערשטער געגיבן זיי אַלץ וואָס זיי האָבן בעדאַרפט, נישט מעהר און נישט ווייניקער. כדי זיי זאָלן האָבן קיין אויסרייד אַז דער עול, דער יאָך פון פּרנסה, צי צו פיל רייכקייט, לוקסוס האָט געשטעהרט זיי צו לערנען און טון מצוות. און דאָס מיינט „אנסנו״. ער האָט געוואָלט אוים פּריוון זיי דורך דעם מן, צי זיי וועלן דינען אים, צי נישט, ב).

די חכמים ז״ל זאָגן: „לא ניתנה תורה לדרוש אלא לאוכלי המן״, ג). **פאַר וואָס גרויד [גראָד, גראַדע] צו די וועלאַכע האָבן געגעסן דעם מן?**

ווען די אידן האָבן פאַרלאָזט מצרים, האָט דער אייבערשטער נישט געפירט זיי דורך אַ גראַדן, אַ גלייכן וועג קיין ארץ ישראל, נאָר דורך דער מדבר. ער האָט געטראַכט זיך: אויב ער וועט אַריין פירן זיי איצט קיין ארץ ישראל, וועט יעדער איינער פון זיי כאַפּן זיך באַלד, דער צו זיין פעלד, דער צו זיין וויין גאָרטן, און זיי וועלן נישט לערנען תורה. האָט ער אַרום געפירט זיי פערציק יאָר אין דער מדבר, זיי זאָלן עסן מן און טרינקן וואַסער פון דעם ברונעם, און די תורה וועט ווערן אַריין געמישט, איין געזאַפּט אין זייער גוף.

ווייל זיי האָבן נישט געהאַט דעם עול, דעם יאָך פון פּרנסה. מע האָט דאָך גע-גיבן זיי פיקס און פאַרטיק אַלץ וואָס זיי האָבן בעדאַרפט און געוואָלט. האָבן זיי דאָך געהאַט די גאַנצע צייט צו לער-נען. איז דערפאַר די תורה געוואָרן גע-גיבן זיי, ד).

---

ח) זעט עירובין מא, ב.

ט) דברים ח, יד.

י) דברים לב, טו.

א) משלי ל, ח. זעט דאָרט אויך פּסוק ט; טאָמער וועל איך אָן זעטן מיך, וועל איך לייקענען אין דיר און זאָגן ווער איז דער אייבערשטער. און טאָמער וועל איך ווערן פאַראָרמט...

ב) זעט: **עניני המן אויף שמות טז, ד. געדרוקט אין די חומשים מיט כו פירושים,** ירושלים, תש״ז; אור החיים שמות טז, ד.

ג) מר״י בשלח, זייט מז, ב, אויסגאַבע אום.

ד) איך מר״י אָנהייב בשלח זאָגט עס רבי שמעון, און אויף זייט מז, ב שטעהט רבי שמעון בן יוחאי. אין תנח. בשלח כ הייסט עס ר״ש בן יהושע. אין י״ש בשלח רנח זאָגט עס רבי שמעון בן יוחאי, און זעט דאָרט זית רענן; בחיי בשלח טז, טז; בעה״ט בהעלותך יא, ח. פאַרגלייכט אַלע ווערסיעס, און זעט די פאַרגעהענדיגע פראַגע און ענטפער.

**די תורה דערצעהלט אונז „ותעל שכב־בת הטל", ה) און סע האָט אויף גע־הויבן זיך אַ טוי שיכט. און אויף אַן אַנדער אָרט דערצעהלט אונז די תורה „וברדת הטל", ו) און ווען דער טוי האָט געגידערט אַראָפּ. ווי זשע איז דאָס צו ערקלעהרן?**

סע האָט אויף געהויבן זיך אַ טוי שיכט. דער מן האָט געגידערט אַראָפּ אויף דער דאָזיגער טוי שיכט. נאָך דעם האָט טוי געגידערט אַראָפּ פון אויבן, און האָט צו געדעקט דעם מן. און דער מן איז געליגן צווישן די צוויי שיכטן טוי, ראָסע ווי אין אַ קעסטל, שאַכטל, ז).

**די תורה זאָגט: „ותעל שכבת הטל... דק מחספס", ח) און סע האָט אויף גע־הויבן זיך אַ טוי שיכט... דק מחספס. וואָס מיינט דק מחספס?**

סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע טייטשן:
**מכילתא, גמרא...** טייטשן „מחספס" אַ זאַך וואָס מח, ווערט צעריבן אויף פּס, אויף דעם לעפל פון דער האַנט, ט).
**אונקלוס** זעצט איבער מחספס מיט מקלף, אַ דינע שאָלאַכץ.
**פשיטא**, י) די סורישע איבער זעצונג פון תנ״כ, זעצט איבער מיט ומתקלף, אַזוי ווי אונקלוס.
**רמב״נ** טייטשט אויס אונקלוס׳עס טייטש.
**אבן עזרא** אויף חומש דאָרט און

זעט עניני המן אויף שמות טז, ד, דער־מאָנט אין נאָטע ב.

ה) שמות טז, יד.

ו) במדבר יא, ט.

ז) יומא עה, ב; רש״י שמות טז, יד; ש״ט שמות טז, יד, זייט 242—241.

ח) שמות טז, יד.

ט) מר״י בשלח, זייט מט, א; יומא עה, ב; י״ש בשלח רס; ש״ט בשלח טז, זייט 248; יל״ה עח, כג.

י) עדיציע פון הגאון ר׳ חיים העליר ז״ל, ברלין, תרפ״ט. זעט בחיי בשלח טז, אָנהייב ד.

א) זעט אומעטום די פאַרשידענע ווער־

**מדרש שכל טוב** בשלח, זייט 242 האַלטן נישט מיט אונקלוס׳ן. זיי זאָגן דאָרט פאַר וואָס. און זעט „פירוש על אבן עזרא" אין חומש, סימן ת. האַלטן זיי שווין אויך נישט מיט דער פשיטא.
**יונתן בן עוזיאל** זעצט איבער מיט מסרגל. סרגל איז די טייטש אַ ווירע. זעט דאָרט דעם פירוש יונתן.
**רש״י** טייטשט מחספס מיינט מגולה, אויף געדעקט. זעט דאָרט איינצלהייטן.
**מדרש שכל טוב** בשלח זייט 242 טייטשט ווי רש״י.
**רשב״ם** זאָגט אַז לויט דעם אינהאַלט מיינט עס „מפוזר ככפור שקורין „גרישלא", פאַרשפּרייט ווי פראָסט וואָס מע רופט „גרישלא" [גריפּלע?].
אַגב, דאָס וואָרט מחספס געפינט זיך בלויז איין מאָל אין גאַנץ תנ״כ. דערפאַר איז עס אַזוי שווערער צו שטעלן פעסט דעם אַקוראַטנעדיקן טייטש, א).

**די תורה דערצעהלט אונז אַז סע איז אויף געגאַנגען אַ שיכט פון טוי, ראָסע „דק ככפור", ב). וואָס מיינט עס?**

סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע טייטשן:
**מכילתא דרבי ישמעאל**, ג);
**ילקוט שמעוני**, ד);
**מדרש שכל טוב**, ה);
**מדרש לקח טוב המכונה פסיקתא זוט־רתא**, ו)

סיעס; אַלע אויבן אויס גערעכנטע טייטשן אין שמות טז, יד, ווי אויך ספורנו, כלי יקר, אור החיים, און אַלע איבער זעצונגען און ווערטער ביכער אין די שפּראַכן וועלאַכע איר קענט.

ב) שמות טז, יד.

ג) בשלח זייט מט, א, עדיציע מאיר איש שלום, אויסגאַבע אום.

ד) בשלח רמז רס.

ה) בשלח טז, זייט 242, עדיציע באבער.

ו) בשלח טז, יד, עדיציע באָבער, בהע־לותך, זייט קא, א, עדיציע משה אהרן פאַדווא.

טייטשן: אזוי ווי „גליד", פראָסט, די־נענקער פראָסט.

**ספרי, ז)**: אַ דינע פלאַכטע אייז, וועלאַכע איז געוואָרן ווי אַ טאָץ.

**אונקלוס,**
**יונתן בן עוזיאל און**
**פשיטא, ח)**
זעצן איבער דאָס וואָרט **ככפור** מיט גלידא, פראָסט. זעט ווייטער **רש"י** וועגן אונקלוס.

**ירושלמי,** זעצט איבער ככפור מיט כפו־רא, פראָסט.

**רש"י** טייטשט: כפור ייליד"א, **ט)** בלעז. ער ברייגנט אונקלוס'עס איבער זעצונג „כגיר כגלידא". ער טייטשט גלידא פראָסט. און באַמערקט אַז דאָס וואָרט כגיר האָט אונקלוס צו.געגיבן, און אַז גיר האָט אַ שוואַרצן קאָליר, אַ שוואַר־צע פאַרב. אָבער אויף אַנדערע ער־טער, **י)** טייטשט רש"י גירא קאַלך, וואַנט קאַלך [וואַפנע]. און דאָס איז דאָך ווייס. מהר"י קרא אויף ישעיה זאָגט קריד"א [קרייד ?].

אגב, גיר געפינט זיך איין מאָל אין תנ"כ, אין ישעיה כז, ט. און דער תרגום זעצט איבער עס מיט גיר, נישט מיט גירא. גירא געפינט זיך איין מאָל אין תנ"כ, אין דניאל ה, ה.

**מדרש שכל טוב** בשלח זייט 242 און **רמב"נ** טייטשן אין דעם זין פון „כפור כאפר יפזר", **א)** ער פאַרשפּרייט פראָסט ווי אַש.

**ווען האָט דער מן אָן געהויבן צו ניי־דערן אַראָפּ?**

סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיינונ־גען:

אין חודש אייר, **ב)**;

חצי אייר, אין האַלב, אין מיטן חודש אייר, **ג)**;

---

**ז)** בהעלותך פיסקא פט. דאָרט שטעהט „סק בקוטלא". אין י"ש בהעלותך תשלה שטעהט „אסקוטלא".

**ח)** די סורישע איבער זעצונג פון תנ"כ, עדיציע הגאון ר' חיים העליר ז"ל, ברלין, תרפט.

**ט)** אַזוי שטעהט אין ר' אברהם ברלינער'ס רש"י אויסגאַבע, און אויך אין רש"י אין פאַרשידענע חומשים. אין רש"י אין אַנדערע חומשים שטעהט „גלידא". אין בית יהודה חומש הייסט עס: „כפור גלידא בלעז [רייף געפראָרן]".

אגב, מע שרייבט געוויינלאַך [געוויינטלאַך] דאָס וואָרט **בלעז** מיט אייבער שטרעכאַלאַך — בלע"ז. און מע האַלט אַז דאָס זיינען ראשי תיבות די ערשטע אותיות, איניציאַלן פון די ווערטער **בלשון עם זר**. בעמלאַך, אַז אין אַ פרעמדער שפראַך איז דער טייטש פון דעם וואָרט אַזוי און אַזוי. איז דער דאָזיקער איינ־פאַל טאַקע אַ גאון'ישער. אָבער סע איז אַבסאָ־לוט נישט ריכטיק.

ערשטנס, רש"י ז"ל האָט נישט געשריבן מיט אייבער שטרעכאַלאַך. צוויטנס לועז [לויאייז] איז די טייטש אַ פרעמד לאַנד, אַ פרעמדע שפראַך. זעט דעם פסוק „בצאת יש־ראל ממצרים, בית יעקב מעם לועז" [לויאייז] אין תהלים קיד, א, רש"י און די אַנדערע מפר־שים דאָרט. זעט רש"י בראשית א, יא **בל'** לעז; אין ג, כד ובלשון לעז; אין שמות ד, י ובלשון לעז, און אין נאָך ערטער.

ווען דאָס זאָל זיין אַ ראשי תבות, וואָלט דאָך רש"י בעדאַרפט זאָגן ובלשון **עז**, ווייל די **ב** און די **ל** זיינען דאָך שוין דאָ אין דעם וואָרט **ובלשון**!

דריטנס, רש"י איז געווען אַ פעדאַגאָג בחסד עליון. ער איז געווען **דער פרשן דתא**. ער איז אויסן געווען צו פאַרגרינגערן, צו פאַר־לייכטערן, נישט צו פאַרשווערערן.

אַלזאָ, שרייבט פון היינט אָן און ווייטער בלעז, אָהן אייבערשטרעכאַלאַך.

זעט אָפּקירצונגען, זייט 80, נאָטע **א**.

**י)** ישעיה כז, ט; דניאל ה, ה.

**א)** תהלים קמז, טז. זעט ספורנו שמות טז, יד.

**ב)** זעט די פאָלגענדיגע קוועלעס ביז ז.

**ג)** בחיי בשלח טז, לה.

פיפצן טעג אין חודש אייר, ד);
זעכצן טעג אין חודש אייר, ה).
פינעף און פערציק טעג נאָך די אידנס פאַרלאָזן מצרים, ו).

**אין וואָס פאַר אַ טאָג אין דער וואָך האָט דער מן אָן געהויבן צו פאַלן אַראָפּ?**
זונטיק, ז).

**האָט דער מן געניִדערט אַראָפּ שבת?**
ניין, ח).

משה האָט געזאָגט זיי אַז שבת זאָלן זיי עסן וואָס סע איז געבליבן פון פרייטיק, ווייל שבת וועט נישט נידערן אַראָפּ מן, ט).

אגב, משה האָט געזאָגט די אידן אַז שבת זאָלן זיי עסן דעם מן וואָס איז געבליבן פון פרייטיק. „אכלוהו היום, כי שבת היום לה׳, היום לא תמצאוהו בשדה״, י) עסט אים היינט, ווייל היינט איז שבת צום אייבערשטן. היינט וועט איר נישט געפינען אים אין פעלד.

פון די דריי מאָל „היום״ היינט, דרינגט מען אַרויס אַז שבת דאַרף מען עסן שלש סעודות, דריי מאָלצייטן, א).

לויט אַן אַנדער מיינונג קומט אויס אַז יעדער טאָג איז געפאַלן אַראָפּ איין עומר און שבת צוויי עומרים [?!], ב).

אגב, און דאָס וואָס שבת און ימים טובים דעקן מיר דעם טיש מיט אַ ווייס טישטאָך, און דעקן צו די חלות מיט אַ ווייס טישטאַכל. איז דאָס אין אָנדענק פון דעם וואָס שבת איז דער מן וועלכער איז געליגן צווישן צוויי שיכטן טוי, נישט געפאַלן אַראָפּ, ג).

**האָט דער מן געניִדערט אַראָפּ אין ימים טובים?**
סע זיינען פאַראַן צוויי מיינונגען:
ניין, נישט ימים טובים און נישט יום הכיפורים, ד).

יאָ. אין דער תפילה „אתה קדשת״ אין דער פרייטיק צו נאָכטסדיקער שמונה עש־

ד) א״ר ז, יא; תרגום יונתן שמות יב, לט; תנח. בא ט; רש״י שמות טז, פסוקים א און לה; י״ש בא רט; ש״ט בא יב, לט, זייט 142; ל״ט בא יב, לט. זעט שבת פז, ב.
זעט די מקורות, קוועלעס צו דער פאָלגענ־דיגער פראַגע און ענטפער.

ה) זעט: תוספתא סוטה, פרק יא, 6; ש״ט בשלח טז, א, ענדע זייט 210 און בשלח טז, לה, זייט 246; ל״ט בשלח טז, א; בחיי בשלח טז, א.

ו) פ״ר פיסקא טו, זייט עג, א; פר״כ מט, ב, אויסגאַבע אום; במ״ר יא, ב; י״ש הושע תקיח.

ז) זעט רש״י שמות טז, א און רש״י שבת פז, ב אונטער דעם וואָרט ואותו; בחיי בשלח טז, פסוקים א, ה, יג, לה און כט, ג; י״ר בראשית י, ב.

ח) שמות טז, פסוקים כה, כו און כז.
זעט: ב״ר יא, ב; תנח״ב בשלח כד; מ״א בשלח טז, כו; רש״י בראשית ב, ג און שמות כ, יא; ש״ט בשלח טז, זייט 244; י״ש בראשית טז און בשלח רסא; ל״ט בראשית ב, ג און בשלח טז, כו; תוספות פסחים ק, ב אונטער דעם וואָרט שאין; תוספות ביצה ב, ב אונטער דעם וואָרט שהיה; י״ר בראשית כח, א.

ט) זעט שמות טז, פסוקים כב—כח.

י) שמות טז, כה.

א) ש״ט בשלח טז, סימן ל, זייט 244, אין נאָמען פון מדרש ר׳ הונדקא. אין ל״ט בשלח טז, כה שטעהט ר׳ הינדקא. אין מר״י בשלח, זייט נ, א זאָגט עס ר׳ זריקא.
אין: שבת קיז, ב אונטן; י״ש בשלח רנח זאָגט רבי חידקא פיר.
זעט שדא״ג בראשית זייט ז.

ב) זעט מר״י בשלח, זייט מז, ב, אויס־גאַבע אום [אָבער זעט דאָרט זייט נ, א ויהי ביום הששי און נ, ב על כן]; פ״ר פיסקא כג, זייט קיז, ב.

ג) זעט תוספות פסחים ק, ב, אונטער דעם וואָרט שאין; שדא״ג יתרו, סימן נד, זייט נה.

ד) מר״י בשלח, זייטן נ, ב און נא, א; מר״ש זייט 79; תנח״ב בשלח כד; י״ש בשלח

רה שטעהט „וברכתו מכל הימים וקדשתו מכל הזמנים", און דו האָט געבענטשט דעם שבת מעהר פון אַלע טעג, און דו האָסט געהייליקט אים מעהר פון אַלע צייטן [ימים טובים]. איז געדרינגען פון דעם אַז דער מן האָט יאָ גענידערט אַראָפּ ימים טובים, ה).

**וואָס מיינט „ברכו במן וקדשו במן", דער אייבערשטער האָט געבענטשט און געהייליקט דעם זיבעטן טאָג?**

סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיינונגען:

ער האָט געבענטשט דעם שבת מיט דעם וואָס יעדער טאָג האָט גענידערט אַראָפּ איין עומר און ערב שבת צוויי. און ער האָט געהייליקט אים דערמיט וואָס שבת האָט דער מן נישט גענידערט אַראָפּ, ו).

ער האָט געבענטשט דעם זיבעטן טאָג: ווי פיל איינער גיט אים אויף שבת זאָל דער אייבערשטער אָפּ צאָלן אים דאָפּלט [פיל פאַכיק], ז).

ווען סע איז געקומען דער זיבעטער טאָג, האָט ער שוין געהאַט בעשאַפן דעם מענטשנס אַלע בעדאַרפעניש און שפּייז. איז דער זיבעטער טאָג געווען געבענטשט מיט אַלעם גוטן, ח).

ער האָט געבענטשט אים מיט עסן, טרינקען, און ריינער, ציכטיגער קליידונג, ט).

שבת דאַרף אַ מענטש זיין געקליידט אַנדערש ווי אין דער וואָכן, י).

אַ מענטש דאַרף האָבן צוויי גאַרניטערס, גאַרניטורן, אַנצוגן, איינעם פאַר אין דער וואָכן, און איינעם פאַר שבת, א).

---

רסא; רש"י שמות טז, כו; ש"ט בשלח, טז, כו, זייט 244; ל"ט בשלח טז, כו.

זעט תוספות פסחים ק, ב, אונטער דעם וואָרט שאין, און תוספות ביצה ב, ב, אונטער דעם וואָרט והיה; י"ר בראשית כח, א.

ה) זעט: תוספות עירובין לח, ב אונטער דעם וואָרט ואין; פסחים קטז, א אונטער דעם וואָרט מה; ביצה ב, ב אונטער דעם וואָרט והיה. און זעט אין תוספות ביצה וועגן יום טוב וואָס איז אויס געקומען אין אַ שבת.

ו) ב"ר יא, ב, זעט דאָרט אַנדערע ערקלעהרונגן און מהרז"ו; י"ש בראשית טז; רש"י בראשית ב, ג; ל"ט בראשית ב, ג.

אין פ"ר, פיסקא כג, זייט קיז, ב: ער האָט געבענטשט דעם שבת מיט דעם וואָס „שבכל יום עומר אחד ובשבת שני עומרים" [?]. און ער האָט געהייליקט אים דערמיט וואָס דער מן האָט נישט געראָכן, און ווערים זיינען נישט אַריין אין אים.

פאַרגלייכט מיט מר"י בשלח זייט מז, ב.

אין מר"י בשלח, זייט מז, ב: בכל יום היה ריחו נודף ובשבת יותר. יעדער טאָג האָט ער געהאַט אַ גוטן ריח, דופט. און שבת האָט ער געשמעקט נאָך בעסער. פאַרגלייכט מיט מר"י בשלח, זייט נ, א: ויהי ביום הששי... און זעט: שו"ט צב, א; יל"ה צב, א.

זעט: א"ע, רמב"ג, ספורנו, בראשית ב, ג: י"ר בראשית כח, א; תוספות ביצה ב, ב אונטער דעם וואָרט והיה.

רבינו בחיי בראשית ב, ג זאָגט: „רש"י ז"ל פירש ברכו במן וקדשו במן, ע"כ וכבוד הרב במקומו מונח איננו נכון שירמוז לעתיד". דאָס מיינט אַז רבינו בחיי האַלט נישט מיט רש"י ז"ל אַז ויברך... ויקדש [בראשית ב, ג] באַציט זיך אויף דער צוקונפט. זעט אין רבינו בחיי דאָרט זיין אויס טייטש.

ז) מ"א בראשית ב, ג.

ח) רשב"ם בראשית ב, ד, אויסגאַבע אום.

ט) פ"ר פיסקא כג, זייט קטו, ב.

י) שבת קיג, א, לעצטע צוויי שורות.

א) זעט די פאַרשידענע ווערסיעס אין:

ירוש. פאה, פרק ח, ענדע הלכה ז; שבת קיג, ב; מר"י מסכתא דפסחא, אָנהייב פרשה ט, זייט ט, אויסגאַבע אום; ספרא אמור פרשה יב, זייט קב, אויסגאַבע אום; ספרי פנחס, פיסקא קמז, אויסגאַבע אום; פ"ר פיסקא כג, זייט קטו, ב; ב"ר יא, ב; ר"ר, פרשה ה, פסוק ג, סימן יב; תנח. בראשית ב; י"ש

ער האָט געבענטשט דעם שבת מיט מן, און ער האָט געהייליקט אים מיט מן, ב).

ער האָט געבענטשט אים מיט מן, און געהייליקט אים מיט ברכה, ג).

ער האָט געבענטשט אים מיט מן, און געהייליקט אים „במקושש", ד).

ער האָט געבענטשט אים מיט מן, און ער האָט געהייליקט אים מיט די ליכטער, ה).

ער האָט געבענטשט אים מיט ליכט. אַזוי זאָגט רבי אלעזר, און ער דערצעהלט: „און סע האָט פּאַסירט טאָקע מיט מיר אַליין. איך האָב אָן געצינדען דאָס ליכט אַ מאָל אין אַ געוויסן פרייטיק פאַר נאַכט, און סע האָט נאָך געברענט מוצאי שבת, און סע האָט געפעהלט גאָר נישט פון דעם", ו).

ער האָט געבענטשט אים מיט מן, און געהייליקט אים מיט דער ליכטיקייט פון אדם הראשון'ס פּנים, ז).

ער האָט געבענטשט אים מיט דער ליכטיקייט פון דעם מענטשנס פּנים, און געהייליקט אים מיט דער ליכטיקייט פון דעם מענטשנס פּנים. ווייל דאָס ליכטיקייט פון דעם מענטשנס פּנים אין דער וואָכן, איז נישט גלייך צו דער ליכטיקייט פון דעם מענטשנס פּנים אין שבת, ח).

**אין וואָס פאַר אַ צייט פון טאָג האָט דער מן געגידערט אַראָפּ?**

ביי נאַכט, ח*).

**פאַר וואָס האָט דער מן נישט גענידערט אַראָפּ בלויז איין מאָל אַ יאָר?**

סע זיינען פאַראַן דריי טעמים:

רבי שמעון בן יוחאי'ס תלמידים האָבן געפרעגט דאָס אים. האָט ער געענטפערט זיי: איך וועל גיבן אייך אַ משל. צו וואָס קאָן מען צו גלייכן דאָס, צו אַ קעניג פון פליישׁ און בלוט וועלאַכער האָט איין זון, און ער גיט אים אויף זיינע יאָרליכע הוצאות, אויסגאַבן, איין מאָל אַ יאָר. זעט זיין זון זיך מיט אים בלויז איין מאָל אַ יאָר. איז געגאַנגען דער פאָטער, און ער האָט אָן געהויבן גיבן די שפּייזן זיין זון טעגליך. האָט דער זון אָן געהויבן צו זען זיך מיט אים אַלע טאָג.

---

בראשית טז, ישעיה תצו און רות תרד; ילה"י נח, יג; שאילתות דרב אחאי גאון אָנהייב בראשית; רש"י רות ג, ג און פאַרגלייכט א"ע דאָרט; רד"ק ישעיה נח, יג.

זעט אויך וואָס רב הונא, ר' חייא בשם ר"י, אבין ב"ר חסדאי, רבי ירמיה, רבי זעירא זאָגן וועגן דעם אין ב"ר יא, ב.

**ב)** אַזוי זאָגט רבי ישמעאל. פאַרגלייכט די ווערסיעס אין: מר"י יתרו, מסכת בחודש, זייט סט, ב, אויסגאַבע אום; ב"ר יא, ב; י"ש בראשית טז; ל"ט בראשית ב, ג.

ג) אַזוי זאָגט רבי עקיבא, מר"י יתרו, בחודש פרשה ז, זייט סט, ב, אויסגאַבע אום.

אין ב"ר יא, ב זאָגט עס רבי נתן, זעט רד"ל דאָרט.

ד) אַזוי זאָגט רבי יצחק, מר"י זייט סט, ב, אויסגאַבע אום; ב"ר יא, ב.

פאַרגלייכט י"ש בראשית טז. **איפת צדק** מעקט אויס במקושש, און ערזעצט עס מיט **במלאכה.**

סע איז פאַראַן אַ מיינונג אַז די הגהות פון „איפת צדק" אויף דער מכילתא זיינען פון דעם ווילנער גאון ז"ל.

ה) אַזוי זאָגט רבי שמעון בן יוחאי, מר"י, פרשה יתרו, זייט סט, ב, אויסגאַבע אום.

פאַרגלייכט מיט: ב"ר יא, ב; י"ש בראשית טז.

ו) ב"ר יא, ב. אין י"ש בראשית טז שטעהט **ר' אליעזר.**

ז) אַזוי זאָגט רבי שמעון בן יהודה איש כפר עכו אין דעם נאָמען פון רבי שמעון, מר"י יתרו, בחודש, ענדע פרשה ז, זייט סט, ב, אויסגאַבע אום.

ח) ב"ר יא, ב. זעט מהרז"ו דאָרט.

ח*) במדבר יא, ט.

דאס זעלבע איז געווען מיט די אידן. ווען איינער האט געהאט פיר צי פינעף קינדער, האט ער געזארגט און געטראכט זיך טאמער וועט מארגן נישט נידערן אראפ מן, וועלן זיי אלע דאך שטארבן פון הונגער. איז דער מן געווארן געגיבן זיי יעדער טאג, זיי זאלן געוואוינען זיך צו פארלאזן זיך אויף דעם אייבערשטן. און זייערע אויגן וועלן זיין געריכטעט צו זייער פאטער אין הימל טעגלאך, ט).

כדי זיי זאלן עסן דעם מן ווארעמער־הייט, י).

צו פארשפארן זיי דאס טראגן, דאס שלעפן דעם מן מיט זיך, א).

**וואו איז [האט] דער מן גענידערט אראפ?**

אין אלוש, ב).

די תורה דערצעהלט אונז אז די אידן זיינען געקומען אין דער מדבר סין, און דארט האבן זיי באקלאגט זיך אז זיי האבן קיין שפייז. איז געווארן געגיבן זיי מן דארט, ג).

אין אן אנדער ארט הייסט עס: זיי זיינען געצויגן פון דער מדבר סין, און זיי האבן געלאגערט אין רפידים, ד).

אויף אן אנדער ארט זאגט דער פסוק: זיי זיינען געצויגן פון דער מדבר סין קיין דפקה, פון דפקה קיין אלוש, פון אלוש קיין רפידים, ה).

אין מדרש איז פאראן אז מדבר סין איז מדבר אלוש, ו). און אויף אן אנדער ארט הייסט עס: מאלים לאלוש, מאלוש למרה, ממרה לרפידים, מרפידים לסי־ני, ז).

**פאר וואס איז דער מן געפאלן אראפ אין אלוש?**

אין דעם זכות וואס אברהם אבינו האט געזאגט צו שרה'ן „לושי ועשי עוגות", ח) קנייט און מאך, באק קוכנס, ט).

לויט אן אנדער ווערסיע: אין דעם זכות פון אונזער מוטער שרה, ווען אברהם האט געזאגט „לושי ועשי עוגות", י).

**איז דער מן געפאלן אראפ אין דער גאנצער מדבר?**

ניין, נאר אין געוויסע ערטער, א).

**איז דער מן געפאלן אויף דער גאלער ערד?**

ניין. סע איז געקומען ארויס א צפון ווינט. ער האט געבלאזן און אויס גע־קעהרט די מדבר. א רעגן האט גענידערט

ט) יומא עו, א; ספרי בהעלותך, פיסקא פט. זעט: י"ש בשלח רס און בהעלותך תשלה; יל"ה עח, כא.

י) יומא עו, א; י"ש בשלח רנח און רס און בהעלותך תשלה. זעט מר"י בשלח זייט מט, א „יכול יהא יורד צונן"; בחיי בשלח טז, ד.

א) יומא עו, א. זעט י"ש בשלח רנח, רס און בהעלותך תשלה.

ב) ש"ר כה, ה; תנח"ב בשלח כג; יל"ה עח, כג. זעט דארט ווער סע זאגט עס.

ג) שמות אנהייב קאפיטל טז.

ד) שמות יז, א און זעט מהרז"ו אין ש"ר כה, ה.

ה) במדבר לג, פסוקים יב, טו.

ו) ב"ר מח, יב.

ז) שי"ר א, ג, ד. זעט דארט מהרז"ו און חידושי הרש"ש אז די נעמען פון די מסעות, די עטאפן, די סטאנציעס, די ערטער וואו זיי האבן אפ געשטעלט זיך, זיינען פארביטן, פארמישט.

ח) בראשית יח, ו.

ט) ש"ר כה, ה.

י) תנח"ב בשלח, כג. אין יל"ה עח, כג שטעהט שרה עמנו, אויף דעם ארט פון אמנו.

א) זעט: מר"י בשלח מט, א; י"ש בשלח רנט; ש"ט בשלח טז, זייט 242, צווייטע שורה.

אַראָפּ, און ער האָט אוים געוואַשן די ערד. אַ טוי, ראָסע האָט אויף געהויבן זיך. דער ווינט האָט געבלאָזן אויף אים. ער האָט געמאַכט אים אַזוי ווי טישן פון גאָלד, ב). דער מן האָט גענידערט אַראָפּ אויף דעם, ער זאָל נישט איין רעכטן, איין שמירן זיך. אַ טוי האָט גע־נידערט אַראָפּ און האָט צו געדעקט אים. און דער מן איז געליגן צווישן ביידע שיכטן טוי ווי אין אַ קאַסטן, ג).

**די אידן האָבן דאָך באַקלאָגט זיך וועגן דעם מאַנגל אין שפּייז. אין וואָס פאַר זשע שטימונג איז דער מן געוואָרן געגיבן זיי?**

אין אַ זעהר גוטער שטימונג. דער מן איז געוואָרן געגיבן זיי „בפנים מאירות", מיט אַ לייכטנדיק פּנים, ד).

**ווי הויך איז אָן געפאַלן דער מן?**

סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיינונ־גען:

פיפציק איילן, ה).

זעכציק איילן, ו);

צוויי טויזנט איילן הויך יעדער טאָג, ז).

ער פלעגט פאַלן אַזוי הויך אַז אַלע קעניגם פון מזרח און מערב זאָלן זען אים, ח).

ער איז אָן געפאַלן העכער פון דער הויך פון דעם מבול וואַסער, ט).

ער איז געווען צוויי איילן הויך פון דער ערד, און זיי האָבן גענומען פון אויבן, י).

**וויפל שפּייז האָט ענטהאַלטן דער טעגליכער מן אַראָפּ פאַל?**

ער האָט ענטהאַלטן שפּייז אויף צוויי טויזנט יאָר, א).

**ווי אַזוי האָט דער מן גענידערט אַראָפּ?**

ווי אַ דינינקער רעגן, ב).

**דער מן איז געווען „כזרע גד לבן", ג).**

**וואָס מיינט עס?**

סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע טייטשן.

ער איז געווען:

ווי אַ קאָריאַנדער, ד);

---

ב) אין שו"ט עח, ד שטעהט „ווי טישן פון גין גאָלד און טייערע שטיינער".

ג) זעט: שמות טז, יד; במדבר יא, ט.

פאַרגלייכט די פאַרשידענע נוסחאות, ווער־סיעס אין:

מר"י בשלח מט, א; מר"ש זייטן 76 און 77; ספרי בהעלותך פיסקא פט; ספרי ב' בהעלותך זייט 273; מ"א בשלח אָנהייב טז און בהעלותך מא, ח; שו"ט עח, ד; ילק"ה עח, כה; מה"ג,ב', זייט 174; י"ש בשלח רנט, רס און בהעלותך תשלה; רש"י שמות טז, ז און יג; ש"ט בשלח טז, זייטן 242—241; ל"ט בשלח יג און יד; בחיי בשלח טז, יג.

ד) מר"י בשלח מז, ב, און פאַרגלייכט מיט: יומא עה, ב, ערשטע שורה; מה"ג,ב' זייט 173; י"ש בשלח ענדע רנח; י"ש בשלח טז, ח; ל"ט בשלח טז, ז; רקאַנטי בשלח מד.

ה) י"ש תהלים תרצג און תתיט. דאָס זאָגט איסי בן עקיבא.

ו) מר"י בשלח זייטן מט, א און ב, עדי־ציע מאיר שלום, אויסגאַבע אום; מר"ש זייט 77; יומא עו, א; מ"א בשלח טז, ד; שו"ט כג, ה; ילק"ה כג, ט; ש"ט בשלח, טז, לא, זייט 248; מה"ג,ב', זייט 175; י"ש נח, נח, בשלח רס און תהלים תתיט; בחיי בשלח טז, ד; ל"ט בשלח טז, יד.

ז) תנח"ב בשלח כא; י"ש בשלח רנח.

אין שו"ט כג, ה זאָגט ער זעכציק איילן. פאַרגלייכט אַלע ערטער וועגן דעם נאָמען.

ח) ש"ט בשלח טז, לא, זייט 247; י"ש בשלח ס.

ט) ש"ר כה, ז.

י) מר"י בשלח, מח, ב; י"ש בשלח רנט. זעט די נאָטן פון ה ביז אַהער.

א) תנח"ב בשלח כא, און זעט דאָרט הערה קטז וועגן דעם מהרש"א'ס קשיא אין חידושי אגדות אויף יומא עו, א; שו"ט עח, ג; י"ש בשלח רנח און תהלים תתיט.

ב) בחיי בשלח טז, ד.

ג) שמות טז, לא.

ד) י"ש בהעלותך תשלה; ש"ט בשלח טז,

קיילעכדיק ווי אַ קאָריאַנדער, ה).

ער איז געווען ווייס, ו).

ער איז געווען ווי אַ ווייסער קאָריאַנ־דער זאָמען, ז).

ער איז געווען ווי אַ קאָריאַנדער זאָ־מען, וואָלאַכער איז קיילעכדיק, אָבער נישט ווייס. דאַקעגן דער מן איז געווען קיילעכדיק און אויך ווייס, ח).

קיילעכדיק ווי אַ קאָריאַנדער און ווייס ווי פּערל, ט);

דינענקע זערנעלאַך, קיילעכדיק, ווייס און זיס, י);

ווי פלאַקס זאָמען, א);

ווי פלאַקס זאָמען. נאָר אַזוי ווי פלאַקס איז רויט, זאָגט דער פּסוק „לבן" אַז דער מן איז געווען ווייס, ב).

ווי דער פלאַקס זאָמען אויף די שטע־קעלאַך, ג);

ווי גאָרשיצע, ד);

ווי קרישטאָל, ה).

ווי אָפּ געשיילטע קיילעכדיקע זערנע־לאַך, ו).

**פאַר וואָס ווערט דער מן באַצייכנט מיט גד, ז)?**

ווייל מגיד, ער פלעגט דערציילן וואָס סע טוט זיך אין בעהאַלטענע ערטער. ווען איינער, למשל, האָט פאַרקויפט זיין טראָגעדיקע דינסט אַ צווייטן. און פּונקט דענצמאָל האָט זי געבאָרן דאָס קינד. זיינען זיי געקומען צו משה'ן זיך לאָדן. דער האָט גע'טענה'ט אַז דאָס קינד איז געוואָרן געבאָרן אין זיין רשות, געהערט עס צו אים. דער אַנדערער, ווידער, האָט גע'טענה'ט אַז דאָס קינד איז געוואָרן געבאָרן אין זיין רשות, סע געהערט צו אים. האָט משה געהייסן זיי קומען אין דער פרי.

אין דער פרי איז משה געגאַנגען אין דעם פאַרקויפערס הויז. האָט ער גע־טראָפן דאָרט דעם קינדס פאַרציע מן, האָט ער געוויסט אַז דאָס קינד איז גע־וואָרן געבאָרן אין זיין רשות, און סע געהערט צו אים. אויב ווידער ער האָט נישט געפונען דעם קינדס פאַרציע מן

---

לא, זייט 247; ל"ט בשלח טז, יד און בהע־לותך ק, ב.

ה) רש"י במדבר יא, ז.

ו) שמות טז, לא און זעט י"ש בשלח רסא.

ז) זעט: שמות טז, לא, די תרגומים אונק־לוס, יונתן בן עוזיאל, און ירושלמי, פשיטא שמות, און אבן עזרא.

אין במדבר יא, ז שטעהט אַז דער מן איז געווען „כזרע גד", און סע שטעהט נישט לבן. אָבער יונתן בן עוזיאל זעצט איבער מיט ווייסער קאָריאַנדער זאָמען.

דער אבן עזרא אויף במדבר יא, ז ברייננגט טייטשן פון אַנדערע, און אויך אַז סע מיינט גאָרשיצע, און וועגן זיך אַליין זאָגט ער „ואנכי לא ידעתי", און איך ווייס נישט.

ח) שמות טז, לא און רש"י דאָרט, און זעט רש"י במדבר יא, ז.

ט) יומא עה, א און זעט דאָרט רש"י אונטער די ווערטער והוא און כגידא; י"ש בשלח, רסא און בהעלותך תשלה; ש"ט בשלח טז, לא, זייט 247; ל"ט בהעלותך ק, ב, אונטן; מה"ג,ב', זייט 179.

י) בחיי בשלח טז, ד.

א) מר"י בשלח, זייט נא, א; מ"א בהע־לותך יא, ז; י"ש בשלח רסא; ש"ט בשלח טז, לא, זייט 247.

ב) מר"י בשלח, זייט נא, א; י"ש בשלח רסא; ל"ט בשלח טז, לא. ש"ט בשלח טז, לא, זייט 247 איז נישט מסכים, שטימט נישט איין מיט דעם דאָזיקן טייטש.

ג) יומא עה, א; י"ש בשלח רסא און בהעלותך תשלה.

ד) זעט א"ע שמות טז, לא; במדבר יא, ז.

ה) רש"י במדבר יא, ח. אַז בדולח מיינט קרישטאָל זעט בראשית ב, יב. זעט אומעטום ווער סע זאָגט וואָס.

ו) בחיי בשלח טז, ד.

ז) במדבר יא, ז.

דאָרט, האָט ער געוויסט אַז דאָס קינד איז געוואָרן געבאָרן אין דעם קויפערס רשות, און סע געהערט צו אים, ח).

ער פלעגט זיין זעהר באַהילפיק אין שליכטן סכסוכים, פסק'ענען אַ דין, גיבן אַרויס אַן אורטייל.

צוויי מענטשן זיינען געקומען צו משה'ן האָבן אַ דין תורה, לאָדן זיך. איינער האָט גע'טענה'ט „דו האָסט גע־גנב'עט מיין קנעכט". און דער צווייטער האָט גע'טענה'ט „דו האָסט פאַרקויפט אים מיר". האָט משה אָפּ געלייגט דעם אורטייל אויף מאָרגן.

מאָרגן — האָט מען געפונען דעם קנעכטס מעסטל מן ביי זיין בעל הבית, ביי זיין אייגענטימער אין הויז, האָט מען געוויסט אַז דער צווייטער האָט גע'גנב'עט אים. האָט מען, ווידער, געפי־נען דעם קנעכטס מעסטל אין דעם צווייטנס הויז, איז געווען קלאָר אַז ער האָט געקויפט אים.

אַ מאַן האָט גע'טענה'ט אַז זיין ווייב האָט געזינדיקט געגן אים. דאָס ווייב האָט גע'טענה'ט אַז איר מאַן האָט גע־זינדיקט געגן איר, און זי האָט געמאָנט איר כתובה. האָט משה אָפּ געלייגט דעם אורטייל אויף מאָרגן.

מאָרגן — האָט מען געפינען איר מעסטל מן אין איר מאַנס הויז, האָט מען געוויסט אַז זי האָט געזינדיקט געגן איר מאַן. האָט מען, ווידער, געפינען איר מעסטל מן אין איר פאָטערס הויז, איז געווען קלאָר אַז איר מאַן האָט גע־זינדיקט געגן איר, ט).

אגב, זאַכן וועלכע נישט אידישע סוח־רים, הענדלערס, האָבן פאַרקויפט די אידן, פלעגט דער מן אויס וועפּן, י).

**זיינען די זערנעלאַך מן געווען יעדער טאָג גלייך אין מאָס?**

ניין. יעדער טאָג האָבן זיי גענידערט אַראָפּ צי איינציקע „פּרוטות", קליינע פיצעלאַך. ערב שבת האָבן זיי גענידערט אַראָפּ דאָפּלט די גרויס, א). ווי סע שטעהט אין פּסוק „משליך קרחו כפי־תים", ב) ער וואַרפט זיין אייז ווי שטיקלאַך.

**האָט דער מן געהאַט עפּעס אַ ריח, אַ דופט?**

יאָ. יעדער טאָג האָט ער געשמעקט גוט. שבת האָט ער געשמעקט נאָך בע־סער, ג).

שבת איז ער געווען אַנדערש אין טעם געשמאַק, אין ריח דופט, און אין זיין אויס זען, ד).

אַלע טאָג האָט דער מן געלויכטן ווי גאָלד. שבת האָט ער געלויכטן נאָך מעהר, ה) ליכטיקער.

---

ח) מ"א בשלח, ענדע טז.

ט) פאַרגלייכט און זעט ווער סע זאָגט וואָס אין: מר"י בשלח, זייט נא, א; יומא עה, א; מ"א בהעלותך יא, ז; י"ש בשלח רסא און בהעלותך תשלה; ש"ט בשלח טז, לא, זייט 247; ל"ט בשלח טז, לא, און בהע־לותך, זייט ק, ב, אונטן; בחיי בשלח טז, כא; כלי יקר טז, טו.

י) ספרי בהעלותך אָנהייב פּיסקא פּח, אויסגאַבע אום; יומא עה, ב; שי"ר יד, יב, ג, און תהלים תתיט; י"ש בשלח אָנהייב רס; ש"ט בשלח טז, לא, זייט 248; יל"ה עח, כב.

א) ש"ט בשלח טז, ה, זייט 212 און כט זייט 245. איך תנח"ב שטעהט „פרידה" און „פרידות".

ב) תהלים קמז, יז.

ג) מר"י בשלח מז, ב; י"ש בשלח רנח; ש"ט בשלח טז, ה, זייט 212; מה"ג,ב', זייט 172 אונטן. רש"י שמות טז, כב. זעט ל"ט בשלח טז, ענדע ה.

ד) תנח"ב בשלח, כד.

ה) מר"י בשלח, זייט מז, ב; מר"ש זייט 75; י"ש בשלח רנח.

**האָט דער מן גענידערט אַראָפּ ווארעם צי קאַלט?**

ווארעם, ו).

**איז דער מן געווען פאַרטיק, גרייט צום עסן?**

יאָ. די מלאכים האָבן צעמאָלן אים פריער, ז).

**איז דער מן געפאַלן אַראָפּ געמאָלן פאַר אַלע אידן?**

ניין. די רשעים האָבן בעדאַרפט אַליין צעמאָלן אים, ח).

**איז דער מן בעשטאַנען פון בלויז שפייז?**

ניין. סע זיינען געפאַלן אַראָפּ מיט אים:
געווירצן צום קאָכן, ט);
זאַכן וועלכע מע דאַרף שחט'ן, י);
קאָסמעטיקס, פאַרפיום פאַר די פרוי־ען, א);
דימענטן און פאַרשידענע אַנדערע צי־רונגען פאַר די פרויען, ב).

**ווען האָבן די אידן געקליבן דעם מן?**

גאַנץ פרי, פאַר זון אויף גאַנג, איידער ער איז צעגאַנגען פון דער זון, ג).

**וויפל מן האָט יעדער איינער גע־קליבן?**

וויפל ער האָט בעדאַרפט פאַר זיך און פאַר די זייניקע. ווען איינער האָט גע־קליבן מעהר צי ווייניקער פון זיין בע־דאַרף, האָט עס אוים געגלייכט זיך און געדעקט זיין בעדאַרף, ד) נישט מעהר און נישט ווייניקער.

**ווי אַזוי איז צו געגאַנגען דאָס קלויבן דעם מן?**

פאַר צדיקים איז דער מן געפאַלן אַראָפּ, און געליגן אָן געגרייט ביי די טירן פון זייערע וואוינונגען.

מיטל מעסיקע, געוויינלאַכע מענטשן האָבן בעדאַרפט מטריח זיין זיך, צו געהן אַרוים קלויבן ביי די טירן פון זייערע געצעלטן.

רשעים האָבן שוין געמוזט לויפן אַרום און קלויבן.

די פוילע ווידער, זיינען געליגן אויף זייערע בעטן. זיי האָבן אוים געשטרעקט זייערע הענט, און דער מן האָט גענידערט אַראָפּ אין זייערע הענט אַריין, ה).

**האָבן די אידן געעסן דעם מן וואַרעם צי קאַלט?**

ער האָט גענידערט אַראָפּ ווארעם. און זיי האָבן געעסן אים ווארעם, נישט קאַלט, ו).

---

ו) יומא עו, א; י"ש בשלח רנח און רס; בחיי בשלח טז, ד. זעט מר"י בשלח, זייט מט, א.

ז) תנח"ב בשלח כב; י"ש תהלים תתיט; יל"ה יט, ט און עה, כג.

ח) יומא עה, א; בחיי בשלח טז, ד.

ט) יומא עה, א און זעט דאָרט רש"י אונטער דעם וואָרט ציקי; י"ש בהעלותך תשלה; ל"ט בהעלותך קא.

י) יומא עה, ב.

א) ספרי בהעלותך פיסקא פט; ל"ט בהע־לותך קא, א.

ב) יומא עה, א; ש"ר לג, ח; מ"א בהע־לותך יא, ז; י"ש בשלח רסא און בהעלותך תשלה; ל"ט בהעלותך קא, א. זעט ספרי בהעלותך פיסקא פט; דזמ"ה שמות לה, כז.

ג) זעט: שמות טז, כא און תרגום יונתן דאָרט; מר"י בשלח זייט ג, א; ברכות כז, א; מ"א בשלח טז, יד; ש"ט בשלח טז, כא, זייט 243; שו"ט עח, ד; יל"ה עח, כה; ל"ט בשלח טז, כא.

ד) זעט: שמות טז, פסוקים טז—יט. מר"י בשלח, זייט מט, ב; ל"ט בשלח טז, יז.

ה) פאַרגלייכט: מר"י בשלח, זייט מז, ב; ספרי בהעלותך פיסקא פט; יומא עה, א; מ"א בהעלותך יא, ח; י"ש בשלח רנח און רסא; ל"ט בהעלותך קא, א; בחיי און אור החיים בשלח טז, ד.

ו) יומא עו, א; י"ש בשלח רנח און רס;

**איז דער מן געווען די זעלבע שפּייז פאַר אַלע קאַטעגאָריעס, קלאַסן מענטשן?**

ניין. פאַר צדיקים איז דער מן געווען ברויט, ז). און זיי האָבן געעסן אים געמיטלאַך, ח).

פאַר מיטלמעסיקע, געוויינלאַכע לייט איז ער געווען קוכן, געבעקסן, ט);

פאַר רשעים דערנער, י).

**איז דער מן געווען איין און די זעלבע שפּייז פאַר יעדער עלטער?**

ניין. ער איז געווען פאַר יעדן איינעם לויט זיינע יאָרן, לויט זיין כוח, א). און וועגן דעם זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיי־נונגען:

ער איז געווען:
פאַר קינדער בוימל,
פאַר בחורים ברויט,
פאַר אַלטע פעטקייט פון בוימל, פון שמאַלץ, ב);
פאַר קינדער מילך,
פאַר בחורים האָניק,
פאַר אַלטע ברויט,
פאַר קראַנקע ווי זעמל מעהל געמישט מיט אויל און האָניק, ג);
פאַר קינדער מילך,
פאַר בחורים האָניק,
פאַר אַלטע ברויט, ד);
פאַר בחורים ברויט,
פאַר אַלטע האָניק,
פאַר קינדער בוימל, ה);
פאַר בחורים ברויט,
פאַר אַלטע האָניק טייגלאַך,
פאַר זויגלינגע מילך,
פאַר קראַנקע ווי זעמל מעהל,
פאַר נישט אידן איז ער געווען בי־טער, ו);
פאַר בחורים ברויט,
פאַר אַלטע האָניק,
פאַר קליינוואַרג מילך,
פאַר קראַנקע זעמל מעהל געמישט מיט בוימל און האָניק, ז);
פאַר דערוואַקסענע ברויט,
פאַר אַלטע בוימל,
פאַר איינגע קינדער האָניק, ח);
פאַר דערוואַקסענע ברויט,
פאַר קליינוואַרג בוימל,
פאַר אַלטע האָניק, ט);
פאַר אַלטע האָניק טייגלאַך,
פאַר קראַנקע זעמל מעהל געמישט מיט בוימל און האָניק, י).

**דער מן איז דאָך געווען גלייך, דער זעלבער, טאָג איין, טאָג אויס. ווי זשע אַזוי האָבן זיי געעסן פערציק יאָר נאָך אַנאַנד טאָג איין, טאָג אויס די זעלבע שפּייז. סע עסט זיך דאָך צו?**

וואָס פאַר אַ טעם איינער האָט גע־וואָלט פילן, האָט דער מן אין זיין מויל געענדערט זיך אויף דעם דאָזיקן טעם, א).

וואָס פאַר אַ טעם איינער האָט גע־

---

בחיי בשלח טז, ד. זעט מר"י בשלח, זייט מט, א.
ז) יומא עה, א; בחיי בשלח טז, ד.
ח) יומא עה, ב.
ט) יומא עה, א; בחיי בשלח טז, ד.
י) יומא עה, ב.
א) ש"ר ה, ט; תנח"ב יתרו יז; ילמדנו ג', ואתחנן כג; י"ש בשלח רנח און יתרו רפו; יל"ה כט, טז.
ב) ש"ר כה, ענדע ג; פס"ח זייט 39.
ג) תנח"ב בשלח כב; י"ש בשלח רנח.
ד) י"ש בשלח רנח.
ה) ש"ר כה, ג; פס"ח זייט 39.
ו) תנח. שמות כה. אין ש"ר ה, ט שטעהט געצן דינערס.
ז) תנח"ב שמות כב. זעט פס"ח 39.
ח) יומא עה, ב.
ט) מדרש אבכיר מז.
י) יל"ה עה, יט.
א) מר"י בשלח, זייט נ, א און יתרו זייט נח, ב; מר"ש 79 און 187, אונטן; סא"ר פרק יב; ספרי בהעלותך פיסקא פט; ספרי

וואָלט פילן עסנדיק דעם מן, האָט ער געפילט. ווען איינער האָט געטון אַ זאָג, אָדער אפילו בלויז אַ טראַכט געטון: איך וויל דאָס און דאָס, האָט ער באַלד געפילט דעם טעם דערפון, ב).

**וואָס האָבן זיי געטון ווען סע האָט פאַרגליסט זיך זיי געבאַקנס, געקאָכטס, געפרייגלטס, אָדער גאָר געברוטנס?**

זיי האָבן בעדאַרפט טון גאָר נישט. זיי האָבן נישט בעדאַרפט צעמאָלן דעם מן, אָדער שטויסן אים אין אַ שטעסל צי אין אַ סטיפּע. זיי האָבן נישט בעדאַרפט קאָכן, פרייגלען, ברוטן [בראָטן], באַקען. ווי נאָר איינער האָט געזאָגט אָדער גע־טראַכט אַז אים ווילט זיך געקאָכטס, געבאַקנס... האָט ער באַלד געפילט דעם געווינטשטן טעם אין דעם מן, ג).

**דער מן האָט געהאַט דעם טעם פון „צפיחית בדבש“. וואָס מיינט עס?**

אַ האָניק טייגל, ד).

**ווי זיס איז געווען דער מן?**

זיסער פון האָניק און מילך, ה); זעכ־ציק מאָל זיסער פון האָניק, ו).

**וואָס מיינט: דער טעם פון דעם מן איז געווען ווי דער געשמאַק פון „לשד השמן“, ז)?**

סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע טייטשן און אויסטייטשן:

פעטקייט פון בוימל, אָדער פון שמאַלץ. דאָס איז דער געוויינלאַכער, פּאָפּולערער, חדר טייטש.

*לחלוח של שמן*, פייכקייט פון בוימל. אַזוי טייטשט דער מדקדק, גראַמאַטיקער דונש בן לברט [לאַבראַט]. אַ בעוויז צו דעם איז דער פסוק „נהפך לשדי בחרבוני קיץ“, ח). מיין פייכקייט, מיין מאַרך איז געוואָרן פאַרקעהרט, איבער געקעהרט, [אוים געטריקנט, פערדאַרט] ווי אין די זומער היצן [האַמסון, פּאָסעכע], ט).

---

א' און ספרי ב' זייטן 269 און 270; ש"ר כה, ג; במ"ר טו, כד און יט, כב; יל"ה קו, לט און קמה, כא; ש"ט יתרו יח, ט; מה"ג,ב', זייט 192; ל"ט בשלח טז, כג און יתרו ט; מדה בהעלותך זייט 156.

זעט: ימ"מ כ, ז; דרשות ב', עקב, סד.

ב) ספרי בהעלותך פיסקא פט; ש"ר כא, י און כה, ג; שו"ט כג, ג; י"ש בשלח רסא און תהלים תרץ.

זעט: סא"ר זייט 60; שי"ר ד, ה, ב; תנח. חוקת יט.

ג) זעט ווער סע זאָגט וואָס אין:

מר"י בשלח זייט נ, א; ספרי בהעלותך אָנהייב פיסקא פט; יומא עה, א; מ"א בהע־לותך יא, ח; י"ש בשלח רסא און בהעלותך תשלה; רש"י במדבר יא, ח; ל"ט בשלח טז, כג און בהעלותך קא, א; רקאַנטי בשלח מד.

ד) פאַרגלייכט די תרגומים, די איבער זעצונגען אונקלוס, יונתן בן עזיאל, ירושלמי און פשיטא, און זעט רש"י, א"ע אויף שמות טז, לא.

אונקלוס זעצט איבער מיט כאַסקריטון און זעט וועגן דעם מסכת חלה פרק א, משנה ד, און די פירושים ר"ש און ר"מ דאָרט; מסכת מכשירין פרק ה, משנה ט, און די פירושים ר"ש און ר"מ דאָרט.

אין מר"י בשלח זייט נא, א: זעמל מעהל געקנייטן [געקנאָטן] מיט האָניק און פוטער.

זעט: ש"ט בשלח טז, זייט 247; ל"ט בשלח טז, לא, הערה קנג.

ה) שי"ר א', פסוק ז, סימן ג.

ו) ברכות נז, ב; פרה"ק ה, י.

ז) במדבר יא, ח.

ח) תהלים לב, ד.

ט) פאַרגלייכט: רש"י, א"ע, רשב"ם במדבר יא, ח און תרגום, רש"י, א"ע, מ"צ,א' אויף תהלים לב, ד.

זעט די פראַזע „חרבון חורב מפריק“ אין דעם פיוט „אָפיק מען מעוטר“ פון תפילת גשם.

אגב, רש"י ז"ל ברייגגט דונש'ס טייטש. איז כדאי צו באַמערקן אַז דער תרגום אין תהלים

**לשד איז אַ נוטריקון, י)** דאָס וואָרט לשד באַשטעהט פון די ערשטע אותיות פון די ווערטער ליש קנייטן [טייג], שמן בוימל, און דבש האָניק; נעמלאַך, אַ געבעקס פון טייג געקנייטן [געקנאָטן] מיט בוימל און מיט האָניק, א).

**שד,** פונקט ווי אַ זויגלינג פילט פילע טעמים ווען סע זויגט פון דער מוטערס ברוסט, אַזוי האָבן די אידן געפילט פילע טעמים ווען זיי האָבן געגעסן דעם מן, ב).

אַ מוטער האָט געבראַכט איר זון צו אַ בעקער, ער זאָל אוים לערנען אים דאָס פאַך. האָט ער געזאָגט צו איר: לאָז איבער אים ביי מיר אויף פינעף יאָרן, וועל איך אוים לערנען אים פינעף הונ־דערט ערלעי מינים, סאָרטן אין ווייץ. נאָך די פינעף יאָרן האָט ער געזאָגט צו איר: לאָז איבער אים ביי מיר אויף נאָך פינעף יאָרן וועל איך אוים לערנען אים נאָך פינעף הונדערט ערלעי מינים אין ווייץ, ג).

היינט, אַז מע קאָן מאַכן טויזענט ער־לעי סאָרטן שפּייזן פון ברויט וואָס קומט ארויס פון דער ערד. קאָן עס דאָך אַ ודאי און אַ ודאי פּאַסירן מיט ברויט וואָס נידערט אראָפּ פון דעם הימל, ד).

**בששין, ה).**

**האָבן די אידן געפילט אַ מאָל דעם טעם פון מן, איידער זיי האָבן געגעסן דעם מן אין דער מדבר?**

יאָ. די עוגות, די מצות וועלאַכע זיי האָבן גענומען מיט זיך פון מצרים האָבן געהאַט דעם טעם פון מן, ו).

**זיינען פאַראַן שפּייזן וועלאַכנס טעם די אידן האָבן נישט געפילט?**

יאָ. זיי האָבן נישט געפילט די גע־שמאַקן פון: אוגערקעס [קירבעסן], בערקים [בורקעס, בוראַקעס], קרויט, ציבעלעס, קנאָבל, ז).

**פאַר וואָס האָבן די אידן נישט גע־פילט דעם טעם, דעם געשמאַק פון די פאָרגעהענדיגע דערמאַנטע פינעף מינים אין דעם מן?**

---

זעצט איבער לשדי מיט רוטבי מיין פייכט־קייט.

י) אַ וואָרט וועלאַכנס אותיות זיינען די ערשטע אותיות פון ווערטער.

א) אונקלוס במדבר יא, ח זעצט איבער לשד מיט דליש. זעט: ספרי בהעלותך פיסקא פט; רש״י במדבר יא, ח; י״ש בהעלותך תשלה און זעט דאָרט זית רענן סימן מא; ל״ט בהעלותך, זייט קא, א. פאַרגלייכט מיט מ״א בהעלותך יא, ח.

ב) יומא עה, א; תרגום יונתן במדבר יא, ח און זעט דאָרט דעם פירוש יונתן; פר״כ פיסקא בחודש השלישי, זייט קי, א; י״ש בהעלותך תשלה; ש״ט יתרו יח, ט; ל״ט בהעלותך, זייט קא, א, און זעט דאָרט נאָך ערקלעהרונגען. פאַרגלייכט מיט מ״א בהע־לותך יא, ח.

ג) ק״ר א, אויף פסוק ח. פאַרגלייכט מיט: אי״ר ג, סימן ו; ש״ט יתרו יח, ט.

ד) ש״ט יתרו יח, ט.

ה) תרגום ירושלמי במדבר יא, ח.

ו) קידושין לח, א; י״ש בשלח רנז און יהרשע טו.

זעט: תוספתא סוטה יא, 6; סע״ר פרק ס; ענדע פרק י; תרגום יונתן שמות יב, לט; מר״י בא, זייט טו, א און בשלח מו, ב; ש״ר ג, ד און כה, ד; שי״ר א, ז און ג; תנח. בא, ט; רש״י שמות טז, א; י״ש בא רט, און בשלח רסא, און שיר השירים תתקפב; ש״ט בא יב, לט, זייט 142; ל״ט בא, יב, לט.

ז) סע זיינען פאַראַן אַנדערע טייטשן. זעט במדבר יא, ה, און פאַרגלייכט די תרגומים אונקלוס, יונתן [דאָרט פעהלט אַ וואָרט], ירושלמי, די פרושים רש״י, א״ע.

ספרי בהעלותך, פיסקא פז און זעט פיסקא פט; יומא עה, א; מ״א בהעלותך יא, ה; ל״ט בהעלותך ק, ב, אונטן.

זעט די איבער זעצונגען פון חומש און די ווערטער ביכער אין די שפּראַכן וועלאַכע איר קענט.

פאַר צוויי אורזאַכן:

ווייל פּרויען וועלכע זויגן קינדער פאַרדייען שווערער די דאָזיקע שפּייזן, ח).

ווייל זיי זיינען נישט גוט פאַר לערנען, ט).

**וואָס פאַר אַ ווירקונג האָט דער מן געהאַט אויף זייערע קערפּערס?**

זיי זיינען געוואָרן פעט ווי פערד, י).

**משה האָט פאַרבאָטן די אידן צו לאָזן איבער פון דעם מן ביז מאָרגן, א). האָבן זיי אַלע געפאָלגט?**

ניין, ב).

**ווער זיינען געווען די יעניגע וועלכע האָבן געלאָזט איבער פון דעם מן ביז מאָרגן?**

סע זיינען פאַראַן מעהרערע מיינונגען:

די ווייניק, קנאַפּ גלוביקע; די נישט וויכטיקע, ג);

דתן און אבירם, ד);

די מענער האָבן איבער געלאָזט, די ווייבער נישט, ה).

**וואָס איז געוואָרן פון דעם טעגליכן איבער געבליבענעם מן?**

ער איז געוואָרן צעגאַנגען פון דער זון, ו). סע זיינען געוואָרן טייכן פון אים. און זיי זיינען אָפּ גערינען. זיי זיינען צו געגרייט פאַר די צדיקים לעולם הבא, אין דער צוקונפטיקער, קומענדיקער וועלט, ז).

**ווי אַזוי האָבן די פעלקער פון דער וועלט געקוקט אויף דעם צעגאַנגענעם מן?**

סע זיינען פאַראַן מעהרערע מיינונגען:

זיי זיינען געקומען טרינקען פון אים, אָבער ער איז געוואָרן ביטערע קרייטעכצער אין זייערע מיילער, ח).

זיי האָבן געטרינקען אים, און זיי האָבן געפילט דעם טעם, דעם געשמאַק פון מן, ט).

דער מן איז צעגאַנגען. ער איז געוואָרן טייכן. הירשן, ווידערס האָבן געטרינקען פון אים. די פעלקער פון דער וועלט האָבן געפאַנגען הירשן, זיי געגעסן, און זיי האָבן געפילט דעם טעם, דעם געשמאַק פון מן, י).

---

ח) זעט: די פאָרגעהענדיגע פראַגע; ספרי בהעלותך, פּיסקא פּז און הערה ג, און פּיסקא פּט; מ"א בהעלותך יא, ה; רש"י יומא עה, א, אונטער דעם וואָרט הללו.

ט) י"ר בהעלותך יג, ב [פּסיקתא].

י) מר"י בשלח זייט מט, ב; מר"ש זייט 77; י"ש בשלח רס; ש"ט בשלח טז, זייט 242. זעט אומעטום ווער סע זאָגט וואָס.

א) שמות טז, יט.

ב) שמות טז, כ.

ג) מר"י בשלח זייטן מט, ב און ג, ב; ש"ר כה, י; י"ש בשלח ענדע רס; ל"ט בשלח טז, כ און כז.

ד) מר"ש זייט 78; יונתן שמות טז, כ; תדא"ר פּרק יח, זייט 180; סא"ר זייט 107; פּר"א פּרק מח; ש"ר א, כט און כה, י; תנח. שמות י און תצוה יא [יב]; תנח"ב בשלח כד און תצוה ז; מדרש אבכיר לג; מ"א שמות ב, יג; מה"ג.ב', זייט 16; י"ש שמות קסז און בשלח רנח; רש"י שמות ב, יג און טז, כ.

ה) ל"ט בשלח טז, כ.

ו) בשלח טז, כא, און זעט רש"י דאָרט.

ז) תנח"ב בשלח כא.

ח) תנח"ב בשלח כא און זעט דאָרט אָנהייב כב; י"ש בשלח רנח.

ט) מר"י בשלח ג, א, אויסגאַבע אום; תנח"ב בשלח כב; י"ש בשלח רנח; רש"י בראשית טז, כא.

י) מר"י בשלח, זייט ג, א; מ"א בשלח טז, כא; רש"י שמות טז, כא; י"ש בשלח רנח; ש"ט בשלח טז, ענדע כא; ל"ט בשלח טז, כא.

**וואָס איז געשען ווען אַ נישט איד האָט אויס געשטרעקט זיין האַנט צו נעמען אַ ביסל מן?**

די האַנט האָט אַן גענומען גאַר נישט, א).

**ווען משה רבינו איז געגאַנגען אַרויף אויף דעם באַרג נעמען די לוחות, איז יהושע געגאַנגען מיט אים. ער האָט גע־וואַרט אונטן ביי דעם באַרג, ביז משה איז געקומען אַרונטער מיט די לוחות, ב). וואו זשע האָט יהושע גענומען מן?**

דער מן האָט גענידערט אַראָפּ אויף זיינע מלבושים, קליידער, דאָרט וואו ער איז געווען, און ער האָט געגעסן, ג).

**ווען יתרו איז געקומען צו משה'ן אין דער מדבר, וואו האָט ער גענומען מן. די אידן האָבן דאָך געקליבן מן פאַר זון אויף גאַנג, ד). מיט דעם אויף גאַנג פון דער זון איז דאָך דער איבער געבליבע־נער מן צעגאַנגען, ה). און אפילו ווען סע וואָלט נאָך געווען געליגן מן אויף דער ערד. ווייסן מיר דאָך אַז ווען אַ נישט איד האָט אויס געשטרעקט די האַנט צו נעמען מן, האָט זיין האַנט אַן גענומען גאָר נישט, ו). און דער מן וואָס יעדער איד האָט געקליבן, האָט דאָך גע־דעקט בלויז זיין אייגענעם בעדאַרף, גע־ברויך. וואָס זשע האָט יתרו געגעסן?**

סע האָט גענידערט אַראָפּ מן ספּעציעל פאַר אים, אין קעגנוואַרט פון זעכציק מיריאַדן, זעקס הונדערט טויזנט אידן, ז).

**ווי לאַנג האָבן די אידן געגעסן דעם מן?**

סע זיינען פאַראַן מעהרערע מיינונגען:

פערציק יאָר ווייניגער דרייסיק טעג, י).

משה'ס פּטירה, ח);

פערציק יאָר און פערצן טעג, ט);

פערציק יאָר ווייניקער דרייסיק טעג, י).

**ווען האָבן די אידן אויף געהערט צו עסן מן?**

סע זיינען פאַראַן מעהרערע מיינונגען:

מיט משה רבינו'ס פּטירה האָט דער מן אויף געהערט צו נידערן אַראָפּ, א);

פערציק טעג נאָך משה'ס פּטירה, ב);

זיבעציק טעג נאָך משה'ס פּטירה, ג).

נאָך דעם ווי יהושע און די אידן זיי־

---

א) אין ספרי האזינו פיסקא שיג, אויס־גאַבע אום איז די ווערסיע „פורש ידו לקבל". אין י"ש האזינו תתקמג איז די גירסא „פושט ידו לקמוץ".

ב) שמות לב, פסוקים טו—כ, א"ע דאָרט פסוק יז.

ג) מר"י בשלח, זייט מט, ב; יומא עו, א, ערשטע שורה, און רש"י דאָרט, און רש"י שמות כד, יג. זעט: י"ש בשלח ענדע רס; שו"ט עח, ד; יל"ה עח, כב.

ד) זעט: שמות טז, כא און יונתן דאָרט; מר"י בשלח, זייט נ, א; ברכות כז, א; מ"א בשלח טז, יד; שו"ט עח, ד; יל"ה עח, כה; ש"ט בשלח טז, כא, זייט 243; ל"ט בשלח טז, כא.

ה) בשלח טז, כא און זעט: רש"י דאָרט; תנח"ב בשלח כא.

ו) ספרי האזינו, פיסקא שיג; י"ש האזינו תתקמג.

ז) שו"ט עח, ד; יל"ה עח, כה.

ח) מר"י בשלח, זייט נא, ב; מר"ש זייט 80, און זעט דאָרט וועגן פערצן יאָר. פאַר־גלייכט מיט: תנח. בא ט; י"ש יהושע טו; מה"ג.ב', זייט 180; ל"ט בשלח טז, לה.

ט) ש"ט בשלח טז, יט, זייט 243, און פאַרגלייכט דאָרט מיט זייט 246.

י) קידושין לח, א.

א) תוספתא סוטה פרק יא, 2; מר"י בשלח, זייט נא, ב; י"ש בשלח רסא; רש"י שמות טז, לה.

ב) מר"י בשלח נא, ב; מר"ש זייט 80; מה"ג.ב', זייט 180; י"ש יהושע טו; ל"ט בשלח, טז, לה.

ג) מה"ג.ב', זייט 180.

נען געגאַנגען אַריבער דעם טייך ירדן, האָט יהושע מל געווען די אידן. וואָרן די אַלע וועלכע זיינען געוואָרן געבאָרן אין דער מדבר, זיינען נישט געוואָרן גע־מל'ט. זיי האָבן געררוט אין גלגל. זיי האָבן געפייערט, געפּראַוועט דעם סדר אין ערבות יריחו. זיי האָבן געגעסן פון דער תבואה פון דעם לאַנד. און דער מן האָט אויפגעהערט, ד).

פיפצן טעג אין ניסן, ה).

**איז אמת אַז די אידן האָבן מקריב געווען פון דעם מן צו דער עבודה זרה?**

סע איז פאַראַן אַזאַ מיינונג, ו).

סע איז פאַראַן אויך אַ מיינונג אַז די אידן האָבן געפירט מיט זיך אַן אָפּגאָט וועלכן מיכה האָט געמאַכט, ז).

**דער מן האָט געהאַט די טעמים פון אַלע מינים עסנוואַרגן, אַ חוץ פון די פינעף מינים, ח). נו, וואָס איז מכוח גע־טראַנקען. זיי האָבן דאָך געהאַט בלויז „מרים'ס ברונעם", וועלכער האָט באַ־גלייט זיי אין דער מדבר אין מרים'ס זכות, ט). וואָס זשע האָבן זיי געטון ווען סע האָט פאַרגליסט זיך זיי אַ גלאָז טיי, אַ טאַסע [טעפּל] קאַווע, אַ גלאָז וויין, צי גאָר אַ גלעזעלע שנאַפּס, בראָנפן?**

פונקט ווי דער מן האָט געהאַט די טעמים פון אַלע מינים עסנוואַרגן. אַזוי האָט אויך דער ברונעם געהאַט די טע־מים פון אַלערלעי סאָרטן געטראַנקען, י).

אגב, דער ברונעם פלעגט ברענגען אַרויף אויך פאַרשידענע גרינצייג, זער־נעם, ביימער, א).

## דער קרוג מיט דעם מן

**משה האָט געהייסן אהרן'ען שטעלן אַוועק אַ „צנצנת", אַ קרוג מיט מן „פאַר אַ היטונג אויף אייערע דורות", ב). פון וואָס פאַר אַ מאַטעריאַל איז געווען דער קרוג?**

פון חרס [חרש], פון ערד, ליים, קלעי. סע איז פאַראַן אַ מיינונג — פון גלאָז, ג).

---

ד) זעט יהושע קאַפּיטל ה, פסוקים א—יג; רש"י, רלב"ג, רד"ק פסוקים יא, יב.

ה) זעט יהושע ה, פסוקים עא, יב; בחיי בשלח טז, לה.

ו) ש"ר מא, א; במ"ר ז, ט; תנח. ראה טז; שו"ט ג, ג; יל"ה ג, ה; י"ש שופטים עד.

ז) פאַרגלייכט די פאַרשידענע ווערסיעס אין: אר"נ נוסחא א פרק לד; ירושלמי סוכה פרק ד, ענדע הלכה ג; מר"י בא, זייט טז, א, אויסגאַבע אום; ספרי בהעלותך, פיסקא פד, אויסגאַבע אום; רש"י סנהדרין קג, ב אונטער דעם וואָרט ועל דבר זה; ש"ר טז, כו; כד, א און מא, א; פר"כ פיסקא יא, זייט צט, א; תנח. תשא יד און ראה טז; שו"ט קא, ב; י"ש בשלח רנד, שופטים עד, זכריה תקעח און תהלים תתנה.

זעט סנה. קג, ב אונטן, און רש"י אונטער דעם וואָרט פתו; קד, א און רש"י אונטער דעם וואָרט ממיכה; י"ש שופטים אָנהייב עב.

זעט זייט 354, נאָטע ז.

ח) זעט זייט 374, נאָטע ז.

ט) מגי"ת מאמר האחרון; רש"י שבת לה, א, אונטער דעם וואָרט כמין; רש"י פסחים נד, א, אויבן, אונטער דעם וואָרט באר; רש"י און רבינו יונה, אבות, פרק ה, משנה ו.

זעט: כלאים פרק ט, הלכה ד; ירוש. סוטה פרק א, הלכה ט; ירוש. כתובות פרק יב, הלכה ג; תוספתא סוטה פרק יא; סע"ר פרק י; תענית ט, א; מר"י בשלח נ זייט נא, ב אויסגאַבע אום; ספרי נצבים, פיסקא שה; ויק"ר כז, א; במ"ר א, ב און יג, כ.

י) מר"י יתרו זייט נח, ב; י"ש יתרו ענדע רסח; ש"ט יתרו, יח, ט.

א) שי"ר ד, יב, ג. זעט דאָרט נאָך אַ מיינונג. פאַרגלייכט מיט די ווערסיעס אין במ"ר יט, כה סימן ט און כו, און חוקת כ.

ב) שמות טז, לג.

ג) מר"י בשלח, זייט נא, א. און זעט

די תורה זאָגט צנצנת ווייל צונן ומצנן, ווייל ערד, ליים איז קיל, און סע קילט דעם אינהאַלט, ד).

**וואו איז אַהין געקומען דער קרוג מיט דעם מן?**

ווען ירמיהו הנביא האָט געפרעגט די אידן פאַר וואָס זיי לערנען נישט תורה, האָבן זיי געענטפערט אים: מיט וואָס וועלן מיר שפּייזן אונז? אין יענער שעה האָט ירמיה גענומען אַרויס דאָס קריגל מיט דעם מן. ער האָט געוויזן עס זיי און געזאָגט: זעט דעם אייבערשטנס וואָרט. „בין איך דען געווען אַ מדבר צו די אידן״?! ה). אייערע אור עלטערן האָבן געלערנט תורה, זעט מיט וואָס דער אייבערשטער האָט געשפּייזט זיי. דאָס זעלבע איר, אויב איר וועט לערנען תורה, וועט דער הייליגער ברוך הוא שפּייזן אייך, ו).

חלקיה הכהן [יאשיהו המלך] האָט בעהאַלטן עס מיט די אַנדערע כלים פון דעם משכן, ז).

און דאָס קריגל איז פון די זאַכן וועלכע אליהו הנביא ז״ל וועט אויף שטעלן פאַר די אידן, ח).

און סע איז פאַראַן אַ רמז אַן אָנדייט וועגן דעם אין דער תורה. ווען משה האָט געהייסן אהרן׳ען בעהאַלטן אַ קרוג מיט מן „פאַר אַ היטונג אויף אייערע דורות״, האָט ער געזאָגט אים „למען יראו את הלחם״, ט) כדי זיי זאָלן זען דאָס ברויט... די ערשטע אותיות פון די דאָזיגע פיר ווערטער מאַכן „אליה״; נעמלאַך אַז סע וועט ווערן אָפּ געהיט ביז אליהו הנביא זכור לטוב וועט קומען, י).

אגב, סע זיינען פאַראַן מקורים [מקור־רות] קוועלעס וועלכע רעכענען אויס די בעהאַלטענע זאַכן, און דער קרוג מיט דעם מן ווערט נישט גערעכנט צווישן זיי. זעט נאָטע א).

---

דאָרט הערה כ; מר״ש זייט 80; י״ש בשלח רסא; ש״ט בשלח טז, לג, זייט 245; מ״א, דזמ״ה, ל״ט, בחיי, בשלח טז, לג.

רש״י שמות טז, לג זאָגט „חרס [ערד, ליים, קלעי] כתרגומו״. ווען רש״י זאָגט כתרגומו מיינט עס געוויינליך תרגום אונקלוס. אין מיין אונקלוס שטעהט נישט, אַז סע איז געווען פון ערד. אין אברהם ברלינר׳ס עדיציע פון רש״י איז צו געשטעלט דאָס וואָרט „[כמשמעו]״. איז כדאי צו באַמערקן אַז יונתן בן עוזיאל טייטשט „צלוחית דפחר״, אַ קריגל פון ערד.

אַז חרש מיינט ערד, קלעי, זעט: ויקרא ו, כא; יד, נ און תרגום יונתן בן עוזיאל דאָרט; תהלים כב, טז און דעם תרגום דאָרט; איוב ב, ח, און אין נאָך ערטער.

די פשיטא שמות ו זעצט איבער מיט „קסטא״ וואָס מיינט אַ קעסטל, אַ שאַכטל.

זעט על התרגום הירושלמי לג, הערה כג פון הגאון ר׳ חיים העליר ז״ל.

ד) זעט אר״נ נוסחא א, פרק מא און די קוועלעס צו נאָטע ב.

ה) ירמיה ב, לא.

ו) מר״י בשלח, זייט נא, ב; רש״י בשלח טז, לב; י״ש בשלח רסא; ש״ט בשלח טז, זייט 245; ל״ט און בחיי בשלח טז, לג.

ז) זעט און פאַרגלייכט: אר״נ נוסחא א, פרק מא, זייט 33; תוספתא יומא [יום הכי־פורים] פרק [ב] ג, 7, זייט 186 און סוטה אָנהייב פרק יג, זייט 318; ירושלמי שקלים פרק ו, הלכה א; ירושלמי סוטה פרק ח, הלכה ג; שקלים טז, א; יומא נב, ב; הוריות יב, א ערשטע צוויי שורות; כריתות ה, ב; תנח. בשלח כא; ש״ה זייט 213; ש״ט בשלח זייטן 245—246; י״ש תשא שפח און דברי הימים ב׳ תתרפה; מה״ג,ב׳, זייט 179; בחיי און ל״ט בשלח טז, לב; רמב״ם הבחירה פרק ד, הלכה א; כלי יקר שמות טז, לג.

ח) מר״י בשלח זייט נא, ב; פרה״ק ג, קב; י״ש בשלח רסא. זעט מה״ג,א׳ ו, ד, זייט 126; כלי יקר שמות טז, לג.

ט) שמות טז, לב.

י) בעה״ט שמות טז, לב.

א) יומא כא, ב; תנח. ענדע בהעלותך;

## והמטה, און דער שטעקן

**והמטה,** און דער שטעקן, משה רבינו׳ס שטעקן מיט וועלאכן ער האָט געטון די ווינדערס, און נישט אהרן הכהן׳ס שטעקן, איז אויך פון די צען זאכן, וועלאכע זיינען געוואָרן בעשאפן פרייטיק פארנאכט, ב).

לויט אן אנדער מיינונג איז דער שטעקן געוואָרן בעשאפן דעם צווייטן טאָג פון דעם וועלט בעשאף. אכט זאכן זיינען געוואָרן בעשאפן דעם צווייטן טאָג: דער [מרים׳ס] ברונעם, דער מן, דער שטעקן, דער רעגן בויגן, דער כתב, דער מכתב, אדם הראשון׳ס העמדל, די מזיקין, ג).

**פון וואָס פאַר אַ מאַטעריאַל איז געווען דער שטעקן?**

סע זיינען פאראן מעהרערע מיינונגען:

ער איז געווען פון א טייערן, קאָסטליכן שטיין וועלאכער ווערט באצייכנט פארשידן ארטיק, אין אונזער אלטן אוצר, נעמלאך מיט:

**ספיר שטיין,** ד);

**סנפרנון,** ה);

**סמפירינון,** ו);

**סנפירינון,** ז);

---

במ״ר טו, י; שי״ר ח, פסוק ט, ג; י״ש חגי תקסז.

זעט ירושלמי תענית פרק ב, הלכה א וועגן די פינעף זאַכן וועלאַכע דער ערשטער בית המקדש האָט געהאַט מעהר פון דעם צווייטן.

ב) רש״י אבות פרק ה, משנה ו, און זעט רבינו יונה דאָרט.

פאַרגלייכט: אר״נ נוסחא ב, פרק לז; פרה״ק זייט 85; פר״א פרק יט; מת״נ זייט 219; זהר שמות תוספות זייט 543; זהר חדש בשלח כו, ד; תרגום יונתן שמות ב, כא און יד, כא; במדבר כב, כח; י״ש בשלח רסא; ב״ה א, 7; מה״ג,א׳ זייטן 173, 59; שה״ק זייט כג.

אין: פסחים נד, א [צוויי מאָל]; ספרי הברכה פיסקא שנה; מדרש מעשה תורה אין בית המדרש חדר ב׳, עדיציע יעללינעק, זייט 100; י״ש ברכה אָנהייב תתקסב; ל״ט בראשית ב, ג און בשלח לג ווערט דער שטעקן נישט גערעכנט צווישן די זאַכן וועלאַכע זיינען געוואָרן בעשאַפן אין דער אָונט דעמערונג פון דעם זעקסטן טאָג פון דעם וועלט בעשאַף.

אין פסחים נד, א לעצטע שורה ווערט גערעכנט אהרן הכהן׳ס שטעקן.

ג) פר״א, פרק ג.

דער רד״ל ז״ל באַמערקט דאָרט: סע איז געשטאַנען „ביה״ש״ וואָס מיינט בין השמשות. און אַזוי ווי דאָרט רעד זיך פריער פון יום ראשון, פון דעם ערשטן טאָג. האָט דער קא־ פירער געמיינט אַז דאָס מאַכט ביום השני. איז דאָס אַלזאָ אַ טעות. און סע לייגט זיך אויף דעם שכל. והראיה, אָנהייב פרק יט רעכנט ער דעם שטעקן צווישן די זאַכן וועלאַכע זיינען געוואָרן בעשאַפן בין השמשות.

אין אַן אַנדער מקור, ווידער, ווערן משה רבינו׳ס שטעקן „והשמיר״ און דאָס ווערימל נישט גערעכנט צווישן די צען זאַכן. אויף זייער אָרט ווערן גערעכנט משה רבינו׳ס קבר און די הייל אין וועלאַכער סע זיינען געשטאַנען משה רבינו און אליהו הנביא.

לויט נאָך אַ מיינונג דאָרט זיינען אויך „אור״ [פייער], און „פרד״ מויל איזל געוואָרן בעשאַפן ערב שבת. זעט פסחים נד, א און זעט דאָרט די פאַרשידענע מיינונגען וועגן „אור״. און פאַרגלייכט דאָרט ענדע זייט מיט אַ צווייטער ווערסיע וועלאַכע רעכנט אויך: אהרן הכהן׳ס שטעקן מיט די מאַנדלען און בלומען, און אדם הראשון׳ס קליידונג.

ד) ספר הישר, שמות, זייט 202, אונטן; תרגום יונתן ד, כ; י״ש שמות קסח; ש״ט שמות ד, יז; שה״ק זייט כג.

ה) דב״ה, חדר ב׳, זייט 7.

ו) מר״א יד, זייט 264; תנח. וירא ט, און זעט י״ש שמות רסא.

ז) מר״י בשלח נב, ב, אויסגאַבע אום; תנח״ב וארא יג און תזריע י; זהר ענדע ספר שמות, תוספות רעב, א; בחיי בשלח יז, ה.

**סמפּירין, ח)**;
**סנפּירנון, ט)**;
**סנפּרינון, י)**;
**סמפּרינון, א)**;
**סנפּירינן, ב)**.
פון האָלץ, ג);
פון דעם **עץ הדעת**.

און נאָך משה'ס טון תשובה פאַר זיין שלאָגן, אויף דעם אָרט פון צו רעדן צו, דעם פעלז, ער זאָל גיבן וואַסער, איז געוואָרן געגיבן אים אַ שטעקן פון דעם עץ החיים, ד) פון דעם בוים פון לעבן.

**וויפל האָט געוואויגן דער שטעקן?**

פערציק סאה, ה).

**ווי האָט דער שטעקן אוים געזען?**

סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע מיינונ־גען. סע איז געווען אוים געקריצט אויף אים:

**שם המפורש**, טעטראַגראַמאַטאָן, דעם אייבערשטנס נאָמען וועלאַכן מע טאָר נישט אַרוים רעדן, ו).

לויט אַן אַנדער מיינונג:

**עשר מכות**, ז) די צען מכות מיט וועלאַכע די מצריים זיינען געוואָרן געשלאָגן.

משה האָט געגיבן אַ קוק אויף דעם שטעקן. ער האָט געזען וועלאַכע מכה ער דאַרף ברייננגן. און ער האָט געבראַכט זי, ח);

**שם המפורש**, און

**דצ"ך, עד"ש, באח"ב**, די ערשטע אויתיות פון די צען מכות מיט וועלאַכע מצרים איז געוואָרן געשלאָגן, ט);

**שם המפורש**,
**דצ"ך** [דצ"כ], **עד"ש, באח"ב**,
**אברהם, יצחק, יעקב**,
**שרה, רבקה, רחל, לאה, בלהה, זילפּה**
[די זעקס מוטערס], י) און
**יעקב אבינו'ס צוועלף שבטים, א)**.

**וואו האָט משה רבינו גענומען דעם שטעקן?**

ער איז געוואָרן געגיבן אדם הראַ־שון'ען. זינט דענצמאָל האָט דער שטעקן געוואַנדערט ווי דאָס אידישע פאָלק. אדם האָט איבער געגיבן אים חנוך'ן. חנוך האָט איבער געגיבן אים נח'ן. נח האָט איבער געגיבן אים שם'ן. שם האָט אי־בער געגיבן אים אברהם אבינו, אברהם יצחק'ן, יצחק יעקב'ן, יעקב יוסף'ן, ב).

---

ח) מה"ג,ב', זייט 38.
ט) זהר חדש בשלח כו, ד, פון אַן אום בעקאַנטן מדרש.
י) ש"ר ח, ג; רש"י שמות יז, ו; י"ר בשלח מ, א, און וארא כ, א, לעצטע שורה.
א) תנח. בשלח כא.
ב) והזהיר בשלח מב.
ג) זהר ענדע ספר שמות, זייט רעב, א; זהר חדש בשלח כו, ד; י"ר בשלח מ, א.
ד) י"ר חוקת לה, ב.
ה) ש"ר ח, ג; תנח. וירא ט און תזריע ח; תנח"ב וארא ענדע ח און תזריע י; תרגום יונתן שמות ד, כ און דברים לד, יב; י"ר וארא כ, א לעצטע שורה; ש"ט שמות ד, יז און וארא ז, ט; והזהיר בשלח 42.
ו) תרגום יונתן שמות ב, כא און ד, כ, און זעט דאָרט יד, כא; פּר"כ זייט קמ, א; ספר הישר שמות; ש"ט שמות ד, יז און וארא ז, ט; י"ש שמות קסח; השכם ב, ב; דב"ה זייט 7; שה"ק זייט כג.
ז) מר"א יד, זייט 264; ש"ר ה, ו און ח, ג; תנח. וירא ט און תזריע ח; תנח"ב וארא ענדע ח און תזריע י; מה"ג,ב', זייט 38, 37; ל"ט וארא ז, יז; מדה זייט 92; י"ר וארא כ, א—ב.
אין: פּר"א פּרק מ; ש"ט שמות ד, יז שטעהט בלויז אַז אויף דעם שטעקן זיינען געווען „אותות".
ח) תנח. תזריע ח; י"ר וארא כ, א.
ט) ויושע, זייט 42, און זעט פּר"א פּרק מב.
זעט מיינע ביכער: „משה רבינו'ס לעבן און שאַפונג"; „מאָזעס אים ליכטע דער אגדה" [אין דייטש] זייט 75.
י) פּר"כ ז, ב אויסגאַבע אום; א"ר א, יב.
א) זעט תרגום יונתן שמות יד, כא.
ב) זעט: פּר"א פּרק מ; ויושע מב; השכם

נאָך יוסף'ס פּטירה איז זיין גאַנץ פאַרמעגן מיט דעם שטעקן געוואָרן אי־בער געפירט אין פּרעה'ס פּאַלאַץ אריין. ווען יתרו, איינער פון פרעה'ס עצה גיבערס, איז אַנטלאָפן פון מצרים האָט ער מיט גענומען דעם שטעקן, ג).

יתרו האָט געשטעקט אריין אים אין דער ערד אין זיין גאָרטן, און קיינער [קיין איינער] האָט געקאָנט ארויס רייסן אים, ד).

יתרו האָט געלאָזט וויסן אַז ווער סע וועט ארויס רייסן דעם שטעקן, דעם וועט ער גיבן זיין טאָכטער צפּורה פאַר אַ ווייב. זיינען געקומען אַלע קעניגס, פרינצן און גלאַט גרויסע העלדן, און האָבן פאַרמאָסטן זיך צו ארויס רייסן אים. אָבער ווער נאָר סע איז צוגעקומען נאָענט צו דעם שטעקן, איז ער געוואָרן פאַרשלונגען פון דער ערד. משה האָט ארויס געריסן אים, ה).

מיט דעם דאָזיקן שטעקן האָט משה רבינו געשפּאָלטן דעם ים סוף, געשלאָגן דעם פעלז פון וועלכן סע האָט גע־שפּרודלט ארויס וואַסער, אַפּ געשוואַכט עמלק'ן מיט זיין פאָלק, ו).

ב, ב; ל"ט שמות ד, כ; דרש. שמות יג, ד; י"ר שמות ט, א.

ג) ספר הישר פרשה שמות; סוטה יא, א; סנהדרין קו, א; י"ש שמות קסח; דב"ה זייט 4; שה"ק כג.

ד) פר"א פרק מ. פאַרגלייכט: ספר הישר ענדע פרשה שמות; י"ש שמות קעג; שה"ק זייט כג; השכם ב, ב. זעט י"ר שמות ט, א.

ה) זעט: דב"ה 7; ספר הישר ענדע פרשה שמות; שה"ק כג.

מיינע ביכער:

„משה רבינו'ס לעבן און שאַפונג", קאַפּיטל „דער שטעקן", זייטן עה—פא;

„מאָזעס אים ליכטע דער אגדה", זייטן 75—78 [אין דייטש].

לויט י"ש שמות אַנהייב קסח האָט משה מיט גענומען דעם שטעקן, ווען ער איז אַנט־לאָפן פון מצרים קיין מדין.

**וואו איז אַהין געקומען דער שטעקן?**

ער איז געוואָרן בעהאַלטן אין אוהל מועד ביז ירמיה הנביא'ס צייטן. אין ירמיה'ס צייטן איז ער געוואָרן פאַר־באָרגן, פאַרהוילן פון די אויגן פון יעדער לעבעדיק בעשאַפעניש אין איינעם מיט דעם ארון הקודש און די הייליגע כלים, ז).

**ווייסט מען איינצלהייטן וועגן דעם ים:**

פרייטיק פאַר נאַכט, ווען דער בעשאַ־פער האָט פאַרענדיקט דעם וועלט בעי־שאַף, האָט ער בעשאַפן צען זאַכן. איינע פון די צען זאַכן איז דער שטעקן, ח) מיט וועלכן משה רבינו האָט געשפּאָלטן דעם ים, נאָך די אידנס פאַרלאָזן דאָס לאַנד מצרים.

דער דאָזיקער שטעקן איז געווען פון ספּיר, ט) שטיין, וואָס איז געוואַלדיק האַרט. דאָס איז, אייגענטלאָך, דאָס זעל־בע מאַטעריאַל פון וועלכן די לוחות, י) וועלכע דער אייבערשטער האָט געגיבן משה רבינו, זיינען געמאַכט. געוואויגן האָט דער דאָזיקער שטעקן ניט ווייני־גער פון פערציק סאה, א). אָט דאָס

ו) ש"ט שמות ד, יז.

ז) ש"ט שמות ד, יז. דער בעל המדרש בעט דאָרט: „הקדוש ברוך הוא יזכני לראותם, בהעלותו את עיר הקודש על ראש שמחתי". בעט איך הקטן, אהרן ב"ר משה ובראַנצי נבג"מ, אויך אַזוי, אמן, כן יהא רעוא.

וועגן אהרן הכהן'ס שטעקן זעט במ"ר ענדע פרשה יח.

ח) זעט זייט 379, נאָטע ב.

ט) סע זיינען פאַראַן פאַרשידענע נוסחאות, ווערסיעס: ספיר, סנפרנון, סמפירינון, סנפי־רינון, סמפירין, סנפירנון, סנפרינון, סנפירינן. זעט זייטן 380—379.

י) זעט לוחות אַנהייב באַנד ג.

א) ש"ר ח, ג; תנח. וירא ט, און תזריע ח; תנח"ב וארא ט און תזריע י; יוב"ע שמות ד, כ און דברים לד, יב; י"ר וארא כ, א לעצטע שורה.

דערקלערט טאַקע דעם סוד פאַר וואָס נישט יעדער מענטש האָט געקאָנט טראָגן, אָדער אויף הויבן אים.

אויף דעם שטעקן זיינען געווען אויס געקריצט דער שם המפורש [דער הימלישער נאָמען], **ב)** די נעמען פון די דריי אבות, אברהם, יצחק און יעקב; פון די פיר אמהות, מוטערס, שרה, רבקה, רחל און לאה, **ג)**; פון די צוועלף שבטים ראובן, שמעון, לוי, יהודה, יששכר, זבולון, דן, נפתלי, גד, אשר, יוסף און בנימין, **ד)** און אויך די צען ערשטע אותיות **דצ״ך [דצ״כ], עד״ש, באח״ב** פון די צען מכות:

דם, בלוט;

צפרדע, פראָשן, זשאַבעס;

כנים, לייז;

ערב, אַ געמיש פון אַלערליי פייגל און ווילדע חיות;

דבר, אַ מגפה, פּלאָג, אַ פּעסט אויף אַלע בהמות;

שחין, פאַרך, געשווירן;

ברד, האָגל, געמישט מיט פייער;

ארבה, היישעריקן;

חושך, אַ געדיכט פינצטערניש;

מכת בכורות, דאָס אום ברענגען פון די צו ערשט געבאָרענע מצריים, מיט וועלכער מכה די מצריים זיינען געוואָרן געשלאָגן, **ה)**.

די דאָזיקע צען אותיות האָבן טאַקע מרמז געווען, אָן געווינקן, אַז מיט דעם דאָזיקן שטעקן וועט משה ברענגען די צען מכות אויף מצרים.

דער שטעקן איז געווען איינער פון די צען וואונדערליכע זאַכן וועלכע די וועלט האָט ווען עס איז געווען. באַלד ווי דער בעשאַפער האָט בעשאַפן אדם הראשון׳ען, און די מלאכים האָבן אריין געפירט אים פרייטיק פאַר נאַכט אין גן עדן, איז דער דאָזיקער שטעקן געוואָרן איבער געגיבן אים.

זינט דענצמאָל האָט דער שטעקן געוואַנדערט פונקט ווי דאָס אידישע פאָלק. אדם הראשון האָט איבער געגיבן אים חנוך׳ן. חנוך האָט איבער געגיבן אים נח׳ן. שפּעטער האָט נח איבער געגיבן אים זיין זון שם. שם האָט שפּעטער איבער געגיבן אים אברהם׳ן. אברהם אבינו האָט איבער געגיבן אים זיין זון יצחק׳ן. און יצחק האָט שפּעטער איבער געגיבן אים זיין זון יעקב׳ן. מיט אָט דעם שטעקן איז יעקב געגאַנגען אריבער דעם ירדן, ווען ער איז געצויגן קיין פדן ארם.

יאָרן שפּעטער, ווען סע האָט אויס געבראָכן דער הונגער אין דער גאַנצער וועלט, אויך אין דעם לאַנד כנען, און מצרים איז געווען דאָס איינציקע לאַנד אין וועלכן מע האָט געקאָנט קויפן תבואה, האָט יעקב געשיקט אהין זיינע זין צו קויפן עסנוואַרג. יוסף, דער וויצע קעניג פון מצרים, האָט דערקענט זיינע ברידער, וועלכע האָבן פאַרקויפט אים פאַר אַ קנעכט. די ברידער, אָבער, האָבן נישט דערקענט אים. דאָס איז דערפאַר ווייל ווען ער איז געוואָרן אוועק גענומען פון זיינע ברידער, האָבן זיי געהאַט בערד. אָבער ער האָט דענצמאָל נאָך

**ב)** ספר הישר וארא, זייט 202; מדרש השכם ב, ב; ד״ה 7; יוב״ע שמות ב, כא, און במדבר ד, כ; פר״כ קמ, א אויסגאַבע אום; י״ש שמות קסח; שה״ק זייט כ, ג ערשטע שורה. פאַרגלייכט: פר״א פרק מ; יוב״ע שמות יד, כא; ש״ר ה, ו און ח, ג; תנח. וארא ט און תזריע ח; תנח״ב וארא ט און תזריע י; ל״ט וארא יז; מדרשי תורה, זייט 92; מה״ג,ב׳ זייטן 38, 37; י״ר וארא כ, א; ויושע זייט 42.

**ג)** יוב״ע שמות יד, כא.

**ד)** יוב״ע שמות יד, כא.

**ה)** י״ר וארא כ, א.

נישט געהאַט אַ באָרד. דערפאַר האָט ער יאָ דערקענט זיי, און זיי האָבן נישט דערקענט אים, ה*).

נאָך דעם ווי יוסף האָט דערקענט זיך צו זיינע ברידער, האָבן זיי געבראַכט יעקב'ן קיין מצרים. אָט דעמאָלט האָט יעקב מיט גענומען דעם שטעקן, און ער האָט איבער געגעבן אים יוסף'ן.

ווען יוסף איז געשטאָרבן, און זיין גאַנץ פאַרמעגן איז געוואָרן איבער גע-פירט אין פרעה'ס פאַלאַץ אריין, האָט אויך דער שטעקן געפונען זיך צווישן דעם פאַרמעגן.

צווישן פרעה'ס עצה גיבערס און כי-שוף מאַכערס האָבן געפונען זיך אין יענער צייט דריי מענטשן, וועלכע האָבן פאַרנומען זעהר וויכטיגע שטעלעס, און זיי האָבן געשפּילט גאַר וויכטיגע ראָ-לעס. דאָס זיינען געווען: בלעם פון פתור, יתרו פון מדין און איוב פון עוץ.

אין יענע טעג האָבן די עגיפּטערס, מצריים, געפייניקט שטאַרק די אידן. און ווען די מצריים האָבן געזען, אַז נישט געקוקט דאַרויף וואָס מען האָט אַרויף געלעגט אויף די אידן אַזאַ שווערע אַרבעט, האַלטן זיי דאָך אין איין פאַר-מעהרן זיך אין אַן אויסער געוויינלאַ-כער מאָס, זיינען זייערע פירערס אַוועק צו דעם קעניג פרעה אין דעם הונ-דערט פינעף און צוואַנציקסטן יאָר נאָך די אידנס איין וואַנדערונג קיין מצרים, און זיי האָבן געזאָגט צו אים:

„מיר האָבן געפאָלגט דיין עצה צו פערשקלאַפן די אידן. אָבער וואָס שווערע-רער מיר אַרבעטן מיט זיי, אַלץ גרע-סער ווערט זייער צאָל. זע, דאָס גאַנצע לאַנד איז דאָך פול מיט אידן! איצט, אָה, קעניג, זיי וויסן אַז די אויגן פון אַלע עגיפּטערס זיינען געריכטעט אויף דיר, דו זאָלסט געבן זיי אַן עצה ווי אַזוי צו אום ברענגען די אידן".

און דער קעניג פרעה האָט געענט-פערט דאַרויף: „איצט זאָגט איר ווי אַזוי מיר וואָלטן געקאָנט דערגרייכן דעם דאָזיקן ציל, ווי אַזוי מען קאָן פאַרטי-ליקן דאָס פאָלק ישראל".

האָט איוב פון עוץ אויף געשטעלט זיך און געזאָגט:

„דיין באַפעהל, אָה קעניג, צו בע-לאַסטן די אידן מיט שווערערער אַרבעט שטימט אויך מיט אונזער מיינונג. דער באַפעהל זאָל בלייבן טאַקע אין קראַפט, אָבער צו דעם נאָך זאָל דער קעניג באַ-פעהלן די באַבעס, אַז זיי זאָלן טויטן יעדער ניי געבאָרן אינגעלע".

די דאָזיקע עצה איז געוואָרן געפעלן שטאַרק דעם קעניג, און ער האָט געטון אַזוי. אָבער די באַבעס, שפרה און פועה, נעמלאָך יוכבד און איר טאָכטער מרים, האָבן נישט אוים געפאָלגט דעם באַ-פעהל, ז). ווען דער קעניג איז געוואָרן געוואָר פון דעם, האָט ער געלאָזט רופן זיי צו זיך. אָבער ער האָט באַפרייט זיי נאָך זיין אוים הערן זייערע טענות.

פינעף יאָר שפּעטער, הונדערט און דרייסיק יאָר נאָך די אידנס איין וואַנדע-רונג קיין מצרים, האָט פרעה גע'חלום'ט אַז ער זיצט אויפן טראָן, און סע שטעהט פאַר אים אַן אַלטער מאַן מיט אַ וואָג אין דער האַנט. דער אַלטער מאַן נעמט אַלע עלטסטע, פירשטן און גרויסע לייט פון עגיפּטן, מצרים, בינד זיי און לייגט זיי אַרויף אויף איין וואָג שאָל. און אויף דער אַנדערער וואָג שאָל לייגט ער אַרויף אַ לעמעלע, און די וואָג שאָל מיט דעם לעמעלע וועגט איבער.

---

ה*) יבמות פח, א, לעצטע צוויי שורות; כתובות כז, ב; ב"מ לט, ב; ב"ר צא, ז; מ"א מקץ מב, ז; ש"ט מקץ מב, ח; י"ש מקץ מב; רש"י בראשית מב, ח.

ז) שמות א, טו ביז ענדע קאַפּיטל און רש"י און די מפרשים דאָרט.

באַלד נאָך דעם ווי פּרעה איז אויף געשטאַנען פון זיין שלאָף, האָט ער געשיקט רופן זיינע חכמים. ער האָט דערצעהלט זיי דעם חלום און געפאָדערט אַן אויס טייטשונג, אַ באַשייד. האָט בלעם, בעור'ס זון, אַן גערופן זיך, און ער האָט געזאָגט:

„דאָס בעדייט אַז סע וועט קומען אַ גרויסע צרה אויף דעם לאַנד מצרים. ביי די עברים, העברעערס, וועט ווערן געבאָרן אַן אינגל, וואָס וועט רואינירן גאַנץ מצרים. ער וועט פאַרניכטן די איין וואוינערס. און די אידן וועט ער פירן אַרויס מיט אַ שטאַרקער האַנט".

„וואָס זשע זאָלן מיר טון", האָט פּרעה געפרעגט אַ צעשראָקענער פון דער אויס טייטשונג. „אַלץ וואָס מיר האָבן געטון ביז איצט האָט נישט געטויגט. ווי זשע אַזוי קאָן מען בייקומען זיי? אדרבא, גיב אַן עצה".

האָט בלעם געענטפערט דאַרויף:

„רוף דיינע ביידע רוט גיבערס. לאָמיר הערן צו ערשט זייער מיינונג. נאָך דעם וועט רעדן דיין קנעכט".

אויף דעם קעניגס רוף זיינען געקומען יתרו און איוב. ווען דער קעניג האָט געפרעגט יתרו'ן זיין מיינונג, האָט ער געענטפערט:

„אדוני קעניג, לאָז די אידן צורו. ווייל ווער עס לייגט אַרויף אַ האַנט אויף זיי, דער שנייד אָפּ נישט גוט. דו ווייסט דאָך מיט וואָס פאַר אַ מכות דער אידישער אייבערשטער האָט געפּייניקט דיינעם אַן עלטער זיידן, ווען ער האָט געוואָלט נעמען אַוועק שרה'ן, די פרוי פון זייער פאָטער אברהם. זע ווי זייער פאָטער יעקב איז געוואָרן געראַטעוועט פון זיין ברודער עשו, און אויך פון זיין פעטער, אָנקל, לבן. דיין זיידע פּרעה האָט אפילו דערהויבן דעם עברי, דעם העברעער יוסף צו דער העכסטער שטעלע, ווייל ער האָט געראַטעוועט דאָס גאַנצע לאַנד מצרים פון אונטערגאַנג אין די הונגער יאָרן. און טאַקע אַלס דאַנק פאַר דעם, האָט דיין עלטער זיידע געגיבן דאָס לאַנד גושן די העברעערס, די אידן, זיי זאָלן באַזעצן זיך דאָרט. פאַרפאָלג זיי, אַלזאָ, נישט. אויב, אָבער, דו ווילסט נישט האָבן זיי ביי דיר אין לאַנד, איז לאָז זיי פאַרלאָזן פריי דאָס לאַנד. זאָלן זיי ציען אין דעם לאַנד כנען, דאָס לאַנד פון זייערע אבות".

דערהערנדיק אָט די דאָזיקע ווערטער, האָט פּרעה'ס גרים צאָרן צעברענט זיך אין אים. האָט יתרו געמאַכט קיינע לאַנגע שהיות, און ער האָט פאַרלאָזט דאָס לאַנד מצרים. ער האָט אום געקערט זיך אין זיין פאָטער לאַנד מדין. אַזוי ווי אָבער זיין האַרץ האָט געגליסט שטאַרק יוסף'ס שטעקן, האָט ער מיט גענומען אים מיט זיך.

זינט דערמאָלט האָט דער שטעקן געפונען זיך ביי יתרו'ן אין הויז. איין מאָל האָט יתרו גענומען אים אין דער האַנט, איז אַרויס מיט אים אין גאָרטן אַריין, און ער האָט אַריין געשטעקט אים אין דער ערד אַריין. ער האָט נישט געקאָנט אַרויס רייסן אים צוריק. און ער האָט געזען ווי דער שטעקן הויבט אָן צו בליען.

דערזעענדיק דאָס האָט יתרו געלאָזט וויסן באַלד, אַז ווער סע וועט באַוויזן צו אַרויס רייסן דעם שטעקן, דעם וועט ער גיבן זיין טאָכטער צפּורה, די שענסטע פון אַלע זיינע זיבן טעכטער, פאַר אַ ווייב. זיינען טאַקע אַלע מלכים, פּרינצן, און גלאַט גרויסע העלדן געקומען און האָבן פאַרמאָסטן זיך צו אַרויס רייסן דעם שטעקן. אָבער ווער נאָר סע איז צו געקומען נאָענט צו אים, איז געוואָרן פאַרשלונגען פון דער ערד.

ווען משה איז אַוועק פון עטיאָפּיע, נאָך דעם ווי ער איז געווען דאָרט קעניג

פערציק יאָר, ז) און ער איז געקומען קיין מדין. האָט ער אַנידער געזעצט זיך ביי דעם ברונעם ווי אונזערע אבות פלעגן עס טון.

זיינען געקומען יתרו׳ס זיבן טעכטער צו דעם ברונעם, צו אָן טרינקען זייערע שאָף. יתרו, מדין׳ס גייסטליכער, האָט געמוזט שיקן זיינע אייגענע טעכטער צו פאַשן זיינע שאָף, ווייל נאָך דעם ווי ער האָט איבער צייגט זיך אין דער נישטיקייט פון דעם געצנדינסט, האָט ער אויף געגיבן זיין אַמט אַלס גייסטליכער. האָט מען אַריין געלייגט אים אין חרם, און פאַרבאָטן אַלעמען צו העלפן אים. די אַנדערע פאַסטעכאַר האָבן, אָבער, נישט צו געלאָזט יתרו׳ס טעכטער צו דעם ברונעם. זיי האָבן אַפילו געוואָלט פאַר געוואַלטיקן זיי, און האָבן אַריין געוואָרפן זיי אין ברונעם אַריין. אָבער דער עגיפּטיש געקליידעטער משה האָט אַרויס געצויגן זיי פון דעם ברונעם. ער האָט אָן געטרינקען זייערע שאָף. און ער האָט געווענד זיך צו די פאַסטעכאַר, און געזאָגט צו זיי:

„ווי לאַנג נאָך ווילט איר פאַרזעצן דאָס דאַזיקע אָהן רעכט? שעהמט איר זיך נישט צו לאָזן פוילענצן אַזוי אייערע הענט און פלייצעס? איר זעט בלויז אויס ווי מענער, אָבער אין דער ווירקלאַכקייט זענט איר עס גאָר נישט. אָט די דאַזיקע פרויען טוען זייער אַרבעט ווי מענער. אָבער איר יונגען, איר זענט שוואַך ווי פרויען. וואָס? איר ווילט נישט געהן? איר ווילט נישט איבער וואַרטן די צוערשטע געקומענע, וועמען דאָס וואַסער געהערט? נישט גענוג וואָס איר העלפט זיי נישט, ווילט איר נאָך באַרויבן זיי! אָבער ביי דעם אַלזעענדיקן, וועלאַכער זעט אויך די דאָזיקע מדבר, זאָלט איר נישט מעהר באַרויבן זיי. מיך האָט ער געשיקט אַלס רעטער. איך וועל העלפן די געקריוודעטע מיט דער הילף פון יענער מעכטיקער האַנט, וועלאַכע אויסוואָרפן זיינען נישט זוכה צו זען. איר וועט אָבער פילן זי, אויב איר טראָגט זיך נישט אָפּ פון דאַנען".

שפּעטער האָט ער פאַר געשלאָגן צפּורה׳ן זי זאָל ווערן זיין ווייב.

דאַרויף האָט צפּורה געענטפערט אים:
„מיין פאָטער האָט אַ בוים אין גאָרטן. ער פּרובירט אויס מיט אים די יעניגע וועלאַכע ווילן חתונה האָבן מיט זיינע טעכטער. אָבער ווער סע געהט צו נאָענט צום בוים, ווערט פאַרצעהרט פון אים".

נאָך דעם ווי יתרו האָט בעפרייט משה׳ן פון טערמע, איז משה אַריין אין גאָרטן, און ער האָט באַלד צוריק געקעהרט זיך מיט דעם שטעקן אין דער האַנט.

און מיט דעם דאָזיקן שטעקן האָט משה געטון גרויסע ווינדערס. ווען ער און אהרן זיינען געקומען צו פּרעה׳ן, און זיי האָבן נישט געקאָנט אַריין. ווייל ביי דעם טויער זיינען געשטאַנען צוויי לייבן, און זיי האָבן אַריין געלאָזט קיינעם אַ חוץ די יעניגע וועלאַכע האָבן געוויסט וואָס צו טון. האָט משה אויף געהויבן דעם שטעקן איבער די לייבן. זיי זיינען געוואָרן אַזוי פריינדליך, אַז זיי האָבן נאָך באַגלייט משה׳ן און אהרן׳ען אין פּאַלאַץ אַריין. און אויך דאָרט האָט דער שטעקן געטון גרויסע ווינדערס פאַר די אויגן פון פּרעהן און זיינע האַרן.

נאָך דעם ווי די אידן זיינען אַרויס פון מצרים, וואו זיי זיינען געוועזן פערשקלאַפט צוויי הונדערט און צען יאָרן, און די מצריים האָט באַנג געטון, וואָס זיי האָבן אַרויס געלאָזט די קנעכט, האָבן

ז) זעט: ספר הישר; דברי הימים למשה רבינו, זייט 7; י״ש שמות קסח; מיין בוך „מאָזעס אים ליכטע דער אגדה" [אין דייטש].

זיי באַשלאָסן צו נאָך יאָגן זיי. אַן אַר־מעי פון זיבן הונדערט טויזנט מאַן אונ־טער דער פירערשאַפט פון די גרעסטע גענעראַלן, האָבן נאָך געיאָגט די נאָר וואָס באַפרייטע אידן. נאָך דעם ווי די אידן האָבן פאַרניכט זיי אין דער שלאַכט, האָט פרעה געשיקט אַן אַרמעי פון אַ גאַנצן מיליאָן זעלנערס, און זיי האָבן דער יאָגט די אידן ביי דעם ים סוף.

די לאַגע פון די אידן איז געווען קריטיש. פון פאָרנט איז דער ים. פון הינטן געפינט זיך די מעכטיקע עגיפּ־טישע אַרמעי. אין דער ריכטונג פון דער מדבר געפינען זיך ווילדע חיות. און דאָס פאָלק אַליין איז אויך ניט אייניק. בעת די שבטים ראובן, שמעון און יששכר ווילן שפּרינגען אין ים אַריין אויס מורא פאַר די מצריים, ווילן די שבטים זבולון, בנימין און נפתלי ציען צוריק מיט די עגיפּטערס. די שבטים יהודה, דן און יוסף ווילן פירן מלחמה. און די שבטים לוי, גד און אשר ווילן צעטומלען דעם שונא דורך קולות און ליאַרמס.

אין אַט יענער קריטישער שעה ווענדעט משה זיך צו דעם אַלמעכטיקן און פרעגט אים וואָס ער זאָל טון, און ער ענטפערט אים: „נעם דעם שטעקן וואָס איך האָב געגיבן דיר, געה צום ים אין מיין שליחות און זאָג אים: „איך בין דער שליח פון דעם בעשאַפער פון דער וועלט, אַנטפּלעק דיינע וועגן פאַר מיינע קינדער, זיי זאָלן קאָנען ציען דורך דיך".

איז משה אַוועק באַלד צו דעם ים. ער האָט איבער געגיבן אים דעם אַלמעכטיקנס ווערטער. אָבער דער ים האָט געענטפערט אים: „איך וועל נישט טון דאָס וואָס דו הייסט מיר, ווייל דו ביזט געוואָרן געבאָרן פון אַ פרוי. און נישט נאָר פאַר דעם אַליין, נאָר אויך דער פאַר וואָס איך בין עלטער פון דיך מיט דריי טעג. וואָרן איך בין געוואָרן בעשאַפן אין דעם דריטן טאָג פון דער וועלט בעשאַפונג, און דו [דער מענטש] ביזט געוואָרן בעשאַפן ערשט דעם זעקסטן טאָג".

ווען משה רבינו האָט מודיע געווען דאָס דעם אייבערשטן, האָט ער געזאָגט צו אים: „אַז אַ קנעכט פאָלגט נישט דעם בעל הבית, וואָס טוט מען מיט אים?"

„מע שלאָגט אים מיט אַ שטעקן", האָט משה געענטפערט.

האָט דער אייבערשטער געזאָגט צו משה׳ן: „אויך דו הייב אויף דיין שטעקן און שטרעק אויס אים איבער דעם ים און שפּאַלט אים". האָט משה געטון אַזוי, און דער ים האָט געשפּאָלטן זיך.

אין אַ צייט אַרום, ווען עמלק איז בעפאַלן די אידן, האָט משה געבעטן דעם אייבערשטן און געזאָגט: „האַר פון דער וועלט, מיט דעם דאָזיקן שטעקן האָסט דו אַרויס געפירט די אידן פון מצרים. מיט דעם דאָזיקן שטעקן האָסט דו געשפּאָלטן דעם ים סוף פאַר זיי, און האָסט געטון מיט אים פאַרשידענע אַנדערע נסים. טו זשע אויך איצט נסים מיט דעם דאָזיקן שטעקן".

און ווען סע איז געקומען די צייט אַז משה רבינו זאָל נפטר ווערן, און דער רשע סמאל האָט אַנידער געשטעלט זיך פאַר משה׳ן, און האָט געצויגן אַרויס די שווערד פון איר שייד, איז משה געוואָרן שטאַרק בייז אויף אים. ער האָט געכאַפּט דעם שטעקן און דערלאַנגט אים אַזוי, אַז דער מלאך המות איז אַנטלאָפן. משה איז נאָך געלאָפן אים, און ער האָט געמאַכט אים בלינד.

נאָך משה רבינו׳ס פטירה איז דער שטעקן איבער געגאַנגען פון איין מלך צו דעם אַנדערן. אין דער צייט ווען שאול האָט געקיניגט איבער די אידן, איז דוד המלך באַזעסן דעם שטעקן. און אַט מיט דעם שטעקן איז ער גע־

גאַנגען האַלטן מלחמה מיט דעם פלשתים ריז גלית.

נאָך דעם ווי דאָס בית המקדש איז געוואָרן חרוב איז דער הימלישער שטעקן געוואָרן בעהאַלטן. און ווען דער מלך המשיח וועט קומען, וועט ער טראָגן דעם דאָזיקן שטעקן, ז1).

אגב, אויך אהרן הכהן האָט געהאַט אַ שטעקן. לויט איין מיינונג איז עס געווען יהודה'ס שטעקן. לויט אַן אַנדער מיינונג איז עס געווען משה'ס שטעקן. אַנדערע האַלטן אַז משה האָט צעשניטן אַ באַליק אויף צוועלף טיילן, און ער האָט געהייסן די שבטים נעמען, יעדער איינער זיין שטעקן. אויף אַ הימלישן באַפעהל, האָט דער שם המפורש, דעם אייבערשטנס נאָמען וועלכן מע טאָר נישט אַרויס רעדן, זיך באַוויזן אויף אהרן'ס שטעקן. ער האָט צעבליט זיך, סע זיינען געוואַקסן מאַנדלען אויף אים, און די אידן זיינען געגליכן צו מאַנדלען.

און אָט דער דאָזיקער שטעקן האָט געפינען זיך שפּעיטער ביי יעדער מלך, ביז דאָס בית המקדש איז געוואָרן חרוב, און ער איז געוואָרן בעהאַלטן. און דער מלך המשיח וועט האָבן דעם דאָזיקן שטעקן, ווי עס שטעהט אין פסוק: „מטה עזך ישלח ה' מציון", דעם שטעקן פון דיין מעכטיקן וועט דער אַלמעכטיקער אויס שטרעקן פון ציון, ז2).

**והשמיר,** אַ לאַנג ווערימל, **ח)**. אַ קליין שרץ'ל, אַ קריכנדיק בעשאַפעניש. אַז מע האָט געלייגט עס אַרויף אויף גרויסע שטיינער, האָט עס צעשפּאַלטן זיי קריכנדיק אויף זיי, **ט)**.

ווען שלמה המלך האָט געבויעט דאָס בית המקדש האָט מען גענוצט קיינע העק, האַמערס, און קיין אַנדער אייזן געצייג, **י)**. האָט בניהו בן יהוידע געבראַכט דאָס ווערימל, וואָס האָט געשפּאַלטן די שטיינער, **א)**.

מע האָט געשפּאַלטן מיט דעם אויך די שטיינער פון דעם אפוד און חושן וועלכע דער כהן גדול האָט געטראָגן, **ב)**.

**הכתב,** קריאת שם האותיות, **ג)** די אויס קריצונג פון די אותיות, די צורה פון די אותיות, וועלכע זיינען געווען אויס גראַווירט אויף די לוחות וועלכע משה האָט געבראַכט אַראָפּ פון דעם באַרג צו גיבן זיי די אידן, **ד)**;

דער גוף פון די אותיות, **ה)**.

די תורה וועלכע איז געווען געשריבן פאַר השם יתברך זינט ששת ימי בראשית מיט שוואַרץ פייער אויף וויים פייער, **ו)**.

---

ז1) פון מדרשים.

זעט מיינע ביכער: „משה רבינו'ס לעבן און שאַפונג"; „מאָזעס אים ליכטע דער אגדה" [אין דייטש], זייטן 77—75.

ז2) זעט: במדבר יז, כג; תהלים קי, ב; במ"ר ענדע פרשה יח; י"ש שמות קסח און תתסט.

**ח)** רבינו יונה אבות פרק ה, משנה ו.

**ט)** רמב"מ אבות פרק ה, משנה ו.

**י)** מלכים א', ו, ז.

**א)** רש"י אבות פרק ה, משנה ו. זעט דאָרט: ברטנורה און תפארת ישראל, סיב"י.

**ב)** זעט די פאָרגעהענדיגע קוועלעס.

**ג)** רש"י ז"ל האָט געהערט אַזאַ טייטש. זעט פסחים נד, א אונטער דעם וואָרט כתב.

**ד)** זעט רש"י פסחים נד, א, אונטער דעם וואָרט המכתב; ברטנורה, תפארת ישראל און סיב"י פרקי אבות, פרק ה, משנה ו.

**ה)** רש"י אויף פרקי אבות פרק ה, משנה ו, אונטער דעם וואָרט והכתב.

**ו)** רבינו יונה אויף אבות פרק ה, משנה ו.

**והמכתב**, די אוים קריצונג, די צורה פון די אותיות, ז)‏;

די אוים קריץ פּען, גריפּליע, מיט וועלכער ער האָט אוים געקריצט די אותיות אויף די לוחות, ח)‏;

די שריפט אויף די לוחות, ט)‏;

די צורה פון די אותיות אויף די לוחות, י)‏;

די שריפט פון די לוחות וועלכע מע האָט געקאָנט לייענען פון אלע פיר זייטן, א).



ז) רש״י האָט געהערט אַזאַ טייטש, פּסחים נד, א אונטער דעם וואָרט המכתב.

ח) רש״י אבות פּרק ה, משנה ו; פּסחים נד, א אונטער דעם וואָרט המכתב.

ט) רמב״ם, פּרקי אבות פּרק ה, משנה ו.

י) רבינו יונה פּרקי אבות, פּרק ה, משנה ו.

א) ברטנורה, סיב״י אויף פּרקי אבות פּרק ה, משנה ו. זעט תפארת ישראל אויף משניות, אויסגאַבע אום.